ד״ר צבי כהן

# די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע

געשטאַלטן און בילדער פון די פירער פון דער וועלט;
די וואָס האָבן געווירקט אויף דער לעבנס־אַרענע אין
גאַנג פון דורות

צווייטער באַנד




1961

# א י נ ה אַ ל ט

VII.

# די מאכט פון די פויפסטן און די מארשן פון די קרייץ־צוגן

38. דער פויפסט גרעגאָרי דער זיבעטער און זיין באַפעל אַז גלחים טאָרן ניט חתונה האָבן

39. דער אָנהויב פון די קרייץ־צוגן

40. קרייץ־טרעגער אין דייטשלאַנד מאַכן אָנפאַלן אויף די יידן

41. דער קייזער און קעניג היינריך דער פערטער וואָס איז געווען גוט צו יידן

42. דער צווייטער מאַרש פון די קרייץ־טרעגער

43. סאַלאַדין, הערשער פון עגיפטן וואָס האָט אָפגעשטעלט די קרייץ־צוגן

44. דער אָנפאַל פון די מאָנגאָלן אויף אייראָפּע אַלס ענטפער אויף די קרייץ־צוגן

45. די צייט ווען עס האָבן געהערשט צוויי פויפסטן

## 38. דער פויפסט גרעגאָרי דער זיבעטער און זיין באַפעל אַז גלחים טאָרן נישט חתונה האָבן

די שרעקלעכע צייט, וואָס איז געווען אין אייראָפּע אין די ערשטע 500 יאָר נאָכן יאָר טויזנט. — די ווילדע זאַכן, וואָס זיינען פאָר־געקומען אין יענער צייט אין וואַטיקאַן. — דאָס געזעץ, אַז גלחים, מאָנאַכן און מאָנאַשקעס זאָלן ניט טאָרן חתונה האָבן און דער קאַמף, וואָס איז אויסגעבראָכן צוליב דעם.

נאָכן יאָר 1000 הויבט זיך אָן אין אייראָפּע אַן עפּאָכע פון רע־ליגיעזן פאַנאַטיזם און דיקטאַטאָרישער הערשאַפט פון דער קירכע אין רוים, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַן ערך פון 500 יאָר און עס איז דעמאָלט געווען די ערגסטע צייט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט. עס איז געווען אַן עפּאָכע פון בלוט־פאַרגיסונג, שווינדלערייען, גנבות און גזלות, און דאָס אַלץ אין נאָמען פון גאָט... עס איז אויך געווען די צייט, ווען די רעליגיעזע מאַכט פון רוים האָט פאַרטראַכט צו פירן אַ מלחמה קעגן דער רעליגיעזער מאַכט פון מעקאַ, איבער דעם קבר פון גאָטס זון, יעזוס, וואָס, ווי עס הייסט, געפינט ער זיך אין ירושלים. עס איז אויך געווען די צייט, ווען עס זיינען פאָרגעקומען אין אייראָפּע די מוראדיקסטע שחיטות אויף יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין מיטן פון די צוויי פאַנאַטישע רע־ליגיעזע מחנות. אין יענער צייט זיינען אין רוים געזעסן אויף פעטערס שטול אין וואַטיקאַן אַזעלכע, וואָס האָבן געקויפט דעם אַמט פון פויפסט אָדער זיינען געקומען צו אים דורך מאָרד און אַנדערע קרימינעלע מיטלען. עס איז געווען די צייט ווען גאַנץ איירָאָפּע איז געווען פאַר־פלייצט מיט מאָנאַכן און מאָנאַשקעס, וואָס האָבן זיך געמישט אין יעדן איינעמס לעבן. אַן עפּאָכע וואָס האָט דערפירט צו דער שאַפונג פון דער אינקוויזיציע און „אויטאָ־דאַ־פע" קעגן די יידן, אַן אינסטיטוציע, וואָס איז געוואָרן די שרעק פון איירָאָפּע.

מיר וועלן דאָ ברענגען אַלע פאַקטן כסדר אַזוי ווי זיי זיינען פאָר־געקומען כדי מען זאָל זען וואָס פאַר אַ פינצטערע צייט עס איז דעמאָלט געווען. ניט אומזיסט ווערט אָט־די צייט אָנגערופן דער „פינצטערער מיטלאַלטער"...

איידער מיר גייען ווייטער, ווילן מיר דאָ זאָגן אַ וואָרט וועגן יענע היסטאָריקער, וואָס שרייבנדיק וועגן יענער עפּאָכע באַמיען זיי זיך צו פאַרדעקן די שאַנד־טאַטן פון יענער צייט, אַ טייל דורך ניט אַרויסשרייבן און ניט אָנגעבן די אמתע פאַקטן און פאַרברעכנס, און אַנדערע אַפילו דורך גלאָריפיצירן די העלדן פון יענער צייט. דאָס רוב קריסטלעכע געשיכטע־שרייבער מאַכן פון די זינדיקע קריסטן מאַרטי־רער און העלדן, און שילדערן אַלס רשעים די פון איסלאַם. אַזוי טוען אויך די מאָכמעדאַנישע שרייבער, וועלכע לויבן די אייגענע, אַפילו ווען זיי זיינען פאַרברעכער און טאַדלען די קריסטלעכע זינדיקע. אַפילו אַזאַ ליבעראַלער היסטאָריקער ווי וועלס אין זיין „אוטלאַין אָוו היסטאָרי" לויבט די בלוטיקע העלדן פון שוואַרצן מיטלאַלטער, וועלכע זיינען קריסטן און ער רופט זיי אָן „פּאַרגייער פון אַן אויפוואַכנדיקער אייראָפּע". דאָס רוב פון די היסטאָריקער וואַרפן בכיוון אַרויף אויף זיי דעם מאַנטל פון הייליקע, כדי אַלץ צו פאַרדעקן און באַפּוצן. מיר אָבער וועלן פּרו־בירן זען אַלץ אין די אמתע פאַרבן.

אָבער לאָמיר פריער זיך צוקוקן צו דעם וואָס עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין רוים. דער אמת איז געווען, אַז נאָכדעם ווי שאַרלעמאַן האָט מיט געוואַלד אַרויפגעצוואונגען דאָס קריסטנטום אויף די האַלב־ווילדע פון אייראָפּע זיינען אַריינגעקומען אין קריסטלעכן לאַגער פיל פון סאַמע אָפּפאַל פון דער מענטשהייט און צווישן זיי אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט די אַמביציע צו הערשן און צו מאַכן אונטערטעניק די מענטשן אונטער זיך. אָט די טיפּן האָבן געזען פאַר זיך אַ מעגלעכקייט צו קענען אויספירן זייערע אַמביציעס דורך פאַרכאַפּן די אַנפירונג פון דער רע־ליגיעזער מאַכט.

געוויס זיינען אין רוים דעמאָלט געווען פיל אָרענטלעכע קריסטן, וואָס זיינען געווען גרייט צו טאָן גוטס פאַר נויטבאַדערפטיקע, אָבער עס זיינען געווען אויך פיל פאַרדאָרבענע מענטשן, וואָס האָבן געזוכט מאַכט און וועלכע האָבן זיך ניט געקימערט וועגן גערעכטיקייט און יושר. פיל פון אָט־די מענטשן האָבן געזוכט צו ווערן פּויפּסטן, וואָס איז דעמאָלט געווען די גרעסטע מאַכט אין דער וועלט. די דאָזיקע מענטשן האָבן דעריבער דורך פאַרשידענע מיטלען אָפּט דערגרייכט דאָס וואָס זיי האָבן געוואָלט און פּונקט אַזוי ווי עס איז געווען אַמאָל אין רוים, ווען זי איז געווען אַן אימפּעריע, פאַלן ווען עס האָבן זיך אָפּט געביטן די הערשער, איין קייזער איז אַראָפּ און דער אַנדערע איז אַרויף, און קיינער האָט זיך ניט צו לאַנג געהאַלטן אויפן טראָן, אַזוי איז איצט אויך געווען אין

וואַטיקאַן. עס האָט זיך דאָ אין פּאַלאַץ פון גאָט, איבערגעחזרט די שפּיל וואָס עס איז פאָרגעקומען פריער אין קעניגלעכן הויף. עס זיינען אַרויף און אַראָפּ פּויפּסטן, אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט. פיל פון די, וואָס האָבן דערגרייכט צו דער שטול פון הייליקן פּעטער זיינען פאַרגיפטעט געוואָרן פון אַזעלכע אַמביציעזע מענטשעלעך וואָס האָבן געוואָלט פאַרכאַפּן זייער אָרט. עס איז אוממעגלעך אויסצורעכענען דאָ דעם גאַנצן צעטל פון די אַלע פּויפּסטן. עס וועט אָבער זיין גענוג צו געבן אַ בילד בלויז פון עטלעכע פון זיי און פון זייערע מעשים. אָט זיינען אייניקע בילדער.

ווי עס איז באַקאַנט, האָט געהערשט זייער אַ קורצע צייט דער פּויפּסט סטעפאַן דער זעקסטער, וועלכער האָט פאַרכאַפּט די מאַכט דורך אַפּרוימען פון וועג זיין קעגנער, דעם פריערדיקן פּויפּסט פאָראָמוסוס. ווי ווייט עס איז באַקאַנט, האָט סטעפאַן יאָרן־לאַנג געפירט אַ קאַמף קעגן דעם שטאַרקן פאָראָמוסוסן און ענדלעך האָט ער אים באַזיגט. אָבער דער פּויפּסט סטעפאַן איז געווען אַזוי פאַרביטערט קעגן זיין פאָרגענגער, אַז ער האָט אַפילו געפירט מיט אים אַ קאַמף נאָך זיין טויט און האָט געהייסן אויסגראָבן פון קבר דעם טויטן קערפּער פון פּויפּסט פאָראָ־מוסוס און אים אַריינוואַרפן אין טייך טיבער.

און אָט איז געווען אַן אַנדערער פּויפּסט וואָס איז געקומען צו דער מאַכט דורך פאַרשידענע ניט־כשרע מיטלען. זיין נאָמען איז געווען דזשאַן דער צוועלפטער. ער האָט זיך אויפגעפירט אַזוי מיאוס מיט פרויען, אַז עס איז אַרומגעגאַנגען אַ וויץ, אַז פרויען האָבן מורא צו קומען קיין רוים, ווייל דער פּויפּסט קען זיי נאָך פאַרפירן. אָט־דער פּויפּסט האָט בכלל אָפּגעטאָן פיל זאַכן וואָס עס איז געווען אַ שאַנדע פאַר דער קירכע. אַזוי, למשל, האָט ער איינע פון זיינע געליבטע, אַן אַלמנה, געמאַכט פאַר דעם גובערנאַטאָר פון רוים און האָט איר געגעבן אַ גרויסע סומע פון געלט, און אַזוי האָט ער אויך פאַר אַ גרויסער סומע געלט געמאַכט פאַר אַ בישאָף אַ 10־יאָריקן יינגל. אַזוי ווערן נאָך דערציילט וועגן אים פיל אַנדערע גאָר ניט קיין שיינע מעשים. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז די באַפעלקערונג פון רוים האָט רעוואָלטירט קעגן אים און ער האָט געמוזט אַנטלויפן פון דער שטאָט, אָבער ער איז שפּעטער צוריקגעקומען מיט אַן אַרמיי און האָט צוריק פאַרכאַפּט די מאַכט און זיך אַפילו נוקם געווען אין זיינע קעגנער דורך אומברענגען זיי דורך אַכזרישע מיטלען, ווי דורך אָפּשניידן פון זיי ביסלעכווייז די אברים פון זייערע קערפּערס, זייערע פינגער, די הענט, די פּיס, די צונג און די נאָז. אָבער ענדלעך

האָט אַ מאַן אים געכאַפּט, ווען ער איז געקראָכן צו זיין ווייב און האָט אים אויפן אָרט דערשלאָגן צום טויט.

אין יענער צייט, אין עלפטן יאָרהונדערט, האָט אויך אַ הייליקער פון פּויפּסט סוויטע, דער קאַרדינאַל פּעטער דאַמיאַן (אָדער דאַמיאַני) גענומען פּרעדיקן אַ נייע זאַך אין קריסטנטום. נעמלעך, אַז אויב מען וויל דינען גאָט באמת, מוז מען זיך שמייסן, דאָס מיינט פּשוט שלאָגן זיך אַליין מיט ריטער אָדער מיט אַ בייטש. דער דאָזיקער הייליקער איז בכלל געווען אַ מענטש וואָס איז געווען פּסיכאָלאָגיש ניט־נאָרמאַל. איינער וואָס האָט געהאַט פאַרגעניגן פון פייניקן זיך אַליין דורך שמיץ, (אַן אַנאָרמאַלע נייגונג ביי געוויסע מענטשן וואָס ווערט אין דער פּסיכאָלאָגיע באַצייכנט אַלס „מאַזאָכיזם״ אויפן נאָמען פון דעם דייטשן שרייבער מאַזאָך, וועלכער האָט דער ערשטער געשילדערט אַזאַ טיפּ אין איינעם פון זיינע ווערק). אָט דער הייליקער פלעגט זאָגן, אַז „דער מענטש, וואָס שמייסט זיך אַליין, דער פאָלגט אויס דעם ווילן פון גאָט״. ער אַליין האָט זיך אַזוי לאַנג געשמיסן מיט ריטער און בייטשן, ביז זיין לייב איז געוואָרן אַזוי שוואַרץ ווי דאָס לייב פון אַ נעגער. דער דאָזיקער הייליקער האָט געפּרעדיקט נאָך אַ זאַך, נעמלעך: ער האָט דערקלערט, אַז הייליקע, דאָס הייסט, גלחים, בישאָפן, קאַרדינאַלן ביזן פּויפּסט, דאַרפן ניט קומען אין באַרירונג מיט קיין פרוי, דאָס מיינט, אַז זיי דאַרפן ניט חתונה האָבן.

אָבער אַלע גלחים האָבן גלייך אַרויסגעזאָגט זייער קעגנערשאַפט צו אַזאַ פאַרבאָט. אָט־די רעוואָלוציאָנערע גלחים האָבן דערקלערט, אַז מען קען זיין אַ הייליקער מענטש, דינען גאָט און דאָך לעבן אַ נאַ־טירלעך לעבן, ווי אַלע מענטשן, און האָבן פרויען און קינדער. זיי האָבן דעריבער דעם פאַרבאָט באַצייכנט אַלס אַ ניט־נאַטירלעכע „גזירה״. די קעגנערשאַפט האָט זיך וואָס אַמאָל אַלץ מער פאַרשפּרייט און קיינער פון די גייסטלעכע האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן. ערשט ווען עס איז אַרויף אויף פּעטערס טראָן דער נייער פּויפּסט, גרעגאָרי דער זיבעטער, וועלכער האָט שטאַרק געהאַלטן פון קאַרדינאַל פּעטער, האָט ער אָנגענומען דעם פאַרבאָט און דעמאָלט איז די לאַגע געוואָרן גאָר אַנדערש.

גרעגאָרי דער זיבעטער איז געווען אַ שטאַרקער מאַן און האָט געוואָלט הויבן דעם כבוד פון דער קירך. ער האָט דעריבער איינגעפירט פיל רעפאָרמען, וואָס האָבן געהאַט דעם צוועק צו פאַרגרעסערן דעם רעספּעקט פון די גרויסע מאַסן צום וואַטיקאַן. אַזוי האָט ער איינגעפירט שטרענגע שטראָפן פאַר נעמען כאַבאַר און פאַר טאָן אַזעלכע זאַכן, וואָס עס פּאַסן ניט פאַר די פאַרשטייער פון דער קירך. ער האָט אויך איינגע־

פירט, אַז אַ פויפּסט זאָל אויסגעקליבן ווערן פון אַ קאָלעגיום פון 70 קאַרדינאַלן, ווייל ביז אים האָט זיך געפירט אַז די רוימישע מאַכט האָט אויסגעקליבן דעם פויפּסט און דאָס האָט געגעבן די מעגלעכקייט צו אונטערקויפן די, וואָס האָבן געהאַט די מאַכט דערצו. אָט צוליב דעם האָט ער אויך אָנגענומען דעם פאַרשלאָג פון קאַרדינאַל דאַמיאַן, אַז גלחים זאָלן ניט חתונה האָבן, טראַכטנדיק, אַז דאָס וועט פירן דערצו, אַז זיי זאָלן ניט דאַרפן האָבן קיין גרויסע הוצאות פון אַ פאַמיליע־לעבן און וועלן דעריבער ניט נעמען קיין כאַבאַר ביי קיינעם. אָבער ווען גרעגאָרי האָט דאָס געזאָגט צו די גלחים, זיינען זיי דערפון ניט געווען צופרידן. עס איז געוואָרן אַ רעוואָלט, אָבער ענדלעך האָבן זיי זיך אונטערגעגעבן. ווי עס דערציילט אַ היסטאָריקער פון יענער צייט זאָל גרעגאָרי, דער זיבעטער, וועלכער איז געווען זייער קלוג, האָבן געזאָגט צו די גלחים:

— פאַרוואָס בונטעוועט איר זיך אַזוי? פאַרוואָס זייט איר אַזוי ניט צופרידן מיט מיין פאַרבאָט? איך פאַרבאָט דען אייך צו פאַרקערן מיט פרויען. איך זאָג צו אייך נאָר, אַז איר זאָלט ניט חתונה האָבן... ערשט דעמאָלט האָבן די גלחים פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט און די גזירה אָנגענומען.

* * *

אָבער ווען מען האָט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל זיך דערוואוסט פון דער גזירה אויף די רוימיש־קאַטוילישע גלחים ניט צו הייראַטן, האָט דער פּאַטריאַרך פון דער קאָנסטאַנטינאָפּאָלער קירך (אָדער די גריכיש־אָרטאָדאָקסישע קירך) אַרויסגעלאָזן אַ דעקרעט, אַז די גלחים מוזן חתונה האָבן, און אַז אַנדערש קענען זיי קיין גלחים ניט זיין.

כדי צו האָבן אַ באַגריף וואָס עס איז פאָרגעקומען אין יענער צייט אין דעם קאַמף צווישן די צוויי הויפּטן פון די קירכן, אין מזרח און מערב, וועלן מיר דאָ ברענגען אַ שילדערונג פון דעם פראַנצויזישן בוך „איירין פון די מאָנאַכן“, פון פּאָול אַדאַם. דער מחבר שילדערט דאָרטן דעם קאַמף וואָס עס איז פאָרגעקומען אין יענער צייט צוליב דעם פאַרבאָט אין דער שטאָט עפעזוס, אין גריכנלאַנד, וואו עס זיינען געווען גלחים פון ביידע קירכן: פון דער גריכיש־אָרטאָדאָקסישער און פון דער רוימיש־קאַטוילישער. עס איז אויסגעקלעפּט געוואָרן איבער דער שטאָט דער דעקרעט פון פּאַטריאַרך, אַז אַלע גלחים, אַלע מאָנאַכן און אַלע מאַ־נאַשקעס וואָס געפינען זיך אין שטאָט מוזן חתונה האָבן. אויב ניט, וועלן זיי האַרב באַשטראָפט ווערן.

די גלחים האָט מען אַוועקגעפירט צום טייך און איינעם נאָכן אַנדערן געפרעגט, צי ער וויל חתונה האָבן. ווען איינער האָט געזאָגט, אַז לויטן באַפעל פון פויפּסט פון רוים, טאָר ער ניט חתונה האָבן, האָט מען אים אַריינגעוואָרפן אין טייך אַריין און די פּויערים האָבן שפּעטער געזען פיל טויטע קערפּערס ליגן ביי די ברעגן. דאָס זיינען געווען די גלחים, וואָס מען האָט דערטרונקען.

אַנדערש אָבער האָט מען געהאַנדלט מיט די מאָנאַכן און נאָנעס. זיי האָט מען אַוועקגעפירט אויף אַ גרויסן פּלאַץ און סאָלדאַטן מיט בלאַנקע שווערדן האָבן זיי אַרומגערינגלט. באַלד האָט מען אָנגעצונדן גרויסע פייערן, אין וועלכע מען האָט אַריינגעלייגט לאַנגע אייזנס (מיט הילצערנע הענטלעך). אויף איין אָרט זיינען געווען די מאָנאַשקעס און אויף אַ צווייטן פּלאַץ האָט מען צוזאַמענגענומען אַלע מאָנאַכן.

באַלד איז געקומען אַ קייזערלעכער שטאַפעט, וועלכער האָט געלייענט אַ באַפעל, אין וועלכן עס איז געזאָגט געוואָרן, אַז אַלע מאָנאַכן און מאָנאַשקעס מוזן חתונה האָבן, און טאַקע באַלד. די, וואָס וועלן עס ניט וועלן טאָן, וועט מען בלינד מאַכן מיט די הייסע אייזנס און דערנאָך זיי אַרויסטרייבן פון שטאָט.

אַ סאָלדאַט האָט געבלאָזן מיט אַ טראָמפּייט, באַלד האָבן די סאָל־דאַטן אַרויסגעשיקט אין פּראָנט 10 מאָנאַכן און 10 מאָנאַשקעס. דאָרטן איז אויך אויפגעשטעלט געוואָרן אַזאַ בימה, וואו עס איז געשטאַנען ניט קיין אַנדערער ווי דער פּאַטריאַרך פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַליין אויף חתונה צו מאַכן די, וואָס ווילן חתונה האָבן. ניט ווייט פון דאָרטן איז געשטאַנען אַ געצעלט צו פירן שלאָפן צוזאַמען די, וואָס וועלן חתונה האָבן.

— ווער וויל חתונה האָבן ? — האָט אויסגעשריען אַן אָפיציר.

די ערשטע פינף מאָנאַכן האָבן געזאָגט : ניין ! און באַלד האָבן די סאָלדאַטן אויסגעברענט זיי די אויגן מיט די הייסע אייזנס. דער זעקס־טער האָט געזאָגט : יאָ ! האָט מען אים אַוועקגעפירט אין אַ זייט. דער זיבעטער האָט ווידער געזאָגט : ניין ! און אים האָט מען אויך בלינד געמאַכט. אַזוי האָט מען אויך געטאָן צום אַכטן. די לעצטע צוויי, דער ניינטער און דער צענטער האָבן געזאָגט : יאָ !

פון די נאָנעס האָט בלויז איינע געזאָגט : ניין ! אַלע אַנדערע האָבן געזאָגט : יאָ !

ווען מען האָט געבראַכט די צווייטע גרופּע פון צען מאָנאַכן און צען מאָנאַשקעס האָט יעדער איינער פון זיי געזאָגט : ניין ! און אַלע האָט מען בלינד געמאַכט.

פון דער דריטער גרופּע האָבן שוין קיין פון די צען זיך אונטער־געגעבן.

ווען עס איז געוואָרן נאַכט, האָט מען געזען די מאָנאַכן און מאָ־נאַשקעס וואָס האָבן געזאָגט יאָ, האַלטן זיך צוזאַמען און גייען אונטער דער חופּה פון בלאַנקע שווערדן... און דער גרויסער עולם וואָס האָט צוגעזען די סצענע האָט מיטגעוויינט מיט זיי...

אַזוי־אַרום און אויף אַזאַ אופן האָט די רוימישע קירך אויסגעפּירט, אַז גלחים, מאָנאַכן און מאָנאַשקעס זאָלן ניט חתונה האָבן.

## 39. דער אָנהויב פון די קרייץ־צוגן

וואָס האָט פאַראורזאַכט די קרייץ־צוגן? — די אינוואַזיע פון די נאָרמאַנדער אין אייראָפּע. — ווער זיינען געווען די „וויקינגס“? — דער מאַרש פון די סקאַנדינאַוויער אין אייראָפּע איבער ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד. — וואָס דער פּויפּסט אורבאַן דער צווייטער האָט צוגעזאָגט די, וואָס וועלן גיין אין דער אַרמיי פון גאָט.

אין די יאָרהונדערטער וואָס עס זיינען געווען פאַרן קומען פון קריס־טוסן און אויך אין די ערשטע טויזנט יאָר נאָך קריסטוסן, האָט די וועלט געזען מלחמות צווישן לענדער, לויטן גאַנצן אופן פון קריגס־פירונג, אָבער מיטן אָנהויב פון נייעם יאָרטויזנט (ריכטיקער געזאָגט, ביי דער ענדע פון די ערשטע הונדערט יאָר פון דעם נייעם יאָרטויזנט) האָט די וועלט שוין געזען גאָר אַ נייע דערשיינונג. ניט מלחמות צווישן לענדער, נאָר שחיטות פון איין מענטשן־גרופּע קעגן דער אַנדערער און דאָס אַלץ אין נאָמען פון גאָט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די קאַמפן, שחיטות און הריגות פון די קריסטן קעגן די מאַכמעדאַנער; קאַמפן, שחיטות און הריגות פון די קריסטן קעגן יידן און קאַמפן, שחיטות און הריגות צווישן די קריסטן גופא, צווישן די רוימישע קאַטאָליקן קעגן די גריכישע אָרטאָדאָקסן.

און אָט־די קאַמפן, שחיטות און הריגות זיינען אָנגעגאַנגען אַזוי פאַר פיר הונדערט יאָר, ביזן יאָר 1,500. און יעדע גרופּע איז געפירט געוואָרן פון גייסטלעכע וואָס האָבן געזאָגט צו זיי, אַז אַזוי וויל גאָט... אַזוי וויל דער גאָט פון ליבע... און נאָך יעדן קאַמף, נאָכדעם ווי מען האָט אומגעבראַכט, ניט אויפן שלאַכט־פעלד, נאָר אין פרידלעכע היימען, אומשולדיקע און אומבאַשיצטע מענער, פרויען און קינדער, זיינען די מערדער אַוועק אין דעם „הויז פון גאָט“, וואָס זיי האָבן אויסגעבויט פאַר זיין ליבן נאָמען, און אים געלויבט פאַר דעם נצחון וואָס זיי האָבן אָפּ־געהאַלטן.

אָט דאָס זיינען געווען די באַרימטע קרייץ־צוגן, וועלכע זיינען באַשטאַנען פון אָנגעלאָפענע מענטשן, פון גנבים, גזלנים, מערדער און אויסוואורפן. אָבער וועלכע די הייליקע האָבן גרופירט אַרום זיך. אָט דער פעבל איז געווען דורכאויס פון דער אונטערוועלט, אָבער אַזוי האָט געוואָלט דער „הייליקער“ פעטער, דער מאָנאַך פון אימיענס, דער גרעס־טער פאַנאַטיקער פון אַלע צייטן און אַזוי האָט אויך געוואָלט דער פּויפּסט

אורבאַן דער צווייטער. אָט דער פּויפּסט האָט זיך ניט געפּילט צו־זיכער אויף זיין טראָן און האָט דעריבער מיט אַזאַ אַקציע געוואָלט פאַרשטאַרקן זיין מאַכט און פּונקט אַזוי האָבן געוואָלט אויך די אַלע אַנדערע פּויפּסטן, וואָס זיינען געקומען שפּעטער. אָבער אָט־די געשיכטע פון די קרייץ־צוגן, ניין אין צאָל, דאַרף מען דערציילן מער באריכות, איבערהויפּט דערפאַר ווייל אָט־די הייליקע קאַמפן האָבן געוויזן אַמבעסטן די פאַלש־קייט פון די הייליקע מערדער און אויך דאָס וואָס די רעליגיע האָט אַזוינס געפּרעדיקט... די פאַקטן ווייזן ווער עס זיינען געווען די יעניקע, וואָס פון זייערע ליפּן האָט געטריפט „ליבע", אָבער פון זייערע שווערדן — בלוט...

* * *

די היסטאָריקער ברעכן זיך דעם קאָפּ צו פאַרשטיין דעם אייגנטימ־לעכן כאַראַקטער פון די קרייץ־צוגן. פון אויבן אויף איז עס אַן אַקט פון רע־ליגיעזן פאַנאַטיזם, וואָס איז באַפאַלן גרויסע מענטשן־מאַסן, וועלכע זיינען דערצו געהעצט געוואָרן פון דעמאַגאָגן, האַס־העצער און פאַרדאָרבענע נשמות. אָבער שוין אין יענער צייט האָט אַ קליינע צאָל פון מער ניכ־טערע מענטשן געוואָרנט די מאַסן קעגן די דאָזיקע שענדלעכע אַקציעס און האָבן גערופן די מאַסן, אַז זיי זאָלן זיך דערפון צוריקהאַלטן, ווייל זיי זיינען בלויז „דאָס ווערקצייג פון טייוול". אָבער זייערע שוואַכע שטימען זיינען ניט געהערט געוואָרן צוליב די הילכיקע געשרייען פון די אָנגע־לאָפענע רויבער און מערדער, וועלכע האָבן נאָר געגלוסט צו אַזאַ מאַרש, וואָס וועט זיי געבן מעגלעכקייטן צו מאָרד און רויב, אַ מעגלעכקייט אָנצוזאַמלען גרויסע פאַרמעגנס...

אָבער אַ חוץ דעם רעליגיעזן פאַנאַטיזם זעען די היסטאָריקער דערין נאָך אַנדערע, טיפערע סאָציאַלע סיבות. אַלס די ערשטע פון זיי ווערט גענומען אין באַטראַכט יענע אומרואיקע צייט, וואָס איז געווען פאַר דעם אָנהויב פון די קרייץ־צוגן. דאָס מיינט די 300 יאָר פון דער אינוואַזיע פון די נאָרמאַנדער, אָדער די צפון־מענטשן, די פּיראַטן פון סקאַנדינאַוויע אויף די לענדער פון אייראָפּע. כדי דאָס קלאָר צו מאַכן, מוז מען זיך אָפּשטעלן דערויף אַ ביסל גענויער.

אין אַכטן יאָרהונדערט איז צוזאַמען מיט דער אינוואַזיע פון די אַראַבער פון אַזיע אויף אייראָפּעאישע לענדער, אויך פאָרגעקומען אין אייראָפּע אַליין אַן ענלעכע אינוואַזיע. דאָס איז געקומען פון אַ ווינקל אין אייראָפּע גופא, פון צפון, פון די סקאַנדינאַווישע לענדער, באַזונדערס

פון נאָרוועגיע. דאָס איז געווען דער מאַרש פון די „נאָרסמען״ אָדער די „וויקינגס״, ווי זיי האָבן זיך דעמאָלט גערופן. פונקט אַזוי ווי די אַראַבער, האָבן אויך די וויקינגס פאַרלאָזט זייער נאַקעטן האַלב־אינדזל און גע־נומען זוכן אַ מער פרוכטבאַר לאַנד. זייער אינוואַזיע וואָס האָט זיך אָנגע־הויבן אין אַכטן יאָרהונדערט האָט געדויערט ביז ענדע פון צענטן יאָר־הונדערט און אָנגעטאָן פיל שאָדן אין אייראָפּע.

די נאָרמאַנדער זיינען געווען אָפּשטאַמיקע פון די טעווטאָנער און דעריבער נאָענט צו די דייטשן, די אַנגלאָ־זאַקסן און די האָלענדער. די סקאַנדינאַווישע לענדער דענעמאַרק, שוועדן און נאָרוועגיע זיינען דעמאָלט געווען אין אַ זייער אָרעמען צושטאַנד און די באַפעלקערונג האָט זיך דערנערט על־פּי־רוב פון פיש־פאַנג, געיעג און טיילווייז אויך פון באַאַרבעטן די אָרעמע פעלדער. די דאָזיקע פעלקער זיינען דעמאָלט נאָך געווען געצן־דינער. זיי האָבן אָנגענומען דאָס קריסטנטום ערשט שפּעטער, ווען זיי זיינען שוין אַריין טיפער אין אייראָפּע און פאַרכאַפּט פיל שטעט און אויך גרויסע שטיקער לאַנד.

מען ווייסט ניט ווי אַזוי עס איז געשען, אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז די דאָזיקע סקאַנדינאַווער, באַזונדערס די פון נאָרוועגיע, זיינען געוואָרן זייער טיכטיקע בויער פון שיפן און זיך אויך ספּעציאַליזירט אין פאָרן איבער ימען. אַזוי ווי זיי זיינען געווען אַרומגערינגלט מיט וואַסערן פון אַלע זייטן, האָבן זיי איינגעזען, אַז אויב זיי ווילן אויסברייטערן זייערע גרענעצן, מוזן זיי דאָס טאָן דורך די וואַסער־וועגן. דאָס האָט זיי געפירט דערצו צו בויען שיפן. און באַלד זיינען זיי געווען די גרעסטע מייסטערס אויף דעם געביט. זיי האָבן אויסגעבויט שיפן אויף וועלכע עס האָבן געקענט פאָרן 130 מענטשן, וואָס דאָס איז געווען די גרעסטע צאָל אין יענער צייט. זיי זיינען געוואָרן די בעסטע און דער־פאַרנסטע מאַטראָזן, און האָבן זיך געפילט זייער היימיש אויפן וואַסער און אפילו זיך געשאַפן אַ סיסטעם אין זוכן נייע לענדער.

די „וויקינג״־לייט האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַזעלכע שיפן אין אַ גרויסער צאָל מיטאַמאָל. עס איז אָפט געווען אַ גאַנצער פלאָט. זיי האָבן אויך שפּעטער באַשריבן די דאָזיקע רייזעס אין אַ סך פּראָזאַאישע שאַפונגען וואָס זיי האָבן אָנגערופן „זאַגאַס״. פיל פון די „זאַגאַס״ זיינען גענומען געוואָרן פון די פאָלקס־לידער און באַלאַדן וואָס די סקאַנדינאַווער האָבן געזונגען אין יענער צייט. אַן אַנדערע שאַפונג פון יענער צייט זיינען געווען פאָעמען און לידער וואָס גייען אונטערן נאָמען „עלדער עדדא״ פון די דאָזיקע שאַפונגען איז צו זען, אַז די „וויקינגס״ האָבן זיך אַרויס־

געלאָזט מיט זייערע שיפן זייער ווייט. זיי האָבן באַהערשט דעם אַטלאַנטישן אָקעאַן און טיילווייז אויך אַרויסגעלאָזט זיך אין אַרקטישן ים. די „זאַגאַס" דערציילן אויך פון דער רייזע פון איינעם פון די שיפס־קאַפּיטאַנען לייף עריקסאָן אַרום דעם יאָר טויזנט אין די לענדער אויף דרום פון גרענלאַנד. עס ווערט אין די „זאַגאַס" געזאָגט, אַז ער איז געקומען צום ברעג פון צפון אַמעריקע (דאָס הייסט, מיט 500 יאָר פאַר קאָלאָמבוסן). ווי עס איז צו זען פון די „זאַגאַס", איז ער געקומען נאָך אַ רייזע איבערן אַטלאַנטיק אין אַן אָרט וואָס ער רופט אָן „מאַרקלאַנד" (וואָס עס מיינט אויף נאָרוועגיש, דאָס לאַנד פון בוימער). דערנאָך צו אַ לאַנד וואָס ער רופט אָן העללו־לאַנד (וואָס עס מיינט אויף נאָרוועגיש שטיינער־לאַנד) און אויך קיין פינלאַנד. פון די סימנים איז צו זען, אַז ער איז דערגאַנגען ביז די ברעגן פון לאַבראַדאָר. דערנאָך צום ברעג פון ניו־פאַונדלענד און צום ברעג פון נאָוואַ סקאָשיאַ. און אפשר איז ער געווען אין פיל אַנדערע ערטער אויך, ווייל אין די „זאַגאַס" רעדט זיך דערפון, אָבער אויף אַן אומקלאָרן אופן.

איצט לאָמיר זען וואָס אָט די סקאַנדינאַוויער האָבן אויפגעטאָן אין אייראָפּע, אין מערב, ווי אין מזרח. קודם־כל האָבן זיי איינגענומען אַזעלכע לענדער וואָס זיינען נאָענט צו זיי, ווי איסלאַנד. גרענלאַנד און אויך פינלאַנד. שפּעטער האָבן זיי זיך געלאָזט אַרויס (אַלס פּיראַטן) צו די ברעגן פון ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד. ווען זיי האָבן געזען, אַז די אַלע פעלקער דינען צו אַן אַנדערן גאָט ווי זייערן, האָבן זיי אַוועקגעוואָרפן געצן־דינסט און אָנגענומען קריסטנטום (דאָס איז געווען אין אָנהויב פון עלפטן יאָרהונדערט).

אין מזרח, ווידער, זיינען זיי אַוועק ביז צו דער דווינאַ און צוזאַמען מיט די שוועדן און אַנדערע פעלקער וואָס שטאַמען פון די הונען, האָבן זיי זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ מאַרש טיף אין רוסלאַנד. לויט אַן אַלטער רוסישער לעגענדע האָבן די רוסן געבעטן ביי די שוועדן צו געבן זיי איינעם וואָס זאָל הערשן איבער זיי. דאָס איז געווען רוריק, וועלכער האָט איינגענומען די שטאָט נאָווגאָראָד און האָט דאָרטן אויסגעבויט אַ פעסטונג. די רוריק־דינאַסטיע האָט געהערשט אין רוסלאַנד אַ לאַנגע צייט. רוריקס אייניקלעך האָבן שפּעטער איינגענומען גאַנץ רוסלאַנד ביז קיעוו. זיי האָבן אָבער די גאַנצע צייט אָנגעהאַלטן קאָנטאַקט מיט די שוועדן. שפּעטער האָט דער קייזער וולאַדימיר, אַן אייניקל פון רוריקן, אָנגענומען די קריסטלעכע רעליגיע. וועגן דעם איז דאָ אַ לעגענדע אַז ער האָט געשיקט נאָך פאָרשטייער פון פיר רעליגיעס צו הערן זייערע מיינונגען

וועגן די רעליגיעס. עס זיינען געווען פאַרטרעטער פון רוימישן קאַטאָ־ליציזם; פון דער גריכיש־אָרטאָדאָקסישער קירך; פון די מאַכמעדאַנער און פון יידנטום. וולאַדימירן איז אָמבעסטן געפעלן די גריכיש־אָרטאָ־דאָקסישע רעליגיע און ער האָט זי אָנגערופן „פראַוואָסלאַוונע״ (די בעסטע פאַר די סלאַוון).

אָט־דער דראַנג פון די סקאַנדינאַוויער אין די פאַרשידענע לענדער פון אייראָפּע, וואו זיי האָבן זיך אויפגעפירט לויט זייערע פּיראַטישע מעטאָדן, האָט געפירט דערצו, אַז די באַפעלקערונג פון די פאַרשידענע אייראָפּעאישע לענדער, וועלכע זיינען ניט געווען זיכער מיטן לעבן און זייער האָב־און־גוטס, זאָלן נעמען טראַכטן פון אַליין זיך אַרויסלאָזן אויף אַ מאַרש פון מאָרד און רויב. זיי האָבן נאָר געוואַרט אויף אַ מאָטיוו דערצו און אָט איז דאָס געקומען פון רוים, אַז אַזוי איז גאָטס ווילן. דעמאָלט האָבן זיך די לײדנשאַפטן פון די מאַסן צעפלאַקערט.

נאָך אַ סיבה פאַר די קרייץ־צוגן ווערט אָנגעגעבן דאָס וואָס די האַנדלס־וועלט, וואָס עס האָט זיך אין יענער צייט אָנגעהויבן, האָט געוואָלט האָבן די שטאָט ירושלים אַלס אַ קריסטלעכע שטאָט, ניט אַזוי ווייט צוליב אַ רעליגיעזן מאָטיוו, ווי צוליב דעם וואָס אַ קריסטלעך ירושלים וואָלט געמיינט זייער פיל פאַרן האַנדלס־פאַרקער. עס וואָלט געמיינט, אַז די פּילגרימס וואָס גייען כסדר קיין ירושלים צו בעטן אויף יעזוס קבר, וואָלטן איינגעקויפט פיל זאַכן צו ברענגען צו די מענטשן פון ירושלים און זיי וואָלטן דאָרטן אויך איינגעקויפט פיל זאַכן צו פירן אַהיים. די שטאָט ירושלים וואָלט געוואָרן אַ גרויסער האַנדלס־צענטער פאַר מערב־אייראָפּע.

ווי עס זאָל ניט זיין, זיינען געווען פיל מאָטיוון און אורזאַכן פאַר אַזאַ מאַסן־מאַרש אויף ירושלים און דאָס האָט באַזונדערס געוואָלט און פאַראויסגעזען, ווי שוין פריער דערמאָנט, דער פּויפּסט אורבאַן דער צווייטער, לויט דער דרינגענדלעכער ביטע פון מאָנאַך פּעטער פון אימיענס. וועלכער האָט ניט אויפגעהערט צו בעטן דעם פּויפּסט, אַז ער זאָל אַזאַ מאַרש באַווילִיקן. דער פּויפּסט האָט פיל נאָכגעטראַכט וועגן דעם און ענדלעך באַשלאָסן זיך אַריינצוּוואַרפן אין דער זאַך, ווייל דערמיט וועט ער נאָר הויבן זיין פּרעסטיזש אין דער וועלט.

צו אַ קאָנפערענץ פון די אָנפירער פון גייסטלעכע, וואָס איז פאַר־געקומען אין יאָר 1095 אין קלערמאָן, פראַנקרייך, אויף צו באַטראַכטן די פראַגע וועגן די קרייץ־מאַרשן, איז געקומען דער פּויפּסט אורבאַן דער צווייטער אַליין און האָט גערעדט צו די גייסטלעכע און זיי געזאָגט,

אַז זיי זאָלן רופן די מאַסן, אַז זיי זאָלן איבערלאָזן זייערע געשעפטן און זייערע ווערקשטאַטן און אַוועקגיין העלפן זייערע ברידער אין אָריענט, וועלכע ליידן פון די מאַכמעדאַנער און פון די גריכיש־אָרטאָדאָקסישע קריסטן און אויך פון די יידן. אין זיין רעדע האָט ער זיי אויך געזאָגט, זיי זאָלן זאָגן די מאַסן, אַז אויב זיי וועלן ניט אָפּשטעלן דעם מאַרש פון טערקן, וועלן זיי, די טערקן, פאַרכאַפּן אַלע לענדער און פאַרניכטן אַלע קאַטאָליקן. פראַנקרייך, האָט ער ווייטער געזאָגט, איז אָרעם און קען אַליין ניט פאַרפירן קיין קאַמף. אָבער דאָס הייליקע לאַנד איז אַ לאַנד פון מילך און האָניק, און ער האָט אויסגערופן: „שטייט אויף און גייט אַוועק צום הייליקן קבר! פאַרטרייבט פון דאָרט דאָס זינדיקע פאָלק, די מאַכמעדאַנער און נעמט איין ירושלים!".

„איר זאָלט וויסן זיין, האָט דער פּויפּסט ווייטער גערעדט צו די פאַרזאַמלטע, אַז דאָס איז דער ווילן פון גאָט!... איך רוף דעריבער צו אַלע, צו די, וואָס זיינען געווען ביז איצט פאַרברעכער, ווי גנבים און באַנדיטן, אַז איר זאָלט ווערן סאָלדאַטן אין דער אַרמיי פון קריסטוסן".

דער פּויפּסט האָט דאַן ווייטער געזאָגט, אַז די, וואָס וועלן אַריינטרעטן אין גאָטס אַרמיי, וועט גאָט זיי מוחל זיין אַלע זייערע זינד... באַלד נאָכדעם ווי אַזאַ איינער וועט צושליסן זיינע אויגן אויף אייביק, וועט ער אַריינקומען אין גן־עדן... צו דעם האָט ער אויך צוגעזאָגט אַלע, וואָס וועלן זיך באַטייליקן אין דער אַרמיי פון גאָט, אַז זיי דאַרפן ניט באַצאָלן זייערע חובות און אַז זיי מעגן אפילו נעמען זאַכן פון זייערע הערן, די פּריצים און רייכע לייט. „די פרויען און קינדער פון די מענער, וואָס וועלן אַריינטרעטן אין דער אַרמיי, וועלן שטיין אונטערן שוץ פון דער קירך און ווער עס וועט זיי טאָן שלעכטס, וועט פאַרפאָלגט ווערן און אַריינגע־לייגט ווערן אין חרם..."

* * *

די דאָזיקע קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין נאָוועמבער 1095 און שוין אין פרילינג פון יאָר 1096 האָט דער מאָנאַך פּעטער געקראָגן דעם אָרדער פון פּויפּסט צו ווערן דער אָנפירער פון דער גאַנצער אַרמיי. אין זיין אַרמיי זיינען אַריין ווער עס האָט נאָר געוואָלט. צום ערשטן זיינען צוגעשטאַנען דער גאַנצער אָפּפאַל פון יעדער שטאָט. פיל מענטשן פון דער אונטערוועלט, ווי גנבים און באַנדיטן, פרויען־הענדלער און מוסרים. דערנאָך האָט מען אַריינגעקראָגן אויך אַ ביסל באַלמעלאָכעס און פּויערים, אָבער אויך פרויען זיינען אַריין אין דער אַרמיי, איבערהויפּט זיינען

עס געוועז פּראָסטיטוטקעס און אַנדערע געפאַלענע פרויען. דער הייליקער פעטער האָט קיינעם ניט אָפּגעזאָגט, כדי צו ווייזן דער וועלט, אַז זיין אַרמיי איז זייער גרויס. אַלע זיינען געוועז גרייט צו גיין טויזנטער מיילן, כדי צוריקצונעמען דעם קבר פון יעזוסן פון די טערקן.

## 40. קרייץ־טרעגער אין דייטשלאַנד מאַכן אָנפאַלן אויף די יידן

דעם מאַנאַך פעטערס אַרמיי וואָס איז באַשטאַנען פון אונטערוועלט־מענטשן האָט געוומען מאַכן אָנפאַלן אויף דער באַפעלקערונג אין פראַנקרייך. — ווען די אַרמיי איז געקומען קיין דייטשלאַנד האָט זי געמאַכט אָנפאַלן בלויז אויף יידן — דאָס איז געווען דערפאַר וואָס צו דער אַרמיי זיינען צוגעשטאַנען דייטשן, וואָס זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט אנטיסעמיטיזם. — דער חורבן פון יידישע קהילות אין דייטשלאַנד. — דאָקומענטן וואָס האָבן פאַרצייכנט די שחיטות און הריגות. — די שטאָטישע מאַכט האָט זיך ניט געוואָלט אָננעמען פאַר די יידן. — בלויז איין בישאָף אין דער שטאָט שפייער האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט די צלם־טרעגער־אַרמיי.

דעם מאַנאַך פעטערס אַרמיי, וואָס איז באַשטאַנען מערסטנס פון אונטערוועלט־מענטשן האָט גלייך גענומען מאַכן אָנפאַלן אויף דער באַפעלקערונג אין פראַנקרייך און ראַבעווען ביי זיי זייער האָב־און־גוטס. מען איז טאַקע געגאַנגען אין הייליקן לאַנד צו קעמפן דאָרטן מיט די מאַכמעדאַנער, אָבער דערווייל האָט מען באַראַבעוועט די אייגענע בירגער, יידן און ניט־יידן. פיל פון די ניט־יידישע איינוואוינער אין די שטעט, וואו די קרייץ־טרעגער זיינען אַריינגעקומען, האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד קעגן זיי. די יידן אָבער האָבן זיך אויסגעלייזט דורך געלט און מתנות. קיין באַזונדערער יידן־האָס האָט מען אָבער ביי די צלם־טרעגער ניט באַמערקט. זיי האָבן געראַבעוועט פון אַלע. אויך זיינען דעמאָלט קיין שום מאָרדן ניט פאָרגעקומען.

גאַנץ אַנדערש אָבער איז עס געווען ווען די צלם־טרעגער זיינען אַריבער די גרענעץ פון פראַנקרייך קיין דייטשלאַנד און זיינען אַריינגעקומען אין לאָטרינגען און אין די שטעט ביים ריין. דאָ זעט מען שוין דעם גאַנצן יידן־האָס פון די דייטשן. דאָס האָט זיך אַרויסגעוויזן דורך אַ גאַנצער ריי פון שחיטות און הריגות אויף יידן. עס איז געשען דערפאַר וואָס צו דער אַרמיי פון די צלם־טרעגער, זיינען איצט צוגעשטאַנען די דייטשן און זיי האָבן דאָס געגעבן דער גאַנצער זאַך אַן אנטיסעמיטישן כאַראַקטער. עס האָט איצט געהייסן, ניט צו טאָן קיין שלעכטס צו קריסטן; עס זאָל ניט זיין קיין איין פאַל פון רויב און מאָרד קעגן אייגענע. דערפאַר, אָבער

זאָל אָט־די אַרמיי אָנווענדן אַלע אירע קאָמפּס־מעטאָדן קעגן די פּיינט פון יעזוסן, די יידן.

אָט דאָ אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז דער גאַנצער נידערטרעכטיקער כאַראַקטער פון די דייטשן, צווישן וועלכע די יידן האָבן כלומרשט גע־לעבט בשלום. זיי, די דייטשן, זיינען אַלעמאָל געווען ווילדע אַנטיסע־מיטן. אויך אַנטיסעמיטישע „פּירערס" זיינען געווען ביי די דייטשן אין אַלע צייטן.

* * *

אין אָנהויב פון פרילינג פון יאָר 1096 איז אָנגעקומען קיין דייטש־לאַנד דער מאָנאָך פּעטער פון אימיענס מיט זיין ערשטער אַרמיי. ער האָט געהאַט מיט זיך אַ בריוו פון דער קריסטלעכער מאַכט אין רוים, אַז מען מוז באַזאָרגן זיין אַרמיי מיט אַלעם, וואָס די דאָזיקע אַרמיי דאַרף האָבן. פּעטער האָט אויך גערופן צו די דייטשן, אַז זיי זאָלן צושטיין צו זיין אַרמיי און עס זיינען באַלד צוגעשטאַנען פיל טויזנטער פון דער אונטער־וועלט, ווי גנבים און רויבער. באַלד האָט זיך אויך געפונען אַ פירער עמיכא פון ליניגנען, אַ באַוואוסטער מערדער און רויבער, פאַר וועמען אַלע האָבן מורא געהאַט און גלייך זעט מען די רעזולטאַטן. עס איז אַנטשטאַנען אַ גאַנצע ריי פון באַוואָפנטע באַנדעס, וועלכע זיינען אַריין אין די שטעט, לענג־אויס דעם ריין און געצוואונגען די יידן צו שמד און די וואָס האָבן עס ניט געוואָלט טאָן האָט מען דערמאָרדעט, מענער, פרויען און קינדער. פיל יידן האָבן בעסער אויסגעקליבן דעם טויט דורך אייגענע הענט ווי צו פאַלן דורך די הענט פון זייערע שונאים. אַזוי־אַרום זיינען חרוב געוואָרן אַ גאַנצע ריי פון יידישע קהילות. איידער די קרייץ־טרעגער זיינען געקומען, האָבן די יידן געוואוינט צווישן די דייטשן, מער ווייניקער אין אַ דערטרעגלעכן צושטאַנד. די יידן האָבן געוואוסט, אַז די דייטשן זיינען פאַרביסענע שונאי־ישראל, אָבער אין טעגלעכן לעבן האָבן זיי דאָס ניט אַרויסגעוויזן. אָבער ווי נאָר די קרייץ־טרעגער זיינען אַריבער די גרענעץ פון פראַנקרייך קיין דייטשלאַנד, האָט שוין די גאַנצע דייטשע באַפעלקערונג גענומען אַרויסווייזן איר אמתע צורה צו די יידן. דער רוב פון די שטאָטישע איינוואוינער זיינען צוגעשטאַנען צו די קרייץ־טרע־גער. עס זיינען געווען בלויז קליינע צאָלן דאָ און דאָרטן וואָס האָבן עס ניט געטאָן. זיי האָבן זיך בלויז ניט געמישט אין דער זאַך, אָבער פראָטעסטירט קעגן די שחיטות אויף די יידן האָבן זיי ניט.

פון יענער צייט זיינען געבליבן אַ ריי פון דאָקומענטן, וועלכע

דערציילן פון דעם וואָס די יידן האָבן דעמאָלט מיטגעמאַכט. זיי זיינען ביז לעצטנס ניט געווען באַקאַנט. די דאָזיקע דאָקומענטן, וועלכע מען האָט געפונען אין עטלעכע גרויסע ביבליאָטעקן, זיינען: איינע פון ר׳ שלמה בן שמעון. בלויז פאַרצייכענונגען פון די געשעענישן. ווי עס זעט אויס, האָט דער מחבר געוואָלט דאָס באַנוצן צו מאַכן אַן אויספירלעכע שילדערונג פון יענער צייט. אָבער ער איז ניט דערצו געקומען, ווייל אפשר איז ער אַליין אומגעקומען פון די צלמים־טרעגער.

אַ צווייטער דאָקומענט איז פון ר׳ אליעזר בן נתן. אומגעפער אַ מין קיצור פון דער ערשטער רשימה פון ר׳ שלמה בן שמעון און אַ דריטע פון איינעם וואָס האָט ניט אָנגעגעבן זיין נאָמען. אָבער עס זעט אויס, אַז ער האָט אויך זיך באַנוצט מיט דער רשימה פון ר׳ שלמה בן שמעון. פון די דאָקומענטן האָט געוואוסט ר׳ יוסף הכהן, דער מחבר פון ספר „עמק הבכא״, וואו ער ברענגט אַ טייל פון זיי. מיט אַ צייט צוריק זיינען אַלע דריי דאָקומענטן אַרויס אויף דייטש אין איין באַנד אונטערן נאָמען „העברעאישע בעריכטע איבער די יודען־פערפאָלגונגען וועהרענד די קרייצ־ציגע״. אַרויסגעגעבן פון אַ. נויבאַוער און מ. שטערן, בערלין. — מיר וועלן זיך דאָ באַנוצן מיטן ערשטן דאָקומענט וואָס געפינט זיך אין בריטישן מוזעאום.

שוין פון אָנהויב זעט מען דאָס געמיינקייט פון די דייטשן אין יענער צייט. דער מחבר שילדערט ווי אַזוי פיל יידן האָבן איבערגעגעבן זייער גאַנץ פאַרמעגן צו די גויאישע שכנים צו באַהאַלטן עס, מיטן געדאַנק, אַז ווען דער שטורעם וועט אַריבער, ווען די קרייץ־טרעגער וועלן אַרויס פון דער שטאָט אויף זייער ווייטערדיקן מאַרש, וועלן זיי פון די דאָזיקע גויים צוריקנעמען זייער פאַרמעגן, וואָס איז באַשטאַנען על־פי־רוב פון געלט און צירונג. אָבער די שכנים, וועלכע האָבן כלומרשט אַליין ניט געטשעפּעט די יידן, האָבן גאַנץ גוט צוגעזען ווי די קרייץ־טרעגער ברענגען זיי אום און קיין וואָרט ניט געזאָגט. און שפּעטער, ווען די דאָזיקע שכנים האָבן געבראַכט די יידן צו קבורה (דאָס האָבן זיי געמוזט טאָן, ווייל די טויטע קערפּערס האָבן געפוילט און עס איז געווען אַ סכנה פאַר דער שטאָט), האָט מען די יידן באַגראָבן נאַקעט, כאָטש זיי האָבן אַריינגעקראָגן פון זיי אַזעלכע גרויסע פאַרמעגנס.

ווייטער איז צו זען פון די דאָקומענטן, אַז די שטאָטישע מאַכט אומעטום, אין גאַנץ דייטשלאַנד, האָט זיך ניט געוואָלט אָננעמען פאַר די יידן און געלאָזט די קרייץ־טרעגער טאָן וואָס זיי האָבן געוואָלט. בלויז אין איין אָרט, אין דער שטאָט שפּייער, האָט דער בישאָף יאָהאַן זיך

אַנטקעגנגעשטעלט קעגן זיי און אויך קעגן די שטאַטישע אויסוואורפן וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו זיי, און עס איז אים געלונגען ניט צו דער־לאָזן צו אַ שחיטה אויף די יידן. דאָס איז געווען דער איינציקער פאַל צווישן די קירך־פירער און אויך צווישן די ציווילע מאַכט־האָבער, ווען איינער האָט אָפּגעראַטעוועט אַ שטאָט יידן פון טויט. אָבער ביז וואָס־ווען, זיינען אומגעקומען אויך דאָרטן עלף יידן. ווי דער דאָקומענט דערקלערט, האָט מען אומעטום געקענט אָפּראַטעווען די יידן אויב עס וואָלט געווען עמיצער וואָס וואָלט זיך פאַר זיי אָנגענומען, אָבער אַזאַ איינער איז ניט געווען. אין פיל ערטער האָבן די גלחים זיך געוואָלט באַנוצן מיט דער געלעגנהייט צוצורעדן די יידן צו שמדן זיך.

דער מחבר גייט איצט איבער צו שילדערן דעם חורבן פון צענד־ליקער יידישע קהילות אין דייטשלאַנד אין דער צייט פון ערשטן קרייץ־צוג. באַזונדערס שילדערט ער דעם חורבן פון גרויסע יידישע קהילות ווי וואָרמס (די שטאָט פון רש״י), מאַינץ, מעץ, קעלן (דאָ האָבן די פּאָגראָמען אָפּגעהאַלטן כמעט אַ גאַנצן חודש, פון שבועות ביז ח׳ תמוז), באָן, טריער, רעגענסבורג, פּאַפּנהיים און אַנדערע. דער מחבר ברענגט אַ גאַנצע ריי פאַקטן ווי אַזוי די יידן האָבן זיך אומגעבראַכט אַליין, ווי אַזוי מוטערס האָבן געשאָכטן זייערע קינדער און ווי אַזוי אַ רב האָט געמאַכט א ברכה „על קידוש השם״, הויך אין שול, און האָט געהייסן, אַז די יידן זאָלן פריער אומברענגען זייערע משפּחות און דערנאָך זיך אַליין. אָבער איידער מיר גייען איבער צו די דאָזיקע טרויעריקע פאַקטן איז כדאי צו געבן אַ בילד פון דעם קולטורעלן צושטאַנד פון די יידן אין יענער צייט, אין פאַרגלייך מיט זייערע ארישע שכנים.

מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז יענע דייטשן זיינען געשטאַנען אויף אַ זייער נידעריקער שטופע אין דער הינזיכט פון קולטור און ציוויליזאַציע. דאָס זיינען געווען קינדער פון די אַמאָליקע הונען, וועלכע זיינען געווען האַלב־ווילדע ברואים. די יידן זיינען אָבער געשטאַנען אויף אַ פיל העכערער שטופע אין עטיק און קולטור, אַ דאַנק דער יידישער תורה און די יידישע געזעצן וועגן מאָראַל און געזעצלעכקייט.

דאָס מיינט צו זאָגן, אַז אין יענער צייט פון שמד האָבן אַפילו יענע יידן, וואָס האָבן געוואָלט ראַטעווען זיך דורך איבערגיין צום קריס־טנטום, געפילט אַן עקל דאָס צו טאָן, ווייל אַזוי־אַרום וואָלטן זיי נאָר געזונקען צו אַ נידעריקערער מדרגה און וואָלטן אויך געדאַרפט חתונה מאַכן זייערע קינדער מיט די האַלב־ווילדע ברואים. דאָס וואָלט געמיינט אונטערגאַנג אין דער הינזיכט פון קולטור און ציוויליזאַציע.

אָבער כאָטש די דעמאָלטסטיקע דייטשן זיינען געשטאַנען אויף אַזאַ נידעריקער שטופע, זיינען זיי דאָך נאָך אַלץ געשטאַנען אויף אַ העכע־רער מדרגה ווי די „קולטורעלע״ דייטשן פון אונדזער צייט, די נאַציס אונטער היטלערן ימח שמו, וואָרום יענע ווילדע דייטשן האָבן נאָר בלויז פאַרלאַנגט פון די יידן, אַז זיי זאָלן איבערגיין צום קריסטנטום, דעמאָלט וועלן זיי זיי לאָזן לעבן, בעת היטלער מיט זיינע „קולטורעלע״ דייטשן האָבן דערקלערט, אַז אַפילו אַ געשמדטער ייד איז נאָך אַלץ אַ ייד און אַזוי איז עס ביזן צענטן דור. יענע ווילדע דייטשן האָבן אויך ניט פאַרטראַכט וועגן אויפשטעלן פון טויט־פאַבריקן, וואו מען האָט אומגע־בראַכט טויזנטער יידן, מענער, פרויען און קינדער, טאָג נאָך טאָג.

## 41. דער קייזער און קעניג היינריך דער פערטער וואָס איז געווען גוט צו יידן

היינריך דער פערטער איז געווען אַ מענטש מיט רעוואָלוציאָנערן גייסט. — ער פאָלגט ניט אויס די באַפעלן פון פויפּסט גרעגאָרי דער זיבעטער. — דער פויפּסט לייגט אים אַריין אין חרם. — היינריך מוז גיין קיין נאַנאָסאַ צו בעטן דעם פויפּסט אַז ער זאָל אים מוחל זיין. — ווען ער איז געקומען צוריק האָט ער געזען וואָס די צלם־טרעגער האָבן אָפּ־געטאָן מיט די יידן און האָט געברענט פון כעס. — זיין קאַמף מיט די לאַנד־אייגנטימער. — דער פויפּסט לייגט אים ווידער אַריין אין חרם און מאַכט אים אויך אויס הערשער. — דאָס רופט אַרויס אַ ווידערווילן פון דייטשלאַנד צום פויפּסט און דאָס האָט געפירט דערצו אַז מען זאָל אַרויסטרייבן דעם פויפּסט פון וואַטיקאַן. — היינריכס זון טרעט אַרויס קעגן אים. — עס גייט צו אַ בירגער־קריג אָבער אין מיטן איז היינריך דער פערטער געשטאָרבן.

אין דעם גאַנצן בילד פון די געשעענישן אין יענער צייט שיינט אַרויס דער בישאָף פון שפּייער וואָס מיר האָבן דערמאָנט פריער און נאָך אַ ליכטיקע געשטאַלט. דאָס איז געווען דער קעניג פון דייטשלאַנד היינריך דער פערטער.

היינריך דער פערטער איז געווען אַ מענטש מיט אַ רעוואָלוציאָנערן גייסט. ער איז געווען אַ מענטש פון הויכער קולטור און דער ערשטער מאָנאַרך, וואָס האָט אַרויסגעוויזן קעגנערשאַפט צום פויפּסט אין וואַטיקאַן. ער איז אויך געווען אַ גוטער פריינד פון די יידן און האָט זיי כסדר באַשיצט.

ווען היינריכס פאָטער, דער קייזער היינריך דער דריטער, איז געשטאָרבן אין יאָר 1056, האָט ער געלאָזן נאָך זיך זיין פרוי אַגנעס און זיין זון היינריך, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען 6 יאָר. די קעניגין אַגנעס איז געוואָרן דער רעגענט און דער פאַרזאָרגער איבערן יונגן זון. ווען היינריך איז אַלט געוואָרן 15 יאָר, האָט ער באַשטיגען דעם טראָן אַלס היינריך דער פערטער. אָבער דעמאָלט האָט ער געהאַט אויס־צושטיין פון דער קעגנערשאַפט פון די זאַקסן וואָס האָבן אים באַשולדיקט, אַז ער האָט אויסגעבויט פעסטונגען אין דייטשלאַנד און דאָרטן באַזעצט זיינע סאָלדאַטן, וועלכע באַראַבעווען דאָס פאָלק. עס איז געקומען צו אַ שטרייט און עס האָט זיך אַריינגעמישט אין דער זאַך דער פויפּסט

גרעגאָרי דער זיבעטער וועלכער האָט דערקלערט, אַז די זאַקסענער זיינען גע־רעכט און אַז דער גאַנצער סכסוך איז אַרויסגעקומען צוליב דעם וואָס געוויסע הויכע לייט אין קייזערס הויף האָבן אים געראַטן אַזוי צו טאָן. דער פּויפּסט האָט די דאָזיקע הויכע לייט אַריינגעלייגט אין חרם און באַפוילן דעם קייזער היינריך זיי צו פאַרטרייבן פון הויף.

אָבער היינריך האָט ניט אויסגעפאָלגט דעם פּויפּסטס באַפעל. גרעגאָרי האָט געשיקט אַ דעלעגאַציע צום קייזער מיט אַ בריוו, וואו ער מוסרט אים אויף זיין שלעכטער פירונג. דערביי האָט דער פּויפּסט אים אויך געסטראַשעט מיט אַ חרם און אַז אויב ער וועט ווייטער ווידערשפּעניקן, וועט ער פאַרלירן די קרוין. דער קייזער איז געוואָרן בייז און גערופן אַ קאָנפערענץ פון אַלע מאַכטהאָבער אין דייטשלאַנד, אין וואָרמס. דאָרטן האָט מען באַשולדיקט גרעגאָרין אין פיל ניט־שיינע מעשים און מען האָט אָנגענומען אַ באַשלוס אַז ער איז ניט מער קיין פּויפּסט. שפּעטער האָט דער קייזער געקראָגן דערצו אַפילו אויך די שטיצע פון די קלעריקאַלן, פון די גלחים, הייסט עס.

גרעגאָרי האָט באַלד געענטפערט דערויף מיט אַ דערקלערונג, אַז היינריך דער פערטער איז אויס קייזער און אַז ער ווערט אַריינגעלייגט אין חרם און אַזוי אויך אַלע די, וואָס שטיצן אים.

נאָך דער דערקלערונג פון פּויפּסט זיינען די פּריצים און די אַריסטאָקראַטן געוואָרן קאַלט צום קייזער און אים ניט מער געשטיצט. זיי האָבן, פאַרקערט, נאָך איינגעלאַדן דעם פּויפּסט צו קומען קיין דייטש־לאַנד, אין דער שטאָט אויגסבורג, כדי צו באַראַטן זיך וועגן אַ נייעם קייזער.

ווען היינריך האָט דאָס געזען, האָט ער באַשלאָסן, אַז אויב מען קען ניט אַריבער, מוז מען אַרונטער. איז ער אַוועק קיין קאַנאָסאַ, וואו דער פּויפּסט איז געווען און דאָרט אָפּגעוואַרט, אַז ער זאָל אים אויפ־נעמען. דריי טעג איז דער קייזער היינריך דער פערטער געשטאַנען פאַר דער פאַרשלאָסענער טיר פון פּויפּסט באָרוועס, מיט אַ זאַק אויף זיין לייב, ווי אַ בעל־תשובה, און דער פּויפּסט האָט אים אַלץ ניט געוואָלט צולאָזן צו זיך. ערשט נאָך דעם ווי פיל פון היינריכס פריינד האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל אים מוחל זיין, האָט דער פּויפּסט באַוויליקט אים אויפצונעמען. עס איז געווען אַ פּאַטעטיש בילד צו זען ווי דער גרויסער, שיינער היינריך שטייט פאַר דעם קליינעם פּויפּסט און ווי פון זיינע אויגן רינען טרערן... דער פּויפּסט האָט אים ענדלעך מוחל געווען.

ווען היינריך דער פערטער איז צוריקגעקומען פון איטאַליע, האָט

ער זיך דערוואוסט וואָס די קרייץ־טרעגער האָבן אָפּגעטאָן אין זיין לאַנד און זיך געכאַפּט פאַרן קאָפּ. ער האָט באַלד באַשטראָפט פיל פון די פאַרברעכער און איבערהויפּט די, וועלכע האָבן געקענט אָפּשטעלן די שחיטות און עס ניט געטאָן און די יידן, וואָס האָבן זיך געשמדט, האָט ער דערלויבט צו ווערן צוריק יידן.

אָבער דער גורל פון דעם דאָזיקן איידעלן און קעמפערישן מאָ־נאַרך לעזט זיך ווי אַ געשיכטע פון „טויזנט און איין נאַכט" — ווייל ער איז געווען פיל מאָל סיי אויפן פערד און סיי אונטערן פערד. אָבער ענדלעך האָט ער געזיגט איבער זיין הויפּט־שונא, דעם פּויפּסט גרעגאָרי דעם זיבעטן. עס איז אַזוי געווען:

נאָכדעם ווי דער קעניג היינריך דער פערטער איז געקומען צוריק קיין דייטשלאַנד, איז דייטשלאַנד געווען צעטיילט אויף צוויי לאַגערן. איין לאַגער פון גראַפן און פריצעם, די גרויסע לאַנד־אייגנטימער וואָס האָבן געהאַלטן מיטן קעניג, און אַ צווייטער לאַגער אויך פון דער אַריסטאָ־קראַטיע, וואָס איז געווען קעגן אים און געוואָלט אַ נייעם הערשער. עס זיינען אָנגעגאַנגען דעריבער קאַמפן צווישן די צוויי לאַגערן, וועלכע האָבן געדויערט אַן ערך פון 4 יאָר. ענדלעך האָט דער רעוואָלוציאָנערער לאַגער געזיגט און האָט אויסגעקליבן אַ נייעם קעניג. דאָס איז געווען אין יאָר 1080. דער פּויפּסט גרעגאָרי דער 7־טער האָט גלייך אויסגענוצט די געלעגנהייט צו דערקלערן אַ נייעם חרם אויפן קעניג היינריך דעם פערטן און אויף אַלע וואָס שטיצן אים. דאָס איז געווען דער אַלטער מיטל פון דער רוימישער קירך וואָס ווערט אָנגערופן „עקס־קאָמוניקע". דער פּויפּסט האָט אין זיין דערקלערונג געזאָגט, אַז היינריך דער פערטער איז אויס הערשער און ער האָט באַפוילן אַלע קריסטן אויסצופאָלגן דעם באַפעל.

אָבער גראָד דער דאָזיקער אַקט האָט געטאָן היינריך דעם פערטן אַ גרויסע טובה. גראָד די דאָזיקע אומבערחמנותדיקע האַנדלונג פון פּויפּסט, וועלכער איז ווידער אַרויסגעטראָטן קעגן דעם קעניג, כאָטש ער האָט אים שוין פריער געהאָט אַלץ מוחל געווען און דער קעניג האָט זיך מער מיט גאָרניט פאַרזינדיקט קעגן אים, האָט אַרויסגערופן אַ געפיל פון פאַרביטערטקייט קעגן דעם פּויפּסט. עס איז געקומען אַזוי וויט, אַז אַלע גלחים אין דייטשלאַנד האָבן זיך פאַראייניקט און אויף אַ קאָנפערענץ וואָס זיי האָבן אָפּגעהאַלטן האָבן זיי דערקלערט, אַז גרעגאָרי דער זיבע־טער איז ניט מער קיין פּויפּסט. עס האָט איצט אויפּסניי אויסגעבראָכן אַ בלוטיקער קאַמף צווישן ביידע אַריסטאָקראַטישע לאַגערן. ענדלעך

האָט היינריך דער פערטער אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון. עס איז באַלד באַשלאָסן געוואָרן אויסצוקלייבן אַ נייעם פּויפּסט און היינריך דער פערטער איז געווען איינער פון די וואָס האָבן דעם נייעם פּויפּסט געדאַרפט אויסקלייבן. היינריך איז דעריבער איצט געפאָרן נאָכאַמאָל קיין איטאַליע, אָבער מיט אַ פיל בעסערער שטימונג ווי פריער. ער איז איצט געפאָרן צוליב צוויי זאַכן: 1) צו האָבן נקמה אין פּויפּסט גרעגאָרי דעם זיבעטן, וועלכן מען וועט אָפּיציעל אַראָפּזעצן פון טראָן, און אויך צו פּועלן אַז ער, היינריך דער פערטער, זאָל קריגן דעם טיטל „קייזער״, אָנשטאָט „קעניג״ ווי ביז איצט. היינריך האָט באַלד טאַקע דערלעבט צו זען ווי מען האָט אַרויסגעטריבן גרעגאָרי דעם זיבעטן פון וואַטיקאַן, אַז ער זאָל זיין אין גלות ביז דער ענדע פון זיינע טעג, און באַלד נאָכדעם איז היינריך טאַקע צוריקגעקומען קיין דייטשלאַנד אַלס קייזער פון דייטשלאַנד און איטאַליע.

אָבער היינריכס לעבן די גאַנצע צוואַנציק יאָר נאָך דער דעמיסיע פון פּויפּסט גרעגאָרי איז ניט געווען צו־גוט. ער האָט איצט געהאַט אויסצושטיין פון די אויפשטאַנדן פון דער אַריסטאָקראַטיע אין דייטשלאַנד, וואָס איז געווען קעגן אים. אויך האָבן פיל פון די אַריסטאָקראַטן אין איטאַליע ניט געוואָלט האָבן קיין דייטשן הערשער איבער זיך, און ענדלעך איז די אַריסטאָקראַטן פון ביידע לענדער געלונגען איבערצורעדן זיין זון, דעם קרוינפּרינץ, אַרויסצוטרעטן קעגן זיין פאָטער. עס האָט איצט ווידער אויסגעבראָכן אַ בירגער־קריג אין דייטשלאַנד, וואָס האָט געדויערט ביזן יאָר 1106, ווען היינריך איז פּלוצים קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן.

## 42. דער צווייטער מאַרש פון די קרייץ־טרעגער

דער צווייטער מאַרש ווערט אָנגעפירט פון די קעניגן קאָנראַד דער דריטער פון ענגלאַנד צוזאַמען מיטן קעניג לודוויק דער זיבעטער פון פרייסן. —עס שטייט אויך צו דער פויפּסט אייגען לאַדזשין דער דריטער. — עס הויבט זיך אָן ווידער מיט אָנפאַלן אויף יידן. — דער בישאָף בערנהאַרד וואָס פאַרווערט די קריסטן צו ראַבעווען ביי די יידן און טרעט אַרויס קעגן פויפּסט וואָס האָט דאָס דער־לויבט. — די קעניגן נעמען איצט צוימען די מאַסן און דערלאָזן ניט מער קיין שחיטות און הריגות. — עס הויבט זיך אָן אין דייטשלאַנד אַ סעריע פון בלבולים אויף יידן. — כלערליי בלבולים: אַז די יידן האָבן פאַרשוועכט דאָס הייליקע ברויט; אַז די יידן פאַרגיפטן די ברונעמער און נאָך אַנדערע.

די ביטערע מפּלה וואָס די ערשטע צלם־טרעגער האָבן געהאַט האָט ניט געדינט אַלס אַ לעקציע פאַר אַנדערע ניט צו מאַכן מער אַזעלכע פאַרזוכן. נייך. עס איז ניט אַריבער קיין גאַנצע פופציק יאָר נאָכן דורכ־פאַל פון ערשטן קרייץ־צוג און עס האָט זיך פאַרמירט אַ נייער. עס האָט געהייסן, אַז דער ערשטער קרייץ־צוג איז ניט געווען גוט אָרגאַניזירט, דעריבער איז ער דורכגעפאַלן. אויך האָט מען אויסגעטייטשט דעם דורכ־פאַל פון ערשטן קרייץ־צוג דערמיט, וואָס ער איז באַשטאַנען על פּי רוב פון נידעריקע ברואים. איצט האָט מען געזאָגט, אַז אויב מען זאָל אָרגאַניזירן אַזאַ נייעם מאַרש אויף אַ ריכטיקן אופן, און אויב עס זאָלן זיך אין אים באַטייליקן ניט קיין אונטערוועלט־מענטשן, נאָר שטאָטישע איינוואוינער פון אַלע לענדער, ווי למשל באַלמעלאָכעס, האַנדלס־מענטשן און אויך געבילדעטע, וואָס זאָלן האַלטן די מאָראַל פון די מאַסן אויף אַ הויכער מדרגה, וועט אַזאַ מאַרש אויף ירושלים זיין אַ גרויסער דערפאָלג.

און באַלד האָט זיך אַזאַ צווייטער קרייץ־צוג אָרגאַניזירט אין יאָר 1146. דאָס מאָל איז דער מאַרש אָנגעפירט געוואָרן דורך דעם קעניג קאָנראַד דער דריטער, וועלכער האָט זיך פאַר דעם צוועק פאַרבונדן מיטן קעניג פון פרייסן, לודוויק דער זיבעטער. צו דעם בונד איז אויך צוגע־שטאַנען דער פויפּסט אייגען לאַדזשין דער דריטער. אויך דאָס מאָל האָט זיך עס גלייך אָנגעהויבן מיט אַנטיסעמיטיזם און געקומען איז עס ניט פון קיין אַנדערן ווי פון פויפּסט גופא. כדי צו געווינען די אָנטיילנעמער אין דער אַרמיי פון צווייטן קרייץ־צוג, האָט דער פויפּסט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף צו אַלע קאַטאָליקן, אַז יעדער איינער וואָס וועט זיך באַטייליקן

אין מאַרש ווערט אַזוי אַרום באַפרייט פון אַלע זיינע חובות וואָס ער איז שולדיק צו יידן. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס צום צווייטן קרייץ־צוג ביי אַלע קאַטאָליקן, באַזונדערס אין פראַנקרייך.

אין יענער צייט האָט זיך אין פראַנקרייך געפונען אַ בישאָף בערנ־האַרדט פון קלעירוואָ, וואָס האָט גערופן די מאַסן צו פאַרלאָזן זייערע היימען און באַטייליקן זיך אין מאַרש. זיינע פלאַם־פייערדיקע רייד האָבן געהאַט אויף די שטאָטישע איינוואוינער אַ שטאַרקע ווירקונג. אָבער אין אונטערשיד פון אַנדערע לענדער האָט דער פראַנצויזישער בישאָף בערנ־האַרד גערופן די גלחים, אַז זיי זאָלן שטיין אויף דער וואַך און ניט דערלאָזן אַז מען זאָל די יידן טאָן שלעכטס. ער האָט אַפילו די גייסטלעכע אויך געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדן ייד וואָס וועט אומקומען דורך די הענט פון די קרייץ־טרעגער. דעסגלייכן האָט דער בישאָף בערנ־האַרד שטרענג פאַרווערט די קריסטן צו ראַבעווען ביי יידן. ער איז אַפילו אָפן אַרויסגעטראָטן קעגן פויפּסט דערפאַר, וואָס ער האָט דערקלערט, אַז די וואָס וועלן זיך באַטייליקן אין צווייטן מאַרש וועלן ניט דאַרפן באַצאָלן די יידן זייערע חובות. בישאָף בערנהאַרד האָט אָן מורא דער־קלערט, אַז דאָס איז ניט ריכטיק און ער האָט גערופן צו די קריסטן, אַז זיי זאָלן ניט רואינירן די יידן און זיי זאָלן זיי באַצאָלן אַלץ וואָס זיי זיינען זיי שולדיק. זיינע רייד האָבן טאַקע געהאַט אַ גוטע ווירקונג. אַזוי אַז די קריסטן האָבן אויפגעהערט צו ראַבעווען ביי די יידן. עס איז אויך ניט געווען צו פאַרצייכענען אין אַנדערע לענדער קיין שום מאָרד־פאַלן מצד די קרייץ־טרעגער קעגן די יידן.

דאָס האָט אין אַ געוויסער מאָס געווירקט אויך אויף דייטשלאַנד, וואו די מאַכט פון די קעניגן איז איצט געוואָרן שטאַרקער. די הערשער פון דייטשלאַנד האָבן זיך שוין געשעמט מיט דעם בלוטיקן רעקאָרד וואָס דייטשלאַנד האָט געלאָזן נאָך זיך פון ערשטן קרייץ־צוג, און כדי צו צוימען די מאַסן, אַז זיי זאָלן ניט מאָרדן און רויבן ביי די יידן, האָבן זיי דעריבער אָנגענומען שטרענגע מיטלען און באַפוילן אַלע שטאָטישע באַאַמטע ניט צו דערלאָזן צו קיין בלוטיקע שחיטות. אָבער דאָס איז זיי דאָך גאַנץ ווייניק געלונגען. עס זיינען ניט געווען מער קיין מאַסן־מאָרדן אויף יידן, אָבער איינצלנע פאַלן זיינען דאָ און דאָרט פאָרגעקומען. אָט דאָס באַווייזט נאָר, אַז אויך אין דער צייט פון ערשטן קרייץ־צוג האָט מען געקענט פאַרהיטן די יידן פון די מוראדיקע שחיטות וואָס זיינען פאָרגעקומען אויף זיי. אַ פאַקט איז אויך, אַז גאַנצע מחנות פון דער אונטערוועלט, ווי גנבים, רויבער, שווינדלער און פראָסטיטוטקעס האָבן געוואָלט צו־

שטיין צום צווייטן מאַרש, אָבער מען האָט זיי, ניט צוגעלאָזן. דאָך איז געווען באַקאַנט, אַז דאָ און דאָרטן האָבן זיך אַריינגעשמוגלט אין דער אַרמיי פון צווייטן מאַרש גאַנצע גרופּן פון דער אונטערוועלט מיטן איינציקן געדאַנק פון רויב און מאָרד. די קריסטלעכע וועלט, ווי אויך די בירגערלעכע עלעמענטן אין דייטשלאַנד, האָבן ניט מער געוואָלט האָבן קעגן זיך אַזאַ שאַנד־פלעק.

אָבער אינגאַנצן אָפּצולאָזן די יידן, דאָס האָבן די דייטשן דאָך ניט געקענט פועלן ביי זיך, האָבן זיי דעריבער צוגעטראַכט אַ נייעם קאַמפּס־מיטל קעגן די יידן און דאָס איז געווען — בלבולים. עס הויבט זיך דערי־בער איצט אָן אין דייטשלאַנד אַ נייע עפּאָכע ווען מען טראַכט אויס פאַרשידענע פאַלשע באַשולדיקונגען און בלבולים אויף יידן. קיין מאָסן זיינען פון די בלבולים ניט אומגעקומען, אָבער איינצעלנע פאַלן דאָ און דאָרטן זיינען געווען כסדר אויף דער טאָג־אָרדענונג. אַמאָל איז דער בלבול געווען, אַז די יידן האָבן אומגעבראַכט אַ קריסט; אַן אַנדער מאָל, אַז זיי האָבן געשאָכטן אַ קריסטלעך קינד לכבוד דעם יידישן פסח און אַמאָל אַז די יידן האָבן פאַראומרייניקט דאָס „הייליקע ברויט" אין דער קירך און נאָך אַן אַנדער מאָל איז דער בלבול געווען, אַז זיי האָבן פאַרסמט די ברונעמער, כדי די ניט־יידישע איינוואוינער זאָלן אומקומען , און פון די בלבולים זיינען אומגעקומען פיל יידן אין פאַרשידענע קהילות.

## 43. סאַלאַדין, הערשער פון עגיפּטן וואָס האָט אָפּגעשטעלט די קרייץ־צוגן

סאַלאַדין פירט אַ הייליקן קריג קעגן די קריסטן אין ירושלים און האָט זיי באַזיגט. — די גרויסע קרייץ־צוגן הערן איצט אויף אָבער עס קומען נאָך פאַר אַ גאַנצע רייע פון קלענערע צוגן. — די ראָלן פון פרידריך באַרבאַראָסאַ און ריטשאַרד דער ערשטער אין די נייע קרייץ־צוגן. דער פירער פון פערטן קרייץ־צוג דער פויפּסט אינאָצענט דער דריטער. — וואָס האָבן אויפגעטאָן די קרייץ־צוגן וועלכע האָבן געדויערט 200 יאָר?

אין די אַלע יאָרן פון פאַרשידענע מאַרשן פון די צלם־טרעגער, זעען מיר, אַז ווען די קריסטן האָבן געזיגט, האָבן זיי אויסגעשאָכטן די מאַכמעדאַנער, ווי די לעמער און ווען די מאַכמעדאַנער האָבן אָפּגעהאַלטן אַ נצחון, האָבן זיי דאָס געטאָן צו די קריסטן. אַזוי ווי ישראליק איז שטענדיק געווען אין מיטן, האָט ער געליטן פון ביידע צדדים פון רע־ליגיעזע פאַנאַטיקער. אַזוי איז עס געווען אין קליין־אַזיע, אַ חוץ וואָס די יידן האָבן געליטן פון די קריסטן אין דער צייט ווען זיי האָבן מאַרשירט אויף ירושלים צוריקצונעמען פון די מאַכמעדאַנער דעם הייליקן קבר פון יעזוסן. יעדעס מאָל ווען איינע פון די פאַנאַטישע גרופּן האָט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון איבערן שונא, זיינען זיי אַוועק אין טעמפּל פון גאָט און אים געלויבט און געדאַנקט פאַרן זיג און זיך דערנאָך געלאָזט וואוילגיין מיט אַ שחיטה אויף אומשולדיקע יידישע פרויען און קינדער ווייל — „אַזוי וויל גאָט". דאָס איז געווען דער „סדר היום" סיי פאַר די קריסטן און סיי פאַר די מאַכמעדאַנער און היות ווי אין אָנהויב האָט געהערשט אַ גרויסע אומאייניקייט אין אַראַבישן לאַגער און פאַר פיל צענדליקער יאָרן האָבן זיי געקעמפט צווישן זיך איין שבט קעגן אַנדערן, האָבן די קריסטן אָט־די אומאייניקייט אויסגענוצט פאַר זיך און דערפאַר אָפּגעהאַלטן נצחונות אין אַראַבישן לאַגער. עס הערן זיך רייד וועגן אַ פאַראייניקונג פון אַלע אין אַראַביש לאַגער. עס הערן זיך רייד וועגן אַ פאַראייניקונג פון אַלע מאַכמעדאַנישע כוחות, כדי צו קענען באַקעמפן די קריסטן. גלייך דערויף האָט זיך געפונען אַ פירער פאַר דער נייער באַוועגונג. דאָס איז געווען דער גרויסער מאַכמעדאַנישער הערשער סאַלאַדין. אָבער וועגן אים דאַרף מען רעדן מער אויספירלעך.

סאַלאַדין, דער הערשער פון עגיפּטן איז געווען אַ טיפּישער מאַכ־מעדאנער. ער האָט געהאַלטן פון אַלע תפילות, וואָס די אָנהענגער פון איסלאַם זאָגן און אויך פון פאַסטן. ער איז אויך געווען זייער שטאָלץ אויף זיין אָפּשטאַם פון דער אַראַבישער אַריסטאָקראַטיע און פול מיט אַמביציע צו ברענגען אַריין אין איסלאַם אַלע די יעניקע, וואָס גלויבן ניט אין מאַכמעדן. אָבער ער איז געווען א מענטש פון גרויס וויסן און דערצו טאָלעראַנט. אין פיל הינזיכטן איז ער געשטאַנען אַ סך העכער ווי זיינע קעגנער, די קריסטלעכע פירער. ער איז אַריין אין דער געשיכטע פון מאַכמעדאַנערטום אַלס דער גרויסער איסלאַמישער העלד וואָס האָט צוניט געמאַכט דעם באַגער פון די קריסטן צו הערשן איבער קליין־אַזיע.

סאַלאַדין האָט איבערגענומען די הערשאַפט פון זיינעם אַן אָנקל און האָט זיך אַליין אויסגערופן אַלס סולטאַן פון עגיפּטן. ער האָט אויך פאַראייניקט אַלע מוסולמענער פון סיריע אונטער זיין הערשאַפט און נאָכדעם מאַרשירט קעגן דער אַרמיי פון די קריסטן. אין יענער צייט האָבן די קריסטן געהאַט געקרוינט אַ קעניג אין ירושלים (באַלדווין דער 6־סטער). סאַלאַדין האָט אויסגערופן אַ „הייליקע מלחמה״ קעגן אים און אים באַגעגנט מיט אַ גרויסער אַרמיי אין טאָל פון גליל. עס זיינען אויסגעבראָכן גרויסע קאַמפן צווישן אים און דעם פירער פון די קריסטן, אָבער ער, סאַלאַדין, האָט די קריסטן באַזיגט און דעם נייעם קעניג גענומען געפאַנגען. סאַלאַדין האָט אַפילו צוגענומען ביי די קריסטן דעם גרויסן צלם, אונטער וועלכן סימבאָל די קרייץ־טרעגער האָבן מאַרשירט. באַלד נאָכדעם האָט ער איינ־גענומען אַלע שטעט פון קליין־אַזיע וואו די קריסטן האָבן שוין געהערשט. אַ ביסל שפּעטער האָט ירושלים זיך אַליין איבערגעגעבן צו אים. דאָס איז געווען נאָך אַ קורצער באַלאַגערונג. דערמיט האָט זיך געענדיקט נאָך אַ קאַפּיטל געשיכטע וועגן די מאַרשן פון די קריסטן צו געווינען צוריק ירושלים. דאָס פאַלן פון ירושלים האָט אין דעם קריסטלעכן לאַגער אַרויסגערופן פיל טרויער. אָבער דאָך האָט באַלד זיך אָנגעהויבן אַ נייע באַוועגונג פאַר אַ נייעם קרייץ־צוג. יאָ, עס האָט גאָר ניט לאַנג געדויערט און דריי גרויסע הערשער פון אייראָפּע האָבן זיך פאַראייניקט פאַר אַזאַ נייעם מאַרש. דאָס זיינען געווען: פיליפּ אויגוסטוס, דער קעניג פון פראַנק־רייך; ריטשאַרד דער ערשטער, קעניג פון ענגלאַנד און דער גרויסער פרידריך (פרידריך באַרבאַראָסאַ) דער קעניג פון דייטשלאַנד. זיי דריי האָבן איבערגענומען אַליין די קאָמאַנדע. דער ערשטער צו מאַרשירן ווידער אויף ירושלים איז געווען פרידריך באַרבאַראָסאַ (מען האָט אים אַזוי גערופן צוליב זיין רויטער באָרד). פרידריך איז דעמאָלט שוין געווען אַ

מאַן נאָענט צו 70, אָבער ער האָט נאָך אַלץ ניט געהאַט אויפגעגעבן זיין לוסט צו פירן מלחמות. פרידריך האָט געפירט זיינע אַרמייען איבער דרום־זייט פון אייראָפּע און נאָך פיל מלחמות מיט די מאַכמעדאַנער האָט ער איינגענומען די דרום־זייט פון קליין־אַזיע. אָבער דאָ איז ער דער־טרונקען געוואָרן ווען ער האָט געוואָלט אַריבערגיין אַ טייך. נאָך זיין טויט איז זיין אַרמיי כמעט ווי צעפאַלן געוואָרן. פיל זיינען געפאָרן צוריק קיין דייטשלאַנד. אַנדערע ווידער האָבן זיך געלאָזט מיטן וועג פון די אַנדערע אַרמייען וואָס האָבן מאַרשירט אויף ירושלים.

אָבער די אַרמייען פון ענגלאַנד און פון פראַנקרייך האָבן אויך ווייניק וואָס דערגרייכט. ריטשאַרד דער ערשטער, וועלכער איז געקומען מיט זיין אַרמיי מיט שיפן איבער די ימען, האָט דערגרייכט ביז עכו און איינגענומען די שטאָט, נאָך אַ לאַנגער צייט פון באַלאַגערונג. אָבער ווייטער האָט ער ניט געקענט מאַרשירן. פיליפּ פון פראַנקרייך איז אויך געקומען מיט אַ גרויסער אַרמיי, אָבער צוליב די אומרוען אין פראַנקרייך איז ער באַלד צוריקגעפאָרן אַהיים און איבערגעלאָזט די גאַנצע קאָמאַנדע אין ריטשאַרדס הענט.

ריטשאַרד דער ערשטער איז געווען אויפן שלאַכט־פעלד 14 מאָנאַטן לאַנג. די קאַמפן וואָס ער האָט אָנגעפירט אין דער צייט זיינען געווען אַזוי קלוג, אַז ער האָט געקראָגן דערפאַר דעם צונאָמען „ריטשאַרד דער לייבן־האַרץ". און מיט דעם נאָמען איז ער אַריין אין דער געשיכטע. אָבער כאָטש ער האָט אָפּגעהאַלטן פיל זיגן האָט ער דעם הויפּט־ציל פון זיין מאַרש צוריק איינצונעמען ירושלים ניט דערגרייכט. ענדלעך האָט ער און סאַלאַדין געשלאָסן אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן עס איז די קריסטן דערלויבט צו קומען קיין ירושלים אַן אָפּצאָל, וואָס איז אויף זיי געווען דעמאָלט אַרויפגעלייגט. ריטשאַרד האָט זיך דעמאָלט אומגע־קערט קיין ענגלאַנד און דערמיט האָט זיך געענדיקט דער דריטער קרייץ־צוג, דער גרעסטער און שטאַרקסטער פון אַלע.

* * *

וואָלט איר דאָך דענקען, אַז איצט איז שוין געווען גענוג מיט קרייץ־צוגן; אַז נאָכן דורכפאַל פון דריי מאַרשן אויף ירושלים האָבן די קריסטלעכע פאַנאַטיקער שוין איינגעזען, אַז אַ מאַרש פון גלוביקע אַליין איז ניט גענוג אויף צו פירן אַ וועלט־מלחמה מיט די אַנדערע גלוביקע, הויבט עס זיך ניט אָן. די פאַנאַטישע קריסטן האָבן נאָך אַלץ ניט געהאַט געלערנט פון די געשעענישן צו מאַכן אַן ענדע צו די קרייץ־צוגן און

אַזוי זעען מיר, אַז גאַר אין גיכן נאָכן דורכפֿאַל פֿון דריטן קרייץ־צוג פֿאַרמירט זיך באַלד אַ פֿערטער.

דער טאַטע פֿון פֿערטן קרייץ־צוג איז ניט געווען קיין אַנדערער ווי דער פּויפּסט אינאָצענט דער דריטער. ער איז געווען יונג, ענטוזיאַס־טיש און פֿול מיט אַמביציעס צו שפּילן אַ גרויסע ראָלע אַלס פּויפּסט. אָט־דער פּויפּסט האָט זיך מתקנא געווען אין פּויפּסט אורבאַן דעם צווייטן, דער טאַטע פֿון ערשטן קרייץ־צוג, כאָטש דער סאַמע ערשטער קרייץ־צוג האָט זיך געענדיקט מיט אַ גרויסער מפּלה. ער האָט באַלד אַרויסגעשיקט ענציקליקעס (אויפֿפֿאָדערונגס־בריוו) צו אַלע קעניגן צוצושטיין צו אים אין אַ נייעם מאַרש. קיין קעניג אָדער אַנדערער הערשער האָט זיך ניט אָפּגערופֿן אויף זיין רוף, בלויז עטלעכע ריטער, הויפּטזעכלעך פֿראַנצויזישע, האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן זיין פּלאַן. דאָך איז דער מאַרש צושטאַנד־געקומען.

די פֿירער פֿון פֿערטן קרייץ־צוג האָבן באַשלאָסן צו מאַכן פֿאַר זייער הויפּט־ציל — עגיפּטן, ווייל עגיפּטן איז אין יענער צייט געווען דער צענטער פֿון דער מאַכמעדאַנישער מאַכט. די נייע אַרמיי פֿון די קרייץ־טרעגער האָט דעריבער מאַרשירט קיין ווענעדיק, פֿון וואַנען זי האָט געזאָלט מיט שיפֿן פֿאָרן איבערן מיטללענדישן ים קיין ארץ־ישראל. די ווענעציאַנער רעגירונג האָט איינגעשטימט צוצושטעלן דער פֿערטער אַרמיי פֿון די צלם־טרעגער גענוג שיפֿן אויף אַריבערצופֿאָרן דעם ים. אָבער נאָר מיט איין באַדינג, אַז די קרייץ־טרעגער זאָלן צום ערשטן איינגעמען די שטאָט זאַראַ וואָס ליגט אויפֿן מזרח־וועג פֿון אַדריאַטיק. זאַראַ איז געווען אַ קריסטלעכע שטאָט, אָבער זי איז געווען אין קאָמפּעטיציע מיט ווענעדיק אויפֿן געביט פֿון האַנדל. די ווענעציאַנער האָבן דעריבער די שטאָט געוואָלט פֿאַרניכטן. דער פּויפּסט איז אָבער געווען קעגן דעם. די קרייץ־טרעגער האָבן ניט געקוקט אויף די רייד פֿון פּויפּסט און געגעבן די ווענעציאַנער שטאָט־טאַטעס אַ צוזאָג, אַז זיי וועלן עס טאָן און זיי זיינען באַלד אַוועק און איינגענומען די שטאָט. נאָכדעם האָבן זיי פֿאַרגעסן אינגאַנצן וואָס זייער ציל איז געווען און זיינען ניט אַוועק אויף זייער מאַרש איינצונעמען ירושלים. די ווענעציאַנער האָבן זיך געבעטן אַז זיי זאָלן גיין אויף קאָנסטאַנטינאָפּאָל. זיי האָבן דערוואַרט, אַז די קרייץ־טרעגער זאָלן איינעמען די שטאָט און געבן איר אַלס מתנה צו ווענעדיק, וואָס דאָס וואָלט געמיינט, אַז די ווענעציאַנער רעגירונג וואָלט געוואָרן פֿיל שטאַרקער. אָבער אַנשטאָט צו גיין אויף קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָבן די קרייץ־טרעגער גאָר גענומען ראַ־

בעווען וועגעדיק גופא. באַלד האָט וועגעדיק איינגעזען, אַז די קרייץ־טרעגער זיינען ניט קיין אידעאַליסטישע מענטשן, נאָר גיכער אַ באַנדע פון רויבער, וואָס קענען באַפאַלן יעדע שטאָט. באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן אויף וואָס אַט־די רויבער זיינען פעאיק... זיי האָבן זיך גענומען מאַכן אַ חורבן פון דער שטאָט, ניט נאָר דורך רויבן יעדן טאָג די באַפעלקערונג, נאָר אויך דורך פשוט אונטערצינדן הייזער און דערמאָרדן אומשולדיקע מענטשן. זיי האָבן אויך אַלס וואַנדאַלן צעשטערט מאַלערייען און אַלטע ביכער אין שטאָט־ביבליאָטעק, וואָס זיינען דאָרטן געזאַמלט געוואָרן.

ענדלעך זיינען זיי אַוועק אויף זייער מאַרש און נאָכדעם ווי זיי האָבן געהאַט עטלעכע דערפאָלגן, האָבן זיי גענומען איינטיילן צווישן זיך די לענדער פון קליין־אַזיע. קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז ניט איינגענומען געוואָרן, אָבער זי איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אין קאַמף. דער פערטער קרייץ־צוג איז אויך געווען אַ דורכפאַל פּונקט אַזוי ווי די פריערדיקע. אָבער ער האָט צערודערט די מוחות פון דער וועלט אין יענער צייט. אַזוי ווערט איבערגעגעבן, אַז אין יאָר 1212 האָבן מאַסן קינדער געוואַנדערט איבער די וועגן אין פראַנקרייך מיט פאָנען פון די קרייץ־טרעגער זינ־גענדיק און בעטענדיק צו גאָט, אַז ער זאָל שיקן יעזוס קריסטוס נאָך אַמאָל אַראָפּ אויף דער ערד. עס זיינען שפּעטער געווען נאָך עטלעכע פּראָבעס פון אָרגאַניזירן אַזעלכע מאַרשן מיטן קרייץ, אָבער זיי האָבן שוין קיין גרויסע האַפט ניט געהאַט. די גאַנצע געשיכטע פון די קרייץ־מאַרשן האָט זיך געענדיקט אַרום דער ענדע פון יאָר 1300.

* * *

וואָס ווייזן אונדז די קרייץ־צוגן, וועלכע האָבן זיך געצויגן במשך פון 200 יאָר, פון סוף עלפטן ביז ענדע פון דרייצנטן יאָרהונדערט? וואָס פאַר אַ באַוועגונג איז עס געווען? און וואָס האָבן די קרייץ־צוגן אויפגעטאָן?

באַטראַכטנדיק עס מיט אַ רואיקן קאָפּ, זעט מען, אַז די צייט איז געווען די ערגסטע אין פינצטערן מיטלאַלטער. אַ צייט ווען כלומרשט אין נאָמען פון גאָט האָבן מענטשן גערויבט און געמאָרדעט. די קרייץ־צוגן, וואָס שייך צו זייער אָפיציעלן ציל, צוריקצונעמען יעזוסעס קבר פון די מאַכמעדאַנער, איז עס געווען איין גרויסער דורכפאַל, ווייל אַלע קרייץ־צוגן צוזאַמענגענומען האָבן דאָס ניט דערגרייכט, אָבער דער דאָזיקער ציל איז גאָר געווען אַ תירוץ פאַר דעם אמתן פאַרלאַנג, פון די נידעריקע מאַסן וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער צלם־באַוועגונג און דאָס איז געווען רויב און מאָרד. אָט דעם ניט־אָפיציעלן ציל האָבן די צלם־טרעגער

דערגרייכט. באַזונדערס אין דייטשלאַנד, איבער דעם לעבן און האָב־און־גוטס פון די יידן.

מען דאַרף אויך וויסן, אַז די יידן, וועלכע זיינען אין יענער צייט געשטאַנען אויף אַ פיל העכערער שטופע פון זייערע שכנים אין אייראָפּע, סיי אין בילדונג און סיי אין עטישער הינזיכט, האָבן געמוזט זוכן זיך אַ וועג ווי אַזוי זיי זאָלן קענען אויסלעבן זייערע ענערגיעס און דאָס האָבן זיי געטאָן דורך אַנטוויקלען אַ גרויסן האַנדל, אַן אינטערנאַציאָנאַלן וועלט־האַנדל, וואָס האָט זיי אַריינגעבראַכט גרויסע רווחים, אָבער דאָס האָט די קריסטן ניט געשמעקט. זיי האָבן געזען, אַז די יידן ווערן רייכער פון טאָג צו טאָג און דאָס האָט זיי געקרענקט. זיי האָבן ניט געקענט אַריבערטראָגן דעם געדאַנק, אַז די יידן, אויף וועלכע זיי האָבן אַראָפּגעקוקט און וועלכע זיי האָבן געהאַלטן פאַר אַ פרעמדן עלעמענט, זאָלן זיין רייך אין דער צייט ווען זיי, די דורותדיקע איינוואוינער פון לאַנד זיינען אָרעם.

וואָלט ניט געווען די מאַסן־באַוועגונג פון גיין צום קבר פון יעזוסן, וואָלט דער דאָזיקער שטילער איפּערזוכטס־געפיל בנוגע די יידן אפשר ניט אויסגעבראָכן מיט אַזאַ שטורעם ווי מיר זעען עס אין דער גאַנצער צייט פון די קרייץ־צוגן. אָבער דער רעליגיעזער פאַנאַטיזם וואָס די אָנפירער פון די קרייץ־מאַרשן האָבן בכיוון אויפגעבויט האָט געפונען באַלד זיין אויסדרוק אין רויב און מאָרד פון די יידן, וועלכע הייסן די שונאים פון קריסטוסן. אויך דאָ האָבן געשפּילט אַ ראָל ניט ווייניק די קריסטלעכע אַגיטאַטאָרס און העצערס, ווי למשל די פּויפּסטן פון יענער צייט, די גלחים און די מאָנאַכן, און בכלל די גאַנצע פירער־שאַפט פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט.

דורך דער גאַנצער צייט פון די קרייץ־צוגן איז דעריבער אייראָפּע געווען חרוב אין סאָציאַלן הינזיכט. די שטעט זיינען קיינמאָל ניט געווען זיכער, אַז די קרייץ־טרעגער וועלן זיך ניט אַראָפּלאָזן אויף זיי ווי אַ מחנה היישעריקן. עס האָט דעריבער שטענדיק געהערשט אין גאַנץ אייראָפּע אין יענער צייט, אַ מצב פון מלחמה, אַ צושטאַנד פון קריג מיט אַן אומזעבאַרן שונא. דער שונא איז אַלעמאָל געוואָרן אַן אַנדערער. אין אָנהויב איז עס געווען — דער מאַכמעדאַנער, שפּעטער איז עס געוואָרן — דער ייד און גאָר שפּעטער — אַפילו שוין דער אייגענער ברודער, אַ קריסט. פאַרשטייט זיך, אַז אַזוי ווי דער עיקר איז געווען: רויב און מאָרד, איז צו דעם צוועק דער מאַכמעדאַנער געווען ווייט פון אויג, אָבער דער ייד איז געווען נאָענט. טאָ פאַרוואָס ניט אויסלאָזן אַלץ צום ייד. דאָס זיינען געווען מוראַדיקע 200 יאָר פון מאָרד, רויב און אַנדערע קרימינעלע פאַרברעכנס.

## 44. דער אָנפאַל פון די מאָנגאָלן אויף אייראָפּע אַלס ענטפער אויף די קרייץ־צוגן

וער איז געווען דזשינגיס כאַן? — זיין פּלאַן איינצונעמען אַזיע און אייראָפּע און צו הערשן איבער אַלע לענדער אין דער וועלט. — זיין גרויסער מאַרש איבער רוסלאַנד און דעם חורבן וואָס ער האָט אָנגעמאַכט. — דער צווייטער מאָנגאָלישער מאַרש דורך זיין אייניקל קובלאי כאַן. — וואָס עס דערציילט וועגן אים דער וועלט־רייזנדער מאַרקאָ פּאָלאָ. — קובלאַי כאַן אין אייראָפּע. — די אַנטשטייאונג פון די כאַזאַרן און זייער אונטערגאַנג.

אין דער צייט, ווען אייראָפּע האָט נאָך געבלוטיקט פון דעם אָנלויף פון די מחנות קרייץ־טרעגערס, וועלכע האָבן פאַרמירט מאַרשן נאָך מאַרשן און יעדעס מאָל געראַבעוועט, צעשטערט און געמאָרדעט די איינוואוינער פון די שטעט, האָט זיך אונטערגערוקט אויף איר אַ נייע צרה, וואָס איז געקומען גאָר פון וויטן מזרח. דאָס איז געווען די אַנשיקעניש פון די — מאָנגאָלן.

אין מיטעלן און צפון־אַזיע האָבן געלעבט זייט הונדערטער יאָרן וואַנדערנדיקע שבטים, וואָס האָבן געשטאַמט פון דער געלער ראַסע. דאָס איז געווען נאָך אַזוי אין די פאַר־היסטאָרישע צייטן. שפּעטער, מיטן אויפשטייגן פון ווייסן מענטש אין יענע ערטער, זיינען די אָפּשטאַמיקע פון דער געלער ראַסע געוואָרן וואָס אַמאָל ווייניקער און ווייניקער, און ענדלעך אויסגעוואַנדערט צוריק אין די קאַלטע ערטער פון סיביר און מאַנדזשוריע. אָבער אין 13־טן און 14־טן יאָרהונדערט זיינען זיי פּלוצים געקומען צוריק אין גרויסע מחנות און מיט אַ טענדענץ צו פאַרניכטן גאַנץ אייראָפּע.

אייראָפּע האָט שוין פריער, אין זיבעטן און אַכטן יאָרהונדערט, געהאַט אַזאַ אינוואַזיע פון די הונען, בולגאַרן און מאַדיאַרן, וועלכע האָבן אָנגעטאָן גרויסע צרות, אָבער דער נייער אָנמאַרש פון די מאָנגאָלן פון דער געלער ראַסע איז געווען פיל, פיל ערגער. צו זיי זיינען אויך צו־געשטאַנען די אָטאָמאַן־טערקן. זייער אָנלויף דאַרף מען באַטראַכטן אַלס ענטפער פון אַזיע אויף די קרייץ־צוגן, אַלס אַ קאָנטער־אַטאַקע פון אַזיע אויף די אַטאַקעס פון אייראָפּע אויף אַזיע. די מאָנגאָלן האָבן דעמאָלט

פאַרכאַפּט גאַנץ סיביר און אומגעגנט, און ענדלעך באַהערשט גאַנץ כינע. די הויפּט־באַשעפטיקונג פון די מאָנגאָלן איז געווען פי־צוכט. זיי האָבן געהאַט גרויסע סטאַדעס פון פערד, אָקסן, שעפּסן און קעמלען און פון זיי האָבן זיי געהאַט זייער שפּייז (דורך שעכטן די שעפּסן און אָקסן) און זייער קליידונג פון וואָל (פון די שעפּסן). די מאָנגאָלן זיינען געווען נאָמאַדן, דאָס הייסט: זיי האָבן געוואַנדערט מיט זייערע סטאַדעס פון אָרט צו אָרט. זיי האָבן געוואוינט אין געצעלטן, יעדע פאַמיליע פאַר זיך. זייער קול־טורעלער מצב איז געווען זייער נידעריק. זיי זיינען געווען געצן־דינער און מאָראַלישע געזעצן זיינען פאַר זיי געווען פרעמד. ראַבעווען און מאָרדן איז ביי זיי געווען אַ נאַטירלעכע זאַך. אַ חוץ דעם זיינען זיי געווען גוטע קריגס־פירער און האָבן עס זייער ליב געהאַט. זיי האָבן כסדר פּראַקטיצירט אין קאַמפן איינער מיטן אַנדערן, כדי צו איבן זיך אין מלחמה־פירונג.

איינער אַ כראָניקער פון יענער צייט באַשרייבט זיי אַלס אַ „ווילדע מאַסע, וואָס האָט ניט געהאַט קיין שטעט און דערפער. האָבן כסדר גע־וואוינט אַלעמאָל אויף אַן אַנדערן פּלאַץ און זיינען געלאָפן ווילד אויף זייערע פערד, שיסנדיק אויף רעכטס און לינקס. אַ ווילדער, צעשטערנ־דיקער כוח״.

* * *

די קריג־ליבנדע מאָנגאָלן זיינען אַרויסגערופן געוואָרן צו גיין אין קריג אויף אייראָפּע, דורך זייערן אַ נייעם פירער, דזשינגיס כאַן, אַ פירער פון איינעם פון די שבטים, וועלכער האָט ביסלעכווייז געבראַכט אַלע מאָנגאָלישע שטאַמען אונטער זיין פירונג און שפּעטער זיך אַרויס־געלאָזט אין אַ מאַרש אויף אייראָפּע. דזשינגיס כאַן איז געווען אַ מין אַזיאַטישער אַלעקסאַנדער מוקדון. אַ געניאַלער מלחמה־פירער, וועלכער האָט אויסגעבויט אין זיין צייט פאַר זיך אַ זייער שטאַרקע אימפּעריע, פּונקט אַזוי ווי עס האָט געטאָן פאַר אים מיט פיל הונדערטער יאָרן צוריק אַלעקסאַנדער פון מאַקעדאָניע.

דזשינגיס כאַן האָט פאַרטראַכט אַ פּלאַן איינצונעמען גאַנץ אייראָפּע און צו הערשן איבער אַזיע און אייראָפּע, וואָס האָט געמיינט דעמאָלט די גאַנצע וועלט. צו דעם צוועק האָט ער צוגעגרייט אַ גרויסע אַרמיי, צו וועלכער עס זיינען אויך צוגעשטאַנען די טערקן פון יענער צייט. צום ערשטן האָט זיך דזשינגיס כאַן אַרויסגעלאָזט מיט זיין אַרמיי איינ־צונעמען כינע, וואָס איז דעמאָלט געווען אונטער דער הערשאַפט פון אַן אַלטער דינאַסטיע. נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט איינגענומען צפון־כינע

און שפּעטער אויך די אַנדערע טיילן פון לאַנד, איז ער אַרויס מיט זיינע אַרמייען אין אַ מאַרש אויף טורקעסטאַן און פּערסיע, און באַלד איז אַ מאָדנע זאַך געשען. עס איז אָנגעפאַלן אַ מורא אויף אַלע צו קעמפן קעגן אים. שטעט נאָך שטעט זיינען געפאַלן און ער האָט זיי אַלע איינגע־נומען און — פאַרניכטעט. וואָרום דזשינגיס כאַן האָט פיינט געהאַט שטעט און עס באַטראַכט פאַר אַן איבעריקע זאַך. ער האָט דעריבער, נאָכדעם ווי ער האָט איינגענומען אַ שטאָט, זי אומגעבראַכט. על־פּי־רוב דורך פאַר־ברענען די שענסטע בנינים און מאָנומענטן. אַזוי האָט ער צעשטערט די שטעט בוכאַראַ, סאַמאַרקאַנד, מערוו און העראַט —— צענטערס פון דער איסלאַמישער קולטור. זיין אַרמיי, וואָס איז אייגנטלעך געווען אַ צונויפ־זאַמלונג פון וואַנדאַלן, האָט שוין געוואוסט אַז פריער זאָלן זיי חרוב־מאַכן די בנינים פון שטאָט און וואָס עס איז געבליבן, פאַרברענען אויפן פייער און אַז אַלע איינוואוינער זאָלן אומגעבראַכט ווערן מיט דער שווערד. כאַנס ריזיקע אַרמיי האָט מאַרשירט ווייטער אין רוסלאַנד ביז צום דניעפּר און ביסלעכווייז האָט דזשינגיס כאַן אויסגעבויט פאַר זיך אַ מלוכה וואָס האָט זיך געצויגן פון כינע איבער קאָרעאַ און גרויסע טיילן פון רוס־לאַנד ביז באַגדאַד און טיף אין קליין־אַזיע. כאַנס אימפּעריע האָט געדויערט פון 1206 ביז 1227 אין גאַנצן ניט מער ווי 21 יאָר, אָבער וואָס פאַר אַ חורבן אָט־דער ווילדער אַזיאַט האָט אָנגעטאָן אין דער וועלט, איז גאָר ניט צו באַשרייבן.

מיטן טויט פון דזשינגיס כאַן האָט אָבער נאָך די מאָנגאָלישע הערשאַפט ניט אויפגעהערט. אַן אייניקל פון דזשינגיס כאַן, קובלאַי כאַן (געלעבט פון 1259 ביז 1294), האָט זיך מתקנא געווען אין זיין גרויסן זיידן און האָט זיך געלאָזט אויף דעם זעלבן וועג פון אונטערדריקן אַנדערע פעלקער און שאַפן פאַר זיך אַ גרויסע אימפּעריע און ער האָט ווירקלעך אַרויסגעוויזן נאָך פיל מער געניאַלע פעאיקייטן אין סטראַטעגיע און מלחמה־פירונג, ווי זיין זיידע. קובלאַי האָט אויסגעבויט אַ נייע שטאָט, וועלכע האָט זיך גערופן קאַמבאַלוק. דאָס איז די שטאָט פּעקין, וואָס איז געוואָרן די הויפּט־שטאָט פון כינע. קובלאַי האָט געפירט כסדר מלחמות איינצונעמען וואָס מער לענדער. פון יענער צייט זיינען אונדז געבליבן די באַשרייבונגען פון דעם וועלט־באַרימטן רייזענדן מאַרקאָ פּאָלאָ, וועלכער האָט באַזוכט די שטאָט פּעקין (די אַמאָליקע קאַמבאַלוק) און געשילדערט די רייכקייט פון קובלאַי כאַנס פּאַלאַץ. ווי עס איז צו זען פון דאָקומענטן וואָס זיינען אונדז געבליבן פון יענער צייט, איז קובלאַי אויך געווען אַ גרויסער שטאַטס־מאַן און האָט אָנגעבונדן האַנדלס־באַציאונגען מיט

איירָאָפּע. עס איז אויך באַקאַנט, אַז מיטגלידער פון פראַנציסקאַנער אָרדן און שליחים פון פויפּסט זיינען געקומען קיין כינע און זיינען געווען די געסט פון קובלאַי כאַן.

* * *

נאָך קובלאַי כאַן זיינען געקומען אַנדערע יורשים פון דזשינגיס כאַן צו דער מאַכט און אַלע האָבן מאַרשירט אויף איירָאָפּע אַלעמאָל פון אַן אַנדער ווינקל, זייענדיק חורבן און צעשטערונג וואו נאָר זיי זיינען געקומען. די נייע יורשים פון די כאַנס זיינען אַריין אין איירָאָפּע אויף צפון־זייט פון קאַספּישן ים און זיך געלאָזט איבער רוסלאַנד. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און מאָסקווע און דערנאָך קיעוו זיינען געפאַלן. און אַ ביסל שפּעטער איז דער גרעסטער טייל פון רוסלאַנד געלעגן אין די הענט פון די מאָנגאָלן. זייער מאַרש אין רוסלאַנד איז געווען באַגלייט פון אַ ריי שחיטות און הריגות איבער אומשולדיקע מענטשן און ווי עס דריקט זיך אויס איינער פון די שרייבער פון יענער צייט, איז „ניט געבליבן קיין איין אויג אָפן אויף צו באַוויינען די טויטע".

פון רוסלאַנד זיינען אַוועק די מאָנגאָלן קיין אונגאַרן, וואו זיי האָבן געמאַכט אַ נייעם חורבן. זיי האָבן דעם קעניג פון לאַנד פאַרטריבן און פאַרכאַפּט זיין פּאַלאַץ. פון דאָרטן זיינען זיי אַריין קיין פּוילן און דערנאָך איבער שלעזיע קיין דייטשלאַנד. דאָרטן האָבן זיי אָנגעפילט „ניין זעק מיט רעכטע אויערן וואָס זיי האָבן אָפּגעשניטן פון די אומשולדיקע קרבנות" (אַזוי דריקט זיך אויס אַ כראָניקער פון יענער צייט).

די שטאָט־איינוואוינער פון איירָאָפּע, וועלכע האָבן זיך אויף דער אינוואַזיע ניט געריכט, זיינען געווען אַזוי צעשראָקן און צעטומלט אַז זיי האָבן ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. איבערהויפּט, ווייל די מאָנגאָלן זיינען געקומען אין אַזעלכע גרויסע צאָלן, ממש ווי היישעריקן וואָס באַ־פאַלן אַ לאַנד און זייט דעם מאַרש פון די אַראַבער אין 8־טן יאָרהונדערט זיינען אַזעלכע שחיטות ניט געווען.

אָבער די גרויסע שרעק פון איירָאָפּע איז געווען דעמאָלט ניט אַזוי ווייט די שחיטות און הריגות פון אומשולדיקע מענטשן, נאָר פיל מער די הערשאַפט פון די באַרבאַרן און דאָס פאַרניכטן פון יעדער קולטור און ציוויליזאַציע, אַזוי אַז עס איז געווען אַ מורא, אַז איירָאָפּע וועט גיין צוריק צו דעם צושטאַנד אין וועלכן זי איז געווען מיט פיל הונדערטער יאָרן צוריק. פּלוצלינג איז אָבער געשען עפּעס אויף וואָס קיינער האָט זיך ניט געריכט. די מאָנגאָלן האָבן זיך גענומען צוריקציען און פאַרלאָזן

איירָאפּע. זיי האָבן פאַרלאָזן צום ערשטן אונגאַרן, דערנאָך פוילן און צוריקגעצויגן זיך צו זייערע איינגענומענע טעריטאָריעס אין רוסלאַנד. דאָרטן אין רוסלאַנד זיינען אָט־די מאָנגאָלן (לאָמיר זיי אָנרופן בעסער מיט זייער ריכטיקן נאָמען: טאָטערן) געבליבן אויף אַ לאַנגער צייט. רוסלאַנד איז אין דער גאַנצער צייט, נאָענט צו 250 יאָר, געווען ניט מער ווי אַ סאַטעליט פון די מאָנגאָלן, דאָס הייסט, פון כינע. די רוסן האָבן געמוזט צאָלן שווערע שטייערן צו דער רעגירונג פון פעקין און שיקן סאָלדאַטן אין דער מאָנגאָלישער אַרמיי. די פּרינצן פון רוסלאַנד זיינען געווען אונטערגעוואָרפן אין יעדער הינזיכט צו דעם וואָס פעקין האָט געהאַט צו זאָגן. די טאָטערן האָבן זיך ניט געמישט אין רוסלאַנד בנוגע דער רעליגיע, שפּראַך און געזעצן פון לאַנד. דער הויפּט־ציל פון די מאָנגאָלן איז נאָר געווען אָפּצושניידן רוסלאַנד פון מערב־איירָאפּע.

אָבער די טאָטערן האָבן דאָך עפּעס אויפגעטאָן פאַר רוסלאַנד, נעמלעך: זיי האָבן געשאַפן די רוסישע מדינה, דאָס איז געשען אַזוי־אַרום: פריער, איידער די טאָטערן זיינען געקומען, איז דאָס גרויסע לאַנד וואָס הייסט איצט רוסלאַנד באַשטאַנען פון שטעט, וואָס זיינען ניט געווען פאַרבונדן צווישן זיך. עס איז ניט געווען קיין שום אייניקונג, און די שטעט האָבן אַפילו געקעמפט צווישן זיך. איצט, צוליב דער אינוואַזיע פון די טאָטערן, האָבן די שטעט זיך גענומען פאַראייניקן, כדי צו שאַפן אַ פאַראייניקטן פראָנט קעגן דעם אַלגעמיינעם שונא, אָבער דאָך איז דאָס ניט אַזוי גיך צו שטאַנד געקומען. ענדלעך האָט מאָסקווע מיט אירע אַרומיקע שטעט און דערפער זיך גענומען צו דער אַרבעט. זי האָט מיט געוואַלד געצוואונגען די אַנדערע שטעט צוצושטייַן צו איר. זי האָט דאַן איינגענומען די שטאָט נאָווגאָראָד און אַלע אירע טעריטאָריעס וואָס האָבן זיך געצויגן פון לאַפּלאַנד ביז צו אוראַל און נאָך פיל יאָרן פון קאַמפן מיט די מאָנגאָלן, האָט זי ענדלעך זיך פון זיי באַפרייט. דאָס איז געשען אין דער צייט פון איוואַן דעם דריטן (אָדער איוואַן דעם גרויסן). אָט דער מאָנאַרך פון רוסלאַנד ווערט באַטראַכט פאַרן גרינדער פון אַ רוסלאַנד וואָס איז געווען אויטאָקראַטיש. מיט אַנדערע ווערטער: אַ רוסלאַנד וואָס ווערט געפירט פון זעלבסטהערשער, דאָס איז דער אָנהויב פון דער צאַרן־הערשאַפט אין רוסלאַנד.

* * *

ווי אַלע מאָל, אין דער צייט פון גרויסע געשעענישן, איז ישראל דאָס כפרה־הינדל, דער שעיר־לעזאזל. זייענדיק אין מיטן פון איירָאפּע

און אויך אין די הויפט־שטעט פון רוסלאַנד, זיינען די יידישע קהילות געווען די ערשטע צעשטערט צו ווערן אין דער צייט פון דער מאָנגאָלישער אינוואַזיע.

באַזונדערס איז אין יענער צייט געווען באַדייטנדיקע קהילות פון יידן נאָכן זיג פון רוסלאַנד איבער די כאַזאַרן (כוזרים), וועלכע האָבן געהאַט אָנגענומען דעם יידישן גלויבן. ווי די געשיכטע דערציילט אונדז, האָט דער קעניג בולאַן פון די כאַזאַרן אינמיטן פון 8־טן יאָרהונדערט באַשלאָסן אָפּצושאַפן געצן־דינסט אין זיין לאַנד און איינ־צופירן איינע פון די דריי הערשנדע רעליגיעס, וואָס גלויבן אין אַ גאָט אין הימל; יידנטום, קריסטנטום, און מאַכמעדאַנערטום. ער האָט צוליב דעם צוועק געשיקט נאָך אַ פאָרשטייער פון יעדער רעליגיע צו קומען צו אים און דערקלערן אים, וואָס זיין רעליגיע לערנט אַזוינס. דער ערשטער אַריינגערופן צו ווערן פון דעם קעניג איז געווען אַ קריסטלעכער בישאָף. דער קעניג האָט אים געפרעגט, וואָס עס זיינען די הויפּט־פּרינציפּן פון זיין רעליגיע. דער בישאָף האָט געענטפערט: „ליבע צום צווייטן". „ווער האָט דאָס אייך אַזוי געלערנט?" — האָט אים געפרעגט דער קעניג, און דער בישאָף האָט אים געענטפערט: „אונדזער גרויסער פירער יעזוס". „און פון וואַנען האָט עס יעזוס גענומען?" — האָט דער קעניג ווידער געפרעגט. „פון זיינע לערערס" — האָט דער בישאָף געענטפערט. „און פון וואַנען האָבן זיי דאָס גענומען?" — „פון דער ביבל, פון אַלטן טעס־טאַמענט, וואָס איז געגעבן געוואָרן צו די יידן פון גאָט אַליין". דערויף האָט דער קעניג געזאָגט: „אויב אַזוי, צו וואָס דאַרף איך נעמען פון אייך? קען איך דאָך זיך ווענדן צו די יידן, צו וועלכע גאָט האָט געגעבן זיין תורה".

באַלד דערויף האָט ער אַריינגערופן דעם פאָרשטייער פון די מאַכ־מעדאַנער און אים געשטעלט די זעלבע פראַגן. עס האָט זיך ווידער איבערגעחזרט די זעלבע סצענע ווי פריער מיטן קאַטוילישן בישאָף און דער קעניג האָט געהייסן אַריינרופן דעם פאָרשטייער פון די יידן. נאָכדעם ווי דער יידישער פאָרשטייער, דער רב, ר׳ יצחק סאַנגאַרי האָט געענטפערט דעם קעניג אויף אַלע פראַגן, וואָס ער האָט אים געשטעלט, האָט דער קעניג אָנגענומען דעם יידישן גלויבן און האָט באַפוילן, אַז דאָס זאָל זיין די רעליגיע פון לאַנד.

נאָכדעם ווי די כאַזאַרן זיינען געוואָרן יידן, האָבן זיי זיך משדך געווען מיט די יידן פון רוסלאַנד און שפּעטער, אין צענטן יאָרהונדערט,

ווען רוסלאַנד האָט באַזיגט דאָס לאַנד פון די כאַזאַרן, זיינען די כאַזאַרן אַוועק קיין רוסלאַנד און צוזאַמען מיט די יידן געשאַפן גרויסע יידישע קהילות — אָט־די קהילות האָבן די טאָטערן אין דער צייט פון זייער אינוואַזיע כמעט אינגאַנצן חרוב געמאַכט.

## 45. די צייט ווען עס האָבן געהערשט צוויי פויפסטן

די צו שטאַרקע מאַכט פון די פויפסטן. — דער קאַמף וואָס עס האָט אָנגעפירט קעגן דעם פויפסט באָניפעיס דער קעניג פיליפ דער שיינער פון פראַנקרייך. — עס הויבט זיך אָן איצט די 70 יאָר גלות פון די פויפסטן. — איין פויפסט אין רוים און אַ צווייטער אין אַוויניאָן, פראַנקרייך. — אין יאָר 1378 ווערט גערופן אַ קאָנפערענץ פון די גלחים און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו האָבן צוריק בלויז איין פויפסט אין רוים. — דער נייער פויפסט מאַרטין דער פינפטער. — עס הויבן זיך אָן רדיפות אויף ניט גענוג פרומע און אָפּנויגיקע פון קריסטנטום.

די פויפסטן, וועלכע האָבן איבערגענומען פון דער רוימישער מאַכט די העגעמאָניע איבער אייראָפּע, האָבן דערגרייכט אין דרייצנטן יאָרהונדערט די סאַמע העכסטע מדרגה פון מאַכט אין דער וועלט. זיי זיינען אין יענער צייט געווען די אמתע הערשער פון אייראָפּע. צו זיי האָט געהערט פאַקטיש אַ גרויסער טייל פון איטאַליע. זיי האָבן אויך געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף די געשעענישן אין פראַנקרייך, און האָבן געוועלטיקט איבער ענגלאַנד, שפּאַניע און אַנדערע לענדער. אין דייטשלאַנד איז זייער מאַכט געווען אַזוי גרויס אַז זיי האָבן דאָרטן באַשטימט ווער עס זאָל זיין דער קעניג פון אַ לאַנד און אויב אַ קעניג איז זיי ניט געפעלן, האָבן זיי אים אַראָפּגעזעצט. רוים האָט אין יענער צייט געהאַט אַמבאַסאַדאָרן אין אַלע לענדער פון אייראָפּע און האָט אַרויסגעגעבן געזעצן וואָס זיינען געוואָרן אַ „מוז" פאַר יעדן קריסט, וואו ער איז ניט געווען.

דאָס איז געווען די צייט נאָך דער עפּאָכע ווען די קעניגן זיינען געווען שוואַך (אין אַכטן און אין ניינטן יאָרהונדערט). די פויפסטן האָבן דעריבער גענומען הערשן איבער געוויסע לענדער, וואו די פּריצים האָבן געהאַט פאַרכאַפּט די מאַכט. עס איז פּשוט דעמאָלט געווען נויטיק, אַז עס זאָל זיין אַ צענטראַל־מאַכט וואָס זאָל האָבן אַ דעה איבער זיי. נאָכדעם ווי די פּריצים־הערשאַפט האָט אויפגעהערט, איז שוין די מאַכט פון דער קירך ניט געווען מער נויטיק. אָבער די צרה מיט מאַכט איז, דאָס, וואָס ווען עמיצער קריגט זי אַריין אין זיינע הענט, וויל ער זי מער ניט אַרויסלאָזן. אָט דאָס האָט איצט געפירט צו קריגערייען און קאַמפן צווישן די קעניגן וועלכע זיינען שוין איצט, אין דרייצנטן יאָרהונדערט, געווען פיל

שטאַרקער און אַמביציעזער מיט די פּויפּסטן, וועלכע האָבן די מאַכט ניט געוואָלט אָפּלאָזן.

אָבער באַזונדערס איז דאָס אַרויסגעקומען בולט אין דער צייט פון פּויפּסט באָניפּעיס דעם אַכטן. באָניפּעיס האָט געוואָלט, אַז די מאַכט וואָס די פּויפּסטן האָבן, זאָל ניט פאַרקלענערט ווערן אויף אַ האָר. ער האָט דעריבער אַרויסגעגעבן צוויי שטרענגע באַפעלן. דער ערשטער באַפעל האָט פאַרבאָטן צו קאָלעקטן שטייערן פון די לענדער, וואָס באַלאַנגען צו דער קירך. עס איז אויך פאַרבאָטן געוואָרן אַלע קירך־מענטשן צו צאָלן שטייערן צו וועמען ניט איז. דאָס האָט געמיינט, אַפילו ניט צו דער רעגירונג פון לאַנד. דער באַפעל האָט זיך געענדיקט דערמיט, אַז ווער עס וועט ניט פאָלגן, וועט אויסגעשלאָסן ווערן פון דער קירך. דער צווייטער באַפעל האָט דערקלערט אין אָפענע ווערטער די באַדייטונג פון דער העכערער מאַכט פון די פּויפּסטן איבער אַלע הערשער פון אייראָפּע און אַז אין אַלע ענינים וואָס עס זאָל ניט זיין דאַרף בלייבן אין קראַפט דאָס וואָס דער פּויפּסט אין רוים זאָגט.

און באָניפּעיס דער אַכטער האָט באַלד געוויזן, אַז ער מיינט דאָס וואָס ער זאָגט אין זיין לעצטן באַפעל. אין זיינע בריוו וואָס ער האָט געשיקט צום קעניג העגרי דעם פערטן פון פראַנקרייך, האָט ער פאַר־לאַנגט פון אים צו בויגן זיך פאַר דעם פאַרטרעטער פון יעזוסן אויף דער ערד און אים אַלץ נאָכגעבן. דער קעניג העגרי האָט אַלץ אויסגע־פאָלגט אַזוי ווי מען האָט אים געהייסן, אָבער ניט אַזוי האָט געטאָן שפּעטער דער קעניג פיליפּ דער שיינער, וואָס איז געקומען נאָך העגריך. פיליפּ האָט אָפּגעענטפערט דעם פּויפּסט באָניפּעיס אויף זיין באַפעל מיט אַ באַפעל ניט אַרויסצופירן קיין גאָלד און זילבער פון פראַנקרייך קיין רוים.

דער פּויפּסט באָניפּעיס, וואָס האָט זיך געגויטיקט אין געלט, האָט זיך איצט אַ ביסל געבויגן און צוגעגעבן, אַז דער פראַנצויזישער קעניג האָט געוויסע רעכט צו פאַרלאַנגען שטייערן פון דער קירך. באַלד האָט זיך געמאַכט אַ מעשה, אַז אַ פאַרטרעטער פון פּויפּסט באָניפּעיס האָט זיך ניט גוט אויפגעפירט אין פראַנקרייך. דער קעניג האָט געהייסן אים אַרעסטירן און ברענגען אים צו אַ משפט. ווען באָניפּעיס האָט דאָס דער־הערט, האָט ער זיך געאיילט אַרויסצוגעבן אַ חרם אויפן קעניג פיליפּ דעם שיינעם און שפּעטער אים אינגאַנצן אַראָפּגעזעצט פון טראָן.

פיליפּ האָט גלייך דערויף צונויפגערופן אַ באַראַטונג פון אַלע חשובע מענטשן פון לאַנד אויף וועלכער ער האָט דערקלערט אַז „די

אַלטע רעכט פון פרייהייט פון פראַנקרייך בלייבט אויף אייביק״. אַט די קאָנפערענץ, וועלכע איז באַשטאַנען פון מיטגלידער פון דער אַריס־טאָקראַטיע, פון גלחים און פון שטאָטישע מענטשן, האָט געשטימט פאַר דער רעזאָלוציע, און אַרויסטראָגן אַ דערקלערונג, אַז דער פראַנצוי־זישער קעניג איז ניט אונטערוואָרפן צו קיינעם נאָר צו גאָט אַליין.

באַלד נאָך דעם האָט פיליפּ געשיקט שליחים קיין איטאַליע, אַז זיי זאָלן אין אַנאַגני (אַ קליין אָרט, נעבן רוים, וואו דער פּויפּסט באַניפעיס האָט געוואוינט), אַרעסטירן דעם פּויפּסט און אים ברענגען קיין פראַנקרייך. די שליחים האָבן אויסגעפירט ריכטיק זייער שליחות, זיי האָבן געשטורעמט דאָס הויז פון פּויפּסט, אים געכאַפּט און אים געוואָלט אַרויספירן פון שטעטל. די איינוואוינער פון אַנאַגני האָבן זיך אָבער באַלד דערוואוסט און זיינען געקומען צו לויפן. זיי זיינען אָנגעפאַלן אויף די שליחים פון פראַנצויזישן קעניג און באַפרייט דעם פּויפּסט פון זייערע הענט. דער פּויפּסט וואָס איז שוין געווען אַן אַלטער מאַן, האָט די באַליידיקונג און איבערלעבונג ניט געקענט לייכט אַריבערטראָגן און איז אַ קורצע צייט שפּעטער געשטאָרבן (דער פּאָעט דאַנטע דערמאָנט אין קורצן די געשיכטע אין זיין „געטלעכע קאָמעדיע״ און רעדט דאָרטן מיט צאָרן וועגן דעם וואָס „יעזוס קריסטוס איז נאָכאַמאָל געקרייציקט געוואָרן דורך רויבער פון פראַנקרייך״).

אָבער ווי מען זאָל זיך ניט באַציען צו דעם אינצידענט, איז עס אָבער אַ פאַקט, אַז מיט דעם אַרעסט פון אָט דעם פּויפּסט, איז געבראָכן געוואָרן די שטאַרקע ממשלה פון די פּויפּסטן. עס איז אַראָפּגעפאַלן פון זיי דורך דעם אַקט דער מאַנטל פון געטלעכקייט.

* * *

דאָס וואָס איז ווייטער געשען ווערט באַצייכנט פון די קריסט־לעכע היסטאָריקער אַלס די „70 יאָר פון גלות בבל פון קריסטנטום״. דאָס מיינט, אַז אַזוי ווי די יידן זיינען נאָכן חורבן פון ערשטן בית־המקדש פאַרטריבן געוואָרן קיין בבל וואו זיי זיינען געווען 70 יאָר, אַזוי זיינען אויך די פאַרטרעטער פון קריסטנטום געווען אין גלות זיבעציק יאָר, ווייל פון דאַן אָן הויבט זיך אָן די צייט ווען עס זיינען געווען צוויי פּויפּסטן אין דער וועלט: איינער אין רוים און אַ צווייטער אין פראַנקרייך, אין דער שטאָט אוויניאָן. עס הויבט זיך אָן דאָס וואָס די קריסטלעכע געשיכטע־שרייבער באַצייכענען אַלס די עפּאָכע פון „פּאַפּ און אַנטי־פּאַפּ״. די פּויפּסטן וואָס זיינען געווען אין רוים זיינען ביי זיי די אמתע און די וואָס

זיינען געווען אין אַוויניאָן ווערן אָנגערופן אַנטי־פּויפּסטן. אָבער דאָס איז ניט אַזוי ביי אַלע היסטאָריקער, ווייל די קריסטלעכע וועלט איז דעמאָלט געווען געטיילט אויף צוויי לאַגערן. איין טייל האָט געהאַלטן פון פּויפּסט פון רוים און דער אַנדערער פון פּויפּסט פון אַוויניאָן.

דער קעניג פיליפּ דער שיינער האָט איצט אָפן דערקלערט, אַז ער רעכנט זיך ניט מער מיט רוים און אַז די פּויפּסטן וועלן פון איצט אָן זיין אין פראַנקרייך, אין דער שטאָט אַוויניאָן.

נאָך באָניפעיסעס טויט האָבן די איטאַליענישע קאַרדינאַלן אויס־געקליבן אַן איטאַליענער אַלס פּויפּסט. דער דאָזיקער נייער פּויפּסט האָט געהייסן אורבאַן דער 2־טער און האָט געוואוינט אין רוים אין וואַטיקאַן, אָבער אין פראַנקרייך האָט מען אים ניט אָנערקענט און מען האָט אויס־געקליבן דאָרטן אַן אייגענעם מענטש אַלס פּויפּסט. דער פּויפּסט האָט זיך גערופן קלעמענט דער זיבעטער און האָט געוואוינט אין אַוויניאָן.

זייט דעמאָלט האָט די וועלט געהאַט צוויי פּויפּסטן. אָט די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1309 און זיך געצויגן ביזן יאָר 1378. דורך דער צייט זיינען געווען עטלעכע פּויפּסטן אין רוים און עטלעכע פּויפּסטן אין אַוויניאָן. ערשט אין יאָר 1378 איז גערופן געוואָרן אַ קאָנ־פערענץ פון אַלע גייסטלעכע אין קאָנסטאַנץ און עס איז אָנגענומען געוואָרן דאָרטן אַ באַשלוס, אַז עס זאָלן ניט זיין מער קיין צוויי פּויפּסטן, נאָר איינער וואָס זאָל זיצן אין רוים, און אַז אין אַוויניאָן זאָל מער קיין פּויפּסט ניט זיין. דער נייער פּויפּסט האָט געהייסן מאַרטין דער פינפטער.

זייט מאַרטין דעם פינפטן איז דאָס פּויפּסטנטום געוואָרן מער אַ לאָקאַלע מאַכט. די פּויפּסטן האָבן זיך אויפגעהערט צו מישן אין וועלט־פּאָליטיק און זיך אָפּגעגעבן נאָר מיט רעליגיעזע אָנגעלעגנהייטן. פיל פון זיי האָבן אַפילו אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס אין וועלטלעכע ענינים און דערמיט מיטגעהאָלפן צום אָנקומען פון רענעסאַנס, וואָס איז שוין געשטאַנען ביי דער שוועל פון אַוועקגייענדיקן מיטלאַלטער. דאָס רוב פון די פּויפּסטן האָט זיך איצט פאַרנומען מיט האָבן אַ גרויסן הויף; מיט זאַמלען מאַנוסקריפּטן; מיט אַריינקריגן די טייערע מאָלערייען פון די גרויסע מייסטער און אויך מיט אויסבויען שיינע בנינים און פּאַלאַצן פאַר זיך און זייערע פאַמיליעס.

* * *

ווען דאָס קריסטנטום איז אַנטשטאַנען, האָבן זיינע פירער גע־בעטן ביי דער רוימישער מאַכט און אויך ביי די הערשער פון אַנדערע

לענדער, אַז מען זאָל האָבן טאָלעראַנץ צו זייער גלויבן, ווייל רעליגיע איז אַ זאַך פון האַרצן. עס מיינט גלויבן און מען קען דאָס אויף קיינעם ניט אַרויפצווינגען, און אַזוי אויך קען מען קיינעם ניט זאָגן, אַז ער זאָל ניט גלויבן. עס איז ניט אַ זאַך וואָס מען קען איינפירן אַלס געזעץ. דאָס קריסטנטום האָט דעמאָלט אַזוי גערעדט, ווייל עס איז געווען שוואַך.

גאַנץ אַנדערש אָבער האָט דאָס זעלבע קריסטנטום גענומען רעדן וועגן דעם זעלבן ענין ווען עס איז געוואָרן שטאַרק. נאָכדעם ווי די רוימישע רעגירונג האָט אָנשטאָט צו קעמפן קעגן קריסטנטום אָנגענומען קריסטנטום אַלס די מלוכה־רעליגיע האָט שוין די קירך גענומען רעדן גאָר אַנדערע ווערטער וועגן די אַנדערש־גלויביקע. אַזוי זעען מיר, אַז אין פאַרלויף פון די לעצטע יאָרן פון מיטלאַלטער האָט מען פאַרפאָלגט יעדן איינעם וואָס האָט געוואָגט צו זאָגן אַ ביסל אַנדערש, אָדער צו דענקען אַנדערש ווי עס איז געווען די ליניע פון וואַטיקאַן. די דאָזיקע פאַרפאָלגונגען זיינען געווען זייער שווערע, דורך אַרעס־טירן, שלאָגן, לייגן אין חרם אַריין און אַפילו צו פאַרמשפּטן צום טויט דורך פאַרברענען.

עס איז געווען שרעקלעך ווי אַזוי מען האָט זיך באַצויגן צו איינעם, וואָס מען האָט באַטראַכט פאַר אַן אפּיקורס אין יענע פינצטערע טעג פון מיטלאַלטער. אַזאַ איינעם האָט מען באַצייכנט אַלס אַ פאַררעטער פון דער קירך און זיין לעבן איז געוואָרן כמעט הפקר. צום ערשטן האָט מען נאָך פּראָבירט אים אַרויפצופירן אויפן וועג, אַז ער זאָל פאָלגן וואָס די גוטע און פרומע לייט הייסן אים טאָן. מען האָט אים אויך געסטראַשעט, אַז אויב ער וועט ניט תשובה טאָן, וועט ער, איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, אַריינפאַלן אין גיהנום, וואו מען וועט אים ברענען און בראָטן. אויב אַזאַ איינער האָט יאָ געפאָלגט און האָט תשובה געטאָן, איז געווען גוט, אויב ניט, האָט מען אים געלייגט אין חרם אַריין און מען האָט אויסגערופן אין קירך אַז ער איז ניט ווערט, וואָס די ערד טראָגט אים. זייער אָפט איז אויך פאָרגעקומען איבער אים אַ משפּט ביים געריכט פון דער קירך, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט פאַר־ברענען דעם אָפּטריניקן אויפן שייטער־הויפן.

אָבער אָט דאָס לעצטע איז ניט געשען פריער ווי אין דריי־צנטן יאָרהונדערט. אין די גאַנצע 12 הונדערט יאָר פון קריסטנטום, וואָס זיינען אַריבער ביזן דרייצנטן יאָרהונדערט זיינען געווען ווייניק פאַלן ווען מען האָט אַן אַנדערש־גלויביקן פאַרמשפּט צום טויט. ערשט אין דרייצנטן יאָרהונדערט איז דאָס געוואָרן אַן אָפּטע דערשיינונג.

די צאָל פון די פאַרמשפּטע איז געשטיגן וואָס אַמאָל אַלץ מער ביז עס האָט דערפירט — צו דער אינקוויזיציע.

אָבער כאָטש די קירך האָט איצט אין דרייצנטן יאָרהונדערט זיך גענומען פירן פיל שטרענגער מיט די אָפּטריניקע איז דאָך די צאָל פון די לעצטע געוואַקסן. עס זיינען אָפּילו אַנטשטאַנען גאַנצע גרופּן און סעקטעס, וואָס האָבן אָפן פּראָקלאַמירט זייער אַנדערשקייט. צוערשט האָבן זיך באַוויזן אויף דער סצענע די אַלביגענזער (פון דער שטאָט אַלבי אין צפון פראַנקרייך), וועלכע האָבן געהאַט אַן אייגענע אויפ־פאַסונג פון קריסטנטום, וואָס איז געווען גאָר אַנדערש ווי די פון רוים. די קירך האָט מיט זיי געפירט אַ קאַמף ביז מען האָט אַלע פאַרניכטעט.

דערנאָך איז געקומען די סעקטע פון פּעטער וואַלדאָ. אָט־די סעקטע האָט אויך ניט געוואָלט שאַפן קיין נייע רעליגיע, אָבער זי האָט געהאַט אויסצוזעצן קעגן פיל מנהגים, וואָס עס איז איר ניט געפעלן, ווי, למשל, די מאַסן־תפילות נאָך טויטע, אָדער דאָס וואָס מען האָט צוגעטיילט צופיל כבוד צו גייסטלעכע. די סעקטע האָט אויך פאַרדאַמט דעם לוקסוס פון וואַטיקאַן אין רוים און פון אַלע אַנדערע מיטגלידער פון דער קירך. די פירער פון דער סעקטע האָבן געטענהט, אַז די גייסטלעכע דאַרפן זיך פירן אַזוי ווי די אַפּאָסטאָלן זיינען געווען, אָרעם און גוט־האַרציק צו אַלע מענטשן. די מיטגלידער פון דער סעקטע האָבן זיך פאַרטיפט אין דער ביבל, איבערזעצט גאַנצע שטעלן און זיי פאַרשפּרייט צווישן אייגענע. אָט־די סעקטע האָט אויך געהאַלטן, אַז יעדער איינער קען רעדן צו די מאַסן און מען דאַרף ניט זיין דערצו קיין גלח. די מיטגלידער פון דער סעקטע זיינען אין אָנהויב שטאַרק פאַרפאָלגט געוואָרן. שפּעטער אָבער האָבן זיי זיך פאַראייניקט מיט די פּראָטעסטאַנטן.

נאָך אַ גרופּע, אָדער סעקטע, איז געווען. די פון דזשאָן וויקליף, אַ פּראָפעסאָר פון אָקספאָרד אוניווערסיטעט (ענגלאַנד) און אַ גוטער רעדנער. ער האָט אויך ניט געוואָלט קיין נייע רעליגיע, נאָר ענדערונגען אין קריסטנטום. וויקליף האָט מיט דער הילף פון פריינד געשאַפן די ערשטע איבערזעצונג פון דער ביבל אויף ענגליש, און זי איז שטאַרק פאַרשפּרייט געוואָרן, אָבער דער וואַטיקאַן האָט שפּעטער דאָס געשטערט. פאַר זיין אַנדערש דענקען האָט מען אים ביים לעבן ניט גערודפט, ווייל ער האָט געהאַט צו פיל אָנהענגער, אָבער נאָך זיין טויט האָט די קירך אים באַצייכנט אַלס אַפּיקורס און זיך נוקם געווען אַן אים דערמיט וואָס מען האָט לויט אַ באַפעל פון רוים, אויסגעגראָבן זיינע ביינער

פון קבר, זיי פאַרברענט און דערנאָך אַריינגעוואָרפן דאָס אַש אין ים אַריין.

אָבער וויקליף האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ ירושה, אַ סעקטע מיטן נאָמען „אָרעמע גלחים״. דאָס איז געווען אַ גרופּע פון גייסטלעכע וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען צווישן פאָלק צו פּרעדיקן די אמתן פון דער ביבל. זיי פלעגן אַרומגיין אין לאַנגע קליידער, מיט אַ שטעקן אין האַנט, און העלפן מענטשן. מען האָט זיי גערופן „די לאָלאַרדס״. אָט־די לאָלאַרדס האָבן שוין געפּאָדערט, אַז דער גאַנצער סדר פון קריסטנטום זאָל איבער־געאַנדערשט ווערן. זיי האָבן אַגיטירט קעגן רוים.

.VIII

## א נייער גייסט אין אייראפע

46. דאָס אויפקומען פון די גרויסע שטעט אין אייראָפּע

47. די געטאָס אין וועלכע די יידן האָבן געוואוינט

48. שיכרות, פּראָסטיטוציע און דער גלויבן אין שדים און רוחות

49. די אַנטוויקלונג פון שפּראַכן, קונסט און ליטעראַטור

50. דאָס אויפקומען פון אוניווערסיטעטן און סעמינאַרן

## 46. דאָס אויפקומען פון די גרויסע שטעט אין אייראָפּע

פּראָגרעס און ציוויליזאַציע איז אַלע מאָל געקומען פון דער גרויסער שטאָט. — די גרויסע שטעט אין מיטלאַלטער און ווי אַזוי זיי האָבן אויסגעזען. — די אומסאַניטאַרע באַדינגונגען פון אַזעלכע שטעט ווי פּאַריז און לאָנדאָן. — די צעכן אין פאַרגלייך מיט די היינטיקע יוניאָנס.

מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דער מאַכט פון די קעניגן אין 13־טן און אין 14־טן יאָרהונדערט זיינען אויך פאַרגרעסערט געוואָרן די שטעט פון יעדן לאַנד, און עטלעכע זיינען אַפילו אויסגעוואַקסן צו זיין מעטראָפּאָליען־שטעט, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט לאָנדאָן, פּאַריז, רוים און אַנדערע. די סיבה איז געווען דאָס, וואָס די מאַכט פון די פריצים האָט ביסלעכווייז אויפגעהערט און די שטאָט האָט גענומען שפּילן אַ גרעסערע ראָל. די שטאָטישע איינוואוינער זיינען געוואָרן דער הויפּט־עלעמענט פון לאַנד, ווייל אָט דאָס האָבן געוואָלט די קעניגן. זיי האָבן געברויכט צו האָבן אַ נייעם כוח, אויף וועלכן זיך צו שטיצן קעגן די פריצים, און דאָס בעסטע פאַר זיי איז געווען דער שטאָטישער איינוואוינער, וועלכער האָט אַנדערע אינטערעסן ווי דער לאַנד־באַזיצער. אַזוי, אַז אָפטמאָל זיינען זייערע אינטערעסן אין קעגנזאַץ צו די פון פריץ.

דערצו דאַרף מען געדענקען נאָך אָט וואָס:

ציוויליזאַציע און קולטור זיינען שטענדיק געשאַפן געוואָרן אין גרויסע שטעט. אין די גאָר אַלטע צייטן, ווען אין קליין־אַזיע האָט געבליט אַ גרויסע קולטור, זיינען עס געווען די גרויסע שטעט, וועלכע זיינען געווען די צענטערן פאַר פּראָגרעס. ירושלים ווערט געשילדערט פאַר אַ שטאָט „רבת־עם" (פול מיט מענטשן). וועגן נינוה ווערט געזאָגט, אַז זי איז געווען „העיר הגדולה אשר יש בה הרבה משתים עשרה רבוא אדם" (סוף פון יונה). דאָס זעלבע איז געווען בבל, און אַזוי איז אויך געווען שפּעטער אַטען און רוים. דאָס לעבן אויפן לאַנד איז אַלעמאָל געווען אין אַ צושטאַנד פון צוריקגעשטאַנענקייט. עס איז אויך אַלעמאָל געווען די גרויסע שטאָט, וואָס האָט גערוישט און געטומלט, און דערפאַר האָט זי געצויגן צו זיך די יוגנט און אַלע ענערגישע מענטשן פון לאַנד.

אָבער אין מיטלאַלטער, ווען דאָס קריסטלעכע רוים האָט באַ־הערשט די וועלט, האָט דער וואַטיקאַן ניט געוואָלט לאָזן אַנטוויקלען גרויסע שטעט, וועלכע קענען נאָך אָפּטרעטן פון דער אָנגעצייכנטער ליניע און האָט זיך בעסער אָריענטירט אויף דער קליינער שטאָט און אויפן דאָרף. דאָס, צוזאַמען מיט דער אָפּגעשוואַכטער ראָל פון די קעניגן, צוליב דעם וואָס די קירך האָט געהערשט איבער זיי, האָט געפירט צו דעם צעפאַל פון יעדן לאַנד אויף קליינע הערשאַפטן, פון די פּריצים, די לאַנד־אייגנטימער און אַריסטאָקראַטן.

דעריבער האָט דאָס קומען צוריק צו דער מאַכט פון שטאַרקע קעניגן צוזאַמען מיט דער שטילער רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דאָ און דאָרטן קעגן וואַטיקאַן, געמוזט פירן דערצו, אַז די קעניגן האָבן זיך גענומען אָריענטירן מער אויף דעם שטאָטישן איינ־וואוינער. די שטעט האָבן גענומען וואַקסן, די צאָל פון די איינוואוינער האָט זיך פאַרגרעסערט, און דאָס האָט אויך געמיינט אַ נייער שריט אויפן וועג פון פּראָגרעס, פון שאַפן נייע ווערטן אויפן געביט פון ציוויליזאַציע און קולטור.

די ערשטע שטעט, וועלכע האָבן גענומען וואַקסן, זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זיינען שוין פריער געווען באַקאַנט אַלס צענטערס. אין איטאַליע זיינען עס געווען די שטעט: מילאַנאָ, פלאָרענץ און וועניס (ווענעדיק); אין פראַנקרייך: פּאַריז, ליאַנס און מאַרסעל; אין עסטרייך: ווין; אין דייטשלאַנד — קעלן; אין ענגלאַנד — לאָנדאָן און יאָרק. דאָס זיינען אַלץ געווען שטעט, וואָס האָבן זיך געפונען נעבן אַ גרויסן טייך אָדער ים. אַמאָל אויך נעבן אַן אָרט, וואו די וועגן האָבן זיך געקרייציקט. אַנדערע, ווידער, האָבן זיך אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס זיי זיינען געווען פעסטונגען. די דאָזיקע שטעט האָבן אין אָנהויב פון מיטלאַלטער ביזן סוף פון דרייצנטן יאָרהונדערט געהאַט פאַרשידענע איבערלעבונגען. געווען צייטן, ווען זיי זיינען געווען מער פאַרשקלאַפטע און צייטן, ווען זיי האָבן געהאַט מער פרייהייט. ביז עס איז געקומען אַ צייט, ווען זיי זיינען געוואָרן גאַנצע רעפּובליקן, לויט דער פאָרם פון אַלטן גריכנ־לאַנד. אין אַזאַ מאָמענט, ווען די שטאָט איז געוואָרן אַ רעפּובליק, האָט זי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך יעדן עול פון די נאָבל־לייט, וועלכע האָבן פריער געהערשט איבער איר און האָט איינגעפירט, אַז יעדער איינער וואָס וואוינט אין דער שטאָט אַ געוויסע צייט (אַ יאָר אָדער מער) איז שוין אַ פרייער בירגער. וואָס מער עס זיינען אַנטשטאַנען אַזעלכע רעפּובליקן, אַלץ מער האָט עס געצויגן די מענטשן צו וואוינען

אין זיי, כדי צו האָבן וואָס מער פרייהייט. דאָס האָט געמאַכט, אַז פיל איינוואוינער פון קליינע שטעטלעך האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין די גרויסע שטעט.

אָט די איינוואוינער פון די שטעט האָבן געשאַפן אַ נייעם קלאַס פון מענטשן, אַנשטאָט דעם וואָס עס איז געווען פריער בלויז צוויי קלאַסן, פויערים און פריצים, איז איצט אַנטשטאַנען אַ שיכט פון בירגער, וואָס איז באַצייכנט געוואָרן אַלס מיטל־קלאַס. די קעניגן פון פראַנקרייך און ענגלאַנד האָבן באַלד איינגעלאַדן אין די ראַטגעבערישע אַנשטאַלטן, וואָס זיי האָבן געשאַפן, אַ חוץ די פאַרטרעטער פון דער אַריסטאָקראַטיע און פון דער קירך אויך פאַרטרעטער פון די שטאָטישע איינוואוינער.

* * *

ווען עמיצער פון אַן אַנדערן וועלט־טייל איז געקומען קיין איי־ראָפּע און באַזוכט איינע פון די גרויסע שטעט, איז ער, נאָכן פאָרן מיילן לאַנג איבער פעלדער אָדער וועלדער, צוגעקומען צו אַן אָרט, וואָס האָט אויסגעזען מער ווי אַ מיליטערישע פעסטונג. ער האָט געזען אַ מויער אַרום דער שטאָט, טורעמס און אָפט אַ טויער דורך וועלכן מען האָט געקענט אַריינפאָרן אָדער אַריינגיין, אין דער שטאָט. אַמאָל אויך צולייג־בריקן און טיפע גרובן אָנגעפילט מיט וואַסער. דערנאָך האָט ער געזען דעם פּאַלאַץ פון פּריץ, אַ קאַטעדראַלע אָדער אַ מאָנאַסטיר. די גאַסן זיינען געווען שמאָל, קוים וואָס אַ מענטש האָט אין זיי געקענט דורכ־גיין. אָפטמאָל איז אַ גאַס געווען פאַרקרימט און זיך געצויגן הינטער אַנדערע הייזער. זייער אָפט איז די גאַס געווען שלעכט פאַרבויט. ביי־נאַכט איז געווען פינצטער־חושך און אַ מורא צו גיין. אין דער שטאָט זיינען ניט געווען קיין שום פּלעצער, וואו עס זאָלן זיך קענען צונויפקומען אַ גרעסערע צאָל פון מענטשן און אַוודאי ניט קיין פּאַרקן. עס איז בלויז געווען אַ קליינער פּלאַץ באַשטימט אַלס אַ מאַרק. די שטאָט האָט צוליב דעם מויער וואָס האָט זי אַרומגערינגלט, געהאַט ווייניק זון־שיין און לופט. צוליב דעם מויער האָט אויך די שטאָט ניט געקענט זיך אויס־שפּרייטן. אַזוי, למשל, האָט די שטאָט לאָנדאָן אין דער צייט פון מיטל־אַלטער ניט געהאַט מער ווי איין מייל אין דער לענג און איין מייל אין דער ברייט. די שטאָט האָט אויך ניט געהאַט קיין שום סאַניטאַרע באַדינגונגען. וואַסער האָט מען געקראָגן פון שמוציקע טייכן אָדער קוואַלן. עס זיינען ניט געווען קיין טראָטואַרן, און על־פּי־רוב זיינען די מערהייט גאַסן פון דער שטאָט ניט געווען ברוקירט. עס איז אויך ניט געווען קיין

שום קאַנאַליזאַציע־סיסטעם. מענטשלעכער אָפּפאַל איז געבליבן אָפט אין הויף אָדער מען האָט עס געוואָרפן אין דער גאַס אַריין פאַר די הינט און חזירים, וואָס זיינען אַרומגעלאָפן פריי איבער דער שטאָט. אין די הינטער־גאַסן, וואָס זיינען אין ערגעץ ניט געווען ברוקירט, זיינען ווינ־טער־צייט אָדער אַפילו זומער־צייט נאָך אַ שטאַרקן רעגן, געוואָרן בלאָטעס. די בלאָטע איז אַמאָל געווען אַזוי טיף אַז מען האָט ניט געקענט אַריבער־גיין די גאַס, ווייל ווען מען האָט אַריינגעשטעקט אַ פוס איז געווען אים שווער אַרויסצונעמען פון דאָרטן. צוליב דעם האָבן די מענטשן פון שטאָט געטראָגן אַלעמאָל גרויסע שטיוול. די וואוינונגען זיינען געווען אָפט שמוציק, טונקלע און אַ שלעכטער ריח האָט זיך געטראָגן פון זיי. טויטע פלעגט מען באַגראָבן אויף אַ בית־הקברות לעבן דער קירך. צוליב דעם וואָס עס זיינען ניט געווען קיין שום סאַניטאַרע באַדינגונגען, האָבן אָפט אויסגעבראָכן קראַנקייטן און עפּידעמיעס. די שטערבלעכקייט איז געווען זייער גרויס און נאָר בלויז צוליב דעם וואָס די מענטשן האָבן אין יענע צייטן געבוירן פיל קינדער, האָט זיך די צאָל אויסגעגליכן.

צו דעם אַלעם האָבן די שטעט, על־פי־רוב געהאַט מאָדנע גע־זעצן, וואָס האָבן נאָר געשטערט זייער לעבן. די שטאָט־טאַטעס האָבן זיך אַריינגעמישט אַפילו אין פּריוואַטן לעבן פון די בירגער און אָנגע־נומען באַשלוסן וועגן יעדער זאַך. אַזוי, למשל, איז געווען אין פיל שטעט אַ געזעץ וויפל מענטשן מען קען איינלאַדן צו אַ חתונה, וויפל געלט מען קען אויסגעבן אויף צו קויפן חתונה־מתנות, אָדער גאָר אַ געזעץ אָדער געזעצן וועגן די מלבושים וואָס אַ בירגער מעג אָנטאָן און וועלכע ער טאָר ניט אָנטאָן, און אויך וויפל מלבושים איינער מעג האָבן. עס זיינען אויך געווען געזעצן, אַז ווען איינער האָט אַ שטיקל גאָרטן הינטער זיין הויז, וויפל בוימער ער קען דאָרטן האָבן, און נאָך אַנדערע געזעצן.

יעדער בירגער האָט געדאַרפט איין מאָל אין אַ געוויסער נאַכט דינען אַלס וועכטער אַרום דעם מויער אָדער אַרומגיין אַלס וועכטער איבער דער שטאָט. ווען דער גלאָק פון שטאָט האָט געקלונגען אין אָוונט, האָט עס געמיינט, אָנצוזאָגן די בירגער, אַז איצט, ניין אַזייגער, דאַרף מען אויסלעשן אַלע ליכט און גיין שלאָפן. דאָס איז געטאָן געוואָרן, כדי צו פאַרהיטן די שטאָט פון אַ שונא וואָס קען זי פּלוצלינג באַפאַלן. נאָכן קלינגען פון גלאָק זיינען די גאַסן פון דער שטאָט געוואָרן ליידיק און מען האָט ניט געזען קיינעם אַ חוץ די וועכטער וואָס האָבן באַוואַכט די שטאָט. אַמאָל האָט מען געגעבן אַ דערלויבעניש עמיצן צו באַזוכן

ביינאַכט — אָבער דעמאָלט האָט ער געמוזט טראָגן אַזאַ ספּעציעלן לאָמטערן. עס איז אויך ניט געווען קיין פּאָליציי־מאַכט צו באַשיצן די בירגער און עס זיינען דעריבער אָפט פאָרגעקומען אָנפאַלן פון רויבער אויף אַזעלכע וואָס זיי האָבן געוואוסט, אַז זיי האָבן מיט זיך געלט. עס זיינען אויך געווען מאָרדן, אָבער אַפילו אין אַזאַ פאַל איז ניט געווען ווער עס זאָל פאַרפירן אַ משפט קעגן זיי.

אין יעדער שטאָט האָבן זיך געפונען עטלעכע שיינע עפנטלעכע בנינים, אַזוי למשל, איז אין יעדער שטאָט געווען אַ שיין־געבויטער מאַגיסטראַט וואו די שטאָט־טאַטעס פלעגן אָפּהאַלטן זייערע זיצונגען. עס איז אין אַ טייל שטעט אויך געווען אַ מאַרק־האַלע פאַר די סוחרים, וואו צו פאַרקויפן זייערע סחורות. עס איז אויך געווען אַ געריכט־הויז וואו עס זיינען פאָרגעקומען פּראָצעסן צווישן די בירגער. אַ חוץ דעם זיינען געווען זייער פיל קירכן, קלויסטערס, מאָנאַסטירן און אַנדערע רעליגיעזע בנינים.

אין אַזעלכע גרויסע שטעט האָבן על־פּי־רוב געלעבט אַן ערך פון אַ צען טויזנט מענטשן. אַ ביסל מער אָדער ווייניקער. יעדע שטאָט האָט געהאַט אַ ראָט פון בירגער, וואָס אין דער שפּיץ איז געשטאַנען דער „בירגער־מייסטער״.

* * *

איצט, לאָמיר זען פון וואָס די מענטשן אין דער שטאָט האָבן געלעבט. עס זיינען על־פּי־רוב געווען צוויי גרופּן פון מענטשן: אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַנדלט און אַזעלכע וואָס זיינען געווען באַלמעלאָכעס, די לעצטע, די באַלמעלאָכעס, האָבן געהאַט זייערע „צעכן״ אָדער „גילדעס״, צו וועלכע אַלע פון דער בראַנזשע האָבן געהערט. נאַטירלעך האָט יעדער איינער געמוזט צאָלן אַ געוויסע סומע געלט צו די צעכן. אויך די סוחרים האָבן געהאַט זייערע „גילדעס״ צו באַשיצן זייערע אינטערעסן. זייער אָפט האָט איינער וואָס האָט געהאַנדלט און איז אויך געווען אַ באַלמעלאָכע באַלאַנגט צו ביידע אָרגאַניזאַציעס. עס איז געווען איינגעפירט דעמאָלט, אַז אַ סוחר האָט ביים סוף פון זיין געשעפט געהאַט אַ פּלאַץ, וואו ער האָט אויסגעאַרבעט געוויסע זאַכן און דער פּראָצענט פון געשעפט איז געווען אויף צו פאַרקויפן זיי. אַזאַ איינער איז געווען אַ באַלמעלאָכע און אַ סוחר. מיט דער צייט האָבן אַזעלכע באַלמעלאָכעס־סוחרים געשאַפן זיך אַן אייגענע אָרגאַניזאַציע. אַזעלכע צעכן זיינען געווען פון וועבער, שוסטערס, בעקערס, שניידערס, סטאָליערס, גאָלד־

שמידן און אַנדערע. צוליב דעם וואָס יעדער פון די מענטשן איז געווען באַקאַנט צוליב זיין מלאכה, האָט מען די מענטשן גערופן לויט זייער פאַך, דער קופערשמיד, דער אייזנשמיד, שניידער, שוסטער, בעקער, א. ד. גל. אָט־די נעמען זיינען שפּעטער געוואָרן פאַמיליע־נעמען פון די דאָזיקע מענטשן. נאָך שפּעטער, ווען די „צעכן" זיינען געוואָרן שטאַרק, האָבן זיי איינגעפירט, אַז קיינער קען זיך ניט באַשעפטיקן מיט אַ געוויסן פאַך, סיידן ער ווערט אַ מיטגליד פון צעך פונעם פאַך, אָבער מען האָט ניט אַזוי גיך אַריינגענומען אַ נייעם מיטגליד. יידן האָט מען פאַר קיין פאַל ניט אַריינגענומען אין קיין איינעם פון די צעכן אין גאַנץ אייראָפּע.

פיל צעכן זיינען מער־וויניקער געווען ענלעך צו די היינטיקע יוניאָנס. דער צעך האָט באַשטימט וויפל מען זאָל קריגן פאַר יעדן אויסגעאַרבעטן אַרטיקל. קיינער פון די צעך־מיטגלידער האָט ניט גע־טאָרט אַרבעטן ערגעץ־אַנדערש, נאָר בלויז אין זיין אייגענעם וואַר־שטאַט. מען האָט אויך ניט געטאָרט אַרבעטן אין אַ פּלאַץ, וואו עס איז ניט געווען גענוג ליכטיק, כדי ניט צו מאַכן קיין שלעכטע אַרבעט. אין צעך האָט מען איבערגעקוקט אַלץ וואָס אַ מיטגליד האָט אויס־געאַרבעט כדי צו זען, צי ער האָט ניט געפעלשט מיט די מאַטעריאַלן, אָדער עס שלעכט אויסגעאַרבעט. די, וואָס מען האָט געכאַפּט ביי אַזעלכע עבירות, האָט מען שטאַרק באַשטראָפט און אַמאָל גאָר אויסגעשלאָסן אין גאַנצן פון צעך. אַזוי־אַרום זיינען די געברויכער געווען זיכער, אַז וואָס זיי קויפן ביי אַ מיטגליד פון צעך, איז עס גוט און רעיעל.

די מיטגלידער פון אַ צעך האָבן אויך געמוזט דורכמאַכן אַ גאַנצע ריי פון מדרגות ביז זיי זיינען געוואָרן פולשטענדיקע מיטגלידער. ווען עמיצער האָט זיך געוואָלט לערנען אַ פאַך, איז ער אָנגעקומען אין דער לער צו אַ פאַכמאַן, וואו ער האָט געמוזט זיין אַ געוויסע צאָל פון יאָרן, געוויינלעך 7 יאָר. דערצו האָט ער געמוזט איינצאָלן אַ געוויסע סומע געלט זיין מייסטער. דערפאַר האָט דער מייסטער געמוזט אים אויסהאַלטן די גאַנצע צייט מיט שפּייז, קליידער און וואוינונג. ער האָט אים אויך געדאַרפט אויסלערנען אַלע איינצלהייטן פון פאַך. נאָך זיבן יאָר האָט דאָס לערן־יינגל געדאַרפט האַלטן אַן עקזאַמען פאַר די פירער פון צעך. אויב ער האָט געקענט דאָס פאַך, האָט מען אים אַריינגענומען אַלס אַ טאָג־לוינער און ער האָט געאַרבעט פאַר אַ לוין פון יעדן טאָג באַזונדער. אַזוי גיך ווי דאָס לערן־יינגל האָט אָנגעזאַמלט גענוג געלט, האָט ער געקענט ווערן אַליין אַ מייסטער.

יעדע גרויסע שטאָט אין מיטלאַלטער האָט אויך געהאַט אַ באַ־

זונדערע אָפּטיילונג, וואו עס האָבן געוואוינט די יידן, וועלכע מען האָט אין דער שטאָט גופא ניט אַריינגעלאָזט. דאָס איז געווען דער „געטאָ״. אָפּט איז אַזאַ „געטאָ״ באַשטאַנען פון עטלעכע קליינע געסעלעך און איז געווען אָפּגעטיילט פון דער שטאָט מיט אַ מויער, וועלכע מען האָט פאַר־שלאָסן ביינאַכט פון דרויסן, אַזוי אַז די יידן זאָלן קענען אַרויסגיין אין שטאָט נאָר אין באַשטימטע שעהן.

## 47. די געטאָס אין וועלכע די יידן האָבן געוואוינט

דער אָנהויב פון די געטאָס איז געווען אין שפּאַניע. — דעמאָלט האָבן זיי נאָך ניט געהייסן „געטאָס" און עס איז ניט געווען קיין גזירה אויף די יידן. — די שפּעטערדיקע געטאָס אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליע. — ווי גרויס איז געווען אַ געטאָ? — דאָס סאָציאַלע און רעליגיעזע לעבן אין די געטאָס.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם פאַנאַטיש־רעליגיעזן קריסט־לעכן און אַנטיסעמיטיש־גייסטיקן צושטאַנד פון לעצטן טייל פון מיטל־אַלטער, אַז ווי נאָר די דאָזיקע קריסטן האָבן זיך באַפרייט פון יאָך פון שקלאַפעריי, פון די פּריצים, און אויסגעבויט און פאַרשטאַרקט די שטעט, האָבן זיי באַלד אויסגעבויט פאַר די יידן אַ באַזונדערן טייל, אַ געטאָ, וואו זיי זאָלן וואוינען, אַזוי אַז זיי זאָלן זיך ניט מישן מיט די שטאָטישע איינוואוינער.

דאָס וואָרט „געטאָ" האָט געמיינט, אַ געוויסן שטח וואָס איז געווען אָנגעצייכנט ביי יעדער שטאָט פאַר די יידן און וואו די יידן האָבן געמוזט וואוינען לויטן געזעץ. וואָס דאָס וואָרט „געטאָ" גופא מיינט, איז ניט באַקאַנט און פאַרשידענע פילאָלאָגן ברעכן זיך די קעפּ צו געפינען דעם שורש דערצו.

דער אָנהויב פון די געטאָס שיינט צו האָבן געווען נאָך אין שפּאַניע, וואו עס זיינען שוין אין דרייצנטן יאָרהונדערט געווען באַזונ־דערע אָפּטיילונגען פאַר די יידן. אָבער די דאָזיקע שטאָט־טיילן האָבן זיך ניט גערופן „געטאָ", נאָר „כודריא", וואָס עס מיינט אויף שפּאַניש: דער יידישער אָפּטייל פון דער שטאָט. די יידן גופא האָבן אַזאַ פּלאַץ גערופן מיט אַ העברעאישן נאָמען „מגרש" און עס זעט אויס, אַז די יידן גופא אין שפּאַניע האָבן געבעטן און פאַרלאַנגט צו האָבן אַ באַ־זונדערע אָפּטיילונג ביי יעדער שטאָט, צוליב די קאַמפן וואָס עס זיינען אָנגעגאַנגען צווישן די קריסטן און מאַכמעדאַנער. די יידן האָבן געוואָלט אויסמיידן די קאַמפן און ניט ליידן פון קיינעם פון די קעמפנדע צדדים. זיי האָבן זיך דעריבער משתדל געווען ביי דער מאַכט, אַז זיי זאָלן האָבן באַזונדערע שטאָט־טיילן כדי אויסגעלאָזן צו ווערן פון די קאַמפן. אַזוי זעען מיר, אַז דער קעניג דזשעימס דער ערשטער, פון אַראַגאָן האָט אין יאָר 1239 נאָכגעגעבן דעם פאַרלאַנג פון די יידן ווען ער האָט

איינגענומען די שטאָט וואַלענציאַ וואָס איז געווען דער הויפּט־צענטער פון די מאַכמעדאַנער, און געשאַפן דאָרטן אַ באַזונדערע אָפּטיילונג און גראַד אין איינער פון די שענסטע טיילן פון דער שטאָט. דערפון איז צו זען, אַז דער אָנהויב פון די געטאָס איז ניט געווען קיין זאַך, וואָס איז אַרויפגעצוואונגען געוואָרן אויף די יידן מצד די קריסטן, נאָר פאַרקערט, די איניציאַטיוו איז געמאַכט געוואָרן פון די יידן. זיי האָבן דאָס פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל זיי געבן אַן אָרט וואו נאָר יידן זאָלן דאָרטן וואוינען. עס איז אויך באַוואוסט, אַז דזשעימס דער ערשטער איז געווען גוט צו יידן און האָט ניט געוואָלט אַז זיי זאָלן ליידן פון די מלחמות צווישן די קריסטן און די מאַכמעדאַנער. אָבער מיט 169 יאָר שפּעטער, אין יאָר 1390, איז דער זעלבער פּלאַץ געוואָרן אַן אמתער געטאָ מיט טויערן, וועלכע מען האָט פאַרשלאָסן פון דרויסן ביינאַכט און געעפנט ערשט אין דער פרי. אַן אמתער געטאָ איז אויך געווען אין סאַראַגאָסאַ (שפּאַניע) נאָך אַזוי פרי ווי אין יאָר 1288, עס איז דאָ אַ דאָקומענט פון יענער צייט פון קעניג אַלפאָנסאָ דעם צווייטן, וואו עס רעדט זיך וועגן דעם גרויס פון דעם געטאָ און די רעכט פון די יידן אין דעם שטאָט־טייל. אין באַרצעלאָנאַ האָבן אין פערצנטן יאָרהונדערט די יידן ניט געטאָרט וואוינען אויסער דעם געטאָ און אַלע קריסטן איז אָנגעזאָגט געוואָרן ניט צו פאַרדינגען זיי קיין וואוינונג אויסער דעם געטאָ. דער קעניג אַלפאָנסאָ דער צווייטער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל וואָס האָט פאַרווערט די יידן פון מורציאַ צו ווייזן זיך אויסער דעם געטאָ, צווישן קריסטן.

אָבער די אמתע געטאָס פאַר די יידן זיינען אויסגעבויט געוואָרן אין שפּאַניע אין 14־טן יאָרהונדערט, אַזוי האָבן די יידן פון קאַסטיליע געדאַרפט וואוינען אין אַ באַזונדערן טייל פון דער שטאָט וואָס איז געווען אָפּגעטיילט מיט אַ דיקן מויער און מיט טויערן, וועלכע מען האָט פאַרשלאָסן ביינאַכט און געעפנט ערשט אין דער פרי. דאָס זעלבע איז געווען שפּעטער אויך אין מאַדריד און נאָך שפּעטער אויך אין פּאָרטוגאַל.

פון שפּאַניע האָט זיך די מחלה פון געטאָס פאַרשפּרייט איבער אַלע לענדער פון אייראָפּע. צום ערשטן אין דייטשלאַנד אין די שטעט נירענבערג, ערפורט, רעגענסבורג און פראַנקפורט. דערנאָך אין פראַנקרייך אין אַ גאַנצער ריי שטעט, וואו זיי האָבן ניט געהייסן „געטאָ", נאָר — יידן־אָפּטיילונג, „זשואיוועריי". די יידן האָבן גערופן די דאָזיקע אָפּטיילונגען „מסילה" (אַ גאַס). דאָס זעלבע איז אויך געווען אין איטאַליע.

וואו עס האָבן געוואוינט אַנטשטיין אַזעלכע אָפּטיילונגען פאַר די יידן אין די שטעט: ווענעדיק, טורין, רוים, פלאָרענץ און אַנדערע. דאָרטן האָבן די דאָזיקע אָפּטיילונגען געהייסן „יודאַקאַ״ אָדער „יודאַקאַריאַ״. אַזעלכע געטאָס זיינען אויך שפּעטער געווען אין בעלגיע.

נאָכדעם ווי דער געטאָ איז געוואָרן אַ פּלאַץ וואו די יידן זיינען געווען געצוואונגען צו זיין, האָבן די קריסטן זיי געשאַפן אין אַלע גרויסע שטעט און די קירך האָט צוגעשטימט דערצו. נאָך מער, די קירך האָט געשאַפן אַ גאַנצע ריי פון געזעצן ווי אַזוי אַנצוגיין מיט די יידן אין די געטאָס. לויט די ענציקליקעס פון די פּויפּסטן, האָבן אַפילו רייכע יידן געמוזט וואוינען אין די געטאָס. אין פיל ערטער האָבן די יידן געדאַרפט צאָלן אַן אָפּצאָל צום קעניג אָדער צו אַ פירשט פאַר דעם געטאָ. עס האָט געהייסן באַשיצונגס־געלט. געוויינלעך האָבן די קריסטן ניט געדאַרפט אַריינגיין אין דעם געטאָ, אָבער עס האָט גע־טראָפן, אַז פיל מאָל זיינען קריסטן באַפאַלן אַ געטאָ און דאָרטן געמאַכט אַ פּאָגראָם. אין אַנדערע פאַלן האָבן קריסטן, געהעצט פון פאַנאַטישע דעמאַגאָגן, אונטערגעצונדן די געטאָס. דאָס איז געשען אין פּראָג, אין פראַנקפורט און אין ניקעלסבורג. אין פיל ערטער האָט מען אויך די יידן אַרויסגעטריבן פון דעם געטאָ, אָבער נאָר פאַר אַ קורצער צייט, ווייל די פירשטן אָדער אַנדערע מושלים האָבן זיך גענויטיקט אין זיי און אין זייערע שטייערן, און זיי האָבן געגעבן די יידן אַ דערלויבעניש צוריקצוקומען.

בכלל געזאָגט, האָט אייראָפּע געהאַט געטאָס אין אַלע גרויסע שטעט, אָנהויבנדיק פון ענדע פון 12־טן יאָרהונדערט ביז צו דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע אין יאָר 1789, ווען אַלע געטאָס אין אייראָפּע האָבן אויפגעהערט צו עקזיסטירן. נאָך שפּעטער, בעת דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד אין יאָר 1848, האָט מען צעבראָכן אַלע מויערן פון די דאָזיקע געטאָס, וואָס זיינען נאָך איבערגעבליבן.

* * *

אָבער ווי אַזוי האָט אויסגעזען אַ געטאָ? מיט וואָס האָבן די יידן זיך דאָרטן פאַרנומען? ווי אַזוי איז געווען דער סאָציאַלער צושטאַנד פון די יידן אין די דאָזיקע געטאָס און ווי גרויס איז אַזאַ געטאָ געווען?

ערשטנס וועגן דעם ווי אַזוי האָט אויסגעזען אַ געטאָ: פון די ביל־דער וואָס מיר האָבן פון די פאַרשידענע געטאָס אין אייראָפּע און פון די באַשרייבונגען וואָס עס זיינען געבליבן וועגן זיי איז צו זען, אַז דאָס

לעבן פון די יידן אין די געטאָס איז געווען אויף אַזאַ שטייגער: די גאַסן זיינען געווען שמאָלע, אָבער דאָס איז ניט געווען אַנדערש ווי די אַנדערע גאַסן פון דער שטאָט, ווייל פאַרצייטנס האָט מען געבויט די גאַסן זייער שמאָל, כדי אַז אַן אַרמיי פון אַ שונא זאָל ניט קענען זיך אַריינרייסן אין שטאָט אַריין. אין דער הינזיכט זיינען די גאַסן אָדער געסלעך פון דעם געטאָ ניט געווען אַנדערש ווי אומעטום. שלעכט איז נאָר געווען אין יענע ערטער וואו עס איז געווען אַ געזעץ, אַז די יידן טאָרן ניט אַרויסגיין איינקויפן שפּייז אויף די מערק אין דער פרי, נאָר וואַרטן ביז די קריסטן וועלן האָבן איינגעקויפט. זיי האָבן געמוזט קויפן דאָס איבערגעבליבענע. אין פיל שטעט איז אויך געווען אַ באַשטימטע שעה, ווען די יידן האָבן געקענט אַרויסגיין קויפן שפּייז. זייער אָפט איז עס געווען 4 אַזייגער נאָכמיטאָג.

די הייזער פון דעם געטאָ זיינען לכתחילה ניט געבויט געוואָרן אַז זיי זאָלן זיין אין אַ יידישער געטאָ און דעריבער זיינען זיי געווען ווי אַלע הייזער פון דער שטאָט. בכלל גענומען, זיינען די הייזער אין מיטלאַלטער געווען אַלטע און מען האָט זיי אויך ווייניק פאַרריכט. אומוואַרפן אַן אַלט הויז כדי צו בויען אַ נייע געביידע, איז געווען אַ זעלטנהייט. די הייזער האָבן באַלאַנגט צו קריסטן. אין אַ טייל געטאָס האָבן די יידן אויך געקענט האָבן הייזער, אָבער בדרך־כלל איז אַ ייד געווען פאַרבאָטן צו האָבן אַ הויז.

די יידן אין דעם געטאָ האָבן געהאַט קליינע קראָמען פון פאַר־שידענע אַרטיקלען. בלויז אין אַ טייל געטאָס איז געווען דערלויבט צו האָבן אַ שפּייז־קראָם פון די סאַמע נויטווענדיקסטע זאַכן. עס זיינען געווען דערלויבט קראָמען פון געוואַנט, פון אייזנוואַרג, פון האָלץ און פון לעדער.

דער סאָציאַלער צושטאַנד פון די יידן איז געווען אַ רעליגיעזער. עס זיינען אין געטאָ געווען די נויטיקע רעליגיעזע אַנשטאַלטן ווי אַ שול, אַ בית־מדרש, אַ מקווה און צום סוף פון דעם געטאָ אַ בית־עולם.

די יידן אין דעם געטאָ האָבן אויפגעצויגן קינדער אין די חדרים און ישיבות, וואָס עס זיינען דאָרטן געווען. פון די געטאָס זיינען אַרויס־געקומען די גרויסע גאונים און רבנים, וואָס האָבן געלויכטן אינעם הימל פון יידנטום און אַנדערע גרויסע גייסטער פאַר דער מענטשהייט בכלל. אין דעם געטאָ זיינען פאָרגעקומען פיל שמחות של מצווה, ווי בריתן, חתונות, בר־מצווהס און פריילעכע יום־טובים.

בנוגע פאַרדינסטן אויף צו לעבן האָבן די יידן געמאַכט גע־

שעפטן איינער מיטן אַנדערן. עס זיינען מיט דער צייט אויך געווען צווישן זיי עטלעכע רייכע. יידן האָבן אויך געהאַנדלט מיט דער וועלט, כאָטש זיי זיינען געווען איינגעשפּאַרט הינטער דעם מויער פון דעם געטאָ.

וועגן דער פראַגע: ווי גרויס איז געווען אַ געטאָ? — על־פּי־רוב צווישן 10 און 20 געסלעך. עס פאַרשטייט זיך, אַז דער געטאָ האָט הינטער דעם מויער ניט געקענט ווערן גרעסער. דעריבער ווען אפילו די צאָל נפשות פון דעם געטאָ האָט זיך פאַרמערט, ווייל עס זיינען צוגעקומען נייע לעבנס אָדער דערפאַר, ווייל עס זיינען געקומען אַהין יידן פון אַנדערע שטעט, וואו מען האָט זיי געטריבן און געוואָלט פירן צו דער שמד, איז דער געטאָ אַלץ געבליבן דער זעלבער, האָט מען זיך דעריבער מער צוזאַמענגעדריקט אין די ענגע ד׳ אמות, כדי צו מאַכן פּלאַץ פאַר די נייע.

דער געטאָ איז אויך געווען מער סאַניטאַריש, ווי בכלל די שטאָט, צוליב די יידישע סאַניטאַרע געזעצן און דעריבער איז די צאָל פון קראַנקייטן און שטערבלעכקייט אין געטאָ געווען פיל ווייניקער ווי בכלל אין שטאָט, ביי די ניט־יידן.

איצט צו דער פראַגע, וואָס פאַר אַ באַדייטונג דער געטאָ האָט געהאַט פאַר די יידן: האָבן די יידן געליטן דערפון וואָס מען האָט זיי אָפּגעזונדערט אָדער פאַרקערט, זיי זיינען, אפשר, געווען גאָר צופרידן דערפון?

ווי מען זעט פון די שריפטן פון יענער צייט, האָבן די יידן, ווי געזאָגט, אין אָנהויב געוואָלט זיין אָפּגעזונדערט פון די גוים, ווייל זיי האָבן זיך געטראַכט, אַז אַזוי וועט זיין בעסער פאַר זיי. שפּעטער אָבער, ווען די קריסטן האָבן פאַרוואַנדלט די יידן־קוואַרטאַלן אין געטאָס, מיט פאַרשלאָסענע טויערן און מיט גזירות וואָס די יידן מעגן יאָ טאָן און וואָס ניט, האָבן זיי, נאַטירלעך, דערפון געליטן, ווייל עס איז אויסגעקומען אַז זיי לעבן אין אַ תפיסה. אָבער בדרך־כלל האָט דער געטאָ ניט געהאַט קיין שלעכטע ווירקונג אויף די יידן, ניט פיזיש און ניט פּסיכאָלאָגיש. ניט פיזיש, דערפאַר ווייל כאָטש די הייזער זיינען געווען האַלב חרובע און די געסלעך קליינע און ווייניק זון איז דאָרטן צוגע־קומען, זיינען די וואוינונגען ניט געווען פיל ערגער ווי בכלל אין שטאָט, אַ חוץ אין די פּאַלאַצן פון די אַריסטאָקראַטן און די רייכע. די אַלגעמיינע ניט־יידישע באַפעלקערונג האָט ניט געהאַט קיין בעסערע הייזער און וואוינונגען. סאַניטאַריש איז, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט פריער, דער געטאָ געווען פיל ריינער ווי אין די ניט־יידישע גאַסן און

אַזעלכע זאַכן ווי אַרויסצוואַרפן דורכן פענצטער דאָס שמוץ אין גאַס אַריין (וואָס עס איז געווען אַ נאָטירלעכע זאַך אין די ניט־יידישע געגנטן), איז ביי יידן ניט געווען. דערפאַר זעען מיר, אַז בעת דער שוואַרצער מגפה האָבן די יידן אין די געטאָס ווייניקער געליטן, אַ זאַך וואָס האָט אַרויסגערופן קנאה און שנאה ביי די ניט־יידן.

פסיכאָלאָגיש זיינען די יידן אַוודאי געווען צופרידן פון דער אָפּגעזונדערטקייט. די יידן האָבן געקענט בעסער דינען זייער גאָט, לערנען זיין תורה און אָפּהיטן זיינע מצוות. זיי האָבן ניט מורא געהאַט פאַר דער צרה פון „ויתערבו בגויים״, אַז די קינדער זאָלן זיך אויסמישן צווישן די פעלקער, ווייל מען האָט זיי, די קינדער, באַלד אַהין ניט אַריינגעלאָזט. עס איז געווען אַ מחיצה. יידן האָבן דעריבער אין די געטאָס געלעבט אַ מין אויטאָנאָמיש לעבן און אין אָט־די געסלעך זיך אויסגעלעבט אינגאַנצן אַלס יידן.

אָבער אויך די געפאַר פון אָנפאַלן מצד די קריסטן אויף די יידן איז געווען קלענער ווען די יידן האָבן געלעבט אין די געטאָס, ווייל על־פי־רוב האָבן די יידן באַצאָלט שוץ־געלט צו איינעם, וואָס האָט געהאַט די מאַכט צו שיצן זיי, און אָט־דער הערשער, סיי ווען עס איז געווען אַ קעניג, אַ פירשט, אַ פריץ, צי אַ בירגער־מייסטער, אָדער גאָר אַן אַרציבישאָף, האָט שוין געהיט, אַז די יידן זאָל ניט געשען קיין שום שלעכטס, ווייל דאָס איז געווען אין זיינע אינטערעסן.

## 48. שיכרות, פראָסטיטוציע און דער גלויבן אין שדים און רוחות

שיכרות איז געווען זייער פאַרשפּרייט. — עס איז ניט געווען קיין שאַנדע צו וואַלגערן זיך אין רינשטאָק. — צו גיין צו אַ פּראָסטי־טוטקע איז געווען אַ נאַטירלעכע זאַך. — אַ „הייזל" איז ניט געווען קיין שאַנדע. — אוניווערסיטעטן האָבן געצויגן זייער איינקונפט פון „הייזלעך. — דער גלויבן אין פאַרשידענע שדים און רוחות, גוטע און שלעכטע. — דער גלויבן אין אַן „עין הרע".

ווי אַזוי האָבן די מענטשן געלעבט אין מיטלאַלטער? ווי אַזוי זיינען געווען זייערע וואוינונגען, זייער מעבל און זייערע קליידער? מיט וואָס האָבן זיי זיך פאַרנומען? ווי אַזוי האָבן זיי זיך אויפגעפירט? ווי אַזוי האָבן זיי זיך פאַרווײַלט? עס איז אינטערעסאַנט צו וויסן אַט דאָס אַלץ, כדי צו פאַרשטיין בעסער די אַנטוויקלונג פון די געשעענישן און דאָס לעבן פון די גרויסע גייסטער אין יענער צייט. די, וועלכע זיינען געקומען מערסטנס פאַר זייער צייט און האָבן געליטן זייער פיל פאַר זאָגן דעם אמת.

מיר וועלן געבן דאָ עטלעכע בילדער פון יענער צייט וואָס וועלן דאָס אַלץ קלאָר מאַכן. לאָמיר גיין כסדר:

וועגן וואוינונגען. — די רייכע האָבן געוואוינט אין פּאַלאַצן. זיי האָבן געהאַט הויפן, מיט אַ מויער אַרום און מיט אַ טויער וואו אַריינצופאָרן. אין אַזאַ הויף זיינען געווען פיל בנינים. דער הויפּט־בנין איז געווען — דער פּאַלאַץ פון פּריץ אָדער פון הערשער צי פון אַ רייכן מאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ סך דינער און פויערים. די פויערים האָבן געוואוינט אויפן לאַנד אין כאַלופּעס, וואָס זיינען ניט געווען פּאַסיק, אַז אַ מענטש זאָל אין זיי וואוינען. דאָס זיינען געווען, אָפּט, צוזאַמענגעקלאַפּטע ברעטער באַדעקט מיט שטרוי.

ביים פאַלן פון דער פּריצים־הערשאַפט זיינען פיל פּריצים אומ־געקומען און אַנדערע זיינען אַנטלאָפן אין אַנדערע לענדער. זייערע פּאַלאַצן זיינען שפּעטער איבערגעמאַכט געוואָרן אַלס הייזער פאַר בירגער צו וואוינען אין זיי. דאָס איז געווען אויפן לאַנד. אין די שטעט זיינען געווען על־פּי־רוב אַלטע בנינים, וואו די פּאָדלאָגע איז געווען ניט באַדעקט מיט ברעטער, נאָר עס איז געווען די ערד אויף וואָס דאָס הויז איז

אויפגעשטעלט געוואָרן. די וואוינונגען זיינען אויך געווען האַלב־פינצ־טערע און אין אָוונט האָט געקאָפּטשעט אַן אייל־לעמפּל. עס האָט זיך אויך אָפט געפילט אַ ריח פון פייכטקייט פון די ווענט און ווינטער איז אין זיי געווען גוט קאַלט. ערשט אין פערצנטן יאָרהונדערט האָט מען איינגעפירט צו מאַכן אַ פייער־פּלאַץ אין דער גרויסער שטוב. מען האָט אויך דעמאָלט ערשט איינגעפירט צו מאַכן פענצטער פון גלאָז אָנשטאָט דעם, וואָס פריער זיינען די פענצטער געווען פון אָזאַ אייל־פּאַפּיר.

אין מיטלאַלטער האָבן אַפילו די רייכע געהאַט ווייניק מעבל. אין גרויסן צימער, וואו מען האָט אויפגענומען געסט, איז געשטאַנען אַ גרויסער טיש מיט בענקלעך פוןביידע זייטן און אַ צוויי קליינע בענקלעך ביים אָנהויב פון טיש, און ביים סוף. אַז מען האָט איינגעלאַדן געסט און זיי זיינען געבליבן איבערנאַכט, זיינען זיי געשלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע. אויב עס איז געווען דינערשאַפט, איז זי געשלאָפן אין שטאַל. בלויז זייער רייכע האָבן געהאַט טעפּיכער. אָרעמע האָבן גענוצט ראָגאָ־זשעס. קיין לעפל־מעסער־גאָפּל איז ניט געווען בנמצא. קיין גלעזער זיינען ניט געווען, סיידן ביי גאָר רייכע. אַ לעפל אין אַ הויז איז געווען אַ גאַנצער אוצר. געגעסן האָט מען נאָר מיט די הענט.

קליידער. — פּאַר פרויען זיינען ניט געווען קיין סך. יעדע פרוי האָט עס זיך אַליין געמוזט מאַכן. אַ חוץ די רייכע, וועלכע האָבן געהאַט שניידערינס. די קליידער פון פרויען זיינען אַלע מאָל רעגולירט געוואָרן פון די היטער פון דער מאָראַל, לויט געזעצן ווי לאַנג זיי זאָלן זיין. די קליידער האָבן אויך געדאַרפט זיין גוט צוגעפּאַסט צום קערפּער, אַזוי אַז מען זאָל אָנזען די פיגור. דאָס האָבן די היטער פון דער מאָראַל ניט צוגעלאָזן. צוליב דעם וואָס די קליידער האָבן געמוזט זיין ברייט און לאַנג, האָט מען שפּעטער צוגעטראַכט אָנצונייען קנעפּלעך און צו מאַכן אין דער אַנדערער זייט לעכלעך, אויף צו פאַרקנעפּלען זיי.

די פריזור פון אַ פרוי איז געווען כמעט די גאַנצע צייט פון מיטלאַלטער אַ הויכע און אויף זיי האָבן, אַ טייל, געטראָגן הויכע קאַ־פּעלושן.

מענער האָבן געטראָגן שיך מיט לאַנגע שפּיצן. אַמאָל זיינען די שפּיצן געווען אַזוי געדרייט אַרויף־צו אַז זיי האָבן געשטערט דעם גאַנג. פיל שיך האָט מען געדאַרפט צובינדן מיט אַ באַנד צו דער קני.

די נאָבל־לייט האָבן זיך ראַזירט דאָס פּנים אַז עס זאָל זיין זייער גלאַטיק.

צו טראָגן אַ באָרד איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ צייכן פון צו־ריקגעשטאַנענקייט. שפּעטער־צו איז געוואָרן אַ מאָדע אין ענגלאַנד צו טראָגן וואָנצעס.

אין מיטלאַלטער האָט מען זיך ניט צופיל געבאָדן. די אַמאָליקע גריכישע און רוימישע בעדער זיינען פאַרשוואונדן, זומער־צייט האָט מען זיך געבאָדן אין די טייכן. אין פערצנטן יאָרהונדערט האָט מען איינ־געפירט אין פיל גרויסע שטעט עפנטלעכע באָד־הייזער.

מאכלים אין מיטלאַלטער זיינען געווען זייער פאַרשידן. ביי די רייכע האָט מען סערווירט פון כל־טוב. אַ מאָלצייט ביי אַ פּריץ איז באַ־שטאַנען פון צען ביז צוועלף פאַרשידענע מאכלים. אויך אָרעמע מענטשן האָבן געגעסן אַ דריי־פיר מאכלים. מען האָט געגעסן זייער פיל פלייש און פיש. זייער אָפט איז עס געווען פלייש פון פאַרשידענע עופות, וואָס מען האָט אומגעבראַכט ביים גיין אויף יאַגד. על־פּי־רוב ווילדע פייגל. די פליישן און פישן האָט מען צוגעגרייט מיט אַ סך בשמים, וואָס האָט אין מיטלאַלטער פאַרנומען אַ גרויס אָרט אין לעבן. זייער אָפט האָט מען זיך איבערגעגעסן, אָבער די פרישע לופט וואָס די מענטשן האָבן געהאַט, האָט געמאַכט אַז זיי זאָלן די שווערע מאכלים גוט פאַרדייען.

* * *

שיכרות איז געווען זייער פאַרשפּרייט צווישן אַלע פעלקער אין מיטלאַלטער. קיין לייכטע געטראַנקען, ווי טיי און קאַפע זיינען ניט געווען. צו טרינקען איז געווען וויין און ביר. רייכע האָבן געטרונקען וויין; די אָרעמע — ביר, און געטרונקען זייער פיל, ביז שיכרות. בכלל זיינען אין יענע יאָרן געווען זייער פיל שיכורים. מען האָט געטרונקען אויך בראָנפן פון פאַרשידענע תבואות און פון קאַרטאָפל און פּראָדוקטן.

דאָס לעבן אין מיטלאַלטער אין אייראָפּע איז געווען לאַנגווייליק און מאָנאָטאָן. מענטשן האָבן פשוט ניט געהאַט וואָס צו טאָן. דעריבער האָבן זיי זיך אַריינגעלאָזט אין עסן און טרינקען, און זיינען געוואָרן אמתע זולל־וסובאניקעס, פרעסער און טרינקער. די רייכע האָבן אויך פון וואוילטאָג און פון ליידיק־גיין זיך געלאָזט אויף יאַגד און די אָרעמע האָבן געזוכט אַנדערע פאַרווייליונגען. אַמאָל איז מען אָנגעפאַלן אויף יידן און געהאַט אַ ביסל צעשטרייאונג און אַמאָל האָט מען גאָר פאַרפירט אַ קריג מיט אַ שכנישער שטאָט פון אַן אַנדער לאַנד.

שיכרות איז געווען אַזוי פאַרשפּרייט אין מיטלאַלטער, אַז פיל פון די אָנגעזעענע פירער פון אַ שטאָט און אַמאָל אויך פון אַ לאַנד, האָט

מען זייער אָפט געטראָפן ליגן אין די רינשטאָקן טויט־שיכור. עס איז שוין אָבער קיין שאַנדע ניט געווען, ווייל כמעט אַלע האָבן עס געטאָן. אין דער היינזיכט קען מען ניט זאָגן, אַז דאָס איז געווען בלויז אַ צרה פון איין לאַנד, ווייל אין דייטשלאַנד האָט מען פונקט אַזוי געשיכורט ווי אין ענגלאַנד. עס איז נאָר געווען אַן אונטערשיד וואָס מ׳האָט אין אַ לאַנד אַממערסטן געטרונקען. אין דייטשלאַנד איז עס געווען ביר, אין פראַנקרייך — וויין, און אין ענגלאַנד און סקאָטלאַנד — בראָנפן. אַ שרייבער פון יענער צייט זאָגט צווישן אַנדערן אַז „צו טרינקען אַ טאָג און אַ נאַכט כסדר אָן אויפהער און צו זיין שיכור ווי לוט, איז שוין ניט קיין שאַנדע אין אונדזערע צייטן״.

דאָס שיכרות האָט אין פיל שטעט און לענדער אָנגענומען אַזאַ כאַראַקטער, אַז די רעגירונגען האָבן געמוזט אַרויסגעבן געזעצן צו פאַרווערן צופיל טרינקען, ווייל עס האָט געפירט צו פיל קראַנקייטן און האָט געשטערט דאָס עפנטלעכע לעבן פון לאַנד. עס זיינען אויך געווען זייער פיל טויט־פאַלן פון שיכרות. באַזונדערס האָט די ענגלישע רעגי־רונג געפירט כסדר אַ קאַמף קעגן שיכרות, ווייל עס האָט אָנגעטאָן דאָרטן גרויסע צרות אין פאַמיליע־לעבן. אין פיל ערטער האָט עס געפירט צו משוגעת און צו דער פאַליקער קראַנקייט (עפילעפסיע). ווען די פרויען האָבן זיך גענומען קלאָגן אַז די מענער זיינען כסדר שיכור און קענען ניט אַרבעטן און צוליב דעם קומט אויס דער פאַמיליע צו ליידן נויט, האָבן די רעגירונגען פון ענגלאַנד און אויך פון דייטשלאַנד אַרויס־געגעבן שטרענגע געזעצן איינצוהאַלטן דאָס צופיל טרינקען, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. אַלקאָהאָליזם איז געווען איינס פון די אָנשיקענישן פון וואָס די מענטשן האָבן געליטן אין מיטלאַלטער.

* * *

אַ צווייטע צרה איז געווען פראָסטיטוציע. אַזוי פיל פראָסטיטוציע וויפל עס איז געווען אין מיטלאַלטער, איז ניט געווען אין קיין שום אַנדער צייט. אַפילו ניט אין גריכנלאַנד און אין רוים. עס איז פשוט ניט געווען קיין שאַנדע מער, אַפילו פאַר אַ בכבודיקן מאַן פון אַ פאַמיליע צו פאַרברענגען מיט אַ פראָסטיטוטקע. מען האָט עס געטאָן אָפן און אַלע, אַפילו ווייב און קינדער, האָבן געוואוסט דערפון. צו האָבן אַ „הייזל״ איז ניט געווען קיין שאַנדע און עס זיינען געווען אַפילו פאַלן ווען אָנגעזעענע גלחים און בישאָפן האָבן געהאַט „הייזלעך״. פרומקייט איז טאַקע פרומקייט, אָבער געשעפט איז געשעפט. צו גאָט און צו לייט.

עס איז קיין וואונדער ניט וואָס אין מיטלאַלטער האָט אָפט אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון ווענערישע קראַנקייטן. איבערהויפּט: סיפיליס. גאָר באַזונדערס איז די קראַנקייט געווען פּאָפּולער צווישן מיליטער און מאַטראָזן. כדי צו באַקעמפן די קראַנקייטן, האָט מען אין פיל שטעט און לענדער באַשלאָסן צו שאַפן הייזער פאַר פּראָסטיטוציע, וועלכע זאָלן שטיין אונטער דער וואַך פון דאָקטוירים וואָס זאָלן עקזאַמינירן די פּראָסטיטוטקעס. אַזאַ הויז האָט געהייסן „אַבאַיע״ און האָט געמוזט האָבן אַ דערלויבעניש פון דער רעגירונג. נאָך מער: די פּראָפיטן, וואָס עס האָט אַריינגעבראַכט דאָס „הייזל״ זיינען צעטיילט געוואָרן צווישן דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און דעם אוניווערסיטעט. די מיידלעך פון דער „אַבאַיע״ האָבן געמוזט טראָגן ווייסע שאַלן אויפן האַלדז און ווייסע בענדער אויפן אָרעם, אַז מען זאָל זיי דערקענען, אַז זיי זיינען פּראָסטיטוטקעס, אָבער די פּראָסטיטוטקעס האָבן אין פיל ערטער פּראָטעסטירט קעגן דעם און דאָס ניט געוואָלט טראָגן. די פּראָסטיטוטקעס זיינען געווען אין יענער צייט אַזוי אָרגאַניזירט, אַז זיי האָבן זיך אָפט געווענדעט צו דער העכערער מאַכט אפילו צום קעניג אַליין מיטן פאַרלאַנג, אַז מען זאָל ניט מאַכן פאַר זיי קיין באַזונדערן אוניפאָרם אָדער באַצייכענונג צו קענען ווייסן, אַז זיי זיינען דאָס. און אָפטמאָל האָבן זיי דאָס אויסגעפירט. אין טולוז (פראַנקרייך) זיינען די שטאָט־איינוואוינער געווען אין כעס פאַר וואָס דער קעניג האָט אָפּגעשאַפט דעם אוניפאָרם פאַר די פּראָסטיטוטקעס און האָבן געטענהט אַז זיי ווילן אַזוי־אַרום באַשיצן זייערע פרויען און טעכטער. עס האָט אויך געטראָפן אַז בירגער זיינען אָנגעפאַלן אויף די פּראָסטיטוטקעס, וועלכע האָבן אַזעלכע בענדער ניט געטראָגן. אַלס ענטפער דערויף האָבן די פּראָסטיטוטקעס דערקלערט אַ שטרייק. די איינוואוינער פון דער שטאָט האָבן זיך דעריבער געווענדעט צום קעניג, אַז ער זאָל זיך אַריינמישן. דער קעניג האָט ענדלעך געפסקנט אַז די שטאָטישע איינוואוינער האָבן ניט קיין רעכט צו פאַרלאַנגען דאָס פון די פּראָסטיטוטקעס און אַלס צייכן אַז ער איז מיט די פּראָסטיטוטקעס האָט דער קעניג געהייסן אַרויסהענגען דעם קעניגס פאָן אויפן פּראָסטיטוציע־הויז. די איינוואוינער זיינען אַלץ ניט געווען צופרידן און גענומען נאָך מער פאַרפאָלגן די פּראָסטיטוטקעס. זיינען זיך די פּראָסטיטוטקעס צעלאָפן. האָט די שטאָט געמוזט עפענען אַן אַנדער פּראָסטיטוציע־הויז און דעם פּראָפיט גענומען פאַר שטאָטישע ענינים. שפּעטער האָבן אַ טייל איינוואוינער געהאַט טענות פאַר וואָס די שטאָט־רעגירונג זאָל ציען איר איינקונפט פון אַ „הייזל״, איז באַשלאָסן

געוואָרן, אז דער איינקונפט זאָל גיין פאַרן שפּיטאָל, אָבער מיטן באַ־דינג, אַז דער שפּיטאָל זאָל היילן אומזיסט די פרויען וואָס ווערן קראַנק אויף ווענערישע קראַנקייטן. אָט־דער פּלאַן האָט אָנגעהאַלטן 6 יאָר, אָבער שפּעטער האָט דער שפּיטאָל עס אויפגעגעבן, ווייל צו היילן די קראַנקע פּראָסטיטוטקעס האָט געקאָסט מער וויפל עס איז געווען איינקונפט.

אַ גרויס פּראָסטיטוציע־הויז האָט מען אויך איינגעאָרדנט אין דער שטאָט, וואו עס האָט געלעבט אַמאָל דער פּויפּסט אין פראַנקרייך, אין אַוויניאָן. די פּראָסטיטוטקעס האָבן דאָרט ניט געדאַרפט אַרומגיין זוכן מענער אין די גאַסן, נאָר אָנפירן זייער באַשעפטיקונג אין פּראָסטי־טוציע־הויז. די מיידלעך האָבן געדאַרפט דורכגיין אַן אינספּעקציע איין מאָל אַ וואָך פון אַ דאָקטאָר. אין אַ דאָקומענט וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין יאָר 1347 וועגן רעגולאַציעס פאַר די פּראָסטיטוציע־הייזער ווערט אויך געזאָגט, אַז קיין ייד טאָר ניט באַזוכן אַזאַ הויז און אויב אַ ייד האָט זיך אַריינגעקראָגן אין אַזאַ הויז און איז געשלאָפן מיט אַ פּראָסטיטוטקע, דאַרף מען אים אַרעסטירן און שמייסן עפנטלעך אין מיטן מאַרק. כאַראַקטעריסטיש איז געווען דאָס וואָס יידישע דאָקטוירים האָבן געמעגט אַריינגיין עקזאַמינירן די קראַנקע פרויען. מען האָט באַ־זונדערס גענומען אַזעלכע דאָקטוירים, ווייל זיי זיינען געווען מער גע־לערנט ווי די ניט־יידישע אין יענער צייט. אין פיל שטעט איז געווען איינגעפירט, אַז עס איז געווען אַ טעאַטער אויף אַ שטאָק איבער דעם פּראָסטיטוציע־הויז.

אין פיל שטעט זיינען די פּראָסטיטוטקעס געווען אָרגאַניזירט אין אַ מין אָרגאַניזאַציע, וואָס מען רופט איצט אָן „שוועסטערשאַפט" און זיי האָבן געטאָן געוויסע אַרבעטן פאַר דער קירך. אַ טייל פון די פּראָס־טיטוטקעס האָבן געקענט זינגען און געווען כאָריסטקעס אין כאָר פון דער קירך. בכלל איז אין יענער צייט געווען אַ געוויסע נאָענטקייט צווישן די פּראָסטיטוטקעס און די גלחים. (דאָס קען זיין, האָט זיך גע־נומען דערפון וואָס די גלחים האָבן ניט געטאָרט חתונה האָבן).

געווען אויך צייטן ווען מען האָט אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן פּראָסטיטוציע. אַזוי, למשל, האָט דער פראַנצויזישער קעניג לואי דער נייַנטער אין דרייצנטן יאָרהונדערט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל אַרויסטרייבן פון לאַנד אַלע פּראָסטיטוטקעס. מען האָט טאַקע באַלד דערנאָך געכאַפּט אַ גרויסע צאָל פון פּראָסטיטוטקעס און זיי אַרויס־געשיקט פון לאַנד. עס איז געוואָרן אַ געוואַלד און די בירגער האָבן

פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל די גזירה אָפּשאַפן. ענדלעך איז דער קעניג געווען געצוואונגען דאָס צו טאָן.

אָבער מען האָט ניט געדאַרפט צוריקברענגען די אַלטע פּראָס־טיטוטקעס, ווייל עס האָט ניט לאַנג געדויערט און דאָס פּראָסטיטוציע־הויז איז אָנגעפילט געוואָרן מיט נייע, יונגע און שיינע מיידלעך און די מענער זיינען געלאָפן אַהין בייטאָג און ביינאַכט. אַזוי האָט זיך אָפּט געביטן די באַציאונג צו פּראָסטיטוציע, אָבער אומעטום וואו מען האָט געוואָלט אונטערדריקן און אויסראָטן די „הייזלעך״ האָבן זיך די שענסטע בירגער פון שטאָט און לאַנד איינגעשטעלט פאַר זיי. זיי האָבן דאָס געטאָן אָפן פאַר אַלע און זיך ניט אויסבאַהאַלטן פאַר זייערע אייגענע פרויען און טעכטער. אין פיל שטעט האָבן טאַטעס געהייסן גיין זייערע יונגע זין אין אַזעלכע „הייזלעך״, און טיילמאָל זיינען זאָגאַר די טאַטעס צום ערשטן מאָל געגאַנגען מיט זיי, כדי זיי צו לערנען ווי אַזוי זיי זאָלן זיך אויפ־פירן מיט די דאָזיקע מיידלעך.

* * *

דאָס בילד פון מיטלאַלטלעכן לעבן וועט ניט זיין פאַרפולקאָמט אויב מען זאָל ניט פאַרצייכענען, כאָטש אַ ביסל פון דעם אופן ווי אַזוי די מענטשן האָבן פאַרבראַכט אין יענע טעג זייער פרייע צייט.

עס זיינען געווען אין יענע צייטן פיל זאַכן מיט וואָס צו פאַר־ברענגען. אַזוי איז געווען דאָס אויפקומען צום ערשטן מאָל פון שאַך, וואָס מען האָט געבראַכט קיין אייראָפּע פון אינדיע. שפּעטער דאָס אויפ־קומען פון קאָרטן־שפּיל, וואָס עס האָט פאַרכאַפּט אַלעמען, ווייל שאַך איז געווען אַ זאַך פאַר די געבילדעטע, פאַר די, וואָס האָבן געהאַט גוטע קעפּ. דאַקעגן קאָרטן, איז שוין געווען פאַר אַלע. אין יענע צייטן, אין דרייצנטן און פערצנטן יאָרהונדערט, האָבן געשפּילט אין קאָרטן כמעט אַלע, יונג און אַלט, רייך און אָרעם. אַ ביסל שפּעטער האָט איינער גע־וואָלט מאַכן לייכטער דאָס שפּילן אין שאַך און געשאַפן „טשעקערס״ וואָס איז ענלעך צו שאַך, אָבער דאָך אַנדערש. עס איז באַלד אָנגענומען געוואָרן.

אין יענע צייטן האָבן זיך אויך אָנגעהויבן די ספּאָרט־שפּילערייען מיט וואָרפן אַ פּילקע (באָל), כדי דער אַנדערער זאָל עס כאַפּן. אַ טייל האָבן געוואָרפן מיט די הענט, אַנדערע מיט די פיס. פון די שפּילערייען זיינען אַנטשטאַנען טעניס, האַנט־באָל און פוטבאָל. עס איז אויך געווען

אין יענער צייט דער אָנהויב פון „פּאָלאָ", די מאָדע צו שפּילן באָל ריי־טנדיק אויף אַ פערד.

ווי מאָדנע עס זאָל ניט אויסזען איז אויך אין יענער צייט געווען אַ מאָדנע פאַרוויילונג, וואָס האָט געהייסן בייסן. עס זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט אַ הנאה פון בייסן חיות, ווי למשל, אַ הונט, אַן אָקס, אַ פערד און אַפילו אַ בער. מען האָט זיך געוועט ווער עס וועט געבן אַ בעסערן ביס און וועט עס מאַכן אַזוי גיך, אַז די געביסענע חיה זאָל זיך ניט אין יענעם נוקם זיין. עס זיינען אויך איינגעפירט געוואָרן שפּילערייען פון הינט וואָס זאָלן קעמפן מיט הינט, און הענער מיט הענער.

דערצו האָבן אויך די שטאָט־טאָטעס אין פיל שטעט איינגעפירט פעסטיוואַלן און קאַרניוואַלן, ווען מען האָט זיך פאַרשטעלט און עס איז געווען דערלויבט צו טאָן פיל זאַכן וואָס מען האָט אַזוי ניט געטאָרט טאָן. איבערהויפּט האָבן זיך די פאַרוויילונגען אויסגעצייכנט מיט מאַסן־טענץ אין די גאַסן. גאָר באַרימט איז געווען אין יענע טעג דער „מאָריס־טאַנץ" (פאַרגרייזט פון וואָרט „מוריש", ווייל די מורן האָבן איינגעפירט צום ערשטן אָט־דעם טאַנץ אין דער עפנטלעכקייט). עס זיינען אין יענע צייטן אויך אויפגעקומען די רעליגיעזע פאַרשטעלונגען פון יעזוסן, ווי די „פּאַסיאָן־פאַרשטעלונג" „מיראַקל־פאַרשטעלונג", געבויט אויף אַ רע־ליגיעזן הינטערגרונט.

אינטערעסאַנט איז, אַז אין דעם יידישער געטאָ איז ניט געווען קיין שפּור פון שיכרות. דאָרטן איז אויך ניט געווען קיין שום פּראָסטיטוציע און קיין ווענערישע קראַנקייטן. אויך אין דער הינזיכט פון סאַניטאַריש־קייט און היגיענע איז עס דאָרטן געווען פיל מער ווי ביי די ניט־יידן.

* * *

דער גאַנצער מיטלאַלטער איז אויך געווען פול מיט גלויבן אין שדים און רוחות פון כלערליי סאָרטן. דאָס רוב מענטשן זיינען געווען איבערצייגט, אַז די וועלט איז פול מיט גייסטער, און ניט נאָר פּראָסטע מענטשן, נאָר אפילו ביי געבילדעטע איז עס געווען אַ זיכערע זאַך.

געגלויבט האָט מען, אַז די שדים און רוחות זיינען פון פאַרשי־דענע סאָרטן. עס זיינען דאָ שלעכטע און גוטע. אַזעלכע וואָס ווילן נאָר אָנטאָן צרות מענטשן און זיי אומברענגען, און אַזעלכע וואָס ווילן זיך נאָר אַ שפּיל טאָן און ניט מער, און נאָך מער — אויב זיי האָבן עמיצן געטאָן אַ שאָדן, האָבן זיי געליטן דערפון. די שלעכטע זיינען געווען קינדער פון טייוול, פון אַשמדאי, און זיין ווייב לילית. די גוטע זיינען

געווען „ליצים״, אָדער בלשון יחיד אַ „לץ״. אַזוי האָבן זיי געהאַט פיל נעמען ווי, „וואָלקולאַק״, „שרעטעלע״, „באַבוק״ און נאָך אַנדערע.

ביי די אומות־העולם האָט אויך געהערשט אַ גלויבן אין פייען, אַזעלכע גוטע גייסטער אין געשטאַלט פון פרויען וואָס העלפן מענטשן. גאַנצע בערג מיט מעשיות זיינען דערציילט געוואָרן וועגן אָט די פייען, און קינדער האָבן דערין שטאַרק געגלויבט. מען האָט אויך אין יעדן לאַנד געשילדערט אָט־די פייען אויף אַ באַזונדערן אופן.

אין מיטלאַלטער האָט מען בכלל ליב געהאַט צו דערציילן מעשיות און צו הערן מעשיות. עס זיינען געווען דעריבער אַזעלכע מעשיות־דערציילער וואָס האָבן זיך געמאַכט באַרימט מיט דעם אַליין. די דאָזיקע מעשיות־דערציילער האָבן פאַרמאָגט אַ ביסל פאַנטאַזיע און דערציילט מעשיות אָפט פון ווייטע לענדער מיט אויסטערלישע מענטשן, און פון אייגענעם לאַנד זיינען עס געווען מעשיות פון שדים און רוחות, פון „ניט גוטע״, פון אַלערליי סאָרטן. מיט אַזעלכע מעשיות האָט מען אויפגעצויגן די קינדער. עס זיינען אָבער אויך געווען ניט ווייניק דערוואַקסענע מענער און פרויען, וואָס האָבן אָנגענומען די דאָזיקע מעשיות פאַר „גוט געלט״ און געגלויבט יעדעס וואָרט וואָס מען האָט זיי געזאָגט, איבערהויפּט וועגן ניט־גוטע.

דער אָבערגלויבן וועגן שדים און רוחות איז געווען אויך שטאַרק ביי יידן. אַזוי, למשל, האָט מען געגלויבט, אַז ווען עס ווערט געבוירן אַ קינד, מוז מען עס היטן, ווייל לילית, דאָס ווייב פון קעניג פון די שדים, אשמדאי, וויל עס צוכאַפּן. מען האָט געגלויבט, אַז לילית קען קומען מיט אירע מוידן און צונעמען דאָס קינד. אַלס מיטל קעגן דעם האָט מען אויסגעקלעפּט די וואַנט מיט אַזעלכע צעטעלעך, וואָס אויף זיי זיינען געווען געדרוקט די נעמען פון געוויסע מלאכים. מען האָט זיי גערופן „שיר־המעלותן״. אויסער דעם פלעגן קומען חדר־יינגלעך פאַרנאַכט זאָגן „קריאת־שמע״ אין צימער פון דער קימפּעטאָרין. די קינדער האָט מען דערפאַר געטיילט צוקערקעס. דאָס היטן די קימפּעטאָרין מיטן קינד איז אָנגעגאַנגען אַ גאַנצע וואָך ביזן ברית און איבערהויפּט די לעצטע נאַכט פאַרן ברית. די נאַכט האָט געהייסן „די וואַך־נאַכט״, ווען אַלע פון דער קימפּעטאָרינס משפּחה זיינען געווען וואַך און ניט געשלאָפן. ערשט נאָכן ברית האָט מען דאָס קינד (אויב אַ יינגל) ניט געדאַרפט מער היטן, ווייל עס איז שוין געוואָרן געיידישט. אַ מיידל האָט מען בכלל ניט געדאַרפט אַזוי שטאַרק היטן, ווייל אַ מיידל איז אַ קנאַפּע מציאה אפילו ביי די „ניט־גוטע״...

ביי די גוים איז אויך געווען אַן אַבערגלויבן, אַז עס זיינען דאָ אַזוינע מענטשן, וואָס קענען זיך פאַרוואַנדלען אין אַ חיה. מען האָט אַזעלכע מענטשן גערופן „ווערוואָלפס״. אַזעלכע מענטשן פלעגן שלאָפן, לויטן אַבערגלויבן, בלויז 2 נעכט אין אַ חודש. די איבעריקע צייט פלעגן זיי אַרומלויפן אין די וועלדער און איבערהויפּט פלעגן זיי פאַר־צוקן קליינע קינדער. אַז דאָס איז ניט געווען גלאַט אַזוי אַן אַבערגלויבן, נאָר אַ זאַך וואָס מענטשן זיינען דערין געווען איבערצייגט, ווייזן די פּראָצעסן וואָס זיינען פאָרגעקומען קעגן די יעניקע וואָס מען האָט זיי באַשולדיקט, אַז זיי פּראַקטיצירן דאָס. אַזעלכע משפטים זיינען פאָר־געקומען אין פראַנקרייך אַפילו אַזוי שפּעט ווי ביי דער ענדע פון 16־טן יאָרהונדערט.

אין פיל פאַרשטויסענע ערטער אין אייראָפּע קען מען נאָך אויך איצט געפינען אַזעלכע וואָס גלויבן אין דעם.

צוליבן גלויבן אין די פאַרשידענע שדים און רוחות זיינען געווען אָנגענומען אַ גאַנצע רייע פון געזעצן. מען האָט ניט געטאָרט גיין ביינאַכט אַליין, ווייל דעמאָלט לויפן די שדים אַרום. אַ „חתן״ און אַ „כלה״ האָט מען געמוזט שטאַרק היטן, איבערהויפּט אין דער חתונה נאַכט, ווייל מען קען זיי נאָך ערגעץ־וואו פאַרשלעפּן. אַז מען איז געווען אונטער־וועגנס, האָט, אַזוי האָט מען געגלויבט, פיל מאָל געטראָפן, אַז די פערד האָבן פאַרבלאָנדזשעט און זיינען אַראָפּ פון ריכטיקן וועג, און שפּעטער האָט מען געזעען אַ זאַל, וואו עס איז געווען זייער ליכטיק און זייער פיל מענטשן האָבן געזונגען און געטאַנצט. ווען אַ מענטש איז אהין אַריין, האָט מען אים פאָרגעלייגט צו טרינקען מיט זיי אַ גלעזל ווייַן, אָדער עפּעס עסן. אויב מען האָט דאָס געטאָן, אויב מען האָט עפּעס פון זיי גענומען, אַפילו בלויז אַ שמעק טאַבאַק, איז מען שוין געווען אַ פאַרפאַלענער און מען איז שוין מער פון זייערע הענט ניט אַרויס.

## 49. די אַנטוויקלונג פון שפּראַכן, קונסט און ליטעראַטור

אין אָנהויב האָבן אַלע אייראָפּעאישע לענדער געהאַט איין שפּראַך: לאַטיין. — ווי אַזוי עס זיינען געשאַפן געוואָרן פאַרשידענע דיאַלעקטן, פון וועלכע עס זיינען אַרויסגעוואַקסן די מאָדערנע שפּראַכן. — די נייע אַרכיטעקטורן: ראָמאַנעסק און גאָטיק. — די ריזיקע בנינים, די קאַטעדראַלן וואָס די קירך האָט געשאַפן.

די צוויי יאָרהונדערטער, דער צוועלפטער און דער דרייצנטער, ווען עס זיינען אַנטשטאַנען אין אייראָפּע די מלוכות, אויפן חורבן פון דער פריצים־הערשאַפט און ווען עס זיינען אויפגעקומען אויך די גרויסע שטעט אין די פאַרשידענע לענדער, ווערן אָנגערופן: „דער צענטער פון מיטלאַלטלעכער קולטור". עס איז געווען אין יענער צייט, ווען עס איז אויפגעקומען אַ נייע ציוויליזאַציע אין אייראָפּע. אין יענע הונדערטער יאָרן זיינען אויפגעקומען פיל פון די גרויסע קולטור־ווערטן וואָס מיר האָבן איצט און וועלכע מיר האָבן אַנטוויקלט ביז צו אַ גאָר גרויסער מדרגה, ווי צ. ב., די שפּראַכן פון די פאַרשידענע לענדער אין אייראָפּע, די ליטעראַטור, די אַרכיטעקטור, קונסט, מאַלעריי, סקולפּטור, טעאַטער און פיל אַנדערע פון אַט־די גייסטיקע שאַפונגען.

* * *

אין אָנהויב פון מיטלאַלטער איז לאַטייניש געווען די שפּראַך פון אַלע פעלקער און לענדער אין אייראָפּע. עס האָט דעמאָלט געהערשט בלויז איין שפּראַך, די לאַטייניש. זי איז געווען אַ מין אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך. די ירושה פון אַמאָליקן רוים. די רוימישע קירך האָט גענוצט לאַטייניש פאַר אירע באַפעלן צו די גלויביקע און פאַר אַלע אירע דאָקומענטן; אויף לאַטיין זיינען געווען אַלע תפילות אין די קירכן; אויף אָט־דער שפּראַך האָט מען געזונגען אַלע הייליקע געבעטן און אויף דער שפּראַך האָבן גערעדט די גלחים צו די מאַסן. אָבער זי איז ניט געווען בלויז די שפּראַך פון דער רעליגיע, נאָר אויך די שפּראַך פון די געבילדעטע. אין די אוניווערסיטעטן האָבן די פּראָפעסאָרן געלערנט מיט די תלמידים אויף לאַטייניש; די סטודענטן צווישן זיך האָבן גערעדט לאַטיין. אַדוואָקאַטן האָבן אין געריכט גערעדט צו די ריכטער אויף לאַטייניש און אַפילו געשעפטס־מענטשן האָבן געפירט אַלע זייערע

טראַנזאַקציעס אויף לאַטייניש. אַלע ביכער פון אַ וויסנשאַפטלעכן אינהאַלט זיינען ביז צו ענדע פון 16־טן יאָרהונדערט געווען אויף לאַטייניש, כאָטש דעמאָלט זיינען שוין געווען אין לעבן די נייע שפּראַכן פון די פעלקער.

אָבער צוזאַמען מיט דער לאַטיינישער שפּראַך האָט אויך יעדעס לאַנד אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַן אייגענע שפּראַך. עס האָט זיך אָנגעהויבן טאַקע אויפן גרונד פון לאַטיין. די מענטשן אין אַ געוויסער געגנט האָבן גענומען רעדן לאַטייניש מיט אַנדערע אויסשפּראַכן און מיט וואַריאַציעס. אַזוי־אַרום זיינען אַנטשטאַנען דיאַלעקטן, וועלכע האָבן זיך אַנטוויקלט צו שפּראַכן, וועלכע מען רופט איצט די ראָמאַנישע שפּראַכן, ווייל אַלע האָבן אַלס זייער גרונד די ראָמאַנישע שפּראַך — לאַטיין. אַזוי אַרום איז אַנטשטאַנען שפּאַניש, פראַנצויזיש, פּאָרטוגעזיש, איטאַליעניש און רומעניש. אין יעדן לאַנד האָט די זעלבע ראָמאַנישע שפּראַך — לאַטייניש, אָנגענומען ביסלעכוויז אַנדערע פאָרמען. נאַטירלעך האָבן אָט־די דיאַלעקטן אין אָנהויב, אַלס אַ פאַרגרייזטער לאַטייניש, ניט געהאַט די עלעגאַנץ פון דער לאַטיינישער שפּראַך, ווי עס האָט אויף איר גערעדט, למשל, ציצעראָ, צעזאַר און אַנדערע רוימישע פירער, אָבער אין משך פון דער צייט, וואָס אַמאָל מער, איז אַלץ געוואָרן בולטער דער אונטערשיד צווישן דעם לאַטייניש, ווי מען האָט אים געשריבן און דעם לאַטייניש ווי אַזוי מען האָט אים גערעדט אין די פאַרשידענע לענדער. אַזוי אַרום איז אין יעדן לאַנד, אַנטשטאַנען אַ נייע שפּראַך, וועלכע איז געווען ענלעך צו דער שפּראַך פון די אַנדערע אַרומיקע לענדער, אָבער דאָך אַנדערש. צו דעם איז צוגעקומען דאָס, וואָס אין יעדן לאַנד זיינען צוגעקומען נייע ווערטער, וואָס עס האָבן אַריינגעבראַכט די פעלקער וואָס זיינען זיי באַפאַלן און געהערשט דאָרטן אַ געוויסע צייט, ווי למשל, די באַרבאַרישע שבטים א. ד. גל. אין פראַנצויזיש זיינען אַריינגעקומען פיל ווערטער פון דייטש, וואָס זיינען גערעדט געוואָרן ביי די הונען, גאָטן און אַנדערע פרעמדע ווערטער זיינען געווען פון דער קעלטישער שפּראַך.

אָבער אין פראַנקרייך אַליין איז דעמאָלט געווען צו מערקן פאַרשידענע איינפלוסן אויפן געביט פון שפּראַך אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד. אַזוי האָט מען אין דרום־פראַנקרייך גערעדט אַנדערש ווי אין פּאַריז און אומגעגנט. די פראַנצויזישע שפּראַך פון דרום־פראַנקרייך האָט מען אַפילו אָנגערופן מיט אַן אַנדערן נאָמען — „פּראָוועַנסאַל“ (נאָך דער געגנט פּראָוואַנס). ערשט שפּעטער איז די פאָרם פון

„פראָווענסאַל״ געענדערט געוואָרן לויט דער פאָרם פון פראַנצויזיש פון פאַריז און אומגעגנט. אָבער נאָך איצט קען מען באַמערקן ביי די פויערים אין דרום־פראַנקרייך, אַז זיי רעדן אַנדערש פראַנצויזיש ווי מען רעדט אין די אַנדערע טיילן פון פראַנקרייך.

פיל האָט עס אויך געהאַט צו טאָן דערמיט וואָס די באַרבאַרן, וואָס האָבן אין די פריערדיקע יאָרהונדערטער געהאַט פאַרכאַפּט צענ־טראַל־אייראָפּע, האָבן אַ חוץ זייער שפּראַך אויך גערעדט לאַטייניש און די ווערטער אַרויסגערעדט אַנדערש און אויך דאָס איז געבליבן אין פאָלק.

און פונקט אַזוי ווי עס האָט זיך אַנגעהויבן צו פאָרמירן אַ גאַנצע ריי פון ראָמאַנישע שפּראַכן, אַזוי האָט זיך אין יענער צייט אויך אָנגע־הויבן צו פאָרמירן אַ גאַנצע ריי פון טוטאַנישע שפּראַכן, וואָס האָבן געהאַט דייטש אַלס זייער אונטערגרונד. אַזעלכע שפּראַכן זיינען האָ־לענדיש, פלעמיש, שוועדיש, דעניש, נאָרוועגיש און איסלענדיש (די שפּראַכן פון די סקאַנדינאַווישע לענדער). פונקט אַזוי האָט זיך אויך דעמאָלט גענומען פאָרמירן נאָך אַ שפּראַכן־גרופּע, די סלאַווישע, ווי בולגאַריש, סערביש, טשעכיש און פויליש, וואָס אַלע האָבן געהאַט אַלס זייער יסוד די סלאַווישע פאָרמען.

* * *

אין ענגלאַנד האָט, אַ חוץ די טוטאַנישע שפּראַך געהאַט אַ גרויסע השפּעה קעלטיש, און אַזוי אויך איז געשאַפן געוואָרן אַ געמיש פון טוטאַנישע ווערטער מיט קעלטישע אויסדרוקן און אויך אַ ביסל לאַ־טייניש. דאָך אין גרונד גענומען, איז ענגליש געבליבן אַ טוטאַנישע שפּראַך. סיי לויט דער גרויסער צאָל פון די דייטשע ווערטער וואָס זי פאַרמאָגט און סיי לויט די פאָרמען פון איר גראַמאַטיק. ענגליש האָט אָבער אין משך פון דער צייט דורכגעמאַכט פיל ענדערונגען. די קריסט־לעכע מיסיאָנערן, וועלכע האָבן גערעדט לאַטייניש, האָבן אַריינגעבראַכט אין דער שפּראַך פיל לאַטיינישע אויסדרוקן. אויך דאָס וואָס די ענג־לענדער האָבן געהאַט פאַרכאַפּט פיל טעריטאָריעס פון פראַנקרייך האָט געווירקט, אַז עס זאָלן אַריינקומען אין דער שפּראַך פיל פראַנצויזישע ווערטער. אַזוי אַרום איז ענגליש ביסלעכווייז געוואָרן וויניקער טוטאַניש און מער ראָמאַניש. ריכטיקער, אַ געמיש פוןביידע שפּראַכן.

איבערהויפּט האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די שפּראַכן, די שאַפונגען פון גרויסע שריפטשטעלער אין דער גערעדטער שפּראַך

פון יעדן פאָלק, ווי, למשל, דאַנטע, פּעטראַרך און באָקאַטשיאָ אין איטאַליעניש. דזשעפערי טשאָוסער אין ענגליש און אַזוי אויך אַנדערע. וועגן די דאָזיקע שאַפונגען לוינט זיך אָפּצושטעלן באַזונדער.

* * *

צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון די נייע שפּראַכן זעען מיר אויך אַן אַנטוויקלונג פון נייע ליטעראַטורן ביי אַלע פעלקער. אָנגע־הויבן האָט זיך דאָס אַלץ פון געזאַנגען, פון לידער וואָס דאָס פאָלק האָט געזונגען אויף זייער גערעדטער שפּראַך, זייער איבערגעענדערטן לאַ־טייניש אָדער טוטאָניש, אָדער סלאַוויש, ד. ה. אויף די נייע דיאַלעקטן. דאָס זיינען געווען ליבעס־לידער, און וויג־לידער. שפּעטער זיינען געקומען די טרובאַדורן, אַזעלכע לוסטיקע פּאָעטן־זינגער, וועלכע פלעגן וואַנדערן פון אָרט צו אָרט און זינגען זייערע לידער. איבערהויפּט אין דרום־פראַנקרייך, וואו זיי האָבן געזונגען זייערע געזאַנגען אויף פּראָווענסאַל, אָפט אין באַגלייטונג פון אַ מוזיקאַלישן אינסטרומענט. פון דאָרטן האָט זיך די מאָדע פון זינגען לידער אין גרופּן איבערגעטראָגן אויך אין שפּאַניע און אין אַנדערע לענדער. עס זיינען אויך געשאַפן געוואָרן לידער און פּאָעמען וועגן געשעענישן און פּערזענלעכקייטן, ווי למשל, וועגן שאַרלעמאַנס לעבן (וועלכן די קריסטלעכע לעגענדע האָט שטאַרק גע־לויבט, ווייל ר׳האָט פיל געטאָן פאַרן קריסטנטום). אין דייטשלאַנד ווערט דעמאָלט געשאַפן דאָס „ניבעלונגען־ליד״, אַזאַ פּאָעמע וועגן אַ העלד זיגפריד, דער קעניג פון נידערלאַנד, וואָס האָט געטויט די מיסטעריעזע ניבעלונגען און פאַרכאַפּט זייערע אוצרות מיט געלט און דערצו נאָך אויך אַ מאַגישן מאַנטל, וואָס מאַכט, צו קענען זען אַנדערע און קיינער זאָל דיך ניט זען. אויפן גרונד פון אָט־דער פאַנטאַסטישער פּאָעמע האָט דער באַוואוסטער דייטשער קאָמפּאָזיטאָר ריכאַרד וואַגנער אויסגעבויט זיינע אָפּערעס פון „ניבעלונגען־רינג״.

אין ענגלאַנד זיינען געשאַפן געוואָרן אַזעלכע פּאָעמעס וועגן איינעם אַ רויבער ראָבין הוד, וועלכער איז אַ גרויסער אַוואַנטוריסט און וועלכער לעבט מיט זיינע מענטשן אין די וועלדער און פירט אַ קאַמף קעגן קעניג און גלחים.

דער אָנהויב פון ליטעראַטור, אָבער, איז געווען אין די ווערק פון דזשעפערי טשאָוסער (געלעבט פון 1340 ביז 1400). באַזונדערס מיט זיין ווערק ,קענטערבורי טעילס׳ (קענטערבורי דערציילונגען). דאָס איז שוין ענגליש, אַ נייע שפּראַך און שוין רייף אויף אַזוי פיל, אַז

מען קען עס לייענען אויך איצט (בלויז דער אויסלייג פון די ווערטער איז נאָך אַלט־מאָדיש). ענגליש איז זייט דעמאָלט זיך צעוואַקסן אַזוי, אַז פון אַ שפּראַך פון עטלעכע טויזנטער מענטשן אויף אַ קליינעם אינדזל אין אייראָפּע, איז זי געוואָרן אַ וועלט שפּראַך. ענגליש האָט די מעלה וואָס זי האָט אַ סך איין־זילביקע ווערטער, וואָס מאַכן גרינג אַרויסצוזאָגן אַ געדאַנק. נאָך אַ מעלה איז דאָס, וואָס זי איז ניט ענג־האַרציק צו פרעמדע ווערטער. אַזוי אַרום האָט זי אַריינגעקראָגן אַ סך אויסדרוקן וועגן איין זאַך.

* * *

פיל האָט אויך צוגעהאָלפן צו דער שאַפונג פון דער נייער ציווי־ליזאַציע די נייע אַרכיטעקטור פון יענער צייט, וועלכע האָט געהאַט איר אָנהויב אין רעליגיעזע בנינים.

די רוימישע קירך, וועלנדיק פאַרשטאַרקן איר איינפלוס אין אייראָפּע, האָט באַשלאָסן אויסצובויען גרויסע בנינים, וועלכע זאָלן אויך דינען אַלס פעסטונגען אין אַ צייט פון קריג קעגן די קריסטן פון יעדער שטאָט אין לאַנד. צו דעם צוועק האָט זי באַשלאָסן צו פאַרשפּרייטן איבער גאַנץ אייראָפּע אַ נעץ פון קאַטעדראַלן, אַזעלכע ריזיקע קירכן, וואָס זאָלן זיין עפּעס מער ווי סתם געבעט־הייזער. אויף אויסצובויען די בנינים האָט מען געדאַרפט האָבן פּלענער און פאָרמען, און דאָס איז געשאַפן געוואָרן אין משך פון דורות דורך צוויי פאָרמען פון אַרכיטעקטור וואָס רופן זיך — ראָמאַנעסק און גאָטיק.

די „ראָמאַנעסק" איז געווען לויט די אַלטע פּרינציפּן פון אַרכי־טעקטור וואָס עס זיינען געבליבן פון רוים. די ראָמאַנעסק־בנינים זיינען געווען מערסטנס אין צפון־איטאַליע און אין דרום־פראַנקרייך, אָבער עס זיינען אַזעלכע בנינים אויך געווען אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע.

אַלס מוסטער פון דער אַרכיטעקטור איז די באַוואוסטע קאַטעד־ראַלע אין ריימס (פראַנקרייך), וואו עס זיינען געזאַלבט געוואָרן פיל פראַנצויזישע קעניגן. פון דער אַנדערער זייט איז אַלס מוסטער פון דער גאָטיק־אַרכיטעקטור די קאַטעדראַלע פון קעלן, וועלכע רופט זיך אויך אָן דער „דאָם". די גאָטיק־אַרכיטעקטור איז אָבער מער פאַרשפּרייט געוואָרן אין אייראָפּע ווי די ראָמאַנעסק. מיר זעען פיל בנינים אין פראַנקרייך, איבערהויפּט אין פּאַריז, אויסגעבויט אין גאָטיק־סטיל. אַזוי זיינען דאָ פיל אַזעלכע בנינים אין ענגלאַנד און אין די סקאַנדינאַווישע לענדער. באַזונדערס איז די גאָטיק געווען שטאַרק פאַרשפּרייט אין

דייטשלאַנד (דאָס וואָרט „גאָטיק" איז אויפגעקומען אין 16־טן יאָר־הונדערט, ווען עס איז פאָרגעקומען דער קאַמף קעגן רעליגיע און קירכעס און געוויסע שרייבער האָבן באַצייכנט די קאַטעדראַלן און אַנדערע רע־ליגיעזע בנינים אַלס באַרבאַרישע שאַפונגען, אָבער אַנשטאָט צו זאָגן באַרבאַרישע האָבן זיי געברויכט דאָס וואָרט „גאָטיק", מיינענדיק דערביי צו זאָגן אַז עס שטאַמט פון די גאָטן, (אַזאַ ווילדער דייטשער שבט וואָס איז אין אַנהויב פון מיטלאַלטער באַפאַלן אייראָפּע). ווי אַזוי אָבער עס זאָל ניט זיין האָט זיך דאָס וואָרט „גאָטיק" צוגעקלעפּט צו דער דאָזיקער אַרכיטעקטור און אַזוי רופט מען זי ביזן היינטיקן טאָג. יעדער איינער אָבער אַנערקענט איצט אַז די בנינים זיינען גרויסע קונסט־־ווערק און ווייט ניט קיין באַרבאַרישע שאַפונגען. זיי זיינען די שענסטע בנינים פון מיטלאַלטער און צייכענען זיך אויס מיט זייערע שפּיצן און טורעמס און מיט זייערע דיקע ווענט.

* * *

אָבער אַ חוץ אויסצובויען די ריזיקע בנינים, וועלכע ווערן אָנ־גערופן קאַטעדראַלן, האָט די רוימישע קירך פאַרטראַכט אויך אויס־צופּוצן און צו באַצירן זיי מיט קונסט־ווערק. ספּעציעל געשאַפן אויף רעליגיעזע קריסטלעכע טעמעס, וואָס זאָלן באַגייסטערן דעם צושויער אַזוי, אַז די קירך זאָל ווערן מיט דער צייט אַ קונסט־צענטער. אַ פּלאַץ וואוהין ס'זאָל וועלן קומען יעדער איינער, וואָס האָט אַ געברויך צו זען שיינע קונסט־ווערק פון גרויסע מאָלער און סקולפּטאָרן. צו דעם צוועק האָט די קירך איינגעלאַדן צו זיך די גרעסטע מאָלערס און סקולפּ־טאָרן פון יענע צייטן, אַז זיי זאָלן שאַפן גרויסע ווערק וואָס זאָלן באַצירן די קירך, די איינלאַדונג האָבן טאַקע די גרעסטע מאָלערס און סקולפּ־טאָרן אָנגענומען און געשאַפן פאַר דער קירך גרויסע ווערק.

## 50. דאָס אויפקומען פון אוניווערסיטעטן און סעמינאַרן

וויאַזוי די ערשטע סעמינאַרן זיינען אַנטשטאַנען. — דער אָנהויב איז געמאַכט געוואָרן פון דער רוימישער קירך כדי אויסצובילדן גלחים. — וויאַזוי עס איז אַנטשטאַנען דער אוניווערסיטעט פון פּאַריז, דער עלטסטער פון אַלע. — דער געלערנטער אַבעלאַר און זיינע תּלמידים. — דער גלויבן אין אַלכעמיע און אַסטראָלאָגיע אַלס וויסנשאַפט.

וויאַזוי האָט אויסגעזען דער מצב פון בילדונג אין מיטלאַלטער? זיינען געווען העכערע שולן, סעמינאַרן און אוניווערסיטעטן? אויב יאָ, וואָס האָט מען אין זיי געלערנט? ווער זיינען געווען די פּראָפעסאָרן און ווער — די סטודענטן? און, הויפּטזעכלעך, וואָס איז געוואָרן פון די תּלמידים פון די אַנשטאַלטן? וואָס האָבן זיי דערגרייכט?

עס איז אַ גאַנצע רייע פון פראַגן וואָס יעדע באַזונדער רופט אַרויס אַנדערע. אָבער לאָמיר גיין כסדר. מיר וועלן פּרובירן ענטפערן אויף זיי איינס נאָכן אַנדערן.

מיר ווייסן, אַז עס זיינען אין אָנהויב פון מיטלאַלטער שוין געווען העכערע שולן, אָבער וואָס פאַר אַ שולן זיינען זיי געווען? — דאָס זיינען געווען אַנשטאַלטן הויפּטזעכלעך אויף אויסצובילדן גלחים. אַזעלכע שולן זיינען געשאַפן געוואָרן נאָר דורך שאַרלעמאַנען אין עטלעכע שטעט פון פראַנקרייך. די לערער זיינען געווען גלחים און אַפילו ניט קיין מענטשן פון הויכער בילדונג. אַלץ וואָס זיי האָבן געקענט איז געווען פון אַן עלע־מענטאַרן כאַראַקטער. די סטודענטן האָט מען געלערנט די לאַטייניש גראַמאַטיק, כדי זיי זאָלן קענען לייענען די געבעטן וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אויף לאַטייניש, אָבער אַפילו דאָס אויך ניט גענוג, אַז זיי זאָלן אָט די געבעטן גוט פאַרשטיין. זיי האָבן ניט געקענט קיין מוזיק צו פאַרשטיין פאַרוואָס מען זינגט געוויסע זאַכן אין דער קירך און וואָס עס באַדייט? מיט די סטודענטן האָט מען אויך געלערנט אַ ביסל מאַטעמאַטיק (מיט רוימישע ציפערן), אַ ביסל געאָגראַפיע (לויט דעם באַגריף פון יענער צייט), אַ ביסל אַסטראָנאָמיע (וואָס איז אייגנטלעך געווען מער אַסטראָלאָגיע) און אַ ביסל גריכישע פילאָזאָפיע (אויסגעטייטשט פון דער רוימישער קירך).

אויסער די גלחישע שולן זיינען געווען אַנדערע וואָס זיינען אויס־

געהאַלטן געוואָרן פון די צעכן וואו מען האָט אויך וויניק געלערנט. אַ קליינע צאָל פון יינגלעך אין די דערפער האָבן געלערנט ביים דאָרטיקן גלח. בכלל גענומען, איז אַנאַלפאַבעטיזם געווען זייער פאַרשפּרייט אין מיטלאַלטער. קענען לייענען און שרייבן איז געווען אַן ענין וואָס איז גאַנץ וויניק בנמצא.

שפּעטער זיינען פון אַ טייל פון די גלחישע העכערע שולן געוואָרן אוניווערסיטעטן. בכלל גענומען, האָבן אוניווערסיטעטן אָנגעהויבן אויפ־צוקומען אין מיטן פון 12־טן יאָרהונדערט ביז ענדע פון 15־טן יאָר־הונדערט. אין אָט־דער עפּאָכע זיינען געשאַפן געוואָרן אין אייראָפּע אַן ערך פון 80 אוניווערסיטעטן. אַ טייל פון זיי זיינען באַלד אונטערגע־גאַנגען. אָבער ביים היינטיקן טאָג זיינען נאָך דאָ אין אייראָפּע אַן ערך פון 50 אוניווערסיטעטן, וועלכע האָבן געהאַט זייער אָנהויב אין מיטל־אַלטער. די אַמאָליקע אוניווערסיטעטן האָבן זיך ניט געווענדעט צו דער מלוכה, אַז זי זאָל זיי שטיצן און אויך ניט צו פּריוואַטע מענטשן. די אוניווערסיטעטן זיינען אנטשטאַנען כמעט פּלוצלינג אָן שום פאָרבערײ־טונגען. אין 12־טן און אין 13־טן יאָרהונדערט האָט זיך אין אייראָפּע געפילט אַ גרויסער מאַנגל אין בילדונג. ס'האָט געפעלט אינטעליגענץ צו קענען זיך אַנטקעגנשטעלן קעגן דער קירך. פון דער אַנדערער זייט זיינען די אַראַבער אין שפּאַניע געשטאַנען אויף אַ פיל העכערער מדרגה אין בילדונג ווי די קריסטן. עס איז געווען די צייט, ווען ביי די אַראַבער איז געווען זייער רענעסאַנס. עס איז דעריבער באַשלאָסן געוואָרן ביי דער קירך צו שאַפן אוניווערסיטעטן פאַר העכערער בילדונג.

אָבער עס איז ניט אַלע מאָל געווען דער באַשלוס צו שאַפן אַן אוניווערסיטעט וואָס עס האָט געפירט דערצו. עס זיינען געווען אויך גע־וויסע פאַקטאָרן וואָס האָבן דערצו געטריבן. אַמבעסטן קען מען דאָס זען פון דעם וואָס עס איז געשען, אין צוזאַמענהאַנג מיטן געלערנטן אַבעלאַר (אין עלפטן און צוועלפטן יאָרהונדערט) לויט די כראָניקער פון יענער צייט.

דער געלערנטער אַבעלאַר האָט געשטאַמט פון אַן אַריסטאָקראַטי־שער משפחה. פיל מיטגלידער פון זיין פאַמיליע האָבן געמאַכט מיליטע־רישע קאַריערעס. עס האָט דעריבער געהאַלטן, אַז אויך ער זאָל אַזוי טאָן, אָבער ער האָט געהאַט אַ גוטן קאָפּ און האָט באַגערט צו לערנען. ער איז דעריבער נאָך אַלס יונגערמאַן געקומען פון ענגלאַנד קיין פּאַריז צו הערן לעקציעס ביים מאַגיסטער פון דער העכערער שול, אין דער קאַטעדראַלע אויפן נאָמען פון „נאָטר־דאַם". ביסלעכוויין האָט אַבעלאַר

אַנטייל גענומען אין די דיסקוסיעס, וואָס עס זיינען דאָרטן אָנגעגאַנגען און האָט אויסגענומען ביי אַלע אַזוי, אַז מען האָט גענומען רעדן פון אים אַלס אַ גרויסן געלערנטן. פיל פון די תלמידים זיינען צוגעשטאַנען צו אים, אַז ער זאָל אַליין געבן לעקציעס צו וועלכע זיי וועלן קומען. אַבעלאַר איז דעמאָלט אַלט געווען ניט קיין גאַנצע 22 יאָר, אָבער דאָך איז ער שוין געוואָרן פּראָפעסאָר און גענומען האַלטן לעקציעס. עס האָבן אָנגעהויבן צו קומען הערן זיינע לעקציעס הונדערטער יונגע מענטשן און באַלד איז די צאָל געשטיגן וואָס אַמאָל מער. די לעקציעס האָט ער געהאַלטן אין אַ צימער אין דער קאַטעדראַלע.

אַבעלאַרס דערפאָלג האָט געפירט דערצו, אַז עס זאָלן קומען נאָך געלערנטע און נאָך סטודענטן קיין פּאַריז און אַזוי ווי עס איז געוואָרן אַ געברויך פאַר לעקציעס פאַר פיל טויזנטער סטודענטן און אַזוי אויך פאַר די געלערנטע צו געבן די לעקציעס, איז געבוירן געוואָרן דער אוני־ווערסיטעט פון פּאַריז (ביי ענדע פון 12־טן יאָרהונדערט). פּאַריז איז דעמאָלט געוואָרן אַ צענטער פון לערנען. הויפּטזעכלעך טעאָלאָגיע און פילאָזאָפיע. אַ שרייבער פון יענער צייט באַצייכנט די שטאָט אַלס „די מיל, וואו עס ווערט געמאָלן דער קאָרן פון דער וועלט און דער פלאַץ, וואו דאָס ברויט פון גאָר דער וועלט ווערט געבאַקן״. דער אוניווערסיטעט פון פּאַריז האָט זיך באַלד געקענט רימען, אַז ער האָט 5,000 סטודענטן. ענגלאַנד האָט זיך איצט מתקנא געווען אָן פּאַריז און האָט געשאַפן אירע אַן אייגענעם אוניווערסיטעט אין אָקספאָרד. שפּעטער זיינען געשאַפן גע־וואָרן אַזעלכע אוניווערסיטעטן אין פיל אַנדערע לענדער. באַזונדערס האָט זיך אויסגעצייכנט דער אוניווערסיטעט פון באָלאָניאַ (איטאַליע). דאָרט האָט געלעבט אַ גרויסער געלערנטער אירנעריוס, וועלכער האָט געהאַט אַזאַ דערפאָלג מיט זיינע לעקציעס אַזוי ווי אַבעלאַר אין פּאַריז. דאָס האָט צוגעצויגן אַ סך תלמידים, אָבער אירנעריוס האָט ניט גערעדט וועגן טעאָלאָגיע און פילאָזאָפיע, נאָר וועגן געזעץ. ער האָט געלערנט מיט די תלמידים יוסטיניאַנס קאָדעקס. זיין ציל איז געווען צו שאַפן אַ שול אויף צו לערנען געזעץ (לאָא) און אויף אויסצובילדן אַדוואָקאַטן. דאָס האָט שטאַרק אויסגענומען און אַלע וואָס האָבן געוואָלט ווערן אַד־וואָקאַטן זיינען געקומען אַהין. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט איז פון דער שולע פאַר געזעץ געוואָרן אַן אוניווערסיטעט. דאָרטן איז געווען דער צענטער פאַר אַלע די, וואָס האָבן געוואָלט שטודירן דאָס רוימישע געזעץ, אָט דאָס געזעץ וואָס האָט דעמאָלט געהערשט אין פראַנקרייך, דייטש־לאַנד און אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע. דעריבער זיינען פיל פון

דער יוגנט פון יענע לענדער געקומען קיין באָלאָניאַ צו הערן די לעק־ציעס פון פּראָפעסאָר אירנעריוס. דאָרטן האָט אויך געלעבט אַ מאַנאַך מיטן נאָמען גראַטיאַן, וועלכער האָט געשאַפן אַ טעקסט־בוך פאַרן געזעץ פון דער קירך (אַ שלחן־ערוך פון קריסטנטום) און זיין בוך איז באַלד אָנגענומען געוואָרן אַלס אַ גוטער טעקסט־בוך.

דאָס וואָרט „אוניווערסיטעט" האָט דעמאָלט געמיינט: אַ פאַר־אייניקונג פון די לערערס פון פאַרשידענע געביטן פון וויסן, אין איין פּלאַץ. ווי שוין געזאָגט, האָבן די צעכן אויך געשאַפן אַזעלכע לערן־אַנשטאַלטן, וואו די לימודים זיינען שוין געווען מער וועלטלעכע. די צעכן האָבן געלערנט אַנדערע לימודים ווי אין די רעליגיעזע און אויך איינגעפירט אַ סיסטעם אין זייערע שולן, וואָס עס איז ניט געווען אין די רעליגיעזע שולן. דאָס איז געווען די סיסטעם פון טיטלען. נאָכדעם ווי אַ סטודענט האָט אָפּגעלערנט אַ געוויסע צאָל יאָרן (דאָס איז ניט געווען אומעטום גלייך), האָט ער געקראָגן דעם טיטל: „קאַוואַלער פון די קונסטן". אַזאַ איינער האָט געקענט ווערן אַ לערער אין אַן עלעמענטאַ־רער שול פאַר אַזעלכע לימודים וואָס עס זיינען דאָרטן געווען נויטיק. נאָך לערנען נאָך אַ געוויסער צאָל יאָרן (אויך פאַרשידן איז אַ צאָל פאַרשידענע ערטער), האָט מען געקראָגן דעם העכסטן טיטל אין יענער צייט: „מאַגיסטער". עס האָט געהייסן „מאַגיסטער פון די קונסטן" דאָך האָבן פיל פון די וואָס האָבן געלערנט, קיין שום אויסצייכענונג ניט געקראָגן.

די רעליגיעזע שולן זיינען געשטאַנען אונטער דער פּראָטעקציע פון דער קירך און עס איז דעריבער געווען איינגעפירט, אַז די סטודענטן האָבן געהאַט אַ טייל פון די פּריווילעגיעס וואָס עס האָבן געהאַט די גלחים. אַזוי, למשל, האָבן סטודענטן ניט געדאַרפט צאָלן קיין שטייערן און ניט דינען אין דער אַרמיי. זיי האָבן אויך געהאַט דאָס רעכט אַז אויב מען האָט זיי געדאַרפט משפטן פאַר עפּעס, זאָל מען דאָס טאָן אין ספּעציעלע געריכטן פון דעם אוניווערסיטעט.

עס איז אויך געווען אָנגענומען דעמאָלט, אַז סטודענטן זאָלן אַריבערגיין פון איין אוניווערסיטעט אין אַ צווייטן. אַזוי אַרום, למשל, איז אָקספאָרד אויסגעוואַקסן, ווייל פיל פראַנצויזישע סטודענטן האָבן פאַר־לאָזט פּאַריז און געקומען לערנען אין אָקספאָרד, און אַזוי איז אויך דער דייטשער אוניווערסיטעט פון לייפּציג געוואָרן וואָס אַמאָל גרעסער אויפן חשבון פון דעם אוניווערסיטעט אין פּראָג, ווייל די סטודענטן זיינען בעסער אַוועק לערנען אין לייפּציג.

סטודענטן האָבן געוויינלעך געלעבט אַרום דעם אוניווערסיטעט אין געוויסע הייזער. עס זיינען געווען אַזעלכע מעצענאַטן, וועלכע האָבן אויסגעהאַלטן די אָרעמע סטודענטן. שפּעטער האָבן די אוניווערסיטעטן גענומען קריגן גרויסע נדבות פון רייכע מענטשן און געקענט אַליין העלפן אַן אָרעמען סטודענט. אין אָקספאָרד און שפּעטער אויך אין קעמ־ברידזש איז איינגעפירט געוואָרן אַ מין זעלבסט־פאַרוואַלטונג פון די סעמינאַרן, וואָס עס איז געבליבן ביזן היינטיקן טאָג. אין מיטלאַלטער איז אַן אוניווערסיטעט געוויינלעך באַשטאַנען פון פיר סעמינאַרן מיט פיר סאָרטן פון לימודים: טעאָלאָגיע, געזעץ, קונסט און מעדיצין. אין דער אָפּטיילונג פון קונסט האָט מען געלערנט שפּראַכן, לאָגיק, העכערע מאַטעמאַטיק, אַסטראָנאָמיע און מוזיק. אין די אָפּטיילונגען פון געזעץ, טעאָלאָגיע און מעדיצין האָט מען געקענט אַריינקומען ערשט נאָכדעם ווי מען האָט שטודירט פריער אין סעמינאַר פילאָזאָפיע און קונסט. די לימודים פון געזעץ, מעדיצין און אויך טעאָלאָגיע זיינען געווען באַ־צוועקט צו שאַפן פּראָפעסיאָנאַלן פון יעדן געביט באַזונדער, וואָס זאָלן העלפן דער באַפעלקערונג. אַזוי זיינען סטודענטן פון טעאָלאָגיע געוואָרן גלחים; פון לאָא — אַדוואָקאַטן און פון מעדיצין — דאָקטוירים צו היילן קראַנקע. אַזוי ווי די סטודענטן האָבן געוואַנדערט פון איין אוניווער־סיטעט אין אַ צווייטן, האָט יעדער אוניווערסיטעט זיך באַמיט אויסצו־צייכענען זיך אויף איין געוויסן געביט. אַזוי, למשל, האָט זיך פּאַריז אויסגעצייכנט אין טעאָלאָגיע. די אוניווערסיטעטן פון מאָנפּעליע, פּאַדואַ און סאַלערנאָ — אין מעדיצין און די פון אָרלעאַנס, באָלאָניע און סאַלאַ־מאַנקאַ — אין געזעץ־ענינים.

* * *

אַ חוץ אוניווערסיטעטן האָט זיך אויך דער לעצטער טייל פון מיטלאַלטער אויסגעצייכנט מיטן שאַפן ענציקלאָפּעדיעס אין גרויסע און שווערע בענדער וועגן פאַרשידענע וויסנשאַפטלעכע ענינים. נאַ־טירלעך זיינען די ענציקלאָפּעדיעס געשריבן געוואָרן אויף לאַטייניש. באַזונדערס זיינען די שרייבער פון די ענציקלאָפּעדיעס געווען אינטערע־סירט אין פיזיק. עס איז געווען אַ צייט, ווען עס זיינען אויפגעקומען און עס זיינען אַנטשטאַנען פיל נייע זאַכן, אַ צייט פון אַנטדעקונגען און דערפינדונגען. אַזוי האָט מען דעמאָלט געשאַפן דאָס פאַרגרעסערונגס גלאָז. זייגערס זיינען שוין געווען פריער, אָבער זיי זיינען נאָך ניט געווען פאַרפולקאָמט. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן דער קאָמפּאַס פאַר שיף־

פאַרער, אַז זיי זאָלן וויסן וואו צו פאָרן (דאָס איז אגב געווען די דער־פינדונג פון אַ יידישן געלערנטן ר׳ אברהם זכותא, וועלכער האָט אָנגע־שריבן וועגן דעם אַ גאַנץ בוך). דעמאָלט איז אויך אַנטדעקט געוואָרן פולווער, וואָס עס איז אייגנטלעך געווען אַן אַלטע כינעזישע דערפינדונג נאָך פון 6־טן יאָרהונדערט, נאָר דאָרטן האָט מען עס ניט גענוצט אַלס אַ קאַמף־־מיטל.

מען האָט דעמאָלט אויך געאַרבעט אַ סך אויפן געביט פון כעמיע. מען וואָלט געוויס פיל מער אויפגעטאָן, ווען צו אָט־דער וויסנשאַפט פון כעמיע, וואָלט זיך ניט צוגעטשעפּעט אַ פאַלשע וויסנשאַפט פון אַל־כעמיע, אַ גלויבן, אַז מען קען דורך פאַרשידענע מיטלען פאַרוואַנדלען אַנדערע שטאָפן אין גאָלד. אָט־דער גלויבן איז געווען א ירושה נאָך פון אַלטע צייטן, פון די עגיפּטער פון וועלכע עס האָבן דאָס איבערגענומען די גריכן. אין יענער צייט פון מיטלאַלטער, ווען פיל קעניגן האָבן זיך געגויטיקט אין גאָלד, האָבן זיי זיך געווענדעט צו די געלערנטע, אַז זיי זאָלן אַרבעטן אויף דעם געביט פון פאַרוואַנדלען אַנדערע מעטאַלן אין גאָלד. פיל געלערנטע האָבן זיך אָנגעכאַפּט דערין און דערביי געפּטרט זייערע כוחות און פעאיקייטן. עס האָט געהערשט דעמאָלט אַ געוויסער גלויבן, אַז מען דאַרף פריער אַנטדעקן דעם „פילאָזאָפישן שטיין״, אַזאַ מאַטעריע וואָס וועט ווייזן דאָס וואונדער פון פאַרוואַנדלען אייזן אין גאָלד. אַלכעמיע האָט גאָרניט דערגרייכט, אָבער די, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דעם, האָבן אויספּרובירט און געפאָרשט פיל מאַטעריאַלן און דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גרויס געווינס פאַר דער וויסנשאַפט.

אויך די אַסטראָנאָמען פון יענער צייט האָבן געהאַט אַזאַ צוטשע־פּעניש פון אַ פאַלשער וויסנשאַפט וואָס הייסט אַסטראָלאָגיע (אַזאַ לערע, אַז די שטערן האָבן אַ השפּעה אויף אונדזער לעבן). אויך אַסטראָלאָגיע איז אַן אַלטע קרענק, פאַרשלעפּט נאָך פון בבל, אָבער דאָך האָבן פיל געלערנטע אין מיטלאַלטער געגלויבט אַז עס ווענדעט זיך אונטער וועלכן מזל (שטערן) דער מענטש איז געבוירן געוואָרן. זיי האָבן איינ־געטיילט די צוועלף חדשים פון יאָר, יעדן איינעם אונטער אַ געוויסן צייכן (מזלות), ווי למשל, אַ שעפּס, אַן אָקס, אַ צווילינג, אַ לייב, אַ בתולה, אַ וואָג־שאָל, אַן עקדיש, אַ רעגנבויגן, אַ ציג, פיש און געזאָגט אַז אויב מען איז געבוירן געוואָרן אונטער דעם צייכן פון אַ לייב, וועט מען זיין אַ מוטיקער מענטש. (מערקווירדיק איז, אַז אַזעלכע גרויסע גייסטער ווי דער רמב״ם, דער אבן עזרא און נאָך אַנדערע יידישע געלערנטע און אויך פיל ניט־יידישע, האָבן געגלויבט אין אַסטראָ־

לאַגיע און געשריבן וועגן דעם). אָבער די צווי פּאַלשע טעאָריעס זיינען ניט געווען די איינציקע זאַכן אין וואָס אַפּילו גרויסע געלערנטע האָבן געגלויבט. עס איז, למשל, געווען אַן אַלטער גלויבן ביי אַלע פעלקער (איבערגענומען נאָך פון די עגיפּטער), אַז עס זיינען דאָ „פליענדע שלאַנגען״. האָט אַזאַ קלוגער מענטש מיט אַזאַ קלוגן קאָפּ ווי ראַדזשער בעיקאָן געגלויבט דערין און האָט געשריבן וועגן דעם און פאַרזיכערט אַז עס עקזיסטירן נאָך אַזעלכע באַשעפענישן אין דער וועלט. אין שייכות מיט די „פליענדע שלאַנגען״ איז געווען פאַרבונדן אַ גלויבן, אַז אויב מען עסט זייער פלייש, לעבט מען זייער לאַנג, אַפּילו הונדערטער יאָרן. האָט בעיקאָן אויך געגלויבט, אַז עס איז דאָ אַזאַ חיהלע וואָס הייסט סאַלאַמאַנדער, וואָס וואוינט אין פייער און אַז ווען מען האָט דאָס אין הויז, קען קיין פייער דאָרטן ניט אָנטאָן קיין שאָדן. אַזוי האָט מען אויך געגלויבט, אַז דער פויגל, פעניקס לעבט־אָפּ 500 יאָר, דערנאָך פאַרברענט ער זיך אַליין און שטייט־אויף צוריק צום לעבן נאָך 500 יאָר. אויך אין דעם האָבן געגלויבט ניט נאָר דאָס פּראָסטע פאָלק, נאָר די געלערנטע, און געשריבן דערפון אין זייערע ביכער.

XI.

## דער קאַמף פאַר און קעגן קריסטנטום

## 51. דער הייליקער פראַנציס פון אַסיסי

זיין שטורמישע יוגנט און די ענדערונגען וואָס עס זיינען פאָרגע־
קומען אין אים שפּעטער. — ער שאַפט דעם פראַנציסקאַנער אָרדן
וואָס איז איצט דער גרעסטער פון אַלע. — זיין רוף אָפּצושטעלן
בלוט פאַרגיסונגען און אַז מענטשן זאָלן זיך באַגנוגענען מיט ווי־
ניקער. — זיין פריינדשאַפט צו יידן.

אין טומל פון די יאָרן אין טיפן מיטלאַלטער, ווען בלוט־פאַר־
גיסונגען אויף פיל אופנים און צוליב פאַרשידענע מאָטיוון זיינען געווען
אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, ווען ביטערע קאַמפן זיינען כסדר אָנגע־
גאַנגען צווישן שטעט און לענדער; צווישן כלומרשט־גלויביקע און אַזוי־
גערופענע אומגלויביקע, און אויך צווישן אַזיאַטישע האַלב־ווילדע קעגן
די ציוויליזירטע מענטשן פון אייראָפּע — אין מיטן פון דעם אַלעמען,
זיינען געווען, דאָ און דאָרטן, איינצלנע וועלכע האָבן געפּרעדיקט הויכע
אידעאַלן און וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג, אין פאַרלויף פון
די יאָרן, אויפן גאַנג פון די קומענדע דורות. אַט־די דאָזיקע פּערזענ־
לעכקייטן פאַרדינען אונדזער אויפמערקזאַמקייט, ווייל זיי זיינען עס געווען
די וועלכע האָבן געגעבן אונדזער היינטיקער ציוויליזאַציע די פאָרם און
קאָליר, וועלכע זי האָט איצט.

* * *

איינער פון זיי, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף זיין
צייט, איז געווען דער קריסטלעכער הייליקער פראַנציס פון אַסיסי. נאָך
די ביין קרייץ־צוגן, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין פאַרלויף פון
200 יאָר און וועלכע זיינען באַלד פון אָנהויב אָן אויסן געווען בלויז אויף
צו פאַרגיסן בלוט און צו ראַבעווען יענעמס האָב־און־גוטס, איז געקומען
דער צענטער קרייץ־צוג פון פראַנציס פון אַסיסי אויף צו לערנען די
מענטשן ליבע און מענטשלעכע באַציאונג. צי די דאָזיקע באַוועגונג איז
געווען דערפאָלגרייך אָדער ניט, יעדנפאַלס איז קיין בלוט ניט פאַר־
גאָסן געוואָרן (כאָטש דאָס איז ניט אינגאַנצן אמת, ווייל די אָנהענגער
פון פראַנציס פון אַסיסי האָבן שפּעטער באַצאָלט מיט זייערע לעבנס פאַר
די אידעען וואָס זיי האָבן געפּרעדיקט און הונדערטער פון זיי זיינען לויטן
באַפעל פון דער רוימישער קירך פאַרברענט געוואָרן אויפן פייער).

אָבער ווער איז געווען סט. פראַנציס פון אַסיסי און וואָס אַזוינס האָט ער געפּרעדיקט? — דער ענטפער דערויף איז, אַז ער איז געווען אַ קריסטלעכער הייליקער, וואָס האָט ניט געוואָלט געניסן פון דער וועלט, און וועלכער האָט געפּרעדיקט ליבע צו אַלעם דעם, וואָס גאָט האָט באַשאַפן. ניט נאָר צו מענטשן, נאָר אויך צו חיות, בהמות און עופות, און אפילו אויך צו אַלע דוממים וואָס גאָט האָט באַשאַפן. פראַנציס האָט געוואָלט לעבן לויט דעם אופן ווי קריסטוס האָט געפּרעדיקט און עס איז אים געלונגען מיט זיין פּרעדיקן אָפּצושטעלן דעם באַגער צו נייע קרייץ־צוגן.

* * *

פראַנציס פון אַסיסי איז געווען דער זון פון אַ רייכן סוחר אין אַסיסי אין דער פּראָווינץ פון אומבריא, איטאַליע. זיין פאָטערס נאָמען איז געווען פּיעטראָ בערנאַדאָנע. אלס קינד איז פראַנציס געווען אַ ביסל צעלאָזן. ער איז געווען קריגעריש געשטימט און גרייט אָנצופאַלן אויף יעדן איינעם, וואָס האָט אים געזאָגט עפּעס אַ שלעכט וואָרט. ער האָט אויך ניט געוואוסט די ווערט פון געלט און האָט אויסגעגעבן אַלעס וואָס ער האָט געהאַט. אָבער ניט פאַר זיך, נאָר פאַר פריינד. ער האָט בעסער געוואָלט אויסגעבן די געלטער, וואָס ער האָט געקראָגן פון זיין רייכן טאַטן אויף צו פאַרשאַפן פאַרגעניגן זיינע פריינד, ווי פאַר זיך אַליין. זיין מוטער, וועלכע איז געווען אַ ביסל קאַרגלעך, האָט אָפט געהאַט טענות צו איר מאַן, אַז פראַנציס פירט זיך אויף ווי אַ שטייגער ער וואָלט געווען אַ פּרינץ. אויך דער פאָטער האָט כסדר געטענהט צו אים, אַז ער פירט זיך ניט גוט און ער ווייסט ניט צי ער וועט ווען אַמאָל ווערן אַ לייט.

דערפאַר האָט פראַנציס געהאַט אַ סך פריינד אין אַסיסי, אין דעם שטעטל וואו ער איז געבוירן געוואָרן. ער איז געווען דער פירער פון אַ גאַנצער גרופּע יונגעלייט, וועלכע האָבן אים נאָכגעטאָן אין אַלעם וואָס ער האָט געטאָן.

באַלד האָט זיך געמאַכט, אַז זיין שטאָט איז געוואָרן פאַרוויקלט אין אַ מלחמה מיט אַ נעבן־שטאָט. וואָרום אַזוי איז געווען דער שטייגער אין איטאַליע זייט דעם פאַלן פון רוים. נאָכן פאַלן פון רוים איז געוואָרן אַזאַ לאַגע, אַז יעדע שטאָט האָט געהאַט איר הערשער וואָט געהאַט זיין אַרמיי און וועלכער האָט מיט איר געקעמפט קעגן דער אַרמיי פון אַן אַנדערער שטאָט וואָס איז געווען אין שכנות. אַזוי אַרום האָט געקעמפט דער קליינער „צעזאַר״ פון וועניס קעגן פלאָרענץ, פלאָרענץ קעגן אַסיסי;

אַסיסי קעגן פּערוגיאַ און פּערוגיאַ קעגן ווענעציע, און אַזוי ווייטער. עס איז געווען אַ סעריע פון קליינע מלחמהלעך צווישן קליינע פעלד־מאַרשאַלן.

איצט האָט פּערוגיאַ אויסגערופן אַ קאַמף קעגן אַסיסי און אַלע יונגעלייט פון אַסיסי זיינען גערופן געוואָרן צום מיליטער. דעמאָלט איז אויך פראַנציס אַוועק אין קאַמף. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און ער איז גענומען געוואָרן געפאַנגען אין פּערוגיאַ און איז דאָרטן געווען אַ יאָר צייט אין געפאַנגענשאַפט. דעמאָלט איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין אים, צו זען די וועלט אַנדערש.

באַלד נאָכדעם ווי פראַנציס איז אַרויס פון געפאַנגענשאַפט און איז געקומען אַהיים, איז ער שטאַרק קראַנק געוואָרן. די קראַנקייט האָט זיך געצויגן אַ לאַנגע צייט און עס זיינען געווען מאָמענטן, ווען די דאָק־טוירים האָבן אים אויפגעגעבן. ער איז דאָך אַרויסגעקומען פון קריזיס און אין דער צייט, ווען ער איז געקומען צו זיך, האָט ער שטודירט דעם נייעם טעסטאַמענט און געפונען דאָרטן אַ נייעם קוואַל פון ליבע פון מענטש צו מענטש. ער האָט איצט אָנגעהויבן צו באַטראַכטן אַלע מענטשן אַלס גאָטס באַשעפענישן, וועלכע מען דאַרף ליב האָבן, ווייל גאָט האָט זיי באַ־שאַפן און ניט נאָר מענטשן, נאָר אויך אַלץ וואָס גאָט האָט באַשאַפן. אַלץ איז ווערט מען זאָל ליב האָבן, ער האָט דערפאַר אָנגעהויבן צו פּרע־דיקן ליבע צו אַלץ וואָס גאָט האָט געשאַפן, צו דער זון, לבנה און שטערן; צו די פייגל, די בהמות און חיות, צו דיביימער און גראָזן און די בלומען. אַלץ איז ווערט אונדזער ליבע, ווייל אַלץ איז פון גאָט, דערביי האָט ער געטראַכט דערפון, אַז דער מענטש דאַרף אייגנטלעך זייער ווייניק. דער מענטש דאַרף כמעט גאָרניט. פאַרקערט נאָך, דאָס וואָס אַ מענטש זוכט צו האָבן זאַכן, שטערט אים נאָר אין דער ליבע צום צווייטן. די זאַכן שטייען אין וועג פון ליבע צו די מענטשן. דעריבער דאַרף מען באַזייטיקן אַלע זאַכן, כדי מען זאָל קענען מער ליבן און פראַנציס האָט אָנגעהויבן צו פּרעדיקן אַ נייע לערע, אַ מין קאָטוילישן אַנאַרכיזם. ער האָט געזאָגט, אַז עס איז ניט נויטיק קיין אייגנטום. עס איז ניט נויטיק קיין באַשטימטע אָרדענונג און עס דאַרף ניט זיין קיין הערשאַפט פון מענטש איבער מענטש. דער מענטש דאַרף גאָרניט, בלויז ליב האָבן. ער דאַרף ליב האָבן דעם צווייטן, ליב האָבן די נאַטור, ליב האָבן אַלץ. אָט־דאָס איז דאָס גרעסטע אייגנטום וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן: ליבע צו אַלץ.

און ער האָט באַשלאָסן אָנצוהויבן צו פירן אַזאַ לעבן.

שפעטער איז ווידער געווען אַ קריג צווישן די צוויי שטעט, אָבער פראַנציס האָט מער ניט געוואָלט אַריינטרעטן אין דער אַרמיי. זיינע פריינד האָבן פון אים געלאַכט און אים גערופן „פחדן״, אָבער ער האָט זיי דער־קלערט, אַז ער האָט שוין געזען די וועלט פון אַן אַנדערן שטאַנדפּונקט און אַז ער וויל בעסער אַליין ליידן איידער צו מאַכן אַנדערע צו ליידן.

אין יענער צייט איז ער איינמאָל געפאָרן אין אַן אַנדערער שטאָט אין דער פּראָווינץ פון אומבריא. פלוצים האָט ער דערזען אַ קרעציקן. פראַנציס האָט אים גערופן צו זיך, אים אַרומגענומען און אים געטרייסט און ער האָט געהאַט גרויס צופרידנקייט דערפון וואָס ער האָט דאָס געקענט טאָן. פון איצט אָן האָט ער זיך געווידמעט אינגאַנצן צו העלפן ליידנדע. איבערהויפּט די, וואָס דאָס לעבן האָט אַראָפּגעשטויסן צום אָפּגרונט און די, וועלכע מענטשן האָבן פאַרטריבן און דערווייטערט. ווען מען האָט אים געפרעגט פאַרוואָס ער וויל העלפן די, וועלכע גאָט אַליין וויל ניט העלפן, האָט ער געענטפערט, אַז גאָט וויל אַז דער מענטש זאָל זיך אויסצייכענען מיט פאַרריכטן די פעלערן וואָס מען מאַכט אין הימל.

אָבער מיט דער דאָזיקער שיטה האָט פראַנציס ניט שטאַרק אויס־גענומען ביי דער אָפיציעלער מאַכט אין רוים, וועלכע האָט מורא געהאַט אַז ער וויל שאַפן אַ סעקטע וואָס וועט זיך אָפּרייסן פון דער קירך, אָבער גאָר באַזונדערס איז פון זיין נייעם דרך ניט געווען צופרידן זיין פאָטער. איינמאָל האָט פראַנציס געדאַרפט געלט כדי צו העלפן אַ גאַנצער רייע פון קראַנקע מענטשן און ניט געהאַט. האָט ער פאַרקויפט זיין פערד וואָס ער פלעגט דערויף רייטן, אָבער ווען דאָס איז אויך געווען ווייניק, האָט ער פאַרקויפט אַ פּאַק מיט סחורה וואָס האָט געהערט צו זיין פאָטער, כדי מיטן געלט צו העלפן די ליידנדע. ווען זיין פאָטער האָט זיך דערפון דערוואוסט, האָט ער זיך מיט אים געקריגט און אים אָנגערופן „גנב״. דערביי האָט ער אים געגעבן אַ מוסר־לעקציע וועגן דעם ווי אומדאַנק־באַר ער איז צו אים, פון וועמען ער האָט אַלצדינג, אפילו די קליידער וואָס ער טראָגט אויף זיך.

פראַנציס איז געוואָרן בייז, האָט אויסגעטאָן אַלע זיינע קליידער און זיי געוואָרפן דעם פאָטער אין פנים אַריין און אַליין אָנגעטאָן זיך אין אַן אַלטן ברוינעם מאַנטל, וואָס איז געלעגן ערגעץ אין הויז. אַזוי ווי דער מאַנטל האָט ניט געהאַט קיין קנעפּ, האָט ער אַרומגעבונדן זיך מיט אַ שטריק און אַזוי איז ער אַרויס אין גאַס. שפּעטער, ווען פראַנציס האָט

געקראָגן פיל אָנהענגער פון זיין לערע, האָבן די תלמידים באַשלאָסן צו טראָגן די קליידונג פון פראַנציסקן אַלס אַ מוסטער פון זייער נייעם לעבן. אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן דער מנהג אין פראַנציסקאַנער אָרדן, אַז אַלע מיטגלידער טראָגן אַזעלכע ברוינע מאַנטלען מיט אַ שטריק אַרום די לענדן.

פראַנציס פון אַסיסי איז איצט געוואָרן דער פירער פון אַ גרויסן אָרדן, וואָס איז געוואַקסן אין צאָל פון טאָג צו טאָג. עס איז געווען דער־פאַר ווייל די מענטשן זיינען שוין מיד געוואָרן פון די פּרעדיקער פון האַס, וואָס זיי האָבן כסדר געהערט פון די קרייץ־טרעגער און פון אַנ־דערע קריסטלעכע פירער. ער, פראַנציס פון אַסיסי, האָט איצט אַריינ־געבראַכט אַ ניי וואָרט: „ליבע", און דאָס האָט שטאַרק אויסגענומען. פראַנציס איז געוואָרן אַ מין בודאַ. כאָטש ער האָט אפשר גאָר פון יענעם אינדישן פירער ניט געוואוסט אינגאַנצן. פון פּסיכאָלאָגישן זין זעט אויס, אַז ער איז פון דער שווערער קראַנקייט וואָס ער האָט מיטגעמאַכט געוואָרן אַ ביסל צערודערט און דערפאַר טרעפט מען ביי אים זייער פיל מאָדנע און ניט־רעאַלע אויסדרוקן. אָבער ער האָט דאָך געהאַט אַ גרויסן איינ־פלוס אויף דער יוגנט פון זיין דור און געשאַפן דעם גרויסן פראַנציש־קאַנער אָרדן, וועלכער האָט זיך שוין אין זיין צייט געטיילט אויף דריי טיילן.

און נאָך עפּעס איז געווען וואָס האָט געמאַכט די מענטשן צו ציען צו אים. ער האָט געוויזן אַ נייעם וועג צו די יעניקע וועלכע האָבן געוואָלט גיין אין קריג כדי צו רויבן אַנדערע, כדי צו ברענגען אַהיים אַ סך פרעמד האָב־און־גוטס. פראַנציס האָט צו זיי געזאָגט: „גייט ניט אין קריג! קעמפט ניט! פאַרגיסט ניט קיין מענטשלעך בלוט! צעשטערט ניט די שיינע וועלט וואָס גאָט האָט באַשאַפן! ווארום וואָס עס איז שייך צו מענטשלעכן גוטס, דאַרפט איר גאָר ניט אַזוי פיל. ס'איז גענוג אַלץ וואָס איר האָט! דער רייכסטער מענטש איז דער וואָס האָט ווייניק און ער דאַרפט ניט מער".

דאָס איז געווען אַ נייע פאַרטראַכטונג וואָס האָט אויסגענומען און גרויסע צאָלן פון מענטשן זיינען געקומען צו אים און באַשלאָסן צו לעבן אַזוי ווי ער, אָן קליידער און אַפילו אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. בלויז מיט אַ ברוינעם מאַנטל אויפן לייב און מיט אַ שטריק אַרום די לענדן, ווייל דאָס איז גענוג צו קענען פּרעדיקן ליבע צו אַלעמען.

דער אָרדן פון די פראַנציסקאַנער האָט זיך אַנטוויקלט ביסלעכ־ווייז. די צרה איז געווען וואָס צו שאַפן אַזאַ אָרדן האָט מען געדאַרפט האָבן די הסכמה פון פויפסט און דאָס איז אַזוי גיך ניט געקומען.

ענדלעך האָט פראַנציס געמאַכט אַ רייזע קיין רוים. אין וואַטיקאַן איז דעמאָלט געזעסן אויפן טראָן דער פויפסט אינאָצענט דער דריטער. אין אָנהויב האָט דער וואַטיקאַן אים ניט געוואָלט אַנערקענען, אָבער פראַנציסקן איז געלונגען צו איבערצייגן דעם פויפסט, אַז ער וויל נאָר פאַרשפרייטן די קריסטלעכע לערע אין דער וועלט, כאָטש ער טוט עס אויף זיין שטייגער. דער פויפסט האָט אים דאַן געגעבן אַ מינדלעכע הסכמה צו פירן ווייטער זיין טעטיקייט. אָבער מיט אַ תנאי. אַז ער זאָל גאָרניט ענדערן אין די כללים און תקנות פון דער קירך פון רוים. פראַנ־ציס איז איצט ארויס אויף אַ רייזע צוזאַמען מיט זיינע תלמידים איבער דער וועלט, כדי צו ברענגען די מענטשן אונטער די פליגל פון קריסטנטום. ער איז געפאָרן אַפילו צום סולטאַן און האָט אים געוואָלט מאַכן פאַר אַ קריסט. דאָס איז אים ניט געלונגען, אָבער דער סולטאַן האָט אים דער־קלערט, אַז ער לאָזט אים אַרומפאָרן פריי אין זיין לאַנד און אַפילו פרעדיקן זיין לערע, אָבער בלויז מיטן מויל און ניט מיט דער שווערד.

* * *

פראַנציס פון אַסיסי האָט געהאַט ווייניק בילדונג. ער איז אין די יונגע יאָרן געווען אַ צעלאָזן יינגל און אויך שפעטער געווען זייער קינדיש. אָבער ער איז דאָך געווען אין יענער צייט אַ גרויסער כוח אין לעבן. ער האָט דערמאָנט די קריסטן, אַז יעזוס האָט געפרעדיקט ליבע און ניט האַס, ווי זיי טוען עס איצט, האַס פון איין שטאָט צו דער צווייטער; האַס פון איין גרופע קריסטן צו דער אַנדערער, און איבערהויפט האַס צו מאַכמעדאַנער און צו יידן, וועלכע ווערן פאַררעכנט ביי די פרומע קריסטן פאַר אומגלויביקע. פראַנציס פון אַסיסי האָט זיך כסדר אַרויסגעזאָגט קעגן דעם האַס וואָס די מענטשן פון דער קירך פרעדיקן אין נאָמען פון יעזוסן קעגן די יידן.

אָבער נאָך גאָר יונג האָט פראַנציס אָנגעהויבן צו ליידן אויף די אויגן, אַזוי אַז עס איז געווען אַ געפאַר אַז ער זאָל בלינד ווערן. ער איז געשטאָרבן יונג, צו פיר־און־פערציק יאָר, אין יאָר 1226.

נאָך זיין טויט האָט די קירך אין רוים זיך גענומען רודפן די פראַנציסקאַנער ברידער דערפאַר וואָס זיי האָבן זיך ניט געפירט גענוי לויט די פאָרשריפטן פון דער קירך און הונדערטער פון זיי זיינען פאַר־ברענט געוואָרן אויפן פייער...

## 52. דאָמיניק, גרינדער פון דאָמיניקאַנער אָרדן

**אַ נייער אָרדן אויף צו פאַרשפּרייטן האַס און צו באַרעכטיקן פייני־ קונגען און אַפילו טויט־שטראָף פאַר ניט־גלויביקע. — דאָמיניקס רייזע צו די אַפּיקורסישע אַלביגענסיער. — וואָס פאַר אַ סעקטע איז דאָס גע־ ווען. — זייער הויפּט־ציל: צו באַגיין זעלבסמאָרד דורך פייניקן זיך. — דעם וואַטיקאַנס חשק צו מאַכן כינע פאַר אַ קריסטלעך לאַנד. — זיין מיסיע קיין כינע צו מאַכן קובלאַי פאַר אַ קריסט.**

אין דער צייט ווען פראַנציס פון אַסיסי איז אַרויסגעקומען מיט זיין רוף צו אמתער ברודער־ליבע און האָט געשאַפן זיין פראַנצישקאַנער אָרדן, האָט זיך געפונען אַן אַנדערער אַסקעט אין שפּאַניע, וועלכער האָט אויך געשאַפן אַ קריסטלעכן אָרדן, אָבער וואָס פאַר אַן אונטער־שיד עס איז צווישן פראַנציסן און דעם אַנדערן, וועלכער האָט געהייסן דאָמיניק. יענער אָרדן איז אין תוך געווען פונקט קאַפּויער פון פראַנציש־קאַנער אָרדן. עס איז אַן אָרדן וואָס פּרעדיקט נאָר האַס און פאַרניכ־טונג פון יעדן איינעם וואָס איז ניט קיין קריסט, און עס איז געווען אָט־דער דאָמיניקאַנער אָרדן, וועלכער האָט געקעמפט דערפאַר און אויס־געפירט, אַז עס זאָל איינגעפירט ווערן די אינקוויזיציע אין שפּאַניע. עס זיינען געווען אויך די מיטגלידער פון דעם אָרדן, וועלכע האָבן נאָכ־שפּיאָנירט יעדן ייד וואָס איז געוואָרן געצוואונגען זיך צו שמדן, צו זען צי ער איז אַ גוטער קריסט. און על־פּי־רוב האָבן זיי, די דאָמיניקאַנער, געכאַפּט די אַנוסים, די מאַראַנען, ביי עפּעס אַ קלייניקייט וואָס איז יידיש און זיי דערפאַר אַנגעקלאָגט צום טריבונאַל פון דער אינקוויזיציע. אָבער לאָמיר פריער זען, ווער עס איז געווען אָט־דער דאָמיניק, דער גרינדער פון דאָמיניקאַנער אָרדן.

* * *

דער הייליקער דאָמיניק, ווי ער ווערט איצט גערופן, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1170, אין אַ רייכער שפּאַנישער פאַמיליע. שוין אין די יונגע יאָרן איז ער געווען באַוואוסט אַלס איינער וואָס איז אַ פאַנאַטיש־פרומער קריסט און אַן אַסקעט. שפּעטער האָט ער גענומען אַרומפאָרן איבער שטעט און פּרעדיקן קריסטנטום. דאָס איז געווען אַ מין עוואַנגעליסט. איבערהויפּט האָט ער גערעדט קעגן די וואָס טרעטן אָפּ אַפילו אויף אַ האָר

פון דעם קריסטלעכן גלויבן, און גערופן צו באַשטראָפן זיי. ביסלעכווייז האָט ער באַוויזן צו זאַמלען אַרום זיך אַ גרופּע פון אַזעלכע פאַנאַטיקער ווי ער, וואָס האָבן געפּרעדיקט צו זיין פרום און צו באַשטראָפן די זינדיקע. מיט דער צייט האָט ער געקראָגן די הסכמה אויף צו פאָרן איבערן לאַנד און צו פּרעדיקן קריסטנטום פון פיל קריסטלעכע גייסטלעכע. ענדלעך איז ער אָנגעקומען אויך צו פּויפּסט אינאָצענט דעם דריטן, וועלכער האָט אים געגעבן זיין דערלויבעניש, און אויך זיין ברכה, און דערצו האָט דער פּויפּסט אים פאַרטרויט אַ פּלאַן אַז ער, דאָמיניק, זאָל פאָרן צו די אפּיקורסישע אַלביגענסיער און זיך באַמיען צו מאַכן זיי פאַר גוט־גלויביקע קריסטן. דאָס איז געווען אַ שווערע מיסיע, אָבער דאָמיניק האָט זיך אונטערגענומען עס אויסצופירן.

אָבער מיט וואָס איז די מיסיע געווען אַ שווערע? און ווער זיינען געווען די דאָזיקע אַלביגענסיער?

* * *

די אַלביגענסיער זיינען געווען אַן אָנגעווייטיקטער ענין פאַר דעם וואַטיקאַן זייט פיל הונדערטער יאָרן. דאָס וואָרט „אַלביגענסיער״ מיינט פּשוט די איינוואוינער פון אַלבי, אַ געגנט אין דרום־פראַנקרייך. דאָרטן האָבן געוואוינט אַזעלכע קריסטן, וועלכע האָבן זיך ניט אויפגעפירט גוט אין די אויגן פון דער קירך. דאָס איז געווען אַ באַזונדערע סעקטע וואָס האָט דאָרטן עקזיסטירט פאַר 400 יאָר (פונעם עלפטן ביז ענדע פערצנטן יאָרהונדערט). די קירך האָט זיי באַטראַכט פאַר אפּיקורסים כאָטש זיי האָבן געגלויבט אין קריסטוסן. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל זיי האָבן ניט געגלויבט אין אַלע דאָגמעס פון קריסטנטום. קיינער ווייסט ניט פון וואַנען די סעקטע האָט זיך גענומען און ווער עס איז געווען זייער קולטור־פירער אָדער דער גרינדער פון דער סעקטע. זיי האָבן געהאַט אַ מאָדנעם גלויבן, אַ געמיש פון פיל גלויבנס, וואָס עס זיינען געווען פאַר קריסטוסן און אויך טיילווייז נאָך זיין קומען. אַזוי, למשל, האָבן זיי געגלויבט, אַזוי ווי די פּערסיער פון דער זאָראָאַסטער עפּאָכע, אַז עס זיינען דאָ צוויי געטער, איין גאָט וואָס טוט בלויז גוטס און אַ צווייטער וואָס טוט בלויז שלעכטס. דער לעצטער איז דער טייוול. ביידע האָבן די מאַכט, אָבער זי איז איינגעטיילט צווישן זיי: איבער ליכט (דער ערש־טער), איבער פינצטערניש (דער צווייטער); גוטס (דער ערשטער), שלעכטס (דער צווייטער); נשמה (ערשטער), גוף (צווייטער); שלום (ערשטער) און מלחמה (צווייטער), א. אַ. וו. זיי האָבן אויך געגלויבט אין

קריסטוסן, אָבער האָבן געהאַלטן, אַז ער איז ניט געווען קיין אמתער בשר ודם. ער איז געווען אַ מין גייסטיקע דערשיינונג, וואָס איז באַלד פאַרשוואונדן.

די אַלביגענסיער זיינען אויך געווען שטרענגע אַסקעטן און שטאַרקע אָפּהיטער פון צניעות. זיי זיינען דערצו אויך געווען זייער שטרענגע וועגעטאַריאַנער און ניט נאָר ניט געגעסן קיין פלייש, נאָר אַפילו ניט געטרונקען קיין מילך און ניט געגעסן קיין אייער. זיי האָבן זיך געטיילט אויף צוויי גרופּן: פּראָסט־גלויביקע און פולקאָמע. די פּראָסט־גלויביקע זיינען ניט געווען אַזוי שטרענג אָפּגעהיט אין זייערע געזעצן. די אַנדערע, די פולקאָמע, זיינען געווען על־פּי־רוב גייסטלעכע, עס זיינען אָבער געווען פולקאָמע, אויך ניט קיין גייסטלעכע.

איינע פון די מאָדערנסטע זאַכן פון אָט־דער סעקטע איז געווען — די הויכע מדרגה פון באַגיין זעלבסטמאָרד, אָבער ניט דורך אַן אינסטרומענט אָדער דורך הענגען זיך, וואַרפן זיך אין וואַסער אָדער פייער, צי צו שפּרינגען פון אַ הויכן בנין. ניין, ניט דאָס אַלץ, נאָר דורך פאַרפייניקן זיך ביזן טויט. דאָס איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ גרויסער זאַך, ווייל די וועלט איז זינדיק און דעריבער איז גוט אַוועקצוגיין פון איר, אָבער נאָר דורך ניט־עסן און פּייניקן זיך ביז טויט. עס איז געווען מאָדנע צו זען, אַז צו דער סעקטע זיינען צוגעשטאַנען פיל פון די אָנגעזעענסטע און רייכסטע מענטשן אין פראַנקרייך אין יענער צייט.

די קאַטוילישע קירך האָט גלייך נאָך דער דערשיינונג פון דער סעקטע אויף דער סצענע אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן איר. אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. פאַרקערט נאָך, אַנשטאָט אַז די צאָל פון די מיטגלידער זאָל ווערן קלענער, איז זי געוואָרן נאָך גרעסער. איבערהויפּט יעדעס מאָל נאָכדעם ווי די קירך האָט זיי פאַרדאַמט. דער וואַטיקאַן האָט זיך דערשראָקן און געשיקט אַהין צו זיי די בעסטע רעדנער, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. זיי זיינען געוואָרן מיט דער צייט אַפילו אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבן פאַרכאַפּט פיל שטעט אין דרום־פראַנקרייך און אין יאָר 1167 האָבן זיי אַפילו אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן קאָנגרעס אין טולוז, וואו ס׳איז געווען זייער צענטער. ווען דער פּויפּסט אינאָצענט דער דריטער האָט געזען ווי די סעקטע שטאַרקט זיך פון טאָג צו טאָג, האָט ער דעריבער אַרייַנגעשיקט צו זיי דעם הייליקן דאָמיניק, וועלכער איז געווען אַ פלאַם־פייערדיקער רעדנער.

אָבער אויך דער הייליקער דאָמיניק האָט גאַנץ ווייניק אויפגעטאָן צו געווינען די דאָזיקע סעקטע פאַרן קריסטנטום. פאַרקערט נאָך, זיי

האָבן אים גאָר אויסגעלאַכט און ער איז אַוועק פון זיי מיט גרויס פאַר־ביטערונג. אין זיין באַריכט צום פויפּסט האָט ער פאָרגעשלאָגן צו שאַפן דאָרטן דעם אינסטיטוט פון אינקוויזיציע וואָס זאָל זיי צווינגען מיט געוואַלד צו ווערן גוטע קריסטן. אָט־די אידעע איז ערשט שפּעטער אויס־געפירט געוואָרן און פאַר הונדערטער יאָרן האָבן דאָרטן געברענט די „הייליקע פייערן״, וועלכע האָבן ביסלעכווייז פאַרניכטעט די מיטגלידער פון דער סעקטע און אַזוי־אַרום זי אָפּגעווישט פון דער ערד.

* * *

אָבער כאָטש דער הייליקער דאָמיניק האָט ניט אויפגעטאָן פיל מיט דער אַלביגענסיער סעקטע, איז ער דאָך געוואָרן אַ הייליקער ביים פּויפּסט אינאָצענט דעם דריטן און ער האָט אים געגעבן זיין ברכה צו שאַפן זיין דאָמיניקאַנער אָרדן. דאָמיניק האָט איצט געוואַנדערט איבער אייראָפּע און האָט אין יעדן לאַנד געשאַפן אַן אָפּטיילונג פון זיין אָרדן. ווי גרויס אָדער קליין ער זאָל ניט זיין. דאָס איז געווען אַן אָרדן פון האַס און פאַרניכטונג. דאָמיניק האָט געפּרעדיקט צו זיינע אָנהענגער, אַז „דאָרטן וואו די צונג ווירקט ניט קען העלפן די שווערד״. אין איינער פון זיינע פייערדיקע רעדעס האָט ער אָפן געוואָרנט די אַפּטריניקעס, אַז אויב זיי וועלן ניט תשובה טאָן און אומקערן זיך צום קריסטנטום, מיטן אייגע־נעם גוטן ווילן, וועט מען זיי צווינגען דערצו. „זייט פיל יאָרן״, האָט ער געזאָגט אין יענער באַרימטער רעדע, „האָב איך געהאַט געדולד מיט אייך און האָב אייך באַהאַנדלט איידל, אָבער, ווי זאָגט עפּעס דאָס שפּאַנישע ווערטל: „וואו רייד העלפן ניט, קען אַ קלאַפּ העלפן״. איך וועל פּונקט אַזוי טאָן. מיר וועלן אַרויסטרעטן קעגן אייך, איר אַפּטריניקעס, מיט דער גאַנצער מאַכט פון דער שווערד און איר וועט געצוואונגען ווערן, צי איר ווילט יאָ אָדער ניט, צו זיין גוטע קריסטן, ווייל די דאָזיקע קלעפּ וועלן נאָר זיין אַ ברכה פאַר אייך״.

אָט דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דאָמיניקאַנער אָרדן, וואָס האָט שפּעטער געשאַפן אַזוי פיל צרות אויף דער וועלט.

דער הייליקער דאָמיניק איז געשטאָרבן אין עלטער פון 51 יאָר (אין יאָר 1221). אין דער צייט פון זיין טויט איז זיין אָרדן באַשטאַנען העכסטנס פון 700 מיטגלידער, אָבער שפּעטער האָט ער זיך צעוואַקסן אַלס אַ גרויסע מאַכט אין דעם גייסט פון איר גרינדער און אין דער צייט פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע האָבן די יידן פון די דאָמיניקאַנער אַממערסטן געליטן. איבערהויפּט האָבן די דאָמיניקאַנער זיך באַמיט

אָפּצושמדן רבנים. דערויף האָבן זיי אויסגעגעבן פיל געלטער און עס איז אויך געלונגען צו פאַנגען אין זייער נעץ עטלעכע רבנים, וועלכע זיינען געוואָרן שפּעטער שונאי־ישראל און אָנגעטאָן יידן פיל שלעכטס.

* * *

צו דער לאַגע פון יענער צייט קומט־צו אויך אָט וואָס:

די קירך אין רוים איז אין די ערשטע דריי הונדערט יאָר פון צווייטן טויזנט, געווען אויף גרויסע צרות. די ביליקע פּאָליטיק וואָס האָט זיך געפירט אַרום דער שטול פון הייליקן פּעטער איז געווען ניט מער קיין סוד פאַר די מאַסן און האָט קיין כבוד דעם וואַטיקאַן ניט פאַר־שאַפט. עס זיינען געווען פאַלן, ווען עמיצער וואָס האָט געוואָלט ווערן פּויפּסט, האָט פּשוט אָפּגערוימט פון וועג דעם וואָס איז געזעסן אויפן שטול כדי צו פאַרכאַפּן זיין פּלאַץ. אַזוי זיינען אויך רויב, שווינדל און זנות געווען דעמאָלט כסדר אויף דער טאָג־אָרדענונג פון וואַטיקאַן. קיין וואונדער ניט, אַז עס איז געשטיגן די צאָל פון די אַפּטריניקע (אַ חוץ פון די פאַרשידענע סעקטעס).

אָבער דאָס קריסטלעכע רוים, ווי אַמאָל דאָס מיליטערישע רוים, האָט געזוכט צו פאַרשטאַרקן איר מאַכט און האָט איינגעזען, אַז דאָס בעסטע פאַר איר איז צו דעראָבערן נייע פּלעצער, נייע לענדער. דער געדאַנק איז געווען, אַז די זיגן וועלן צוגעבן מוט צו די גלויביקע; אַז דורך נייע זיגן וועט רוים, דאָס הייסט, דער וואַטיקאַן, ווערן שטאַרקער.

אין אָט־דער זוכעניש נאָך נייע לענדער איז דאָס אויג געפאַלן אויף — כינע. כינע האָט דעמאָלט געשמט אַלס אַ גרויס לאַנד מיט פיל גוטס. אַ לאַנד וואָס דינט נאָך צו געצן. אַזוי האָט עס אין די קריסטלעכע קרייזן געהייסן. דעריבער איז ניט מער ווי אַ יושר, אַז מען זאָל אָט־דאָס גרויסע לאַנד אַרונטערנעמען אונטער די פליגלען פון קריסטנטום.

דאָס איז געווען דער נייעסטער חלום פון וואַטיקאַן און אַזוי־אַרום האָט ער געהאָפט זיך צו שטאַרקן. אויב כינע זאָל אַרונטערפאַלן אונטערן צייכן פון צלם, וועט עס זיין אַ גרויסער זיג פאַרן קריסטנטום.

ווי איז אָבער די לאַגע דעמאָלט געווען אין כינע? איז כינע טאַקע געווען אַ לאַנד פון געצן־דינער און פון אַ נידעריקער קולטור? —

* * *

די לאַגע אין כינע איז פּונקט פאַרקערט ווי אין אייראָפּע, אין

יענער צייט, גאָר געווען זייער אַ גוטע, אַן אויסגעצייכנטע. אין כינע האָט ניט געהערשט קיין געזעץ־דינסט, נאָר די הויכע לערע פון קאָנפוציוס, וואָס איז אין תוך אַ לערע פון עטיק. אין כינע איז אויך ניט געווען קיין פּריצים־הערשאַפט און מען קען זאָגן, אַז כינע איז געגאַנגען אויפן וועג פון פּראָגרעס פיל גיכער ווי אייראָפּע. מען דאַרף געדענקען נאָך אַ זאַך, אַז כינע איז געווען איין גרויסע, שטאַרקע מדינה, דאָרטן איז ניט געווען דער סיסטעם פון אייראָפּע, וואו דער ווייסער מענטש האָט געשאַפן פאַר זיך אַ גאַנצע רייע פון מדינהלעך, ניין. די געלע ראַסע האָט פון אַזאַ צעשפּאַלטונג ניט געליטן. ממילא איז אויסגעקומען אַז כינע האָט געהאַט הונדערטער יאָרן פון אָנזאַמלען אוצרות אָן צו צעטיילן זיי אויף פאַרשי־דענע לענדער און דאָס זעלבע אויך אין גייסטיקן זין. כינע האָט געהאַט איין שפּראַך און איין שריפט און ניט צענדליקער שפּראַכן און שריפטן ווי אייראָפּע האָט עס דעמאָלט געהאַט. כינע האָט אויך ניט געליטן פון קיין מלחמות ווי אייראָפּע, וואָס אין דער צייט פון יעדער מלחמה איז פאָרגעקומען אַ צעשטערונג פון אַלעם דעם וואָס די פריערדיקע דורות האָבן געשאַפן. אין כינע זיינען אויך ניט געווען קיין רעליגיעזע קאַמפן ווי די „קרייץ־צוגן” פון דער קירך אַנטקעגן די ניט־גלויביקע.

די ציוויליזאַציעס פון גריכנלאַנד און פון רוים זיינען צעשטערט געוואָרן דורך די אייראָפּעאישע האָרדן און אַזוי אויך די ציוויליזאַציעס וואָס זיינען געקומען נאָך זיי. אין כינע זיינען אַזעלכע אָנשיקענישן ניט געווען. אמת, עס איז געווען אַ צייט ווען עס זיינען פאָרגעקומען אָנפאַלן פון געוויסע שבטים פון אַזיאַטישן קאָנטינענט, אָבער זיי זיינען גיך פאַרטריבן געוואָרן. דערפאַר האָבן זיך איינגעהיט אין כינע פיל שאַפונגען פון צווייטן יאָרהונדערט אָן און אין כינע קען מען איצט געפינען פיל טייערע מייסטער־שטיק פון פיל יאָרהונדערטער. מען קען געפינען דאָרטן אין די מוזעאומס און ביבליאָטעקן פיל שאַפונגען פון אַלע דורות, וועלכע זיינען אָפּגעהיט און געזאַמלט געוואָרן.

אין זעקסטן יאָרהונדערט האָט כינע דערפונדן פּולווער, וואָס איי־ראָפּע האָט נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט דערפון, אָבער זי האָט עס ניט גענוצט אַלס מלחמה־מיטל, נאָר אויף צו מאַכן דערפון בלויז פייער־ווערק. ווי מיר ווייסן אויך, האָט כינע אין די פריע יאָרהונדערטער דערפונדן מאַשינען אויף צו נוצן גאַז און האָבן אויך שוין געוואוסט ווי אַזוי צו באַנוצן קוילן אַלס אַ ברען־מאַטעריאַל. די כינעזער האָבן אויך דער־פונדן דרוק־טאָוולען און זיי טיילווייז באַנוצט. באַזונדערס האָט כינע זיך אויסגעצייכנט מיט איר הויכער קולטור אין 7־טן יאָרהונדערט. די

לערע פון קאָנפוציוס איז דעמאָלט געווען ווייט פאַרשפּרייט איבערן לאַנד. דאָס איז געווען די צייט ווען מאַכמעד און אויך דאָס קריסטנטום האָבן זיך אַרויסגעלאָזט צו פאַנגען נשמות און בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. אין כינע איז אָבער דעמאָלט געווען שטיל און שלום האָט געהערשט אין אַלע ווינקעלעך פון לאַנד.

און אַזוי איז עס געווען כסדר. אין אייראָפּע האָט זיך כמעט יעדן טאָג אַ געוויס לאַנד פאַרוויקלט אין קריג מיט אַן אַנדער לאַנד. איין פאָלק האָט געקעמפט מיט אַ צווייטס און אַפילו אין די לענדער גופא זיינען פאָרגעקומען בירגער־קריגן, אָבער דאָס איז ניט געווען אַזוי אין כינע פאַר פיל הונדערטער יאָרן, און אַפילו ווען עס איז געקומען צו דער מאַכט דזשינגיס כאַן. דער גרויסער מאָנגאָלישער פירער, האָט ער אויך כינע ניט צעשטערט דורך זיינע קאַמפן. עס איז דעמאָלט געווען אַ צייט אין כינע ווען די מאָנאַרכיע איז געוואָרן שוואַך און האָט ניט געפירט דאָס לאַנד ווי עס האָט באַדאַרפט צו זיין. דעמאָלט האָט דזשינגיס כאַן פאַרכאַפּט די מלוכה־שיף און זי געפירט אין די ריכטיקע וואַסערן.

דאָס זעלבע איז אויך געווען אין דער צייט פון דער הערשאַפט פון דזשינגיס כאַנס אייניקל קובלאַי כאַן. ער איז געווען אַ הערשער מיט שכל און מיט פרידלעכע טענדענצן אין זיין האַרצן. ער האָט ניט געוואָלט פאַרגיסן אומזיסט קיין אומשולדיק בלוט און האָט געהאַט צו פאַרדאַנקען אַלע זיינע גרויסע זיגן, זיין קלוגער סטראַטעגיע.

און דאָס איז געווען די צייט ווען דער וואַטיקאַן האָט געזוכט צו געווינען כינע פאַרן קריסטנטום.

דער פּויפּסט אינאָצענט דער דריטער האָט געהאַט אַ שטאַרקן חשק צו מאַכן קובלאַי כאַן פאַר אַ קריסט. ווען דאָס גיט זיך איין, וואָס פאַר אַ גרויסער זיג דאָס וואָלט געווען פאַרן קריסטנטום!

און אין וואַטיקאַן האָט מען דעריבער ניט נאָר געחלומט און אויך געטאָן. מען האָט געשיקט צוויי סוחרים פון ווענעדיק קיין כינע, אויף צו באַוועגן קובלאַי כאַנען, אַז ער זאָל אָננעמען דאָס קריסטנטום.

## 53. טאָמאַס אַקווינאַס און זיין פילאָזאָפיע פון קריסטנטום

איינער פון די גרעסטע קריסטלעכע געלערנטע אין זיין צייט. — דער קאַמף וואָס ער פירט פאַר פרייהייט פון וואָרט, ביז עס קומט אָן צום פויפּסט. — ער לערנט די ווערק פון די יידישע פילאָזאָפן און נעמט פון זיי זייער פיל. — אין וואָס עס באַשטייט זיין ריכטונג.

איינער פון די מערקווירדיקסטע פּערזענלעכקייטן אין דער צייט פון טיפן מיטלאַלטער איז געווען דער הייליקער טאָמאַס אַקווינאַס (געבוירן אין יאָר 1227). ער איז געוואָרן, אין דער קריסטלעכער וועלט, איינער פון די הויפּט־זיילן פון דער רעליגיע. ער ווערט פאַררעכנט אַלס אויסטייטשער, אויפקלערער און באַגרינדער פון די קריסטלעכע דאָגמעס, וועלכע ער דער־קלערט, על־פי־שכל. ער פאַרנעמט אין דער קריסטלעכער אידעאָלאָגיע אַזאַ ראָלע, ווי להבדיל, ביי אונדז, דער רמב״ם. זיינע ווערק זיינען געוואָרן דער מקור פון דער גייסטיקער שפּייז וואָס מען סערווירט פאַר די סטודענטן אין די קריסטלעכע סעמינאַרן.

טאָמאַס אַקווינאַס האָט ניט געפירט קיין לעבן פון אַן אַסקעט. ער האָט זיך אויך ניט אויסגעצייכנט אין פאַרלויף פון זיין קורצן לעבן — אין גאַנצן 47 יאָר — מיט עפּעס באַזונדערס. ער איז געווען אַ מיטגליד פון דאָמיניקאַנער אָרדן. אָט דער אָרדן פון האַס, וואָס האָט זיך באַמיט אַריינצוקריגן די בעסטע גייסטיקע כוחות אין זיינע רייען, אָבער דאָך האָט ער, אַלס דאָמיניקאַנער, ניט געפּרעדיקט קיין האַס צו ניט־קריסטן. פאַר־קערט, אַקווינאַס האָט זיך אַרומגעטראָגן גראָד מיט שלום־געדאַנקען צווישן אַלע גלויביקע. ער האָט געוואָלט מאַכן שלום, צום אַלעם ערשטן, צווישן רעליגיע און וויסנשאַפט, און זיך באַמיט אויפצווייזן ביי יעדער געלעגנהייט ווי איינס שטערט ניט דאָס אַנדערע. ער האָט געוואָלט אויך מאַכן שלום צווישן קריסטנטום און יידנטום, הויפּטזעכלעך דערפאַר וואָס פון דער לעצטער רעליגיע, פון יידנטום, האָט ער אַליין פיל גענומען, נעמלעך, ער האָט זיך שטאַרק באַנוצט מיט די יידיש־פילאָזאָפישע ווערק, ווי למשל, פון דעם רבנו בחיי, דעם רמב״ם, ר׳ שלמה אבן גבירול און אַנדערע, ווי מיר וועלן עס זען שפּעטער. עס איז געווען שוין צוליב דעם אַליין, אפשר, וואָס ער האָט ניט געקענט פּרעדיקן האַס צו די יידן, ווי עס האָבן געטאָן זיינע אַנדערע ברידער פון דאָמיניקאַנער אָרדן. יאָ, ער איז געווען

אַן אמתער דאָמיניקאַנער און איז אָפט געפאָרן אין מיסיעס פאַר דעם אָרדן, אָבער ער האָט זיך אויסגעצייכנט צווישן די אַנדערע מיטגלידער, דערמיט, וואָס פון זיינע ליפּן זיינען קיין ווערטער פון האַס ניט אַרויס. דאָס אַליין איז שוין אַ גרויסער פאַרדינסט פאַר אַ קריסטלעכן געלערנטן אין מיטלאַלטער, איבערהויפּט פאַר איינעם, וואָס איז געווען אַ מיטגליד פון אַן אָרדן פון שנאה און פיינדשאַפט.

* * *

טאָמאַס אַקווינאַס האָט געשטאַמט פון אַן אַריסטאָקראַטישער פאַ־מיליע, פון אַ משפּחה וואָס האָט געהאַט בלוט־פאַרבינדונגען מיט עטלעכע קעניגלעכע הויפן פון אייראָפּע. ער איז געבוירן געוואָרן אין ראָקאַסעקאַ, וואָס האָט אויך געהייסן דער פּאַלאַץ פון אַקווינא (אין דער געגנט פון נעאַפּאָל). ער האָט געקראָגן זיין עלעמענטאַרע בילדונג אין דעם מאָנאַסטיר פון מאָנטע קאַסינאָ. שפּעטער האָט ער שטודירט 6 יאָר אין דעם אוניווער־סיטעט פון נעאַפּאָל. אין יענעם אוניווערסיטעט, איז ער אַרונטער־געפאַלן אונטערן איינפלוס פון די דאָמיניקאַנער און איז געוואָרן זייערער אַ מיטגליד, טראָץ דעם פּראָטעסט פון זיינע עלטערן, וועלכע זיינען געווען שטאַרק קעגן דעם פאַר אַ לאַנגער צייט. ענדלעך האָט דער פּויפּסט אינאָצענט דער פערטער, וועלכער האָט שטאַרק געשטיצט די דאָמיניקאַנער, זיך אַריינגעמישט אין דער זאַך, געאור־טיילט קעגן דער פאַמיליע און זיי האָבן זיך אונטערגעגעבן.

די פירער פון אָרדן האָבן גלייך איינגעזען, אַז דער יונגער אַקווי־נאַס שטרעבט שטאַרק צום לערנען און זיי האָבן אים געשיקט ווייטער לערנען אין דער דאָמיניקאַנער שול פון קעלן (דייטשלאַנד), וואו עס האָט דעמאָלט געגעבן לעקציעס דער קריסטלעכער געלערנטער אַלבער־טוס מאַגנוס וועגן פילאָזאָפיע און טעאָלאָגיע. טאָמאַס אַקווינאַס האָט זיך אַזוי צוגעבונדן צו זיין לערער, אַז ווען ער איז שפּעטער געוואָרן פּראָ־פעסאָר אין פּאַריז, איז ער, טאָמאַס, געפאָרן צו אים אַהין און האָט שטודירט דאָרטן נאָך דריי יאָר ביז ער האָט געענדיקט מיטן טיטל מאַגיסטער פון טעאָלאָגיע. שפּעטער איז ער געוואָרן באַשטימט אַלס פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע אין סעמינאַר פון קעלן. ער האָט איצט אויך אָנגעהויבן צו שרייבן זיינע ווערק, אָבער ער איז אָפט געפאָרן אין מיסיעס פאַרן דאָמיניקאַנער אָרדן קיין פּאַריז, לאָנדאָן און אין אַנדערע ערטער. טאָמאַס אַקווינאַס איז איצט אַרויסגעטראָטן אָפּן פאַר דער פרייהייט פון לערנען מיט תלמידים, דאָס הייסט, אַז מען זאָל די סטודענטן דערקלערן

אַלץ, אַרויסזאָגן אַלע ספיקות און קשיות, און גאָרניט באַהאַלטן פון זיי. לויט זיין מיינונג, דאַרף מען אַרויסברענגען און באַטאָנען אַלע פראַגן און איינווענדונגען וואָס עס זיינען דאָ בנוגע אַלע רעליגיעזע געדאַנקען און דאָגמעס. און ערשט שפּעטער אַלץ קלאָר מאַכן, אַזוי, אַז אַלע קשיות זאָלן זיין פאַרענטפערט. די גלחים אָבער זיינען געווען קעגן דעם. דער דאָזיקער מין פרייהייט פון לערנען איז דעריבער ניט אויפגענומען געוואָרן פון די העכערע גייסטלעכע און ער איז שפּעטער אַפילו אָנגעקלאָגט געוואָרן צום פּויפּסט אַליין, וועלכער האָט צוליב דעם אַרויסגערופן צו זיך דעם יונגן געלערנטן טאָמאַס קיין רוים צו פאַרטיידיקן זיין שטאַנדפּונקט. טאָמאַס איז טאַקע געקומען קיין רוים און ער האָט פאַרן פּויפּסט אויפגעקלערט זיין שטאַנדפּונקט מיט אַזוי פיל שכל און טאַקט, אַז ער האָט ביי אים שטאַרק אויסגענומען. דער פּויפּסט האָט אים געוואָלט דערפאַר באַשטימען אַלס אַן אַרציבישאָף, אָבער טאָמאַס האָט דאָס ניט געוואָלט. אָנשטאָט דעם האָט ער געקראָגן דעם טיטל „דאָקטאָר פון טעאָלאָגיע". ער האָט איצט פאַרנומען אַ גרויס אָרט מיט זיינע לעקציעס אין די אוניווערסיטעטן פון פּאַריז און רוים. ער איז אויך אָפט איינגעלאַדן געוואָרן אין וואַטיקאַן, וועגן ענינים פון דער קירך.

טאָמאַס אַקווינאַס האָט זיך איצט גענומען צו שרייבן זיינע ווערק וועגן דער קריסטלעכער אידעאָלאָגיע, פון וועלכע דאָס גרעסטע איז „סומאַ טעאָלאָגיע", אַ ווערק פון 8 בענדער, וואָס איז געבליבן ניט געענדיקט, צוליב זיין פריצייטיקן טויט.

ווי ווייט עס איז באַקאַנט, איז ער איינגעלאַדן געוואָרן פון פּויפּסט גרעגאָרי דעם צענטן צו קומען צו אַ וויכטיקער באַראַטונג אויף וועלכער מען וועט באַטראַכטן די פראַגע וועגן אַ שלום צווישן ביידע קירכן פון קריסטנטום: די פון מזרח (אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, די גריכיש־אָרטאָדאָקסישע) מיט דער פון רוים (די רוימיש־קאַטוילישע). ער האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ רייזע, אָבער ער איז אין מיטן וועג קראַנק געוואָרן. מען האָט אים אָפּגעפירט אין אַ מאָנאַסטיר, וואו ער איז נאָך ליגן צו בעט זיבן וואָכן, געשטאָרבן. וועגן זיין טויט זיינען דאָ פאַרשיידענע מיינונגען: עס איז דאָ אַ מיינונג, אַז אַקווינאַס איז ניט געשטאָרבן מיט קיין נאַטירלעכן טויט, נאָר מען האָט אים פאַרסמט. אַזוי זאָגן אַ טייל היסטאָריקער פון זיין צייט. די סיבה דערפון זאָל האָבן געווען דאָס וואָס געוויסע קעגנער פון אַ שלום צווישן די קירכעס פון מזרח און מערב האָבן מורא געהאַט, אַז ער וועט מיט זיין שטאַרקער לאָגיק און מיט זיין אינטערעס פאַר שלום האָבן אַ ווירקונג אַז עס זאָל געשאַפן ווערן אַזאַ האַרמאָניע צווישן

ביידע פליגל פון דעם קריסטלעכן גלויבן. לויט אַנדערע, ווידער, זאָל עס האָבן געווען צוליב אַ ראָמאַנטישער סיבה, דורך אַ פרוי, וועלכע ער האָט אָפּגעזאָגט איר ליבע און וועלכע זאָל האָבן געזוכט דערפאַר נקמה אין אים. ווי עס הייסט, זאָל זי האָבן ארייַנגעטאָן גיפט אין אַ בעכער ווייַן, וואָס ער האָט געטרונקען. יעדנפאַלס איז ער געבליבן פאַרהייליקט ביי דער קירך. ער איז געוואָרן קאַנאָניזירט אין יאָר 1323 פון פויפּסט דזשאָן דער 22־טער. שפּעטער האָט דער פויפּסט פּיוס דער פינפטער אין יאָר 1567 אים באַשטימט אַלס הייליקן און אַז דער טאָג פון זיין אָנדענק זאָל זיין אַ גרויסער יום־טוב, אַלס איינעם פון די גרעסטע פּירער פון דער קירך.

* * *

אָבער וואָס איז געווען טאָמאַס אַקווינאַס שיטה? פאַרוואָס איז ער געוואָרן דער הויפּט־טעאָלאָג פון דער קריסטלעכער לערע? איידער מיר גייען ווייטער דאָס פעסטצושטעלן, דאַרף מען קלאָר מאַכן, אַז טאָמאַס אַקווינאַס איז געווען בעצם אַ סכאָלאַסטיקער, און דערצו איינער פון די הויפּט־אָנפירער פון דער סכאָלאַסטישער שיטה פון דענקען, וואָס איז געווען שטאַרק אין דער מאָדע אין יענער צייט. סכאָלאַסטיק, וואָס מיינט פשטלען זיך, האָט געפירט דערצו צו בויען בניינים אין דער לופטן. מען דאַרף געדענקען, אַז דאָס ראַציאָנעלע דענקען איז אַלע מאָל געבויט אויף פעסטגעשטעלטע הנחות, אויף אַקסיאָמען, וואָס זיינען אַזוי באַ־גרינדעט, אַז מען קען זיי ניט אָפּפרעגן. דער ראַציאָנעלער פילאָזאָף באַטראַכט אַזעלכע הנחות אַלס יסוד פון זיין פאָרשונג און ער בויט אויף זיין שיטה דורכאויס מיט פעסטגעשטעלטע באַגריפן, מיט אמתן, וואָס לאָזן זיך ניט אָפּווענדן. גאַנץ אַנדערש איז אָבער דער וועג פון אַ סכאָ־לאַסטיקער, וואָס פשטלט זיך. קודם כל זוכט ער ניט צו האָבן באַלד אין אָנהויב פעסט־באַגרינדעטע הנחות. עס איז ביי אים רעכט זיך אָנצו־כאַפּן אַפילו אין אַ שטרוי. ער בויט שפּעטער אויף אויס זיין גאַנצן בנין מיט אַזעלכע ניט־באַגרינדעטע פונקטן, נאָר מיט בויך־סברות, מיט איינפאַלן, וואָס זיינען על־פּי רוב ווייט פון אמת. ביי אונדז ווערט אַזאַ אַרט פּלפּול באַצייכנט אַלס „הרים התלויים בשערה", בערג וואָס הענגען אויף אַ האָר. דאָס איז באמת אַ זייער געלונגענער אויסדרוק פאַר דעם אַרט דענקען.

לאָמיר איצט באַטראַכטן טאָמאַס אַקווינאַס רעליגיעזע פילאָזאָפיע. אַקווינאַס אַלס דער פילאָזאָף פון קריסטנטום, זוכט כסדר צו פאַרטייטשן

און דערקלערן על־פי־שכל די דאָגמעס און גלויבנס פון קריסטנטום. ער וויל אַזוי־אַרום מאַכן שלום צווישן גלויבן און שכל. צוליב דעם מוז ער אַלע מאָל אַ דריי טאָן מיטן גראָבן פינגער און זאָגן אַזעלכעס וואָס ניט אַלע מאָל האַלט עס אויס על־פי־שכל. דעריבער זיינען זייער אָפט די דערקלערונגען וואָס אַקווינאַס מאַכט וועגן די דאָגמעס ניט מער ווי געמאַטערטע תירוצים. פאַר דער קירך, אָבער, איז געווען גוט, וואָס זי האָט געהאַט אין אַקווינאַסן איינעם, וואָס האָט פאַרענטפערט אַלע קשיות, אַפילו ווען די תירוצים זיינען ניט געווען הונדערט פראָצענט אויסגעהאַלטן.

טאָמאַס אַקווינאַס לייגט באַלד פון אָנהויב אָן אַוועק אַלס אַ גרונד אַז עס זיינען דאָ צוויי קוואַלן פון וויסן. איין קוואַל איז דער מענטשלעכער שכל און דער צווייטער קוואַל איז די מיסטעריע פון דער קריסטלעכער לערע, וואָס עס קען ניט אָפּגעפרעגט ווערן. ער זאָגט ווייטער, אַז ביידע קוואַלן פון וויסן העלפן זיך אַרויס איינער דעם אַנדערן, אָבער די אַנט־פּלעקונג וואָס איז דאָ אין קריסטנטום (די מיסטעריע) איז העכער פון מענטשלעכן שכל. די אַנטפּלעקונג איז אַ דערשיינונג פון געטלעכקייט און איז דעריבער גרעסער ווי דאָס דענקען, ווייל די אַנטפּלעקונג איז דער געטלעכער אמת, דאָס געטלעכע וויסן, וואָס איז העכער פון מענטשלעכן, כאָטש מיר פאַרשטייען עס ניט. אַ מענטש דאַרף האָבן ביידע קוואַלן פון וויסן. דעם שכל און די אַנטפּלעקונג. דער שכל איז דער, ווי ער ווערט אויסגעדריקט ביי די גריכישע דענקער פּלאַטאָ און אַריסטאָטעל, די אַנט־פּלעקונג אָבער איז די, וועלכע איז געקומען פון יעזוסן און זיינע תלמידים. ביידע גייען האַנט אין האַנט צוזאַמען. דעריבער איז דאָס, וואָס איז לאָגיש און שכלדיק אין דער קריסטלעכער רעליגיע, איז פון דעם טייל פון מענטשלעכן שכל און דאָס וואָס איז ניט אַזוי פאַרשטענדלעך קומט פון דער געטלעכער אַנטפּלעקונג אויף וועלכער מען קען קיין קשיות ניט פרעגן, ווייל עס איז העכער פון מענטשלעכן שכל, וואָס מיר פאַרשטייען אָפט ניט.

אויף דעם וועג פאַרטייטשט ער אַלע דאָגמעס פון קריסטנטום על־פּי־שכל און דאָס וואָס עס איז ניט שכלדיק, איז, לויט זיין מיינונג, פון דער אַנטפּלעקונג, אָדער דאָס וואָס ער רופט־אָן די מיסטעריע פון קריס־טנטום ער זאָגט אָבער אַז צווישן ביידע, צווישן שכל און אַנטפּלעקונג איז דאָ אַ האַרמאָניע, ווייל ביידע שטאַמען דאָך פון איין קוואַל, פון גאָט.

* * *

אַזוי ווייט וועגן דער רעליגיעזער פילאָזאָפיע פון אַקווינאַס אַלס קריסטלעכער טעאָלאָג. אָבער ווען מען קוקט זיך גוט צו צו דעם גע־

דאַנקען־גאַנג, וואָס ער אַנטוויקלט אין געביט פון שכל, זעט מען, אַז ער האָט דאָס רוב פון זיינע אַרגומענטן גענומען פון די יידישע פילאָזאָפן פון מיטלאַלטער.

טאָמאַס אַקווינאַס האָט גוט געקענט די ווערק פון דעם רוב פון די יידישע פילאָזאָפן, וועלכע זיינען געווען איבערזעצט אין לאַטיין. ער דערמאָנט בלויז איינעם, אבן גבירולן, אונטער זיין ניט־יידישן נאָמען — אַוויצע־בראָן, אָבער עס איז קלאָר, אַז ער האָט גענומען זייער פיל פון דעם ווערק פון רבנו בחיי פּאַקודאס „חובת הלבבות" און אויך זייער פיל פון רמב"ם, פון רבנו בחיי האָט ער גענומען איינעם פון זיינע באַווייזן, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט — דער טייל, נעמלעך, וואו רבנו בחיי באַמיט זיך צו דערקלערן, אַז עס מוז זיין עמיצער וואָס פירט־אָן מיט אַלע באַוועגונגען וואָס עס קומען פאָר אין דער וועלט; אַז עס מוז זיין אַ געוויסע סיבה פאַר דער עקזיסטענץ פון דער וועלט. ער נעמט אויך פון רמב"ם זיין דערקלערונג (כאָטש ער דערמאָנט אים ניט ביים נאָמען), אַז יעדע „סיבה" האָט אַ „מסובב", וואָס מיינט, אַז יעדע דערשיינונג מוז האָבן אַן אורזאַך, פון וואַנען זי איז אַרויסגעקומען. אַקווינאַס האָט אַזוי־אַרום אויסגעבויט אַ פילאָזאָפיע פון אַ קריסטנטום, וואָס הויבט זיך אָן מיט די גריכישע פילאָזאָפן, פלאַטאָן און אַריסטאָטעל, פון דאָרטן גייט ער צו די מיטלאַלטערלעכע יידישע פילאָזאָפן און פון זיי צו די קריסט־לעכע געלערנטע. דאָס איז זיין פילאָזאָפיע פון קריסטנטום.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז עטלעכע פון אַקווינאַס ווערק זיינען אויך איבערזעצט געוואָרן אויף העברעאיש דורך פאַרשידענע יידישע געלערנטע, איבערהויפּט צווישן 12־טן און 14־טן יאָרהונדערט.

* * *

טאָמאַס אַקווינאַס פילאָזאָפיע איז שפּעטער שטאַרק קריטיקירט געוואָרן אַלס אַזעלכע וואָס האָט ניט קיין פעסטן יסוד. באַזונדערס פון די פּראָטעסטאַנטן, נאָך דער לוטער־רעוואָלוציע, וועלכע האָבן אָפּגעוואָרפן פיל פון די דאָגמעס פון דער רוימישער קירך. זיינע ווערק האָבן אַרויס־גערופן אַ סך פירושים און קאָמענטאַרן. אַזוי, אַז עס איז איצט שוין דאָ אַרום זיי אַ גאַנצע ביבליאָטעק. עס זיינען אויך דאָ פאַרשידענע מיינונגען וועגן יעדן פון זיינע ווערק באַזונדער. זיין ערשט ווערק, „קאָמענטאַרן אין די סענטענצן", איז אייגנטלעך געווען אַ זאַמלונג פון זיינע רעדעס וואָס ער האָט געהאַלטן אין די אוניווערסיטעטן פון פּאַריז און רוים אין פאַרלויף פון צען יאָר. טאָמאַס האָט אויך געשאַפן פיל הימנען פאַר די קריסטלעכע

גאָטעס־דינסטן, וואָס זיינען די בעסטע צווישן אַלע הימנען פון דער קירך. אַ טייל פון די הימנען האָט ער געשאַפן אויף דעם פאַרלאַנג פון פויפסט אורבאַן דער פערטער. נאָכדעם האָט ער געשריבן אַ בוך וואָס רופט זיך „זיבן פראַגן וואָס ווערן פאַרענטפערט״, וואָס באַשטייט פון דיסקוסיעס, וואָס ער האָט געהאַט וועגן פראַגן פון דער קריסטלעכער רעליגיע. אַ צייט שפּעטער האָט ער געשאַפן אַ בוך פון פילאָזאָפישע אויסטייטשונגען אויף אַריסטאָטעלס ווערק.

דאָס לעצטע און גרעסטע ווערק איז אָבער זיין בוך, וואָס מיר האָבן דערמאָנט פריער „סומאַ טעאָלאָגאַיע״ וואָס איז, ווי געזאָגט, ניט געענדיקט געוואָרן צוליב זיין פריצייטיקן טויט. ער נעמט דאָרטן אַרום אַלע ענינים פון קריסטנטום און ער באַלייכט זיי אין פילאָזאָפישן זין.

טאָמאָס אַקווינאָס, כאָטש ער איז דורכאויס קריסטלעך אין זיין דענקען און האָט געלעבט אין אַ צייט פון רעליגיעזן האַס און כאָטש ער איז געווען אַ מיטגליד פון דאָמיניקאַנער אָרדן, איז דאָך געווען אַ ליכטיקע פיגור אין דער פינצטערניש פון מיטלאַלטער און איינער פון די גרעסטע דענקער פון אַלע צייטן.

## 54. דער פּאָעט דאַנטע און זיין „געטלעכע קאָמעדיע"

דער גרויסער אונטערשיד צווישן דאַנטע און זיין פאָרגייער פראַנציס פון אַסיסי. — דער לעצטער פּרעדיקט ליבע צו אַלעמען און דאַנטע פּרעדיקט נאָר ליבע צו קריסטן. — פאַרוואָס ער האָט געשאַפן די „געטלעכע קאָמעדיע". — דאַנטעס פאַנטאַזיע וועגן פּייניקונגס־צימערן.

איינער פון די גרויסע גייסטער פון מיטלאַלטער, וואָס איז גע־קומען באַלד נאָך פראַנציס פון אַסיסי, איז געווען דער וועלט־באַרימטער פּאָעט, דער שעפער פון דעם אומשטערבלעכן ווערק „די געטלעכע קאָ־מעדיע", דאַנטע אַליגיערי (געלעבט פון יאָר 1265 ביזן יאָר 1321).

אָבער ווער איז געווען דאַנטע און וואָס האָט ער געוואָלט דערגרייכן מיט זיין שאַפן? וואָס איז געווען זיין ציל אין דעם וואָס ער האָט געשאַפן? צו ענטפערן אויף אָט די פראַגן דאַרף מען אַמבעסטן אים פאַרגלייכן מיט זיין פאָרגייער, וואָס איז געשטאָרבן מיט 49 יאָר פריער איידער ער, דאַנטע, איז געבוירן געוואָרן, פראַנציס פון אַסיסי, און מיר וועלן זען, אַז פראַנציס פון אַסיסי, האָט געפּרעדיקט ליבע צו אַלעם וואָס גאָט האָט באַשאַפן, אָבער דאַנטע האָט געפּרעדיקט ליבע בלויז צו די וואָס זיינען פרומע קריסטן און וועגן אַלע אַנדערע האָט ער געפּרעדיקט האַס. דער קריסטלעכער הייליקער פראַנציס פון אַסיסי איז אין אמתן גאָר ניט געווען קריסטלעך (אין זין פון דער קירך אין רוים פון יענער צייט). ער איז געווען גיכער אַ וועלט־מענטש, איינער וואָס האָט ליב די מענטשהייט און דינט איר מיט אַלעם וואָס ער קען. דאַנטע איז אָבער אַ קריסט פון זיין צייט, אַ קריסט פון מיטלאַלטער, וועלכער האָט געהאַט פאָלגנדן געדאַנקען־גאַנג: גאָט פירט די וועלט מיט ליבע און האַס. ליבע צו קריסטן און האַס צו ניט־קריסטן, אָבער גאָט וועגדט אָן זיין גרויסן קוואַל פון ליבע אויך צו ניט־קריסטן דערמיט, וואָס ער שטראָפט זיי און פּייניקט זיי ביז זיי ווערן גוטע קריסטן. אויב ניט, גיסט ער אויס אויף זיי זיין צאָרן און פאַרפאָלגט זיי, פריער אויף דער וועלט און דערנאָך אויף יענער וועלט. דאַנטעס לעבן און שאַפן איז באַהערשט פון אָט דעם געדאַנקען־גאַנג.

ווען מען לייענט פראַנציס פון אַסיסי, פילט מען גאָר ניט, אַז ער איז אַ קאַטאָליק. פאַרקערט, מען זעט פאַר זיך אַ גרויסן גייסט וואָס וואָלט אויך געקענט זיין אַ מאַכמעדאַנער אָדער אַ ייד. אָבער ווען מען

לייענט דאַנטען, זעט מען אויף שריט און טריט, אַז ער איז אַ קאַטאָליק און אַ קאַטאָליק פון זיין צייט, פון טיפן מיטלאַלטער. פראַנציס פון אַסיסי איז אַ פאָרשטייער פון הומאַניזם אין דער צייט וואָס דאַנטע איז אַ פאָר־שטייער פון בלינדן קאַטאָליציזם. פראַנציס וויל ראַטעווען אַלעמען פון ליידן אויף דער וועלט. דאַנטע, אָבער, וויל ראַטעווען בלויז די גוטע קריסטן און אַלע אַנדערע שיקט ער אַריין אין גיהנום, וואו מען זאָל זיי ברענען און בראָטן פאַר דער איינציקער זינד — וואָס זיי זיינען נִיט געווען קיין קריסטן. דעריבער רעדט פראַנציס צו אונדז אַפילו אויך איצט, ווען דאַנטע האָט גערעדט נאָר צו די מענטשן פון זיין צייט, פון מיטלאַלטער. ער איז די שטימע פון דער קאַטוילישער קירך אין דרייצנטן יאָרהונדערט.

* * *

די געשיכטע פון דאַנטעס לעבן איז די געשיכטע פון אַ זון פון מיטל־קלאַס אין מיטלאַלטער. זיין פאָטער איז געווען אַ רייכער אַדוואָקאַט אין דער שטאָט פלאָרענץ (איטאַליע). אַלס קינד האָט מען אים געלערנט דעם קאַטעכיזם פון דער קירך וואָס איז דעמאָלט באַשטאַנען פון פאָלגנדע דריי הויפּט־פּרינציפּן: 1) צו דינען גאָט; 2) צו זיין געטריי זיין שטאָט און 3) קעמפן פאַר דער קירך. דערצו איז געקומען אַ דערקלערונג אין גייסט פון דער קירך אין יענער צייט, וואָס האָט געזאָגט אַזוי: „די וועלט באַשטייט פון קריסטן וועלכע גאָט האָט ליב און פון ניט־קריסטן, וועלכע גאָט האָט פיינט, אָבער ער וואָלט זיי ליב געהאַט אויב זיי וואָלטן זיך לאָזן ליב האָבן, דאָס הייסט, אויב זיי וועלן ווערן קריסטן. אָבער כדי די דאָזיקע ניט־גלויביקע זאָלן ווערן קריסטן, אַ זאַך, וואָס וועט זיין זייער גוט פאַר זיי (ווייל דעמאָלט וועט זיי גאָט ליב האָבן), דאַרף מען זיי דערצו אונ־טערטרייבן און אַפילו צווינגען און פּייניקן, ווארום דאָס איז נאָר פאַר זייער טובה וועגן. גאָט האָט אויך צוגעגרייט פאַר די, וואָס ער האָט ליב — זיינע הימלען (גן־עדן) און פאַר די וואָס ער האַסט — דעם „אינפערנאָ" (העל — גיהנום). צווישן זיי ביידע האָט ער געשאַפן אויף דעם פּורגאַטאָר, אַן אָרט וואו די זינדיקע נשמות ווערן (נאָכן טויט) געזאַמלט; דאָרט שמייסט מען זיי, מען פּייניקט זיי און מען רייניקט זיי, כדי זיי זאָלן זוכה זיין אַריינצוקומען אין הימל (גן־עדן) פון די „אמתע קריסטן". אָט דאָס איז געווען די לערע וואָס די קאַטוילישע לערער (אַממערסטנס גלחים) האָבן אַריינגעהאַקט אין קאָפּ פון יעדן קריסטלעכן יינגל און דאָס האָט מען אויך געלערנט מיט דאַנטען. דערצו האָט מען אויך געלערנט מיט די קינדער די „ביבל" (דאָס מיינט דעם נייעם טעסטאַמענט) און אויך אַ

ווערק אין לאַטיין וואָס האָט אַנטהאַלטן די פילאָזאָפיעס פון אַריסטאָטעל און פּלאַטאָן איבערגעאַרבעט אויף אַ קריסטלעכן אופן. דאָס דאָזיקע ווערק איז געווען אַ גלגול פון איבערזעצונגען. פריער אַן אַראַבישע איבערזעצונג פון גריכישן אָריגינאַל; שפּעטער אַ העברעאישע איבערזעצונג, פון דער אַראַבישער איבערזעצונג און נאָך שפּעטער אַן איבערזעצונג אויף לאַטיין פון העברעאיש, אָבער נאָך אַלעם, ווען די לאַטייניש איבערזעצונג איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער קירך, האָט מען עס דאָרטן ערשט אויפסניי איבערגעשריבן אַזוי, אַז עס זאָל דינען די אינטערעסן פון דער קירך. קען מען זיך פאָרשטעלן ווי ווייט אָט־דאָס ווערק איז געווען פון פּלאַטאָנס און אַריסטאָטעלס געדאַנקען.

אין יענעם ווערק, לויט דער קריסטלעכער אויפפאַסונג פון די גריכישע דענקער, איז געשטאַנען אַזוי: „די נשמה איז אַראָפּגעקומען צום מענטש פון הימל און זי שטרעבט צו קומען צוריק אַהין, פּונקט אַזוי ווי וואַסער וואָס פאַלט אַראָפּ פון די וואָלקנס גייט צוריק צו זיי דורך דעם דאַמף וואָס גייט אַרויס פון דער ערד. ווען די נשמה קומט אַראָפּ פון הימל אויף דער ערד, ווערט זי פאַראומרייניקט צוליב דעם וואָס זי געפינט זיך צווישן די נידעריקע זאכן פון לעבן. דאָס לעבן פון אַ מענטש איז דעריבער אַ קאַמף צווישן די גלוסטעונישן פון דעם גוף, פונעם חומר און די הויכע שטרעבונגען פון דער נשמה. דעריבער, לערנט די קירך, דאַרף דער מענטש זיך אָפּזאָגן פון די תאוות פון דער וועלט, כדי די נשמה זאָל קומען ריין אויף יענער וועלט. וואָרום אויב דער מענטש טוט דאָס ניט און גיט נאָך זיין האַרץ צו אַלעם דעם וואָס עס גלוסט דער גוף, וועט זיין נשמה קומען צוריק אין הימל זייער פאַראומרייניקט, אַזוי אַז מען וועט זי דאַרפן רייניקן (אין די פייערן פון גיהנום) איידער זי וועט קענען קומען צוריק אין היכל, וואו מען האַלט די נשמות".

אַזוי אַרום האָט מען פון דער פילאָזאָפיע פון פּלאַטאָן און אַריס־טאָטעל געמאַכט אַ קריסטלעכע לערע. מען האָט, נאַטירלעך, צעדרייט און פאַרקרימט די רייד פון יענע פילאָזאָפן כדי צו שאַפן אָט־די טעאָריע וואָס דינט גוט די אינטערעסן פון קריסטנטום.

דאַנטע האָט די לערע אָנגענומען פאַר גוט געלט און איז געוואָרן אַ שטאַרקער אָנהענגער פון איר. פאַר אים איז אויך דער גן־עדן און גיהנום פון קריסטלעכן קאַטעכיזם ניט געווען בלויז אַ לערע, נאָר אַ פּאַקטישע זאַך. ער האָט געגלויבט אין דעם גלייך, ווי ער וואָלט עס געזען פאַר זיינע אויגן. ער איז דערצויגן געוואָרן אין אַ שטרענג קאַטוילישער

שול און די אַלע זאַכן, וואָס די גלחים האָבן אים געזאָגט, זיינען געוואָרן ביי אים טייער און הייליק.

דאַנטע, כאָטש ער איז געווען אַ גרויסער קינסטלער, האָט דאָך קיין גרויסע בילדונג אין דער יוגנט ניט געקראָגן, ער האָט בלויז געענדיקט אַ פאָלקס-קאַטוילישע שול, אַ מין קאַטוילישע רעגיאָנעל-עלעמענטאַרע שול, וואו ער האָט געשעפּט זיין גאַנצן וויסן פון נייעם טעסטאַמענט, פון קאַטעכיזם און פון דעם בוך פון די גריכישע פילאָזאָפן, וואָס איז געווען איבערגעאַרבעט אַלס אַ קריסטלעך לערן-בוך. ער האָט זייער ווייניק געוואוסט וועגן דער געשיכטע און געאָגראַפיע פון דער וועלט; וועגן וויסנשאַפט און וועגן דער וועלט-ליטעראַטור, און די איינציקע שפּראַך וואָס ער האָט געקענט, איז געווען די שפּראַך פון זיינע עלטערן, דעם לאַטיין פון דעם דרייצנטן יאָרהונדערט.

* * *

דאַנטע איז אין די יונגע יאָרן געווען דאָס וואָס מיר רופן איצט אַן אַ פּאָליטיקער. ער האָט גענומען אַ שטאַרקן אַנטייל אין דער פּאָליטיק פון זיין שטאָט, פלאָרענץ. אין יענער צייט זיינען געווען אין זיין שטאָט צוויי פּאַרטייען. איין פּאַרטיי האָט געהאַלטן מיטן פּויפּסט. די אַנדערע — מיטן קעניג. די ערשטע פּאַרטיי האָט זיך גערופן „גוועלף״, די צווייטע פּאַרטיי האָט זיך גערופן „גהיבעלינער״ (די נעמען שטאַמען פון צוויי פּרינצן פון דייטשלאַנד וואָס האָבן יאָרן לאַנג געפירט אַ קאַמף. שפּעטער איז דער דאָזיקער קאַמף איבערגעטראָגן געוואָרן קיין איטאַליע, וואו ער האָט אָנגענומען אַן אַנדערע אידעאָלאָגיע פון גיין מיטן פּויפּסט אָדער קעגן אים). דאָס רוב גרויסע שטעט אין איטאַליע זיינען געווען „גוועלפס״. עס זיינען געווען אַנדערע וואָס זיינען געווען „גהיבעלינער״. דער דאָזיקער קאַמף האָט זיך געצויגן עטלעכע הונדערט יאָר, ביזן מיטן פון דעם 15-טן יאָרהונדערט, און האָט אָנגעטאָן פיל שאָדן אין איטאַליע. פלאָרענץ איז געווען מיט די „גוועלפס״ און דאַנטע איז געווען אַ גאַנצער מאַכער ביי די פּאָליטיקער, ווייל זיין פאָטער איז אויך געווען אַ „גוועלף״. אַלס פּאָליטיקער איז ער שוין צו 35 יאָר געוואָרן אויסגעוויילט אַלס איינער פון די הויפּט-ריכטער פון דער שטאָט. אָבער נאָכדעם ווי ער איז אין דעם אַמט געווען ניט מער ווי 2 יאָר, האָבן געזיגט די „גהיבעלינער״ און מען האָט אים אַראָפּגעזעצט פון זיין אַמט. ער איז אַפילו ניט געווען זיכער מיט זיין לעבן און האָט געמוזט אַנטלויפן און אַפילו נאָכן

אַנטלויפן האָט מען אים פאַרמשפּט אונטער די אויגן צו ווערן פאַרברענט אויפן שייטער־הויפן, ווען נאָר מען וועט אים כאַפּן.

דאַנטע איז דאָן געוואָרן „אַ מאַן אָן אַ לאַנד", און ער האָט דעריבער גענומען טראַכטן, אַז די וועלט איז דאָך נאָר אַ „פּאָדערהויז" איידער מען גייט אַריין אין פּאַלאַץ פון גן־עדן נאָכן טויט. איצט האָט ער זיך גענומען שרייבן זיין בוך „די געטלעכע קאָמעדיע" (אַ בוך לידער וועגן זיין ליבע צו ביטריסן, זיין כלה האָט ער געהאַט פאַרעפנטלעכט שוין פיל פריער).

* * *

די „געטלעכע קאָמעדיע" איז דאָס גרעסטע ווערק וואָס דאַנטע האָט געשאַפן. ער רופט עס אָן קאָמעדיע, ווייל עס האָט אַ פריילעכע ענדע. דאָס ווערק האָט פריער געהייסן בלויז „קאָמעדיע", אָבער אין 16־טן יאָרהונדערט האָט מען צוגעגעבן אין אָנהויב דאָס וואָרט „געטלעכע".

דאָס ווערק אַליין שילדערט אַ שפּאַציר פון דאַנטען איבער „אינ־פערנאָ" (העל — גיהנום), איבערן „פּורגאַטאָר" (צווישן גיהנום און גן־עדן) און אין הימל (גן־עדן) און איז איינגעטיילט אין דריי טיילן וואָס יעדער טייל רופט זיך אויף איינעם פון די דריי דערמאָנטע פּלעצער. דאַנטע ווערט באַגלייט אויף זיין שפּאַציר אין „אינפערנאָ" און אין „פּורגאַטאָר" פון פּאָעט ווירגיל און דורך דעם הימל (גן־עדן) דורך זיין געליבטער, ביטריס. דאָס גאַנצע ווערק איז אין גייסט פון קאַטוילישן דענקען אין מיטלאַלטער. עס איז געשריבן געוואָרן פון מחבר אין די יאָרן ווען ער איז געווען פאַרטריבן פון פלאָרענץ (צווישן 1302 און 1321).

דאַנטע האָט דאָס ווערק געשריבן כדי נוקם צו זיין זיך אין זיינע שונאים. אַזוי ווי זיי זיינען געווען שטאַרקער פון אים, האָט ער געהאַט אַ סאַטיספאַקציע, ווען ער האָט זיי אַלע געשיקט אין גיהנום אַריין און האָט זיי דאָרטן געלאָזט ברענען און בראָטן. דער ערשטער טייל, „אינ־פערנאָ", איז איינגעטיילט אין 24 קרייזן, וואָס יעדער איינער איז אויס־געשטאַטעט מיט זיינע אייגנאַרטיקע מכשירים אויף צו פייניקן די זינדיקע וואָס ווערן אַהין געשיקט. דערביי ווייזט דאַנטע אַרויס זיין גרויסע פאַנ־טאַזיע, צו קענען שילדערן אַלץ אַזוי רעאַל ווי עס וואָלט טאַקע געווען אין דערווירקלעכקייט.

אָבער אין די פייניקונגס־קאַמערן פון „איפערנאָ" שיקט ער ניט אַוועק בלויז זיינע שונאים, נאָר אויך אַלע וואָס זיינען קעגן דער קירך, און שונאים פון דער קירך זיינען ביי אים אַלע, וואָס זיינען ניט קיין קאַטאָליקן. דאָס באַווייזט נאָך אַמאָל דעם גרויסן אונטערשיד צווישן אים

און פראַנציס פון אַסיסי. דער לעצטער, פראַנציס, האָט ליב אַלעמען, סיי די, וואָס זיינען קריסטן און סיי די, וואָס זיינען מאַכמעדאַנער, צי גאָר יידן, און אַפילו געצן־דינער. אַלץ וואָס איז באַשאַפן געוואָרן פון גאָט, זאָגט ער, דאַרף מען ליב האָבן און אַפילו די נידעריקע ברואים. דאַנטע אָבער האָסט אַלע און האָט נאָר ליב די אמתע קריסטן. ער האָסט אַפילו די, וואָס זיינען געבוירן געוואָרן איידער קריסטוס איז געקומען אויף דער וועלט. די דאָזיקע מענטשן, וועלכע זיינען קיין קריסטן ניט געווען, ווייל עס איז נאָך קיין קריסטנטום אין זייער צייט ניט געווען, האָסט ער אויך, בלויז דערפאַר, וואָס זיי זיינען ניט געווען קיין קריסטן, ער שיל־דערט אין דריטן טייל פון זיין בוך „הימל״ (גן־עדן), ווער עס קומט דאָרטן, אָבער דאָרט איז ניטאָ קיין איינער וואָס איז ניט קיין קריסט, אפילו ווען ער האָט געלעבט פאַר קריסטוסן.

* * *

דאַנטע, אַלס אויסדרוק פון דעם געדאַנקען־גאַנג פון דער קירך אין רוים, ווייזט אונדז די גאַנצע מענטאַליטעט פון מיטלאַלטער אונטער דער הערשאַפט פון קריסטנטום. עס איז געווען דער גייסט וואָס האָט גערופן צו די קרייץ־צוגן, און שפּעטער צו דער אינקוויזיציע. (מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז 31 יאָר פאַר דאַנטעס געבורט, אין יאָר 1234, האָט שוין די קריסטלעכע קירך אין רוים, געהאָט אָנגענומען אין פּרינציפּ, דאָס שאַפן פון אינקוויזיציע־הייזער וואָס זאָלן צווינגען די ניט־קריסטן איבער־צוגיין צום קריסטלעכן גלויבן. דער דאָזיקער באַשלוס איז אָבער אין זיין גאַנצער קראַפט ערשט איינגעפירט געוואָרן אין לעבן פיל שפּעטער). דער וואַטיקאַן האָט אין מיטלאַלטער זיך געהאַלטן ביים כלל, אַז צו פייניקן ניט־קריסטן כדי זיי זאָלן ווערן קריסטן איז אַ גרויסע מצווה. „עס איז אַ טוגנט פאַר וועלכער די ניט־גלויביקע וועלן שפּעטער אונדז דאַנקבאַר זיין״. — אַזוי האָט זיך אויסגעדריקט איינער פון די פירנדיקע גייסטער פון וואַטיקאַן אין דרייצנטן יאָרהונדערט. „פּונקט אַזוי, זאָגט ער ווייטער, ווי מען גיט אַ מעדיצין צו אַ קראַנקן, כאָטש ער וויל עס בשום אופן ניט נעמען, אַזוי דאַרף מען געבן דאָס ליכט פון קריסטנטום צו די, וואָס האָבן עס ניט דערזען, ווייל פּונקט אַזוי ווי דער קראַנקער ווערט דורך דער מעדיצין געזונט ווערן, אַזוי וועט אויך דער ניט־גלויביקער גענעזן ווערן ווען ער וועט דערזען דאָס ליכט פון קריסטוסן״.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַן אייגן־געשאַפענע טעאָריע צו באַרעכטיקן און פאַרהערלעכן די מעשים תעתועים וואָס די קירך און

אירע אָנהענגער האָבן אָפּגעטאָן קעגן די יעניקע, וואָס זיינען ניט געוואָרן און האָבן ניט געוואָלט ווערן קריסטן. דאָס איז געווען אַ גוט־צוגעפּאַסטע טעאָריע צו באַרעכטיקן זייערע סאַדיסטישע נייגונגען, וועלכע זיינען ניט געווען באַגרענעצט בלויז אויף צו האָבן הנאה פון יענעמס ליידן, נאָר זיינע געגאַנגען אויף אַזוי ווייט, ווי אַפילו צו האָבן נחת פון פאַרגיסן אומשולדיק בלוט. דאָס זיינען געווען אין תוך מערדער וואָס האָבן זיך אָנגעטאָן מאַנטלען פון הייליקע ביים אומברענגען מענטשלעכע לעבנס.

דאַנטע פאַרהערלעכט אָט־די אידעע און דערפאַר פאַרנעמט ניט זיין גרויס ווערק קיין באַזונדער אָרט צווישן די שאַפונגען וואָס צייכענען זיך אויס מיט הומאַניטעט און מענטשן־ליבע. דאַנטע האָט אויסגעטראַכט דעם „אינפערנאָ" מיט אַלע פּייניקונגס־מכשירים, אָבער שפּעטער איז געקומען די קירך און האָט (אין דער צייט פון דער אינקוויזיציע) פאַרווירקלעכט אָט־די פּייניקונגס־קאַמערן אין לעבן. אַזוי אַרום זיינען פאַרפּייניקט געוואָרן, לויט ווי וואָלטער מיינט, ניט ווייניקער ווי 10 מיליאָן מענטשן פון פאַרשידענע לאַגערן.

## 55. דער פּאָעט פּעטראַרך

מיט וואָס פּעטראַרך איז אַנדערש פון דאַנטען. — פּעטראַרך וויל אַז מען זאָל הנאה האָבן פון לעבן און איז קעגן דער קירך וואָס פּרע־דיקט אַסקעטיזם. — זיין געליבטע, לאַורא, און די ליבעס וואָס ער האָט געפירט מיט אַנדערע פרויען. — די גרויסע באַדייטונג פון פּעטראַרכס פּאָעזיע.

מיטן אָנהויב פון 14־טן יאָרהונדערט הויבט די פינצטערניש פון מיטלאַלטער אָן ביסלעכוויַיז צו פאַרשווינדן. עס באַוויַיזן זיך אויפן סאָ־ציאַלן הימל די ערשטע שטראַלן פון דער זון. עס הויבט אָן צו טאָגן.

דאָס איז געווען די גרויסע באַדייטונג פון דער דערשיינונג אויף דער לעבנס־סצענע פון דעם גרויסן איטאַליענישן פּאָעט פּעטראַרך, וואָס האָט הויפּטזעכלעך געשאַפן און געזונגען אין דער איטאַליענישער שפּראַך (כאָטש ער האָט אויך ניט ווייניקער געשאַפן אין לאַטיין, די שפּראַך פון דער קירך אין יענער צייט). פּעטראַרך איז איינער פון די דריי גרויסע זיילן פון דער איטאַליענישער ליטעראַטור, וואָס האָבן געשאַפן אין איטאַל־יעניש און דערמיט דערהויבן די איטאַליענישע שפּראַך. דאָס זיינען געווען: דאַנטע, פּעטראַרך און באָקאַטשיאָ. וועגן דאַנטען האָבן מיר שוין גערעדט פריער און מיר האָבן דערמאָנט דעם פאַקט וואָס ער איז ניט געווען קיין צו גרויסער הומאַניסט, אַז די מענטשהייט האָט אים אינטע־רעסירט נאָר אויף אַזוי פיל אויף וויפל זי איז געווען קריסטלעך. דאָך האָט ער געמאַכט אַ רעוואָלוציע דערמיט, וואָס ער האָט דער ערשטער געשאַפן אין איטאַליעניש און געגעבן כבוד דער איטאַליענישער שפּראַך און דערביי אויך ניט ווילנדיק געגעבן אַ שטויס לאַטיין, די שפּראַך פון וואַטיקאַן. פּעטראַרך וואָס איז געקומען נאָך אים איז אַלט געווען ניט מער ווי 13 יאָר ווען דאַנטע איז געשטאָרבן אין יאָר 1375. אויך דער דריטער, באָקאַטשיאָ, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1331 און איז גע־שטאָרבן אין יאָר 1375. אַזוי אַרום זיינען כמעט אַלע דריי געווען אין איין צייט. פון די דריי איז פּעטראַרך געווען דער גרעסטער הומאַניסט און אַ קעגנער פון דער קירך, כאָטש ער איז אַליין געווען אַ פרומער קריסט. אויך באָקאַטשיאָ, כאָטש ניט קיין שטאַרקער קעגנער פון דער קירך, האָט דאָך אין זיינע ווערק אָפּגעלאַכט פון איר. (וועגן אים וועלן

מיר רעדן אויספירלעך שפּעטער). אָט־די דריי זיינען די ערשטע שטראַלן פון דער ערב־רענעסאַנס־עפּאָכע, וואָס איז געקומען אַלס ווידערשטאַנד קעגן דער קירך וואָס האָט געהאַלטן פאַרשקלאַפט כמעט גאַנץ אייראָפּע און אין ערגעץ ניט צוגעלאָזן קיין שטראַל פון ליכט.

* * *

פּעטראַרך איז געבוירן געוואָרן אין אַ דאָרף, וואו עס האָט גע־וואוינט צייטווייליק זיין רייכער פאָטער, אַן אַדוואָקאַט פון פלאָרענץ, וועלכער איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דער שטאָט, ווען אַ קעגנערישע פּאָליטישע פּאַרטיי האָט איבערגענומען די מאַכט, פּונקט אַזוי ווי עס איז געשען פריער מיט דאַנטען.

ווען פּעטראַרך איז אַלט געוואָרן פופצן יאָר, איז ער געשיקט גע־וואָרן לערנען אין דעם אוניווערסיטעט פון מאָנפּעליע (פראַנקרייך). זיינע עלטערן האָבן אים געשיקט צו לערנען יוריספּרודענץ, כדי ער זאָל זיין אַן אַדוואָקאַט אַזוי ווי זיין פאָטער, אָבער פּעטראַרך, וואָס זיין נאָמען אין דער היים איז געווען: פראַנצעסקאָ פּעטראַקאָ, האָט דאָס ניט געוואָלט כאָטש ער האָט געענדיקט אַלס אַדוואָקאַט. ער האָט געוואָלט בעסער שרייבן פּאָעזיע. ער האָט געקענט גוט לאַטיין, אָבער דאָך האָט ער אויס־געקליבן צו שרייבן פיל פון זיינע פּאָעמען אין איטאַליעניש וואָס איז דעמאָלט נאָך געווען די שפּראַך פון פאָלק.

אין יאָר 1327 איז פּעטראַרכס פאָטער געשטאָרבן. זיין מוטער האָט אים דעמאָלט געבעטן אַז ער זאָל איבערנעמען דעם פאָטערס פּראַק־טיק, אָבער פּעטראַרך האָט פאַר קיין פאַל ניט געוואָלט זיך פאַרנעמען מיט אַדוואָקאַטור און אָנשטאָט דעם בעסער געפאָרן קיין אַוויניאָן, וואו עס זיינען געווען העכערע קורסן פון טעאָלאָגיע. פּעטראַרך איז דעמאָלט אַלט געווען 23 יאָר. עס איז געווען דעמאָלט ווען ער האָט געטראָפן אַ פרוי מיטן נאָמען לאַוראַ אין אַ קירך און ער האָט זי מער ניט געקענט פאַרגעסן. לאַוראַ איז באמת קיין שיינע ניט געווען. דערצו האָט זי געהאַט אַ מאַן, וואָס אירע עלטערן האָבן אים אויף איר אַרויפגעצוואונגען, אָבער זי האָט אים ניט ליב געהאַט. זי איז צוליב דעם מיט פּעטראַרכן ניט געוואָרן אינטים און האָט אים אָפּגעענטפערט אויף זיין ליבע אויף אַ באַשיידענעם אופן. דאָך האָט לאַוראַ פון ערשטן מאָל וואָס זי האָט באַגעגנט פּעטראַרכן פאַרנומען אַ גרויסן פּלאַץ אין זיין לעבן און האָט כמעט ווי געהערשט איבער אים. פּעטראַרך האָט וואָס אַמאָל אַלץ מער

געליבט לאוראַן און האָט זי באַזונגען אין זיינע סאָנעטן און געשילדערט זי אַלס די שענסטע, קלוגסטע און ערלעכסטע פרוי פון זיין צייט.

אָבער כאָטש פעטראַרך האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט לאַוראַן, אַז „ער האָט געקושט די טריט פון אירע פיס״ (אין זיינע סאָנעטן), האָט ער דאָך אונטערגעזינדיקט מיט אַנדערע פרויען און מיט איינער געהאַט אַ זון און מיט אַ צווייטער אַ טאָכטער, און אפשר זיינען געווען נאָך מער (פון צוויי ווייסט מען).ביידע קינדער זיינען געווען ממזרים. אָבער דער פויפּסט אין יענער צייט האָט אין ביידע פאַלן געמאַכט די קינדער פאַר כשרע.

פעטראַרך איז געבליבן אין אַוויניאָן ביזן יאָר 1333. דערנאָך האָט ער זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ רייזע, איבער דער וועלט. ער איז געווען בטבע אַ לעב־יונג און האָט כסדר געוואָלט געניסן פון ווייב, וויין און געזאַנג. צוליב דעם האָט ער געשטרעבט צו באַנייען צוריק דעם גייסט פון די געצן־דינער, מיט זייערע אַרגיעס פון שיכרות און אויסגעלאַסנקייט. אין זיינע לידער באַטאָנט ער אָפט, אַז דער גייסט פון קריסטנטום קען גאַנץ גוט גיין צוזאַמען מיטן גייסט פון באַקכוס (לעבנס־לוסט).

פעטראַרך האָט אויך אין יענער צייט גענומען זוכן אַלטע רוימישע דאָקומענטן, וועלכע האָבן גערעדט פון פריילעכקייט און שיכרות פון לעבן. פיל מאַנוסקריפּטן האָט ער איבערגעשריבן מיטן נאָמען פון מחבר. אַנדערע, ווידער, האָט ער אָנגעגעבן אַלע אייגענע, און זיי זיינען געוואָרן אַ טייל פון זיינע ווערק. אין יענער צייט האָט ער געשאַפן פיל ווערק, אין וועלכע ער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַ גרויסער פּאָעט, איינער פון די גרעסטע פון מיטלאַלטער. אין די ווערק רופט ער צו שיינקייט (אַפילו ווען עס איז געצנדינעריש). ער איז דערמיט געווען קעגן דער קירך, וועלכע האָט דערקלערט, אַז מען טאָר ניט ליבן די שיינהייטס־פאָרמען פון די געצן, ווייל די שיינהייט פון די געצן איז קיין שיינהייט ניט און איז פאַרבאָטן.

נאָך עטלעכע יאָרן פון שטורמיש לעבן האָט זיך פעטראַרך צוריק־געצויגן צו לעבן אין אַ שטיל אָרט צווישן בערג אין איטאַליע. ער האָט דאָ שטודירט די פּאָעזיע פון אַלט־גריכנלאַנד און די ווערק פון די אַלטע מייסטערס. דאָ האָט ער פאַרטראַכט צו געבן אַ נייעם ריטם צו זיינע לידער אין גייסט פון זיין צייט. אין קעגנזאַץ צו דאַנטען און צו דער לערע פון דער רוימישער קירך האָט פעטראַרך אין זיינע ווערק קיינמאָל ניט גערופן צו דינען גאָט און צו טאָן תשובה. וואָס ער פּרעדיקט איז — צו האָבן אַ גרויסע הנאה פון לעבן. אַזוי האָט ער דעמאָלט באַזונגען דעם טיפן

געפיל פון ליבע צו אַ פרוי און די פאַרגעניגנס וואָס דאָס לעבן קען געבן צום מענטש. עס איז געווען אַ נייער טאָן אין דעם פאַרשימלטן, קאָנסערוואַטיוון מיטלאַלטער, ווען די הויפּט־פירער פון דער קירך האָבן כסדר גערופן צו אַסקעטיזם און צו דער פאַרניינונג פון לעבן.

* * *

פּעטראַרך האָט זיין גאַנץ לעבן ניט געוואָלט זיין קיין גייסטלעכער, נאָר אַ פּשוטער מענטש פון פאָלק. אין יענער צייט איז געווען איינגעפירט אַז די גייסטלעכע האָבן געקראָגן די העכסטע אָנערקענונג, אָבער ניט די וועלטלעכע, די, וואָס האָבן ניט געהאַלטן שטאַרק פון די דאָגמעס פון דער קירך. אָבער מיט פּעטראַרכן איז געשען עפּעס נייעס. דאָס פאָלק האָט געגומען אים צוטיילן פיל כבוד און זייער אָפט נאָך מער ווי צו די גייסטלעכע. אומעטום וואו פּעטראַרך איז געקומען זיינען די מאַסן אַרויס אים מקבל־פּנים־זיין און אים שטאַרק אַפּלאָדירט. דאָס האָט דער קירך ניט געשמעקט, אָבער מען האָט עס אַראָפּגעשלונגען מיט שווייגן. מען האָט זיך געטשעפּעט צו אים דערפאַר, וואָס אין זיינע שריפטן איז ער אַרויסגעטראָטן קעגן די דאָגמעס פון דער קירך. אָבער היות ער האָט אין לעבן זיך אויפגעפירט ווי אַ פרומער קריסט האָט מען אים געלאָזט צורו. איבערהויפּט דערפאַר וואָס די מאַסן זיינען געווען מיט אים.

אָבער מיט אַ צייט שפּעטער האָט אַפילו די קירך אים געוואָלט באַשטימען אַלס פּראָפעסאָר אין דעם אוניווערסיטעט פון פּאַריז צו לערנען מיט די סטודענטן קריסטנטום. אין יענער צייט האָט פּעטראַרך אויך גע־קראָגן אַן איינלאַדונג צו לייענען לעקציעס אונטער דער אויפזיכט פון קעניג ראָבערט פון נעאַפּאָל און ער האָט בעסער אָנגענומען דעם לעצטן פּאָסטן. אויף זיין וועג קיין נעאַפּאָל איז ער דורכגעפאָרן רוים. ווען די באַפעל־קערונג האָט זיך דערוואוסט, אַז ער וועט קומען קיין רוים, זיינען טויזנטער מענטשן געשטאַנען אין די גאַסן צו וואַרטן אויף אים און ווען ער האָט זיך באַוויזן, האָט דאָס פאָלק געיובלט און אים געקרוינט אַלס פּאָעט לאָורעאַט. דער ערשטער פּאָעט לאָורעאַט פון דער מאָדערנער ליטעראַטור.

פּעטראַרכס לעבן איז זייט דעמאָלט געווען אַ קייט פון לויב־געזאַנגען און פרייד. אָבער ער האָט אויך געהאַט עטלעכע טרויעריקע איבערלעבונגען. די ערשטע איז געווען ווען זיין געליבטע לאָורא איז געשטאָרבן, אין דער שוואַרצער מגפה. פון דער זעלבער עפּידעמיע איז אויך געשטאָרבן זיין איינציקער זון און אַ גרויסע צאָל פון זיינע אינטימע פריינד. נאָך אָט די קלעפּ האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון לעבן

און פאַרבראַכט די לעצטע יאָרן נאָר צווישן ביכער. ער האָט אַ שטיקל צייט געטראַכט פון שאַפן אַ נייעם סאָרט מאָנאַסטיר. אַזאַ, אַזוי־צו־זאָגן, הומאַניסטישן קלויסטער פאַר העכערע אידעאַליסטישע מענטשן, וואו מען זאָל קענען דינען צו וועלכן גאָט מען וויל און אפילו צו געצן. אָבער ער האָט זיך באַלד איבערצייגט, אַז דאָס איז אוממעגלעך אויסצופירן אין דער צייט, ווען די קירך איז געווען אַזוי אומטאָלעראַנט צו אַנדערש־גלויביקע. אַ געוויסע צייט איז ער אויך פאַרכאַפּט געוואָרן פון רעוואָ־לוציאָנערן גייסט קעגן רעליגיע, וואָס האָט זיך דעמאָלט געטראָגן איבער אייראָפּע, אָבער ער האָט זיך באַלד איבערצייגט, אַז אַרויסצוטרעטן אָפן מיינט אַ גרויסע געפאַר פאַר אים און ער האָט עס אויפגעגעבן. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 70 יאָר, דעם 18־טן יולי, 1374. מען האָט אים געפונען ליגן טויט מיט אַ בוך צוקאָפּנס, אונטער די גרויע האָר פון זיין קאָפּ.

פעטראַרך איז, ווי געזאָגט, געווען די ערשטע שוואַלב פון דער ערב־רענעסאַנס־עפּאָכע. ער איז אויך געווען דער ערשטער רעוואָלוציאָנער קעגן דער קירך, אָבער זיינע רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען האָבן זיך אויס־געדריקט נאָר אין פרעדיקן שיינהייט, די שיינהייט וואָס איז געווען פאַר־באָטן פון דער קירך. די קירך האָט ניט געוואָלט קיין עסטעטיק כאָטש זי האָט געזוכט און געשאַפן פיל צערעמאָניעס ביי די פאַרשידענע גאָטעס־דינסטן. פעטראַרך האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער בעסטער און לייכטסטער וועג צו קעמפן קעגן רעליגיע און די מאַסן האָבן עס באַלד אויך אַזוי אויפגענומען און אָט דערפאַר איז ער געוואָרן אַזוי פּאָפּולער. ער האָט אויסגעדריקט אין זיינע ווערק די געפילן וואָס די מאַסן האָבן געהאַט אין זייערע הערצער קעגן דער קירך.

* * *

פעטראַרך פאַרנעמט דעם אויבן־אָן אין דער איטאַליענישער לי־טעראַטור. איבערהויפּט אויפן געביט פון פּאָעזיע. מען האַלט אים פאַרן גרעסטן דיכטער וואָס דאָס איטאַליענישע פאָלק האָט אַרויסגעגעבן. בלויז אין באַצוג צו דאַנטען, איז דאָ אַ מיינונגס־פאַרשידנהייט. עס איז דאָ אַ טייל וואָס דענקט, אַז ער איז געווען נאָך גרעסער ווי דאַנטע, אָבער די מער־הייט פון די ליטעראַטור־קריטיקער האַלט אַז דאַנטע איז געווען גרעסער. פעטראַרך איז איבערהויפּט באַוואוסט מיט זיינע פּאָעמען אונטערן נאָמען „טריאָנפי״ (טריאומפן). לויט אַ טייל היסטאָריקער האָט פעטראַרך אַוועק־געשטעלט אין זיין צייט די איטאַליענישע ליטעראַטור אויף דער העכסטער

שטופּע לגבי אַלע אַנדערע ליטעראַטורן פון אייראָפּע. פּעטראַרך האָט געשריבן אין ביידע שפּראַכן: אין לאַטיין און אין איטאַליעניש, אָבער די איטאַליענישע שאַפונגען שטייגן איבער די, וועלכע ער האָט געשאַפן אויף לאַטיין, כאָטש פּעטראַרך אַליין דענקט אַנדערש, און זאָגט, אַז די לאַטיינישע שטייען העכער ווי די אין איטאַליעניש. גאָר באַזונדערס איז ער באַרימט געוואָרן אין איטאַליע מיט זיין בוך אין איטאַליעניש. „קאַנזאָניערע" (בוך פון געזאַנגען), וואו ער האָט איינגעזאַמלט זיינע בעסטע לירישע לידער. פיל פון זיינע לידער זיינען געווען אינספּירירט פון לאַוראַן. דאָס איז צו מערקן אין דער אָפּטיילונג פון ליבע־לידער, וועלכע זיינען די בעסטע פון דעם מין אין דער וועלט־ליטעראַטור. פּעט־ראַרך איז אויך באַוואוסט אַלס מייסטער פון סאָנעטן. פּעטראַרך האָט פיינט געהאַט גראָבע אויסדרוקן אין קעגנזאַץ צו דאַנטען.

עס איז אויך דאָ אַ חלוקי־דעות ביי די היסטאָריקער, צי די לאַוראַ אין וועלכער פּעטראַרך איז געווען אַזוי שטערבלעך פאַרליבט איז ווירק־לעך געווען אַ לעבעדיקער מענטש אָדער אַ פּראָדוקט פון זיין פאַנטאַזיע. לויט ווי פּעטראַרך זאָגט אַליין, האָט ער צום ערשטן מאָל געזען לאַוראַן דעם 6־טן אַפּריל, 1327, אין דער קירך אויפן נאָמען פון סעינט קלאַראַ אין אַוויניאָן. לויטן עדות־זאָגן פון אַ טייל כראָניקער פון יענער צייט, איז לאַוראַ געווען אַ לעבעדיקע פּערזאָן, די טאָכטער פון אַ געוויסן אַריסטאָ־קראַט. זי האָט דעמאָלט שוין געהאַט חתונה געהאַט מיט איינעם, יאָהאַן דע סאַד. וועגן דער דאָזיקער חתונה האָט באַזונדערס געשריבן דער גייסט־לעכער דע סאַד. די פראַגע איז: אויב לאַורא האָט ווירקלעך פּעטראַרכן אַזוי ליב באַקומען ווי דער דיכטער שילדערט עס אין זיין בוך, פאַרוואָס האָט זי ניט פאַרלאָזן איר מאַן און געגאַנגען צו אים? עס איז אמת, אַז אויך פּעטראַרך האָט אין יענער צייט שוין געהאַט אַ ווייב. פונדעסטוועגן האָט ער געפירט ליבעס מיט אַנדערע פרויען און געהאַט אַפילו מיט זיי קינדער. אין דער זעלבער צייט שרייבט פּעטראַרך, אַז ער האָט לאַוראַן אפילו ניט אָנגערירט און אַז עס איז נאָר געווען אַ פּלאַטאָנישע ליבע. פרעגט זיך, פאַרוואָס האָט פּעטראַרך, וואָס איז געווען אין עצם אַ לעב־יונג, זיך אַזוי צוריקגעהאַלטן בנוגע זיין טייערסטער געליבטער? האָט ער געשאַנעוועט איר דערפאַר וואָס זי איז געווען שוין אַ פרוי פון אַ מאַן אָדער האָט זי דאָס פאַרלאַנגט פון אים, כאָטש זי האָט אים אַזוי שטאַרק געליבט?

נאָך פּעטראַרכן קומט דער גרויסער מייסטער פון דער איטאַליע־נישער ליטעראַטור, באָקאַטשיאָ.

## 56. באָקאַטשיאָ, שאַפער פון „דעקאַמעראָן"

ער איז געווען אַ ניט־געזעצלעך קינד, אָבער דאָך זיך אויפגעצויגן אין הויז פון זיין פאָטער. — ער לערנט אויף צו ווערן אַ גלח. — זיין געליבטע, די פּרינצעסין מאַריאַ, וועלכע ער רופט אָן „פיאַמעטאַ". — זיין צווייטע ליבע מיט דער קעניגין פון נעאַפּאָל. — וואָס פאַר אַ ווערק איז דער „דעקאַמעראָן"?

אַ זייער פּאָפּולערע פּערזענלעכקייט אין פערצנטן יאָרהונדערט איז געווען דער שרייבער פון דער מעשיות סעריע, וואָס רופט זיך „דעקאַמעראָן". דאָס ווערק, וואָס איז איינס פון די קלאַסישע אין דער וועלט־ליטעראַטור, איז געשריבן געוואָרן פון דעם איטאַליענישן דיכטער און דערציילער דזשיאָוואַני באָקאַטשיאָ.

באָקאַטשיאָ איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1313 (דאָס איז פעסטגע־שטעלט געוואָרן פון אַ בריוו פון פּעטראַרכן, אין וועלכן ער שרייבט, אַז ער פּעטראַרך, איז עלטער פון באָקאַטשיאָן מיט 9 יאָר). וועגן דעם אָרט וואו ער איז געבוירן געוואָרן איז דאָ אַ מיינונגס־פאַרשידנהייט. אַ טייל זאָגן, אַז עס איז געווען פלאָרענץ, אַנדערע זאָגן, אַז פּאַריז און נאָך אַנדערע מיינען, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין אַ קליין אָרט נעבן פלאָרענץ מיטן נאָמען סערטאַלדאָ. אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז ער איז געווען אַ בירגער פון פלאָרענץ, ווייל אַזוי זיינען אויך געווען זיין פאָטער און זיין זיידע, אָבער זיין מוטער איז געווען אַ פראַנצויזין. זי שטאַמט פון אַן אָנגעזעענער פאַמיליע אין פּאַריז. דזשיאָוואַניס פאָטער האָט געהאַט הייזער אין סערטאַלדאָ (20 מייל פון פלאָרענץ), און עס זעט אויס, אַז עס איז ריכטיק די מיינונג, אַז ער איז געבוירן געוואָרן דאָרטן, ווייל ער אַליין, באָקאַטשיאָ, פלעגט זיך אונטערשרייבן „באָקאַטשיאָ פון סערטאַל־דאָ". אַזוי האָט ער אויך אָנגעגעבן דאָס אָרט פון זיין געבורט אין דעם עפּיטאַף וואָס ער האָט אָנגעשריבן פאַר זיין מצבה.

באָקאַטשיאָ איז געווען אַ ניט־געזעצלעך קינד. דאָס איז אים גע־שטאַנען אין וועג שפּעטער ווען ער האָט שטודירט אויף צו ווערן אַ גייסטלעכער. ווען ער האָט געענדיקט, האָט דער סעמינאַר פון די גלחים דערקלערט, אַז ער, אַלס אַן אומגעזעצלעך קינד, אַ ממזר, קען ניט זיין קיין גלח. צוליב דעם האָט מען זיך געמוזט ווענדן צום וואַטיקאַן אין רוים, נאָך אַ ספּעציעלער דערלויבעניש, אַז ער זאָל קענען זיין אַ גייסט־

לעכער. דאָס האָט געטאָן זיין פאָטער אויף אַ געהיימען אופן, ווייל ער איז געווען אַן אָנגעזעענער מענטש אין די געשעפטס־קרייזן. אויס־צוהאַלטן אַ לינקע געליבטע און צו האָבן מיט איר קינדער, איז געווען שטאַרק אין דער מאָדע אין יענער צייט.

ווי ס׳זעט אויס האָט זיך דזשיאָוואַני אויפגעצויגן אין הויז פון פאָ־טער, צוזאַמען מיט די קינדער וואָס זיין פאָטער האָט געהאַט פון זיין געזעצ־לעך ווייב. דער פאָטער האָט זיך אויך שטאַרק אינטערעסירט מיט אים און אים געשיקט אין די בעסטע שולן, ווי באָקאַטשיאָ אַליין דערציילט, האָט ער, ווען ער איז אַלט געווען 7 יאָר, אָנגעהויבן צו שרייבן פּאָעזיע מיט גראַמען. כאָטש ער האָט נאָך אַפילו דעמאָלט ניט געהאַט געזען ווי אַזוי אַ בוך פון פּאָעזיע זעט אויס. שפּעטער האָט דער פאָטער אים אַריינגע־געבן אין אַ געשעפט צו לערנען זיך צו ווערן אַ געשעפטס־מאַן. ער איז דאָרטן געווען 6 יאָר, אָבער באָקאַטשיאָ דענקט, אַז דאָס זיינען געווען פאַרלוירענע יאָרן, דערפאַר וואָס ער האָט זיך גאָר ניט אויסגעלערנט, ווייל זיין קאָפּ איז געווען גאָר פאַרטאָן אין שרייבן. באָקאַטשיאָ דערציילט אויך, אַז אַלס קינד פלעגן זיינע פריינד אים רופן „דער פּאָעט״. ווען דער פאָטער האָט איינגעזען, אַז ער וועט קיין געשעפטס־מאַן ניט זיין, האָט ער אים געשיקט לערנען צו אַ באַרימטן פּראָפעסאָר פון געזעץ, אַז ער זאָל ווערן אַ יוריסט. דער דאָזיקער פּראָפעסאָר איז געווען אַ פריינד פון דאַנטען מיטן נאָמען קינאָ דאַ פּיסטאָיאַ, אַ גרויסער יוריסט און אויך אַן אָנגעזעענער פּאָעט. אָבער אויך דאָס מאָל איז עס געווען אומזיסטע אַרבעט, ווייל די לימודים פון געזעץ זיינען אים ניט געקראָכן אין קאָפּ אַרייך. און, ווי באָקאַטשיאָ אַליין שרייבט וועגן דעם, איז אים די גאַנצע זאַך, דאָס לערנען געזעץ, געווען אָפּשטויסנד.

באָקאַטשיאָ האָט דערזען צום ערשטן מאָל זיין געליבטע אין אַ קירך. דאָס איז געווען ניט קיין אַנדערע ווי די פּרינצעסין מאַריאַ, די טאָכטער פון קעניג ראָבערט פון נעאַפּאָל. פון דעמאָלט אָן האָט שוין באָ־קאַטשיאָ ניט מער גערוט, אָבער אַזוי ווי ער האָט צו דער פּרינצעסין ניט געקענט צוקומען, האָט ער זי באַזונגען אין זיינע ווערק אונטערן נאָמען פיאַמעטאַ. ווי באָקאַטשיאָ דערקלערט אין איינעם פון זיינע ווערק, האָט מאַריאַ געוואוסט פון זיין ליבע צו איר און זי האָט אים, אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעענטפערט אויף זיין ליבע. אָבער זי איז געווען אַ ווייב פון אַן אַנדערן מאַן. אָבער דאָך האָט זי זיך מיט אים געטראָפן כאָטש ניט זייער אָפט.

עס איז דאָ אַ מיינונג, אַז מאַריאַ איז ניט געווען קיין לעבעדיקע פּער־

זאָך, נאָר אינגאַנצן אַ פּראָדוקט פון זיין רייכער פאַנטאַזיע. ווי אַ טייל היסטאָריקער מיינען, איז עס ממש געווען אוממעגלעך פאַר באַקאַטשיאָן, וואָס איז ניט געווען אַ קינד פון די הויכע פענצטער, צו קומען אין פּאַלאַץ פון קעניג און טרעפן זיך דאָרטן מיט דער פּרינצעסין, ווייל אַנדערש־וואו ווי אין הויף האָט עס ניט געקענט זיין. אָבער פון דער אַנדערער זייט לויט געהיימע דאָקומענטן וואָס מען האָט שפּעטער געפונען, שטעלט זיך אַרויס, אַז מאַריאַ איז געווען אַ ניט געזעצלעכע טאָכטער פון קעניג און זי האָט דעם טיטל „פּרינצעסין" ניט געהאַט, אָבער לויט אַ פאַרשטענדי־קונג צווישן איר מוטער, דעם קעניגס געליבטע, און דעם קעניג און אויך לויט אַ פאַרשטענדיקונג צווישן קעניג מיט מאַריאַן, האָט דער סוד, אַז זי איז ניט אַ טאָכטער פון קעניג, קיינמאָל ניט געטאָרט אַרויסקומען אין דער עפנטלעכקייט און דערפאַר האָט זי געקראָגן אַ געוויסן געהאַלט איר גאַנץ לעבן. זי האָט אויך ניט געוואוינט מיט איר מאַן אין קעניגלעכן הויף, נאָר אין אַ גאַנץ באַזונדערן קוואַרטאַל אין נעאַפּאָל. עס איז אויך מעגלעך, אַז זי האָט פאַרטרויט צו איר פריינד באַקאַטשיאָ דעם סוד פון איר אָפּ־שטאַם, אָבער לויט איר פאַרלאַנג, האָט ער עס ניט געטאָרט זאָגן צו קיינעם. אַזוי־אַרום זעט אויס, אַז די ליבע פון באַקאַטשיאָן צו מאַריאַן איז געווען אַ פאַקט און ניט בלויז אַ פאַנטאַזיע פון אַ שרייבער. פון די געהיימע דאָקומענטן איז אויך צו זען, אַז די מוטער פון מאַריאַן איז געווען אַן אַנגעזעענע פערזענלעכקייט פון פּאַריז, און אַז זי האָט געשטאַמט פון אַריסטאָקראַטישן הויז אַקווינאַ, פון זעלבן הויז פון וואַנען עס האָט גע־שטאַמט טאָמאַס אַקווינאַס.

לויט באַקאַטשיאָס אייגענער שילדערונג, איז מאַריאַ געשטאָרבן זייער יונג און ער האָט פאַראייביקט איר אָנדענק אין זיינע ווערק. באַ־קאַטשיאַ האָט זי געליבט זיין גאַנץ לעבן און אַפילו אַ קורצע צייט פאַרן טויט, האָט ער אָנגעשריבן אַ סאָנעט צו איר אָנדענק, אין וועלכן ער דערקלערט, אַז ער קען זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

* * *

באַקאַטשיאַ איז געווען זייער פּראָדוקטיוו. ער האָט געשאַפן אַ חוץ פיל קליינע זאַכן, צען גרויסע ווערק. דאָס רוב פון זיי — אונטערן איינ־פלוס פון זיין געליבטער מאַריאַ אָדער ווי ער רופט זי פיאַמעטאַ. ער האָט געשאַפן סיי פּאָעזיע און סיי פּראָזע. דאָס ערשטע ווערק איז געווען „פילאָ־קאָפּאָ". ער שילדערט דאָרטן אַ ליבע וועגן וועלכער מען האָט פיל גערעדט אין יענער צייט. דאָס איז געווען אַ פּאַסירונג אין די אַריסטאָקראַטישע

קרייזן פון פראַנקרייך. די העלדן זיינען געווען אַ געוויסע פלאָריאַ און ביאַנקאָפיאָרע. דאָס בוך איז שטאַרק געליבט געוואָרן אין יענער צייט, כאָטש ס׳קומט ניט צו זיינע אַנדערע ווערק. אַ צווייט בוך פון יענער צייט (וואָס דער מחבר האָט געשריבן אויפן פאַרלאַנג פון פיאַמעטאַ) איז אַ ווערק וואָס רופט זיך אויף איטאַליעניש „טעסעאידע”, אַן עפּישע פּאָעמע געבויט אויף אַ היסטאָרישער פּאַסירונג אין איטאַליע.

דאָס דריטע ווערק איז געווען אַ בוך לידער, אָבער ווען דער מחבר האָט געלייענט פּעטראַרכס סאָנעטן, האָט ער געטראַכט ביי זיך אַז זיינע לידער זיינען שוואַך און האָט זיי געוואָלט פאַרברענען. ער האָט דאָס געזאָגט פּעטראַרכן, אָבער יענער האָט אים אָפּגערעדט דערפון און האָט אים פאַרזיכערט, אַז די לידער זיינען גוטע און אַז זיי מאַכן אַן איינדרוק אויפן לייענער.

באָקאַטשיאָ האָט איצט ווידער געשאַפן אין פּראָזע און ער דערמאָנט זייער אָפט, אַז פיאַמעטאַ האָט אים געגעבן דעם שטויס צו שרייבן די ווערק. אייניקע מאָל דערמאָנט ער זיין געליבטע אַפילו ביי איר אמתן נאָמען מאַריאַ.

אָבער גראָד ביי זיין הויפּט־ווערק וואָס איז געוואָרן פּאָפּולער מער ווי אַלע אַנדערע, וואָס ער האָט געשאַפן, איז ניט געווען פיאַמעטאַ, וואָס האָט אים אינספּירירט דערצו, נאָר אַ קעניגין, אין וועלכער ער איז געווען ניט ווייניק פאַרליבט, און דאָ קומען מיר צו דער געשיכטע פון זיין לעצטער ליבע. כאָטש ער האָט, ווי ער זאָגט, מאַריאַן קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

דאָס איז געווען אין יאָר 1344, ווען באָקאַטשיאָ איז געקומען קיין נעאַפּאָל. אין יענער צייט איז געוואָרן אַ קעניגין פון דער שטאָט אַן אייניקל פון קעניג ראָבערט, דזשיאָוואַנאַ, אַ שיינע יונגע פרוי וואָס האָט שוין געהאַט אַ מאַן, אָבער די קרוין האָט באַלאַנגט צו איר. ווען די קעניגין, וועלכע האָט זייער ליב געהאַט צו לייענען פּאָעזיע, האָט גע־הערט פון באָקאַטשיאָן, האָט זי אים איינגעלאַדן אין איר פּאַלאַץ. ער איז געקומען און געלייענט פאַר איר זיינע לידער און באַלד איז צווישן דער קעניגין און דעם פּאָעט אַנטשטאַנען אַ גרויסע ליבע, אָבער דאָס האָט געמוזט זיין בסוד־סודות. מען האָט אָבער אין הויף געוואוסט, אַז די קעניגין האָט ניט ליב איר מאַן און אַז באָקאַטשיאָ איז איר אינטימער פריינד, אָבער קיינער האָט וועגן דעם ניט גערעדט. פּלוצלינג איז געשען, אַז מען האָט איר מאַן געפונען טויט. עס איז קיין פראַגע ניט געווען, אַז ער איז דערמאָרדעט געוואָרן. אויך האָבן אַלע שפּורן געפירט צו דער

קעניגין, און עס זיינען געווען באַווייזן, אַז זי האָט מיטגעהאָלפן אין זיין טויט אָדער צום ווייניקסטן געוואוסט אַז מען וועט אים אַפּרוימען פון וועג. עס זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געהעצט קעגן דער קעניגין. באָקאַטשיאָ איז דעמאָלט אַרויסגעטראָטן מיט שטורמישע רעדעס צו פאַרטיידיקן די קעניגין און ער האָט געאַרבעט מעשים אויף ריינצוואַשן איר נאָמען, וואָס עס איז אים אויך טיילוויז געלונגען.

שפּעטער האָט די קעניגין דזשיאָוואַנאַ, געווירקט אויף באָקאַטשיאָן אַז ער זאָל אָנשרייבן דאָס בוך „דעקאַמעראָן״ און ער האָט זי געפאָלגט און האָט אָנגעשריבן אָט־די מעשיות צווישן די יאָרן 1344 און 1350.

* * *

איצט, וואָס איז אַזוינס דער „דעקאַמעראָן״?

„דעקאַמעראָן״ מיינט צען טיילן. עס איז אַ ווערק פון הונדערט מעשיות. דער אָנהויב באַשטייט פון אַ הקדמה ווי צוליב דער שוואַרצער מגפה זיינען אַנטלאָפן אַ גרופּע פריינד קיין פלאָרענץ און זיי האַלטן זיך אויף אין אַ פּלאַץ, וואו זיי דערציילן זיך מעשיות. די דאָזיקע מעשיות ווערן דערציילט אין פאַרלויף פון 10 טעג. יעדער איינער דערציילט צען מעשיות. די מעשיות זיינען על־פּי־רוב סאַטירישע, וועגן דער פּאָליטישער לאַגע פון יענער צייט, ער לאַכט אָפּ פון דער קירך אין רוים און פון אירע מעשים תעתועים. עס זיינען אויך דאָ סאַטירעס וועגן דער פאַרדאָרבענער געזעלשאַפט אין איטאַליע, פראַנקרייך און דייטשלאַנד. אין אַ טייל פון די מעשיות איז דאָ אַ ביסל וואָס הייסט אויף העברעאיש „ניבול־פה״, אָבער דאָך ניט אין קיין שטאַרקער מאָס. איינע פון די דאָזיקע מעשיות איז אַ יידישע און מיר ווילן דאָ איבערגעבן איר אינהאַלט אין קורצן (דאָס איז די צווייטע מעשה פון ערשטן טאָג).

אין פּאַריז האָט געוואוינט אַ ייד מיטן נאָמען אברהם, וועלכער האָט געבאָרגט געלט אויף פּראָצענט. צו אים פלעגט קומען אַ גלח, וועלכער האָט זיך אַלעמאָל גענויטיקט אין געלט און האָט עס געקראָגן ביים ייד פאַר אַ גרויסן פּראָצענט. יעדעס מאָל ווען דער גלח איז געקומען צום ייד באָרגן פאַר זיך געלט, האָט ער איינגעטענהט מיטן ייד, אַז ער זאָל זיך אַ ביסל אונטערשמדן, אָבער דער ייד האָט ניט געוואָלט הערן דערפון. איינמאָל איז דער גלח צוגעשטאַנען צו אים זייער שטאַרק. דער ייד האָט אים דערויף געענטפערט, אַז ער פאָרט אינגיכן קיין רוים, וועט ער זיך באַקענען דאָרטן אויפן אָרט גענויער מיטן קריסטנטום, און אויב עס וועט אים געפעלן, וועט ער זיך שמדן. דער גלח, וויסנדיק וואָס אין רוים קומט

פאַר, האָט געזאָגט צו אים, אַז ער זעט שוין, אַז עס וועט דערפון גאָרניט אַרויסקומען, ווייל אויב דער ייד וועט זיין אין רוים וועט ער זיך דער־וויסן דאָרטן דעם אמת און ער וועט זיך שוין זיכער ניט שמדן. באַלד נאָכדעם איז דער ייד אַוועקגעפאָרן קיין רוים.

ווען אברהם איז געקומען צוריק, האָט ער געשיקט נאָכן גלח. דער גלח זאָגט צו אים, אַז ער איז זיכער, אַז נאָך דעם ווי ער איז געווען אין רוים, וועט ער זיך שוין ניט שמדן, אָבער דער ייד ענטפערט אים דע־רויף: „ניין, איצט ערשט וועל איך זיך יאָ שמדן!" דער גלח איז געוואָרן דערשטוינט און אים געפרעגט צי ער ווייסט פון דער קאָרופּציע, באַטרוג און זנות וואָס עס קומען פאָר אין וואַטיקאַן. דער ייד זאָגט, אַז ער ווייסט. ער ווייסט פון די שווינדלערייען און פון די אויסגעלאַסנקייטן וואָס קומען דאָרטן פאָר. ער ווייסט אַלצדינג.

— און דאָך ווילט איר זיך איצט שמדן? — פרעגט דער גלח דעם ייד. — וואָס איז דער שכל?

— דער שכל איז — ענטפערט אים דער ייד — אַז אויב נאָך דעם אַלעמען קען דאָס קריסטנטום נאָך עקזיסטירן, איז עס ניט אַנדערש ווי אַ גאָט־זאַך...

דאָס איז געווען זייער אַן איידעלער שטאָך דער קירכע פון רוים אין יענער צייט. די אַנדערע געשיכטן זיינען אויך פון אַן ענלעכן כאַ־ראַקטער.

* * *

אַזוי ווייט באָקאַטשיאָ אַלס שרייבער. ווען מיר קוקן זיך צו צו באָקאַטשיאָן אַלס מענטש, זעען מיר, אַז ער איז געווען אַנדערש פון דאַנטען דערמיט וואָס ער האָט זיך אין פּאָליטיק ניט געוואָלט מישן. ער האָט בכלל געהאַט אַ ווידערווילן צו פּאָליטיק און פּאָליטיקאַנטן און האָט קיין שום אַמט פון אַזאַ כאַראַקטער ניט געוואָלט אָננעמען. באָקאַטשיאָ האָט געקוקט אַראָפּ אויף די פאַרשידענע „גרויסע לייט" פון פלאָרענץ, וועלכע האָבן געבלאָזן פון זיך. ער האָט זיי געהאַלטן פאַר „פּוסטע קעפּ און נאַרישע בעלי־גאווהניקעס". אין איינעם פון זיינע ווערק רעדט ער וועגן זיי מיט שפּאָט און רופט זיי אַן „זשאַבעס וואָס קוואַקען אין אַ בלאָטע". אין זיין „דעקאַמעראָן" האָט ער אַ באַזונדערע הנאה צו שילדערן די כלומר־שטע „הויכע מאָראַל" פון די מענער און פרויען אין יענער צייט. די אַזוי־גערופענע „צניעות" פון די „איידעלע דאַמען" אין די „הויכע פענצ־טער". זיינע שילדערונגען זיינען ניט איבערטריבן, נאָר גיכער אַ בילד

פון דער לויזער מאָראַל וואָס עס האָט געהערשט אין 14־טן יאָרהונדערט, אין די אַזוי־גערופענע בעסערע קרייזן. עס איז געווען דעמאָלט אַ צייט ווען סיי מענער און סיי פרויען זיינען ניט נאָר געווען ניט מאָראַליש, נאָר זיי האָבן זיך אַפילו ניט געשעמט מיט די זאַכן וואָס זיי האָבן געטאָן. עס זיינען געווען אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן זיך זאָגאַר אויסגערימט דערמיט. באָקאַטשיאָ האָט אין „דעקאַמעראָן" געוואָלט געבן אַן אמתדיק בילד פון יענער צייט. אַט צוליב דעם האָט ער אָפט געשילדערט די אויסגעלאַסענע מעשים אַ ביסל צופיל אָפן. דאָס איז זיכער גוט אויף צו האָבן אַ קלאָרן באַגריף פון יענער צייט, אָבער דאָך פון אַן אַנדערער זייט גיט עס ניט צו קיין כבוד צום ווערק און דער „דעקאַמעראָן" ליידט פון די וואולגאַרישע שילדערונגען.

באָקאַטשיאָ איז שפּעטער באַשולדיקט געוואָרן אין פּלאַגיאַט, אי־בערהויפּט פון פראַנצויזישע שרייבער, וועלכע האָבן אויפגעוויזן, אַז פיל פון זיינע געשיכטן אין „דעקאַמעראָן" זיינען גענומען געוואָרן פון פראַנ־צויזישע קוועלן. אָבער דאָס רוב פון די מעשיות איז געבויט אויף פאַקטן וואָס זיינען דעמאָלט געווען פּאָפּולער און אַלע האָבן גערעדט דערפון. וואָס באָקאַטשיאָ האָט געטאָן, איז געווען צו געבן זיי אַ געוויסע פאָרם און אַרויסברענגען זיי אין דער ליכטיקער וועלט.

## 57. דאָס יונגע מיידל וואָס האָט געראַטעוועט פראַנקרייך

עס איז דעמאָלט געווען אַ צייט וואָס מען האָט ניט נאָר געזען שדים און רוחות, נאָר אויך מלאכים. — ווי אַזוי זשאַן ד'אַרק האָט געהערט דעם מלאך מיכאל רעדן צו איר. — זי גייט צום בירגער־מייסטער און קומט אָן אויך צום קעניג אַליין. — זי זאָגט אים דאָס וואָס ער וויל הערן און ער באַשטימט איר אַלס פעלד־מאַרשאַל פון אַלע אַרמייען פון פראַנקרייך. — אירע גרויסע זיגן און די קרוינונג פון קעניג טשאַרלס דעם זיבעטן. — עס מערן זיך די שונאים פון זשאַן ד'אַרק און מען פאַרמשפּט זי צום פאַרברענען.

אין פאַרלויף פון גאַנצן 14־טן יאָרהונדערט איז דער וואַטיקאַן געווען זייער נערוועז. עס איז געווען נאָך דעם ווען עס האָבן געהערשט צוויי פּויפּסטן און עס איז צוריקגעגעבן געוואָרן אין גאַנצן די מאַכט צום פאַר־טרעטער פון פּעטערן אין רוים. די קירך איז דעמאָלט געווען זייער אומרואיק און אומגעדולדיק צו אַלע די, וואָס האָבן געוואַגט צו זאָגן עפּעס אַנדערש ווי דאָס, וואָס דאָס אָפיציעלע קריסטנטום האָט געהייסן זאָגן. מען דאַרף וויסן, אַז די קאַטוילישע קירך האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעצייכנט מיט טאָלעראַנץ צו אַנדערש־דענקנדע מענטשן. זי האָט קיינמאָל ניט געקענט פאַרטראָגן די, וועלכע האָבן געהאַט אַן אייגענע מיינונג, וואָס האָט ניט געשטימט מיט דעם אָפיציעלן קורס. אָבער אין די יאָרן פון פערצנטן יאָרהונדערט איז די היעראַרכיע געווען גאָר באַזונדערס וואַך ניט צו דערלאָזן קיין שום נייעם געדאַנק, צו קיין שפּור פון אַן אַרויסטריט קעגן דעם אָנגענומענעם נוסח. יעדע מינדעסטע קריטיק איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אַפּיקורסות און דער בעסטער מיטל פאַר דער קירך איז געווען אָפּצורוימען דעם קריטיקער פון וועג דורך פאַרברענען אים אויפן שייטער־הויפן. האָט טאַקע דעמאָלט זיך געטראָגן איבער אַלע אייראָפּעאישע לענדער, ווי פראַנקרייך, ענגלאַנד, בעמען, שפּאַניע, און איטאַליע, אַ ריח פון פאַרברענט מענטשלעך פלייש. און ניט נאָר פון יחידים, נאָר אויך פון גאַנצע גרופּן, פון גאַנצע געמיינדעס. די קירך איז געווען נערוועז און אומגעדולדיק.

אָבער די קירך האָט ניט נאָר פאַרברענט אויפן שייטער־הויפן אַלע די וואָס האָבן געוואַגט צו רעדן אַנדערש וועגן קריסטנטום, ווי עס איז געווען דער אָפיציעלער קורס, נאָר זי האָט אויך גערודפט און געשיקט

אויפן שייטער־הויפן פיל פרומע און גאָטספּאָרכטיקע קריסטן פאַרן איינ־ציקן חטא פון בלויז טראַכטן אַנדערש ווי עס איז געווען אָנגענומען. יאָ, אויך פאַר דענקען אַנדערש איז מען באַשטראָפט געוואָרן.

און נאָך עפּעס: די קירך האָט באַטראַכט אַפילו פּאָליטישע קעגנער אַלס אַזעלכע וואָס טרעטן אַרויס קעגן דער קירך. ניט פאָלגן אָדער זיין קעגן עמיצן, וואָס האָט פאַרנומען אַ פּאָליטישן אָמט, איז פאַררעכנט געוואָרן ביי דער קירך פאַר פאַרראַט קעגן גאָט און לאַנד, ווייל די הער־שער און די גלחים זיינען געווען ווי איין מאַכט און האָבן געשטיצט איינער דעם אַנדערן. דעריבער אויב איינער איז אַרויסגעטראָטן קעגן אַ גע־וויסן הערשער, האָט די קירך אים באַטראַכט אַלס אַן אַפּיקורס, אַלס אַ פאַרברעכער קעגן דער קירך און האָט געפאָדערט זיין שטראָף.

נאָר אַזוי־אַרום קען מען פאַרשטיין, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין יענער צייט מיט דעם יונגן מיידל, ד׳אַרק, דער גורל פון איר לעבן, ווי אויך דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען נאָך איר טויט.

וואָרום ווען אַ מאָדערנער מענטש, היינט־צו־טאָג, לייענט אין דער וועלט־געשיכטע דאָס קאַפּיטל וועגן דעם לעבן און ווירקן פון זשאַן ד׳אַרק, מוז ער בלייבן שטיין אַ פאַרוואונדערטער. ער מוז פרעגן, וואָס פאַר אַ געשיכטע איז דאָס? איז עס אַ לעגענדע, ווי עס זעט אויס צו זיין, אָדער עס איז טאַקע געווען אַ היסטאָרישער פאַקט? ווייל קלינגען קלינגט עס פון אויבן־אויף ווי אַ לעגענדע, ווי אַ מעשהלע פון יענע אַלטע גוטע צייטן, ווען פראַנקרייך איז כמעט געוואָרן באַזיגט פון ענגלאַנד. דעמאָלט, דערציילט די לעגענדע, האָט זיך געפונען אין פראַנקרייך אַ מיידל פון אַ יאָר דרייצן, וועלכע האָט נישט געקענט ניט שרייבן און ניט לייענען און וועלכע האָט געזאָגט, אַז דער מלאך מיכאל קומט צו איר און זאָגט איר, אַז זי און נאָר זי קען ראַטעווען פראַנקרייך.

ווייטער דערציילט דאָס מעשהלע, אַז אָט דאָס יונגע מיידל פון דרייצן יאָר איז אַוועק צום בירגער־מייסטער פון איר שטעטל און האָט אים דאָס געזאָגט און ער האָט אָנגענומען אירע רייד פאַר גוט געלט און האָט איר געגעבן אַ קליינע אַרמיי און אַ פערד צו רייטן דערויף און זי געשיקט צום קעניג. דער קעניג האָט זי באַלד אויפגענומען און זיך אינטערעסירט מיט אירע רייד און זי גלייך געמאַכט פאַרן פעלד־מאַרשאַל פון אַלע זיינע אַרמייען, און זי האָט געזיגט איבער די פיל שטאַרקערע אַרמייען פון ענגלאַנד.

אָבער דאָך איז דאָס ניט קיין מעשהלע. עס איז ניט קיין לעגענדע, נאָר אַ היסטאָרישער פאַקט און עס ווערן אָנגעגעבן די דאַטעס ווען עס

איז געשען יעדער טייל פון דעם פאַקט באַזונדער. מוז מען דאָך בלייבן שטיין דערשטוינט און פרעגן: פאַרוואָס האָט דער בירגער־מייסטער, און דער קעניג, געגלויבט אַן אומוויסנד מיידל וואָס זי זאָגט וועגן מלאך מיכאל? ווי אַזוי האָט דער קעניג זי באַשטימט גלייך אַלס פעלד־מאַר־שאַל? און דריטנס, ווי אַזוי האָט זי טאַקע געזיגט איבער די פיל שטאַר־קערע ענגלישע אַרמייען?

* * *

צום אַלעם ערשטן — די הויפּט־פראַגע: ווי אַזוי קומט עס, אַז צום ערשטן דער בערגער־מייסטער און דערנאָך דער קעניג האָבן געגלויבט דעם אומוויסנדן מיידל פון דרייצן יאָר, אַז דער מלאך מיכאל קומט צו איר און אַז זי קען העלפן פראַנקרייך?

אַלס ענטפער דערויף מוז מען קלאָר מאַכן אָט־וואָס:

אין דער טיף־אָבערגלויביקער צייט פון מיטלאַלטער האָט מען ניט נאָר געגלויבט אין שדים און רוחות, נאָר אויך געזען זיי אַרומשפּרינגען דאָ און דאָרטן. עס איז דעריבער אויך ניט געווען שווער צו מאַכן עמיצן צו גלויבן, אַז ער האָט געזען מלאכים אָדער אַפילו אַז ער האָט גערעדט מיט זיי. דאָס זיינען געווען פאַקטן וואָס האָבן פּאַסירט כמעט יעדן טאָג. א געוויסער מאָנאַך, ריטשאַרד פון פּאַריז, האָט פלוצים גענומען שרייען, אַז ער הערט שטימען פון הימל און גאַנץ פּאַריז האָט געקאָכט מיט אים. מען האָט אים געגלויבט און באַטראַכט פאַר אַ הייליקן; אַ מאָנאַך פון קאַרמעליטישן אָרדן, טאָמאַס קאָנעקטאָ, האָט כסדר געהאַלטן זיינע דרשות אין בעלגיע און אין פראַנקרייך, אין וועלכע ער האָט דערקלערט, אַז ער רעדט מיט יעזוסן, און עס איז אים געקומען כסדר הערן און געגלויבט אין אים אַן עולם פון 15 ביז 20 טויזנט מענטשן. און אין ענגלאַנד האָט אין יענער צייט געשטורעמט מיט אַ פרוי, פּיערעטע, וואָס האָט געשוואוירן, אַז זי שטייט כסדר אין קאָנטאַקט מיטן הייליקן פּעטער; אַזעלכע משוגעים, וועלכע מען האָט באַטראַכט פאַר הייליקע, זיינען געווען דעמאָלט אין יעדער שטאָט און שטעטל. דאָס זיינען געווען היסטערישע מענער און פרויען, וואָס אָנשטאָט צו היילן זיי אין אַ הויז פאַר גייסטיק־צעשטערטע מענטשן, האָט מען זיי באַטראַכט גאָר פאַר הייליקע, זיי באַשאָטן מיט בלומען און געטראָגן אויף די הענט.

איינע פון די דאָזיקע קראַנקע גייסטער איז אויך געווען דאָס קליינע פּויערים־מיידל, זשאַן ד׳אַרק, אָבער די געשיכטע האָט געוואָלט

איר אַרויסנעמען פון אַלע גייסטיק־צעשטערטע טיפן פון יענער צייט און איר אָפּגעבן אַ בכבודיקן אָרט גאָר באַזונדער פאַר איר אַליין.

* * *

עס איז קיין ספק ניט, אַז ווען זשאַן איז נאָך געווען אַ קליין מיידל, האָט זי זיך אָנגעהערט פון איר מוטער פיל אַזעלכע וואונדער־געשיכטן און אַלס אַ יונג קינד האָט זי געגלויבט, אַז דאָס איז אַלץ אמת. די עלטערן פון זשאַן אין דאָם־רעמי האָבן זי ניט געלערנט צו קענען שרייבן און לייענען. איר גאַנצע דערציאונג איז געווען בלויז אויף בבא־מעשיות און רעליגיעזע וואונדער־געשיכטן. אויף נסים ונפלאות, וואָס מען האָט איר געזאָגט, אַז עס איז אמת. ווי זאָגט דער פראַנצויזישער היסטאָריקער מישעל: „עס איז קיין וואונדער ניט, אַז זשאַן האָט געגלויבט אין די אַלע וואונדער־מעשיות פון די רעליגיעזע מענטשן, וואָס האָבן זי אַרומגערינגלט. זי איז געבוירן געוואָרן נעבן אַ קירך; מען האָט זי איינגעשלעפערט אַלע מאָל מיט געזאַנגען פון דער קירך און מיטן קלינגען פון דעם גלאָק פון דער קירך און אויפגעצויגן אויף כלערליי מעשיות און לעגענדעס פון דער קירך. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, אַז זי איז געוואָרן אַ מין לעבעדיקע לעגענדע פון דער קירך״. למשל, מען האָט איר געזאָגט, אַז אין דעם קליינעם וועלדל וואָס ציט זיך פאַרביי זייער הויז וואוינען אַזעלכע גוטע מלאכים וואָס ווען אַ מיידל פירט זיך אויף גוט און פרום, העלפן זיי איר און ברענגען איר כלערליי מתנות. די גלחים פון דער קירך און אויך איר מוטער פלעגן איר אַלע מאָל דערציילן פון מלאכים וואָס פליען אַרונטער פון די הימלען, און ברענגען גוטע און שלעכטע נייעס צו מענטשן, און זשאַן, וועלכע האָט געהאַט אַ שטאַרק קראַנקע פאַנטאַזיע האָט באַלד גענומען זען די מלאכים ווי זיי פליען אַהין און צוריק, און טיילמאָל אויך ווי זיי רעדן צו איר. זי איז געוואָרן אַזוי צוגעוואוינט צו דעם געדאַנק, אַז זי האָט אַפילו אָפט געהערט ווי אַ מלאך רופט זי אָן ביים נאָמען. אַזוי איז עס ביסלעכווייז געוואָרן ביי איר אַ נאַטירלעכע זאַך, אַז אַ מלאך זאָל זי רופן פונקט אַזוי ווי עס איז געווען ביי איר נאַטירלעך, אַז איר מוטער זאָל זי רופן ביים ערשטן נאָמען.

אָבער — אין יענער צייט איז געווען אַ צושטאַנד פון קריג אין איר לאַנד. עס איז געווען אַ מלחמה צווישן ענגלאַנד און פראַנקרייך. די ענג־לישע סאָלדאַטן האָבן זיך געהאַט אַריינגעריסן אין פראַנקרייך און פאַרכאַפּט גרויסע טיילן פון לאַנד און די ענגלישע אַרמיי האָט אָפּגעשניטן די תבואה וואָס די פראַנצויזישע פויערים האָבן געהאַט פאַרזייעט; פאַר־

ברענט פיל הייזער פון די פויערים און ביי זיי אָוועקגענומען די בהמות און זיי אַוועקגעפירט קיין ענגלאַנד. טיילמאָל, אין מיטן דער נאַכט, פלעגט זיך זשאַן אויפכאַפּן מיט שרעק פון די געוויינען פון די פויערים, וואָס זיינע געקומען צו לויפן פון אַנדערע דערפער וואו די ענגלענדער האָבן אונטערגעצונדן זייערע הייזער, און אָט האָט זיך געמאַכט, אַז די ענגלענדער זיינען געקומען אין איר דאָרף, און איר אייגענער פאָטער, און איר מוטער צוזאמען מיט איר האָבן געמוזט אַנטלויפן פאַר די ענג־לענדער, און ווען זיי זיינען געקומען צוריק, האָבן זיי געפונען אַז די ענגלענדער האָבן געמאַכט אַ פּאָגראָם אין דאָרף, אַז זייער הויז איז באַ־רויבט געוואָרן פון אַלע ווערטפולע זאַכן און די קירך האָט געברענט.

זשאַן האָט זיך פאַרטראַכט וועגן דעם אַלעם. די לאַגע פון אירע עלטערן, איר משפחה, אירע שכנים, האָט איר שטאַרק אַנגערירט. וואָס זאָל זי טאָן? מיט וואָס קען זי זיי העלפן? — זי וועט פרעגן ביי די מלאכים. ניין, זי וועט זיי בעטן, אַז זיי זאָלן אַרויסטרייבן די ענגלענדער פון פראַנקרייך. אָט האָט דאָך אַ הייליקע פרוי געזאָגט נביאות, אַז אַ יונג מיידל וועט ראַטעווען פראַנקרייך. אפשר האָט מען עס געמיינט איר? זי האָט עס דאָך אַליין געהערט פון מערילין דער נביאטע און באַזונדער פון דער הייליקער מאַריאַ פון אַוויניאָן. די לעצטע רעדט דאָך אָפט מיט מלאכים און זי דאַרף דאָך וויסן.

און זשאַן האָט איצט געוואַרט אויף אַ צייכן פון הימל, אַז די מלאכים זאָלן איר זאָגן, וואָס צו טאָן כדי צו ראַטעווען איר לאַנד פון די ענגלישע ברוטאַלע סאָלדאַטן.

און דער צייכן איז געקומען.

* * *

עס איז געווען איינמאָל אין אַ הייליקן טאָג אין מיטן זומער. ווען אַלע האָבן געהאָפט און געבעטן צו גאָט פאַר הילף, ווען זשאַן האָט געהערט דעם ענטפער פון די מלאכים. דעם ענטפער וואָס זי האָט אַזוי לאַנג געוואַרט אויף אים. עס איז געווען די שטימע פון מלאך מיכאל. דער מלאך האָט בלויז צו איר געזאָגט: „זיי אַ גוט קינד, זשאַן, גיי אָפט אין דער קירך אַריין" — מער האָט ער ניט געזאָגט.

זשאַן איז געווען אַ ביסל איבערגעשראָקן, אָבער ניט צו שטאַרק. זי האָט דאָך געוואַרט דערויף, אַז אַ מלאך זאָל קומען צו איר און רעדן מיט איר. זי האָט דאָך אַזוי שטאַרק געבעטן דערויף. אויסער דעם איז דאָך דער מלאך מיכאל געווען זייער נאָענט צו זשאַנען. זי האָט געוואוסט

אַלץ פון די גלחים וועגן אים און אפילו געזען איינמאָל אַ בילד פון אים. עס איז דעריבער ביי איר געווען גאַנץ נאַטירלעך, ער זאָל צו איר רעדן פונקט אַזוי ווי דער גלח פון דער קירך פלעגט רעדן צו איר.

דאָס האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל און באַלד, האָט זי געזען דעם מלאך מיכאל אין באַגלייטונג פון צוויי הייליקע פרויען פון דער קירך, וועגן וועלכע זי האָט אָפט געהערט איר מוטער רעדן. דאָס זיינען געווען די הייליקע מאַרגאַריטע און די הייליקע קעטרין. דער מלאך מיכאל און די הייליקע פרויען זיינען פון דעמאָלט אָן געקומען צו איר זייער אָפט. כמעט יעדן טאָג, און אַמאָל אפילו צוויי מאָל אַ טאָג. זי האָט זיי געזען, ווען דער גלאָק פון דער קירך האָט גענומען קלינגען. זיי פלעגן צו איר רעדן אין אָנהויב בלויז פון טאָג־טעגלעכע זאַכן, אָבער איין מאָל האָבן זיי גערעדט צו איר גאָר אַנדערע רייד. דער מלאך מיכאל האָט גענומען רעדן צו איר, וועגן דעם, אַז ער האָט רחמנות אויף פראַנק־רייך וואָס ליידט אַזוי פיל און באַלד האָט ער צו איר געזאָגט אָט־די ווערטער:

— טאָכטער פון גאָט (אַזוי האָט ער זי אָנגערופן), עס איז געקומען די צייט, ווען דו מוזט פאַרלאָזן דיין דאָרף און גיין העלפן פראַנקרייך. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע מאָל.

איינמאָל האָט ער איר אַפילו געזאָגט, אַז זי מוז העלפן צוריק אויפבויען דאָס קעניגרייך פון פראַנקרייך און באַשטימען אַלס הערשער דעם ריכטיקן קעניג.

די דרייצן יעריקע זשאַן ד׳אַרק האָט דאָס אַלץ געזאָגט צו איר מוטער. די מוטער האָט עס געזאָגט צו איר פאָטער. באַלד האָט דערפון געוואוסט דאָס גאַנצע דאָרף און די מענטשן פון דאָרף האָבן צעטראָגן די נייעס אין אַלע אַרומיקע דערפער און אויך אין אַלע אַרומיקע קליינע שטעטלעך.

איצט האָט מען זיך דערמאָנט אָן די רייד פון דער נביאטע מע־רילין, אַז אַ יונג מיידל וועט ראַטעווען פראַנקרייך און מען האָט זיך געטראַכט: „אפשר איז עס טאַקע זשאַן?״.

מענטשן האָבן גענומען רעדן דערפון און וואָס אַמאָל איז זשאַן אַלץ מער געוואָרן זיכערער ביי זיך אַז זי איז באַשטימט געוואָרן פון דער השגחה צו טאָן די גרויסע אַרבעט: צו ראַטעווען פראַנקרייך.

זשאַן האָט איצט געהערט דעם רוף פון מלאך מיכאל אָן אויפהער:

— זשאַן פאַרלאָז דיין דאָרף און אַלע דיינע, וואָס דו האָסט אַזוי

ליב! גיי ראַטעווען פראַנקרייך! גיי העלפן דעם קעניג פון דיין לאַנד. גיי! גיי! גיי!!!

— אָבער איך בין דאָך ניט מער ווי אַ קליין און יונג מיידעלע — האָט זי אַמאָל געענטפערט דעם מלאך מיכאל — איך קען ניט רייטן אויף קיין פערד און גיין מיט קיין אַרמיי אויף צו פירן אַ קאַמף מיטן שונא.

דער מלאך מיכאל האָט איר דערויף געענטפערט, אַז זי זאָל גיין צו ראָבערט דע באָדריקאָ, דעם בירגער־מייסטער פון דער נאָענטער שטאָט וואַקולעיר, צו וועלכער איר דאָרף, דאָס־רעמי באַלאַנגט. — דער בירגער־מייסטער — האָט דער מלאך איר ווייטער געזאָגט — וועט דיר געבן אַן אַרמיי מיט אַלע נויטיקע קאַמפס־מיטלען און דו וועסט גיין קיין טשינאָן, וואו עס לעבט אין זיין פּאַלאַץ דער יונגער קעניג טשאַרלס, וואָס טוט גאָרניט פאַר זיין לאַנד. גיי צו אים, דעם אומגעקרוינטן הערשער פון אַן איינגענומען לאַנד און זאָג צו אים אַז ער מוז דערוואַכן, אַז ער מוז באַלד עפּעס טאָן פאַר פראַנקרייך.

זשאַן האָט געפאָלגט און איז אַוועק צום בירגער־מייסטער. ער האָט איר אויסגעהערט, אָבער ער האָט ניט געגלויבט די גאַנצע מעשה. אָבער די מענטשן וואָס האָבן שוין געוואוסט פון איר, האָבן יאָ געגלויבט אין איר און זיי האָבן פאַרלאַנגט פון בירגער־מייסטער, אַז ער זאָל נאָכגעבן איר פאַרלאַנג. אַזוי ווי דער בירגער־מייסטער האָט נאָך אַלץ געצווייפלט, האָבן די דאָרף־מענטשן אים געהאָלפן צו קויפן איר אַ פערד; געלערנט ווי אַזוי צו רייטן דערויף און איר אויך געגעבן אַ קליינע אַרמיי פון אַ גרופּע מענטשן באַוואָפנט מיט געווער. דער בירגער־מייסטער, זעענדיק דעם ענטוזיאַזם פון די מענטשן, האָט איר אויך געגעבן זיין שווערד.

* * *

דער קעניג טשאַרלס דער 7־טער איז געווען אַ שוואַך מענטשעלע און אַ גלויביקער. ווען מען האָט זשאַנען אַריינגעפירט אין זיין פּאַלאַץ, איז ער געווען אַרומגערינגלט מיט אַ מחנה פון הויף־דאַמען וואָס האָבן זיך געחנפעט צו אים. זשאַן האָט אים געזאָגט, אַז זי איז געשיקט געוואָרן צו אים פון הימל. ער האָט זיך דערשראָקן און באַלד געהייסן אַלע פרויען אַרויסגיין. נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרלאָזן דעם פּאַלאַץ, האָט זי אים געזאָגט וואָס דער מלאך מיכאל האָט איר געזאָגט און וואָס די הייליקע פרויען מאַרגאַרעט און קעטרין האָבן גערעדט צו איר. ער האָט איר אַלץ געגלויבט. ער האָט שוין געוואוסט פון דער פרוי וואָס רופט און זאָגט, אַז אַ יונג מיידל וועט ראַטעווען פראַנקרייך. און אָט איז

דאָס יונגע מיידל! טשאַרלס האָט געוואַרט אויף אַ נס צו ראַטעווען זיין קעניגרייך און אָט איז דער נס פאַר זיינע אויגן. ער האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט אַז גאָט זאָל אים שיקן זיין שליח צו העלפן אים און אָט שטייט זי פאַר אים. ער האָט דעריבער געזאָגט צו איר:

— גוט וואָס דו ביסט געקומען צו מיר! דו ביסט דער ווילן פון גאָט מיר צו העלפן! יעזוס האָט דיך געשיקט צו מיר! זאָג מיר וואָס דו ווילסט און עס וועט געשען!

זשאַן האָט אים געזאָגט, אַז זי וויל דאָס ערשטע, לויטן פאַרלאַנג פון מלאך מיכאל, אָנפירן מיט אַן אַרמיי אויף אָפּצוראַטעווען די שטאָט אָרלעאַנס פון די ענגלענדער. און וואָס איז וועגן מיר? — האָט דער קעניג איר געפרעגט — האָט דער מלאך דיר עפּעס געזאָגט וועגן פירן מיך אין דער קאַטעדראַלע פון ריימס און זאַלבן מיך דאָרטן אַלס קעניג פון לאַנד מיטן זעלבן אייל, וואָס מען האָט געזאַלבט דעם קעניג קלאָוויס, דעם קריסטלעכן גרינדער פון דער קעניגלעכער דינאַסטיע פון פראַנקרייך?

זשאַן האָט אים דערויף געענטפערט, אַז דער מלאך מיכאל האָט איר געזאָגט: אַז דאָס זאָל אויך זיין איר ציל; אַז דאָס איז אויך וואָס זי וויל — דער קעניג איז געווען גליקלעך.

דער קעניג האָט באַלד אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז זשאַן זאָל זיין פעלד־מאַרשאַל פון אַלע אַרמייען פון פראַנקרייך. ער האָט באַלד אַרום איר געזאַמלט אַלץ וואָס ס'איז איבערגעבליבן פון זיין גרויסער אַרמיי און איר געגעבן אויך זיין שילד צו פירן דעם קאַמף פאַר פראַנקרייך ביז צו אַן ענטגילטיקן נצחון.

## ווי אַזוי זשאַן האָט אָפּגעהאַלטן אירע נצחונות איבער די ענגלענדער

איך יענע יאָרן פון מיטלאַלטער, ווען די מענטשן זיינען געפירט געוואָרן מער פון גלויבן ווי פון שכל, אָבער מער פון אַלץ איז עס געווען דער אָבערגלויבן, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָל. אָבערגלויבן איז דעמאָלט געווען נאָך מער ווי גלויבן און אונטערן איינפלוס פון אָבער־גלויבן האָבן זיך געפונען כמעט אַלע, אַפילו די, וואָס האָבן ניט געהאַלטן גאָר שטאַרק פון גלויבן.

נאָר אויף אַזאַ אופן קען מען פאַרשטיין ווי אַזוי אַ קעניג פון אַ לאַנד קען איבערגעבן זיין אַרמיי אין די הענט פון אַ יונג קינד, וואָס

ווייסט גאָרניט פון מיליטערישע ענינים. אָבער עס איז געווען גענוג דער אָבערגלויבן, אַז זי ווערט געפירט פון אַ מלאך אין הימל, אַז דער קעניג זאָל מאַכן אַט־דעם שריט.

דאָס וואָס זשאַן איז געווען א פרוי האָט ניט אויסגעמאַכט, ווייל, ווי מאָדנע עס זאָל ניט אויסזען, איז עס דאָך געווען אַ פאַקט, אַז פרויען האָבן דעמאָלט געקעמפט אין די אַרמייען צוזאַמען מיט מענער. ווי מיר ווייסן פון דער כראָניק פון יענע טעג, זיינען אין די קאַמפן וואָס עס זיינען פאָרגעקומען אין אַמיענס, דרייצן פרויען פאַרוואונדעט געוואָרן. אויך אין דער קליינער אַרמיי וואָס יאָהאַן הוס האָט געהאַט צוזאַמענגעשטעלט איז געווען אַ געוויסע צאָל פרויען.

דער קעניג טשאַרלס דער זיבעטער האָט זיך מן־הסתם אויך געטראַכט, אַז אַזוי ווי אין דער ביבל ווערן דערמאָנט פרויען וואָס האָבן גענומען אַ גרויסן אָנטייל אין די קאַמפן פון זייער צייט, ווי, למשל, דבורה הנביאה; יעל אשת חבר הקיני, וואָס האָט באַזיגט סיסראַן; די העלדישע פרוי יהודית און פיל אַנדערע, איז איצט אויך געקומען אַ נביאטע, איינע, צו וועלכע עס רעדן די מלאכים אויף צו העלפן פראַנקרייך, ווען זי איז אין נויט.

דער קעניג האָט איצט צוזאַמענגעשטעלט אַן אַרמיי פון 8.000 מאַן וואָס עס האָט זיך גערעכנט פאַר אַ שטאַרקער מאַכט אין יענע יאָרן, דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן ביי אָרלעאַנס. די ענגלענדער האָבן באַלאַגערט די שטאָט. זשאַן איז געריטן אויף איר שוואַרץ פערד אין פראָנט פון דער אַרמיי. זי האָט געהאַלטן אין אירע הענט אַ פאַן מיטן בילד פון יעזוסן, מיט מלאכים פוןביידע זייטן, און אין אירע ווייסע קליידער, רייטנדיק אויף אַ שוואַרץ פערד, האָט זי ווירקלעך אויסגעזען אין די אויגן פון איר אַרמיי (און פון זייטיקע צושויער), ווי אַ מלאך וואָס גייט פאָראויס פון אַלע צו העלפן פראַנקרייך.

זשאַן האָט ווייניק וואָס געוואוסט פון דער טאַקטיק פון אַ מלחמה און זי האָט אויך ניט געוואָלט פירן קיין מלחמה. אין דער אמתן האָט זי אַפילו ניט געוואָלט פאַרגיסן קיין איין טראָפּן בלוט, ניט פון די פראַנצויזישע סאָלדאַטן און ניט פון די ענגלישע. אַלץ וואָס זי האָט געוואָלט איז געווען, אַרויסצוטרייבן די ענגלענדער פון פראַנקרייך. זי האָט אָפן געזאָגט, אַז זי וועט ניט געברויכן איר שווערד אויף אומצוברענגען עמיצן, אַפילו ניט דעם גרעסטן שונא.

און איר אַרמיי האָט געזיגט. זי איז אַריין אין אָרלעאַנס. זי האָט

איצט אָנגעשריבן אַ בריוול פון צוויי ווערטער צו די ענגלענדער. די צוויי ווערטער זיינען געווען: „גייט אַרויס!״.

דאָס איז געווען אַ מין אולטימאַטום. אָבער די ענגלענדער האָבן זיך ניט גערעכנט מיט אירע רייד און זיי איגנאָרירט.

באַלד נאָכדעם איז געווען די גרויסע שלאַכט ביי אָרלעאַנס, וואו די ענגלענדער האָבן געהאַט אַ גרויסע מפלה.

צו פאַרשטיין דאָס דאַרף מען נעמען אין אַכט עטלעכע פאַקטאָרן. ערשטנס, אַז די פראַנצויזישע אַרמיי איז געווען איצט שטאַרקער ווי די ענגלישע. די ענגלישע אַרמיי האָט געהאַט אינגאַנצן אַן ערך פון צוויי ביז דריי טויזנט מאַן אין דער צייט, ווען פראַנקרייך האָט געהאַט צוויי טויזנט מאַן ביי אָרלעאַנס נאָך פון פריער, און איצט איז צוגעקומען אַ נייע אַרמיי פון 8,000 מאַן. צוזאַמען אַרום צען טויזנט. צווייטנס, האָבן די פראַנצויזן פריער ניט געקעמפט מיט ענטוזיאַזם, ווייל זיי האָבן ניט געהאַלטן פון קעניג טשאַרלס דעם זיבעטן, אָבער מיטן קומען פון זשאַן ד׳אַרק האָבן זיי געקראָגן אַ נייעם מוט צו קעמפן, ווייל זי איז געווען פאַר זיי אַ סימבאָל, אַז אין הימל וויל מען, אַז פראַנקרייך זאָל זיגן. אויסערדעם האָט דער ענגלישער גענעראַל טאַלבאָט זייער שלעכט געפירט די קאַמפן. ער האָט זיין קליינע אַרמיי צעוואָרפן איבער פאַרשידענע פלעצער אַרום דער שטאָט, אָן שום פאַרבינדונג צווישן זיי. דעריבער ווען זשאַן איז געקומען מיט איר אַרמיי, האָט עס ניט געהייסן, אַז זי פירט אָן מיט די קאַמפן, נאָר אַז דער מלאך מיכאל פירט אָן מיט אַלעם. אַזוי האָבן געזאָגט די פראַנצויזן און אַזוי אויך די ענגלענדער. עס איז באַלד פאַר אַלע קלאָר געוואָרן אַז די פראַנצויזן וועלן זיגן אין די שלאַכטן מיט די ענגלענדער, און אַז די לעצטע וועלן האָבן אַ מפלה. די פראַנצויזן האָבן קוקנדיק אויף זשאַנען, געקראָגן וואָס אַמאָל מער ענטוזיאזם אין דער צייט ווען די ענגלענדער האָבן פאַרלוירן דעם מוט און כמעט אויפגעגעבן פון פריער אויס דעם קאַמף.

דערצו קומט־צו נאָך עפּעס וואָס מען דאַרף וויסן וועגן די אַרמייען אין אַ שלאַכט בכלל אין יענער צייט פון מיטלאַלטער. מען דאַרף ניט אָננעמען, אַז די פראַנצויזישע אַרמיי איז באַשטאַנען פון לויטער ענטוזיאַסטישע פראַנצויזישע בירגער וואָס האָבן געקעמפט כדי צו באַפרייען זייער לאַנד, און אַז פּונקט אַזוי איז אויך די ענגלישע אַרמיי באַשטאַנען פון ענגלישע פּאַטריאָטן. דאָס איז ניט אַזוי. ביידע אַרמייען זיינען באַשטאַנען פון גאַנץ ביליקע מענטשעלעך, וואָרום סאָלדאַטן אין יענער צייט האָט מען געקויפט (דערפון דאָס וואָרט „סאָלדזשער״, פון „סאָלד״,

פאַרקויפט). יעדעס לאַנד האָט געקענט קויפן זעלנער. עס איז געווען אין יעדן לאַנד אַ געוויסער מענטשן־מאַטעריאַל וואָס איז געווען להוט צו גיין אין מלחמה אויב מען האָט זיי באַצאָלט דערפאַר. פאַר וועמען זיי האָבן געקעמפט איז זיי ניט געווען וויכטיק, אַבי מען האָט זיי באַצאָלט דעם פּרייז. אָבער אַ חוץ דעם געלט האָבן זיי געהאַט אַ חשק צו גיין אין מלחמה צוליב דער אַוואַנטורע. עס איז געווען פאַר זיי אי אַזאַ שפּיל און אי אַ געשעפט. זיי האָבן געהאַט אַ גרויסע הנאה פון אַריינרייסן זיך אין אַ שטאָט און ראַבעווען וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזט און דערצו אויך צו פאַרגוואַלדיקן שיינע יונגע פרויען, פאַר וואָס עס איז קיין שטראָף ניט געווען. די סאָלדאַטן פון אַן אַרמיי זיינען געווען כמעט די זעלבע ווי ים־רויבער, פּיראַטן. זיי אַליין האָבן פון זיך ניט געהאַלטן און דער־קלערט עפנטלעך, אַז אויב איינער איז אַ שטיקל צייט אין אַן אַרמיי, קען ער מער קיין אָרנטלעכער בירגער ניט זיין. דאָס איז געווען די מיינונג פון דעם הויפּט־קאַפּיטאַן פון זשאַנס אַרמיי. קומענדיק קיין אָרלעאַנס, האָט ער זיך אויסגעדריקט, אַז אויב גאָט אַליין וואָלט געוואָרן אַ סאָלדאַט, וואָלט ער שפּעטער שוין מער קיין גאָט ניט געקענט זיין. דאָך איז אַ ביסל אַנדערש געווען מיט זשאַנס אַרמיי צוליב דעם וואָס עס האָט געהייסן אַז דער מלאך מיכאל פירט אָן מיט איר. צוליב דעם האָבן די סאָלדאַטן זיך געמוזט פירן אַ ביסל איינגעהאַלטן.

* * *

זשאַן ד׳אַרק איז געווען נאָר אַ סימבאָל אין דער גרויסער אַנט־שיידענער שלאַכט ביי אָרלעאַנס. אַלע האָבן געוואוסט, אַז דאָס איז אַ קאַמף פון מענטשן מיט איבערנאַטירלעכע כוחות, מיט מלאכים, אָבער די ענגלענדער האָבן געזאָגט, אַז עס זיינען שדים — אַזוי צי אַזוי, האָבן אַלע געוואוסט, אַז אין קאַמף פון מענטשן מיט איבערנאַטירלעכע כוחות מוז דער מענטש פאַרשפּילן און די ענגלענדער האָבן טאַקע פאַרשפּילט די מלחמה.

נאָך דער שלאַכט ביי אָרלעאַנס האָט דער קעניג נאָך פאַרגרעסערט זשאַנס אַרמיי אויף נייע 4,000 מאַן און אַזוי־אַרום האָט זי איצט שוין געהאַט אַן אַרמיי פון 12.000. די פּראָווינצן האָבן געקוקט אויף איר ווי אויף אַ הייליקער. איר אויפגאַבע איז איצט געווען צו קרוינען דעם קרוין־פּרינץ אַלס קעניג, טשאַרלס דעם זיבעטן. דער קעניג און זשאַן זיינען צוזאַמען איצט געפאָרן אין דער שטאָט ריימס. די ענגלישע אַרמיי, אויף וועלכער עס איז איצט אָנגעפאַלן אַ שרעקלעכער פחד, איז אַנטלאָפן

פון דאָרטן נאָך איידער זיי זיינען אָנגעקומען. אַזוי־אַרום איז דער גאַנצער וועג געווען פריי קיין ריימס.

זשאַן איז געווען גליקלעך דערפון וואָס די ענגלענדער זיינען אַוועק, ווייל זי האָט געוואָלט אויסמיידן אַ שלאַכט מיט די ענגלענדער. זי האָט זיי ניט געהאַסט. זי האָט באַר געוואָלט, אַז זיי זאָלן פאַרלאָזן פראַנקרייך, אָבער זי האָט קיינעם פון זיי ניט געוואָלט אומברענגען. נאָך מער, זי איז ממש קראַנק געוואָרן ווען זי האָט דערזען בלוט. זי האָט געקלאָגט און געוויינט אויפן טויט פון די סאָלדאַטן פון איר אַרמיי און פונקט אַזוי איז זי געווען פול מיט טרערן ווען זי האָט געזען די ענגלישע געפאַלענע אין שלאַכט. יעדער איינער וואָס איז פאַרוואונדעט געוואָרן, אַ פראַנצויז אָדער אַן ענגלענדער, איז געווען פאַר איר אַ קריסטלעכער ברודער, וואָס איז אין נויט און נויטיקט זיך אין הילף. נאָך דער שלאַכט פון פּאַטאַי האָט זי געוויינט מיט ביטערע טרערן, ווען זי האָט געזען וואָס פאַר אַ שחיטה עס האָבן געמאַכט אירע סאָלדאַטן אין די רייען פון שונא. זי איז אַרומגעגאַנגען איבערן שלאַכט־פעלד און געקוקט אויף די טויטע און געוויינט. איינער פון אירע אַרויסהעלפער האָט דערלאַנגט מיט זיין שווערד אַן ענגלישן סאָלדאַט וואָס איז גענומען געוואָרן געפאַנגען. זשאַן האָט געשריען אויף אים פאַרוואָס ער האָט עס געטאָן און זי איז אַראָפּ פון איר פערד, איז צוגעגאַנגען צו דעם שטאַרבנדן ענגלישן סאָל־דאַט, האָט גענומען זיין קאָפּ אין אירע הענט און גערעדט צו אים און אים געבעטן, אַז ער זאָל מוחל זיין זיין שונא פאַר דעם וואָס ער האָט געטאָן. אַזוי האָט דער ענגלישער סאָלדאַט אויסגעהויכט זיין אָטעם.

אָבער די סאָלדאַטן האָבן זי ניט פאַרשטאַנען. זיי זיינען געוואָרן באַגייסטערט ווען זי איז געריטן פאָראויס פאַר זיי. אָבער ווען זיי האָבן געהערט ווי זי רעדט פול מיט ליבע צו אַלע מענטשן, אַפילו צו אַ שונא, האָבן זיי ניט פאַרשטאַנען פאַרוואָס זי רעדט אַזוי. זיי האָבן ניט געקענט באַגרייפן איר איידעלע נשמה. און ווען זיי האָבן, לויט דער מאָדע פון יענער צייט, אַוועקגעהרגעט פיל פון די קריגס־געפאַנגענע, האָט זשאַן זיך געבעטן ביי זיי, אַז זיי זאָלן זיי לאָזן לעבן, אָבער דאָך האָט זי דאָס ניט געקענט אויספירן.

נאָך דער נייער שלאַכט ביי ריימס וואָס איז פאָרגעקומען דעם 15־טן יולי, *1429*, האָבן די פראַנצויזן אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון. קעניג טשאַרלס האָט איצט פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל גלייך ווערן געקרוינט אַלס קעניג. דער אַרציבישאָף האָט דאָס באַלד אויסגעפירט. אין דעם גרויסן זאַל פון דער דאָרטיקער קאַטעדראַלע. ביי דער קאָראָנאַציע זיינען

געווען אָנווענזנד דעם קעניגס קעבס־ווייבער און לינקע געליבטע, וועלכע ער האָט געהאַט אין אַ גרויסער צאָל, אָבער איין פרוי האָט געפעלט, דאָס איז געווען — די קעניגין מאַריאַ ד׳אַנזשיאַ. איר האָט דער קעניג איבערגעלאָזט אין זיין פּאַלאַץ אין טשינאָן. געטאָן האָט ער דאָס, ווי עס דערציילט אַ כראָניקער פון יענער צייט, כדי צו שפּאָרן געלט.

דערמיט האָט זשאַן דערגרייכט שוין דעם צווייטן ציל וואָס זי האָט זיך געהאַט געשטעלט. דאָס זיינען געווען: אַרויסצוטרייבן די ענג־לישע סאָלדאַטן פון אָרלעאַנס און דערנאָך צו קרוינען דעם קעניג טשאַרלס. וואָס עס איז געבליבן איז געווען אַרויסצוטרייבן די ענגלענדער אינגאַנצן פון פראַנקרייך. אָבער דאָס איז ניט געווען שוין אַזוי לייכט, כאָטש די פראַנצויזן האָבן געזיגט, צוליב דעם וואָס זשאַן האָט, מיט דער צייט, גע־קראָגן פירערליי שונאים, וואָס האָבן זי געוואָלט בייקומען. זיי זיינען געווען: צוערשט, די ענגלענדער; דאַן די פראַנצויזן, וואָס האָבן געהאַלטן מיט די ענגלענדער, און זייער צאָל איז געווען ניט קליין; די קורטיזאַנקעס און לינקע געליבטע פון קעניג טשאַרלס, וואָס האָבן געקוקט קרום אויף איר דערפאַר וואָס זי האָט אויף זיך געצויגן די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פון קעניג, כאָטש ער האָט מיט איר קיין ליבע ניט געפירט. זיי האָבן אָבער געפילט, אַז זי האָט צוגענומען פון זיי דעם קעניג און זיי האָבן דאָס ניט געוואָלט דולדן, און אַ פערטע גרופּע איז געווען; די קירך. די גייסטלעכע, גלחים, בישאָפן און אַרציבישאָפן וואָס האָבן אויך ניט געקענט פאַרטראָגן דאָס וואָס מיט די ענינים פון גאָט און מלאכים זאָל אָנפירן גאָר אַ יונג מיידל און ניט זיי; אַז דער מלאך מיכאל זאָל רעדן צו אַ דאָרפיש מיידל יעדן טאָג און איר זאָגן וואָס צו טאָן און צו זיי זאָל ער זיך קיינמאָל ניט באַווייזן. אָט־די אַלע פיר גרופּן האָבן געזוכט עצות און וועגן ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון זשאַן ד׳אַרק.

אָבער דאָס ערגסטע פון אַלעם איז געווען — דאָס פינפטע. דאָס וואָס די סאָלדאַטן זיינען געוואָרן צוגעוואוינט צו איר, דאָס וואָס זיי האָבן זי אַזוי אָפט געזען און מיט איר גערעדט, דאָס האָט געמאַכט אַז זי איז געוואָרן ביי זיי וואָכעדיק און האָט ניט מער אַרויסגערופן יענע באַגייס־טערונג, וואָס זי פלעגט אַרויסרופן ביי זיי באַלד אין אָנהויב, ווען זי האָט זיך באַוויזן אויפן שלאַכט־פעלד.

דערצו איז צוגעקומען נאָך עפּעס: אַזוי ווי די גאַנצע אַרמיי איז באַשטאַנען פון ביליקע יונגן און אויסגעלאַסענע מענטשן, האָבן זיי געהאַט אוממאָראַלישע צילן אין דער גאַנצער אונטערנעמונג און דאָס האָט זשאַן ניט דערלאָזט. זי האָט זיי ניט געלאָזט רויבן און גנבענען. זי האָט זיי

אַוודאי ניט געלאָזט באַגיין קיין שום אַקטן פון פאַרגוואַלדיקן פרויען און איבערהויפּט ניט צו מאָרדן אומשולדיקע מענטשן. זי האָט זיי אַפילו ניט געלאָזט רעדן קיין גראָבע רייד. זיי האָבן זיך געמוזט היטן ניט צו זאָגן אַזעלכע ווערטער אין איר קעגנוואַרט.

זשאַן האָט זיי געלערנט אויפצופירן זיך פיין, מאָראַליש, צניעותדיק, צו וואָס זיי זיינען ניט געווען געוואוינט. די סאָלדאַטן האָבן גענומען מורמלען. באַלד האָט זיך אויפגעהויבן אַ גאַנצער שטורעם קעגן איר. פיל האָבן פּראָטעסטירט, געשריען אַז זי וויל זיי מאַכן פאַר פרויען. אַנדערע זיינען גאָר אַנטלאָפן פון דער אַרמיי.

אָבער ניט ווייניקער האָט זי געליטן פון די גלחים. ווען מען האָט זיי גערופן צו בענטשן די אַרמיי, ווי דער שטייגער איז געווען, האָבן זיי ניט געוואָלט קומען און האָבן געזאָגט, פּונקט דאָס זעלבע וואָס די ענגלענדער האָבן געזאָגט, אַז עס איז ניט קיין מלאך וואָס פירט אָן מיט דער אַרמיי, נאָר עס איז דער טייוול, ווייל אויב עס וואָלט געווען אַ מלאך, וואָלט ער ניט געקומען צו איר, נאָר צו זיי. ער וואָלט ניט אויסגעמיטן די קירך. ער וואָלט זיך באַוויזן קודם־כל צום פּויפּסט און אים געזאָגט דאָס, וואָס ער האָט צו זאָגן און ערשט דעמאָלט געהייסן איר רופן אין וואַטיקאַן און דער פאַרטרעטער פון פּעטערן וואָלט איר געזאָגט דאָס וואָס דער מלאך מיכאל וויל זאָגן. דער מלאך מיכאל וואָלט ניט פאַרשעמט די קירך און אירע דינער.

אָט־די ווערטער האָבן אַריינגעשפּילט אין די הענט פון די ענגלענדער, וועלכע האָבן אויך, כדי אָפּצושוואַכן איר איינפלוס אויף די סאָלדאַטן, גענומען אומעטום רעדן דערפון, אַז זשאַן האָט אָפּגענאַרט אַלעמען און אַז אויף איר פאָן דאַרף ניט זיין דאָס בילד פון יעזוסן מיט צוויי מלאכים פון ביידע זייטן, נאָר דאָס בילד פון טייוול און אויך פון איר, וועלכע איז דעם טייוולס פאַרטרעטער אויף דער ערד. זי איז אַ כישוף־מאַכערין, אַ מכשפה.

אָט־די אַגיטאַציע פון די גלחים האָט געווירקט. דאָס בילד האָט זיך גענומען ענדערן און מען האָט אָנגעהויבן טאָקע צו קוקן אויף איר ווי אויף אַ כישוף־מאַכערין...

## די קאָמעדיע פון טויט־אורטייל איבער איר

עס איז באַוואוסט, אַז ביי יעדער דערשיינונג זיינען פאַראַן דריי שטופן, דער אָנהויב, די העכסטע מדרגה און דער נידערגאַנג. אויך אין דער דערשיינונג פון זשאַן ד׳ארק זעען מיר די דריי שטופן. ווען זי איז

געקומען, איז זי געווען אַ שליח פון הימל צו העלפן די פראַנצויזן; שפּע־טער, ווען זי האָט געזיגט ביי אָרלעאַנס און אין אַנדערע שלאַכטן, האָט זי דערגרייכט די העכסטע שטופע פון באַוואונדערונג און לויב. דערנאָך איז געקומען דער נידערגאַנג.

ווי מיר האָבן שוין פריער געהאַט דערקלערט, האָט דאָס יונגע מיידל פון דאָם־רעמי, וואָס האָט באַוויזן אַזעלכע וואונדער, געהאַט פיר גרופּן פון שונאים: די ענגלענדער; די פראַנצויזן, וועלכע זיינען צוגעשטאַנען צו די ענגלענדער צוליב זייערע פּערזענלעכע אינטערעסן; די געליבטע פון קעניג טשאַרלס, וואָס האָבן אין זשאַנען געזען אַ ביטערן שונא און די גלחים, די קאַטוילישע היעראַרכיע, וואָס האָט ניט געוואָלט דערלאָזן, אַז דאָס וויזן געטלעכע וואונדער זאָל צוגעשריבן ווערן צו אַ פּשוט מיידל פון פאָלק און ניט צו זיי.

אָבער פון אַלע פיר שונאים זיינען די ענגלענדער געווען די סאַמע גרעסטע. וואָרום מען דאַרף וויסן, אַז אין יענער צייט האָבן די ענגלענדער שוין געהאַט איינגענומען גרויסע טיילן פון פראַנקרייך און געחלומט צו דעראָבערן דאָס גאַנצע לאַנד. די ענגלענדער האָבן שוין געהאַט פאַר־כאַפּט די גאַנצע געגנט אויף צפון פון טייך לואַר און זיי האָבן געהאָפט אויך צו גיין ווייטער ביז גאַנץ פראַנקרייך וועט ווערן איינגענומען פון זיי. אָבער דאָ איז געקומען פּלוצים זשאַן ד'אַרק און האָט ניט נאָר אָפּגע־שטעלט זייער מאַרש, נאָר אויך זיי אַרויסגעטריבן פון פיל שטעט, וואָס זיי האָבן שוין געהאַט איינגענומען מיט אַזוי פיל בלוט און שוויס. איז קיין וואונדער ניט, אַז זיי האָבן געזאָגט אויף איר, אַז אין איר איז אַריין דער טייוול, און דעריבער האָט זי אָפּגעהאַלטן אירע נצחונות איבער זיי.

שטאַרק איז אויך געווען די גרופּע פון פראַנצויזן, וועלכע האָבן זיך געפילט באַעוולט פון פראַנצויזישן קעניג. די דאָזיקע פראַנצויזן זיינען באַשטאַנען פון אַדל־לייט, ביי וועלכע דער קעניג האָט צוגענומען זייער מאַכט און זיי האָבן אים דערפאַר געהאַסט. זיי האָבן דעריבער געהאָפט, אַז ווען די ענגלענדער וועלן זיגן, וועלן זיי צוריקקריגן זייער אַמאָליקע ממשלה איבער זייערע געוועזענע לענדערייען און איבער די איינוואוינער, וועלכע זיינען געווען זייערע שקלאַפן. צווישן זיי האָבן זיך געפונען צוויי פּרעטענדענטן אויפן טראָן — דער דיוק פון בורגונדיע און דער גראַף „פיליפּ דער גוטער" (דאָס איז געווען אַ סאַטירישער נאָמען, ווייל ער איז געווען אַ בייזער מענטש און אַ טאַטע פון 18 ממזרים). פיליפּ האָט אויך געהאַט פּרעטענזיעס אויפן טראָן פון פראַנקרייך, און די קאָראָנאַציע פון טשאַרלסן אַלס קעניג האָט צו־ניט געמאַכט אַלע זיינע פּלענער. וואָרום

ער האָט געהאַט אַן אָפּמאַך מיט די ענגלענדער, אַז ווען זיי וועלן איינ־נעמען פראַנקרייך זאָל ער באַשטייגן דעם טראָן. פיליפּ איז געווען זייער רייך, פיל רייכער ווי דער קעניג טשאַרלס און קליגער און ענערגישער ווי ער. אָבער דאָס קליינע מיידל, זשאַן, איז אַרויפגעטראָטן אויף זיינע הינער־אויגן און צעשטערט אַלע זיינע חלומות. ער האָט דעריבער איצט נאָך מער געשטיצט מיט געלט די ענגלענדער, וואָס זיינען געשטאַנען אין קאַמף מיט די פראַנצויזן.

ניט קיין קליינע געפאַר פאַר זשאַנען זיינען געווען די געליבטע פון קעניג טשאַרלס און זייער פריינד, דער הויפּט־ראַטגעבער פון קעניג, זשאָרזש לאַ טרעמאַיל. אָט דער פּאָליטיקאַנט האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַר דער אָפנהאַרציקייט און ערלעכקייט פון זשאַנען. טרעמאַיל איז געווען אַ מאַן מיט אַן אייזערנעם ווילן; איינער וואָס מוז אַלע מאָל אויספירן דאָס, וואָס ער האָט פאַרטראַכט. דערצו איז ער געווען זייער כיטרע און שוין געהאַט ניט איין מאָרד אויף זיין געוויסן. ווי וויט עס איז באַקאַנט האָט ער געהאַט פאַרלאָזן זיין ווייב צוליב אַ געליבטע, דערנאָך האָט ער דערמאָרדעט איר מאַן און מיט איר חתונה געהאַט, אָבער ניט אויף לאַנג און ער האָט געהאַט נאָך אַנדערע חטאים אויף זיין געוויסן. אין קעניגלעכן פּאַלאַץ האָט ער זיך געהאַט אַריינגעקראָגן דורך זיינע ליגנס, מסירות און פאַלש־קייטן און באַזונדערס דורך חניפה. ער איז געווען אַ היפּאָקריט פון ערגסטן סאָרט און איז געווען גרייט אַלעמאָל, אויב עס זאָל זיך אים נאָר לוינען, צו באַשווינדלען דעם קעניג. ער האָט געהאַט געהיימע פאַרבינדונגען מיט די ענגלענדער און האָט זיי אויסגעזאָגט אַלע סודות און אַלע פּלענער פון הויף. זשאַן, כאָטש זי איז געווען אַזוי יונג, האָט אָבער געקענט מענטשן און זי האָט אים תופס געווען בעסער פון אַלע אין הויף. זי האָט אים געזען אַזוי ווי ער איז אין דער אמתן, אַן אַ מאַסקע און זי האָט אים געהאַסט. טרעמאַיל האָט דאָס געוואוסט און ער איז דעריבער אויך געווען פאַראינטערעסירט צו באַזייטיקן זי פון קעניגלעכן הויף און באַזונדערס פון קעניג. ער האָט אָבער מורא געהאַט אָפן אַרויסצוקומען קעגן זשאַנען, ווייל דער קעניג האָט פון איר שטאַרק געהאַלטן. האָט ער עפנטלעך זיך געבויגן פאַר איר ביז צו דער ערד, ווי נאָר ער האָט זי דערזען, אָבער הינטן אַרום האָט ער געאַרבעט מעשים, אַז מען זאָל זי פאַרטרייבן פון הויף.

איצט קומט דאָס טרויעריקע קאַפּיטל פון די גלחים, וואָס האָבן געקעמפט קעגן זשאַנען. די רעליגיעזע פירער האָבן דאָ אָפּגעשפּילט אַ שוידערלעכע ראָל קעגן דעם אומשולדיקן מיידל. ניט קיין אַנדערער ווי דער אַרציבישאָף פון ריימס, דער בישאָף פון באָוועי און דער גאַנצער קלערי־

קאַלער פאַקולטעט פון דעם פּאַריזער אוניווערסיטעט האָבן באַשלאָסן, אַז מען זאָל זשאַנען אומברענגען, ווייל זי טויג ניט פאַר זייערע אינטערעסן. איר זינד איז באַשטאַנען דערין, וואָס זי איז געקומען אַליין אין קאָנטאַקט מיטן הימל, אָן דער פאַרמיטלונג פון דער קירך, וועלכע האָט דערויף אַ מאָנאָפּאָל. דערמיט וואָס זי האָט גענומען אַליין, אָן דער פאַרמיטלונג פון די גלחים, רעדן צו די מלאכים, האָט זי פאַרשוועכט די הייליקייט פון די פּריסטער. די פאַרשטייער פון דער קירך האָבן דעריבער דערקלערט, אַז נאָר די קירך איז דער פאַרמיטלער צווישן גאָט און מענטש, צווישן הימל און ערד. אָן דער קירך קען קיינער ניט און טאָר קיינער ניט האָבן צו טאָן מיט די הימלישע ענינים. דעריבער, כדי אָפּצושוואַכן דעם גרויסן איינדרוק, וואָס זשאַן האָט געמאַכט אויף די מאַסן מיט אירע זיגן איבער די ענגלענדער, דאַרף מען עס אויסטייטשן, אַז דאָס איז ניט דער כוח פון הימל, נאָר פון טייוול. אַזוי ווי עס איז ניט געקומען דורך דער קירך, קען עס ניט זיין קיין געטלעכע זאַך, נאָר אַ זאַך, וואָס איז אַ כח פון דער „קליפּה״, און דאָס קען זיך ענדיקן פאַר די מענטשן ניט גוט. דעריבער איז זי אַ געפאַר פאַר דער מענטשהייט. זי איז אַ געצייג פון שטן.

און אַזוי איז געשען, אַז די אַלע פיר לאַגערן פון שונאים האָבן זיך ענדלעך פאַראייניקט אָפּצורוימען פון וועג אָט דאָס אומשולדיקע מיידל, וואָס האָט געמיינט אַזוי גוט און האָט אַזוי פיל געהאָלפן פראַנקרייך, און — עס איז זיי אויך געלונגען.

* * *

און געווען איז דאָס בעת דער צווייטער שלאַכט, ווען זשאַן האָט זיך געהאַט פאַרנומען אַרויסצוטרייבן די ענגלענדער אינגאַנצן פון פראַנקרייך, אַ זאַך, וואָס עס איז געווען איר ציל. זי האָט ניט געוואָלט קיינעם אומברענגען, זי האָט נאָר געוואָלט איין זאַך — זיי זאָלן פאַרלאָזן איר לאַנד, פראַנקרייך. זיי זאָלן גיין אַהיים, צוריק קיין ענגלאַנד, ניט מער.

אָבער דאָס מאָל, בעת דער שלאַכט ביי קאָמפּיען, האָבן די גלחים זיך שוין געהאַט צוזאַמענגערעדט מיט די אַנדערע שונאים, די נאָבל־לייט פון פראַנקרייך, וואָס האָבן אויך געוואָלט איר טויט און מען האָט געגעבן אַ גרויסן כאַבאַר איינעם פון די אָפיצירן פון איר אַרמיי, אַז ער זאָל זי פאַרנאַרן אין אַ זייט אויפן שלאַכט־פעלד. דאָרטן האָט מען זי געכאַפּט און איבערגעגעבן גלייך צו די ענגלענדער. דער וואָס האָט דאָס געטאָן, האָט אויך געקראָגן דעם גרויסן פּרייז, וואָס די ענגלענדער

האָבן געהאַט באַשטימט פאַר איר קאָפּ — 10,000 ענגלישע פונט אין גאָלד. די ענגלענדער האָבן שוין געהאַט אַן אָפּמאַך מיט די קלעריקאַלן וועגן איר גורל. די ענגלענדער האָבן ניט געוואָלט זי פאַרמשפּטן צום טויט, ווייל כאָטש זי האָט זיי אָנגעטאָן גרויסע צרות, איז זי דאָך געווען פאַררעכנט ביי די פאָלקס־מאַסן, אַפילו אין ענגלאַנד, פאַר אַ הייליקע. אַלע רייד, אַז אַלץ וואָס זי טוט, איז ניט מיט גאָטס כוח, נאָר מיטן כוח פון טייוול, מיט כישוף, האָבן ניט געהאָלפן. דאָס פאָלק האָט געקוקט אויף איר, ווי אויף אַ הייליקער און מען האָט דעריבער מורא געהאַט פאַרן צאָרן פון פאָלק. האָבן די ענגלענדער זיך געהאַט אָפּגערעדט מיט די פאָרשטייער פון די קלעריקאַלן, אַז נאָכדעם ווי מען וועט זי כאַפּן, וועט מען זי איבער־געבן צו די גלחים און זיי זאָלן זי פאַרמשפּטן צום טויט. דאָס וועט זיין פיל בעסער, ווי ווען זיי, די ענגלענדער, זאָלן עס טאָן.

אָבער כדי צו פאַרמשפּטן זי, מוז זיין אַ פּראָצעס און דער פּראָצעס מוז זיין ווי אַלע פּראָצעסן — מיט ריכטער, מיט פאַרטיידיקער און באַ־שולדיקער, אַלץ אַזוי ווי עס פירט זיך אין אַ געריכט. אָבער אין פאַל ווען דאָס קלעריקאַלע געריכט וועט איר ניט פאַראורטיילן צום טויט — זאָל מען זי צוריק אָפּגעבן צו די ענגלענדער און זיי וועלן שוין וויסן, וואָס צו טאָן מיט איר.

די אַלע פאַרהאַנדלונגען זיינען געפירט געוואָרן מיטן בישאָף פון באוועי, פּיער קאָשאָן. ער איז געווען אַ פרומער קאַטאָליק און דער אוני־ווערסיטעט פון פּאַריז האָט אים אויסגעקליבן אַלס איר פאָרטרעטער. אין דער באַפולמעכטיקונג, וואָס דער אוניווערסיטעט האָט אים געגעבן צו פאַרהאַנדלען מיט די ענגלענדער וועגן זשאַן ד׳אַרק, ווערט געזאָגט, אַז דער אוניווערסיטעט מאַכט אים אַלס איר פאָרטרעטער, „צוליב זיין קוראַזש, זיינע גרויסע פאַרדינסטן, זיינעליידן און זיינע איבערלעבונגען פאַר די ענינים פון דער קירך". אָט דער קאָשאָן איז געווען אַ מוראדיקער פאַנאַטיקער און אַ מענטש אָן אַ האַרץ. ער האָט ניט געהאַט קיין שום געפילן פאַר די ליידן פון אַנדערע. אין די הענט פון אַזאַ איינעם האָט מען דאָס אָנפאַרטרויט דעם גורל פון דעם אומשולדיקן מיידל.

און קאָשאָן האָט שוין געהאַט דערפאַרונגען אין אַזעלכע זאַכן, ווייל ס׳איז געווען ער, וואָס איז אויף די זיצונגען פון ראַט פון קאָנסטאַנץ (דאָס איז געווען דער ראַט, וואָס האָט פאַרמשפּט צום טויט דעם רעוואָ־לוציאָנער הוס) אַרויסגעטראָטן מיט דער טעאָריע, אַז די קירך האָט אַ רעכט אין געוויסע פאַלן, אַרויסצוטראָגן אַ טויט־אורטייל קעגן עמיצן אַפילו אָן דער פּראָצעדור פון אַ געריכט. דאָך איז פאַר די קלעריקאַלן

געווען בעסער און באַקוועמער צו פֿאַראַנשטאַלטן די קאָמעדיע פֿון אַ פּראָ־צעס מיט ריכטער, פֿאַרטיידיקער און באַשולדיקער, ווייל אויף אַזאַ אופֿן וועט עס אויסזען שענער אין די אויגן פֿון די מאַסן.

* * *

אָבער באַלד אין אָנהויב איז געשען עפּעס, וואָס האָט קאָשאָנען ניט שטאַרק געשמעקט. באַלד ביי דער ערשטער זיצונג, וועלכע איז באַ־שטאַנען פֿון 23 גלחים, האָבן צוויי גלחים זיך אַרויסגעזאָגט, אַז דער גאַנ־צער פּראָצעס איז ניט לעגאַל און עס איז ניט דאָ קיין שום גרונד צו משפּטן זשאַנען פֿאַר וועלכע ניט איז זינד, ווייל זי איז ניט באַגאַנגען קיין שום פֿאַרברעכן. נאָך אָט דער זיצונג האָט קאָשאָן גוט אויסגעמוסרט איינעם פֿון די צוויי גלחים, פֿאַר זאָגן אָט די רייד און אים דערקלערט, אַז ער קען ניט מער זיין קיין ריכטער אין דעם פּראָצעס און באַלד דערנאָך האָט מען ביינאַכט אים אַרעסטירט און איינגעזעצט אין געפֿענגעניש. דער אַנדערער גלח, וואָס האָט אויך אַזוי געזאָגט, האָט געהאַט שכל צו אַנט־לויפֿן פֿון פּאַריז און אויסצובאַהאַלטן זיך פֿון קאָשאָנס גרימצאָרן.

קאָשאָן האָט געוואָלט מאַכן זיכער די ענגלענדער, אַז זיי וועלן האָבן אַ טויט־אורטייל איבער זשאַנען און ער האָט דעריבער פֿאַרגרעסערט די צאָל פֿון די ריכטער אויף 42. שפּעטער האָט ער ווידער אַמאָל פֿאַרגרע־סערט די צאָל מיט נאָך 21 גלחים, אַזוי אַז די צאָל איז שוין געווען 63. יאָ, 63 גלחים קעגן איין אומשולדיק, קליין מיידל.

איצט האָט מען זיך גענומען זוכן חטאים. עס איז ניט געווען אַזוי לייכט און מען האָט עס געמוזט אויסטראַכטן. איר ערשטער חטא איז געווען, וואָס זי האָט זיך צוגעהערט צו די מלאכים, וואָס האָבן גערעדט צו איר. זי האָט זיי געדאַרפֿט זאָגן, אַז זי קען ניט הערן זייערע רייד און אַז זיי דאַרפֿן זאָגן דאָס, וואָס זיי ווילן איר זאָגן, פֿריער צום אַרצי־בישאָף און אַז ער זאָל עס זאָגן צו איר. אַזוי ווי זי האָט דאָס ניט געטאָן, איז זי שולדיק.

אַ צווייטער חטא איז געווען דאָס, וואָס זי האָט אין דער צייט פֿון דער מלחמה געטראָגן מענערישע קליידער, וואָס זיינען איר געווען מער באַקוועם, אָבער אַלס פֿרוי האָט זי ניט געטאָרט אָנטאָן קיין מענערישע קליידער. אַזוי האָבן געטענהט 63 מענער, וואָס האָבן געטראָגן פֿרויען־קליידער, דעם גלחישן אוניפֿאָרם. עס זיינען געווען נאָך אַנדערע חטאים. אָבער זשאַן האָט זיך קעגן די אַלע זינד ניט פֿאַרטיידיקט. זי האָט געזען,

וואָס זייער ציל איז — זיי ווילן זי באַזייטיקן און אַז עס איז איבעריק צו רעדן צו זיי.

עס איז אַפילו ניט געווען קיין גוטע קאָמעדיע פון אַ פּראָצעס, ווייל די גאַנצע פּראָצעדור איז געווען פאַלש און אויך נאַריש פון אָנהויב, אָן. זשאַן האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר און האָט אָפּט אָפּגע־לאַכט פון די ריכטער. אין איין מאָמענט, ווען אַלע גלחים האָבן גענומען רעדן מיט אַמאָל, האָט זי אויסגעשריען: „אַנטשולדיקט הייליקע ריכטער, רעדט ניט אַלע מיט אַמאָל! איר הערט דאָך אַליין ניט, וואָס איר רעדט! איר קענט נאָך ווערן צעמישט און מיך באַפרייען!...״.

און ענדלעך האָט די דאָזיקע נאַרישע און שרעקלעכע קאָמעדיע זיך געענדיקט. דאָס איז געווען דעם 30־טן מאַי פון יאָר 1431. זשאַן ד׳אַרק איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דורך פאַרברענען און קאָשאָן איז באַגריסט געוואָרן פון דעם אוניווערסיטעט פון פּאַריז, פאַר זיין „גוטער אַרבעט און פאַרן פיינעם אופן ווי ער האָט געפירט דעם משפט״.

איצט האָט די קירך אין פאַרשטענדיקונג מיט דער רעגירונג איבערגעגעבן זשאַנען צום אויספאָרשונגס־ריכטער. פאַרן פאַרברענען זי אויפן שייטער־הויפן, האָט דער פּראָפעסאָר ניקאָלאָס מידי פון דעם פּאַ־ריזער אוניווערסיטעט געהאַלטן אַ רעדע אין וועלכער ער האָט דער־קלערט, אַז עס איז געווען אַן ערלעכער משפט און ער האָט געענדיקט: „זשאַן, גיי אין פרידן. די קירך קען מער גאָר ניט טאָן פאַר דיר!״... אָבער זשאַן האָט זיך ניט פאַרלוירן און אָנווייזנדיק אויף קאשאנען האָט זי געזאָגט הויך: „דו ביסט דער שולדיקער! דו האָסט געוואָלט מיין טויט!״.

אָט די קאָמעדיע האָט זיך אָבער געענדיקט באמת מיט 5 און אַ האַלב הונדערט יאָר שפּעטער, ווען אַ פּויפּסט אין אונדזערע צייטן, האָט דער־קלערט, אַז נאָך אַלעם האָט זשאַן ד׳אַרק יאָ גערעדט מיט מלאכים און ניט מיטן טייוול. מען האָט מבטל געמאַכט איר טויט־אורטייל און איר דערקלערט פאַר אַ הייליקער.

## 58. מאַרקאָ פּאָלאָ און זיינע באַרימטע רייזעס

די פּאָליטיק פון וואַטיקאַן אין יענער צייט צו געווינען כינע פאַרן קריסטנטום. — די ערשטע רייזע פון מאַרקאָ פּאָלאָס פאָטער צוזאַמען מיט זיין פעטער. — וואָס קובלאַי כאַן האָט זיי געזאָגט. — די צווייטע רייזע צוזאַמען מיט מאַרקאָ פּאָלאָ. — מאַרקאָ ווערט אַ מיניסטער אין כינע. — ווען ער קומט צוריק, דערציילט ער מעשיות און אַ שרייבער שרייבט זיי אויף.

עס איז דאָ אין אַלע געשיכטע־ביכער, אַז אין 13־טן יאָרהונדערט האָט איינער מיטן נאָמען מאַרקאָ פּאָלאָ, אַן איטאַליענער, געמאַכט אַ רייזע אַרום דער וועלט. ער איז געווען הויפּטזעכלעך אין כינע און שפּעטער האָט ער באַשריבן זיינע רייזעס. אָבער ווער עס איז געווען דער דאָזיקער איטאַליענער און פאַרוואָס האָט ער אין יענער צייט, ווען עס איז געווען שווער צו פאָרן אַפילו פון איין לאַנד צום אַנדערן אין אייראָפּע, זיך אַרויס־געלאָזט אויף אַזאַ רייזע אַרום דער וועלט — וועגן דעם שווייגן די גע־שיכטע־ביכער.

וואָס איז אָבער טאַקע דער אמת וועגן מאַרקאָ פּאָלאָ? פאַרוואָס איז ער הויפּטזעכלעך געפאָרן קיין אַזיע און ווער איז געווען הינטער אים וואָס האָט אים באַוואויגן דאָס צו טאָן? און — האָט ער טאַקע אויפ־געשריבן דאָס בוך פון זיינע רייזעס? צי דאָס האָט געשריבן גאָר אַן אַנדערער און אויך צי עס איז טאַקע אַלץ אַזוי ריכטיק ווי ער דערציילט — וועגן די אַלע פראַגן שווייגט דער פּסוק.

* * *

איידער מיר לאָזן זיך אַרויס אויף אונדזער אויספאָרשונגס־מאַרש ווילן מיר דערמאָנען אונדזערע לייענער אַז דאָ רעדט זיך וועגן מיטן פון 13־טן יאָרהונדערט (מאַרקאָ פּאָלאָ איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1254 און האָט געלעבט ביז 1324), אַ צייט ווען אַלע לענדער פון אייראָפּע, וואָס זיינען געווען טיף־קריסטלעך, האָט זיי דאָך דאָס ניט אָפּגעהאַלטן פון פירן מלחמות און פאַרגיסן בלוט. אין יענע יאָרן ווען דאָס נייע רוים, וואָס האָט זיך גאַנץ ווייניק אונטערשיידט פון אַלטן רוים, האָט געשטרעבט נאָר צו איינס: איינצונעמען די וועלט. אין יענער צייט האָט די קירך אין רוים געשיקט אונדזער העלד מאַרקאָ פּאָלאָ קיין אַזיע מיט אַ מיסיע —

צו ברענגען יענעם טייל וועלט אונטער די פליגלען פון קריסטנטום, אָבער די געשיכטע פון מאַרקאָ פּאָלאָ האָט אַ פּאָר־געשיכטע.

מאַרקאָ פּאָלאָ איז געווען אַ קינד פון ווענעדיק און די מיסיע צו פאָרן קיין כינע האָט זיך אָנגעהויבן ניט מיט אים, נאָר מיט זיין פאָטער ניקאָלאָ פּאָלאָ און מיט זיין אָנקל מאַפעאָ (מאַטיוס) פּאָלאָ.

אָט־די צוויי ברידער ניקאָלאָ און מאַפעאָ זיינען אין יענער צייט געווען די סאַמע אָנגעזעענסטע געשעפטס־לייט אין ווענעדיק. די שטאָט ווענעדיק איז דעמאָלט געווען אַ מלוכהלע פאַר זיך און האָט געהאַט אַ נאָמען אַלס אַ האַנדלס־צענטער, וואָס זוכט אָנצוקניפּן געשעפטלעכע באַציאונגען מיט דער גאַנצער וועלט. דאָס האָט דער פּויפּסט אינאָצענט דער דריטער אויסגענוצט פאַר זיינע צוועקן. אַזוי ווי אין ווענעדיק זיינען געווען געשעפטס־לייט וואָס האָבן געזוכט צו מאַכן געשעפטן מיט אַזיע, האָט ער באַשלאָסן זיי איבערגעבן די מיסיע, אַז צוזאַמען מיט די געשעפטן זאָלן זיי אויך טאָן אַ ביסל געשעפט פאַרן וואַטיקאַן; אַז צוזאַמען מיטן פאַרקויפן זייערע מאַטעריעלע סחורות, זאָלן זיי אויך פאַרקויפן די גייסטיקע סחורה פון קריסטנטום, צו די אַזיאַטן. אַזוי ווי די צוויי ברידער זיינען געווען די סאַמע רייכסטע אין ווענעדיק און אין גאַנץ אייראָפּע געווען באַוואוסט אַלס די יעניקע וואָס האָבן געבאָרגט געלט אויף איינגעלייגטע חפצים און צירונג, איז דאָס אויך פון פּויפּסט געפאַלן אויף זיי און ער האָט מיט זיי גערעדט, אַז זיי זאָלן מאַכן אַ רייזע קיין אַזיע, זיך טרעפן דאָרטן מיטן באַוואוסטן הערשער פון כינע אין יענער צייט — קובלאַי כאַן, מאַכנדיק מיט אים געשעפט און גלייכצייטיק אויך אַריינשמוגלען צו אים די הויפּט־אידעען פון קריסטנטום.

די צוויי ברידער האָבן צוגעשטימט און האָבן אונטערגענומען די רייזע מיט דער ברכה פון דעם פּויפּסט. „ניקאָלאָ איז געווען אַ כיטרער חברה־מאַן, אַ דורכגעטריבענער יונג, אַ מבין אויף צירונג, אבער אויך איינער וואָס האָט געקענט האַלטן אַ שווערד אין דער האַנט״. זיין ברודער מאַפעאָ איז געווען „אַ רויט־האָריקער, מיט אַ רויטער באָרד. איינער וואָס האָט ליב געהאַט אַ גוט פערד, אָבער, ניט ווייניקער — אַ שיינע פרוי״ — דאָס איז די באַשרייבונג פון די צוויי ברידער וואָס איז פאַרבליבן אין אַ כראָניק פון יענער צייט.

די צוויי ברידער זיינען געקומען קיין כינע און געזוכט צו מאַכן דאָרטן געשעפטן. ווען קובלאַי כאַן האָט געהערט, אַז עס פאָרן אַרום אין זיין לאַנד צוויי אייראָפּעאישע מענטשן, האָט ער זיי איינגעלאַדן צו זיך אין פּאַלאַץ און אָט דאָס איז געווען, אייגנטלעך, וואָס זיי האָבן געוואָלט.

אָבער קובלאַי כאַן איז ניט געווען ווייניקער כיטרע ווי זיי. ער האָט דעריבער זיי געלאָזט רעדן וואָס זיי האָבן נאָר געוואָלט. ער האָט זיי אויך געגעבן פולשטענדיקע פרייהייט צו רייזן איבער כינע. ער האָט זיי גוט באַטראַכט מיט זיינע פאַרצויגענע קליינע אייגעלעך און האָט באַלד געזען, אַז דאָס זיינען צוויי כיטראַקעס; אַזעלכע, וואָס האַלטן פון זיך זייער שטאַרק און אַז זיי רעדן זייער אָפט גראָבע רייד, וואָס עס ווייזט אַז זיי זיינען גאַנץ ווייניק אינטעליגענט. אין תוך גענומען, אָבער, האָט ער געזען, אַז זיי זיינען ניט קיין שלעכטע מענטשן. פיל מאָל האָט קובלאַי כאַן הנאה געהאַט פון זייערע רייד און פון זייער אויפפירונג און ער האָט זיי באַטראַכט ווי קאָמעדיאַנטן.

ענדלעך האָט קובלאַי כאַן אָנגעהויבן צו רעדן מיט זיי תכלית. וואָס ווילן זיי? — זיי האָבן געענטפערט אַז זיי זוכן צו מאַכן געשעפטן, האָט קובלאַי כאַן מיט זיי גערעדט וועגן געשעפטס־ענינים, און געזען, אַז ווען עס קומט צו ביזנעס, זיינען זיי קלוג און פאַרשטייען אַן עסק. אָבער ווען ער האָט דערנאָך גענומען רעדן מיט זיי וועגן פאָליטיק און רעליגיע, האָט ער איינגעזען, אַז אין דער הינזיכט, זיינען זיי זייער הינטערשטעליק. זיי האָבן איצט אָנגעהויבן צו רעדן מיט אים וועגן קריסטנטום און אים געוואָלט מאַכן פאַר אַ קריסט. קובלאַי כאַן האָט זיי אויסגעהערט אָן איבערצורייסן זייערע רייד און צום סוף זיי געזאָגט, אַז ווי ער זעט ווייסן זיי אַליין ניט צופיל פון זייער רעליגיע. ער וואָלט אפשר געוואָרן פאַראינטערעסירט מיטן קריסטנטום ווען עס זאָל קומען צו אים איינער, וואָס ווייסט פיל מער ווי זיי וועגן אָט־דער רעליגיע און וועלכער זאָל אים קענען ענטפערן אויף אַלע פראַגן וואָס ער וועט אים שטעלן. ער האָט זיי דעריבער פאָרגעלייגט, אַז זיי זאָלן פאָרן צוריק קיין רוים און זאָגן דעם פויפסט, אַז ער זאָל שיקן צו אים קיין כינע „הונדערט לערער פון קריס־טנטום״, וועלכע זאָלן זיין אינטעליגענטע מענטשן מיט אַ וועלטלעכן וויסן. אָט־די לערער זאָלן אים, קובלאַי כאַן, הויפּטזעכלעך אויפקלערן פאַרוואָס ער זאָל אַוועקוואַרפן די לערע פון קאָנפוציוסן און אָננעמען די לערע פון יעזוסן.

ניקאָלאָ און מאַפעאָ האָבן באַלד דערויף זיך גענומען פאָרן צוריק אַהיים צו זען דעם פויפסט אין רוים, אָבער אין מיטן וועג האָבן זיי געקראָגן די ידיעה אַז דער פויפסט איז געשטאָרבן.

ווען ניקאָלא און מאַפעאָ זיינען שפּעטער צוריקגעקומען קיין רוים איז אין וואַטיקאַן נאָך אַלץ קיין פויפסט ניט געווען. זיי האָבן דעריבער

געמוזט וואַרטן גאַנצע צוויי יאָר ביז עס איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייער פויפסט, ווען זיי זאָלן קענען איבערגעבן קובלאַי כאַנס ענטפער.

ווען עס איז ענדלעך אויסגעקליבן געוואָרן אַ נייער פויפסט, זיינען די צוויי ברידער אַוועק צו אים און אים איבערגעגעבן די רייד פון קובלאַי כאַן. דער נייער פויפסט האָט דערויף געענטפערט מיט כעס: „וואָס? הונדערט לערער וויל ער האָבן? איך וועל אים שיקן בלויז צוויי. דאָס וועט זיין גענוג פאַר אים!״.

און דער פויפסט האָט באַלד דערויף באַשטימט צוויי פּראָסטע דאָמיניקאַנער, אַז זיי זאָלן פאָרן צו קובלאַי כאַן צוזאַמען מיט ניקאָלאָן און מאַפעאָן.

* * *

אויף דער צווייטער רייזע קיין כינע האָט ניקאָלאָ מיטגענומען זיין זון מאַרקאָ. מאַרקאָ איז געווען נאָך זייער אַ יונגער מענטש, וועלכער איז געווען אַריינגעטאָן אין געשעפטס־ענינים, ווי זיין פאָטער, אָבער ער האָט זיך אינטערעסירט מיט רעליגיע און האָט געוואוסט צו רעדן פיל בעסער וועגן רעליגיעזע ענינים ווי די צוויי ברידער. דערצו האָט ער געהאַט אַ געשליפן צינגל און האָט געקענט באַזיגן אַ קעגנער. די ברידער האָבן דעריבער באַשלאָסן ביי זיך, אַז ער וועט גיכער קענען רעדן צו קובלאַי כאַן ווי די צוויי פּראָסטע מאָנאַכן און דעמאָלט וואָלטן זיי שטאַרק אויסגענומען מיט זייער שליחות ביים פויפסט. אויך וואָלט דאָס לאַנד כינע געוואָרן פאַר זיי אַן אָרט פאַר גוטע געשעפטן.

אַלע פינף האָבן די גאַנצע רייזע געמאַכט אויף דער יבשה מיט פערד און וואָגן. צום ערשטן האָבן זיי באַשלאָסן צו פאָרן קיין ירושלים. דאָס האָט מאַרקאָ זיי געגעבן דעם געדאַנק, אַז כדי צו מאַכן קובלאַי כאַן פאַר אַ קריסט, איז גוט, אַז זיי זאָלן אים ברענגען אַ ביסל אייל פון דער לאָמפּ וואָס ברענט אין ירושלים איבערן הייליקן קבר פון יעזוסן. קובלאַי כאַן וועט דאָס הויך אָפּשאַצן און דערנאָך וועט אַלץ שוין זיין פיל לייכטער.

אָבער אויפן וועג קיין ירושלים, נאָך איידער זיי האָבן זיך אַרויס־געלאָזט אין די ווייטע לענדער פון אַזיע, האָבן שוין די צוויי שליחים פון פויפסט, די צוויי דאָמיניקאַנער, רעזיגנירט. זיי האָבן דערקלערט, אַז די רייזע איז פאַר זיי צו שווער און אַז זיי פאָרן צוריק קיין איטאַליע. די צוויי ברידער און מאַרקאָ האָבן באַשלאָסן צו פאָרן ווייטער ווי שווער עס זאָל ניט זיין. איבערהויפּט האָט מאַרקאָ פאַרזיכערט זיין פאָטער און אויך זיין פעטער, אַז וואָס שייך צו רעדן מיט קובלאַי כאַן זאָלן זיי עס

לאָזן צו אים. ער וועט עס מאַכן בעסער ווי די צוויי דאָמיניקאַנער, און אַז אים וועט געלינגען איבערצורעדן דעם כאַן צו ווערן אַ קריסט.

אַזוי ווי דער פאָטער ניקאָלאָ האָט שטאַרק געהאַלטן פון זיין זון מאַרקאָ און איז געווען זיכער, אַז מאַרקאָ וועט דאָס אויספירן און אַזוי ווי אויך מאַפעאָ האָט צוגעשטימט צו זיין ברודער ניקאָלאָ, איז געבליבן ביי זיי אַז זיי דאַרפן ניט מער קיין אַנדערן ווייל מאַרקאָ איז גוט. ער וועט מיט זיין שאַרף ציינגל אָפּהאַלטן אַ נצחון איבער דעם גרויסן הער־שער פון כינע.

די רייזע קיין כינע האָט געדויערט דריי מיט אַ האַלב יאָר. ווען זיי זיינען געקומען קיין פּעקין, זיינען זיי אָנגעקומען אין הויף פון קובלאַי כאַן, וועלכער האָט געהייסן אַז מען זאָל זיי גוט אויפנעמען און זיי אָפּ־געבן באַזונדערע וואוינונגען.

די פּאָלאָס האָבן זיך באַלד גענומען פאַר ביידע זאַכן: געשעפט און רעליגיע. נאָר אָנשטאָט זיי זאָלן זיך אָפּגעבן אַליין מיט רעליגיע האָבן זיי דאָס איבערגעגעבן צו מאַרקאָן און אַליין זיך אַרויסגעלאָזט צו מאַכן געשעפט. דאָס איז זיי געלונגען. זיי האָבן געקויפט און פאַרקויפט, און געמאַכט מיליאָנען. זיי זיינען געוואָרן שטיין־רייך. וויפל זיי האָבן פאַרמאָגט פריער, האָט זיך איצט זייער פאַרמעגן פאַרדאָפּלט און פאַרדרייפאַכט.

אָבער מאַרקאָן איז ניט געגאַנגען. ער האָט ניט געקענט דעם כאַן רירן פון אָרט, אַז ער זאָל אַנערקענען, אַפילו די סאַמע גרונד־אידעען פון קריסטלעכן גלויבן. עפּעס איז דעם כאַן די גאַנצע זאַך ניט געקראָכן אין קאָפּ אַריין. אויך אויסער דעם הויף האָבן די דריי פּאָלאָס ניט געקענט באַוועגן אַפילו קיין איין כינעזער, אַז ער זאָל ווערן אַ קריסט.

אָבער אין דער צייט וואָס מאַרקאָ האָט ניט געקענט מאַכן קיין שום איינדרוק אויפן קייזער, האָט דער קייזער, קובלאַי כאַן, געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף מאַרקאָן, און עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז מאַרקאָ איז געבליבן כסדר אין הויף. שפּעטער האָט אים דער כאַן אַפילו באַשטימט פאַר אַ מיניסטער און ער איז אויף דעם אַמט געווען אַ שיין ביסל יאָרן.

* * *

מיט פיל יאָרן שפּעטער איז מאַרקאָ פּאָלאָ געקומען צוריק קיין ווענעדיק און באַלד איז ער אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין אַ מלחמה וואָס האָט דעמאָלט אויסגעבראָכן צווישן ווענעדיק און גענואַ. דאָס איז געווען אין יאָר 1298. אין אָט דעם קאַמף איז מאַרקאָ גענומען געוואָרן געפאַנגען פון די גענוער. אַזוי ווי ער האָט זיך געלאַנגווייליקט אין דעם לאַגער,

וואו מען האָט געהאַלטן די קריגס־געפאַנגענע, האָט ער אָנגעהויבן זיי צו דערציילן מעשיות וועגן זיין רייזע אין אַזיע. באַלד האָט דאָס שטאַרק אויסגענומען ביי די געפאַנגענע, און עס האָט אויך ניט לאַנג געדויערט, אַז אויך די אָנפירער פון דעם לאַגער האָבן זיך דעריין אינטערעסירט. דאָרטן האָט זיך אויך געפונען אַ שרייבער מיטן נאָמען רוסטיקאַנאַ, וועלכער, הערנדיק די מעשיות, האָט גענומען זיי פאַרשרייבן, כדי זיי זאָלן ניט פאַרגעסן ווערן. אַזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן דאָס בוך וואָס רופט זיך „די רייזעס פון מאַרקאָ פּאָלאָ״. נאָך דער דערפינדונג פון דער דרוק־קונסט האָט מען דאָס בוך אָפּגעדרוקט אַלס איינס פון די ערשטע, און עס איז געוואָרן גיך אויספאַרקויפט. דאָס איז, אַלזאָ, געווען דעמאָלט אַ מין „בעסט סעלער״.

אָבער וואָס איז דער אמת וועגן די מעשיות פון מאַרקאָ פּאָלאָ? זיינען זיי טאַקע אמתע געשיכטן און היסטאָריש ריכטיק? — ניין, עס איז ניט אַזוי. מאַרקאָ האָט געהאַט אַ שטאַרקע פאַנטאַזיע. ער האָט ליב געהאַט צו דערציילן אויסטערלישע זאַכן, כדי אַזוי־אַרום אויסצונעמען ביי זיינע צוהערער. ער איז אין דער אמתן געווען אַ טיפּ וואָס מיר רופן איצט אַן אַ רייזנדער האַנדלס־מאַן, און פלעגט רעדן צו זיינע צוהערער אַלעמאָל פון הויכע ציפערן, אַלעמאָל פון מיליאָנען. אַזוי דערציילט ער ווי ער האָט געזען ביי קובלאַי כאַן מיליאָנען בריליאַנטן און דיאַמענטן. אָדער אַז ער איז געפאָרן איבער מיליאָנען מיילן פון פרוכטבאַרע פעלדער; ער האָט געזען ליגן בערג פון גאָלד, מיליאָנען פון גאָלד־שטיקלעך; ער האָט געטראָפן מיליאָנען שיינע פרויען, און אַזוי כסדר, אַלץ אין גוזמאות און איבערטרייבונגען וועלכע מען מוז אַראָפּרעכענען פריער איידער מען קען צוקומען צום סאַמע תוך, אַזוי אַז אין זיין צייט אַפילו איז ער געוואָרן באַקאַנט אַלס ליגנער, און עס איז געוואָרן אַ פּאָפּולערער אויסדרוק „מאַרקאָס מיליאָנען״. דערצו נאָך האָט רוסטיקאַנאַ אָט די באָמבאַסטישע שפּראַך פון מאַרקאָן נאָך מער פאַרשטאַרקט, אַזוי אַז עס איז געוואָרן דער־פון אַ מין לעגענדע־בוך. אָבער דאָך האָט דאָס בוך פיל אמתן. די רייזעס פון מאַרקאָ פּאָלאָ האָבן דעריבער אַ גרויסן ליטעראַרישן פאַרדינסט, דער־מיט וואָס עס האָט אַריינגעבראַכט אין פינצטערן מיטלאַלטער אַ ליכט פון אַן אַנדערער וועלט און אַזוי אַרום אַ ביסל אויסגעברייטערט די ענגע באַגריפן פון די מענטשן אין יענער צייט. אין אַ געוויסן זין האָט עס אויך געבראַכט דערצו צו מאַכן אַ געברויך פון פּולווער, וואָס די כינעזער האָבן שוין לאַנג געהאַט דערפונדן.

## 59. ראדזשער בעקאָן און זיינע וויסנשאַפטלעכע נביאות

ער האָט פאָראויסגעזען דאָס קומען פון דער דאַמף־שיף און פון אויטאָמאָביל. — ווי אַזוי ער האָט געזען דאָס קומען פון אַן אַעראָ־פּלאַן. — ער האָט אויך דערפונדן פולווער, דעם טעלעסקאָפּ און מיק־ראָסקאָפּ. — זיינע טיפע פילאָזאָפישע ווערק. — ער איז אָפּגעזעסן פערצן יאָר אין געפענגעניש פאַר קריטיקירן די גלחים.

איינע פון די מערקווירדיקסטע פּערזענלעכקייטן אין דעם שפּעטער־דיקן טייל פון מיטלאַלטער, איז געווען דער גרויסער ענגלישער געלע־רנטער, ראדזשער בעקאָן, וועלכן מען האָט גערופן אין זיין צייט „דער וואונ־דערבאַר דאָקטאָר”. ראדזשער בעקאָן איז ווירקלעך געווען אַן אויסנאַם אין זיין צייט. ער איז געווען וואונדערבאַר אַלס מענטש און אַ דאָקטאָר פון פיל וויסנשאַפטן. בעקאָן איז, אין דער צייט ווען אַלע געלערנטע זיינען געווען אַריינגעטאָן אין סכאָלאַסטישן (פּלפּולדיקן) דענקען, אַרויסגעקומען אויף דער עלטער מיט אַ קלאָרער אויפפאַסונג פון וועלט־באַשאַף און אויך מיט פּראַקטישע לעזונגען פון פיל פראַגן. ער איז, הויפּט־זעכלעך, געווען אַ מאַטעמאַטיקער. ער האָט ניט געמאַכט קיין גרויסע אַנטדעקונגען, אָבער מען שרייבט אים צו דריי גרויסע דערפינדונגען: פולווער אַלס שיס־מאַטעריאַל, דעם טעלעסקאָפּ און דעם מיקראָסקאָפּ. וויכטיקער אָבער פון דעם אַלעם איז דאָס, וואָס ער האָט געזען ווייט. ער איז ניט נאָר געווען אַ וויסנשאַפטלעכער געניוס, נאָר אַ וויסנשאַפט־לעכער נביא (אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקן). ער האָט געזען פאָר־אויס פיל זאַכן, וואָס די וויסנשאַפט וועט דערפינדן. און ער רעדט דערפון גלייך ווי ער וואָלט עס געזען פאַר זיינע אויגן. אַזוי שרייבט ער, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען שיפן וועלן פאָרן אויפן ים, געטריבן ניט דורך זעגלען, נאָר דורך דאַמף־קראַפט. קאַרעטעס וועלן ניט געטריבן ווערן פון פערד, נאָר פון אַ ניי דערפונדענער קראַפט. עס וועלן זיין, זאָגט ער, מאַשינען וואָס וועלן פליען אין דער לופטן. „אַ מענטש וועט זיצן אין פראָנט און אָנפירן מיט אַ מאָטאָר און די מאַשין וועט האָבן קינסט־לעכע פליגלען, וואָס וועלן שניידן אין דער לופט, ווי אַ פויגל מיט זיינע פליגל”. אַזוי האָט בעקאָן אין דרייצנטן יאָרהונדערט פאָראויסגעזען די דאַמף־מאַשין, דעם אויטאָמאָביל און דעם אַעראָפּלאַן. אָבער בעקאָן רעדט ניט בלויז דערפון, נאָר האָט אויך אָנגעשריבן גאַנצע אָפּהאַנדלונגען

וועגן יעדער איינער פון די דערפינדונגען ווי אַזוי זיי וועלן זיין, ווי אַזוי זיי וועלן אויסזען און ווי אַזוי מען וועט אָנפירן מיט זיי. אַלץ אַזוי קלאָר און בולט, ווי ער, אַ שטייגער, וואָלט געלעבט אין אונדזער צייט.

* * *

ראדזשער בעקאָן איז געבוירן אין יאָר 1214. ער האָט שטודירט אין אָקספאָרד וואו ער האָט געקראָגן דעם טיטל מאַגיסטער פון קונסטן. אין יאָר 1225 איז ער געפאָרן קיין פּאַריז פאָרצוזעצן זיין שטודיום אין פּאַריזער אוניווערסיטעט. ווי עס איז געווען אַ מאָדע אין יענער צייט, האָט יעדער געלערנטער געמוזט שטודירן טעאָלאָגיע און געהערן צו אַן אָרדן. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין פראַנציסקאַנער אָרדן. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און ער איז געוואָרן פּראָפעסאָר אין פּאַריזער אוניווערסיטעט.

זיין ערשטע דערפינדונג איז געווען פולווער אַלס קאַמפּס-מאַ־טעריאַל. פולווער איז אייגנטלעך שוין אַנדעקט געוואָרן אין זעקסטן יאָרהונדערט דורך די כינעזער. אָבער אין כינע האָט מען עס גענוצט בלויז אַלס צייט-פאַרטרייב, צו שפּילן זיך דערמיט אין אַ קליינער מאָס אין די פייער־טעג, בלויז אַלס פאַרוויילונג, צו בלענדן אַ ביסל פאַר די אויגן און ניט מער. וואָס בעקאָן האָט אויפגעטאָן, איז געווען, צו געבן דעם פולווער זיין אמתן כאַראַקטער, אַלס קאַמפּס-מיטל אין דער צייט פון אַ מלחמה. דאָס אָנהויבן צו נוצן פולווער האָט געפירט דערצו, אַז עס איז באַלד געוואָרן פּאָפּולער און די פויערים, וואָס האָבן מורא געהאַט פאַר באַנדיטן, האָבן זיך פאַרשאַפט ביקסן צו באַשיצן זיך קעגן אָנפאַלער. אין אָנהויב האָט קיינער דערין ניט געזען קיין שום שלעכטס, אָבער באַלד האָט זיך געשאַפן אַ לאַגע, וואָס די פויערים זיינען געוואָרן באַוואָפנט מיט ביקסן. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז די פריצים האָבן פאַר זיי מורא באַקומען. אַזוי אַרום איז די דערפינדונג פון פולווער געוואָרן אַ גרויסער כוח צו פאַרניכטן די אַלטע פעסטונג פון פעאָדאַליזם און אויף צו פאַרטרייבן די פינצטערע שאָטנס פון מיטלאַלטער.

* * *

בעקאָן האָט אָבער אַ חוץ זיינע דערפינדונגען געשאַפן אַן אייגענע פילאָזאָפיע, וואָס איז געווען אינגאַנצן אַנדערש פון די דענקער פון זיין צייט. עס איז געווען די צייט, ווען די וועלט איז געווען באַהערשט פון די גריכישע פילאָזאָפן דורך די איבערזעצונגען, וואָס זיינען געמאַכט

געוואָרן פון זייערע ווערק אויף אַראַביש און העברעאיש. פון אָט די שפּראַכן האָט מען ווידער איבערזעצט די גריכישע פילאָזאָפיע אויף לאַטייניש, וואָס עס איז געווען די שפּראַך פון מיטלאַלטער. מערקווירדיק איז, אַז אין גאַנצן מיטלאַלטער איז ניט געווען קיין איין געלערנטער, וואָס זאָל קענען גריכיש און וואָס זאָל קענען לייענען די גריכישע ווערק אין אָריגינאַל. אָבער אויך ניט אַלע גריכישע פילאָזאָפן האָבן געהאַט דאָס גליק צו ווערן איבערגעזעצט. עס זיינען געווען בלויז געציילטע און צווישן זיי איז געווען אַריסטאָטעלעס, וואָס האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן. אַלע קריסטלעכע געלערנטע זיינען דעמאָלט געווען אָנהענגער פון אַריסטאָטעל. זיינע געדאַנקען האָבן באַהערשט די מוחות פון אַלע בעסערע מענטשן פון מיטלאַלטער.

בלויז איינער איז ניט אַרונטערגעפאַלן אונטער דער גייסטיקער השפּעה פון אַריסטאָטעלן און אַפילו געוואָגט אַרויסצוטרעטן קעגן אים. דאָס איז געווען בעקאָן. „דער סוף און סך הכל פון יעדער אמתער פילאָזאָפישער שיטה, זאָגט בעקאָן, איז, צוצוקומען דורך דעם צו דער דערקענונג פון באַשעפער. מען טוט דאָס דורך דעם, וואָס מען באַקענט זיך מיט זיינע גרויסע שאַפונגען". דער הויפּט וועג צו דער דאָזיקער דערקענונג איז דורך מאַטעמאַטיק. „מאַטעמאַטיק, זאָגט ווייטער בעקאָן, איז דאָס טויער און דער שליסל צו דער וויסנשאַפט און דערפאַרונג איז דער איינציקער וועג ווי אַזוי פעסטצושטעלן זאַכן". לויט דעם קומט ביי אים אויס, אַז אַריסטאָטעל, וועלכער איז ניט געווען גרויס אין מאַטעמאַטיק, האָט דעריבער ניט געקענט דערגרייכן געוויסע אמתן.

צו פאַרשטיין גרינטלעך, וואָס ראַדזשער בעקאָן האָט אויפגעטאָן, דאַרף מען וויסן, אַז דער וויסנשאַפטלעכער ניווֹאָ פון דער אַקאַדעמישער וועלט אין יענער צייט איז ניט געווען צו הויך. דאָס רוב געלערנטע האָבן אַפילו די ביבל ניט געקענט. די ביבל איז געווען איבערגעזעצט אויף לאַטייניש. אָבער אפילו געלערנטע האָבן פון איר ווייניק געוואוסט. זיי האָבן נאָר געלייענט געוויסע טיילן פון נייעם טעסטאַמענט, כדי צו זיין גוטע קריסטן. אַזוי זיינען געווען דעמאָלט דאָס רוב פון די געלערנטע. וועגן וויסנשאַפטלעכע ענינים האָט מען כסדר דעבאַטירט, אָבער קיינער האָט זיך ניט גענומען די מי צו מאַכן פאָרשונגען און פעסטצושטעלן גאַנץ גענוי, וואָס עס זיינען די גרונד־פּרינציפּן צו וועלכע מען איז געקומען אין דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג. עס איז אַלץ געווען שפּעקולאַטיוו. אין די אוניווערסיטעטן האָבן די פּראָפעסאָרן געמאַכט אַ גאַנצע אויס־שטעלונג פון זייערע קענטענישן, אָן צו האָבן גרינטלעכע ידיעות

אין פיזיק, כעמיע און אַנדערע וויסנשאַפטן. בעקאָן האָט דעריבער פאַר־גומען אַן אָרט דערמיט, וואָס ער האָט ניט געהאַלטן פון אַלע וויסנ־שאַפטלעכע בויך־סברות און זיך פאַרנומען מיט אמתע פאָרשונגען.

אין פאַריז האָט בעקאָן געקראָגן דעם טיטל דאָקטאָר, אָבער ער האָט געמוזט מאַכן אויך אַ שטודיום אין טעאָלאָגיע. דאָס איז דעמאָלט געווען אַזוי איינגעפירט אין כמעט אַלע אוניווערסיטעטן. יעדער גע־לערנטער אין יענער צייט האָט זיך געמוזט אָפּגעבן מיט טעאָלאָגיע. שפּעטער איז בעקאָן געקומען צוריק קיין אָקספאָרד און איז געוואָרן פּראָפעסאָר אין דעם אָקספאָרדער אוניווערסיטעט. אָבער אַזוי ווי מען האָט געהאַט אַ חשד אויף אים, אַז ער איז ניט גענוג פרום, האָט מען אים געשטעלט אונטער דער אויפזיכט פון דעם פאַריזער אוניווערסיטעט, וועלכער האָט אין די ענינים פון דער קריסטלעכער רעליגיע געהאַט אַ באַפולמעכטיקונג פון פויפּסט אַכטונג צו געבן אויף אַלע יונגע גע־לערנטע, אַז זיי זאָלן ניט אַראָפּגיין פון דרך הישר. די דאָזיקע אויפ־זיכט האָט בעקאָנען געטאָן פיל שאָדן, ווייל ער האָט ניט געטאָרט אַרויס־זאָגן עפנטלעך זיינע מיינונגען אין רעליגיעזע ענינים און אויך ניט שרייבן אַזעלכעס וואָס זאָל פאַרעפנטלעכט ווערן. דאָך איז זיין נאָמען געוואָרן באַוואוסט איבער דער וועלט, און דער פאַרטרעטער פון פויפּסט אין ענגלאַנד האָט זיך געווענדעט צו אים אַז ער זאָל אים מיטטיילן וועגן זיינע דערגרייכונגען אויפן געביט פון פיזיק. באַלד איז געשען, אַז דער דאָזיקער לעגאַט איז געוואָרן פויפּסט אין רוים אונטערן נאָמען קלעמענס דער פערטער, און האָט איצט נאָך מיט מער שטאַרקייט געמאָנט ביי בעקאָנען אַז ער זאָל צושיקן אַן ענטפער אויף זיינע פראַגן. בעקאָן האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט און האָט צוגעשיקט צום פויפּסט אַ מין קאָנספּעקט (קיצור) פון זיין גרויסער אַרבעט אויפן געביט פון פיזיק, וואָס איז שפּעטער דערשינען אונטערן נאָמען: „קאָמפּענדיום סטודיי פילאָזאָפיאַע". דאָס וואָס בעקאָן האָט געשיקט צום פויפּסט האָט ער אָנגערופן מיט דריי אַנדערע נעמען. איין טייל האָט געהייסן „אָפּוס מאַדזשיס", דערנאָך „אָפּוס מינוס" און נאָך זיי „אָפּוס טערטיום". עס איז ניט באַקאַנט וואָס דער פויפּסט האָט געזאָגט וועגן די דאָזיקע אַרבעטן. אָבער בעקאָן האָט פאַרגעזעצט זיינע וויסנשאַפטלעכע פאָר־שונגען. ער האָט געהאַט בדעה צו שאַפן אַ גאַנצע ענציקלאָפּעדיע פון וויסנשאַפטן. און אַז דער „קאָמפּענדיום סטודיי פילאָזאָפיאַע", ווי מיר האָבן אים, איז בלויז דער ערשטער טייל פון דער ענציקלאָפּעדיע. אין דעם ווערק מאַכט בעקאָן אַ שטאַרקע אַטאַקע אויף די גלחים און

מאַנאַכן פאַר זייער אומוויסן און זייערע שלעכטע אויפפירונגען אין לעבן. ווען דאָס בוך איז אָנגעקומען צום פירער פון פראַנציסקאַנער אָרדן זשעראָם דע אַסקאָלי, האָט ער גלייך אַרויסגעגעבן אַ באַפעל צו אַרעסטירן ראָדזשער בעקאָנען און אים אַריינזעצן אין געפענגעניש אָן שום משפט. בעקאָן איז אַזוי אָפּגעזעסן אין תפיסה גאַנצע 14 יאָר. ער איז ערשט באַפרייט געוואָרן אין יאָר 1292. ער איז אָבער שוין געווען אַ צעבראָכענער מענטש און איז געשטאָרבן מיט צוויי יאָר שפּעטער, אין יאָר 1294.

* * *

איינער פון די באַרימטע היסטאָריקער, לעלאַנד, זאָגט, אין זיינער אַן אַרבעט איבער די וויסנשאַפטלעכע דענקער אין דער צייט פון מיטל־אַלטער, אַרויס זיין מיינונג, אַז עס איז לייכטער צוזאַמענצוזאַמלען די בלעטער פון אַ בוים אין האַרבסט, וואָס פאַלן אַרום אים, ווי צו זאַמלען אַלע נעמען פון די ווערק און אַרטיקלען וואָס בעקאָן האָט אָנגעשריבן אין זיין לעבן. עס איז שוין אַ סך געטאָן געוואָרן אין דער הינזיכט, דאָך געפינען זיך אין די פאַרשידענע ביבליאָטעקן גאַנצע פּעק פון מאַנוסקריפּטן, וואָס מען ווייסט אויף זיכער אַז זיי שטאַמען פון בעקאָנס פעדער, אָבער אויף פיל פון זיי האָט ער אַפילו ניט אָנגעגעבן זיין נאָמען, אַזוי אַז אַפילו איצט האָבן מיר נאָך ניט קיין גענויע רשימה פון אַלץ וואָס ער האָט געשאַפן. דאָך איז אַ גרויסער טייל פון זיינע אַרבעטן שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן און דער גרעסטער טייל פון זיי איז איבערגע־זעצט געוואָרן פון לאַטייניש אויף ענגליש און פראַנצויזיש. צווישן די מאַנוסקריפּטן, וואָס עס געפינען זיך אין אַ גרויסער צאָל אין די ענגלישע און פראַנצויזישע ביבליאָטעקן, געפינען זיך אויך אַרבעטן וועגן דעם ווי אַזוי עס וועלן אויסזען אין דער צוקונפט פיל דערפינדונגען וואָס ער האָט זיי פאָראויסגעזען. אָבער צי איז עס אמת, אַז בעקאָן האָט דער־פינדן דעם טעלעסקאָפּ און מיקראָסקאָפּ ?

* * *

אין איין מאַנוסקריפּט פון ראָדזשער בעקאָן, וואָס געפינט זיך אין דער פּאַריזער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק, און וועלכן מען האָט ערשט לעצטנס אַנטדעקט, זיינען פון אים פאַרצייכנט געוויסע אַסטראָנאָמישע זאַכן וואָס מען האָט ערשט שפּעטער אויסגעפונען דורך דעם טעלעס־קאָפּ. דערפון זיינען אַ טייל אַסטראָנאָמען געקומען צום באַשלוס אַז

בעקאָן האָט אָט דעם אינסטרומענט דערפונדן און אַז ער אַליין האָט זיך באַנוצט מיט אָט דעם אינסטרומענט. אַזוי האָבן אויך מעדיציניש געלערנטע זיך געכאַפּט, אַז זיינע דערקלערונגען וועגן צעלן און ספּער־מאַטאָזאָא (מענלעכער זאָמען) שטימען גאַנץ גענוי מיט דעם וואָס מיר ווייסן וועגן זיי איצט, דורך עקזאַמינירונגען, וואָס עס זיינען געמאַכט געוואָרן דורך אַ מיקראָסקאָפּ. עס איז קיין וואונדער ניט, אַז לויט די באַגריפן פון יענער צייט האָט מען אויף אים געקוקט ווי אויף אַ שוואַרץ־קינצלער. (שפּעטער, אין 16־טן יאָרהונדערט, האָט דער שרייבער און דראַמאַטורג ראָבערט גרינע אָנגעשריבן אַ דראַמע, וואו ער שטעלט פאָר ראַדזשער בעקאָן אַלס אַ הייליקן וואָס פאַרנעמט זיך מיט שוואַרץ־קינצלעריי).

איצט, לאָמיר וואַרפן אַ קורצן איבערבליק איבער אַ טייל פון זיינע ווערק, וואָס זיינען שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

דאָס ערשטע ווערק הייסט „אָפּוס מאַדזשיס". אין דעם ווערק ווייזט ער קודם כל (אין ערשטן קאַפּיטל) אַז די געלערנטע אין זיין צייט מאַכן פיל טעותים צוליב פיר אורזאַכן: 1) צוליב דעם וואָס זיי פאַרלאָזן זיך אויף געווויסע אויטאָריטעטן וואָס האָבן געמאַכט אַ געוויסע הנחה און האָבן זיך נישט אַליין באַמיט פעסטצושטעלן דעם אמת; 2) צוליב מיינונגען וואָס עס זיינען אָנגענומען און מען עקזאַמינירט זיי נישט אויף וויפל זיי זיינען ריכטיק; 3) צוליב דעם וואָס מען לערנט אַזוי מיט תלמידים יאָר־איין און יאָר־אויס, און קיינעם פאַלט ניט איין צו פרעגן, צי דאָס וואָס מען לערנט זיי איז אמת, און 4) דאָס וואָס פיל געלערנטע מאַכן דעם אָנשטעל, אַז זיי ווייסן, כאָטש איז אמתן ווייסן זיי גאָרנישט וועגן דעם וואָס זיי רעדן.

אין צווייטן קאַפּיטל ווייזט בעקאָן אָן דערויף, אַז עס איז ניטאָ קיין סתירה צווישן רעליגיע און פילאָזאָפיע, ווייל אַלע אמתן זיינען דאָ אין דער ביבל, און דער ציל פון דער פילאָזאָפיע איז נישט אַנדערש ווי דער ציל פון דער רעליגיע, צו דערגיין דעם אמת וועגן דער געטלעכקייט און דינען צו איר.

אין דריטן קאַפּיטל רעדט ער וועגן דער נויטווענדיקייט צו פאַר־שטיין גוט די ביבל, ווייל דאָס קאָן פירן צו פאַרשטיין גוט די ווערק פון די פילאָזאָפן. הויפּטזעכלעך די נויטווענדיקייט גוט צו פאַרשטיין אַ שפּראַך און צו וויסן וואָס יעדער אויסדרוק מיינט. (דאָ דערמאָנט אונדז בעקאָן אין דעם, וואָס די אָנהענגער פון „סעמאַנטיקס" זאָגן איצט, אַז מענטשן פאַרשטייען זיך נישט כאָטש זיי רעדן די זעלבע שפּראַך, ווייל

יעדער איינער האָט אַן אַנדערן טייטש פון די ווערטער וואָס זיי רעדן אַרויס).

אין פערטן קאַפּיטל רעדט ער וועגן דער וויכטיקייט פון מאַטעמאַטיק אַלס דער „אלף־בית פון פילאָזאָפיע".

אין פינפטן קאַפּיטל רעדט ער וועגן דער פסיכאָלאָגיע פון מענטש. דערנאָך גייט ער אַריבער צו רעדן וועגן דעם פיזישן געבוי פון מענטש און לאָזט זיך אַריין אין אַן אָפּהאַנדלונג וועגן אַנאַטאָמיע.

ענלעכע פאַרשונגען זיינען אויך פאַראַן אין קאַפּיטל זעקס און זיבן פון דעם ווערק. אין דעם גייסט איז אויך געשריבן זיין „אָפּוס מינוס" און „אָפּוס טערטיאום". די אַלע ווערק זיינען שפּעטער געוואָרן אַ טייל פון זיין גרויס ווערק „קאָמפּענדיום סטודיי פילאָזאָפיאַע".

בכלל גענאָמען, איז אין דרייצנטן יאָרהונדערט ניט געווען קיין גרעסערער וויסנשאַפטס־מאַן ווי ראדזשער בעקאָן. עס איז איצט אַן אָנגענומענע מיינונג אין דער וועלט פון געלערנטע, אַז בעקאָן איז ניט ריכטיק אָפּגעשאַצט געוואָרן אין זיין צייט, ווייל ער איז געווען פיל העכער פון אַלע זיינע קאָלעגן. ער איז ניט געווען קיין מיטלאַלטלעכער געלערנטער, פון וועלכן מיר האָבן אַ געוויסן באַגריף וועגן זיין באַגאַזש פון וויסן. ער איז געווען אַ מאָדערנער וויסנשאַפטס־מאַן, וואָס זיינע באַגריפן און זיין צוגאַנג צו וויסנשאַפט זיינען אַזעלכע ווי איינעמס פון 20־טן יאָרהונדערט. און וואָלט ער איצט געלעבט וואָלט ער געווען געשטעלט אַלס איינער פון די גרויסע פון אונדזער צייט. עס איז אויך געווען נאַטירלעך, אַז אַזוי ווי ער האָט געלעבט אין דרייצנטן יאָרהונדערט, אַז ער זאָל האַלטן פון אַלכעמיע, אַסטראָלאָגיע און אַנדערע אַזעלכע פאַלשע וויסנשאַפטן.

## 60. דער רעוואָלוציאָנער יאָהאַן הוס

ער רופט אַז מען זאָל אָפּשאַפן יעדע פאַרמיטלונג צו גאָט, ווייל גאָט דאַרף עס ניט האָבן. — ווי די קירך האָט אים גערודפט. — ער קריגט אַן איינלאַדונג צו דער קאָנפערענץ אין קאָנסטאַנץ און מען פאַרזיכערט אים, אַז עס וועט אים גאָרניט געשען. — די גייסט־לעכע האַלטן ניט קיין וואָרט און זיי אַרעסטירן אים און פאַרמשפטן אים צום טויט אויפן שייטער־הויפן.

די פויפסטן אין רוים האָבן אין דרייצנטן יאָרהונדערט כסדר מורא געהאַט פאַר די אָפּטריניקע און אפּיקורסים. פאַר די וואָס ווילן ניט גיין אין שפּאַן פון וואַטיקאַן און זיי וואַגן צו דענקען אַנדערש. זיי האָבן אויף זיי אויסגעגאָסן זייער גאַנצן צאָרן. זיי גערודפט און אויס־געשלאָסן זיי פון דער קירך און ווען דאָס אַלץ האָט ניט געהאָלפן, האָבן זיי זיי גאָר פאַרברענט אויפן שייטער־הויפן.

מיט אַלע מענטשלעכע קעגנער האָט דער וואַטיקאַן זיך נאָך גע־קענט ווי עס איז אַן עצה געבן. אָבער ער איז געווען אינגאַנצן אוממעכטיק קעגן איין גרויסן שונא, דאָס איז געווען — די צייט.

עס איז געווען די צייט וואָס האָט געזאָגט צו דער פינצטערניש פון מיטלאַלטער — שוין גענוג! עס איז געווען די צייט וואָס האָט אַריינגעגעבן אין די מוחות פון פיל פון די בעסערע מענטשן אַ דער־וואַכונג, צו דענקען אַנדערש, און עס איז איבערהויפּט געווען אַ דער־פינדונג וואָס האָט געפירט דערצו, נעמלעך — די דרוק־קונסט, וואָס עס איז דעמאָלט אויפגעקומען.

אמת, עס זיינען דאָ באַווייזן, אַז די כינעזער האָבן שוין אין זעקסטן יאָרהונדערט געהאַט דערפונדן די דרוק־אַרבעט, אָבער עס איז געבליבן ניט אַנטוויקלט און איז פאַרגעסן געוואָרן. יעדנפאַלס, קיין אייראָפּע איז עס ניט געקומען. אין אַ פיל שפּעטערדיקער צייט האָט אויך איינער, אַ האָלענדער, לאָורענס קאָסטער ווידער אַמאָל דערפונדן די דרוק־אַרבעט דורך מאַכן קלעצלעך מיט אותיות צו דרוקן מיט זיי, אָבער אויך דאָס מאָל האָט זיך עס ניט אָנגענומען. עס איז געווען פשוט דערפאַר, וואָס די צייט איז נאָך ניט געווען רייף דערצו.

אָבער ווען עס איז געקומען יאָהאַן גוטנבערג און געמאַכט פון דאָס נייע די דאָזיקע אַנטדעקונג, אין אָנהויב פון 14־טן יאָרהונדערט, האָט

מען עס אָנגענומען, ווייל די צייט איז איצט געווען רייף פאַר אַזאַ געווער אין קאַמף מיטן וואַטיקאַן.

באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, וואָס פאַר אַ מעכטיק געווער עס איז. דער וואַטיקאַן האָט איצט דערזען אין דער דרוק־אַרבעט אַ מוראדיקן שונא, וועלכן עס איז שווער צו באַזיגן.

יאָ, מען האָט טאַקע נאָך געדרודפט אַנדערש־דענקנדע; מען האָט אויף זיי אָפט אַרויפגעלייגט אַ חרם און אַ טייל פון זיי אַפילו אויך פאַרברענט. אָבער די נייע צייט איז שוין געשטאַנען גרייט און געוואַרט אויף אַן ענדערונג. עס האָט זיך אָנגערוקט די צייט פון רעפאָרמאַציע.

די דרוק־מאַשינען אין פאַרשידענע שטעט פון אייראָפּע האָבן כסדר געאַרבעט און אַרויסגעלאָזן ביכער איבער דער וועלט און וואָס מער ביכער אַלץ מער וויסן. עס זיינען איצט אַרויסגענומען געוואָרן אַלטע מאַנוסקריפּטן וואָס זיינען געלעגן יאָרן־לאַנג אין ביבליאָטעקן און מו־זעאומס פון זייערע באַהעלטענישן און זיי איבערגעגעבן צום דרוק און דערנאָך זיינען זיי פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן די מאַסן. עס זיינען מיט־אַמאָל אויסגעוואַקסן ליטעראַטורן, מענטשן האָבן געקראָגן אין זייערע הענט אַריין אַ נייע זאַך — ביכער, און דערצו האָבן זיי געדאַרפט האָבן צייט, צייט צום לייענען. זיי האָבן איצט, אָנשטאָט צו פאַרברויכן די צייט מיט קעמפן איינער מיטן אַנדערן אָדער מיט שפּילערייען, גע־נומען נוצן די צייט אויף צו לייענען די ביכער. עס איז איצט געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס אין קאַמף צווישן דער שווערד און דעם בוך האָט געזיגט — דאָס בוך.

יאָ, די דרוקערייען האָבן געפירט אַ קאַמף קעגן אומוויסנהייט, וואָס איז אויך גלייכצייטיק געווען אַ רעוואָלוציע קעגן אומטאָלעראַנץ. עס איז געווען אַן אויפשטאַנד קעגן דער פינצטערער מאַכט, וואָס האָט געזאָגט, אַז מען טאָר ניט אַנדערש דענקען. אַז דער מענטש מוז גיין אין שפּאַן פון די וואָס האָבן אים אָנגעצייכנט דעם וועג און געשאַפן פאַר־שידענע פאָרמען פון גלויבן און אויפגעשטעלט אַ ריי פון דאָגמעס, וואָס מען מוז אָפּהיטן. צוזאַמען מיט דער נייער צייט זיינען אויך געקו־מען נייע מענטשן, וואָס האָבן אויפגעקלערט דעם גייסט פון דער נייער עפּאָכע. איינער פון די וויכטיקסטע צווישן זיי איז געווען — יאָהאַן הוס.

* * *

יאָהאַן הוס איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1369 אין אַ קליין אָרט הוסינעס נעבן פּראַג (בעמען). פון דעם אָרט האָט ער געשאַפן

זיין נאָמען הוס. ער האָט שטודירט, געלערנט וויסנשאַפטן און שפּראַכן און איז ענדלעך געוואָרן דער רעקטאָר פון פּראַגער אוניווערסיטעט. ער איז אויך געווען איינער פון די פּראָפעסאָרן וואָס האָבן געלערנט מיט די סטודענטן — טעאָלאָגיע. אָבער ער האָט ניט געקענט נאָכזאָגן אַלץ וואָס עס איז געשטאַנען אין די ביכער פון די גוטע און פרומע לייט. ער האָט אַליין ניט געגלויבט אין די אַלע קריסטלעכע „אני מאמינס״ און די אַרויפגעצוואונגענע דאָגמעס פון דער קירך. ער איז געווען אַ גוטער קריסט און האָט געגלויבט אין די רייד פון יעזוסן, אָבער ניט אין די נסים וואָס עס ווערט דערציילט וועגן אים אין נייעם טעסטאַמענט. הוס האָט אויך געזען, וואָס די גלחים אין זיין צייט טוען אָפּ און ער איז געווען קעגן זיי. ער איז געווען קעגן דער גאַנצער פלעיאַדע פון גלחים, בישאָפס, אַרציבישאָפס, קאַרדינאַלן און אפילו דעם פּויפּסט. ער האָט געלערנט מיט זיינע תלמידים, אַז גאָט קען פאַרשטיין יעדן איינעם און וויסן וואָס עס איז אין זיין האַרץ אָן דער פאַרמיטלונג פון אָט־די „אומזיסטע פּרעסערס״. ער איז אויך אַרויסגעטראָטן קעגן דעם לוקסוס פון דער קירך און קעגן די פאַרשווענדערייען פון די פאָלקס־געלטער. ער איז באַזונדערס אָפן אַרויסגעקומען קעגן דעם וואָס די קירך האַלט די מענטשן אין אַ גייסטיקער געפענגעניש און לאָזט קיינעם ניט דענקען אַנדערש.

יאָהאַן איז געווען אַ פריינד און אַ נאָכפאָלגער פון דזשאָן וויקליף, וועלכער האָט דאָס נאָך פריער געפּרעדיקט און וועלכער האָט איבער־זעצט די ביבל אויף ענגליש, כדי זי זאָל זיין אָפן פאַר אַלע.

יאָהאַן הוס האָט זיך אויך אינטערעסירט מיט די עקאָנאָמישעליידן פון דעם פּשוטן מענטש. די קירך אין זיין צייט האָט געהאַט צוגעכאַפּט פיל לענדערייען דאָ און דאָרטן און אַ דריטער טייל פון אַלע לענדער אין אייראָפּע האָבן געהערט צום וואַטיקאַן. יאָהאַן הוס האָט געמאָנט די רעכט פון דעם אָרעמען פּויער, וואָס לעבט אויפן לאַנד, אָבער דאָך איז דאָס לאַנד ניט זיינס. ער האָט געטענהט, אַז מען זאָל די ערד אומקערן צו די פּויערים, צו וועמען עס באַלאַנגט. לויט זיין מיינונג מיינט קריסטנטום נאָר צו שאַפן אַ פאַרברידערונג צווישן די מענטשן. ער האָט גערופן כסדר צו זיין גוטע קריסטן, אַזעלכע ווי עס זיינען געווען די סאַמע ערשטע קריסטן און ווי קריסטוס אַליין.

אָבער דאָס האָט דער קירך ניט געשמעקט און דער וואַטיקאַן האָט באַלד געגעבן אַ צייכן, אַז מען זאָל אָט דעם אָפּטריניקן באַשטראָפן.

דער באַפעל איז געגעבן געוואָרן צום אַרציבישאָף פון פּראָג.

אין יאָר 1412 האָט ער צום ערשטן געהייסן פאַרברענען וויקליפס ביכער. באַלד האָט מען צונויפגעזאַמלט צוויי הונדערט קאָפּיעס פון יענע ווערק און זיי עפנטלעך פאַרברענט.

דאָס איז געווען דער אָנהויב, כדי אָפּצושרעקן הוסן, אָבער הוס האָט זיך ניט דערשראָקן.

דער אַרציבישאָף האָט איצט געמאַכט אַ שריט ווייטער. ער האָט אויסגערופן אַ חרם אויף יאָהאַן הוס.

דאָס האָט שוין אַרויסגערופן אַ שטורעם אין פּראַג, ווייל הוס איז געווען הויך־געשעצט ביי אַלע. הוס איז געווען דער פירער פון פּראַג און די שטאָט־טאַטעס האָבן ניט געוואָלט דערלאָזן, אַז אויף איר ליבלינג זאָל אַרויפגעלייגט ווערן אַ חרם. פּראַג האָט דעריבער דערויף געענטפערט מיט אַ גרויסן: ניין, מיר וועלן הוסן ניט אויסשליסן פון אונדזערע רייען.

האָט דער וואַטיקאַן געהייסן און דער אַרציבישאָף האָט געטאָן וואָס מען האָט אים געזאָגט און ער האָט אַרויפגעלייגט אַ חרם אויף — גאַנץ פּראַג.

הוס האָט אויף דעם, לויט דער עצה פון די בעסטע מענטשן פון דער שטאָט, געענטפערט מיט אָנפירן ווייטער זיין טעטיקייט, אַזוי ווי פריער.

* * *

עס איז געווען דאַן די צייט, נאָך דער „גרויסער שפּאַלטונג" (ווי מען האָט עס גערופן) אין קריסטנטום. ווען עס האָבן געהערשט צוויי פּויפּסטן, איינער אין וואַטיקאַן און דער צווייטער אין אַוויניאָן. די צייט פון קריסטלעכן „גלות בבל", די זיבעציק יאָר פון צוויי פּויפּסטן. די שפּיל אין צוויי פּויפּסטן איז טאַקע שוין געווען פאַראַיבער, אָבער די קריסטלעכע וועלט איז נאָך אַלץ געווען צעטיילט אין פאַרשידענע לאַגערן און האָט ניט געקענט קומען צו זיך. אַפילו דאָס וואָס די גרויסע פאַר־זאַמלונג אין קאָנסטאַנץ האָט זיך געאייניקט אויף איין פּויפּסט אין רוים, אַזוי ווי עס איז געווען פריער, האָט אויך ניט געהאָלפן, ווייל דער גלויבן אין אַ פאַרטרעטער פון יעזוסן אויף דעם „הייליקן פּעטער־שטול" איז שוין געווען פאַרשוואונדן. „ווי אַזוי קען עס מעגלעך זיין, האָבן גוטע, פרומע קריסטן געפרעגט — אַז יעזוס זאָל אָראָפּשיקן צוויי באַ־זונדערע פאַרטרעטער, איינעם אין רוים און דעם צווייטן אין אַוויניאָן, וואָס יעדער איינער פון זיי זאָל אויסרעדן אַלדאָס בייז אויפן צווייטן,

שעלטן אים מיט טויטע קללות און לייגן אים אין חרם אַריין און אויך אַלע די, וואָס פאָלגן אים? אויב אַזוי, האָבן די דאָזיקע גוטע, פרומע קריסטן געטענהט, קומט דאָך אויס, אַז דאָס גאַנצע קריסטנטום איז אין חרם, ווייל רוים לייגט אין חרם אריין אַלע וואָס פאָלגן דעם פויפּסט פון אַוויניאָן, און אַוויניאָן לייגט אין חרם אַריין אַלע, וואָס פאָלגן דעם פויפּסט פון רוים?

אַט די לאַגע האָט הוס אויסגענוצט צו ווייזן די פאַלשקייט און גרויסן ליגן פון קריסטנטום פון ביידע לאַגערן. ער האָט געלערנט און געדרשנט כסדר, אַז דאָס גאַנצע פויפּסטנטום איז פאַלש; אַז דאָס קעמפן נאָר מענטשן פאַר כבוד; אַז זיי נוצן נאָר אויס גאָטס נאָמען פאַר זיך און הויפּטזעכלעך — עס איז ניט דאָס וואָס יעזוס קריסטוס האָט געוואָלט. ניט דאָס האָט ער געלערנט מיט זיינע תלמידים. עס איז אַלץ פאַלש.

הוס האָט איצט אָנגעהויבן צו פּרעדיקן זיין לערע צו גרויסע מענטשן־מאַסן און ער האָט געקראָגן פיל פאַרערער. עס איז באַלד אַנט־שטאַנען אַ גרויסע באַוועגונג, וועלכע האָט זיך גערופן די „הוסיסטן" (אויפן נאָמען פון הוסן). דאָס איז געווען אַ באַוועגונג אַריינצוברענגען מער ליכט און מער טאָלעראַנץ אין קריסטנטום. דער קירך האָט דאָס שוין גאָר ניט געשמעקט און מען האָט איצט געזוכט עצות ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון הוסן.

די ערשטע זאַך איז געווען צו שיקן אים אַן איינלאַדונג פון דעם פויפּסט אַליין, אַז ער זאָל קומען קיין רוים און פאַרלייגן זיינע טענות. הוס האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט מען ניט אויסצוטענען זיך מיט אים, נאָר עס איז בלויז אַ פאַסטקע אים אַריינצונאַרן און זיך אָפּצור־רעכענען מיט אים. ער האָט זיך דעריבער אָפּגעזאָגט פון צו פאָרן קיין רוים. דערויף האָט מען אים געלאָזט וויסן אַז מען וועט אַרויפלייגן אויף אים נאָך אַ פיל שטאַרקערן חרם. הוס האָט דערויף געענטפערט, אַז עס אַרט אים ניט, וואָס דער פויפּסט אין רוים טראַכט וועגן אים. ער וועט זיך פאַרענטפערן דערויף פאַר יעזוס קריסטוס אַליין, ווייל נאָר אים אַנערקענט ער פאַר זיין האַר.

באַלד דערויף האָט מען אים ווידער מיטגעטיילט, אַז צוליב אים וועט ליידן די שטאָט פּראָג, ווייל מען קלייבט זיך אַרויפצולייגן אויף איר אַ גרויסן חרם וואָס וועט פאַרווערן אַלע קריסטן צו קומען אין אירע גרענעצן און צו האַנדלען מיט איר אַלס שטראָף דערפאַר וואָס די איינוואוינער פון דער שטאָט האַלטן מיט אים. הוס האָט צוליב דעם זיך

אַרויסגעצויגן פון פּראָג און זיך באַזעצט אין אַ קליין אָרט אין בעמען. כדי די שטאָט פּראָג זאָל צוליב אים ניט ליידן.

הוס האָט איצט פּאַר צוויי יאָר צייט געוואָנדערט פון אָרט צו אָרט. אָבער אין פאַרלויף פון דער צייט האָט ער אָנגעשריבן זיינע וויכ־טיקסטע ווערק. איינס איז געווען זיין בוך „דע עקלעסיאַ״, וואָס האָט באַלד אַרויסגערופן אַ גרויסן שטורעם, ווייל אין דעם בוך אַטאַקירט ער שטאַרק די קירך פון רוים אָנהויבנדיק פון פּויפּסט אין וואַטיקאַן ביז צום לעצטן פון די גלחים.

דער פּויפּסט אין רוים און אַלע זיינע אַרויסהעלפער, די בישאָפּס און די גלחים האָבן איצט געברענט אויף הוסן און געזוכט צו נעמען נקמה אין אים, אָבער עס איז ניט געווען מעגלעך אים צו טאָן עפּעס שלעכטס, ווייל ער האָט געהאַט די פּראָטעקציע און שוץ פון קעניג פון בעמען סיגיסמונד. די קירך האָט דעריבער פּלאַנירט אים אַרויסצוקריגן פון בעמען און דעמאָלט וועט מען שוין וויסן וואָס צו טאָן מיט אים.

באַלד האָבן די קאַרדינאַלן פאַרטראַכט אַ טייוולאַנישן פּלאַן. מען האָט זיך דעמאָלט געגרייט צו דער גרויסער קאָנפערענץ, אָדער ווי מען האָט עס גערופן „ראַט״ פון אַלע גייסטלעכע אין קריסטנטום, כדי איינ־גאַנצן אָפּצושאַפן „די גרויסע שפּאַלטונג״ און צוריק צו געווינען צוטרויען צום פּויפּסט אין רוים, אַלס דער איינציקער פאַרטרעטער פון יעזוסן אויף דער ערד. איז געבליבן ביי די קאַרדינאַלן אַז מען זאָל אַרויסשיקן אַן איינלאַדונג צו הוסן אַז ער זאָל קומען צו דעם ראַטס זיצונגען און פאַרברענגען אַלע זיינע טענות. דערביי האָט מען אים פאַרזיכערט אַז וואָס ער זאָל ניט רעדן וועט ער דערפאַר ניט באַשטראָפט ווערן. ער וועט קומען ווי אַ פרייער מענטש און פאָרן צוריק אַהיים ווי אַ פרייער מענטש. עס וועט אים גאָר ניט געשען.

אין דער איינלאַדונג צו הוסן איז אַזוי געשטאַנען:

„יאָהאַן הוס, איר ווערט איינגעלאַדן צו קומען צו די זיצונגען פון ראַט און דערקלערן דעם קעניג, דעם פּויפּסט, 23 קאַרדינאַלן, 33 אַרצי־בישאָפּס און הונדערטער פּרינצן פון דער קירך, וועלכע וועלן זיך צוזאַ־מענקומען אין קאָנסטאַנץ דאָס וואָס איר האָט צו זאָגן וועגן מאַכן רע־פאָרמען אין דער קירך. דערביי פאַרזיכערן מיר אייך, אַז אייך וועט גאָרניט געשען״.

הוס האָט געצווייפלט צי ער זאָל אָננעמען די איינלאַדונג. ער האָט זיך דעריבער געווענדעט צום קעניג סיגיסמונד און אים געפרעגט וואָס ער זאָל טאָן. דער קעניג האָט אים געהייסן פאָרן אונטער זיין שוץ און

האַט פאַרזיכערט, אַז עס וועט אים גאָרניט געשען. הוס האָט אָנגענומען די איינלאַדונג און איז געפאָרן.

דער דאַרער און בלאַסער הוס איז באַלד דערשינען פאַר די פאַר־זאַמלטע און האָט גערעדט צו זיי אָפן וועגן אַלץ וואָס ער האָט געדענקט, אַז אַזוי דאַרף מען רעפאָרמירן דאָס קריסטנטום. מען האָט אים געלאָזט אָפּרעדן, אָבער באַלד דערנאָך האָט מען פאַרגעסן וואָס מען האָט אים צוגעזאָגט, און אַלע ווי איינער האָבן געהייסן אים אַרעסטירן.

גלייך דערנאָך האָט מען אים געשטעלט פאַר אַ משפּט און אים פאַראורטיילט אַלס אַן אַפּיקורס וואָס וויל צעשטערן די קריסטלעכע רעליגיע. דער אורטייל — פאַרברענען אויפן שייטער־הויפן. דאָס איז ניט געווען דער אורטייל פון איינעם נאָר פון דער גאַנצער פירערשאַפט פון דער קאַטוילישער קירך. דער אורטייל איז באַלד אויסגעפירט געוואָרן. פאַרן טויט האָט אָבער הוס צו זיינע פייניקער אויסגעשריען: „איר קענט פאַרברענען הוסן, אָבער ניט די הוסיסטן. וואָס מער צייט עס וועט אַריבערגיין, אַלץ מער וועלן וואַקסן מיינע תלמידים און מיט זיי וועט איר זיך ניט קענען מער אָפּרעכענען. זיי וועלן זיך אָפּרעכענען מיט אייך"!

הוסעס משפּט און דאָס פאַרברענען אויפן שייטער־הויפן האָט אַרויס־גערופן אַ גרויסן שטורעם אין דער גאַנצער וועלט, באַזונדערס אין בעמען אַזוי, אַז פיל האָבן איצט פאַרלאָזן דאָס קריסטנטום. די צאָל פון הוסיסטן איז טאַקע וואָס אַמאָל אַלץ געוואָרן מערער און מערער.

אַלס ענטפער דערויף האָט דער פּויפּסט, מאַרטין דער פינפטער, אַרויסגעלאָזן אַ באַפעל אין וועלכן ער רופט צו פירן אַ קאַמף קעגן די אָנהענגער פון וויקליף, הוס און אַלע אַנדערע אַפּיקורסים. דער רוף האָט געהאַט אַ ווירקונג וואָס פיל פאַנאַטישע גלויביקע האָבן איצט גענומען מאַכן פּאָגראָמען און שחיטות אויף די הוסיסטן, אָבער דאָך האָט די דאָזיקע אידעע אַלץ געקראָגן נייע אָנהענגער און באַלד האָט זיך באַוויזן אויף דער אַרענע דזשאָן באָל.

## 61. אַ סאָציאַליסט וואָס איז געקומען מיט 400 יאָר צו־פרי

ווער איז געווען דזשאָן באָל? — זיינע סאָציאַליסטישע אידעען און זיינע פלאַם־פייערדיקע רעדעס צו די אַרבעטער און פויערים. — די רעוואָלוציע פון וואָט טאַילער. — די רעוואָלוציאָנערן פאַרכאַפּן אַ גאַנצע שטאָט און גייען אויף לאָנדאָן. — זיי פאַרהאַנדלען מיטן קעניג פון ענגלאַנד און ער מוז זיי נאָכגעבן. — דזשאָן באָל טרעט אַרויס קעגן דער קירך און די גלחים. — די טרויעריקע ענדע פון דער פריצישער רעוואָלוציע.

ווען מען שטודירט דעם גאַנג פון דער געשיכטע און דעם גורל פון אירע העלדן, זעט מען ווי ווייט וויכטיק עס איז געווען פאַר אירע העלדן און הויפּט־פיגורן צו קומען פונקט אין דער צייט ווען זיי זיינען געווען נויטיק. עס האָט אַלע מאָל געשפּילט אַ גרויסע ראָלע די צייט, אין וועלכער זיי זיינען אויפגעטראָטן אויף דער לעבנס־אַרענע. עס איז כמעט ווי אַ נאַטור־געזעץ, אַז אַלע היסטאָרישע העלדן, וועלכע האָבן געהאַט דערפאָלג, זיינען געווען אַזעלכע, וואָס זיינען געקומען אין דער ריכטיקער צייט. דאָס הייסט, ניט צו פרי און ניט צו שפּעט. פאַרקערט, זיינען דאָס רוב פון די, וועלכע עס האָט ניט אָפּגעגליקט. געווען אַזעלכע, וואָס זיינען ניט געקומען אין דער ריכטיקער צייט אויף אויסצופירן זייער לעבנס־ווערק. די גרעסטע צאָל פון זיי זיינען געווען אַזעלכע וועלכע האָבן פאַרשפּעטיקט, דאָס הייסט זיי זיינען געקומען ווען די תקופה פאַר זייערע אידעען און טעטיקייטן איז שוין געווען אַריבער און בלויז אַ קליינער טייל פון זיי איז באַשטאַנען פון אַזעלכע, וואָס זיינען געקומען צו־פרי, ווייל אויך דאָס טויג נישט. אין דער היגזיכט קען מען זאָגן, אַז גליקלעך איז דער, וועמען גאָט גיט אַריין אין קאָפּ אַ נייע אידעע, אַן אידעאַל אָדער אפילו אַ נייעם געדאַנקען־גאַנג און דערצו לייט־זעליקט ער אים צו קומען דערמיט צו די מענטשן אין צייט. אַזאַ איינעם וועט מען אויסהערן ביז גאַר און ער וועט האָבן אויך די מעגלעכקייט, אַז זיין אידעע זאָל אָנגענומען ווערן. זיין דערשיינונג אויף דער ערד וועט דע־מאָלט פאַרשריבן ווערן אין בוך פון געשיכטע ווי פון איינעם וואָס האָט מיט זיין זיין עפּעס דערגרייכט, אָבער אַז אַך און ווי איז צו די יעניקע וואָס קומען ניט אין צייט, סיי די, וואָס פאַרשפּעטיקן אפילו בלויז אויף עט־לעכע יאָר און סיי די, וואָס קומען צו פרי, אויף אפילו אַ קליינער ווײַלע.

דער גורל פון אַזעלכע איז, אַז זייער לעבן איז טראַגיש און על־פּי־רוב ווערט זייער אידעע אויסגעלאַכט צי גאָר סתם פאַרגעסן פון די שרייבער פון געשיכטע.

מיר ווילן דאָ רעדן וועגן אַזאַ איינעם. איינער, וואָס איז געקומען מיט גאַנצע פיר הונדערט יאָר צו פרי, און אויך וועגן דעם וואָס מיט זיין לעבנס־ווערק איז געשען.

דער איינער האָט געהייסן דזשאָן באָל, און ער איז געקומען פרעדיקן סאָציאַליזם אין 14־טן יאָרהונדערט. אָבער איידער מיר ווען רעדן וועגן אים, ווילן מיר דאָ דערמאָנען אַן אַנדערן, אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס דזשאָן באָל איז געווען זיין גייסטיקער אַרויסהעלפער. דאָס איז וואַט טאַילער.

וואַט טאַילער (אויך באַקאַנט אונטערן נאָמען: וואָלטער), איז אַריין אין דער ענגלישער געשיכטע אַלס אַ רעוואָלוציאָנער. ער איז געווען אַן אַרבעטער, איינער וואָס לייגט שינדלען אויף אַ דאַך. וועגן זיין יוגנט איז זייער ווייניק באַקאַנט. מען ווייסט נאָר, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין ענגלאַנד, אין קענט, עסעקס קאָונטי (אַנדערע גיבן אָבער אָן אַן אַנדער שטאָט אין ענגלאַנד אַלס זיין געבורטס־אָרט), אָבער כאָטש ער איז געווען אַ שטאָטישער אַרבעטער, איז ער דאָך געוואָרן דער פירער פון דער רעוואָלוציע פון די פויערים אין יאָר 1381.

די רעוואָלוציע איז געקומען נאָך דער עפּידעמיע פון שוואַרצע פּאָקן וואָס האָט דעמאָלט געהאַט אַרומגעכאַפּט גאַנץ אייראָפּע (זי האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1351 און האָט געבושעוועט גאַנצע דרייסיק יאָר, ביז 1381). אין אָט־די יאָרן איז אַוועק פון דער וועלט אַן ערך אַ דריטל פון דער גאַנצער ענגלישער באַפעלקערונג. איבערהויפּט האָט די מגפה אָפּגעווישט פון דער ערד גאָר גרויסע טיילן פון דער אַרבעטער באַפעלקערונג, אַזוי אַז עס זיינען געבליבן גאָר ווייניק באַלמעלאָכעס. צוליב דעם וואָס עס זיינען געווען ווייניק אַזעלכע, וואָס האָבן געקאָנט טאָן עפּעס אַן אַרבעט, האָט מען דעריבער געמוזט זוכן אַרבעטער מיט ליכט און זיי אויך באַצאָלן פיל מער. דאָס האָט ניט געשמעקט די שטאָט־טאַטעס פון פיל שטעט, זיינען זיי זיך צוזאַמענגעקומען און האָבן אויסגעאַרבעט אַ געזעץ, אַז מען זאָל אַן אַרבעטער ניט צאָלן קיין העכערן פּרייז פאַר זיין אַרבעט, ווי פריער, פאַר דער מגפה. צו דעם איז צוגעקומען נאָך דאָס, וואָס די דאָזיקע שטאָט־טאַטעס, וועלכע האָבן צוליב דער גרויסער שטערבלעכקייט פאַרלוירן אַ גרויסן טייל פון די הכנסות־שטייערן, האָבן איצט אַרויפגעלייגט נייע, שווערע שטייערן אויף די, וואָס זיינען גע־

בליבן לעבן און באַזונדערס גאָר שווערע אויף אַרבעטער. דאָס האָט אַרויסגערופן אַן אויפרעגונג צווישן די אַרבעטער און אויך צווישן די פּויערים אויפן לאַנד, ווייל אויך זיי האָט מען שווער געדריקט מיט כלערליי שטייערן און — עס איז געקומען צו אַן אָפענער רעוואָלוציע.

* * *

עס איז איצט געשען, צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע, אַז אַרבעטער און פּויערים האָבן זיך פאַראייניקט צו גיין האַנט אין האַנט קעגן די רייכע קלאַסן צוליב דעם וואָס זיי האָבן געהאַט געמיינזאַמע אינטערעסן. די פירער פון די פּויערים האָבן זיך אַרומגעזען, אַז אייגנט־לעך זיינען זיי אויך ניט מער ווי אַרבעטער און זיי ווערן, פּונקט אַזוי ווי יענע, אונטערדריקט און באַעוולהט פון די הערשנדע פּריצים און פון די רייכע שטאָטישע מענטשן, די סוחרים. עס האָט זיך באַלד אַרויסגע־שטעלט, אַז געוויסע געזעצן פון די שטאָט־טאַטעס זיינען באמת געצילט קעגן זיי ביידע, קעגן די אַרבעטער און די פּויערים צוגלייך. אַזוי האָבן די געזעצן פאַרלאַנגט פון די אַרבעטער און פון די פּויערים אַז זיי זאָלן טאָן מער אַרבעט ווי פריער, צוליבן מאַנגל אין אַרבעטער און פּויערים, אָבער צו קריגן באַלוינט פּונקט אַזוי ווי פריער מיט 30 יאָר. מען האָט אויך פאַרווערט סיי די אַרבעטער און סיי די פּויערים צו פאַר־אייניקן זיך כדי צו פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן. אַרבעטער און פּויע־רים האָבן אויך ניט געטאָרט אויפגעבן זייער אַרבעט, כדי צו זוכן אַן אַנדערע באַשעפטיקונג. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז די אויפרעגונג וואָס האָט געהערשט סיי ביי די אַרבעטער און סיי ביי די פּויערים האָט זיי פאַראייניקט אין איין לאַגער צו פאַרלאַנגען אַ גאַנץ נייע איינשטעלונג אין דער סיסטעם פון סאָציאַלער גלייכהייט. צו דעם איז צוגעקומען דער פאַקט וואָס די קירך האָט געשטיצט די רייכע און זיי געגעבן זייער ברכה, צו האָבן דערפאָלג אין דער טעטיקייט צו אונטערדריקן די אַרבעטער און די פּויערים. דאָס אַלץ האָט אַרויסגערופן אַ צאָרן פון די אַרבעטער און פּויערים קעגן דער קירך און אירע פאָרשטייער. עס האָבן זיך געהערט אויסרופן פון פּראָטעסטן קעגן די אונטערדריקער, קעגן אויסנוצונג פון די כוחות, קעגן עקספּלואַטאַציע און קעגן דעם צווינגען זיי צו פירן אַ געמאַטערט לעבן פון הונגער און נויט, קראַנקייטן און אָפטע טויט־פאַלן.

אַזאַ לאַגע איז אָבער ניט געווען בלויז אין ענגלאַנד, נאָר אויך אין פראַנקרייך. דעריבער האָבן זיך אויך פון דאָרטן געטראָגן אַזעלכע פּראָטעסטן, ווייל די לאַגע פון די אַרבעטער און פון די פּויערים איז

דאָרטן ניט געווען בעסער ווי אין ענגלאַנד. די אויפרעגונג איז געוואָרן נאָך שטאַרקער אין ענגלאַנד ווען די שטאָט־טאַטעס האָבן מיט זייער גרויסער „חכמה״ דעם 10־טן יוני, 1381, אַרויפגעלייגט אַ נייעם שטייער אויף די אַרבעטער. דאָס איז געווען, ווי מען זאָגט, אייל אויפן פייער. עס האָט אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע אונטער דער אָנפירונג פון וואָט טאַילער און דאָ האָט זיך באַוויזן, צום ערשטן מאָל, דער גרויסער אַגי־טאַטאָר און רעדנער דזשאָן באָל, וועלכער האָט גערעדט צו די מאַסן און זיי גערופן צום קאַמף.

דזשאָן באָל האָט אָנגעהויבן מיט אויפקלערן די אַרבעטער און פויערים, אַז זיי זאָלן זיך ניט שרעקן פאַר די רייכע פאַר דער אַריסטאָ־קראַטיע, פאַר די פּריצים און לאָרדן. ער האָט צו זיי אויסגערופן:

— ווער זיינען זיי דאָס, אָט די, וואָס רופן זיך לאָרדן, און זאָגן, אַז זיי זיינען פון גרויסן יחוס? זיי זאָגן, אַז זיי זיינען אַריסטאָקראַטן, אָבער וואָס מיר אַריסטאָקראַטן? ווער האָט דאָס געזאָגט, אַז זיי זיינען אַנדערש? ווער האָט דאָס געזאָגט, אַז זיי האָבן אַ רעכט צו הערשן איבער אונדז? זיי זיינען ניט אַנדערש, נאָר פּונקט אַזעלכע מענטשן ווי מיר. זיי זיינען ניט קיין לאָרדן, ניט קיין האַרן און מיר זיינען ניט זייערע קנעכט. מיר זיינען גלייך מיט זיי און פּונקט אַזוי גוט ווי זיי! מיר אַלע קומען פון איין שורש, פון אדם און חוהן, טאָ מיט וואָס קענען זיי אונדז באַווייזן, אַז זיי זיינען אַנדערש, אַז זיי זיינען בעסער, קליגער פון אונדז? וואָס פאַר אַ רעכט האָבן זיי צוצונעמען אונדזער פּראַצע? זיי קליידן זיך אין זיידנס אין דער צייט ווען מיר קליידן זיך אין שמאַטעס. פאַרוואָס? פאַרוואָס קומט זיי אַלדאָס גוטס? זיי האָבן לעקעך און קוכנס, און מיר האָבן ניט אפילו קיין ביסן ברויט. זיי טרינקען וויין, און מיר דאַרפן טרינקען נאָר וואַסער. זיי וואוינען אין שיינע הייזער און מיר — אין קע־לערס. פאַרוואָס זאָל עס זיין אַזוי?

* * *

דערמאָנען ניט אָט־די ווערטער אָן די רייד פון מאַרקס, ענגעלס, ליבקנעכט און אַנדערע סאָציאַליסטישע פירער פון מיטן 19־טן יאָר־הונדערט, ווען זיי זיינען צום ערשטן אַרויסגעקומען מיט די סאָציאַליס־טישע אידעען און געמאַכט די ערשטע שריט צו אָרגאַניזירן די אַר־בעטער־מאַסן? אָבער גיט נאָר אַ טראַכט דערפון צו הערן אַזעלכע רייד אין מיטן פון 14־טן יאָרהונדערט, ווען די וועלט איז נאָך געווען טיף־פאַרזונקען אין חושך פון מיטלאַלטער! איז דאָס ניט באמת אַ וואונדער?

אָבער אָט־די ווערטער זיינען טאַקע געקומען צו פּרי. יאָ, מיט גאַנצע פיר הונדערט יאָר פאַר זייער צייט. און דער, וואָס האָט זיי געזאָגט, האָט טייער באַצאָלט פאַר זיי, ווי מיר וועלן באַלד זען.

די רייד פון באָלן האָבן אַרויסגערופן דעם צאָרן פון אַרציבישאָף פון קענטערבורי. איר דאַרפט וויסן, אַז אין יענער צייט איז די קירך געוועזן דער גרעסטער לאַנד־באַזיצער, ווייל זי האָט געהאַט איין דריטל פון אַלע לענדערייען אין אייראָפּע. האָט דער אַרציבישאָף געשיקט אַ וואָרענונג צו באָלן, אַז ער זאָל אויפהערן צו האַלטן די דרשות וואָס העצן אויף דעם המון. באָל האָט ניט געפאָלגט און די קירך האָט אים אַרויס־געשטעלט אויף דער ליסטע פון די אַפּטריניקעס און איז אַרויס קעגן אים מיט אַ חרם. אין דעם חרם איז געזאָגט געוואָרן אַז די ענגלישע בירגער ווערט פאַרבאָטן זיך צוצוהערן צו זיינע רייד, אָדער צו קומען אין באַרירונג מיט אים. דער חרם האָט ניט אָפּגעשראָקן ניט באָלן און ניט זיינע אָנהענגער, די אַרבעטער און פּויערים. ער האָט ווייטער גע־האַלטן זיינע דרשות ניט געקוקט דערויף צי די גלחים איז עס געפעלן צי ניט.

אין יאָר 1381 האָט וואַט טאַילער מיט זיין אַרמיי פון אַרבעטער און פּויערים פאַרכאַפּט די שטאָט קענטערבורי און פון דאָרטן גענומען מאַרשירן אויף לאָנדאָן, און דזשאָן באָל איז ניט נאָר געוועזן מיט אים, נאָר ער איז געוועזן דער גייסטיקער פירער פון דער גאַנצער מאַסע. ווען די אַרמיי פון וואַט טאַילער און באָלן איז געקומען קיין לאָנדאָן, האָט זי פאַרכאַפּט דעם פּאַלאַץ פון אַרציבישאָף, פאַרברענט די געפענגעניש־הייזער און גענומען פאַרפאָלגן אַלע גלחים און די רייכע לייט פון דער שטאָט. אויפן טראָן פון ענגלאַנד איז דעמאָלט געזעסן דער יונגער מאָנאַרך ריטשאַרד דער צווייטער, וועלכער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. די רעוואָלוציאָנערן האָבן פאַרלאַנגט אַ געשפּרעך מיט אים. ריטשאַרדס פריינד האָבן אים געראָטן אַז ער זאָל זיך ניט טרעפן מיט וואַט טאַילער און דזשאָן באָל. אָלס ענטפער דערויף האָבן די רעוואָלוציאָנערן פאַר־ברענט עטלעכע עפנטלעכע רעגירונגס־בנינים, געמאַכט אַ פּאָגראָם אין די הייזער פון די מיניסטאָרן און אָנגעטאָן נאָך פיל אַנדערע שאָדנס. ענדלעך האָט דער קעניג באַשלאָסן צו באַגעגענען זיך מיט זיי. זיי האָבן אים געזאָגט וואָס זיי ווילן, און דער קעניג האָט זיי צוגעזאָגט צו ענדערן די געזעצן פון לאַנד, וואָס עס איז שייך צו אַרבעטער און פּויערים. די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי האָט איצט פאַרמשפּט צום טויט דעם אַרציבישאָף און אויך עטלעכע מיניסטאָרן, און דעם אורטייל באַלד אויסגעפירט.

באַלד האָט זיך געשאַפן אַ לאַגע וואָס איז געוואָרן אומדערטרעגלעך אפילו פאַר טאַילערן און באַלן. די אַרבעטער און פויערים, וועלכע האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון רויב און מאָרד האָבן זיך איצט געלאָזט אויף דעם וועג אין פולן שוואונג, און באַלד איז ניט מער מעגלעך געווען זיי אָפּצושטעלן. עס זיינען איצט כסדר פאָרגעקומען מאָרדן, רויבערייען אויס־נאַרונגען פון געלטער און פאַרניכטונגען פון האָב־און־גוטס. דער קעניג האָט אַרויסגערופן טאַילערן און מיט אים גערעדט, אַז ער זאָל איינהאַלטן זיין אַרמיי, אַז זי זאָל ניט ראַבעווען און מאָרדן די אומשולדיקע מענטשן. טאַילער האָט אים צוגעזאָגט דאָס צו טאָן. דערווייל האָט עמיצער פון קעניגס סוויטע געמאַכט אַ באַליידיקנדיקע באַמערקונג וועגן טאַילערן. טאַילער איז געוואָרן בייז און האָט אַרויסגעכאַפּט זיין קינזשאַל. דער שטאָט־פּרעזידענט פון לאָנדאָן וואַלוואָירט, וואָס איז דאָרטן געווען, האָט געוואָלט פאַרשטעלן טאַילערן דעם וועג, האָט טאַילער אים דערלאַנגט אַ קלאַפּ. דער שטאָט־פּרעזידענט האָט אַרויסגעכאַפּט זיין קינזשאַל און דער־שטאָכן טאַילערן. טאַילער איז געוואָרן טויטלעך פאַרוואונדעט און ניט לאַנג דערנאָך געשטאָרבן. דער קעניג האָט דערווייל באַרואיקט דעם המון, ביז דער שטאָט־פּרעזידענט האָט אַרויסגערופן די אַרמיי, וועלכע האָט איבערגענומען די שטאָט. איצט האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות אויף די רעוואָלוציאָנערן און אַלע דערגרייכונגען און געווינסן פון דער רעוואָלוציע זיינען אָפּגעווישט געוואָרן.

* * *

נאָך טאַילערס טויט איז געקומען די צייט פאַר דער קירך אָפּצו־רעכענען זיך מיט דזשאָן באָלן. באָל, כאָטש אַ גרויסער רעדנער און אַגיטאַטאָר, האָט דאָך ניט געקענט פירן די אַרמיי ווי טאַילער האָט עס געטאָן. ער האָט פשוט ניט געהאַט די פעאיקייטן דערצו און אַזוי־אַרום איז ער געבליבן, אָן טאַילערן, עלנט און אַליין. די קירך האָט אים געלאָזט אַרעסטירן און מען האָט אים איינגעזוצט אין געפענגעניש אין מעידסטאָון. ווען די פויערים האָבן זיך דערוואוסט אַז ער איז אַרעסטירט, האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין געפענגעניש און אים באַפרייט.

באָל האָט ווידער אַמאָל פרובירט האַלטן זיינע רעדעס, דערקלערנ־דיק אַז דאָס, וואָס ער זאָגט, איז דאָס זעלבע וואָס יעזוס קריסטוס האָט געזאָגט מיט אַזויפיל הונדערטער יאָרן צוריק. מען האָט אים ווידער אַמאָל אַרעסטירט, אָבער דאָס מאָל האָבן זיינע אָנהענגער שוין ניט געקענט אים מער באַפרייען, ווייל מען האָט אים שטאַרק געהיט. די קירך האָט

אים געמשפּט אונטער די אויגן און פֿאַראורטיילט צום טויט דורך הענגען. אַזוי־אַרום האָבן די קירך צוזאַמען מיט דער אַריסטאָקראַטיע אָפּגעהאַלטן אַ נצחון איבער זייער גרעסטן שונא.

דער טאָג וואָס מען האָט באַלן געהאָנגען איז געווען אַ גרויסער יום־טוב ביי דער אַריסטאָקראַטיע און ביי די גלחים און צו דער עקזע־קוציע זיינען געקומען אַלע גרויסע לייט פֿון לאַנד, צוזאַמען מיט די הויכע לייט פֿון דער קירך. אַפֿילו דער יונגער קעניג ריטשאַרד דער צווייטער האָט דאָרטן ניט געפֿעלט.

אָבער די גלחים האָבן זיך ניט באַגנוגנט מיט הענגען באָלן. דאָס איז געווען פֿאַר זיי צו ווייניק. זיי האָבן פֿאַרלאַנגט פֿון קעניג און אויך געקראָגן די דערלויבעניש אַז מען זאָל שענדן זיין קערפּער. זיי האָבן דאַן אויסגעגראָבן זיין קערפּער און אים אַריינגעוואָרפֿן אין טייך; דער־נאָך האָבן זיי פֿון דאָרטן אַרויסגענומען אים, כדי צו קענען אויספֿירן נאָך אַ נקמה־אַקט איבער דעם טויטן באָלן. נעמלעך, צו צעשניידן אים אויף פֿיר שטיקער. אָט ערשט דאַן האָט מען אים צוריק באַערדיקט.

אָבער די רייד פֿון דעם גרויסן און כמעט איינציקן סאָציאַליסט אין טיפֿן מיטלאַלטער, האָבן אַפֿילו נאָך זיין טויט אָפּגעקלונגען ווייט און ברייט אין באַלס ווערטער צו די לאָרדן; „מיט וואָס זייט איר בעסער פֿון אונדז? זייט איר דען אַנדערש באַשאַפֿן געוואָרן?" האָבן זיך גע־הערט אין לאָנדאָן און אין ענגלאַנד פֿיל, פֿיל יאָרן נאָך זיין טויט. דער באַרימטער שרייבער אָמאַן האָט געשריבן אַ ווערק וועגן דזשאָן באַלס טעטיקייטן. זיין ווערק הייסט: „די גרויסע רעוואָלוציע פֿון 1381". אויך וויליאַם מאָריס האָט אָנגעשריבן אַן אוטאָפּיע וועגן סאָציאַליזם אונטערן נאָמען: „דער חלום פֿון דזשאָן באָל".

## 62. די ליבעראַלע קעניגן פון ענגלאַנד

אין לעצטן טייל פון מיטלאַלטער שטייען אויף אין ענגלאַנד קעניגן וועלכע פירן איין גרויסע ליבעראַלע געזעצן. — וויליאַם דער זיגער און זיינע ליבעראַלע געזעצן. — די געזעצן פון זיין אייניקל הענרי דעם צווייטן. — די „מאַגנאַ קאַרטאַ" וואָס איז געקומען גאָר פון אַ שלעכטן קעניג. — די איינפירונג פון פּאַרלאַמענט. — ענגלאַנד איז געווען דער וועגווייזער אין פיל פון די פרייהייטן וואָס מיר האָבן היינט־צו־טאָג אין דער גאַנצער וועלט.

דער מיטלאַלטער כאָטש ער איז געווען דורכאויס פאַנאַטיש־רעליגיעז און איז אין אַלע היגזיכטן געשטאַנען אונטערן צייכן פון דער רוימישער קירך, האָט דאָך געגעבן דער וועלט געוויסע פאָרמען און אינסטיטוציעס, וועלכע זיינען געווען אַ שריט ווייטער אויפן וועג פון ציוויליזאַציע. אַזוי זעען מיר, אַז אין שפּעטערן טייל פון מיטלאַלטער זיינען אויסגעבויט געוואָרן לענדער און מלוכות; עס זיינען פּאַרפעסטיקט געוואָרן די גרענעצן פון אייראָפּע; עס זיינען אַנטוויקלט געוואָרן די פאָרמען פון די שפּראַכן און ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אין ענגלאַנד די ערשטע געזעצן פון פרייהייט פון מענטש; עס קומט אָן אָנהויב פון אַ קאָנסטיטוציע און עס אַנטשטייט אויך דער ערשטער פּאַרלאַמענט. עס ווערן געשאַפן בייע געריכטס־הייזער מיט אַ סיסטעם פון געשווארענע און נאָך אַנדערע רע־פאָרמען.

דאָס רוב פון די לענדער פון אייראָפּע זיינען אַנטשטאַנען אין לעצטן טייל פון מיטלאַלטער, נאָכדעם ווי עס איז דורכגעפאַלן די פּריצים־הערשאַפט. וואָרום אין דער צייט פון יענער הערשאַפט איז יעדעס לאַנד געווען צעטיילט אויף שטעט און שטעטלעך, וואָס איבער זיי האָט גע־הערשט אַ פּריץ. אָט די הערשאַפט איז געווען נאָך דער אַנאַרכיע פון אַכטן און ניינטן יאָרהונדערט. אָבער ווען די וועלט האָט פּראָגרעסירט, האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז די קליינע טעריטאָריע־הערשאַפטן זיינען נאָר אַ שטערונג פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער וועלט און אַז עס דאַרף זיין אַ הערשער וואָס פירט אָן מיטן גאַנצן לאַנד; עס דאַרף זיין איין געזעץ פאַר אַלע און איין געזעץ־געבערישער אַנשטאַלט און ניט ווי עס איז געווען דעמאָלט הונדערטער אַזעלכע קליינע אינסטיטוציעס. דאָס

האָט ביסלעכווייז געפירט דערצו, אַז די פּריצים־הערשאַפט איז אָפּגע־שאַפט געוואָרן און עס זיינען אַנטשטאַנען איינגעאָרדנטע מלוכות.

אָבער מען דאַרף זיך ניט פאָרשטעלן אַז דאָס איז אַזוי לייכט געשען. מען דאַרף געדענקען, אַז קיין הערשער ווי גרויס אָדער קליין ער זאָל ניט זיין וויל מיט גוטן ניט אויפגעבן זיין מאַכט. ס'זיינען דעריבער פאָר־געקומען דאָ און דאָרטן גרויסע קאַמפן און אין טייל ערטער האָט עס דערפירט אפילו צו אַ בירגער־קריג, ביז עס איז ענדלעך געקומען דערצו, אַז די מלוכות האָבן פאַרנומען דאָס אָרט וואָס די פּריצים האָבן ביז דעמאָלט געהאַט אין לעבן און די גאַנצע מאַכט איז קאָנצענטרירט געוואָרן אין די הענט פון איין הערשער. אין דער הינזיכט איז ענגלאַנד געווען דאָס ערשטע לאַנד וואָס האָט געגעבן פרייהייט צו אירע בירגער. דער אָנהויב איז געמאַכט געוואָרן פון „וויליאַם דעם זיגער".

דער קעניג „וויליאַם דער זיגער" האָט געקראָגן דעם נאָמען, ווייל ער איז געווען דער, וואָס האָט געמאַכט אַן ענדע אין זיין צייט צו די אָנפאַלן פון די פראַנצויזן אויף די ענגלישע ברעגן, אין דער צייט פון זיין הערשאַפט איז דער ענגלישער קאַנאַל וואָס לויפט צווישן דאָווער און קאַלעי געבליבן די מחיצה, וואָס טיילט פאַנאַנדער די צוויי לענדער אַזוי, אַז ענגלאַנד איז געוואָרן פריי פון זאָרג וועגן אָנפאַלן און האָט דעריבער געקענט אַנטוויקלען איר לאַנד צו דער העכסטער מדרגה.

* * *

וויליאַם דער זיגער איז געווען אַ ממזר. יאָ, ער איז געווען אַ ניט־געזעצלעך קינד פון ראָבערט דעם ערשטן, דיוק פון נאָרמאַנדיע, א קינד וואָס ער האָט געהאַט מיט אַ לינקער געליבטע, אַרלעטאַ, די טאָכטער פון אַ פּשוטן אַרבעטער. ווען דער דיוק איז געשטאָרבן האָט וויליאַם געמאָנט דאָס רעכט אויפן טראָן, אָבער די נאָבל־לייט זיינען געווען קעגן אים צוליב דעם וואָס ער איז געווען אַ ניט־געזעצלעך קינד. וויליאַם האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אַ גרויסער צאָל פון אייגענע מענטשן און פון זיי געשאַפן אַן אַרמיי צו קעמפן קעגן די אַריסטאָקראַטן, אָבער זיין לאַגע איז דאָך ניט געווען קיין גוטע. ענדלעך האָט ער באַוואויגן דעם קעניג הענרי דעם ערשטן פון פראַנק־רייך, אַז ער זאָל אים קומען צו הילף און יענער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אים און אַזוי־אַרום איז ער באַשטיגן דעם טראָן. ער האָט פאַר דער טובה שיין אָפּגעדינט הענרי דעם ערשטן און זיי זיינען געבליבן פריינד.

אָבער וויליאַם האָט געהאַט נאָך פיל גרעסערע אַמביציעס און

נעמלעך צו ווערן דער קעניג פון גאַנץ ענגלאַנד. אַזוי ווי דער קעניג פון ענגלאַנד אין יענער צייט עדוואַרד דער ערשטער איז געווען וויליאַמס אַ קוזין, איז ער אַוועק קיין לאָנדאָן און דאָרטן געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיטן קעניג אַז נאָך זיין טויט זאָל ער זיין דער יורש פון טראָן. דאָס גליק האָט אים צוגעשפּילט. אַז דער קעניג עדוואַרד דער ערשטער איז ניט לאַנג דערנאָך געשטאָרבן און ער איז אַ דאַנק זיין אָפּמאַך געקרוינט געוואָרן אַלס דער נייער קעניג פון ענגלאַנד.

באַלד ווי וויליאַם איז געוואָרן קעניג, האָט ער גענומען אויס־ברייטערן די גרענעצן פון זיין לאַנד, אָבער דאָס האָט דעם קעניג הענרי דעם ערשטן פון פראַנקרייך וואָס איז ביז דאַן געווען וויליאַמס בעסטער פריינד, גאָר ניט געשמעקט. ער איז אַרויס אין אַ מלחמה קעגן וויל־יאַמען. אָבער זיי האָבן באַלד געמאַכט שלום צווישן זיך.

שפּעטער האָט וויליאַם זיך גענומען אויסצובויען ענגלאַנד אַלס אַ שטאַרקע מלוכה אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר קאָנסטיטוציאָנעלע פרייהייטן.

וויליאַם דער זיגער איז אָבער געווען אַ דעספּאָט צו זיינע שונאים. ער האָט געהאַט אַ זין פאַר פרייהייט פאַר די אייגענע. עס איז געווען ער, וואָס האָט געגעבן די בירגער פיל פרייהייטן. וויליאַם האָט געהאַט צוויי מאָסן צו הערשן איבערן לאַנד: די נאָבל־לייט וואָס האָבן זיך אים אַנט־קעגנגעשטעלט האָט ער באַטראַכט פאַר זיינע קעגנער און האָט זיי פאַר־פאָלגט ביזן טויט. ער האָט זיי אַרעסטירט און זייער לאַנד קאָנפיסקירט. אָבער אַלע אַנדערע, די, וואָס זיינען געווען מיט אים, האָט ער באַהאַנדלט מיט יושר און גערעכטיקייט. כדי צו פאַרהיטן, אַז עס זאָלן ניט זיין קיין אויפשטאַנדן פון די אַריסטאָקראַטן קעגן אים האָט ער אויסגעבויט ריזיקע הויכע פעסטונגען, אַזוי־גערופענע „טורעמס״, וואו ער האָט געהאַלטן גרייט באַוואָפנטע סאָלדאַטן, וואָס זאָלן אָנפאַלן אויף אַ שונא און אים פאַרניכטן. אַזאַ פעסטונג, איז, למשל געווען דער טורעם פון לאָנדאָן, וואָס איז געבליבן נאָך עד היום און אַזוי זיינען פאַרבליבן נאָך פיל אַזעלכע טורעמס.

אָבער, ווי געזאָגט, האָט ער ניט נאָר געבויט דאָס לאַנד בלויז דורך מאַכט, נאָר אויך דורך איינפירן גערעכטיקייט אין לעבן. אַ כראָ־ניקער פון יענער צייט באַשרייבט די לאַגע אין ענגלאַנד אונטער וויליאַם דעם ערשטן (אָדער דעם זיגער) מיט די ווערטער: „ער האָט געשאַפן אַזאַ גוטע לאַגע וואָס איז ביז איצט ניט געווען: אַ מענטש קען איצט פאָרן איבערן לאַנד מיט קעשענעס פול מיט גאָלד און ניט מורא האָבן,

אַז מען וועט אים באַרויבן און טאָן שלעכטס. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ מצב אַז אַ מענטש טראַכט ניט מער פון אומברענגען עמיצן, אפילו ווען יענער זאָל אים האָבן געטאָן פיל שלעכטס".

פריער, ווען עס איז געווען איינגעפירט די פריצים־הערשאַפט, האָט אַן אַריסטאָקראַט וואָס איז געוואָרן אין כעס אויפן קעניג געקענט צונויפרופן זיין אַרמיי און אַרויסטרעטן קעגן דעם הערשער פון לאַנד. וויליאַם דער ערשטער האָט געמאַכט אַ סוף צו דעם. ער האָט איינגעפירט אַ געזעץ, וואָס זאָגט, אַז יעדער איינער וואָס אַרבעט אונטער אַ פריץ איז, צום אַלעם ערשטן, פאַרפליכטעט צום קעניג און ניט צום פריץ. אויב אַ פריץ טרעט אַרויס קעגן דעם קעניג פון לאַנד און דעם פריצס מענטשן העלפן אים, זיינען זיי פאַררעטער און אַלס אַזעלכע וועלן זיי באַשטראָפט ווערן.

וויליאַם דער זיגער האָט אויך דער ערשטער דורכגעפירט אַ צענזוס איבערן לאַנד צו וויסן געגוי וויפל גיט־באַזיצער עס זיינען דאָ אין לאַנד; וויפל לאַנד זיי האָבן אין זייער באַזיץ און וויפל אונטערטאַנען עס לעבן אונטער זייער שוץ. ער האָט אויך פעסטגעשטעלט וויפל בהמות און פערד יעדער פריץ האָט אויף זיין לאַנד. דאָס אַלץ איז פאַרשריבן געוואָרן אין אַ בוך וואָס האָט געהייסן „דאָמס־דעי" בוך. עס האָט געמיינט, אַז אַלץ וואָס דאָ איז פאַרשריבן איז דאָס לעצטע וואָרט וועגן יעדן איינעם פון די נאָבל־לייט. דאָס איז בכלל געווען דער ערשטער צענזוס, וואָס איז גענומען געוואָרן אין דער צייט פון מיטלאַלטער.

נאָך דעם האָט וויליאַם דער ערשטער געהייסן צונויפרופן אַלע גיט־באַזיצער פון לאַנד צו אַ גרויסער פאַרזאַמלונג און ווען זיי זיינען געקומען אין אַ צאָל פון 60,000 (אַזוי ווערט אָנגעגעבן אין אַ כראָניק פון יענער צייט), האָט ער זיי דערקלערט, אַז זיי מוזן אַלע ווי איינער אָפּ־געבן אַ שבועה צו זיין געטריי צום קעניג קעגן יעדן איינעם, וואָס וועט אים באַפאַלן און אַלע ווי איינער האָבן זיי באַלד אויפן אָרט אָפּגעגעבן דעם קעניג אַזאַ שבועה. די געשעעניש איז אַריין אין דער געשיכטע אַלס די „סאַליסבערי שבועה" און האָט פיל מיטגעהאָלפן צו באַרואיקן דאָס לאַנד.

* * *

וויליאַם דער זיגער איז געווען אַ שטאַרקע פערזענלעכקייט, ניט אַזוי איז אָבער געווען זיין זון. דערפאַר אָבער האָט ער געפונען אַ גוטן נאָכפאָלגער אין זיין אייניקל, הענרי דער צווייטער. הענרי האָט גע־

שטאַמט פון זיין מוטערס זייט פון דער קעניגלעכער פאַמיליע אין פראַנק־רייך, אָבער ער איז געווען אַ גוטער הערשער. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט איינגעפירט דריי זאַכן, וואָס דערויף זיינען די ענג־לענדער זייער שטאָלץ. די דריי זאַכן זיינען: געריכט־הייזער; דער סיסטעם פון געשוואוירענע און די „קאָמאָן־לאָא״ געזעצן פון ענגלאַנד.

הענרי האָט טאַקע זייער אָפט פאַרבראַכט אין אייראָפּע. איבער־הויפּט אין פראַנקרייך, וואו ער האָט געהאַט אַ סך לאַנד, אָבער דאָס האָט אים ניט געשטערט, אַז ער זאָל טראַכטן וועגן איינפירן גוטע געזעצן אין ענגלאַנד.

צום אַלעם ערשטן האָט הענרי געשאַפן דאָס קעניגלעכע געריכטס־הויז. דאָס איז געווען אַ הויז פון משפט פאַרן פאָלק. ער האָט דאָרטן געהאַט גוטע ריכטער און אַדוואָקאַטן. מענטשן פון פאָלק, וואָס האָבן געהאַט טענות אָדער עוולות האָבן געקענט זיך ווענדן אַהין. אין קעניג־לעכן געריכט־הויז האָט מען געקענט קריגן מער גערעכטיקייט און פיל גיכער ווי אין די געריכט־הייזער פון די פּריצים. דאָס גאַנצע געריכט־וועזן פון ענגלאַנד, איבערהויפּט די העכערע געריכט־הייזער שטאַמען אַלע אָפּ פון אָט־דעם קעניגלעכן געריכט־הויז.

הענרי האָט זיך אויך באַמיט צו ברענגען גערעכטיקייט צו די פאָלקס־מאַסן איבערן גאַנצן לאַנד און צוליב דעם האָט ער איינגעפירט אַ „סוירקיט געריכט־הויז״, ד. ה., אַז אַ גרופּע פון ריכטער זאָלן פאָרן איבערן לאַנד און דאָרטן אָפּהאַלטן זייערע זיצונגען. יעדער ריכטער האָט ווייניקסטנס איין מאָל אין יאָר געמוזט אַרויספאָרן איבערן לאַנד און אָפּהאַלטן געריכט־זיצונגען. דאָס האָט געהאָלפן איינצופירן איינהייטלעכע געזעצן איבער גאַנץ ענגלאַנד.

הענרי האָט דערנאָך איינגעפירט דעם סיסטעם פון געשוואוירענע וואָס איז געווען צום ערשטן אין ענגלאַנד און אויך צום ערשטן אין דער געשיכטע פון יוסטיץ. די ריכטער האָבן געדאַרפט אויסקלייבן אַ זשורי פון 12 מענטשן, וועלכע זאָלן באַטראַכטן דעם גאַנצן משפט און דער־נאָך אַרויסטראָגן אַ ווערדיקט פון „שולדיק״ אָדער „ניט שולדיק״, אָדער פון „גערעכט״ און „ניט גערעכט״. די געשוואוירענע האָבן געמוזט אָפּגעבן אַ שבועה, אַז זיי וועלן משפטן ערלעך, לויט זייער געוויסן. דער זשורי־סיסטעם איז פריער געווען בלויז וועגן ציווילע ענינים, אָבער שפּעטער האָט ער עס אויסגעברייטערט, אַז עס זאָל אויך זיין וועגן קרימינעלע ענינים.

**נאָכדעם האָט הענרי ווידער געשאַפן אַ נייע אינסטיטוציע, וועלכע**

ער האָט אָנגערופן „גרענד־זשורי". אין יענע צייטן האָבן זיך געפונען פיל אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן געהאַט אַ סך מאַכט און די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך אָפּט אַרויסגעדרייט פון אַ שטראָף, ווייל מען האָט מורא געהאַט זיי צו באַשולדיקן און צו באַשטראָפן. הענרי האָט דעריבער איינגעפירט, אַז ווען די ריכטער זיינען געקומען אין אַ שטאָט, האָבן זיי געשאַפן אַ זשורי, וועלכער האָט געמוזט אָפּגעבן אַ שבועה, אַז זיי זאָלן אָנגעבן די נעמען פון אַלע מענטשן וואָס זיי וויסן, אַז זיי זיינען באַגאַנגען אַ פאַרברעכן און געבליבן ניט באַשטראָפט. אָט־די מענטשן האָט מען גלייך אַרעסטירט און געבראַכט אין געריכט־הויז צו אַ משפּט. די גרענד־זשורי האָט געהאַט אַ רעכט צו באַשולדיקן עמיצן און שטעלן אים צו אַ משפּט. די אינסטיטוציע איז געבליבן עד היום.

די געזעצן וואָס די ריכטער פון ענגלאַנד האָבן אַרויסגעגעבן אין די פאַרשידענע פּראָצעסן זיינען פאַרשריבן געוואָרן און זיי זיינען געוואָרן די געזעצן פון ענגלאַנד. זיי האָבן געקראָגן דעם נאָמען „קאָמאָן לאָא", ווייל זיי זיינען אַרויסגעוואַקסן פון די פּראָצעסן אין די פאַרשידענע געריכט־הייזער.

אָט די געזעצן וואָס עס זיינען געשאַפן געוואָרן אין ענגלאַנד דורך דער צייט פון הענרי דעם צווייטן זיינען געוואָרן דער קאָדעקס פון ענג־לאַנד, דערפאַר זיינען אין ענגלאַנד ניט איינגעפירט געוואָרן די רוימישע געזעצן, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אין גאַנץ אייראָפּע. שפּעטער, ווען די ענגלענדער זיינען געקומען אַהער קיין אַמעריקע, האָבן זיי מיטגעבראַכט מיט זיך אָט דעם סיסטעם פון געזעצן, און עס איינגעפירט אויך דאָ. דערפאַר האָבן מיר דאָ די זעלבע געזעצן ווי אין ענגלאַנד, די „קאָמאָן לאָא" געזעצן.

* * *

אַ דריטער קעניג, וואָס האָט אויפגעטאָן פיל פאַר ענגלאַנד איז געווען הענריס זון ריטשאַרד, וואָס מען האָט גערופן „ריטשאַרד מיטן לייבן־האַרץ". ווען ריטשאַרד איז געוואָרן פאַרוויקלט אין צווייטן קרייץ־צוג, האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ זיין ברודער דזשאָן, וועלכער איז געווען דער ערגסטער פון די ענגלישע קעניגן. ער האָט באַלד פאַרפירט אַ קריג מיטן פראַנצויזישן קעניג פיליפּ אויגוסטוס און אין אָט־דער מלחמה האָט ער פאַרלוירן נאָרמאַנדיע צו די פראַנצויזן. שפּעטער האָט ער זיך אַריינ־געלאָזט אין אַ קאַמף מיטן פּויפּסט אינאָצענט דעם דריטן און האָט אויך דאָס מאָל פאַרלוירן און זיך געמוזט בויגן פאַרן פּויפּסט. באַלד נאָכדעם

האָט אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע אין ענגלאַנד וואָס האָט זיך געענדיקט דערמיט וואָס ער האָט געמוזט נאָכגעבן דעם ווילן פון פאָלק. דאָס איז געווען די שריפט וואָס רופט זיך „מאַגנאַ קאַרטאַ״, אַרויסגעגעבן געוואָרן פון קעניג דזשאָן אין יאָר 1215 און וואָס אַנטהאַלט צוגעזאָגטע פרייהייטן צום פאָלק.

אין דעם באַרימטן דאָקומענט האָט דער קעניג דזשאָן דערקלערט, אַז מען טאָר קיינעם ניט אַרעסטירן, אַריינזעצן אין געפענגעניש, אָדער באַשטראָפן אויף אַן אַנדערן אופן איידער עס קומט פאָר אַ משפט קעגן אים אין געריכט־הויז, לויט די געזעצן פון לאַנד. דער צווייטער וויכטיקער פונקט אין דעם דאָקומענט איז די דערקלערונג, אַז צו קריגן גערעכטי־קייט, זאָל קיינעם ניט אָפּגעזאָגט ווערן. עס זאָל ניט פאַרקויפט ווערן און אויך ניט אָפּגעלייגט ווערן. אָט־די צוויי פונקטן זיינען געווען דער יסוד פון אַלע געזעצן וועגן פרייהייט וואָס זיינען שפּעטער אויסגע־אַרבעט געוואָרן און וועלכע זיינען אַ שוץ פאַרן פאָלק קעגן דעספּאָטישע הערשער. זיי זיינען שפּעטער אויך געוואָרן דער יסוד פון דער אַמערי־קאַנער קאָנסטיטוציע און פון אונדזער גאַנצן לעבנס־שטייגער.

* * *

אַ דריטע גרויסע זאַך וואָס איז דערגרייכט געוואָרן אין ענגלאַנד פון יענער צייט איז געווען, אַז עס זאָל זיין אַ פּאַרלאַמענט, וואו עס זאָלן זיצן און שאַפן געזעצן די אויסדערוויילטע פון פאָלק.

די ערשטע שריט צו שאַפן אַ פּאַרלאַמענט זיינען געמאַכט געוואָרן דורך אַ זון פון דזשאַנען. דאָס איז געווען דער קעניג הענרי דער דריטער. עס איז געווען שוין פון אַלע צייטן איינגעפירט אין ענגלאַנד, אַז ביי וויכטיקע פראַגן האָט דער קעניג זיך באַראָטן מיט אָנגעזעענע מענטשן, וואָס האָט זיך גערופן „דער גרויסער ראַט״. דאָס וואָס דער קעניג הענרי האָט געטאָן איז געווען צו מאַכן פון דעם ראַט אַ הויז וואו עס זאָלן זיצן פאָרטרעטער פון גאַנצן פאָלק. ביסלעכוויז און אין פאַרלויף פון פיל יאָרן איז דאָס „הויז״ געוואָרן אַ פּאַרלאַמענט צו וועלכן עס זיינען געשיקט געוואָרן פאָרטרעטער וואָס עס זיינען אויסגעקליבן געוואָרן פון פאָלק.

אָבער באַלד ווי דאָס איז געשען האָבן די נאָבל־לייט און די הויכע גייסטלעכע געפּאָדערט און אויך אויסגעפירט ניט צו זיצן צוזאַמען מיטן פאָלק, נאָר צו האָבן אַן אייגן הויז, אַן אַזוי־גערופענע העכערע קאַמער אָדער ווי עס הייסט איצט אין ענגלאַנד דאָס לאָרדן־הויז (אָדער דער

סענאַט ביי אונדז און אין פיל אַנדערע לענדער). אַזוי אַרום איז אַנט־שטאַנען דער סיסטעם פון צוויי הייזער.

אָבער דער פּאַרלאַמענט האָט אויפגעטאָן נאָך עפּעס. ער האָט גע־מאַכט אַלע באַאַמטע פון דער רעגירונג אַז זיי זאָלן זיין פאַראַנטוואָרט־לעך צו אים. אַזוי אַרום זיינען די מיניסטאָרן ניט געווען מער פאַר־אַנטוואָרטלעך צום קעניג, נאָר צום פאָלק. אָט דער סיסטעם איז געבליבן אין איראָפּע ביזן היינטיקן טאָג.

## 63. ווען די העלישע פייערן פון דער אינקוויזיציע האָבן געברענט

די אינקוויזיציע־עפּאָכע לויט דעם ווי די קאַטאָליקן אַליין שילדערן זי. — ווער זיינען געווען די „אַפּטריניקעס". — דער נייער גייסט, וואָס האָט זיך געוועקט דעמאָלט אין אייראָפּע. — ווער איז געווען טאָרקוועמאַדאָ? — אַן אכזר וואָס האָט ליב געהאַט בלויז געלט און מאָרד. — ווי אַזוי מען האָט געפּייניקט די אַרעסטירטע אין די פּייניקונגס־קאַמערן. — די קירך האָט געזאָגט אַז זי איז אומשולדיק און אַלץ טוט די מלוכה. — מיטלען ווי אַזוי צו מאַכן אַז קינדער זאָלן ווערן שפּיאָנען קעגן זייערע עלטערן. — די אינקוויזיציע און די יידן.

מיר קומען איצט צו, צו דער צייט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די אינקוויזיציע אין שפּאַניע; די עפּאָכע ווען די העלישע פייערן פון דער אינקוויזיציע האָבן געברענט עטלעכע הונדערט יאָר און ניט בלויז אין שפּאַניע נאָר אויך אין די לענדער, וואָס זי האָט געהאַט דעראָבערט אויף יענער זייט פון אַטלאַנטיק. כדי אָפּצושאַצן גענוי די דאָזיקע דער־שיינונג, וואָס רופט זיך „אינקוויזיציע" און וועלכע איז אָנגעפירט געוואָרן מיט דעם ווילן און הסכמה פון די פּויפּסטן אין רוים איז נייטיק צו זיין ווענן דעם אָביעקטיוו. היות, אָבער, ווי אַלס יידן איז דאָס פאַר אונדז ניט אײנגאַנצן מעגלעך, ווייל צופיל טויזנטער גרויסע צדיקים און הייליקע האָבן אויסגעהויכט זייערע נשמות מיטן רוף „אחד" אין די פלאַמען פון די פייערן, האָבן מיר דעריבער באַשלאָסן, כדי ניט צו זיין איינ־זייטיק, צו געבן בעסער דאָס, וואָס זיי אַליין, די צינדער פון די פייערן, האָבן געשריבן וועגן דעם. דאָס וועט צונעמען פון אונדז יעדן חשד פון איבערטרייבונג. אַדרבא, זאָלן די אינקוויזיטאָרן און זייערע אַרויס־העלפער דערציילן אַליין וועגן דעם אַלעם.

אָבער איידער מיר גייען ווייטער ווילן מיר געבן דאָ אַ ביסל געשיכטע וועגן דער באַציאונג פון די קריסטלעכע פירער בכלל צו אַפּטריניקע־און אַנדערש־גלויביקע. דאָס וועט אונדז ווייזן ווי אַזוי מען איז געקומען ביסלעכוויז און איינציקוויז צום געדאַנק פון דער אינקווי־זיציע.

די גאָר ערשטע קריסטן, וועלכע זיינען באמת געווען מערער יידן ווי קריסטן, האָבן געטריי צו דער לערע פון יעזוסן, זיך אַרויס־געזאָגט קעגן יעדן צוואַנג איבער מענטשן, וואָס דענקען אַנדערש, ווי עס איז דאָס אָנגענומענע. דער הייליקער פאָטער טערטוליאַן דערקלערט אָפן, אַז קיין קריסט האָט ניט קיין רעכט צו דינען אין אַן אַרמיי, ווייל „דאָרטן ווערן געברויכט גוואַלד־טאַטן קעגן אַנדערע. עס איז ניט קיין פאַרלאַנג פון אונדזער רעליגיע צו צווינגען אויף עמיצן רעליגיע. צו רעליגיע דאַרף מען קומען פון אייגענעם ווילן און איבערצייגונג און ניט דורך מאַכט".

אויך אַ צווייטער פירער פון די קריסטלעכע פאָטערס, דער הייליקער אָריגען, דערקלערט דאָס זעלבע און אַזוי אויך דער הייליקער לאַקטאַנ־טיוס. ער דערקלערט אָפן: „איינמאָל פאַר אַלעמאָל, רעליגיע קען ניט אַרויפגעצוואונגען ווערן אויף קיינעם."

אַזוי איז געווען די אָנגענומענע מיינונג פון די פירער פון קריס־טנטום ביזן פערטן יאָרהונדערט. אָבער דעמאָלט איז פלוצים פאָרגע־קומען אַן ענדערונג אין דער פראַגע, צי רעליגיע קען אַרויפגעצוואונגען ווערן אויף עמיצן. דער הייליקער אויגוסטין קומט איצט אַרויס מיט אַ דערקלערונג, וואָס זאָגט, אַז טיילמאָל, אין טייל פאַלן, איז יאָ דערלויבט צו משפטן אומגלויביקע און אַפילו אויף אַזוי ווייט, ווי צו באַשטראָפן זיי מיט טויט־שטראָף. נאָך אַ הייליקער, אָפּאַטוס, האָט געמאַכט אַ שריט ווייטער און דערקלערט, אַז מען דאַרף אַלעמאָל פאַראורטיילן צו טויט־שטראָף די אָפּטריניקע. אויגוסטין און אָפּאַטוס זיינען פון די הויפּט־פירער פון דער קריסטלעכער רעליגיע און זייער וואָרט איז הייליק. מיר זעען דעריבער, אַז פון אָנהויב פון פערטן יאָרהונדערט איז דאָס משפטן אָפּטריניקע און אַפּיקורסים געוואָרן אַן אָנגענומענע זאַך, אָבער דאָך, האָט מען מערסטנטייל, קיין טויט־שטראָפן ניט אַרויסגעגעבן, נאָר בלויז אין איינצלנע פאַלן האָט דער הייליקער טריבונאַל פאַרמשפט אַן אָפּטריניקן צו טויט־שטראָף. אַזוי איז עס געווען ביזן עלפטן יאָרהונדערט.

דאָס עלפטע יאָרהונדערט האָט שוין געזען פיל משפטים איבער אָפּטריניקע מיט טויט־אורטיילן. עס הויבט זיך איצט בכלל אָן די עפּאָכע, וואָס מען באַצייכנט פאַר „ערב־אינקוויזיציע".

* * *

אין יאָר 1140 האָט דער פויפּסט גראַציאַן אַרויסגעגעבן אַן ענ־ציקליקע צו די בישאָפן, אין וועלכער עס איז געזאָגט געוואָרן, אַז

אַפּטריניקע און אַפּיקורסים אין דער קריסטלעכער רעליגיע און אויך אַלע די, וואָס זיינען ניט קיין איבערגעגעבענע אַנהענגער פון דער רע־ליגיע, דאַרף מען שטעלן צום משפט און דער אורטייל דאַרף זיין — טויט־שטראָף. באַלד נאָכדעם זיינען די צלם־טרעגער אויפגעפאָדערט געוואָרן צו טויטן אַלע אַפּטריניקע וואָס זיי וועלן טרעפן אין וועג. עס איז דעמאָלט דערלערט געוואָרן, אַז דער פּויפּסט וועט מוחל זיין אַלע די וואָס וועלן דאָס טאָן, די זינד פון מאָרד, ווייל עס איז ניט קיין עבירה, נאָר אַ מצווה. אַזוי איז עס געווען אין גאַנצן 12־טן יאָרהונדערט.

אין דרייצנטן יאָרהונדערט האָט דער פּויפּסט אינאָצענט געשיקט אַן ענציקליקע צו אַלע בישאָפן „צו נוצן קעגן אַלע אַפּטריניקע די גייס־טיקע שווערד פון „חרם" (אויסשליסונג פון דער קריסטלעכער געזעל־שאַפט), אָבער אויב דאָס וועט ניט העלפן, זאָל מען נוצן די מאַטעריעלע שווערד". באַלד דערויף זיינען פאָרגעקומען גרויסע שחיטות אויף אַפּ־טריניקע אין עטלעכע שטעט אין שפּאַניע. דערביי האָט מען אומגעבראַכט אויך פרומע קריסטן, אויף וועלכע עס איז געפאַלן אַ שטיקל חשד. ווען מען האָט דאָס דערציילט דעם הייליקן אַרנאָלד און מען האָט אים גע־פרעגט, ווי אַזוי קען מען דערקענען צווישן די אַפּטריניקע און די אויף וועלכע עס איז נאָר דאָ אַ שטיקל חשד, האָט ער געענטפערט: „זאָל מען אומברענגען אַלע. גאָט וועט שוין וויסן ווער עס איז געווען אַן אמתער קריסט און ווער ניט".

דער קעניג פרידריך דער צווייטער, דער פירער פון דעם זעקסטן קרייץ־צוג, איז געווען אַ „בעל רחמנות" און ער האָט געהייסן די אַפּ־טריניקע ניט פאַרברענען, נאָר בלויז אויסשניידן ביי זיי די צינגער פון מויל, מער ניט. אַן אמתער בעל־רחמנות! איצט קומען מיר צו צום אמתן פאָטער פון דער אינקוויזיציע. דאָס איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי דער יידן־פיינט און מענטשן־פיינט פּויפּסט גרעגאָרי דער זיבעטער. אין יאָר 1231 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מיט אַפּטריניקע זאָל מען זיך ניט צערעמאָניזירן. אויב איינער שטימט ניט צו צו אַלץ וואָס די קירך אין רוים זאָגט, איז ער אַן אפּיקורס און „אחת דתו להמית" — אַזאַ איינעם קומט טויט־שטראָף. אַפילו די וואָס ווילן תשובה טאָן זאָל מען ניט געטרויען און זיי פאַרמשפּטן צו אייביקער געפענגעניש. גרעגאָרי האָט כסדר געהאַלטן אין איין שיקן בריוו צו די בישאָפן, אַז דאָס פאַר־ברענען אַפּטריניקע זאָל ווערן זייער הויפּט־אידעאַל, און פיל פון די בישאָפן האָבן זיך געלאָזט איינרעדן. באַלד נאָכדעם האָט מען אין דער שטאָט ווערונא (אין איטאַליע) געקאָפּט 60 איינוואוינער, אויף וועלכע

מענטשן האָבן געטייטלט מיט די פינגער, אַז זיי זיינען אַפּיקורסים, און מען האָט זיי אַלע פאַרברענט אין פאַרלויף פון איין חודש צייט.

גרעגאָרי האָט ניט אַנדערש געוואָלט פון די בישאָפן, ווי זיי זאָלן דינגען שפּיאָנען און מוסרים וואָס זאָלן אַרומגיין צווישן דער באַפעלקע־רונג און זיך צוהערן צו דעם וואָס זיי רעדן און ווי נאָר זיי וועלן הערן עמיצן מאַכן עפּעס אַ באַמערקונג קעגן דער רעליגיע אָדער קעגן אַ הייליקן, זאָלן זיי אים באַלד אַרעסטירן, שטעלן צום משפּט און פאַר־ברענען. אָבער פיל בישאָפן האָבן אין דער הינזיכט ניט מיטגעאַרבעט מיטן פּויפּסט און האָבן ניט געוואָלט אָנשטעלן אַזעלכע מוסרים און שפּיאָנען. דער פּויפּסט גרעגאָרי האָט געשריבן צו זיי בריוו און האָט געשריגן און געוואָלדעוועט, אַז זיי טוען ניט זייער פליכט, אין פיל פאַלן האָט ער אַפילו זיי געסטראַשעט, אַז ער וועט זיי אַרעסטירן און זיי אַליין משפּטן אַלס אַפּיקורסים. גרעגאָרי האָט כּסדר געזוכט קרבנות, אַ טייל דערפאַר, ווייל ער איז געווען אַ בלוט־דורשטיקער מענטש און אויך דערפאַר, וואָס נאָך יעדן משפּט פון אַן אַפּטריניקן האָט מען קאָנפּיסקירט זיין פאַרמעגן און עס אַריינגעבראַכט אין וואַטיקאַן. אַזוי אַרום איז דער וואַטיקאַן געוואָרן אַלץ רייכער און שטאַרקער.

ענדלעך ווען גרעגאָרי האָט געזען, אַז ער קען זיך אויף די בישאָפן ניט פאַרלאָזן, ווייל זיי זיינען ניט ווי ער, האָט ער באַשלאָסן אַליין צו שאַפן אַזאַ שפּיאָנען־אָרגאַניזאַציע. צו דעם צוועק האָט ער אויסגעקליבן דעם דאָמיניקאַנער אָרדן. ערשטנס, ווייל דער הייליקער דאָמיניק, אויף וועמענס נאָמען דער אָרדן איז געשאַפן געוואָרן, איז אַליין געווען אַזאַ בלוט־־דורשטיקער הייליקער, וועלכער האָט געפּרעדיקט, אַז עס איז די פליכט פון יעדן קריסט אַריינצוברענגען נאָך קריסטן אין קריסטנטום, אַפילו דורך דער מאַכט פון דער שווערד. אויסער דעם זיינען די דאָ־מיניקאָנער אַליין געווען בטבע שפּיאָנען און מוסרים, ווייל דאָס איז, אייגנטלעך, געווען די גאַנצע עובדא פון דאָמיניקאַנער אָרדן. (ער שטייט אין גייסטיקער הינזיכט אויף אַ פיל קלענערן ניוואָ ווי אַלע אַנדערע קריסטלעכע אָרדנס). אָט פון דעם אָרדן האָט גרעגאָרי געשאַפן פאַר זיך אַזאַ שפּיאָנען־אָרגאַניזאַציע, וועלכע ער האָט אָנגערופן „דאָמיניקאָנעס״: דאָס מיינט: „גאָטס סטראַפּטשעס״, אָדער „גאָטס קאָזאַקן״. פּויפּסט גרעגאָרי האָט איצט אַליין גענומען זיך צו דער אַרבעט פון לערנען און אויסשולן די דאָזיקע שפּיאָנען און מוסרים, אַז זיי זאָלן וויסן ווי אַזוי צו זוכן די אַפּטריניקע און וואו זיי צו געפינען.

אַזוי אַרום זיינען געשאַפן געוואָרן די פאַרבאַרייטונגען פאַר דער אינקוויזיציע, וועלכע איז געקומען שפּעטער.

עס איז באַזונדערס אינטערעסאַנט צו באַקענען זיך מיט די בריוו, וואָס אָט דער דאָזיקער פּויפּסט האָט געשריבן צו די פירער פון דער שפּיאָנען־אָרגאַניזאַציע. מיר וועלן דאָ ברענגען בלויז אַ קליינעם אויסצוג פון אַ גרויסן בריוו, דער פּויפּסט שרייבט:

„ווען איר קומט אין אַ שטאָט אַריין, זאָלט איר, אַלס מיינע שליחים, צונויפרופן באַלד אַלע בישאָפן, אַלע גייסטלעכע און אויך אַלע בירגער און רעדן צו זיי וועגן קריסטנטום און די פליכט צו גלויבן אין אַלעם, וואָס די קירך פון רוים זאָגט. דערנאָך זאָלט איר אויסרופן, אַז אמתע גוטע קריסטן מוזן קומען גלייך צו אייך און העלפן אייך, אַז די אָפּטריניקע און אַפּיקורסים, וואָס זיינען דאָ אויף דער פאַרזאַמלונג זאָלן אַרויסקומען און אָפן דערקלערן זייערע זינד. אַלע די אויף וועלכע עס איז דאָ אַ חשד, אַז זיי זיינען ניט קיין גוטע, פרומע קריסטן, מוזן דערקלערן, אַז זיי וועלן טאָן תשובה און צוזאָגן צו זיין גוט און פרום. די, וואָס וועלן דאָס ניט טאָן סיי די אָפּטריניקע און סיי די וואָס זיינען אונטערן חשד, וואָס וועלן זיך ניט אָפן מודה זיין, זאָל מען גלייך אויפן אָרט אַרעסטירן און שטעלן צום משפּט״.

* * *

איצט איז כדי זיך דאָ אָפּצושטעלן און אויפקלערן, ווער עס זיינען געווען די דאָזיקע אָפּטריניקע און אַפּיקורסים פאַר וועלכע גרעגאָרי האָט אַזוי געציטערט.

כדי דאָס צו פאַרשטיין מוז מען האָבן אַ באַגריף פון דער גאַנצער עפּאָכע. ווי מיר האָבן געזאָגט פריער, איז די עפּאָכע געווען אַ צייט פון ערב רענעסאַנס, די אויפקלערונגס־עפּאָכע, וואָס איז געקומען אין אייראָפּע ערשט שפּעטער, נאָך דער אינקוויזיציע. אין פאָלק האָט זיך אָנגעהויבן צו וועקן אַ נייער גייסט, אַ שטרעבונג צו בילדונג און וויסן און איבער־הויפּט, אַ שטרעבונג צו באַפרייען זיך פון די קייטן פון דער רוימישער קירך, וואָס האָט געהאַט אַריינגעכאַפּט אין אירע הענט ניט נאָר די נשמות נאָר אויך די גופים פון די מענטשן. די רוימישע קירך האָט געהערשט מיט אַן אייזערנער האַנט, פיל, פיל שטאַרקער ווי די רוימישע צעזאַרן פון אַמאָל. דאָס רוב לענדער אין אייראָפּע האָבן געהערט צום וואַטיקאַן, אַזוי אַז די קירך האָט ממש אויסגעאיבט אַ זעלטן שטאַרקן דרוק פון אַ מוראדיקן דיקטאַטאָר.

צו דעם אַלעם האָבן אַלע געוואוסט, אַז די מאַכט פון רוים באַשטייט ניט מער פון היילִיקע, ווייל הינטער די ווענט פון וואַטיקאַן, קומען פאָר פיל גוואַלד־טאַטן און געמיינהייטן. דאָס מיינט, אַז די גלאָריע פון די היילִיקע פון רוים איז פאַרשוואונדן.

אויסער דעם איז די קריסטלעכע רעליגיע אין יענער צייט געוואָרן אָנגעפילט מיט לויטער דאָגמעס, מיט אומפאַרשטענדלעכע געזעצן, וואָס מען האָט געמוזט אויספאָלגן צי מען וויל יאָ צי מען וויל ניט, צי מען איז איינשטימיק מיט זיי אָדער ניט און עס האָט זיך דעריבער געוועקט ביים פאָלק אַ נייער גייסט, אַ גייסט אָפּצושאָפן אָט די רעליגיעזע דיקטאַטור; אַ ווילן צו באַפרייען דעם מענטש פון די נאַרישע און אַרויפגעצוואונגענע דאָגמעס; עס האָבן זיך אָנגעהויבן צווישן פאָלק וועבן אידעען פון סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם. דאָס פאָלק האָט צוגעזען דעם גרויסן לוקסוס פון די היילִיקע פון דער קירך און ווי אַזוי זיי פאַרשווענדן אויף רעכטס און לינקס די אָנגעזאַמלטע געלטער פון פאָלק, פאַר זייער אייגענעם נוצן און — עס האָט אין דער שטיל פּראָטעסטירט ווייל מען האָט ניט געקענט און ניט געטאָרט רעדן.

קריסטוס, האָבן די פירער פון פאָלק געטענהט, איז געווען אָרעם און אַזוי אויך זיינע תלמידים. זיי זיינען געגאַנגען צווישן פאָלק באָרוועסע, הונגעריקע, מיט אַ צעריסן העמד אויפן לייב, כדי צו פאַרשפּרייטן גאָטס לערע. אָבער וואָס טוען די דאָזיקע נייע היילִיקע? זיי באָדן זיך אין לוקסוס, זיי האָבן אַלע פאַרגעניגנס פון דער וועלט און אויף וועמענס חשבון? — אויפן חשבון פון פאָלק, פון די געלטער וואָס זיי נעמען צו ביי די אָרעמע פאָלקס־מאַסן. איז דאָס יושר? איז דאָס רעליגיע? ווייל דאָס גאָט אַזוי?

ווי מיר זעען האָט זיך געטראָגן אין פאָלק, אין די הערצער פון די מענטשן, אַ שטורעם, וואָס האָט געקענט אויסברעכן צו יעדער צייט און וואָס וואָלט געמיינט אַ רעוואָלוציע פון די פאָלקס־מאַסן קעגן אירע פאַרשקלאַפער.

אָט דערפון האָט מען גוט געוואוסט אין וואַטיקאַן און געציטערט, און דער ענטפער איז געווען — האַקן קעפּ רעכטס און לינקס, אַפילו אויב עס איז נאָר דאָ בלויז אַ שטיקל חשד אויף עמיצן. די קירך האָט דערמיט געוואָלט אָפּהאַלטן דעם שטורעם קעגן איר. אָבער דער שטורעם איז ווירקלעך געקומען שפּעטער, אין דער צייט פון רעפאָרמאַציע. דער אָנהויב פון שטורעם האָט זיך אָבער שוין געלאָזט פילן אין צוועלפטן יאָרהונדערט און אין אַלע יאָרהונדערטער נאָך אים.

## ווי אַזוי די אינקוויזיציע האָט געאַרבעט

נאָך אַ צייט פאַר ערב אינקוויזיציע האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פון דער אינקוויזיציע גופא.

אין דער צייט פון דער ערב אינקוויזיציע האָט מען נאָר פאַר־פאָלגט אַפּיקורסים און אַפּטריניקעס. קיין אַנדערע ניט. די אינקוויזיציע אָבער האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל צו פאַרפאָלגן אויך די אַנדערש־גלויביקע, ווי יידן און מאַכמעדאַנער. אַזוי ווי דער פויפּסט גרעגאָרי דער זיבעטער איז געווען דער פאָטער פון דער אינקוויזיציע איז איר עקזעקוטיוו געווען — טאָרקוועמאַדאַ, האָט ער אויסגעפירט אין לעבן דאָס וואָס דער הייליקער פאָטער גרעגאָרי האָט פאַרטראַכט מיט צוויי הונדערט יאָר פריער.

אָבער ווער איז געווען אָט־דער טאָרקוועמאַדאַ? דאָס איז געווען אַ הייליקער וואָס איז געווען ווייט, זייער ווייט פון יעדער זאַך וואָס איז הייליק. ער אַליין האָט אַמאָל אין אַ מינוט ווען ער האָט פאַרגעסן אַז ער טראָגט אַ מאַסקע אויף זיין געזיכט, געזאָגט צו זיינעם אַ פריינד: איך האָב שטאַרק ליב צוויי זאַכן: געלט און בלוט־פאַרגיסונג. נאַטירלעך האָט ער דאָס באַהאַלטן טיף אין זיך און אויף זיין פּנים איז אַלעמאָל געלעגן אַן אויסדרוק פון איינעם וואָס בעט צו גאָט. ער האָט זיך אויך געהאַט איינגערעדט, אַז ער פירט נאָר אויס גאָטס ווילן, ווען ער ברענגט אום די אַנדערש־גלויביקע. ער איז געווען אַ טיפּ פון אַ פאַראַנאָיאיקער, מיט אַ משוגעת פאַר איין זאַך. נעמלעך, צו פאַרפאָלגן ניט־גלויביקע און עס איז אים געלונגען אַרויסצוקריגן פון פויפּסט אַ באַפולמעכטיקונג צו טאָן אַלץ וואָס ער וויל. אַזוי אַרום איז ער געוואָרן דער פאָרזיצנדער פון דער אינקוויזיציע מיט אַן אומבאַגרענעצטער מאַכט. עס איז דעריבער מער ניט קיין וואונדער וואָס אָט־דער פאַנאַטיקער האָט פאַרברענט, לויט אָפיציעלע ציפערן, איבער צוויי טויזנט אַפּיקורסים און אַנדערש־גלויביקע. די היסטאָריקער אָבער וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיטן אויספאָרשן יענע עפּאָכע אין שפּאַניע, גיבן אָן די צאָל פון די קרבנות פאַר מער ווי אַכט טויזנט און אַנדערע אַפילו זאָגן, אַז עס איז געווען איבער 10 טויזנט קרבנות, אַ חוץ די פיל צענדליקער טויזנטער, וועלכע מען האָט פאַרמשפּט צו עינויים קשים, צו אומגעהויערע ליידן. טאָרקוועמאַדאַ איז געווען, אי דער באַשולדיקער, דער פּראָקוראָר, אי דער עדות וואָס האָט באַשטעטיקט דעם פאַרברעכן און איבערהויפּט, דער ריכטער, וואָס האָט אַרויסגעטראָגן דעם אורטייל. טיילמאָל האָט ער, כדי צו האָבן אַ ביסל מער פאַרגעניגן נאָך

געכאַפּט אַ שפּאַציר אין די פּייניקונגס־קאַמערן, וואו מען האָט אויסגע־דרייט הענט, צעבראָכן פיס און געריסן שטיקער פון די לייבער פון די „זינדיקע", כדי אַליין אויך צוצולייגן אַ האַנט און מוטשען נאָך שטאַרקער אַזאַ הילפסלאָזן קרבן, איבערהויפּט דורך איינפּרעסן זיין האַרץ אין אַזאַ פּרעס־מאַשין און שרויפן. און די שרויפן האָבן וואָס אַמאָל שטאַרקער גע־דריקט, געפּרעסט און צעבראָכן זיינע ביינער. טאָרקוועמאַדאַ האָט אַליין דאָס באַצייכנט אַלס זיין בעסטן פאַרגעניגן. מען זאָגט אַפילו, אַז אָט־דער טאָרקוועמאַדע האָט אויך צוגעטראַכט מיטלען און וועגן ווי אַזוי בעסער און שטאַרקער צו פּייניקן די אַרעסטירטע.

אָט אַזאַ איינער, אַזאַ ווילדער אַכזר, אַזאַ נשמהלאָזער מענטש, אַ חיה אין מענטשלעכער פאָרם, איז געווען אַ גרויסער הייליקער אין די אויגן פון דער קירך און אים האָט מען געלאָזט טאָן וואָס נאָר ער האָט געוואָלט.

אָט ווי אַזוי די קאַטוילישע היסטאָריקער פון זיין צייט שילדערן די טעטיקייטן פון טאָרקוועמאַדאָ. זיי שרייבן אַזוי:

צום ערשטן האָט דער אינקוויזיטאָר אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע אַפּיקורסים און אַפּטריניקע זאָלן קומען צו אים און אויפגעבן זייער אַפּטריניקייט אין פאַרלויף פון א חודש צייט. דאָס איז נאָר געווען אַזאַ פאָרמעלע אויפפאָדערונג, ווייל קיינער פון די אמתע אַפּיקורסים און אַפּטריניקע איז ניט געקומען, ניט וועלנדיק באַשולדיקן זיך אַליין, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז עס איז גענוג נאָר אַז זיי זאָלן זיך מודה זיין אין דער קלענסטער זאַך וועט שוין אָט־דער אַכזר זיי ניט אָפּלאָזן און זיי פאַרפאָלגן ביזן טויט.

נאָך דעם ווי עס איז אַריבער אַ חודש, וואָס עס האָט געהייסן אַ חודש גנאָד פון דער קירך צו די אַפּטריניקע, האָט טאָרקוועמאַדאַ דערקלערט, אַז יעדער פרומער קריסט מוז אַרויסגעבן די נעמען פון אַלע די, וואָס ער דענקט, אַז זיי זיינען ניט גענוג פרום און גלויבן ניט פולשטענדיק אין דער לערע פון רוים. כדי צו באַשולדיקן עמיצן איז גענוג געווען בלויז צוויי עדות. אָבער די עדות האָבן געקענט זיין אויך שונאים פון עמיצן. זיי האָבן אויך געקענט זיין אונטערגעקויפטע און על־פּי־רוב גנבים און רוצחים. פון דער אַנדערער זייט האָט דער באַשולדיקטער ניט געקענט ברענגען קיין שום עדות; ער האָט אויך ניט געקענט אָנשטעלן אַן אַדוואָקאַט וואָס זאָל אים פאַרטיידיקן. אויסער דעם האָט די הייליקע אינקוויזיציע ניט אַרויסגעגעבן די נעמען פון די שפּיאָנען און עדות, וועלכע האָבן באַשולדיקט עמיצן.

דער באַשולדיקטער האָט ניט געקענט אויפווייזן, אַז ער ווערט פאַלש באַשולדיקט. ער האָט ניט געקענט אָפּלייקענען די רייד פון די עדות און דאָס וואָס זיי האָבן געזאָגט ניט אין זיין קעגנוואַרט. ער האָט געהאַט בלויז צוויי ברירות: זיך מודה זיין אָדער ניט. האָט ער זיך מודה געווען, האָט מען אים אַרעסטירט און געשטעלט פאַרן טריבונאַל פון דער אינקוויזיציע. אויב ער האָט זיך ניט מודה געווען, האָט מען אים אָפּגעשיקט אין די פייניקונגס־קאַמערן וואו מען האָט אים אַזוי לאַנג געפייניקט און געמוטשעט ביז ער האָט זיך מודה געווען. אָדער — ער איז געפאַלן טויט אונטער די הענט פון די פייניקער.

* * *

מיר האָבן שוין איצט אַ באַגריף וועגן דעם ווי אַזוי די פייניקונגס־קאַמערן האָבן געאַרבעט. דאָך איז אינטערעסאַנט צו ברענגען דאָ וואָס אַ קאַטוילישער שרייבער פון יענער צייט שרייבט וועגן פייניקונגס־קאַמערן און די פייניקונגס־מכשירים וואָס אַ טייל פון זיי זאָל טאָרקוועמאַדאַ אַליין האָבן דערפונדן. ער שרייבט אַזוי:

צום ערשטן פאַלט אונדזער אויג אויף אַזאַ אינסטרומענט וואָס רופט זיך אויף שפּאַניש „סטראַפּאַדאַ". די מאַשין האָט געאַרבעט אָט אַזוי: דער אַרעסטאַנט מיט די הענט געבונדן אויף הינטן צו, איז געוואָרן אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק וואָס האָט זיך געצויגן פון אַ הויכן פלאַץ. די מאַשין האָט אים אויפגעהויבן ביז צום הויכן סופיט, עטלעכע שטאָק הויך און דערנאָך אַראָפּגעלאָזט מיט אַ קנאַק צו דער פּאָדלאָגע. דאָס האָט זיך אַזוי איבערגעחזרט עטלעכע מאָל דורכן טאָג. טיילמאָל האָבן די מחבלים פון דער אינקוויזיציע נאָך אָנגעהאָנגען שווערע געוויכטער אויף די פיס פון דעם אָפּטריניקן כדי זיין פאַלן זאָל אים פאַראורזאַכן מער יסורים.

נאָך אָט־דער מאַשין איז געווען אַ באַזונדערער פלאַץ וואו מען האָט געפייניקט די אַרעסטירטע דורך פייער. עס זיינען דאָרטן געלעגן גליענדיקע קוילן און דער אָפּטריניקער האָט געדאַרפט לויפן אויף זיי. פיל מאָל האָבן די אינקוויזיציע מחבלים נאָך אָנגעשמירט די פיס פון דעם געפייניקטן מיט אייל, כדי זיי זאָלן זיך נאָך מער פּרעגלען אויף די הייסע קוילן. די „הייליקע" אינקוויזיטאָרן זיינען געשטאַנען דערביי און געפּרעדיקט צום געפייניקטן, אַז ער זאָל תשובה טאָן און אָננעמען אַלץ וואָס די קירך פון רוים זאָגט, אָן שום צווייפל און גלויבן אין דער ריכטיקייט פון דער לערע פון קריסטנטום.

נאָך דעם פייער איז געקומען װאַסער. דאָס האָט מען געטאָן אַזוי: מען האָט געבונדן ביי דעם אַרעסטאַנט די הענט און די פיס מיט אַזאַ דינעם שטריק װאָס האָט איינגעשניטן זיך אין לייב. דערנאָך האָט מען אויפגעריסן זיין מויל און אַריינגעגאָסן װאַסער אָן אויפהער ביז עס איז געקומען צו אַ מאָמענט װען ער האָט געהאַלטן ביים דערשטיקט װערן. דעמאָלט האָט מען אים פאַרגעלייגט, אַז ער זאָל זיך מודה זיין, אויב ניט, װעט מען װייטער אָנגיין מיטן דאָזיקן שפּיל.

אַזוי זיינען געװען נאָך פיל אַנדערע פּייניקונגס־מיטלען. אַלץ װאָס דאַנטע רעכנט אויס אין זיין „אינפערנאָ" האָט מען דאָ געשאַפן אין דער װירקלעכקייט. אָבער עס איז געװען פיל ערגער נאָך װי אין גיהנום פון דאַנטען. עס איז געװען דאָס קעניגרייך פון טײַװל אַליין.

דער קאַטױלישער שרייבער װאַנקאַנדאַרד שרייבנדיק װעגן די ליידן פון די געפּייניקטע זאָגט אָט װאָס: לויטן געזעץ פון דער קירך האָט מען ניט געטאָרט אַנװענדן די שטראָף פון די פּייניקונגען מער װי איין מאָל, אָבער װער פון די אינקװיזיטאָרן האָט געקוקט דערויף? װען זיי האָבן געװאָלט הנאה האָבן פון פּייניקן עמיצן מיט אַ געװיסן סאָרט פון די פּייניקונגס־מאַשינען, האָבן זיי עס געטאָן. זיי האָבן דאָס אָנגערופן ניט אַ צװייטע פּייניקונג, נאָר אַ פאָרזעצונג פון דער ערשטער.

די פּייניקונגען זיינען אָנגעגאַנגען אַזוי לאַנג ביז דער אַרעסטאַנט האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן, זיך מודה געװען און האָט צוגעזאָגט צו זיין שוין אַ גוטער קריסט. דעמאָלט האָט מען אים איבערגעפירט אין טורמע, געשטעלט צו אַ טריבונאַל און געװיינטלעך פאַרמשפּט צו אייביקער געפענגעניש. אויב ער האָט זיך מודה געװען, האָט מען אים אויך געשטעלט פאַר אַ משפּט צום טריבונאַל און מען האָט אים פאַרמשפּט פאַרברענט צו װערן.

מען דאַרף געדענקען נאָך עפּעס. די קירך האָט צו דעם אַלעם נאָך געװאָלט בלייבן ריין און פיין. זי האָט ניט געװאָלט טראָגן אויף זיך דעם פלעק, אַז זי פּייניקט מענטשן, אַז זי באַשטראָפט מענטשן מיט אייביקער טורמע און אַװדאי ניט מיט טויט. װאָס האָט זי געטאָן? זי האָט געשפּילט אַ דאָפּלטע ראָל. זי האָט געזאָגט, אַז זי טוט אייגנטלעך גאָרניט צו די אָפּטריניקע, זי טשעפּעט זיי ניט; ניט מער, זי װיל זיי אָבער אויך ניט באַשיצן. אַזוי װי זיי האַלטן ניט פון דער קירך, ציט די קירך צוריק פון זיי די שוץ, װאָס זי גיט צו יעדן גוטן קאַטאָליק און — זי גיט זיי איבער צו דער מלוכה, ניט מער.

איצט קומט דער שטאַט װאָס איז אַ קריסטלעכער און װעלכער

באַטראַכט אַ פאַרברעכן קעגן דער קריסטלעכער רעליגיע אַלס אַ שטאַטס־פאַרברעכן און ער משפט דאָס זיי. איינער פון זייערע הייליקע שרייבנ־דיק וועגן דער אינקוויזיציע, זאָגט אַזוי:

מען קען ניט און מען טאָר ניט זאָגן, אַז די קירך האָט געפּייניקט מענטשן. דאָס איז ניט אמת. דאָס האָט געטאָן גאָר די מלוכה, די שפּאַנישע רעגירונג און אַמאָל אויך אַן אַנדערע רעגירונג. אַלע ליידן, יסורים, פּייניקונגען און טויט־שטראָפן דורך פאַרברענען אויפן פייער, זיינען אויסגעפירט געוואָרן דורך דער שפּאַנישער רעגירונג. זי איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלעמען. פאַרקערט. די קירך האָט פאַרגעבן, מוחל געווען, געזוכט אַז מען זאָל תשובה טאָן און געהאָלפן די ליידנדע.

דערביי מאַכן זיך אָט־די שרייבער ניט וויסנדיק פון די געזעצן וואָס גרעגאָרי דער זיבעטער און אַלע אַנדערע פּויפּסטן האָבן אַרויסגעגעבן צו משפּטן די אַפּטריניקעס און זיי באַשטראָפן אַפילו מיט טויט־שטראָף. אָבער אויב די מלוכה איז די שולדיקע אין דעם אַלעם, ווער האָט דאָס געהייסן דער מלוכה עס טאָן, אויב ניט די פּויפּסטן? אין אַ באַפעל וואָס עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון פּויפּסט אינאָצענט דעם פערטן ווערט בפירוש געזאָגט, אַז די מלוכה איז פאַרפליכטעט צו פאַרברענען אין משך פון 5 טעג אַלע פאַרמשפּטע אַרעסטאַנטן, וואָס די קירך האָט איר איבערגעגעבן. נאָך מער: אַלע פירער פון דער מלוכה, וועלכע האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרברענען וואָס מען האָט זיי צוגעשטעלט זיינען דערפאַר געטאַדלט געוואָרן פון דער קירך און שפּעטער האָט מען זיי אויסגע־שלאָסן אינגאַנצן פון קריסטנטום.

* * *

אָבער דאָס ערגסטע, דאָס שענדלעכסטע אין דער גאַנצער אינקוויזיציע איז געווען די מיאוסע האַנדלונג בנוגע די קינדער פון אַ פאַר־משפּטן צום טויט.

דאָס קריסטלעכע געזעץ האָט געזאָגט: „ווען מען פאַרברענט אַן אַפּטריניקן אויף די פייערן פון דער אינקוויזיציע, געהערט זיין גאַנץ פאַרמעגן צו דער קירך און אַפילו אַ פּאָדים זאָל מען ניט געבן צו די קינדער״. אַלץ האָט די קירך קאָנפיסקירט.

אָבער עס איז געמאַכט געוואָרן איין אויסנאַם. און איר וועט זיך גאָר ניט גלויבן ווי נידעריק עס זיינען געפאַלן די, וואָס האָבן אָט דעם אויסנאַם־געזעץ געשאַפן. עס איז געווען אַ פּונקט, וואָס זאָגט אַזוי: די קינדער פון איינעם וואָס איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דורך פאַר־

ברענט צו ווערן אין די הייליקע פלאַמען פון דער אינקוויזיציע, קענען ירשנהן זייערע עלטערן נאָר אין פאַל אויב זיי האָבן שפּיאָנירט און פאַר־צייכנט אַלע זינד וואָס די עלטערן זיינען באַגאַנגען קעגן דער קירך און האָבן דאָס באַצייטנס מיטגעטיילט צו דער אינקוויזיציע.

האָט איר שוין געהערט פון אַזאַ זאַך? יאָ. אויך ביי סטאַלינען (און אפשר אויך ביי כרושטשאָוון) קומט פאַר דאָס זעלבע. אויך דעמאָלט ווען סטאַלין האָט געהערשט, האָט מען געלערנט די קינדער צו שפּיאָנירן די עלטערן. עס איז, דוכט זיך מיר, געווען אַפילו אַזאַ יידיש לידל וואָס האָט געזאָגט: „האָסט געמסרט דיין טאַטן, גוט אַזוי, גוט אַזוי, עס איז דיין טאַטע אונדזער שונא" א. א. וו.

אָבער אויך דאָס געזעץ האָט די קירך אַליין ניט אַרויסגעגעבן. די קירך, זי מוז בלייבן הייליק און אומשולדיק. האָט מען דאָס געהייסן טאָן דעם קעניג פרידריך דעם צווייטן פון דייטשלאַנד און ער האָט געפאָלגט.

באַלד דערויף האָט די שוואַרצע גוואַרדיע וואָס איז געווען ביי דער אינקוויזיציע זיך באַמיט איינצופירן דאָס אין לעבן. דאָס הייסט, אַז קינדער זאָלן מסרן די עלטערן. גאָר באַזונדערס האָט זיך אין דעם אָנגע־כאַפּט טאָרקוועמאַדאָ.

אָבער פונדעסטוועגן האָבן די הייליקע פון דער קירך זיך דאָך ניט איינגאַנצן געקענט איינהאַלטן פון לויבן אָט־דאָס געזעץ, און פיל פּרינצן פון דער קירך האָבן זיך אַרויסגעזאָגט דערפאַר. באַזונדערס האָט גרעגאָרי דער זיבעטער דערקלערט, אַז עס פרייט אים צו זען ווי אַזוי די קינדער טרעטן אַרויס קעגן די עלטערן, כדי צו לויבן און צו שטאַרקן גאָטס נאָמען.

יעזוס, ווערט דערציילט אין נייעם טעסטאַמענט, האָט זיך אויסגע־דריקט: „ברענגט מיר אייער קליינוואַרג!" און די פירער פון דער אינקוויזיציע האָבן אים געפאָלגט ניט דורך ברענגען דאָס קליינוואַרג און מאַכן זיי פאַר גוטע קריסטן, נאָר דורך מאַכן זיי פאַר מוסרים און שפּיאָנען, און קעגן וועמען? — קעגן זייערע עלטערן.

אָבער ביי דעם אַלעם איז די קירך געבליבן ריין און אומשולדיק. זי האָט גאָרניט געטאָן. אַלץ האָט געטאָן די מלוכה און די קירך האָט דער מלוכה ניט געקענט שטערן אָנצופירן מיט איר אַרבעט.

## טאָרקוועמאַדאָ און די יידן

דעם ערגסטן גורל אין דער צייט פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע האָבן געהאַט די יידן. עס האָט כלומרשט געהייסן, אַז די אַפּיקורסים און

אָפּטריניקע זיינען די הויפּט קרבנות פון דער אינקוויזיציע און אַז די אַנדערש־גלויביקע, ווי למשל, די יידן און מאַכמעדאַנער קומען ערשט נאָך זיי, אָבער דאָס איז געווען אַזוי נאָר אין טעאָריע. אין לעבן האָט אָבער טאָרקוועמאַדאָ גערודפט מער די אַנדערש־גלויביקע ווי די אָפּ־טריניקע און די יידן מער ווי די מאַכמעדאַנער.

מיר זעען דאָס באַזונדערס פון דעם וואָס די דאָמיניקאַנער, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט דער אינקוויזיציע, האָבן אַרויסגעקראָגן פון קעניג פון שפּאַניע אַ צייטווייליקע דערלויבעניש צו ברענען די אַנדערש־גלויביקע (לייען: יידן) נאָך פיל פריער איידער זיי האָבן געהאַט די דער־לויבעניש צו משפטן די אַפּיקורסים. אָבער די קירך פון רוים האָט זיך דעמאָלט נאָך צוריקגעהאַלטן פון באַשטעטיקן די דערלויבעניש.

די רדיפות אויף יידן האָט אייגנטלעך געמיינט ניט אויף יידן וואָס זיינען געבליבן יידן און פירן זיך אויף לויט דער יידישער אמונה, נאָר אויף די יידן וואָס האָבן זיך געשמדט און עס איז אויף זיי געפאַלן אַ חשד, אַז זיי היטן ניט אָפּ די קריסטלעכע דינים און מנהגים, אָבער אין אמתן האָט מען גערודפט אַלע יידן אָן אונטערשיד.

די דאָמיניקאַנער, וועלכע זיינען געווען מייסטנס פּראָסטע מענטשן פון אָרעמען שטאַנד, האָט פאַרדראָסן פאַרוואָס די „נייע קריסטן" (אַזוי האָט מען גערופן די געשמדטע יידן) זיינען רייך און שפּילן אַזאַ גרויסע ראָל אין לאַנד, פיל מער ווי זיי, די אַלטע קריסטן. דאָס איז געווען אמת. די יידן אין שפּאַניע זיינען געווען זייער פעאיק און האָבן זיך שטאַרק אויסגעטויגט אויפן געביט פון האַנדל. זיי האָבן געהאַט נאָך מער מעג־לעכקייטן אויסצובררייטערן זייערע געשעפטן. אָט־די נייע קריסטן האָבן געוואוינט אין די גרויסע שטעט אין סאַמע רייכן טייל פון דער שטאָט. זיי האָבן אויסגעמאַכט אַ דריטל פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג און זיינען אומעטום געווען באַוואוסט אַלס דער רייכער קלאַס פון בירגער. די דאָזיקע יידן (ריכטיקער געזאָגט: מאַראַנען) האָבן אָבער אין דער שטיל אָפּגעהיט יידישקייט נאָר בלויז אָפיציעל זיינען זיי אַמאָל אַריין אין קירך. דאָס האָט די אָרעמע פאַנאַטישע דאָמיניקאַנער ניט געשמעקט און זיי האָבן אָנגעשטעלט שפּיאָנען נאָכצוקוקן ווי אַזוי די „נייע קריסטן" פירן זיך אויף ביי זיך אין דער היים און אַז מען זוכט, געפינט מען.

די רעגירונג פון שפּאַניע האָט אָבער פּאַקטיש ניט געוואָלט, אַז מען זאָל פאַרפאָלגן די דאָזיקע רייכע יידן, ווייל זי האָט גוט געוואוסט, אַז דערמיט וועט מען פאַרניכטן דעם רייכן קלאַס, וואָס דאָס וועט מיינען אַ חורבן פאַר שפּאַניע. אָבער די דאָמיניקאַנער האָבן געאַרבעט מעשים.

ענדלעך האָבן זיי דאָס געפּועלט ביי דער קעניגין איזאַבעלאַ, וועלכע איז אַלס פּאָרטוגעזישע פּרינצעסין געווען אַ שילערין פון טאָמאַס טאָרקווע־מאַדאָ. דער דאָזיקער בלוט־דורשטיקער „הייליקער" האָט אַזוי לאַנג גע־ווירקט אויף דער קעניגין ביז זי האָט געגעבן איר דערלויבעניש צו שאַפן די אינקוויזיציע. פונדעסטוועגן, ווען עס איז געקומען דערצו, אַז דער קעניג פערדינאַנד און די קעניגין איזאַבעלא זאָלן אונטערשרייבן דעם דעקרעט וואָס זאָל באַשטימען דאָס אָרט און דעם טאָג ווען עס זאָל זיך אָנהויבן דאָס אינקוויזיציע־געריכט, האָט די קעניגין ניט געוואָלט עס אונטערשרייבן. איזאַבעלאַ איז געווען קליגער ווי איר מאַן פערדינאַנד. דער קעניג פערדינאַנד איז געווען אַ קליין מענטשעלע, וואָס האָט גע־טראַכט בלויז דערפון, אַז נאָכן טויט פון די רייכע יידן, די מאַראַנען, וועט מען קאָנפיסקירן זייערע גרויסע פאַרמעגנס און די רעגירונגס־קאַסע (דאָס מיינט, ער אַליין) וועט דערפון רייכער ווערן פון טאָג צו טאָג. אי־זאַבעלאַ אָבער האָט פאַרשטאַנען די זאַך פיל אַנדערש. זי האָט געזען, אַז דערמיט וועט מען צעשטערן דעם רייכן קלאַס פון שפּאַניע און דאָס לאַנד וועט ווערן פיל אָרעמער. זי האָט זיך דעריבער פאַר אַ צייט לאַנג צוריקגעהאַלטן פון געבן איר אונטערשריפט אונטערן דעקרעט. אָבער די דאָמיניקאַנער האָבן געדריקט דאָס קעניגלעכע פּאָרפאָלק. איבערהויפּט איז טאָרקוועמאַדאָ געלאָפן אַלע מאָל צו דער קעניגין און מיט איר איינ־געטענהט און איר אַפילו געסטראַשעט, אַז די קירך פון רוים וועט אָנ־נעמען מיטלען קעגן איר, ווייל זי איז ניט קיין גוטע קריסטין.

דאָס קעניגלעכע פּאָרפאָלק האָט ענדלעך באַשלאָסן צו ווענדן זיך מיט אַן אָנפראַגע קיין רוים. אין וואַטיקאַן איז דעמאָלט געזעסן דער פּויפּסט סעקסטוס דער פערטער, וועלכער האָט שטאַרק ליב געהאַט געלט. ווען ער האָט אַריינגעקראָגן די אָנפראַגע פון קעניגלעכן פּאָרפאָלק, האָט ער זיך באַלד געווענדעט צו זיי מיט אַ פראַגע צי די קאַסע פון וואַטיקאַן וועט האָבן אַ טייל פון די קאָנפיסקירטע געלטער. טאָרקוועמאַדאָ האָט געפּרעסט אויפן קעניגלעכן פּאָרפאָלק צו ענטפערן, אַז יאָ. דער פּויפּסט האָט דעמאָלט געהייסן אונטערשרייבן דעם דעקרעט צו שאַפן דאָס איינ־קוויזיציע־געריכט אויף צו משפּטן די נייע קריסטן, וועלכע ווערן באַ־שולדיקט אין אָפּנאַרן די קריסטלעכע וועלט דערמיט וואָס זיי זיינען אין געהיים יידן און היטן אָפּ די יידישע דינים און מנהגים. דער דעקרעט איז אונטערגעשריבן געוואָרן דעם ערשטן נאָוועמבער פון יאָר 1478. דער קעניג און די קעניגין האָבן אָבער אַלץ נאָך געצויגן מיטן שאַפן דאָס אינקוויזיציע־געריכט גאַנצע צוויי יאָר. ענדלעך האָט אַזאַ אינקוויזיציע־

געריכט זיך אָנגעהויבן דעם 2־טן יאַנואַר פון יאָר 1480, צום ערשטן אין סעוויל. דאָרטן האָבן די דאָמיניקאַנער גלחים צום ערשטן מאָל אָנגעצונדן די פייערן פון „אויטאָ דאַ פע״ און נאָך איידער עס איז אַריבער אַ יאָר, דעם ערשטן נאָוועמבער 1481, האָבן שוין אָט־די בלוט־דורשטיקע גייסט־לעכע געהאַט פאַרברענט 280 פון די אָנגעזעענסטע יידן־מאַראַנען, וועלכע זיינען געגאַנגען אין די פייערן מיטן רוף פון „שמע ישראל״ אויף זייערע ליפּן.

* * *

אָבער די יידן זיינען געווען אַ גרויסע מאַכט אין שפּאַניע און זיי האָבן ניט געשוויגן. די יידן זיינען געווען די הויפּט געשעפטס־פירער אין דער אָרעמער שפּאַניע און די גרויסע הכנסה פון שטייערן איז אַראָפּ־געקומען געוואָרן פון זיי. וואָס דען? די אָרעמע פויערים האָבן געקענט דעקן די אַלע הוצאות וואָס איזאַבעלאַ און אירע הויף־דאַמען האָבן גע־דאַרפט אויף זייער לוקסוס־לעבן! — אַזוי ווי די יידן זיינען געווען אַ גרויסע מאַכט, דער גאַנצער האַנדלס־קלאַס, האָבן זיי פּרובירט אַלע מיטלען, אַז די אינקוויזיציע זאָל ניט אַרבעטן קעגן זיי און אַז אויך די שווערד פון גירוש וואָס איז געהאָנגען מיט אַ דינעם פאָדים איבער זייערע קעפּ זאָל ניט אַראָפּפאַלן און זיי פאַרניכטן. זיי האָבן זיך קודם־כל געווענדעט צו די קריסטן און געמאָנט ביי זיי טאָלעראַנץ פאַר זייער גלויבן. זיי האָבן אויך געשיקט אַ דעפּוטאַציע צום קעניג און פון אים פאַרלאַנגט בלויז איין זאַך, אַז ער זאָל זיי לאָזן צורו. זיי האָבן אָבער גע־וואוסט, אַז מיט ווערטער וועט מען דעם קעניגס האַרץ ניט ווייכער מאַכן און אַז ער איז שטאַרק פאַרליבט אין געלט, האָט מען צוזאַמענגענומען ביי די יידן פון שפּאַניע אַ ריזיקע סומע פון 30 טויזנט גאָלד־דוקאַטן (אַ גאָלד־דוקאַט האָט געהאַט די ווערט פון 15 זילבערנע טאָלער) אַלס מתנה צו עשיון. די סומע איז געגעבן געוואָרן, צוזאַמען דערמיט האָבן די יידן אויך דערמאָנט דעם קעניג, אַז זיי האָבן געקעמפט אויף דער זייט פון די קריסטן אין קאַמף מיט די מאַכמעדאַנער און אַז עס איז געווען זייער פּאַטריאָטיזם וואָס האָט געהאָלפן צו באַזיגן די מורן און פאַרטרייבן זיי פון לאַנד.

ווען פערדינאַנד האָט געהערט די רייד פון די יידן וועגן זייער פּאַטריאָטיזם צום לאַנד, האָט ער דער דעפּוטאַציע ניט געוואָלט לאָזן אַפילו מער רעדן, אָבער ווען ער האָט ווייטער געהערט, אַז מען דערלאַנגט אים אַזאַ ריזיקע סומע ווי — דרייסיק טויזנט גאָלד־דוקאַטן, איז ער

געוואָרן ווייכער און איז שוין געווען גרייט אונטערצושרייבן אַ באַפעל צו לאָזן די יידן צורו און אָפּצושאַפן קעגן זיי ביידע זאַכן: די אינקוויזיציע און דעם גירוש. אָבער דאָס האָבן זיך באַלד דערוואוסט די דאָמיניקאַנער שפּיאָנען וואָס טאָרקוועמאַדאַ האָט געהאַט אַוועקגעשטעלט אין קעניגלעכן הויף און זיי האָבן דאָס אים גלייך אָפּגעטראָגן, נעמלעך, אַז דער קעניג איז גרייט צו פאַרקויפן דאָס קריסטנטום צו די יידן. דעמאָלט האָט דער בלוט־דורשטיקער אינקוויזיטאָר געכאַפּט דעם גרויסן צלם וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט ביי אַלע אויספאָרשונגען און איז אַוועק מיט דעם אין הויף פון קעניג און אָן צו וואַרטן אויף אַ דערלויבעניש אַריינצוקומען אין קעניגלעכן פּאַלאַץ, האָט ער זיך אַריינגעריסן מיט שטורעם ביזן טראָן־זאַל, וואו דער קעניג איז געזעסן און גערעדט צו די יידן, און האָט אויסגעשריען:

— אַ שטראָף פון הימל וועט קומען אויף דעם וואָס וועט גיין אין די וועגן פון יהודה איש קריות, וועלכער האָט פאַרקויפט יעזוסן צו די יידן פאַר דרייסיק זילבערנע טאָלער. אויך דו, פערדינאַנד, ווילסט טאָן דאָס זעלבע, נאָר אַנשטאָט דרייסיק טאָלער, ווילסטו נעמען ביי די יידן 30,000 שטיקער גאָלד. געדענק, דאָס וועט דיר ניט געשענקט ווערן! גאָטס צאָרן וועט פאַלן אויף דיר, וואָס פאַררעטן אים!

דער קעניג איז פאַרציטערט געוואָרן און געהייסן דער יידישער דעפּוטאַציע פאַרלאָזן דעם זאַל. און טאָרקוועמאַדאַ האָט אויסגעפירט. דער באַפעל פון גירוש פון די יידן איז פון קעניג אונטערגעשריבן געוואָרן. דאָס איז געווען דעם 31־טן מערץ פון יאָר 1492. לויט דעם באַפעל האָט יעדער ייד, וואָס האָט געוואוינט אין שפּאַניע, געהאַט צוויי ברירות. איין ברירה איז געווען אַז ער זאָל אין פאַרלויף פון פיר חדשים זיך שמדן און איבערגיין צום קריסטנטום. דעמאָלט קען ער בלייבן אין לאַנד און עס וועט אים גאָרניט געשען. די צווייטע ברירה איז געווען צו פאַרלאָזן שפּאַניע אויף אייביק.

אין שפּאַניע האָבן זיך דעמאָלט געפונען אַן ערך פון אַ האַלבן מיליאָן יידן. 200,000 האָבן אויסגעקליבן שמד איידער צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. אָבער 300,000 האָבן בעסער געוואָלט פאַרלאָזן שפּאַניע, ווי איבער־צוגיין צום קריסטנטום. די מעשה איז אָבער געווען דאָס וואָס אַפילו די, וואָס זיינען אַריבער צום קריסטנטום, האָבן דערמיט ניט געראַטעוועט זייער לעבן, ווייל די דאָמיניקאַנער האָבן שפּיאָנירט נאָך די נייע קריסטן זייער שטאַרק און מיט אַלע מיטלען געזוכט זיי צו באַשולדיקן אין זינד קעגן

קריסטנטום ביז זיי האָבן ענדלעך זיי דערפירט צום טריבונאַל און צום „אויטאָ דאַ פע״.

נאָכדעם ווי די גזירה פון גירוש איז אַרויס, האָבן די יידן געזען אַז עס איז פאַרפאַלן און אַז זיי מוזן נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט. די רעגירונג פון שפּאַניע האָט דערלויבט די יידן צו פאַרקויפן זייער האָב־און־גוטס, אָבער די קריסטן האָבן זיך ניט געאיילט עס צו קויפן. זיי האָבן גאַנץ גוט געוואוסט, אַז די גרויסע הייזער קענען די יידן ניט מיטנעמען און אַז אין לעצטן טאָג אײדער זיי וועלן פאַרלאָזן דאָס לאַנד וועלן זיי אַוועקגעבן אַלץ פאַר אַ שיבוש. אַזוי איז טאַקע געווען. ווי עס שרייבט אַ קריסטלעכער היסטאָריקער וועגן יענער עפּאָכע, די יידן האָבן אַוועקגעגעבן אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט כמעט פאַר גאָרניט. ער שרייבט, אַז ער אַליין האָט געזען ווי רייכע יידן האָבן אַוועקגעגעבן זייערע שיינע פּאַלאַצן פאַר אַן אייזעלע, אויף וועלכן זיי זאָלן קענען רייטן און אַרויספירן אַ ביסל פון זייערע בעבעכעס. איינער אַ רייכער ייד וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן וויין־גאָרטן, וואָס איז ווערט געווען פיל טויזנטער דוקאַטן, האָט ער אים דאָס אַוועקגעגעבן פאַר עטלעכע ליילעכער. צו דעם נאָך האָט די שפּאַנישע רעגירונג אין סאַמע לעצטן מאָמענט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַז די יידן טאָרן ניט אַרויספירן פון לאַנד קיין שום גאָלד אָדער זילבער.

איצט, אַז מען האָט אַזוי באַרויבט די יידן און אַרויסגעשיקט זיי פון לאַנד נאַקעט און באָרוועס, האָבן די דאָמיניקאַנער אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן נצחון יום־טוב. איינער פון די דאָמיניקאַנער פירער — בלעדאַ — האָט אויף דעם יום־טוב אויסגעשריען:

— דאָס איז דער גרעסטער טאָג אין אונדזער געשיכטע! די גרעס־טע געשעעניש אין שפּאַניע זייט דורות! איצט זיינען מיר אַלע איין פאָלק, איין קריסטלעך פאָלק. עס איז ביי אונדז ניטאָ קיינער פון אַן אַנדערן גלויבן. עס וועט זיך איצט אָנהויבן ביי אונדז אַ גרויסע עפּאָכע פון שפע.

דאָס איז אָבער געווען אַ פאַלשע נבואה. פונקט פאַרקערט — עס האָט זיך איצט אָנגעהויבן פאַר שפּאַניע די אמתע עפּאָכע פון ירידה, וואָרום ווי אַזוי האָט עס גאָר געקענט אַנדערש זיין, ווען די בעסטע קעפּ, די קליגסטע מענטשן די געניטסטע סוחרים און געשעפטס־לייט זיינען אַוועק. די גרויסע פירמעס זיינען צעשטערט געוואָרן און די, וואָס האָבן עס איבערגענומען, האָבן אַפילו ניט געוואוסט מיט וואָס מען עסט עס. אויך די געשמדטע יידן זיינען ביסלעכוויז אונטערגעגאַנגען דורך די הענט פון דער אינקוויזיציע. אַזוי אַרום האָט שפּאַניע פאַרלוירן אַ האַלבן מיליאָן פון די סאַמע פעאיקסטע געשעפטס־מענטשן. די פּראָסטע דאָמיניקאַנער

האָבן די יידן ניט געקענט פאַרטרעטן. פאַרקערט, זיי האָבן אַלץ וואָס די יידן האָבן געשאַפן און איבערגעלאָזט ביסלעכוויז פאַרניכטעט.

* * *

ווען מען האָט די יידן אַרויסגעטריבן פון שפּאַניע, האָבן זיי ניט געוואוסט וואו זיי זאָלן גיין. אַ גרויסע צאָל פון זיי האָט זיך איצט געווענדעט צום קעניג עמנואל פון פּאָרטוגאַל, אַז ער זאָל זיי אַריינלאָזן, אָבער דער פּאָרטוגעזישער קעניג איז ניט געווען בעסער ווי אַלע קריסטלעכע פירער אין יענער צייט. ער האָט אַריינגעלאָזט אַ געוויסע צאָל יידן, וועגן וועלכע ער האָט געוואוסט, אַז זיי האָבן געפירט מיט זיך טייערע חפצים. ער האָט זיי באַרויבט און דערנאָך געהייסן זיי פאַרלאָזן דאָס לאַנד. אָבער צו דעם האָט ער צוגעגעבן נאָך עפּעס: ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן, וואָס זיינען אַריינגעקומען אין לאַנד מיט קינדער, דאַרפן די קינדער איבערלאָזן אין לאַנד, נאָכדעם ווי זיי פאַרלאָזן עס. ער האָט פּשוט גענומען אַלע יידישע קינדער און זיי אָפּגעשמדט. אַ זאַך וואָס אַפילו די הייליקע אינקוויזיציע האָט ניט געטאָן.

ניט אומזיסט האָט טאָרקוועמאַדאָ זיך אויסגערימט, אַז ער איז ניט געווען זייער אַכזריש צו די יידן, ווייל עס זיינען געווען און עס זיינען דאָ פיל ערגערע. ער איז געווען גערעכט. דער פּאָרטוגעזישער קעניג האָט געהייסן אָפּשמדן די יידישע קינדער — אַ זאַך וואָס טאָרקוועמאַדאָ האָט ניט געהייסן.

טאָרקוועמאַדאָ איז געשטאָרבן אין עלטער פון 76 יאָר. צוויי יאָר פריער האָט ער פאַרלאָזט די אינקוויזיציע. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1498.

אָבער די אינקוויזיציע־פייערן האָבן נאָך אַלץ ווייטער געברענט, אַפילו אויף יענער זייט פון אַטלאַנטיק און אַפילו אַזוי שפּעט ווי ביזן 19־טן יאָרהונדערט.

## 64. ווער איז געווען קאָלאָמבוס?

איז ער געווען אַ שפּאַניער, אַן איטאַליענער אָדער אַ ייד? — האָט ער דער ערשטער אַנטדעקט אַמעריקע? — זיין רייזע מיט דריי קליינע שיפלעך און מיט מאַטראָזן קרימינעלע פאַרברעכער. — ער האָט פאַרשפּראָכן דעם קעניג צו ברענגען אים פון דער נייער וועלט „גאָלד און נשמות" און קען ניט האַלטן וואָרט. — ווער איז געווען „אַמעריגאָ" וואָס דאָס לאַנד הייסט נאָך אים?

ווער איז געווען קאָלאָמבוס? און האָט ער ווירקלעך אַנטדעקט אַמעריקע? — וועגן אָט־די צוויי פראַגן איז זייט דער ענדע פון 16־טן יאָרהונדערט אָנגעשריבן געוואָרן אַ גאַנץ גרויסע ליטעראַטור מיט קעגנזעצלעכע מיינונגען סיי וועגן קריסטאָפער קאָלאָמבוסן גופא און סיי וועגן דעם צי ער האָט אַנטדעקט אַמעריקע. אָבער כאָטש די אַנטדעקונג פון אַמעריקע איז אַ היסטאָרישער פאַקט וואָס איז בולט פאַר אונדזערע אויגן, איז דאָך דער גאַנצער ענין איינגעהילט אין אַ שלייער פון מיס־טעריע. עפּעס האָט דאָ די היסטאָריע געמאַכט אַ ריי טעותן וואָס לאָזן זיך אַפילו ניט פאַרריכטן.

לאָמיר גיין כסדר און זען וואָס די טעותן זיינען, און וואָס עס דאַרף זיין דאָ און דאָרטן אַנדערש.

* * *

אין יולי פון יאָר 1492 האָט מען אַרויסגעטריבן די יידן פון שפּאַניע און אין נאָוועמבער פון זעלבן יאָר האָט קאָלאָמבוס אַנטדעקט אַמעריקע. איז דאָ עפּעס אַ סמיכת־הפרשה צווישן די צוויי געשעענישן? אַ טייל זאָגן, אַז יאָ. עס איז דאָ אַ מיינונג אַז די רייכע מאַראַנען (אַנוסים) פון שפּאַניע האָבן געגעבן קריסטאָפער קאָלאָמבוסן (אויך אַ ייד אַ מאַראַן) די נויטיקע געלטער, אַז ער זאָל אַנטדעקן דאָס לאַנד אין דער ווייטער וועלט וועגן וועלכן ער האָט גערעדט, כדי — אין אַ נויט־פאַל זאָלן זיי קענען פאָרן אַהין. נאָך אַנדערע זעען דערין אַ מיסטעריע בנוגע דעם יידישן פאָלק. אַז גאָט שטראָפט ניט מיטביידע הענט: אַז נאָך איידער עס איז אַרויס די גזירה פון גירוש, האָט ער שוין אַריינגעגעבן אין קאָפּ פון איינעם פון די יידן צו אַנטדעקן אַ ניי לאַנד פאַר די אַרויסגעטריבענע ברידער.

אָבער איז טאַקע קאָלאָמבוס געווען אַ ייד? און האָט ער דאָס אַלץ געטאָן נאָר צוליב יידישע מאָטיוון? — די געשיכטע שוויגט וועגן דעם. אָבער איידער מיר גייען איבער צו דער געשיכטע, לאָמיר פריער פעסט־שטעלן צי קאָלאָמבוס איז טאַקע געווען דער ערשטער צו אַנטדעקן אַמע־ריקע אָדער אָט דאָס שטיק לאַנד איז שוין פריער אַנטדעקט געוואָרן פון אַ נאָרוועגער מיטן נאָמען לייף עריקסאָן, ווי די נאָרוועגער גלויבן, אין יאָר 1,000.

אָט די מיינונג איז ניט היסטאָריש באַגרינדעט. זי געפינט זיך אין די לעגענדעס פון די נאָרוועגער; לויט דעם זאָל עס הייסן, אַז לייף עריקסאָן, אַ וויקינג־קאַפּיטאַן איז געטריבן געוואָרן פון שטורעם צום ברעג פון דעם לאַנד וואָס איז איצט באַקאַנט אַלס נאָוואַ סקאָשאַ. ווען עריקסאָן איז געקומען אַהין, האָט ער געזען דאָרטן פיל וויין־גערטנער און האָט דעריבער דעם לאַנד אַ נאָמען געגעבן „ווינלאַנד”. ער זאָל האָבן דאָרטן פאַרבראַכט אַ גאַנצן ווינטער און ווען ער איז געקומען צוריק, האָט ער אגיטירט אין איסלאַנד, אַז מען זאָל פאָרן אַהין און גרינדן אַ קאָלאָניע. דאָס זאָל האָבן געווען אין יאָר 1003. אָבער דריי יאָר שפּעטער האָבן די אינדיאַנער געפירט אַ קאַמף קעגן די אייראָפּעער און אַלע איסלענדער זיינען געפאָרן צוריק אַהיים.

איצט לאָמיר זען וואָס די געשיכטע דערציילט, עס הייסט אַזוי:

ווען קאָלאָמבוס איז געווען יונג, איז ער געווען אין איסלאַנד און דאָרטן געהערט די דערמאָנטע לעגענדעס און עס איז אים אַריין אין קאָפּ, אָבער דאָ קומען מיר צו אַ טויטן פּונקט, ווייל מיר ווייסן ניט מער וועגן קאָלאָמבוסעס יונגע יאָרן. עס זעט כמעט אויס, אַז קאָלאָמבוס אַליין האָט ניט געוואָלט אַז מען זאָל דערפון וויסן און ער האָט געזוכט עס צו באַהאַלטן. פאַרוואָס? אפשר דערפאַר ווייל ער איז געווען אַ ייד און האָט ניט געוואָלט, אַז מען זאָל וויסן פון זיין יידישער אָפּשטאַמונג? יעדנפאַלס, עס איז דאָ אַזאַ מיינונג ביי אַ טייל געלערנטע.

אָבער אַזוי ווי מען ווייסט גאָר ניט וועגן קאָלאָמבוסעס יונגע יאָרן, גיט עס אַ געלעגנהייט צו ספּעקולאַציעס, וועלכע זיינען שוין אויך וועגן זיינע מאָטיוון ביים זוכן צו אַנטדעקן דאָס נייע לאַנד און בכלל וועגן זיין פּערזענלעכקייט. אָט דעריבער זיינען דאָ די פאַרשידנסטע מיינונגען וועגן אים און זיין טעטיקייט. לויט אַ טייל איז ער געווען אַ שפּאַניער. לויט אַנדערע אַן איטאַליענער און לויט נאָך אַנדערע אַ ייד. לויט אַ טייל איז ער געווען אַ מאַן פון הויכער בילדונג, אָבער לויט אַנדערע — אַן אומוויסנדער מאַטראָז; ער איז געווען, לויט אַ טייל, אַ קינד פון דער

אַריסטאָקראַטיע און ווידער לויט אַנדערע — גאָר אַ זון פון אַ האָטעל־אייגנטימער, און אַזוי טיילן זיך די מיינונגען, צו באַטראַכטן אים אַלס אידעאַליסט (לויט אַ טייל) און אַלס אַ שאַרלאַטאַן (לויט אַנדערע); לויט אַ טייל איז ער געווען אַ פּאַטריאָט און, ווידער, — אַ פאַררעטער לויט אַנדערע, און אַזוי נאָך פיל אַנדערע ענלעכע מיינונגס־פאַרשידנהייטן.

אָבער לאָמיר איבערלאָזן זיין יוגנט און קומען צום מאָמענט, ווען ער איז שוין געווען אַ מאַן און וויל געפינען אַן אויער פאַר זיין אידעע, צו אַנטדעקן אַ נייע וועלט, אין די קעניגלעכע הויפן.

* * *

ווען מיר זעען קריסטאָפער קאָלאָמבוסן אויף דער לעבנס־סצענע, צום ערשטן מאָל, איז ער אין פּאָרטוגאַל און פירט אַן אַ טעטיקייט אין הויף פון קעניג דזשאָן דעם צווייטן, אַז מען זאָל אים שיקן אין דער שפּיץ פון אַן עקספּעדיציע אין אַטלאַנטישן ים. פאַרוואָס איז ער געפאָרן קיין פּאָרטוגאַל? ערשטנס, ווייל אין פּאָרטוגאַל האָט מען זיך דעמאָלט פאַר־נומען מער מיט זוכן נייע לענדער פאַר מסחר ווי אַנדערש־וואו. אין ווענעדיק און גענוא האָט מען געזוכט צו טאָן געשעפטן אַרום דעם מיטללענדישן ים. פּאָרטוגאַל אָבער האָט געקוקט ווייטער, צום אַטלאַנטישן ים און צו די לענדער פון יענער זייט אָקעאַן, אויסער דעם האָט דער קעניג פון פּאָרטוגאַל געזוכט כסדר נאָך צוויי זאַכן: אַריינצוקריגן גאָלד פון אַנדערע לענדער און אַריינצוברענגען אין קריסטנטום נייע נשמות פון די, וואָס זיינען נאָך ניט קיין קריסטן.

אָט דאָ האָט זיך גוט אַריינגעפּאַסט קריסטאָפער קאָלאָמבוסעס פּלאַן, דער פרעמדער אַוואַנטוריסט, וועלכער זאָגט־צו דעם קעניגביידע זאַכן — גאָלד און קריסטן. ער וועט ברענגען גאָלד פון יענע לענדער און אויך די מענטשן מאַכן פאַר גוטע קריסטן. אויף דער פראַגע, ווי אַזוי איז ער זיכער, אַז ער וועט געפינען לאַנד, האָט קאָלאָמבוס געהאַט מאַפּעס פון דעם יידישן געלערנטן אברהם זכותא, וואָס האָט געוויזן, אַז עס איז דאָ אַ לאַנד אויף יענער זייט ים, ווייל — די ערד איז קיילעכדיק.

יאָ, פון דעם, אַז די ערד איז קיילעכדיק, האָט מען שוין דעמאָלט גערעדט אין די וויסנשאַפטלעכע קרייזן, כאָטש באַוויזן האָט עס נאָך ניט קיינער. דער קעניג דזשאָן דער צווייטער האָט זיך צוגעהערט צו קאָלאָמבוסן, וועלכער האָט פאַר אים געשפּונען אַ וואונדערבאַרן חלום. ער האָט שטאַרק געוואָלט ביידע זאַכן, אָבער איז עס ריכטיק דאָס, וואָס

קאָלאָמבוס זאָגט? איז עס ניט אַמאָל אַ חלום פון איינעם וואָס חלומט בייטאָג?

דער קעניג האָט זיך ניט געפוילט און האָט געשיקט אַ בריוו צו דעם באַרימטן איטאַליענישן אַסטראָנאָם פון יענער צייט, טאָסקאַנעלין, און אים געפרעגט זיין מיינונג וועגן דעם אַלעם. טאָסקאַנעלי האָט געענטפערט, אַז קאָלאָמבוסעס אידעע איז אַ גוטע. ער לויבט זיין פּלאַן צו פאָרן קיין מערב. עס איז ריכטיק, כאָטש אַנדערע מיינען, אַז עס איז קיין מזרח. עס איז אויך אמת, אַז עס איז אַנגענומען צו טראַכטן פון דער וועלט אַלס אַ קיילעכדיקע און אויך זיין געדאַנק פון געפינען אַ נייעם וועג קיין אינדיע לייגט זיך אויפן שכל.

נאָכדעם ווי דער קעניג האָט געקראָגן אָט דעם בריוו, האָט ער זיך באַטראַכט, אַז אויב אַזוי, פאַרוואָס שיקן אַ פרעמדן. אפשר בעסער שיקן אַזאַ עקספּעדיציע מיט דער אָנפירונג פון אַן אייגענעם, אַ פּאָר־טוגעזישן. ער האָט דעריבער גערופן אַ פּאָרטוגעזישן קאַפּיטאַן צו מאַכן אַזאַ רייזע. פון יענער אונטערנעמונג איז גאָרניט געוואָרן, אָבער ווען קאָלאָמבוס האָט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער געוואָרן בייז, האָט פאַר־לאָזן פּאָרטוגאַל און געפאָרן קיין שפּאַניע צו פאַראינטערעסירן דעם קעניג פערדינאַנד און די קעניגין איזאַבעלאַ מיט זיין פּלאַן.

* * *

אין אָנהויב האָט קאָלאָמבוס ניט געהאַט קיין דערפאָלג אין שפּאַ־נישן הויף. דער קעניג און די קעניגין זיינען געווען צופיל פאַרנומען מיט צוויי זאַכן: מיט די לעצטע קאַמפן פון די מאַכמעדאַנער און מיט דעם פּלאַן אַרויסצוטרייבן די יידן פון שפּאַניע. זעענדיק, אַז דער שפּאַנישער קעניג הערט זיך אַפילו ניט צו צו דעם וואָס ער זאָגט אים, האָט קאָלאָמ־בוס געבעטן זיין ברודער באַרטאָלאָמיו, אַז ער זאָל זיך זען וועגן זיין פּלאַן מיטן קעניג הענרי דעם זיבעטן פון ענגלאַנד און אויך מיטן פראַנ־צויזישן קעניג. אָבער פּלוצלינג האָט זיך דאָס רעדל איבערגעדרייט און מען האָט אים גערופן צו קומען צום קעניג פערדינאַנד פון שפּאַניע. וואָס איז געשען? — גראַנאַדאַ וואָס איז געווען די פעסטונג פון די מאַכמעדאַנער אין שפּאַניע איז געפאַלן און איז געוואָרן אַ טייל פון קריסטלעכן שפּאַניע. אויסער דעם האָט מען שוין אַרויסגעטריבן די יידן פון שפּאַניע. דער קעניג איז געווען געבראָכן נאָך די גרויסע מלחמות מיט די מוסולמענער און אַפילו די קאָנפיסקאַציעס פון די רייכע יידן האָבן ניט געקענט אָנפילן די ליידיקע קאַסע. אָבער דאָ האָט זיך פערדי־

נאַנד, וואָס האָט שטאַרק ליב געהאַט געלט, פּלוצלינג דערמאָנט אין קאָלאָמבוסעס פּלאַן אין וועלכן ער האָט אים פאַרזיכערט גאָלד און נייע קריסטלעכע נשמות, און אים געשיקט רופן.

קאָלאָמבוס איז געקומען צום קעניג און ווידער אַמאָל אים פאַר־זיכערט, אַז ער וועט אים ברענגעןביידע זאַכן. דער פּלאַן איז געווען צו באַראַבעווען די אינדיאַנער און זייער גאָלד ברענגען צום קעניג, און שפּעטער אויך צוצונעמען זייערע נשמות און מאַכן זיי פאַר גוטע קריסטן. דער קעניג האָט ענדלעך צוגעשטימט. צו דעם נאָך האָט קאָ־לאָמבוס אויך געהאַט אַ צוזאָג פון רייכע יידישע סוחרים, אין דער שטאָט פּאַלאָס, אַז זיי וועלן אים העלפן.

דער טאָג איז געקומען. דאָס איז געווען דער דריטער אויגוסט 1492. עס איז געווען אַ פרייטאָג. קאָלאָמבוס האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין אין דער שפּיץ פון אַן עקספּעדיציע פון... גאַנצע דריי קליינע שיפעלעך מיט אַ מאַנשאַפט פון 88 מאַטראָזן, דאָס רוב פון זיי געוועזענע אַרעסטאַנטן און קרימינאַלטשיקעס, ווייל קיין אַנדערע האָבן ניט געוואָלט זיך לאָזן אין וועג אַריין אויף אַזאַ ריזיקאַלישער רייזע. קאָלאָמבוס האָט שטאַרק מורא געהאַט, אַז ער וועט האָבן צרות פון דער מאַנשאַפט. אָבער דאָס וועטער איז געווען גוט און די מאַטראָזן זיינען, בדרך כלל, געווען צו־פרידן, ווייל אויך זיי האָבן געהאָפט צו קומען צוריק פון דער רייזע מיט אוצרות פון גאָלד. אַזוי, אַז די רייזע איז אַריבער בשלום און די נביאותן פון פיל מענטשן אין יענער צייט, אַז צוליב דעם וואָס די מאַטראָזן זיינען פאַרברעכערישע טיפּן, וועלן אויסברעכן בונטן אויפן ים, איז ניט מקוים געוואָרן. ענדלעך, דעם 9־טן אָקטאָבער האָט מען שוין געהערט ווי פייגל פליען איבער די שיפן. אַזוי אַ גאַנצע נאַכט. צומאָרגנס האָבן זיי שוין געזען אַ שטיק האָלץ אין ים און דעם עלפטן אָקטאָבער האָט מען שוין דערזען יבשה און מען איז אַראָפּ אויפן נייעם לאַנד. דעמאָלט זיינען זיי אַלע געווען מיט דער מיינונג, אַז זיי זיינען געקומען קיין יאַפּאַן, אַפילו קאָלאָמבוס האָט אַזוי געמיינט. זיי זיינען אָבער ווירקלעך געווען אויף אַ ברעג פון מערב־אינדיע, גאָר ניט צו ווייט פון פלאָרידע. קאָלאָמבוס האָט געטראָפן, אַז די וועלט איז קיילעכדיק, אָבער ניט דערמיט וואָס ער האָט געמיינט, אַז ער איז געקומען קיין אַזיע. ער האָט ניט געוואוסט, אַז ער האָט אַנטדעקט אַ נייעם קאָנטינענט.

* * *

קאָלאָמבוס איז איצט געווען פאַרנומען מיטן דערפילן די צוויי צוזאָגן צום קעניג: גאָלד און נשמות. ער שרייבט דעריבער אין זיין

טאָג־בוך דעם 12־טן אָקטאָבער, אַז די אינדיאַנער װעלן אים געבן פיל גאָלד און אויך װערן גוטע קריסטן.

די זעלבע מיינונג האָט ער געהאַט אויך װייטער. דעריבער װען ער האָט געזען װי די מאַטראָזן נאַרן אויס ביי דער באַפעלקערונג גאָלד פאַר מינדערװערטיקע זאַכן, איז ער געװען קעגן דעם און דאָס ניט דערלאָזן. ער האָט געװאָלט ברענגען אַלדאָס גאָלד דעם קעניג און דערביי ניט פאַרלירן דעם חן אין די אויגן פון די אינדיאַנער. ער האָט אויך באַלד זיך גענומען צו אַגיטירן די אינדיאַנער צו װערן גוטע קריסטן און עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דאָס װעט אים לייכט אָנקומען. ער האָט דאַן געשריבן אַ בריװ צום קעניג, אַז ער װעט אינגיכן קומען צוריק מיט „גאָלד און נשמות". דאָס האָט ער געהאַלטן אין איין צוזאָגן דעם קעניג, װעלכער האָט שוין אומגעדולדיק אַרויסגעקוקט דערויף.

* * *

און אָט דאָ הויבן זיך אָן די טעותן. עס איז דער טעות פון קאָלאָמבוסן װאָס האָט געפירט צו טעותן אין דער געשיכטע. עס איז קיין פראַגע ניט, אַז קאָלאָמבוס איז געװען אַ גרויסער מענטש און איז געשטאַנען מיט פיל קעפּ העכער װי זיינע מיט־מענטשן, אָבער ער האָט זיך אונטערגענומען צו צאָלן אַ פּרייז װאָס ער האָט ניט געקענט. ער האָט ניט געקענט ראַבעװען ביי דער באַפעלקערונג זייער גאָלד און שיקן עס דעם קעניג, װייל דאָס װאָלט געשאַפן אַ שטורעם קעגן אים און זיין לעבן װאָלט געװען אין געפאַר, אָבער נאָך װייניקער האָט ער געקענט ברענגען זייערע נשמות פאַרן קריסטנטום, װייל די אינדיאַנער האָבן גאָר ניט געװאָלט הערן דערפון. דאָס װאָס עס האָט זיך אים אין אָנהויב אויסגעװיזן צו זיין זייער לייכט, איז געװאָרן זייער שװער.

קאָלאָמבוס איז ענדלעך געפאָרן קיין שפּאַניע צו באַרואיקן דעם קעניג. ער האָט אים נאָך אַלץ פאַרזיכערט, אַז די עקספּעדיציע װעט ברענגען די געװינטשטע פּרוכטן, אָבער װען קאָלאָמבוס איז געקומען צוריק אין מערב־אינדיע, האָט ער געפונען, אַז די װילדע האָבן אויסגעהרגעט אַלע זיינע מענטשן, װעלכע האָבן געװאָלט אַרויפצװינגען דאָס קריסטנטום אויף זיי.

קאָלאָמבוס האָט געמאַכט פיר רייזעס קיין אַמעריקע. יעדעס מאָל האָט ער געזוכט אין אַן אַנדער װינקל גאָלד און נשמות, אָבער אומזיסט. ביידע זאַכן זיינען ניט געװען צו קריגן.

ענדלעך איז דער קעניג געװאָרן אומגעדולדיק און געשיקט דעם

שליח באַבאַדילא אויסצוגעפינען וואָס ס'איז דער אמת וועגן קאָלאָמבוסעס רייד. דער שליח האָט זיך איבערצייגט, אַז קאָלאָמבוס האָט אָפּגענאַרט דעם קעניג און האָט אים געבראַכט מיט זיך צוריק צום קעניג. וואָס עס איז ווייטער געשען מיט קאָלאָמבוסן, ווייסט מען ניט און אויך ניט וואו ער איז געשטאָרבן. מען ווייסט נאָר, אַז ער איז געבראַכט געוואָרן אַלס אַרעסטאַנט צום קעניג פערדינאַנד. מער איז וועגן אים אין ערגעץ ניטאָ.

שפּעטער איז געקומען אַן אַוואַנטוריסט מיטן נאָמען אַמעריגאָ וועספּוטשי און האָט דערקלערט אַז ער האָט אַנטדעקט די נייע וועלט. דאָס איז געווען פאַלש. אָבער אַ דייטשער פּראָפעסאָר האָט דאָך דאָס באַשטעטיקט און אָנגערופן דאָס נייע לאַנד אויף זיין נאָמען. „אַמעריקאַ״ און — אַזוי איז עס אַריין אין דער געשיכטע.

אָט דאָס זיינען די טעותן פון דער געשיכטע: קאָלאָמבוס האָט קיינמאָל ניט געוואוסט אַז ער האָט אַנטדעקט אַ ניי לאַנד. ער האָט אויך קיינמאָל ניט געקענט באַצאָלן דעם פּרייז און אַמעריגאָ איז געוואָרן דער אמתער אַנטדעקער פון אַמעריקע.

די געשיכטע, פּונקט אַזוי ווי מענטשן, מאַכט אויך אַמאָל גרויסע טעותן.

## 65. מאַרטין לוטער — גרינדער פון פּראָטעסטאַנטיזם

ווער איז געווען מאַרטין לוטער? — די פאַרגעבונגס־צעטעלעך פון זינד וואָס דער פּויפּסט דזשוליוס דער צווייטער האָט פאַרקויפט דורך די גלחים. — מאַרטין לוטער איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם און דאָס פאָלק שטייט צו צו אים. — רוים שליסט אים אויס פון קריס־טנטום און הייסט אים משפטן. — ווי ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן יאָרן לאַנג פון די קירך־לייט. — זיין נייע רעליגיע און מיט וואָס זי איז אַנדערש. — מאַרטין לוטער ווערט אָבער שפּעטער אַליין אַ טיראַן און אַ דיקטאַטאָר. — זיין צוויי־זייטיקע באַציאונג צו יידן.

מיר שטייען איצט ביים אָנהויב פון 16־טן יאָרהונדערט קריסט־לעכער ציילונג. דאָס מיינט, אַז מיר האָבן הינטער זיך פופצן הונדערט יאָר פון פּרעדיקן די קריסטלעכע לערע. איז וואָס זעען מיר? וואָס האָט די וועלט דערגרייכט? ווי אַזוי זעט אויס דער מענטש נאָך פופצן הונדערט יאָר פון קריסטנטום? — דער ענטפער דערויף קען מען געבן: זייער ניט צופרידענע רעזולטאַטן. מיר געפינען דעם מענטש אין יענער צייט נאָך אַלץ אין אַ צוריקגעשטאַנענעם צושטאַנד. ער האָט ניט פיל פּראָגרעסירט אין גייסטיקן זין. מלחמות זיינען נאָך אַלץ געווען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג און די לערע פון ליבע האָט זיך ניט פיל אָנגענומען. דאַקעגן, איז דער מענטש גרייט געווען, זייער אָפט צו פאַרניכטונג און צעשטערונג. דער מענטש האָט טאַקע שוין אויסגעבויט פּאַלאַצן, קירכן. ער האָט געמאָלט טייערע בילדער, געשאַפן ביכער און האָט שוין אָוועקגעוואָרפן, טיילוויז, פיל פון די אַלטע פאָרמען, אָבער ער איז נאָך אַלץ ניט רייף און אויסגעוואַקסן פיזיש און גייסטיק, אַז מען זאָל זיך קענען פאַרלאָזן אויף אים אין אַן עת־צרה און אויך אין נאָרמאַלן לעבן. ער איז נאָך אַלץ דורשטיק נאָך בלוט, און ברודער־קאַמפן זיינען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג און אַפילו אין נאָמען פון דער רעליגיע, אין נאָמען פון גאָט. פופצן הונדערט יאָר נאָך דער לערע פון ליב־צו־האָבן דעם צווייטן, זיינען די מענטשן נאָך אַלץ גרייט צו פאַר־ניכטן דעם סאַמע נאָענטסטן פאַר אַ קלייניקייט און עס האָט זיך גאַנץ ווייניק צוגעקלעפּט צו זיי עפּעס פון די אַלע גוטע און קלוגע רייד, וואָס זיינען פון די גרויסע גייסטער אַרויסגעזאָגט געוואָרן אין פאַרלויף פון די יאָרן.

אָבער דאָס גליק פון דער מענטשהייט איז דאָך דאָס וואָס צוזאַמען מיט דער שווערד גייט דאָס בוך. די שווערד פאַרניכטעט, אָבער דאָס בוך בויט. עס שטייען אויף שווערד־העלדן, אָבער עס קומען אויך די העלדן פון בוך, די גייסטיקע העלדן. אויב אַפילו ווען זייער צאָל איז פיל קלענער. און עס זיינען די דאָזיקע גייסטיקע העלדן, וואָס פירן די מענטשהייט אויפן וועג צום פּראָגרעס, ווען אַפילו עס קומט זייער שווער אָן.

אַזוי איז עס געווען אין אָנהויב פון 16־טן יאָרהונדערט. עס איז אויפגעשטאַנען אַ מאַן, וואָס האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט די בייזע גייסטער פון זיין צייט. אַ מענטש, וואָס האָט געקערעוועט די געשיכטע אויף אַן אַנדערן וועג. דאָס איז געווען מאַרטין לוטער.

* * *

ווער איז ער געווען?

ער איז געווען אין די אויגן פון דער קירך — אַן אַפּיקורס, וועלכן זי האָט פאַרמשפּט צום טויט. ער האָט זיך געראַטעוועט פון די לאַפּעס פון די אינקוויזיטאָרן בלויז דורך פאַרשידענע מיטלען, אָבער רוים האָט געברענט מיט כעס ביים דערמאָנען זיין נאָמען.

דאָס איז געווען אין יאָר 1510. עס האָט דעמאָלט געהערשט אין וואַטיקאַן דער פּויפּסט יוליוס דער צווייטער. אָט־דער פּויפּסט האָט פאַרטראַכט איבערצובויען און איבערצואַרבעטן אינגאַנצן די גרויסע קירך פון הייליקן פּעטער אין רוים. אָבער דערצו האָט ער געדאַרפט האָבן געלט און אַ סך געלט, וואָס האָט ער געטאָן? ער האָט באַשלאָסן צו פאַרקויפן פאַרגעבונגס־צעטעלעך צו אַלע זינדיקע מענטשן, וואָס ווילן אויסקויפן זייערע זינד פאַר מזומן. די צעטעלעך זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אַפילו אויף להבא, דאָס הייסט אויף עבירות, וואָס מען וועט ערשט טאָן. דאָס זיינען געווען אַזעלכע וועקסלען אויסגעשטעלט צו גאָט, אַז ער זאָל מוחל זיין פאַר די זינד וואָס דער מענטש וועט באַגיין, דערפאַר וואָס דער מענטש האָט געגעבן געלט פאַרן בויען פון דער קירך (ביי פרומע מענטשן, זעט אויס, איז אַזאַ מין טראַנזאַקציע גאַנץ נאַטירלעך, וואָרום אַפילו ביי אונדז יידן, האָבן מיר דאָך די פאָרם פון „שנדר״, וואו מען בעט גאָט, אַז ער זאָל שיקן געזונט און פרנסה צו עמיצן „בעבור שנדר״...) דער פּויפּסט יוליוס האָט ממש געגלויבט, אַז ער האָט אַ „דעה״ אין הימל. דאָס הייסט, אַז ער קען אויספּועלן זאַכן פאַר געוויסע מענטשן. דעריבער אויב איינער האָט געגעבן אַ געוויסע סומע, האָט דער פּויפּסט געקענט אָפּלייגן די צרות וואָס עס האָבן דעם מענטש געדאַרפט טרעפן אויף

אַ געוויסער צייט און אויב ער האָט געגעבן גאָר אַ גרויסע מטבע, האָט גאָט געקענט איגנאָנצן אָפּשאַפן די גזירה קעגן אים.

דאָס האָט געפירט צו אַ גרויסן האַנדל מצד די גלחים מיט די פאַרגעבונגס־צעטעלעך, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט אַ סך געלט דער קירך און ביי וועלכע די גלחים האָבן אויך אָפּגעלעקט אַ ביינדל. דערצו איז דער דאָזיקער האַנדל אָנגעפירט געוואָרן מיט פיל פּאָמפּע און באַגייסטערונג, ווי אַ שטייגער דער האַנדל מיט די צעטעלעך וואָלט געווען אַ גרויסער רעליגיעזער אַקט. אָט אַזוי־אַרום האָט מען כסדר אויסגענאַרט ביי די פּויערים און ביי די שטאָטישע מענטשן די לעצטע גראָשנס, פאַרקויפנדיק זיי די הייליקע צעטעלעך פאַר די זינד וואָס מען איז באַגאַנגען און פאַר זינד וואָס מען וועט ערשט באַגיין. דאָס פאָלק איז פּשוט באַראַבעוועט געוואָרן פון די אָנפירער פון דער קירך.

דאָס האָט געזען — מאַרטין לוטער און ניט געקענט שווייגן. ער איז געווען אַ רעליגיעזער מענטש. אַן איבערגעגעבענער קאַטאָליק און דערצו אַ הייליקער ברודער פון דאָמיניקאַנישן אָרדן, אָבער ער האָט געהאַט אַ האַרץ וואָס האָט ניט געקענט צולאָזן קיין אומגע־רעכטיקייט. זיין באַשעפטיקונג איז געווען אַ פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע אין דעם אוניווערסיטעט פון וויטענבערג, אָבער ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מען קען איצט ניט שווייגן. אַזעלכע געשעפטן אין גאָטס נאָמען זיינען אַ שאַנדע און דער גאַנצער האַנדל מיט די צעטעלעך מיינט פּשוט אויס־צונאַרן געלט ביים פאָלק און — ער האָט קעגן דעם פּראָטעסטירט.

דאָס איז געווען דעם 31־טן אָקטאָבער פון יאָר 1517. אין יענעם טאָג האָט ער אויסגעקלעפּט אַ מאַניפעסט אויף די טירן פון דער „קליינער פּאַלאַץ־קירך" אין וועלכן ער האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם האַנדל מיט די פאַרגעבונגס־צעטעלעך וואָס דער פּויפּסט האָט איינגעפירט. אין דעם מאַניפעסט האָט ער דערקלערט אָפן, אַז די גאַנצע זאַך איז פאַלש. דער פּויפּסט קען ניט בייטן די מיינונג פון גאָט בנוגע באַשטראָפן זיי פאַר זייערע זינד. גאָט, האָט ער ווייטער געזאָגט אין דעם מאַניפעסט, וועט זיין צופרידן צו זען מער גוטע מעשים ווי אַזעלכע צעטעלעך. מען דאַרף זאָגן די קריסטן, שרייבט ער ווייטער אין דעם מאַניפעסט, אַז אויב דער פּויפּסט ווייסט פון די אַלע אויסנאַרערייען פון געלט דורך זיינע קרע־מערישע שליחים, די הייליקע גלחים, וואָלט ער בעסער געטאָן צו זען דעם הייליקן פּעטערס קירך פאַרברענט אויף אַש איידער אויסצובויען זי דורך אַזעלכע געלטער, וואָס מען באַרט אויס פון אומשולדיקע מענטשן. פאַרוואָס טוט דער פּויפּסט, וואָס איז רייכער היינט־צו־טאָג ווי עס איז

געווען אַמאָל אין רוים דער רייכער קראַסוס, ניט אויסבויען די קירך מיט זיינע אייגענע געלטער, אַנשטאָט מיט די אָרעמע בלוטיקע געלטער פון די אָרעמע גלויביקע ?״.

מאַרטין לוטער האָט געענדיקט זיין מאַניפעסט מיט אַ רוף צו אַלע די, וואָס דענקען אַנדערש, אַז זיי זאָלן אַרויסקומען און באַווייזן, אַז ער איז ניט גערעכט.

לוטער איז דאַן אַלט געווען 34 יאָר און פול מיט קאַמפס־גייסט. ער האָט איצט דעריבער געוואָרט אויף אַן ענטפער. אָבער דער ענטפער איז געקומען אין דער פאָרם פון שטאַרקע אָנפאַלן אויף אים. מען האָט ניט געענטפערט מיט לאָגישע רייד אויף זיין מאַניפעסט, נאָר מען איז אָנגעפאַלן אויף אים מיט זידלערייען און טאַדל־ווערטער. דאָס האָבן געטאָן די נידעריקע גלחים און זייערע אונטערשטופער. די העכערע גייסט־לעכע האָבן אים אויך ניט געענטפערט צו דער זאַך, נאָר זיינען אַרויס־געקומען מיט דערקלערונגען, אַז ער איז אַן אַפּיקורס, ווייל ער האָט פּרו־בירט אַנטקעגן צו רעדן דעם פּויפּסט. דער גרויסער עולם, אָבער, וואָס האָט פאַרשטאַנען, אַז מען רייסט ביי זיי געלט אומזיסט און אומניט, זיינען צוגעשטאַנען צו לוטערן און אים געלויבט פאַר זיין מוטיקן אַרויסטריט און וואָס אַמאָל איז די צאָל פון די וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו לוטערן געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער. דער עולם האָט גענומען שטורעמען קעגן פּויפּסט וואָס האָט געמאַכט פון דער רעליגיע אַ געשעפטס־זאַך און האָבן פאַרוואָרפן די גלחים, וואָס זיינען געקומען צו זיי מיט די צעטעלעך, מיט שטיינער.

און אַזוי איז געשען, אַז דער פּויפּסט וואָס האָט געוואָלט איבער־בויען דעם סט. פּעטערס קירך, האָט גאָר געבויט אַ נייע באַוועגונג — פּראָטעסטאַנטיזם.

* * *

מאַרטין לוטער האָט באמת ניט אָנגעהויבן קיין באַוועגונג קעגן דער קירך פון רוים. אַזאַ באַוועגונג איז שוין געווען אין דער לופט. אין יענער צייט זיינען אַלע שטעט און דערפער געווען פול מיט אַזעלכע אַפּיקורסים וואָס האָבן ניט געגלויבט אין אַלעם וואָס די רוימישע קירך האָט געזאָגט. נאָך אַנדערע ווידער האָבן געהאַט טענות צו דער קירך וועגן דער אויפפירונג פון די גלחים, אַן אויפפירונג וואָס איז באַשטאַנען פון פאַלשקייטן, באַטרוג און זינד. אָבער מיט לוטערס אַרויסטריט האָט

דאָס אַלץ אָנגענומען אַ נייע פאָרם. לוטער האָט אויפגעהויבן די פאָן פון רעוואָלט און די מאַסן האָבן זיך געשטעלט הינטער אים.

אָבער רוים האָט אויך ניט געשוויגן.

לויט אַן אָרדער פון רוים האָט מאַרטין לוטער געדאַרפט קומען קיין אויגסבורג פאַר אַ ראַט פון גייסטלעכע, וואו ער האָט געדאַרפט תשובה טאָן אויף די רייד וואָס ער האָט גערעדט קעגן פויפסט. אָבער ער איז ניט געפאָרן. ער איז דערמיט געוואָרן אַ דאָרן אין די אויגן פון דער קירך. אָבער אַזוי ווי ער איז געווען זייער פּאָפּולער און האָט געהאַט אַ גרויסן עולם, וואָס האָט אים פאַרגעטערט, האָט די קירך מורא געהאַט מיט אים אָנצוהויבן. אַזוי זיינען אַריבער 2 יאָר. אָבער אַזוי ווי לוטער האָט אַלץ ווייטער געפּרעדיקט קעגן פויפסט, האָט מען אין רוים פאַרשטאַנען, אַז מען מוז עפּעס טאָן דערצו. ענדלעך, האָט דער וואַטיקאַן אַרויסגעגעבן אַ חרם קעגן אים און געהייסן פאַרברענען זיינע ביכער אויף אַן עפנטלעכן פּלאַץ. דערצו האָט מען אים געגעבן צוויי חדשים צייט צו טאָן תשובה אָדער — צו ליידן.

לוטער האָט אָפּגעוואָרפן דעם פאָרשלאַג פון רוים און דערקלערט, אַז ער האָט ניט קיין מורא פאַרן פויפסט. ער האָט אָנגעשריבן אַ פּאַמ־פלעט צום פויפסט אין וועלכן ער זאָגט אים אַריין זייער שטאַרק און ענדיקט דערמיט וואָס ער הייסט אים גיין צום טייוול. ער האָט נאָך עפּעס מער געטאָן. ער האָט צונויפגערופן אַ גרויסע פאַרזאַמלונג פון שטאָטישע מענטשן און פון זיינע סטודענטן און עפנטלעך פאַרברענט די ענציקליקע וואָס דער פויפסט האָט אַרויסגעגעבן קעגן אים.

דער פויפסט האָט דערויף געענטפערט מיט אויסשליסן אים אינ־גאַנצן פון דער קירך און האָט געגעבן אַ וואונק צו דער רעגירונג זיך אָפּצורעכענען מיט אים. דאָס איז געווען לויטן גייסט פון דער צייט. עס איז דעמאָלט געווען איינגעפירט, אַז דער פויפסט האָט זיך געווענדעט צו דער רעגירונג פון אַ לאַנד, וואו עס איז געווען אַן אָפּטריניקער, אַז זי זאָל אים משפטן. אין פיל לענדער איז געווען איינגעפירט, אַז אַ זינדיקער קעגן דער רעליגיע איז אַ זינדיקער קעגן דער מלוכה. דאָס מאָל האָט זיך דער וואַטיקאַן געווענדעט צו דער דייטשער מאַכט, אַז מען זאָל לוטערן משפטן און אַוודאי פאַראורטיילן אים צו טויט־שטראָף. לוטערס פריינד האָבן זיך דערוואוסט דערפון און האָבן אים, קעגן זיין אייגענעם ווילן אָפּגעפירט אין פּאַלאַץ פון וואַרטסבורג, וואו ער האָט געלעבט אונטער אַן אַנדערן נאָמען. דאָרטן האָט ער איבערזעצט דעם נייעם טעסטאַמענט פון גריכיש אויף דייטש.

ווען עס איז אַוועק אַ חודש פון זיין פאַרשווינדן, האָט דער וואַטיקאַן פאַרלאַנגט פון קעניג, מ׳זאָל לוטערן געפינען און אים שטעלן צום משפט. דער קעניג האָט באַלד אַרויסגעגעבן אַ דערקלערונג אַז לוטער איז אַ שונא פון לאַנד, אַן אַפּטריניקער פון דער קירך און ווער עס וועט אים געפינען, זאָל אים איבערגעבן אין די הענט פון דער פּאָליציי. די לאַגע איז געוואָרן פאַר לוטערן, זייער שלעכט, אָבער פּונקט אין יענער צייט האָט פראַנקרייך דערקלערט קריג דייטשלאַנד און דער קעניג האָט פאַרגעסן אין די אַפּיקורסים פון דער קירך צוליב זיינע אייגענע דאגות. אַזוי ווי די מלחמה האָט זיך געצויגן צען יאָר, האָט עס געמיינט פאַר לוטערן צו האָבן צען יאָר מנוחה פון דער פּאָליציי און פון דער קירך.

אין אָט דער צייט האָט לוטער געאַרבעט דערויף צו אַנטוויקלען זיינע אַנשויאונגען אַלס אַ פּראָגראַם פון פּראָטעסטאַנטיזם, אָדער ווי ער רופט עס, די פּראָטעסטאַנטישע רעפאָרמאַציע.

אין אָנהויב האָט לוטער ניט געטראַכט פון אָפּרייסן זיך פון דער קאַטוילישער קירך. ער האָט אין דער אמתן ניט געוואָלט שאַפן אַן אייגענע רעליגיע, אָבער די זאַכן האָבן זיך אַזוי אַנטוויקלט אַז עס איז געקומען דערצו. לוטער האָט געוואָלט נאָר רעפאָרמען; ער האָט געוואָלט, אַז די גלחים זאָלן זיך ניט באַטראַכטן אַלס אַ העכערער קלאַס. ער האָט געוואָלט, אַז אַ גייסטלעכער זאָל זיין אַ דינער פון פאָלק, ניט אַ האַר איבערן פאָלק. ער האָט דעריבער געוואָלט, אַז די גלחים זאָלן זיך פירן אַנדערש. קודם־כל זאָלן זיי אויפגעבן זייער סיסטעם פון ניט היירעטן. זיי זאָלן אויך זיך אָפּזאָגן פון לעבן ביחידות און זאָלן אָנהויבן אַ לעבן פון זיין אויסגעמישט מיטן פאָלק. ער האָט דערקלערט, אַז גייסטלעכע דאַרפן זיין געוויינלעכע מענטשן, וואָס דינען גאָט און העלפן די מענטשן אין אַלעם וואָס זיי נויטיקן זיך.

לוטער האָט אויך געוואָלט אָפּשאַפן פיל פון די צערעמאָניעס פון דער קירך, די אָרטאָדאָקסישע קאַטאָליקן האָבן געהאַט זייער אַלטע פאָרם פון בעטן צו גאָט. לוטער האָט געשאַפן אַ נייע מעטאָדע פון בעטן צו גאָט און דערקלערט, אַז זיין נייע מעטאָדע איז פיל ליבער אין גאָטס אויגן ווי די אַלטע מעטאָדע (פאַרשטייט זיך אַז ניט לוטער און ניט די קאַטאָליקן האָבן געוואוסט וואָס גאָט געפעלט בעסער, אָבער אַזוי האָבן זיי געגלויבט). עס זיינען געווען קלייניקייטן, אָבער זיי האָבן אַרויסגערופן פיל פאַרביטערונגען ביי די אַלטע קאַטאָליקן. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז מענטשן האָבן זיך געשלאָגן אין די גאַסן און בלוט האָט זיך געגאָסן צוליב דער פראַגע, ווי אַזוי צו זאָגן אַ געוויסע שטעלע אין געבעט־בוך.

אַזוי איז געשען, אַז לוטער האָט מיט זיינע נייע פאָרמען גענומען רעפאָרמירן די רוימישע קירך. צווישן די רעפאָרמען זיינען בלויז עטלעכע געווען וויכטיקע. די איבעריקע זיינען געווען פון ווייניקער וויכטיקייט. ער האָט אָנגעהויבן בלויז מיט מאַכן רעפאָרמען אין דער אַלטער קירך און ניט צו בויען אַ נייע רעליגיע. אַזוי האָט ער אַליין דערקלערט. אָבער שפּעטער, ווען ער איז אַרויסגעטריבן געוואָרן פון דער רוימישער קירך, דאָס הייסט, פון קריסטנטום, און מען האָט אים גענומען פאַרפאָלגן, האָט ער באַשלאָסן צו שאַפן אַ נייע קירך, אַ קירך אָן אַ פּויפּסט און אָן פיל פון די געזעצן און צערעמאָניעס פון דער רוימישער איינפירונג.

לוטער הויבט איצט אָן צו שאַפן אַ נייע רעליגיע — פּראָטעס־טאַנטיזם. ער האָט גענומען אויסבויען די נייע רעליגיע אַנדערש פון דער קאַטוילישער, אַזוי ווייט אַז די נייע קירך זאָל זיך אונטערשיידן פון דער קאַטוילישער, ניט נאָר אין גייסט, נאָר אויך אין פאָרם און אויסזען.

יעדער איינער פון דער פּראָטעסטאַנטישער קירך, האָט ער דער־קלערט, זאָל זיין זיין אייגענער גלח. יעדער איינער קען קומען צו גאָט און בעטן צו אים אָן שום פאַרמיטלונג פון אַ גייסטלעכן. עס איז אויך ניטאָ קיין העכסטער גייסטלעכער איבער אַלע, ווי די קאַטאָליקן האָבן אין רוים, ווייל די ביבל איז דער הויפּט־אויטאָריטעט.

אַזוי אַרום האָט לוטער אָנגעהויבן צו פּרעדיקן זיין נייע רעליגיע און געקראָגן וואָס אַמאָל אַלץ נייע צוהערער, אַלץ נייע אָנהענגער, וואָס זיינען אַוועק פון דער קאַטוילישער קירך און צוגעשטאַנען צו אים.

* * *

מאַרטין לוטער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1483 און איז געשטאָרבן אין יאָר 1546. ער האָט אַלזאָ געלעבט 63 יאָר. פון אָט די יאָרן האָט ער די ערשטע 40 יאָר געפּרעדיקט ליבע, אָבער אין די לעצטע 23 יאָר האָט ער געפּרעדיקט האַס. עס איז דעריבער געווען צוויי מאַרטין לוטערס. איינער וואָס האָט געוואָלט דאָס גוטס פון דער מענטש־הייט און דער צווייטער וואָס האָט געוואָלט זיין אַ דיקטאַטאָר.

מאַרטין לוטער איז געבוירן אין אַ שטעטל אייסלעבן אין טאָרינגען, דייטשלאַנד. זיין פאָטער איז געווען אַ פּויער. אין יענעם שטעטל זיינען געווען מינען. דער פירשט פון מאַנספעלד, ניט ווייט פון דאָרטן וואו מאַרטינס פאָטער האָט זיך שפּעטער באַזעצט, האָט פאַררענט די מינען צו די, וואָס האָבן זיי געוואָלט רענטן, און באַזונדערס אייזן־גיסערייען פון אַ קליינעם מאַסשטאַב. מאַרטינס פאָטער האָט געקויפט אַזאַ אייזן־גיסעריי

און שפעטער נאָך צוויי און האָט דערפון געהאַט פרנסה. אין יענעם שטעטל האָט מאַרטין זיך אויפגעצויגן צוזאַמען מיט אַלע פויערישע יינגלעך. ער איז געגאַנגען אין דער שול פון מאַנספעלד. שפעטער איז ער אָנגעקומען אין אַ העכערער שול אין מאַגדעבורג און דערנאָך אין דער שול פון אייסענאַך, וועלכע האָט זיך גערופן די „סט. דזשאָרדזש שול״. לוטער איז געווען אַן אָרעמער סטודענט און האָט ניט באַצאָלט ניט פאַר דער וואוינונג אין דער דאָרמיטאָרי און ניט פאַר די לימודים. פיל מאָל איז ער אַפילו אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער צו בעטלען ברויט. פאַר די רעכט האָט ער געדאַרפט זינגען אין כאָר פון דער קירך, וואָס האָט באַלאַנגט צו דער שול. נאָך דריי יאָר אין אייסענאַך איז ער אָנגעקומען אין דעם אוניווערסיטעט פון ערפאָרט, וואָס איז דעמאָלט געווען זייער באַרימט. ער האָט דאָרטן געלערנט טעאָלאָגיע. דאָס איז אָבער געווען פאַר זיין פאָטער אַ גרויסע איבערראַשונג, ווייל ער האָט געוואָלט, אַז ער זאָל לערנען אין דער יוריסטישער אָפטיילונג אויף צו ווערן אַן אַדוואָקאַט. לוטער האָט אָבער דאָס ניט געוואָלט. אין די לימודים פון טעאָלאָגיע האָט לוטער זיך אויסגעצייכנט און האָט פיל דערגרייכט. אָבער עס איז באַשערט געווען זיין פאָטער צו האָבן פון אים נאָך אַ גרעסערע טרויעריקע איבערראַשונג, נעמלעך — איינמאָל איז ער אַן צו זאָגן אַ וואָרט צו עמיצן אַריין אין מאָנאַסטיר פון ערפאָרט און געוואָרן אַ מאָנאַך.

לוטער האָט איצט ווייטער שטודירט טעאָלאָגיע. ער איז געווען אין מאָנאַסטיר צוויי יאָר אין וועלכן ער האָט דורכגעמאַכט אַלע אַסקעטישע פאָרשריפטן פון דעם אינסטיטוט און האָט זיין קערפער געפייניקט מיט כלערליי יסורים, כדי אָפצוקומען פאַר די זינד. שפעטער האָט ער געקראָגן דעם טיטל דאָקטאָר און נאָך שפעטער איז ער געוואָרן פראָפעסאָר פאַר טעאָלאָגיע אין דעם וויטענבורגער אוניווערסיטעט.

אָט דאָ אין דעם אוניווערסיטעט האָט זיך אָנגעהויבן זיין אַפּיקורסות, זיין צווייפלען אין די רעכט פון פויפסט יוליוס דעם צווייטן צו פאַרקויפן פאַרגעבונגס־צעטעלעך פאַר דער פאַרגאַנגנהייט און דער צוקונפט, וואָס עס האָט ענדלעך געפירט צו דעם, אַז ער זאָל אַרויסקומען אָפן קעגן דער הערשאַפט פון פויפסט און רופן דאָס פאָלק צו אַ נייעם וועג אין קריסטנטום: גאָטעס־דינסט אָן אַ רעליגיעזער היעראַרכיע.

* * *

מאַרטין לוטער איז ניט געווען פון די יעניקע וואָס ווערן געבוירן צו געבן אַ נייע רעליגיע צו די מענטשן. ער איז געווען אייגנטלעך אַ

רעפאָרמער. ער האָט געוואָלט בלויז אויסבעסערן געוויסע זאַכן, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר ניט ריכטיק אין דער קאַטוילישער רעליגיע. ער האָט, למשל, געקעמפט קעגן די פאַרגעבונגס־צעטעלעך, וועלכע האָבן געהאַט אַ געשעפטס־נאָך־ריח און נאָך אייניקע זאַכן. וואָלט דער פויפסט אין רוים אין דעם אים נאָכגעגעבן און וואָלט אַליין אָפּגעשאַפט דעם האַנדל מיט זינד־פאַרגעבונג, וואָלט לוטער זיך באַרואיקט און אַלץ וואָלט געבליבן ביים אַלטן. אָבער — עס איז ניט געווען לוטער אַליין. עס איז אויך געווען די צייט און דאָס פאָלק. די פויפסטן אין רוים האָבן זיך אין יענער צייט געהאַט שוין געמאַכט אַזאַ שלעכטן נאָמען און דערצו נאָך אַזוי שטאַרק געדריקט אויף די פאָלקס־מאַסן, אַלס זעלבסט־הערשער, אַז די פאָלקס־מאַסן האָבן אין דער טיפעניש פון האַרץ געשטורעמט קעגן זיי. דאָס האָט געבראַכט צו דער שטאַרקייט פון לוטערן אין זיין קאַמף קעגן פויפסט. עס איז געווען דאָס וואָס ער האָט געהאַט דאָס פאָלק מיט זיך. די פאָלקס־מאַסן האָבן נאָר אויסגעקוקט אַז עס זאָל קומען עמיצער וואָס זאָל וואַגן אָנצוהויבן אַ רעוואָלוציע קעגן די הערשער פון וואַטיקאַן. דעריבער, ווען לוטער איז אַרויסגעקומען מיט זיין מאַניפעסט קעגן פויפסט, האָט ער געטראָפן אַ גרייטע מאַסע, גרייט ניט אַזוי ווייט וועגן די צעטעלעך אַליין, ווי בכלל קעגן רוים און קעגן די הויפטן פון דער קירך.

אָט דאָס איז אויך געווען דער סוד וואָס ער, מאַרטין לוטער, האָט ניט געהאַט דעם סוף ווי אַנדערע אָפּטריניקע און אַפּיקורסים פון יענער צייט, וועלכע זיינען פאַרברענט געוואָרן אויפן שייטער־הויפן. אמת, רוים האָט דאָס געוואָלט, אָבער אַזוי ווי זי האָט דאָס געדאַרפט טאָן דורכן שטאַט, האָט דער שטאַט זיך געקווענקלט דאָס צו טאָן מורא האָבנ־דיק, אַז דאָס קען פירן צו אַ פאָלקס־רעוואָלוציע קעגן דער קרוין.

* * *

אָבער לוטער אַליין איז באַשטאַנען פון צוויי טיילן: פון אַ מלאך און אַ שד. פון איינעם וואָס האָט געפּרעדיקט ליבע און פון אַ צווייטן וואָס פון זיינע ליפּן האָט געטריפט האַס, ווי מיר וועלן דאָס באַלד זען. אין דער הינזיכט איז לוטער געווען ענלעך, ווי געזאָגט, צו מאַכמעדן, וועלכער האָט אויך אָנגעהויבן מיט ליבע צו דער גאַנצער וועלט און געענדיקט מיט האַס און מיט דער שווערד. מען קאָן דעם פאַרגלייך ציען אַפילו ווייטער, ביז יעזוסן, וועלכער איז אין גרונד אויך נאָר געווען (און נאָר געוואָלט זיין) — אַ רעפאָרמער. יעזוס האָט אויך אָנגע־

הויבן דערמיט, וואָס ער האָט אַרויסגעטריבן די געלט־טוישער פון טעמפּל, אַ זאַך וואָס ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן, פּונקט אַזוי ווי לוטער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן די פאַרגעבונגס־צעטעלעך. יעזוס האָט אויך בפירוש געזאָגט, אַז ער איז ניט געקומען צו געבן אַ נייע לערע און ניט אָפּצושאַפן אַפילו איין וואָרט פון דער תורה. אַלץ וואָס ער וויל נאָר איז — רעפאָרמען. אָבער יעזוס איז אַוועק פון דער וועלט צו יונג. מעגלעך, אַז ווען ער וואָלט געלעבט לענגער, וואָלט ער אויך געקומען דערצו צו שאַפן אַ נייע לערע און וואָלט אויך אָנגעהויבן מיטן בוך און געענדיקט מיט דער שווערד, אָבער צוליב דעם וואָס ער איז אַוועק צו פרי פון דער וועלט, האָט עס געטאָן פאַר אים איינער פון זיינע תלמידים — פּאָול, וועלכער האָט געענדערט די ליבע־לערע דורך פרעדיקן האָס.

מיר האָבן שוין געזען פריער דעם ערשטן מאַרטין לוטער, דעם, וועלכער האָט געפּרעדיקט ליבע צו דער גאַנצער וועלט; מאַרטין לוטער דעם קעמפער קעגן אומגערעכטיקייט און קעגן טיראַנען. איצט וועלן מיר זען דעם צווייטן מאַרטין לוטער, וועלכער האָט געקעמפט קעגן די פאָלקס־מאַסן און איז אַליין געוואָרן אַ טיראַן; מיר וועלן אויך זען דעם ערשטן מאַרטין לוטער, וועלכער בענטשט און לויבט די יידן און דעם צווייטן — וועלכער שעלט די יידן און הייסט פאַרברענען זייערע סינאַגאָגעס; מיר וועלן זען דעם מלאך און אויך דעם שד.

* * *

מאַרטין לוטער איז, ווי געזאָגט, געווען אַ קינד פון פּויערים. ער האָט געקענט גוט זיינע דאָרפישע פריינד. ער האָט געוואוסט זייערע נויטן און זייערע קאַמפן מיט די פּריצים, די אַריסטאָקראַטיע, וועלכע האָט גע־וואָלט צונעמען ביי זיי דאָס לאַנד און מאַכן זיי בלויז פאַר שקלאַפן, אַ קאַמף וואָס איז אָנגעגאַנגען צווישן די הערן פון לאַנד און צווישן דעם פּויערים־פאָלק זייט הונדערטער יאָרן.

דאָס פּויערים־פאָלק האָט געליטן, אַ חוץ פון די פּריצים, אויך פון דער קירך און איר גאַנצער היעראַרכיע און האָט דעריבער געוואָלט אויך פּטור ווערן פון זיי, ווייל זייער אָפט איז די קירך געגאַנגען האַנט ביי האַנט מיט דער אַריסטאָקראַטיע. מאַרטין לוטער, וועלכער האָט אָנגע־הויבן דעם קאַמף קעגן דער קירך, האָט דעריבער געקראָגן די בענטשונג פון פּויערים־פאָלק, פון די, וואָס האָבן געליטן פון די גלחים און די פאַרטיידיקער פון די פּריצים. זיי האָבן דעריבער געהאָפט און געוואַרט אויפן טאָג, ווען לוטער וועט מאַכן אַ צווייטן שריט צו באַפרייען דאָס

לאַנד אויך פון דער אַריסטאָקראַטיע און פון די הערשער, וועלכע שטיצן כסדר אָט־די אַריסטאָקראַטיע, אָבער זיי האָבן געוואַרט אומזיסט. אַזאַ טאָג איז ניט געקומען.

מאַרטין לוטער איז איצט געווען אַריינגעטאָן אין איין זאַך: אויס־צובויען זיין נייע רעליגיע, פּראָטעסטאַנטיזם, וועגן וואָס ער האָט אין אָנהויב אַפילו ניט געחלומט. אָבער עס זיינען געווען די פאָלקס־מאַסן, וועלכע האָבן דאָס געוואָלט. זיי האָבן געוואָלט אַ רעוואָלוציע קעגן רוים, אַן אויפשטאַנד אַראָפּצוּוואַרפן דעם זעלבסט־הערשער פון וואַטיקאַן. לוטער האָט דאָס פאַרשטאַנען און האָט געקעמפט דערפאַר און ענדלעך דאָס דער־גרייכט. עס איז פאַרגעקומען אַן אָפּטיילונג פון דער קירך פון רוים אויף דער גאַנצער ליניע. פּראָטעסטאַנטיזם קעגן קאַטאָליציזם. צוויי לאַגערן, צוויי מחנות, צוויי רעליגיעס.

אָבער היות ווי לוטער האָט ניט געקענט פירן דעם קאַמף אויף צוויי פראָנטן, סיי קעגן רוים און סיי קעגן די געקרוינטע הערשער, ווייל ער האָט געדאַרפט און געוואָלט אַז די געקרוינטע הערשער, וועלכע האָבן אַליין אויך געליטן פון רוים, זאָלן זיין מיט אים אין זיין קאַמף קעגן רוים, האָט ער דעריבער פאַרקוקט די עוולות וואָס די הערשער האָבן געטאָן צו זיין פויערים־פאָלק, דאָס וואָס זיי שיצן די אַריסטאָקראַטיע, די באַדריקער פון די פויערים. לוטער האָט דאָס געזען און געשוויגן, כדי צו האָבן מיט זיך די קעניגן און די אַריסטאָקראַטיע. אָבער דאָס פאָלק, דער עיקר דאָס פויערים־פאָלק, האָט געשטורעמט. דאָס פאָלק האָט געוואָלט אויך אַ רעוואָלוציע קעגן די ציווילע הערשער, קעגן די קעניגן, פירשטן, גראַפן, באַראָנען און לאַנד־אייגנטימער. דערצו האָט אָבער לוטער ניט צוגעשטימט. ער האָט ניט געוואָלט קעמפן קעגן זיי.

ווען דאָס פויערים־פאָלק האָט געזען, אַז לוטער פירט ניט אָן זייער קאַמף קעגן דער אַריסטאָקראַטיע, האָט עס אַליין געמאַכט אַ רעוואָ־לוציע און אויפשטאַנדן פון די פויערים זיינען פאָרגעקומען דאָ און דאָרטן. וואָס האָט דערנאָך לוטער געזאָגט? ער האָט פאַרדאַמט די פויערים און איז אַרויסגעטראָטן קעגן זיי. ער האָט גערעדט און געהאַנדלט ווי אַ טיראַן.

און ווי אַ טיראַן האָט ער געביטן זיין מיינונג אויך וועגן די יידן.

אין די יונגע יאָרן האָט ער אין אַן עסיי, וואָס הייסט „יעזוס איז געבוירן געוואָרן אַ ייד" אַזוי געשריבן:

„זיי (די יידן) זיינען בלוט־פאַרוואַנדטע פון אונדזער הער. אויב מען קען זיך אויסרימען מיט דער שייכות פון פלייש און בלוט, זיינען די

יידן נענטער צו יעזוסן ווי מיר... דעריבער איז מיין עצה צו באַהאַנדלען די יידן זייער איידל... מיר דאַרפן קעגן זיי אויספירן ניט דאָס געזעץ פון פויפסט, נאָר פון קריסטלעכער ליבע און ווייזן זיי אַ געפיל פון פריינד־שאַפט״...

אַזוי האָט געשריבן דער ערשטער לוטער, ווען ער האָט נאָך גע־פרעדיקט ליבע.

איצט לאָמיר זען, וואָס עס האָט געשריבן דער צווייטער לוטער, דער לוטער פון האַס, ווייל אויך ער, פונקט אַזוי ווי מאַכמעד, האָט גע־מיינט, אַז די יידן וועלן צושטיין צו זיין רעליגיע און ווען דאָס איז ניט געשען, פונקט אַזוי ווי עס איז ניט געשען אין מאַכמעדס צייטן, האָט ער אַזוי ווי מאַכמעד, אויסגעלאָזט „כל חמתו״ צו די יידן.

אין אַ בריוו צו אַ גייסטלעכן, וואָס פרעגט אים אָן, וואָס עס זאָל זיין די האַלטונג פון די פראָטעסטאַנטן צו די יידן, ענטפערט דער צווייטער לוטער:

„רודפן זיי! פאַרניכטן זיי! פאַרטיליקן זיי פון גאָטס ערד!... פאַר־ברענט זייערע סינאַגאָגעס... זייערע רעליגיעזע שולן און דאָס וואָס מען קען ניט פאַרברענען, באַגראָבט אין דער ערד... ברעכט זיך אַריין אין זייערע הייזער און פאַרניכטעט זיי, די הייזער מיט די מענטשן צוזאַמען... נעמט־צו ביי זיי אַלע זייערע געבעט־ביכער, זייער תלמוד... פאַרווערט זייערע רבנים צו לערנען תורה מיט אַנדערע... איר זאָלט דאָס טאָן דורך אָנטאָן זיי יסורים און אויב זיי וועלן נאָך אַלץ זיין עקשנים, רייסט אַרויס זייערע צונגען פון זייערע מיילער...״.

נו, קען מען האָבן טענות צו היטלערן און צו דער גאַנצער נאַ־צישער ווילדער באַנדע? איר זעט דאָך שוין פון וואַנען דער דייטשער יידן־האַס שטאַמט?

לוטער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 63 יאָר. ער האָט אָנגעהויבן מיט אַ קאַמף קעגן טיראַנען און איז געשטאָרבן אַליין א טיראַן, ווייל פונקט אַזוי האָט ער שפּעטער געדעדט און געשריבן וועגן די אונטער־דריקטע פויערים. ער רופט זיי אָן „מערדער און גנבים״ און האָט געהייסן דערטרינקען זייער רעוואָלוציע אין בלוט. „טוט מיט זיי וואָס איר ווילט, זאָגט ער צו אַ פירער פון דער אַריסטאָקראַטיע. שמייסט זיי, שטעכט זיי, טרעט זיי מיט די פיס... זיי האָבן עס פאַרדינט״...

אָט דאָס איז געווען דער צווייטער מאַרטין לוטער. ער האָט אָנגע־הויבן מיטן בוך און געענדיקט מיט דער שווערד...

## 66. די צוויי גרויסע גייסטער: עראַזמוס און סערוואַנטעס

עראַזמוס רופט צו בילדונג און וויסן. — ער גלויבט אַז אויב עס וועט זיין מער בילדונג וועלן די מענטשן זיין בעסער. — סערוואַנטעס האָט דאָס געטאָן דורך אַ סאַטירע, וואָס ער האָט אָנגערופן „דאָן קיכאָט". — גאַנץ אייראָפּע האָט עס געלייענט, געקייכט פון געלעכטער, און געזען זיך אין די ראַמען פון אָט דער סאַטירע.

אַזוי ווי עס טרעפט אָפט, אַז נאָך שטאַרקע פּאַרוואָלקנטע הימלען, ווען עס ווערט אַזש פינצטערלעך, קומט אַ שטורעם־רעגן און די אָנגעלאָדענע וואָלקנס גיסן אויס אַלץ וואָס זיי האָבן אָנגעזאַמלט אין זיך אין פאַרלויף פון טעג און וואָכן, און עס לייטערן זיך אויס די הימלען און די זון קומט אַרויס אַ שיינענדע, אַ לאַכעדיקע, צו אַלעמענס צופרידנהייט, אַזוי בערך האָט אויסגעזען, אין גאַנג פון דער צייט, ווען נאָך די חשכדיקע טעג פון מיטלאַלטער, נאָכדעם ווי עס האָט שוין אויסגעזען, אַז די וועלט קומט צו אַן ענדע, האָט פּלוצים אויפגעשיינט פאַר אַלע די זון פון וויסנשאַפט און פרייען דענקען. דאָס איז געשען צום סוף פון 15־טן און אָנהויב פון 16־טן יאָרהונדערט. עס האָבן זיך דעמאָלט באַוויזן אויף דער וועלט־סצענע גרויסע גייסטער אין פאַרשידענע לענדער, וועלכע האָבן גערופן די מענטשן צו לערנען, צו שטודירן, צו דערווערבן וויסן און צו באַזינען זיך; די גייסטער האָבן אויך גערופן אָפּצושאָקלען פון זיך דעם שימל פון רעליגיע און צו זען אַלץ מיט אָפענע אויגן; צו באַטראַכטן אַלץ פון דאָס ניי און ניט לויט די אַלטע באַגריפן פון דער קירך, נייערט לויט דעם נייעם גייסט פון דער נייער צייט.

אַזעלכע מענטשן זיינען אויפגעשטאַנען זייער פיל דאָ און דאָרטן און להכעיס דעם שטאַרקן דרוק פון דער קירך אין רוים, האָבן זיי געוועקט די פאַרשלאָפענע וועלט און גערופן צו אַ רענעסאַנס, צו אַ באַנייאונג, צו אַן אויפלעבונג.

און דאָס פאָלק האָט דערהערט דעם רוף און זיך ווירקלעך אויפגעכאָפּט פון דעם לאַנגן לעטאַרגישן שלאָף און דער וואונדער איז געשען. עס איז איצט געקומען אַ נייע צייט. עס איז געבוירן געוואָרן דער רענעסאַנס.

ווי געזאָגט, זיינען געווען פיל אַזעלכע גרויסע גייסטער, כמעט אין יעדן לאַנד. מיר ווען אָבער דאָ אַרויספירן בלויז עטלעכע. די, וועלכע האָבן אַממייגסטן געווירקט מיט זייער רוף; די, וואָס האָבן באמת אויפגעוועקט די שלאָפנדיקע וועלט צו אַ ניי לעבן.

דער ערשטער פון די דאָזיקע פרייע גייסטער איז געווען אַ האָלענ־דער, וועלכער ווערט איצט באַטראַכט ווי אַ וועלט־מענטש, ווייל ער האָט געלעבט אין אַלע הויפּט־שטעט פון אייראָפּע און אומעטום בייגעשטייערט צו דעם קומענדיקן רענעסאַנס — דאָס איז געווען: דעסידעריוס עראַזמוס.

* * *

עראַזמוס איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1466 אין ראָטערדאַם (האָלאַנד). וועגן זיינע יונגע יאָרן איז ניט פיל באַוואוסט. מען ווייסט נאָר, אַז ער איז געווען אַ קינד פון אַ לינקער געליבטע (דאָס דערציילט ער אַליין אין איינעם פון זיינע ווערק), אָבער סיי זיין מוטער און סיי זיין פאָטער האָבן אויף אים שטאַרק אַכטונג געגעבן און אים געגעבן אַ גוטע דערציאונג. דאָס איז געווען אַזוי לאַנג ביז ער איז אַלט געוואָרן 14 יאָר. שפּעטער איז ער געווען אונטער דער אויפזיכט פון אַן אויפזעער, וועלכער האָט אים אַריינגעגעבן אין אַ מאָנאַסטיר־שול, וואו ער האָט געלערנט ביז ער איז אַלט געוואָרן 17 יאָר און דערנאָך אין מאָנאַסטיר גופא, וואו ער האָט, ווי ער אַליין זאָגט, אָפּגעחושכט גאַנצע צען יאָר, ביז ער איז געוואָרן אַ גלח. ער האָט שפּעטער פאַרלאָזט דעם מאָנאַסטיר קיינמאָל מער ניט צו קומען צוריק צו אים.

עראַזמוס הויבט איצט אָן זיין גרויסע טעטיקייט אַלס פאַרשפּרייטער פון בילדונג און וויסן אין גאַנץ אייראָפּע. ער וואַנדערט אַרום איבער די הויפּט־שטעט און אומעטום ווערט ער דער צענטער פון בילדונג און די בעסערע יוגנט זאַמלט זיך אַרום אים. אויף די וואַנדערונגען טרעפט ער זיך מיט די גרעסטע געלערנטע פון זיין צייט און ער דערמוטיקט זיי צו פאַרשפּרייטן בילדונג און וויסן צווישן פאָלק. אויף די דאָזיקע וואַנ־דערונגען לערנט ער מיט סטודענטן אין פאַרשידענע אוניווערסיטעטן און אויך אין ספּעציעלע קרייזן פון יוגנט וואָס ווילן אים הערן. דערצו ווערט ער אַליין אַ סטודענט און לערנט גריכיש, כדי צו קענען לייענען די אַלטע מייסטער אין אָריגינאַל, אָבער דער עיקר איז ביי אים געווען צו קענען לייענען די ביבל אין גריכיש, ווייל ער האָט געדענקט, אַז די ביבל אויף לאַטיין, די וואולגאַטאַ, איז שלעכט איבערגעזעצט געוואָרן

און אַז געוויסע ווערטער און שטעלן זיינען ניט ריכטיק איבערגעגעבן געוואָרן. אויף די אַלע רייזעס לעבט ער פון דעם וואָס ער פאַרדינט פון שרייבן און פון דעם וואָס געוויסע מענטשן העלפן אים אַרויס.

עראַזמוס האָט פריער, איידער לוטער האָט אָנגעהויבן זיין קאַמף קעגן רוים, שוין קריטיקירט דעם וואַטיקאַן, אָבער אויף אַ מילדן אופן. ער האָט אָנגעוויזן אויף פעלערן וואָס רוים באַגייט און געזאָגט מיט וואָס עס דאַרף זיין אַנדערש. דאָס האָט ער געטאָן אין פיל פון זיינע ווערק וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט נאָך אין די יאָרן פאַר מאַרטין לוטערס אָפענעם אַרויסטריט קעגן רוים. דאָס הייסט אין יאָר 1517.

נאָך מאַרטין לוטערס קומען אויף דער וועלט־סצענע, האָט אין אָנהויב עראַזמוס איינגעשטימט מיט אים, אַז עס דאַרפט געמאַכט ווערן רעפאָרמען אין דער קאַטוילישער רעליגיע. אין יענע יאָרן האָט באמת קיינער ניט געטראַכט פון אַ רעוואָלוציע קעגן רוים. מאַרטין לוטער איז אַרויסגעטראָטן אויך נאָר קעגן די פאַרגעבונגס־צעטעלעך, וואָס דער פויפסט האָט פאַרקויפט, און דאָס פאָלק האָט פאַרלאַנגט, אַז די קירך פון רוים זאָל ניט אַזוי דריקן מיט איינמאָנען די געלטער און איבערהויפט ניט שיקן אירע איטאַליענישע קאָלעקטאָרס, וועלכע האָבן זיך נוקם געווען איבער די דייטשע מאַסן. ערשט שפּעטער, ווען לוטער האָט גענומען רופן צו איבעררייסן מיט רוים, איז עראַזמוס געווען קעגן דעם און ניט געוואָלט גיין מיט אים.

עראַזמוס האָט געוואוסט, אַז אַלץ איז קאָרופטירט און פאַרדאָרבן אין דער גלחישער וועלט, האָט ער דאָך אַליין געלעבט אין אַ מאָנאַסטיר און האָט געוואוסט וואָס דאָרטן קומט אַלץ פאָר. ער האָט אַפילו אָנגעשריבן וועגן דעם אַ בוך וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „די לויב פון נאַריש־קייט‟, אַ שטאַרקע סאַטירע אויף דעם כלומרשטן פרומען לעבן פון אַ מאָנאַסטיר, אויף דער צידקות פון די הייליקע נאָנעס און אויך די גלחים, וואָס האָבן די השגחה איבער זיי. עראַזמוס האָט געהאַלטן, אַז עס דאַרפן זיין רעפאָרמען. מען דאַרף שאַפן אַ געלייטערטע רעליגיע פון קריסטנ־טום, אָבער ניט איבעררייסן אינגאַנצן מיט רוים. דעריבער ווען לוטער האָט פאַרלאַנגט פון אים אַז ער זאָל עפנטלעך אַרויסטרעטן קעגן רוים און צושטיין צו אים, האָט עראַזמוס דאָס ניט געוואָלט. ער האָט מודה געווען, אַז די „מאָנאַרכיע פון גרעסטן גייסטלעכן פון רוים (דער פויפסט) איז אַן אומגליק פאַר קריסטנטום‟, אָבער דאָך האָט ער געהאַלטן, אַז פון פירן אַ קאַמף קעגן רוים וועט קיין גוטס ניט אַרויסקומען. עס וואָלט

בעסער געווען פאַר לוטערן, האָט ער געזאָגט, אַז ער זאָל פירן אַ קאַמף אויף אַ שטילן אופן איידער אַרויסצורופן דעם פויפסט אויף אַ מלחמה.

בכלל האָט עראַזמוס געהאַלטן, אַז אַ מענטש קען זיך פאַרבעסערן, וואָס מער בילדונג אַ מענטש באַזיצט, אַלץ בעסער ווערט ער; ער זוכט מער פרייהייט און ווירקט אין לעבן גאָר אַנדערש, דעריבער איז אַלץ וואָס מען דאַרף טאָן איז צו פאַרשפרייטן בילדונג צווישן די מאַסן און דעמאָלט וועט שוין די לאַגע ווערן אַנדערש.

עראַזמוס האָט אויך געלערנט, אַז מען דאַרף שאַפן אַ געלייטערטע רעליגיע. ער האָט געדענקט, אַז די גאַנצע צרה איז ניט מיט קאַטאָליציזם, וואָס וויל באַהערשן אַלע. שולדיק זיינען אויך די נייע שרייבער וואָס זיינען צופיל פאַרליבט אין די גריכישע מייסטער, און ממילא אויך אין געצנ־דינסט פון יענער צייט. ער האָט דעריבער געוואָלט בלויז קליינע רע־פאָרמען אין דער קריסטלעכער רעליגיע, הויפטזעכלעך אָפשאַפן פיל פון די דאָגמעס וואָס זיינען מיט דער צייט אָנגעוואַקסן. דאָס איבעריקע, האָט ער געזאָגט, דאַרף מען לאָזן צו דער צייט.

אָבער ווען לוטער האָט געהערט, אַז עראַזמוס וויל ניט צושטיין צו אים, איז ער אַרויסגעטראָטן שאַרף קעגן אים און איז אים באַפאַלן מיט די ערגסטע ווערטער. עראַזמוס האָט דערויף געענטפערט לוטערן מיט אַ שטילן טאָן און האָט בלויז געזאָגט, אַז דערמיט וואָס לוטער גלויבט ניט, אַז א מענטש קען זיך אויסבעסערן ווייזט ער אַ שלעכטן ביישפיל פאַר די, וואָס זיינען שלעכט און ווילן ווערן אַנדערש. ער פאַרשטעלט פאַקטיש פאַר אָט־די מענטשן, וואָס ווילן תשובה טאָן אַלע וועגן, וואָס דאָס איז קעגן קריסטנטום. אַ חוץ דעם פירט עס דערצו, אַז די אַלע וואָס שטייען־צו צו אים אין זיין נייער באַוועגונג, זיינען זינדיקע און פאַר־דאָרבענע מענטשן, ממש דער אָפּפאַל פון דער געזעלשאַפט, און אָט־די האָבן אַפילו ניט קיין חרטה אויף זייערע שלעכטע מעשים.

עראַזמוס איז געשטאָרבן אין עלטער פון 70 יאָר (אין יאָר 1535). ער האָט איבערגעלאָזט אַ גאַנצע ריי ווערק פון גרויסער באַדייטונג, ווי דאָס ווערק „אַדאַדזשיא״ (אַ זאַמלונג פון קלוגע רייד פון די אַלטע פילאָ־זאָפן) „קאָלאָקוויאַ״, אויך אַ זאַמלונג פון אַלטע דיאַלאָגן און נאָך אַנדערע — אָבער דאָס וויכטיקסטע ווערק זיינס איז געווען דאָס איבערזעצן פון דאָס נײַ די ביבל פון גריכיש אויף לאַטיין, וואָס עס האָט פיל מיט־געהאָלפן צו דער פאַרשטאַרקונג פון דער נייער צייט, די רענעסאַנס־עפּאָכע.

אין כמעט דער זעלבער צייט האָט געלעבט אַן אַנדערער גרויסער גייסט וואָס האָט פיל מיטגעהאָלפן אין דער שאַפונג פון דער נייער צייט. דאָס איז געווען — מיגועל דע סערוואַנטעס, דער איינציקער שפּאַנישער שריפטשטעלער וואָס איז געוואָרן וועלט־באַרימט מיט זיין ווערק „דאָן קיכאָט" און וועלכעס איז איינס פון די קלאַסישע ווערק וואָס מיר האָבן.

סערוואַנטעס האָט זיך גיט פאַרנומען מיט שרייבן ווערק וועגן בילדונג און אויפקלערונג ווי עס האָבן געטאָן עראַזמוס און אַנדערע פון זיין צייט. ער האָט עס געטאָן אויף גאָר אַן אַנדערן אופן, אין אַ בעלעטריסטיש ווערק. ער האָט נעמלעך אָנגעשריבן אַ סאַטירע אויף זיין צייט, וואו ער לאַכט אויס אַלע, אָנהויבנדיק פון די גלחים ביז צו די אַריסטאָקראַטן, די סוחרים, די פּויערים, די האָטעל־באַזיצער און אַפילו פאַרשידענער בעלי־מלאכות, ווי פריזיערס און אַנדערע. אָט־די סאַטירע האָט אויך אָפּגעקלונגען איבער גאַנץ אייראָפּע. מען האָט עס אומעטום געלייענט און געלאַכט אין די פויסטן אַריין, אָבער מען האָט זיך דאָרטן אַליין געזען. מען האָט געזען דאָס גאַנצע מיאוסע, פאַרדאָרבענע פּנים פון אייראָפּע אין יענער צייט.

* * *

ווער איז געווען סערוואַנטעס? און וואָס אַזוינס איז דאָס ווערק „דאָן קיכאָט"?

מיגועל סערוואַנטעס איז געבוירן געוואָרן אין שפּאַניע אין יאָר 1547, אַ פּאָר יאָר נאָך עראַזמוסעס טויט. ער האָט געשטאַמט פון דער הויכער אַריסטאָקראַטיע פון שפּאַניע, פון די אמתע נאָבל־לייט.

סערוואַנטעס האָט געקראָגן אַ גוטע דערציאונג און אין יאָר 1569, ווען ער איז אַלט געווען 22 יאָר, איז ער געפאָרן שטודירן קיין איטאַליע אין דיפּלאָמאַטישע קרייזן. שפּעטער איז ער געקומען צוריק אַהיים, האָט געדינט אין דער אַרמיי און אין איינער פון די שלאַכטן איז ער פאַרוואונדעט געוואָרן און געקראָגן אַ קראַנקע האַנט, וואָס מען האָט מער ניט געקענט אויסהיילן. שפּעטער איז ער אויף אַ צווייטער רייזע קיין שפּאַניע, געפאַנגען געוואָרן פון אַלזשירער פּיראַטן, וועלכע האָבן אים געהאַלטן געפאַנגען גאַנצע 5 יאָר, ווייל זיי האָבן פאַרלאַנגט אַ גרויסע סומע אויסלייזגעלט. ענדלעך האָט זיין מוטער, אַן אלמנה, געשאַפן אָט־די סומע און זיי געגעבן, און ער איז באַפרייט געוואָרן.

אין די 5 יאָר וואָס ער איז געווען אין געפאַנגענשאַפט, האָט סער־

וואָנטעס אָנגעשריבן עטלעכע דראַמעס, אָבער אַלע זיינען זיי פאַרלוירן געגאַנגען.

נאָכדעם ווי ער, סערוואַנטעס, איז באַפרייט געוואָרן, האָט ער זיך גענומען צו שרייבן זיין מייסטער־ווערק „דאָן קיכאָט". ער האָט באַלד געקראָגן אַן אַרויסגעבער פאַרן ערשטן טייל. דאָס איז געווען אין יאָר 1604. דער צווייטער טייל איז דערשינען שפּעטער אין יאָר 1615. דאָס ווערק איז באַלד אויפגענומען געוואָרן אין גאַנץ אייראָפּע מיט גרויס ענטוזיאַזם. אָבער מיט דעם גאַנצן טומל אַרום דעם ווערק האָט עס אים קיין מאַטעריעלן דערפאָלג ניט געבראַכט און ער האָט געלעבט ווייטער דאָס גאַנצע לעבן אין גרויס אָרעמקייט.

איצט לאָמיר הערן וואָס דער מחבר זאָגט. באַלד אין אָנהויב דערקלערט סערוואַנטעס, אַז זיין ציל איז אין דעם ווערק אָפּצולאַכן פון דער אַריסטאָקראַטיע און פון דער גלחים־היעראַרכיע. אָבער אין דעם ווערק גייען אַדורך אויך פיל אַנדערע מענטשן פון אַנדערע קלאַסן, וועלכע דער מחבר לאַכט אויך אויס. ער לאַכט בכלל אויס די גאַנצע געזעלשאַפט פון זיין צייט און ווייזט ווי פאַרדאָרבן, נאַריש און ניט־אינטערעסאַנט עס זיינען די פאַרשידענע טיפּן און ווי געמיין איז אויך אַלץ וואָס זיי טוען.

דאָס ווערק האָט מער געווירקט ווי אַלע אַנדערע ביכער וואָס האָבן גערופן צו אויפקלערונג. סערוואַנטעס באַנוצט זיך דאָרטן מיט אַ פיינעם סאַטירישן טאָן, וואָס מאַכט זען די מענטשן און זייערע לעכערלעכקייטן, און דאָס האָט געהאַט מער ווירקונג ווי ווען אַ שרייבער זאָל שרייבן וועגן דעם אַלעם אין אַ פּשוטן סטיל. דאָס אָפּלאַכן פון די אַלע טיפּן איז אַריין אין די בייגער פון אַלע וואָס האָבן עס געלייענט.

„דאָן קיכאָט" איז אָבער אויך אַ גרויס קינסטלעריש ווערק, דער־פאַר האָט עס אַ ווערט אויך היינט. עס איז אַ ווערק וואָס לאַכט אָפּ פון אַלע די, וואָס פליען אין די הימלען מיט גרויסע פּלענער און דערוויייל פאַרלירן זיי דעם באָדן פון אונטער זייערע פיס. אַזעלכע טיפּן זיינען אַלעמאָל געווען. דעריבער איז „דאָן קיכאָט" אַ ווערק וואָס איז גוט פאַר אַלע צייטן.

ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1616 אין מאַדריד. ער האָט אַלזאָ געלעבט 69 יאָר. עס איז דאָ אַ גאַנצע לעגענדע וועגן זיין קבר. לויט די ביאָגראַפן, האָט מען אים באַגראָבן אין דער קירך, וואָס איז ביי דעם מאָנאַסטיר פון די טריניטאַריען נאָנעס, אָבער דאָרטן איז ער ניטאָ. עס איז דאָ אַ לעגענדע, אַז מען האָט זיינע ביינער אַריבערגעפירט

אין אַן אַנדער אָרט, אין יאָר 1633, אָבער דאָס איז ניט באַוויזן געוואָרן. יעדנפאַלס אָבער ווייסט מען ניט גענוי וואו זיין געביין געפינט זיך.

* * *

צו די גרויסע גייסטער פון יענער צייט דאַרף מען אויך צורעכענען די גרויסע ווירקונג וואָס עס האָט געהאַט דעמאָלט דער פראַנצויזישער געלערנטער מאָנטעין, וועלכער איז געווען דער ערשטער צו שאַפן די פאָרם פון אַן עסיי. ער איז דעמאָלט אַרויסגעקומען צום ערשטן מאָל מיט זיינע עסייען איבער פאַרשידענע פראַגן, איבער וועלכע ער האָט, דער ערשטער, געשריבן אין אַן אייגנאַרטיקן סטיל און פאָרם.

מישעל מאָנטעין איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1533. ער האָט געשטאַמט פון אַריסטאָקראַטישע עלטערן אין פראַנקרייך און האָט גע־קראָגן אַ גוטע דערציאונג. אין זיינע סטודענטישע יאָרן האָט ער שטודירט געזעץ. ער איז שפּעטער געוואָרן דער אַדוואָקאַט פאַר דער שטאָט באָרדאָ, אָבער אין די פערציקער יאָרן, האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון זיין יוריסטישער טעטיקייט און געלעבט אויף זיין פאַרם, וואו ער האָט זיך גענומען שרייבן אויף אַ נייעם אופן וועגן ליטעראַטור, פילאָזאָפיע, דיפּלאָ־מאַטיע און פיל אַנדערע פראַגן, גרעסערע אָפּהאַנדלונגען, אויף אַן אייגנ־אַרטיקן אופן. דאָס איז געווען אַ נייע פאָרעם, וועלכע ער האָט אָנגערופן „עסיי״. ער האָט אָנגעשריבן אַזעלכע 107 עסייען, וועלכע ער האָט אַרויס־געגעבן אין דריי ביכער.

זיינע עסייען ווערן נאָך געלייענט פון פיל מענטשן ביזן היינטיקן טאָג און ער האָט אויך געשאַפן מיט זיי אַ מוסטער פאַר אַנדערע ווי אַזוי צו שרייבן אַזעלכע אַרבעטן. דאָס ווערט נאָכגעפאָלגט פון פיל שרייבער ביזן היינטיקן טאָג.

אָט אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די נייע צייט, די עפּאָכע פון פאַר־שפּרייטן בילדונג, וויסן און אויפקלערונג. צו זיי זיינען צוגעקומען באַלד די אַנדערע גרויסע גייסטער, די פון דער וויסנשאַפט, ווי גאַליליי, קאָפּער־ניק, קעפּלער און אַנדערע, און צוזאַמען מיט זיי אויך די גרויסע מייסטער, מאָלער און סקולפּטאָרן, ווי רעמבראַנדט, מיקעל אַנדזשעלאָ, לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי און אַנדערע, און גאָר באַזונדערס די צוויי גרויסע וועלט־באַרימטהייטן, לאָרד בעיקאָן און שעקספּיר. אויפן אַמאָליקן פינצ־טערן מיטלאַלטלעכן הימל האָבן מיטאַמאָל אויפגעלויכטן פיל ליכטיקע און גרויסע שטערן.

## 67. וויליאַם שעקספּיר און זיין גרויסע ווירקונג אויף דער גאַנצער וועלט

שעקספּיר איז געקומען פון אַ משפּחה פון פּראָסטע מענטשן. — זיין פרוי וועלכע האָט אים כסדר געיאַדעט. — זיינע לינקע ליבעס. — ער האָט ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן און מען געפינט אים אָפט אין גאַס אַ שיכורן. — שעקספּירס גרויסער גייסט וואָס אַנט־פּלעקט זיך אין זיינע 37 דראַמעס. — זיין ענטפער צו דעם שלעכטס אויף דער וועלט אין דריי פון זיינע דראַמעס: „טימאָן פון אַטען“, „האַמלעט“ און „טעמפּעסט“. — זיין פּריצייטיקער טויט צו 52 יאָר.

די עפּאָכע פון רענעסאַנס אין גאַנץ אייראָפּע וואָלט אַריין אין דער וועלט־געשיכטע צוליב אירע גרויסע וויסנשאַפטס־לייט, דענקער און קינסט־לער, אַלס איינע פון די גרעסטע, ווען אַפילו עס וואָלט ניט אין איר צייט געבוירן געוואָרן אַזאַ גרויסער גייסט ווי וו. שעקספּיר. פון דער אַנדערער זייט, ווידער, וואָלט זי געווען גרויס גענוג ווען זי וואָלט ניט געהאַט די אַלע גרויסע גייסטער, נאָר וואָלט בלויז געבראַכט אויף דער וועלט דעם געניוס פון שעקספּירן. איצט ווען אין יענער תקופה זיינען געווען אי די גרויסע גייסטער אויף פאַרשידענע געביטן און אי דער גאון שעקספּיר, איז זי זיכער געווען די גרעסטע פון אַלע עפּאָכעס פון דער וועלט־געשיכטע.

וואָרום שעקספּיר איז ניט געווען בלויז דער געניוס פון ענגלאַנד. ער איז געווען דער גאון פון דער גאַנצער מענטשהייט, ווייל ער, שעקספּיר, באַלאַנגט צו דער גאַנצער וועלט.

שעקספּירס דערשיינען אין יאָר 1564 אויף דער לעבנס־אַרענע איז ממש אַ מיסטעריע. זיינע עלטערן זיינען געווען זייער פּראָסטע מענטשן אין אַ קליין שטעטל אין ענגלאַנד — סטראַטפּאָרד־אָן־עיוואָן. זיין פאָטער האָט אַפילו ניט געקענט אונטערשרייבן זיין נאָמען. אַזוי איז אויך געווען זיין גאַנצע משפּחה סיי פון פאָטערס זייט און סיי פון דער מוטערס זייט. נאָך מער, אַפילו זיינע אייגענע קינדער זיינען ניט געווען באַזונדערס געראָטענע. ער האָט געהאַט דריי טעכטער, זיינען צוויי געווען — פּשוטע מיידלעך, וואָס האָבן חתונה געהאַט מיט פּשוטע מענער און די דריטע איז אַפילו געווען אַן אידיאָטקע. ווי אַזוי, אַלזאָ, קומט עס, אַז אַזאַ גרויסער גייסט זאָל זיך באַווייזן צווישן אַזוי פיל פּראָסטע און אומוויסנדע מענטשן,

דאָס קען קיינער ניט אויפקלערן. ווי זאָגט קהלת: „מי יודע רוח האדם?“, „ווער ווייסט דעם וועג פון גייסט ביי מענטשן?“.

אָבער אָט דער גרויסער גייסט האָט געהאַט אַ שווער לעבן. צו 14 יאָר האָבן אים זיינע עלטערן אַריינגעגעבן צו אַ קצב אַלס לערן־יינגל. ווען ער איז אַלט געווען 18 יאָר, האָט ער זיך באַקענט מיט אַ פרוי, ען האַטאַוועי, וועלכע איז דעמאָלט אַלט געווען 26 יאָר, זי האָט אים צוגערעדט, אַז ער זאָל מיט איר חתונה האָבן, ווייל ער איז איר שטאַרק געפעלן און עס איז געשען. ער האָט אָבער ניט געהאַט קיין פּרנסה. און דערצו אַ סך שונאים. איינמאָל האָבן די דאָזיקע שונאים אַפילו געמאַכט אויף אים אַ בלבול, אַז ער האָט צוגעגנבעט אַ הירש. ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז מען גייט אים אַרעסטירן, איז ער אַנטלאָפן קיין לאָנדאָן. שעקספּיר האָט אויך געהאַט אַ קליינע בילדונג. ער האָט געקענט אַ ביסל לאַטיין און זייער ווייניק גריכיש, צוויי שפּראַכן, וואָס מען האָט דעמאָלט געלערנט אין אַלע שולן אין אייראָפּע, און קיינער האָט דעמאָלט ניט געהייסן אַ געבילדעטער מענטש, אויב ער האָט די צוויי שפּראַכן ניט גוט געקענט.

מיט זיין פרוי ען האָט שעקספּיר אויך קיין גליקלעך לעבן ניט געהאַט. ער האָט געפירט ליבעס מיט געוויסע פאַרהייראַטע פרויען און זיין ווייב האָט עס ניט געוואָלט ליידן און אים געיאַדעט צום טויט. ער האָט פון איר געליטן יאָרן לאַנג און ער האָט זיך אין איר נוקם געווען דערמיט וואָס ער האָט איר זייער ווייניק איבערגעלאָזט אין זיין צוואה.

זיין אויפפירונג אַלס אַקטיאָר איז אויך ניט געווען קיין באַזונדערע. ערשטנס, האָט מען אים קיין גרויסע ראָלן ניט געגעבן. צווייטנס, האָט ער שטאַרק ליב געהאַט דעם ביטערן טראָפּן און איז אָפט געווען שיכור־לעך. איינמאָל האָט מען אים אַפילו געפונען ליגן אין אַ טיפן שלאָף אונטער אַ בוים פון שאָסיי. זייער אָפט איז ער געוואָרן אַנטוישט אין מענטשן און האָט שוין קיינעם ניט געגלויבט. איבערהויפּט פרויען. אין איינעם פון זיינען סאָנעטן שרייבט ער טאַקע אַזוי: „ווען מיין געליבטע שווערט זיך, אַז זי זאָגט דעם ריינעם אמת, גלויב איך איר דאָס, כאָטש איך ווייס, אַז זי זאָגט ליגן“.

דער אמת איז, אַז שעקספּיר האָט ניט געהאַט קיין גרויסן דערפאָלג ביי פרויען. ער האָט אויך ניט פאַרמאָגט קיין באַזונדערן חן. ער איז געווען פון נידעריקן וואוקס מיט קיין שום אינטעליגענטן אויסדרוק אויף זיין פּנים. איינע פון זיינע געליבטע איז געווען אַ פרוי פון אַ געשעפטס־מאַן, אָבער ווען זי האָט זיך באַקענט מיט זיינעם אַ פריינד, אויך

אַן אַקטיאָר, האָט זי זיך פאַרליבט אין יענעם, פון וואָס שעקספיר האָט שטאַרק געליטן.

אַזוי־אַרום איז צו זען, אַז ניט נאָר שעקספירס משפחה, נאָר אַז ער אַליין האָט זיך אויך מיט קיין שום באַזונדערעס ניט אויסגעצייכנט. ער איז געווען אין לעבן אַ קליינער אַקטיאָר, וואָס כאַפּט אַמאָל אַן איבעריקן טרונק, שפּילט ליבעס מיט פרעמדע ווייבלעך און קריגט זיך מיט דעם אייגענעם ווייב. פּונקט אַזוי ווי עס האָבן געטאָן דעמאָלט אַלע אַקטיאָרן פון דער טעאַטער־וועלט.

עס ווייזט אָבער אויס, אַז אין דער שטיל האָט שעקספיר יאָ אַ סך געלייענט און אין אַ געוויסער מאָס אויך שטודירט אין דער היים, אָן צו באַזוכן אַ שול אָדער אַן אוניווערסיטעט.

אין לאָנדאָן האָט שעקספיר אין דער צייט ווען ער האָט געשפּילט די קלענערע ראָלן אין טעאַטער זיך גענומען צו שרייבן זיינע ווערק. ער האָט דאָרטן געוואוינט 17 יאָר און אין דער צייט האָט ער אָנגעשריבן 37 דראַמעס, טראַגעדיעס און קאָמעדיעס. ער האָט פאַרדינט פון שפּילן טעאַטער און פון פאַרקויפן עטלעכע פון זיינע פּיעסן. אין עלטער פון 44 יאָר איז ער צוריקגעפאָרן קיין סטראַטפאָרד און האָט זיך ניט מער פאַרנומען מיט שפּילן טעאַטער. דאָ האָט ער זיך פאַרנומען מיט קויפן און פאַרקויפן הייזער. ער פלעגט אויך איינמאָנען דאָס דירה־געלט ביי די איינוואוינער פון די הייזער. פיל מאָל איז ער אַוועק אין געריכט און פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אַרויסוואַרפן אַ קוואַרטיראַנט וואָס האָט ניט באַצאָלט קיין דירה געלט, ווי עס טוען אַלעווירטן. ער האָט געלעבט אין סטראַטפאָרד נאָך אַכט יאָר און איז געשטאָרבן אין יאָר 1616, אין עלטער פון 52 יאָר.

* * *

עס זיינען דאָ פאַרשידענע מיינונגען וועגן דעם פון וואַנען שעקספיר האָט גענומען דעם מאַטעריאַל פאַר זיינע דראַמעס. עס זיינען דאָ קריטיקער, וואָס באַמיען זיך אָנצוווייזן אַז שעקספיר האָט אָפט גענומען אַ טעמע פאַר זיינער אַ דראַמע פון אַ ווערק, וואָס איז שוין געווען באַקאַנט אין יענער צייט; נאָך אנדערע זאָגן אַפילו, אַז שעקספיר האָט גענומען אַ גאַנץ בוך, וואָס איז שוין געווען פּאָפּולער אין זיין צייט און דערפון געשאַפן זיינע אַ דראמע, ווי למשל, דער אינהאַלט פאַר זיין דראַמע „עס יו לייק איט״, וועלכער איז גענומען אין גאנצן פון ווערק „ראָזאַלינ־דע״ פון טאָמאַס לאָדזש. דער אמת איז, אַז ביידע ווערק זיינען טאַקע ענלעך

און אַז דאָס וואָס שעקספּיר האָט אויפגעטאָן איז געווען דאָס, וואָס ער האָט די זעלבע געשיכטע געשריבן אין אַ דראַמאַטישער פאָרעם.

אָבער די קריטיקער פאַרגעסן בלויז איין זאַך און דאָס איז, אַז די דערמאָנטע דראַמע איז אָנגעשריבן געוואָרן פון שעקספּירן אין אַזאַ הויכן טאָן און אַז עס איז אַזאַ הערלעך פּאָעטיש ווערק, אַז עס איז באמת קיין נפקא מינא ניט, צי די טעמע איז געווען פריער באַקאַנט צי ניט. וויכטיק איז נאָר דאָס, וואָס פאַר אונדז ליגט אַ פּאָעטישע שאַפונג וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט, און עס איז ניט קיין אונטערשיד צי שעקספּיר האָט עס געשאַפן פון אַן אָריגינעלער טעמע, אָדער ער האָט זיך דערצו באַנוצט מיט אַן אַלטע טעמע. שעקספּיר האָט גענומען אַלטע טעמעס און זיי באַאַרבעט און — פון זיי געמאַכט אוצרות פאַר דער וועלט־ליטעראַטור. עס איז אפשר געגליכן צו אַ מאַשין, וואָס שאַפט פון אַלטע שמאַטעס פיינע זיידיקע פּאַפּיר־בויגנס, אויף וועלכע אַ פאַרליבטער קען אויסגיסן זיין האַרץ צו זיינע געליבטע. געוויס, אויף שמאַטעס וואָלט ער עס ניט געקענט טאָן.

* * *

צווישן די צענדליקער דראַמעס פון שעקספּירן, זיינען דאָ פאַרשידנ־אַרטיקע. עס זיינען דאָ געזאַנגען צו ליבע (ראָמעאָ און יוליאַ); עס איז דאָ די מיאוסע ראָל פון אייפערזוכט (אָטעלאָ); די טרייב־קראַפט פון אַ פרוי, וואָס קען ברענגען אַ מאַן צו באַגיין אַ מאָרד (מאַקבעט); די גרויסע ראָל פון געלט אין לעבן און דעם האַס צווישן קריסט און ייד (דער סוחר פון ווענעדיק); מיר זעען אויך איינעם פון די נאָבלסטע קעניגן פון ענג־לאַנד (הענרי דעם פינפטן) און איינעם פון די ערגסטע קעניגן פון זעלביקן ענגלאַנד (הענרי דער אַכטער); ער שילדערט אונדז אויך די אַנדערע קעניגן (הענרי דער פערטער און הענרי דער זעקסטער) אין זייער אמתן ליכט. אין „קעניג דזשאָן" ווייזט אונדז שעקספּיר אַז מוטער־ליבע שפּילט אַ ראָל אַפילו אין פּאָליטיק. אין „קעניג ליר" — ווי עס זעט אויס אמתע ליבע פון אַ קינד צו אַ פאָטער. אין „טעמינג אָוו דהי שרו" — די ראָל פון אַ שלעכטער פרוי אין לעבן. און אַזוי האָט ער כסדר עפּעס אַ „מוסר השכל" וואָס ער ברענגט אַרויס אין יעדער איינער פון זיינע דראַמעס. ניט אַלע דראַמעס זיינען פון זעלביקער שטאַרקייט. פאַראַן צווישן זיי אַזעלכע וואָס וועלן לעבן אייביק, ווי זיין „האַמלעט", „ראָמעאָ און יוליאַ" און נאָך אייניקע, און פאַראַן אַזעלכע וואָס זיינען שוואַך אויסגעבויט ווי „קעניג דזשאָן" און נאָך אַנדערע.

די קריטיקער ווייזן אויך אָן אויף אַ טייל דראַמעס אַלס מוסטער פון זיין געדאַנקען־גאַנג. אַ טייל שטעלן זיך אָפּ אויף פינף פון זיינע דראַמעס, אַנדערע אויף פיר און נאָך אַנדערע אויף דריי. מיר וועלן דאָ ברענגען דעם אינהאַלט פון דריי מיט די דערקלערונגען וואָס די קריטיק האָט געהאַט צו זאָגן וועגן זיי.

* * *

אָט דאָס זיינען די טרוקענע פאַקטן וואָס מען האָט צונויפגעקליבן וועגן וויליאַם שעקספּירס לעבן. אָבער וואָס איז געווען זיין אינערלעכע וועלט? וואָס האָט דער מענטש געדענקט? ווי אַזוי האָט ער אויפגענומען גאָט, די וועלט און די מענטשן, וואָס איז געווען זיין באַציאונג צו דעם אַלעם?

וועגן דעם איז קיין סך ניטאָ און עס איז אַפילו ניטאָ וואו עס צו זוכן. מען קען עס בלויז אַרויסזען פון זיינע דראַמעס. דאָס הייסט פון די טעמעס וואָס ער האָט אויסגעזוכט פאַר זיך און אויך פון דעם וואָס ער זאָגט אין זיי וועגן דעם אַלעם.

3 דראַמעס זיינען כאַראַקטעריסטיש אין דער הינזיכט. פון אַלע 37 דראַמעס, קאָמעדיעס און טראַגעדיעס דאַרף מען זוכן דעם סוד פון זיין לעבן, נאָר אין דריי. זיי זיינען: די פּאָפּולערע דראַמע — „האַמלעט״ און צוויי ניט אַזוי פּאָפּולערע: „טימאָן פון אַטען״ און „טעמפּעסט״ (דער שטורעם־ווינט). מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אין קורצן אויף די דריי. מיר וועלן צום ערשטן באַטראַכטן זיין דראַמע „טימאָן פון אַטען״ ווייל זי זאָגט אַ סך וועגן זיין כאַראַקטער.

פון דער דראַמע זעט מען, אַז ער האָט זיך באַצויגן ציניש צום מין מענטש און אַז ער האָט ביי זיך אין האַרצן אויסגעלאַכט דאָס וואָס מיר רופן אָן פריינדשאַפט און מענטשלעכקייט. שעקספּיר זעט די וועלט אַלס אַ געשאַף פון אַ מוראדיקן טייוול, וועלכער האָט זי אָנגעפילט מיט ביטערקייט, שלעכטקייט, האַס, היפּאָקריזיע און שווינדל.

די טעמע פון דער דראַמע איז פאָלגנדע:

אין אַטען לעבט אַ מאַן וואָס הייסט טימאָן. ער איז אַ רייכער מענטש וואָס איז דערצו זייער גוטהאַרציק. ער איז אַזאַ גוטער מענטש, אַז ער צעטיילט צווישן זיינע פריינד אַלץ וואָס ער האָט. אויב עמיצער האָט צרות פון בעלי־חובות וואָס דריקן אים קומט ער און באַצאָלט; מאַכט עמיצער חתונה אַ קינד, קומט ער און מאַכט אַן אויסשטייער און דערצו גיט ער דער כלה אַ גרויסן נדן. ער לאַדט־איין מענטשן צו זיך

צו אַ מאַלצייט און נעמט זיי אויף מיט פיל רעספעקט, גיט זיי גוטע עסנס און דערצו שיקט ער יעדן איינעם אַהיים מיט פיל מתנות.

טימאָן האָט אַ דינער, וואָס איז אים געטריי. ער הייסט פלאַוויוס. דער דינער וואָרנט זיין באַלעבאָס אַז ער זאָל ניט זיין אַזוי גוטהאַרציק, ווייל דאָס וועט אים נאָר רואינירן און די מענטשן וועלן אים דערפאַר ניט אָפּצאָלן מיט קיין גוטס. טימאָן לאַכט זיך אָבער אויס דערפון און טוט ווייטער דאָס זעלבע צו העלפן אַלע זיינע פריינד מיט אַ ברייטער האַנט. ענדלעך קומט אַ טאָג, ווען עס לאָזט זיך ביי טימאָנען אויס דער קוואַל פון גאָלד. ער פאַלט אַריין אין חובות און דאַרף אַז מען זאָל אים העלפן. ער איז זיכער, אַז ניט איינער, נאָר צענדליקער וועלן באַלד קומען צו זיין הילף. אָבער ער האָט אַ טעות. קיינער קומט ניט, און אויב איינער קומט שוין, זאָגט ער אים, אַז ער קען אים ניט העלפן און גיט־אָן עפּעס אַ פוילן תירוץ.

טימאָן זעט איצט, אַז זיין דינער פלאַוויוס איז געווען גערעכט און ער רופט אַלע זיינע פריינד צו אַ באַנקעט. זיי קומען. אָבער אַנשטאָט צו סערווירן זיי מיט גוטע עסנס, ווי אַלע מאָל, שטעלט ער אַוועק פאַר יעדן איינעם אַ טעפּעלע מיט הייס וואַסער. ווען זיי וואונדערן זיך וואָס דאָס איז אַזוי, קומט ער, טימאָן, אַריין און זאָגט זיי וואָס ער דענקט וועגן זיי, אַז זיי זיינען פאַלש דורך און דורך און אַז ס'איז נאָר אַ שאָד, וואָס ער האָט זיי געהאָלפן און געהאַלטן זיי פאַר פריינד און ער כאַפּט די טעפּלעך מיטן וואַסער און גיסט עס יעדן איינעם אין פנים אַריין. דערנאָך וואַרפט ער נאָך אויך די טעפּלעך אויף זיי און טרייבט זיי אַרויס פון הויז.

טימאָן פאַרלאָזט איצט אַטען און פאָרט אַוועק אויפן לאַנד וואו ער לעבט אין אַ הייל. איינמאָל, גראָבנדיק אין דער הייל, געפינט ער שטיקער גאָלד, וואָס איז דער „געלער שקלאַף און צוגלייך דער טיראַן פון דער מענטשהייט". ער קען ווערן צוריק רייך, אָבער ער וויל ניט גראָבן מער צו געפינען מער גאָלד, ווייל עס האָט אָנגעוואוירן די ווערט ביי אים. פאַרקערט נאָך, ער נעמט נאָך דאָס גאַנצע גאָלד וואָס ער האָט שוין אויסגעגראָבן און באַגראָבט עס צוריק אין דער ערד. ער לאָזט בלויז איבער פאַר זיך אַ ביסל פון דעם גאָלד.

ווען מען ווערט געוואויר אין אַטען, אַז טימאָן האָט געפונען גאָלד, ווערט אַ געלויף צו אים און אַלע חנפענען אים און רופן אים אָן „פריינד" און „חבר", אָבער ער פאַרטרייבט זיי און שרייט צו זיי: „גייט פון דאַנען, גייט און רויבט איינער ביים אַנדערן, וועט איר האָבן גאָלד! גייט און

שניידט גאָרגלס, איר אויסוואורפן! גייט באַראַבעוועט די געשעפטן, איר גנבים וואָס איר זייט! גייט פון דאַנען!״.

צום סוף זאָגט טימאָן: עס איז דאָ בלויז איין אָרנטלעכער מענטש און דאָס איז פלאָוויוס מיין דינער.

אָט דאָ ווייזט זיך אַרויס שעקספּירס געדאַנקען־גאַנג, וואָס ער האָט געטראַכט פון מענטשן בכלל. שעקספּיר ענדיקט זיין דראַמע דערמיט וואָס טימאָן גראָבט זיין אייגענעם קבר און מאַכט אַן ענדע צו זיין לעבן, זאָגנדיק דערביי: „זאָלן מיך בעסער עסן די ווערעם איידער די ווילדע חיות וואָס רופן זיך אַן מענטשן״.

* * *

אין „האַמלעט״ ווייזט זיך צו אונדז שעקספּיר אין אַן אַנדער געשטאַלט. דאָרט פּרעדיקט ער, אַז פאַר שלעכטס זאָל מען באַצאָלן מיט שלעכטס. ניט אַזוי ווי טימאָן פון אַטען טוט און אַנטלויפט פון שלאַכטפעלד. נייך, נקמה איז דאָס מיטל. נקמה אין שטאַרקסטן זין פון וואָרט. אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ לעבן פאַר אַ לעבן. אָט דאָס איז דער ענטפער צו דער רשעות פון דער וועלט.

האַמלעט, אַ פּרינץ פון דענעמאַרק, לערנט אין וויטנבערגער אוניווערסיטעט. פּלוצלינג קריגט ער אַ ידיעה, אַז זיין פאָטער, דער קעניג, איז טויט. ער איילט אַהיים. אָבער ער געפינט גאָר אויס, אַז זיין מוטער גייט חתונה האָבן מיט זיין פעטער. ער ווערט דערשטוינט פון דער נייעס און קריגט אַ חשד, אַז מען האָט זיין פאָטער דערמאָרדעט און זיין מוטער האָט אַ האַנט אין דעם. ביינאַכט קומט צו אים דער גייסט פון זיין פאָטער צו חלום און רופט אים צו נעמען נקמה פאַר זיין פאַרשניטן לעבן.

האַמלעט האָט אַ געליבטע, — אָפעליאַ, די טאָכטער פון פּאָלאָניוס, אָבער ער קימערט זיך איצט ניט וועגן איר. דער עיקר איז ביי אים: נקמה. ער הייסט אַ שוישפּילערין שפּילן אַזאַ מאָרד־סצענע אין קעניגלעכן הויז, כדי צו זעען ווי אַזוי דער נייער קעניג וועט רעאַגירן. דערביי מאַכט זיך האַמלעט, אַז ער איז משוגע. פון דער סצענע זעט ער, אַז דער קעניג איז שולדיק און ער זוכט צו טויטן דעם קעניג, אבער ער טרעפט גאָר פּאָלאָניוסן, דעם פאָטער פון זיין געליבטער. אָפעליאַ ווערט פון דעם וואָס איר פאָטער איז אומגעקומען, ווי אויך פון דעם וואָס איר געליבטער, דער פּרינץ האַמלעט, איז משוגע, אַליין אויך משוגע. אַ ברודער פון אָפעליאַן זוכט נקמה צו נעמען פון קעניג, וועלכן ער באַ־

טראַכט פאַרן שולדיקן אין טויט פון פאָטער און אין משוגעת פון דער שוועסטער, אָבער דער קעניג זאָגט אים, אַז האַמלעט איז גאָר דער שול־דיקער. האַמלעט ווערט דערפאַר פאַרשיקט קיין ענגלאַנד, אָבער אונטער־וועגנס דערוויסט ער זיך, אַז אין ענגלאַנד פּלאַנט מען אים אָפּצורוימען פון וועג. ער אַנטלויפט. קומענדיק צוריק, געפינט ער אויס, אַז אָפעליאַ איז געשטאָרבן. דער קעניג זוכט איצט צו פאַרפירן אַ דועל פון עמיצן מיט האַמלעטן, כדי יענער זאָל אים אין דועל טויטן. האַמלעט ווערט טאַקע אין אַזאַ דועל פאַרוואונדעט, אָבער ער באַוויזט נאָך צו דערשטעכן דעם קעניג און די מוטער, און ער שטאַרבט צוזאַמען מיט זיי.

אָט־דער סיפור־המעשה אין „האַמלעט" איז ניט צו שטאַרק, אָבער דאָס בוך איז פּאָעטיש אָנגעשריבן. אין דער דראַמע איז אויך דאָ אַ מייסטערהאַפטער מאָנאָלאָג ווען האַמלעט פילאָזאָפירט וועגן זיין און ניט זיין, אָבער דער תוך פון דער דראַמע איז כסדר נקמה און אין דעם דראַנג נאָך נקמה ברענגט ער אום זיין געליבטע, און שפּעטער אויך — זיך אַליין.

* * *

די דריטע דראַמע איז גאָר אַנדערש פון אַלע. אויב אין „טימאַן פון אַטען" האָט שעקספּיר דערקלערט, אַז דער ענטפער צו שלעכטס איז צו אַנטלויפן פון דער וועלט, און אין „האַמלעט" פּרעדיקט ער נקמה, האָט ער אין זיין ווערק „דער שטורעם־ווינט" אַ נייע לייזונג צו דעם פּראָבלעם — פאַרגעבן, מוחל זיין!

פּראָספּעראָ, דער פאַרטריבענער הערצאָג פון מילאַן, לעבט מיט זיין טאָכטער מיראַנדאַ אויף אַ וואונדער־שיינעם אינדזל. פּראָספּעראָ האָט געהערשט אין מילאַן, אָבער מיט צוועלף יאָר צוריק האָט זיין אייגענער ברודער אַנטאָניאָ, מיט דער הילף פון אַלפאָנסאָ, דעם קעניג פון נעאַפּאָל, אים אויף אַ כיטרען אופן אַרויסגענאַרט פון מילאַן און אַוועקגעזעצט מיט זיין דריי יעריקער טאָכטער אויף אַ צעבראָכן שיפל אין מיטן ים. דער הערצאָג האָט זיך געראַטעוועט מיט זיין קינד אויף אַן אינדזל און איז דאָרטן געבליבן. ער האָט זיך איצט פאַרנומען מיט אויפציען זיין טאָכטער און געבן איר אַ סך בילדונג און וויסן. ער לערנט זי אויך די קונסט פון מאַגיק. דאָרטן, אויפן אינדזל זיינען דאָ נאָך צוויי: דער גייסט אַריאַל און אַ שקלאַף קאַליבאַן, וועלכער איז אָבער זייער כיטרע.

איינמאָל איז אַ שיף פאַרבייגעפאָרן פאַרן אינדזל און אויף דער שיף איז פאָרגעקומען אַ חתונה. אָבער ווען ער קוקט זיך צו צו די מחותנים,

זעט ער אַז זיי זיינען דער קעניג אַלפאָנסאָ פון נעאַפּאָל און זיין ברודער אַנטאָניאָ. אָט־די זעלבע וואָס האָבן אים פאַרטריבן פון טראָן. אויף דער שיף איז אויך דאָ דעם קעניגס ברודער סעבאַסטיאַן און דעם קעניגס זון פערדינאַנד.

פּראָספּעראָ, וועלכער איז אַ גרויסער מאַגיקער, מאַכט, אַז אַ שטורעם־ווינט זאָל הערשן אויפן ים אַזוי אַז די שיף זאָל זיך מוזן אָפּשטעלן ביים אינדזל און די מענטשן זאָלן זוכן אַ באַהעלטעניש פאַר זיך. ער הייסט דעם גייסט אַריאַל, אַז ער זאָל ראַטעווען אַלע פּאַסאַזשירן אָבער צעטיילן זיי אין פאַרשידענע גרופּן איבער דעם גאַנצן ברעג פון ים. פערדינאַנד איז איצט אַליין און ער מיינט, אַז אַלע זיינען אומגעקומען, אָבער דורך מאגיק ווערט ער געפירט אין הערצאָגס פּאַלאַץ. דאָ טרעפט ער די פּרינ־צעסין, מיראַנדאַ און זיי פאַרליבן זיך באַלד איינער אין אַנדערן.

אין אַן אַנדער אָרט ביים ברעג פון ים פּלאַנען סעבאַסטיאַן און אַנטאָניאָ צו דערמאָרדן דעם קעניג און אין נאָך אַן אָרט פּלאַנט ווידער קאַליבאַן צוזאַמען מיט אַ גרופּע שיכורע מאַטראָזן צו דערמאָרדן פּראָס־פּעראָן. זיי ווייסן אָבער ניט, אַז פּראָספּעראָ האָט מיט זיין מאַגישער קראַפט געשאַפן אויף דעם אינדזל אַזאַ כוח, וואָס דערלאָזט ניט צו טאָן די אַלע געמיינהייטן. צוליב דעם ווערן אַלע זייערע פּלענער צעשטערט.

איצט וויל פּראָספּעראָ באַשטראָפן דעם קעניג אַלפאָנסאָ, זיין שונא, אָבער אַריאַל לאָזט אים ניט. ער הייסט אים, אַז ער זאָל זיי אַלע מוחל זיין, און ער טוט אַזוי.

אָט דאָס איז דער נייער ענטפער פון שעקספּירן וועגן דעם שלעכטס וואָס מיר טרעפן זיך אָן אויף דער וועלט. ער פּרעדיקט איצטער: צו פאַר־געבן, מוחל צו זיין די שוואַכע און אָרעמע מענטשן, ווייל זיי ווייסן ניט וואָס זיי טוען.

אָט דאָס זיינען די דריי ענטפערס וואָס שעקספּיר האָט געגעבן איבער דער פראַגע, וואָס צו טאָן מיט דער זינדיקער וועלט און ווי אַזוי אָנצוגיין אין לעבן צווישן די מענטשן. ווען ער איז געווען יונג, האָט ער גערופן — צו אַנטלויפן פון דער וועלט. אין די מיטעלע יאָרן האָט ער געפּרעדיקט האַס און נקמה, אָבער אין זיינע לעצטע טעג האָט ער גערופן צו פאַרגעבן, צו פאַרשטיין און מוחל צו זיין די אָרעמע, זינדיקע מענטשן.

שעקספּיר איז געשטאָרבן יונג. ער איז נאָך דעמאָלט ניט געווען באַוואוסט. ערשט שפּעטער האָט זיך די וועלט אַרומגעזען וואָס פאַר אַ גרויסער גייסט עס האָט געלעבט אויף דער ערד און ווי אַזוי ער איז פּלוצלינג פאַרשוואונדן.

## 68. דאָס „הויז פון די באָרזשיאַס"

דער טאַטע, דער זון און די טאָכטער. — דער פּאָטער האָט אָנגע־הויבן זיין טרויעריקע קאַריערע נאָך אַלס קאַרדינאַל. — ווי אַזוי ער איז דורך כיטרע שטיק געוואָרן דער פּויפּסט אַלעקסאַנדער דער זעקסטער. — זיינע מעשים תעתועים שפּעטער אַלס פּויפּסט. — זיין זון צעזאַר שיקט דערמאָרדן זיין ברודער זשיאָוואַני און דער פּויפּסט גיט זיין הסכמה דערצו. — די טאָכטער לוקרעציאַ מיט וועלכער דער פּאָטער און דער זון האָבן געלעבט. — איר שפּעטערדיקע גוטע ענדע.

אויפן שייד־וועג צווישן מיטלאַלטער און רענעסאַנס זיינען געווען צוויי געשעענישן, וואָס האָבן באַזונדערס אונטערגעשטראָכן דעם מורא־דיקן כאַראַקטער און דעם ביטערן סוף פון דער מיטלאַלטער־עפּאָכע. מיר רופן זי אָן „געשעענישן", ווייל קיין „העלדן" זיינען זיי זיכער ניט געווען, כאָטש זיי זיינען געווען אַן אויסנאַם אין דער גאַנצער וועלט־געשיכטע. זיי זיינען צוויי טרויעריקע עדות אויף אַ פאַרגאַנגענער פינצ־טערער עפּאָכע. מיר רעדן דאָ וועגן „דעם הויז פון די באָרזשיאַס" און — מאַקיאַוועלי. „דאָס הויז פון די באָרזשיאַס" וועט אייביק בלייבן פאַר אונדז ווי אַ מוסטער פון פאַרדאָרבנקייט און פון אַלערליי סאָרטן פאַר־ברעכנס. איבערהויפּט דערמיט וואָס איר שטאַם איז געווען דער וואַטיקאַן. אויך מאַקיאַוועלי איז געווען און געבליבן אַן אויסנאַם מיט זיין אָפנהאַר־ציקייט וועגן פאַרברעכנס און אויך דערמיט וואָס ער האָט געלערנט מענטשן ווי אַזוי צו שווינדלען, צו גנבענען, צו זאָגן ליגנס, צו פאַרראַטן און אָפּצוטאָן כלערליי געמיינהייטן און נידערטרעכטיקייטן און דערביי זיך גאָר ניט פילן שולדיק. ער, מאַקיאַוועלי, איז געווען דער רבי פון אַלע דיק־טאַטאָרן פון זיין צייט ביז היינט. דאָס מערקווירדיקסטע ביי אים איז דאָס, וואָס ער באַמיט זיך ניט צו באַהאַלטן זיינע מעשים תעתועים אונטער אַ מאַסקע פון ליבעראַליזם, פיינע מאַניערן, הומאַניזם א. ד. ג. נייך, ער זאָגט אָפן, אַז ער וויל טאָן אָט דאָס שלעכטס, ווייל עס איז ריכטיק אַזוי און ער ווייסט אויך ווי אַזוי עס צו טאָן.

לאָמיר דעריבער גיין כסדר און זען, וואָס אָט די צוויי פאַסירונגען, די צוויי מאָמענטן, מיינען פאַר אונדז. וואָס זיי זיינען געווען אין דער ווירקלעכקייט און וואָס פאַר אַ ווירקונג זיי האָבן געהאַט אויפן גאַנג פון דער געשיכטע.

ווען מען רעדט פון די באָרזשיאַס, מיינט מען איבערהויפּט דריי. דעם פאָטער, דעם פּויפּסט אַלעקסאַנדער דעם זעקסטן, וועלכער האָט אַלס קאַרדינאַל געהייסן ראָדריגאָ באָרזשיאַ, זיין זון צעזאַר און זיין טאָכטער לוקרעציאַ. דער פּויפּסט האָט די צוויי קינדער און נאָך אַנדערע געבוירן נאָך אין דער צייט ווען ער איז געווען אַ קאַרדינאַל.

אַלעקסאַנדער דער זעקסטער האָט ניט געהאַט קיין גוטן נאָמען שוין אַלס קאַרדינאַל. ער האָט שוין געהאַט אַ גאַנצע ריי פון סקאַנדאַלן, פון וועלכע אלע האָבן געוואוסט. עס זיינען געווען סקאַנדאַלן פון פאַר־שידענע סאָרטן, אָנהויבנדיק פון אויסנאַרן געלט ביי רייכע מענטשן ביז שווינדל און באַטרוג, סקאַנדאַלן פון זנות און אויך מאָרד. עס זיינען אויך געווען קלאַנגען, אַז ער צווינגט זיין שיינע און געבילדעטע טאָכטער, לוקרעציאַן, צו לעבן מיט אים. אָבער וועגן לוקרעציאַן וועלן מיר רעדן שפּעטער.

צוליב אָט־די סקאַנדאַלן איז דאָס רוב פון די קאַרדינאַלן געווען קעגן דעם, אַז ער זאָל ווערן פּויפּסט, אָבער ראָדריגאַ באָרזשיאַ איז געווען אַ זייער כיטרער פּאָליטיקער און ער האָט אַזוי מאַנעווורירט בעת די וואַלן פאַר אַ נייעם פּויפּסט, אַז כמעט אַלע האָבן געשטימט פאַר אים.

אָבער אַלעקסאַנדער דער זעקסטער אַלס פּויפּסט איז ווייטער אָנ־געגאַנגען מיט זיינע סקאַנדאַליעזע מעשים, אַזוי ווייט אַז די קאַרדינאַלן האָבן זיך געבונטעוועט קעגן אים. ער האָט איצט גענומען אָנפירן אַ קאַמף קעגן די קאַרדינאַלן, איבערהויפּט קעגן דעם אָנפירער פון דער אָפּאָזיציע, קאַרדינאַל זישיאָלעאָנע דעלאַ נאָווערע. דעמאָלט האָט דער לעצטער זיך געווענדעט צום קעניג שאַרל דעם אַכטן פון פראַנקרייך, וועלכער האָט געהאַט פּרעטענזיעס אויף נעאַפּאָל, אַז ער זאָל זיך אַריינמישן. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז אין האַרבסט פון 1494 איז טאַקע דער קעניג שאַרל מיט אַן אַרמיי אַריין אין איטאַליע איבער לאָמבאַרדיע און טוסקאַני. ווען דער פּויפּסט האָט געזען, אַז עס האַלט שלעכט און אַז שאַרל וויל אים אַראָפּזעצן פון טראָן אַלס פּויפּסט, האָט ער געשיקט שליחים צו אים און אין קנאַפּע צוויי וואָכן, ביזן 15־טן יאַנואַר 1495, האָבן שויןביידע הערשער געמאַכט שלום, געטרונקען „לחיים" איינער צום אַנדערן און געשלאָסן צווישן זיך אַן אָפּמאַך, לויט וועלכן שאַרל האָט געקאָנט איינ־נעמען נעאַפּאָל. ווען די אַנדערע מלוכות פון אייראָפּע האָבן זיך דערפון דערוואוסט, האָט זיך געשאַפן אַ קאָאַליציע קעגן רוים, וועלכע האָט זיך גערופן „די הייליקע ליגע", און וועלכע האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט

דעם גרויסן אַפּעטיט פון פראַנקרייך, אַזוי אַז אַלעקסאַנדער האָט געענדערט זיין פּאָליטיק.

און אָט אַזוי זעען מיר כסדר ווי עס קומט פאָר אין וואַטיקאַן איין אינטריגע נאָך דער אַנדערער, איין סקאַנדאַל גרעסער פון צווייטן. אַזוי איז פּלוצלינג פון עמיצן (וואָס איז געבליבן אומבאַקאַנט) דער־מאָרדעט געוואָרן אַלעקסאַנדערס זון זשיאָוואַני דער הערשער פון גאַנדיא, וועלכער האָט געהאַלטן אַז מען דאַרף מאַכן רעפאָרמען אין וואַטיקאַן. אַלע האָבן איצט געוואוסט, אַז אין זיין טויט איז פאַרמישט זיין ברודער צעזאַר און ניט וויניקער אויך זיין טאַטע דער פּויפּסט אַלעקסאַנדער, אָבער מען האָט געשוויגן.

אָבער די לאַגע איז געוואָרן ערגער נאָך ווען אַלעקסאַנדערס זון, צעזאַר, האָט אָנגעהויבן אויסאיבן אַן איינפלוס אויף זיין פאָטער. צעזאַר איז געווען אַ מוסטער פון פאַרדאָרבנקייט און האָט זיך פאַר גאָרניט אָפּגעשטעלט. ער האָט ניט געהאַט קיין פונק פון מענטשלעכקייט אין זיין האַרצן און האָט איבערהויפּט ניט געקענט פאַרטראָגן קיין גייסטיקע מענטשן.

אין יענער צייט האָט אין איטאַליע געלעבט אַ גרויסער גייסט מיטן נאָמען זשעראָם סאַוואָנאַראָלא, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַן אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע. סאַוואָנאַראָלא איז געווען אַ גייסטלעכער, אָבער ער איז געווען אַ ליבעראַלער מענטש. ער האָט געשמט אַלס אַ גוטער רעדנער און פלעגט אָפט שטראָפן די גייסטלעכע דערויף וואָס זיי, וואָס דאַרפן רופן דעם עולם ניט צו זינדיקן, זיינען אַליין איינגעטונקען אין זינד. סאַוואָנאַראָלאַ איז געווען אַ פרומער קריסט און אַ מיטגליד פון דאָ־מיניקאַנער אָרדן און איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון גאָר אַ גרויסער קירך. אַזוי ווי ער האָט קריטיקירט די גייסטלעכע וואָס זינדיקן, האָט מען די רייד אָפּגעטראָגן צום פּויפּסט און דאָס האָט דעם הייליקן פאָטער ניט געשמעקט. נאָך מער, ווען שאַרל דער אַכטער איז געקומען קיין איטאַליע, האָט סאַוואָנאַראָלא צוזאַמען מיט אַ דעפּוטאַציע פון אָנגעזעענע מענטשן פון פלאָרענץ אים באַגריסט, ווייל מען האָט דעמאָלט געמיינט, אַז ער וועט שאַפן רעפאָרמען אין וואַטיקאַן. סאַוואנאראָלא האָט אויך געשריבן פיל ביכער אין ליבעראַלן זין וואָס דער וואַטיקאַן האָט ניט ליב געהאַט, אָבער אַזוי ווי ער איז פון אַלע אָנערקענט געוואָרן אַלס איינער פון די גרויסע פירער פון לאַנד, האָט דער פּויפּסט ניט געוואָלט אָנהויבן מיט אים. עס האָט אויך ניט לאַנג געדויערט און ער איז געוואָרן דער פאָר־זיצער פון אַ קאָמיטעט צו פאַרוואַנדלען פלאָרענץ אין אַ רעפּובליק. סאַ־

וואנאראָלא האָט געוואָלט שאַפן אין פלאָרענץ אַ רעפובליק וואָס זאָל זיין אַ מוסטער פון אַ קריסטלעך לאַנד געפירט לויט די אמתע אידעען פון קריסטנטום. אָבער דער פויפסט האָט מורא געקראָגן פאַר אים און איז אַרויסגעטראָטן קעגן אים. אָבער ער האָט דעם פויפסטס רייד ניט גע־נומען ערנסט. ענדלעך האָט דער פויפסט אָנגעהויבן צו אַרבעטן אונטער־צוגראָבן זיין לאַגע אין פלאָרענץ. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און סאַ־וואַנאראָלא האָט געקראָגן אין פלאָרענץ אַ שטאַרקע אָפּאָזיציע קעגן זיך. רוים האָט דאָס גלייך אויסגענוצט און אַרויפגעלייגט אויף אים אַ חרם. סאַוואנאראָלא האָט זיך ניט געקימערט וועגן דעם. ער האָט ווייטער גע־האַלטן זיינע דרשות קעגן די גייסטלעכע, קעגן פויפסט און קעגן וואַ־טיקאַן. איצט האָט מען אים אין רוים אָנגעקלאָגט פאַרן ראָט פון די גייסטלעכע, וועלכע האָבן אים געפונען שולדיק אין אַפּיקורסות און אים איבערגעגעבן צו דער ציווילער מאַכט, אַז מען זאָל אים משפטן. די ציווילע מאַכט האָט, דורך אַ וואונק פון רוים, אים פאַרמשפט צוזאַמען מיט צוויי תלמידים צום טויט דורך דערשטיקן און דערנאָך פאַרברענען. אַזוי אַרום איז אַלעקסאַנדער פטור געוואָרן פון נאָך אַ צרה, פון אַ באַרימטן קעגנער.

אַלעקסאַנדער דער זעקסטער איז געשטאָרבן אין אויגוסט 1503, לויט אַ טייל — פון אַ קראַנקייט, אָבער לויט אַנדערע — פון פאַרגיפטונג.

* * *

צעזאַר באָרזשיא, דעם פויפסט אַלעקסאַנדערס זון, איז איבער־געשטיגן זיין פאָטער אין אַלע הינזיכטן פון שווינדל, זנות און מאָרד. ווען זיין פאָטער, קאַרדינאַל באָרזשיא, איז געוואָרן אויסגעוויילט אַלס פויפסט, האָט ער דאָס ערשטע באַשטימט זיין זון צעזאַר אַלס אַרציבישאָף פון וואַ־לענציאַ און אַ יאָר שפּעטער האָט ער אים געמאַכט פאַר אַ קאַרדינאַל. ווען מען האָט געפונען דעם ברודער פון צעזאַרן, זשיאָוואַני, דעם דיוק פון גאַנדיא, טויט, זיינען געווען עדות וואָס האָבן געשוואוירן אַז דאָס איז געווען צעזאַרס אַרבעט. אָבער מען האָט זיי באַלד שטיל געמאַכט. עס זיינען געווען קלאַנגען, אַז צעזאַר האָט דאָס געטאָן צוליב דעם וואָס דער ברודער איז געווען פאַר רעפאָרמען אין וואַטיקאַן. לויט אַנדערע האָט עס געהאַט אַ ראָמאַנטישן אונטערשלאַג. עס זאָל הייסן, אַז זשיאָוואַני האָט זיך געליבט מיט דער פרוי פון אַ צווייטן ברודער. זי איז געווען דאָנאַ סאַנטשאַ, די פרוי פון זשיאָפרי באָרזשיא, דעם פויפסטס יינגסטער זון, אָבער ווי דאָקומענטן באַווייזן, איז עס געווען צוליב דער אייפערזוכט וואָס צעזאַר האָט געפילט צו זיין ברודער זשיאָוואַני, דערפאַר וואָס ער

איז אויך געשלאָפן מיט זיין שוועסטער, לוקרעציאַ. צעזאַר האָט געוואָלט, אַז ער זאָל זיין ביי זיין שוועסטער, לוקרעציאַ, דער איינציקער גע־ליבטער. ער האָט איר בלויז מוחל געווען, ווען זייער פאָטער, דער פויפסט, האָט געלעבט מיט איר, אָבער ער האָט ניט געוואָלט אַז קיינער פון די ברידער זאָל זי באַרירן. דאָס האָט געפירט צו קריגערייען צווישן אים און זיין ברודער און אין איין נאַכט האָט ער געשיקט אַ מערדער וואָס זאָל אים אַפּרוימען פון וועג. אָבער כדי זיין פאָטער זאָל ניט זיין בייז אויף אים, האָט ער געזוכט צו קריגן זיין הסכמה, וואָס ער האָט אים באַלד געגעבן.

אָבער דאָס איז ניט געווען דער איינציקער מאָרד זיינער, זיין לעבנס־געשיכטע איז פול מיט מאָרדן וואָס ער און זיין באַנדע זיינען באַגאַנגען. ער איז שפּעטער געווען דער גאַנצער בעל־יועץ פון אַלעק־סאַנדערן און צוזאַמען האָבן זיי ביידע, כסדר, אויסגעאַרבעט פּלענער ווי אַזוי צו פאַרכאַפּן שטעט און לענדער און אָפּצורוימען פון וועג אַלע הערשער און זייערע משרתים, ווי בכלל אַלע וואָס זיינען זיי געשטאַנען אין וועג. אין די אינטריגעס האָבן זיי אויך אַלעמאָל אַריינגעצויגן זייער שוועסטער לוקרעציאַ. לוקרעציא, ניט גענוג וואָס זי האָט געלעבט סיי מיט איר פאָטער און סיי מיט איר ברודער צעזאַר, איז זי געווען אַלעמאָל גרייט חתונה צו האָבן מיט אַ מאַן לויט דעם ווי עס האָט זיך בעסער געלוינט אַלעקסאַנדערן און זיין זון צעזאַר, כדי אַזוי אַרום אַריינצוקריגן מער מאַכט אין זייערע הענט.

צעזאַר האָט אויך זיך געשאַפן אַ קליינע אַרמיי, מיט וועלכער ער האָט געפירט מלחמות קעגן פיל לענדער, און פיל פון זיי איינגענומען. אין די קאַמפן האָט ער ניט געוואוסט פון קיין רחמנות און אַפּט אומגע־בראַכט מיט די אייגענע הענט זיינע בעסטע פריינד אויף וועלכע ער האָט געקראָגן דעם קלענסטן חשד.

נאָך אַלעקסאַנדערס טויט איז גיך געקומען צעזאַרס ירידה. עס האָבן זיך באַלד פאַראייניקט קעגן אים אַלע זיינע שונאים, וועלכע ער האָט געהאַט אין זייער אַ גרויסער צאָל. אויף זיין פאָטערס פּלאַץ איז איצט געזעסן אַ נייער פויפסט, אַן איטאַליענער, וועלכער האָט געהערשט אונ־טערן נאָמען יוליוס דער צווייטער, און ער האָט געהייסן צעזאַרן אָפּגעבן אַלע פּאַלאַצן וואָס ער האָט צוגענומען פון די פאַרשידענע הערשער. שפּעטער איז צעזאַר געוואָרן אַרעסטירט דורך אַ פאַרטרעטער פון שפּאַ־נישן קעניג פערדינאַנד. ער איז אומגעקומען אין אַ קאַמף אין מערץ, 1507.

לוקרעציאַ באָרזשיאַ איז געווען אַ טאָכטער פון קאַרדינאַל באָרזשיאַ (דערנאָך פויפּסט אַלעקסאַנדער דער זעקסטער) פון אַ לינקער געליבטע. זי איז געבוירן געוואָרן אין רוים אין יאָר 1480. אין די יונגע יאָרן איז זי געווען אין הויז פון איר מוטער, אָבער שפּעטער, האָט אויף איר אַכטונג געגעבן אַדריאַנאַ דע מילאַ, אַ קרובה פון קאַרדינאַל באָרזשיאַ און די שוויגער פון גיאַלאַ פאַרנעסע, אַ צווייטע לינקע געליבטע פון קאַרדינאַל. לוקרעציאַ האָט געקראָגן אַ גוטע דערציאונג. מען האָט מיט איר געלערנט שפּראַכן, מוזיק, מאַלעריי און אַנדערע קעגנשטאַנדן. זי איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסע שיינהייט און וואָלט זיכער געקענט מיט איר הויכער בילדונג עפּעס אויפטאָן פאַר זיך און פאַר דער געזעלשאַפט. ווען זי וואָלט ניט געווען כסדר צווישן צוויי פאַרדאָרבענע כאַראַקטערן, איר פאָטער און איר ברודער, וועלכע האָבן זי כסדר געשטויסן אויף אַ וועג פון זינד.

איר פאָטער, דער פויפּסט, האָט זי כסדר אויסגענוצט פאַר זיינע אינטריגעס. אַזוי האָט ער צום ערשטן געפּלאַנט איר חתונה צו מאכן מיט אַ שפּאַנישן אַריסטאָקראַט. שוין צו עלף יאָר איז זי געוואָרן אַ כלה מיט איינעם דאָן שערובין דע סענטעלעס, אַ שפּאַנישער גראַף. אָבער באַלד האָט זיך איר פאָטער אַרומגעזען, אַז ער קען טאָן מיט איר אַ בעסערן שידוך וואָס וועט זיך אים בעסער לוינען און ער האָט ליקווידירט די פאַרלאָבונג און איר חתונה געמאַכט צו אַן אַנדערן גראַף דאָן גאַס־פּאַראָדע פּראָצידאַ, אַ זון פון גראַף אַווערסאַ. שפּעטער אָבער האָט דער פויפּסט אַנולירט די דאָזיקע חתונה מיט דעם גראַף און זי איז געוואָרן אַ כלה פאַר זשיאָוואַני ספאָרצאַ, דער הערשער פון פעסאַראַ, ווייל אַזוי האָט זיך דעם פויפּסט בעסער געלוינט. די חתונה איז פאָרגעקומען אין יוני, אָבער באַלד דערנאָך האָט זיך די פּאָליטיק ביי אַלעקסאַנדערן געביטן. ער איז געוואָרן פריינדלעך מיטן קעניג פון נעאַפּאָל, וואָס איז געווען צעקריגט מיטן הערשער ספאָרצאַ פון פעסאַראַ. האָט ער אַנולירט די חתונה מיטן זון פון דאָזיקן הערשער און איר חתונה געמאַכט מיט אַלפאָנסאָ פון אַראַגאָן אַ קרוב פון קעניג פון נעאַפּאָל.

אַ ביסל שפּעטער האָט זיך די פּאָליטיק פון אַלעקסאַנדערן ווידער געביטן און ער האָט געמאַכט פּלענער צו פאַרכאַפּן נעאַפּאָל. דערויף האָט ער געדאַרפט די שטיצע פון קעניג לואי דעם צוועלפטן פון פראַנק־רייך. דעמאָלט האָט ער געמאַכט אַ פּלאַן צו דערמאָרדן דעם מאַן פון לוקרעציאַן. ווען יענער האָט זיך דערפון דערוואוסט, איז ער אַנטלאָפן פון דער היים. דער פויפּסט האָט איצט געמאַכט לוקרעציאַן אַלס גובער־

נאַטאָר פון דער שטאָט ספּאָלעטאָ, שפּעטער איז איר מאַן פאַרנאַרט געוואָרן צו איר און די שליחים פון אַלעקסאַנדערן האָבן אים דערמאָרדעט.

דער פּויפּסט האָט איצט געהאַט נייע פּלענער און האָט געוואָלט חתונה מאַכן לוקרעציאַן מיטן הערשער פון פערארא. די מחותנים האָבן ניט געוואָלט, ווייל דער שידוך איז זיי ניט אַנגעשטאַנען, אָבער אַלעקסאַנדער האָט אַזוי געפירט די פּאָליטיק, אַז זיי האָבן זיך נאָך געדאַרפט בעטן ביי אים און אַזוי איז געשען אַז לוקרעציאַ האָט איצט חתונה געהאַט מיט דעם נייעם הערשער, לוקרעציאַ איז דעמאָלט אינגאַנצן אַלט געווען 21 יאָר.

נאָך איר פאָטערס טויט איז לוקרעציאַ געוואָרן גאָר אַן אַנדערע. זי האָט ליב באַקומען איר מאַן און האָט אין איר הויז געשאַפן אַ סאַלאָן, וואו עס פלעגן זיך צונויפקומען די גרעסטע געלערנטע און קינסטלער פון רוים. זי האָט זיך איצט אָפּגעגעבן אינגאַנצן צו דער דערציאונג פון אירע קינדער און צו וואוילטעטיקע טאָטן.

אָבער דאָך זעט אויס, אַז אַלץ איז אויך דעמאָלט ניט געווען גלאַטיק, ווייל ווי עס ווייזן דאָקומענטן, האָט זי געפירט אַ ליבע מיט אַן אַנדערן גראַף עיקאָלע סטראָזי, וועלכער האָט זי ממש פאַרגעטערט. זיין סוף איז אָבער געווען אַ ביטערער. איר מאַן אַלפאָנזאָ איז געוואָרן אייפערזיכטיק אויף אים און האָט אים דערמאָרדעט. זי איז געשטאָרבן זייער יונג, אין עלטער פון 39 יאָר, אין יאָר 1519. זי האָט איבערגעלאָזט דריי זין און אַ טאָכטער פון צווייטן מאַן און אַ זון פון פערטן מאַן און מעגלעך נאָך אַנדערע וואָס מען ווייסט ניט ווער זייערע טאַטעס זיינען געווען.

* * *

אָט דאָס איז געווען „דאָס הויז פון די באָרזשיאָס“, וואָס האָט געהאַט דערגרייכט ביזן וואַטיקאַן און וואָס האָט זיך געמאַכט אַ וועלט נאָמען מיט די געמיינהייטן און נידערטרעכטיקע מעשים.

וואָס שייך דעם זון צעזאַר, איז ער געווען אַ פאַרדאָרבענע נאַטור און האָט אויסגעפירט אַלץ וואָס זיין פאָטער האָט פאַרטראַכט. ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין מאָרד אַפילו פון אייגענע און ער האָט אויך אָפט געגעבן עצות און געפּועלט ביי זיין פאָטער אויסצופירן מאָרדן און צו טאָן כלערליי פאַרברעכנס.

דאַקעגן איז די שוועסטער פון צעזאַרן, לוקרעציאַ, ניט געווען אַזוי ווייט פאַרדאָרבן, נאָר זי האָט געהאַט אַ שוואַכן כאַראַקטער. זי אַליין איז ניט געווען קיין פאַרברעכערין פון נאַטור, אָבער זי האָט זיך געפונען

צווישן צוויי קרימינעלע פאַרברעכער, איר פאָטער און איר ברודער, און זי האָט געטאָן וואָס זיי האָבן געוואָלט, ווייל זי האָט ניט געהאַט דעם מוט און דעם כוח זיך אַנטקעגנצושטעלן זיי און זאָגן ניין. דערפאַר זעט מען, אַז ווען איר פאָטער איז געשטאָרבן און איר ברודערס ירידה האָט זיך אָנגעהויבן, האָט זי געשטרעבט צו עפּעס אַנדערש — צו זיין אַ גוטע מוטער, צו טאָן וואוילטעטיקייטן און צו שאַפן אין איר הויז אַ ליטע־ראַרישן און קינסטלערישן צענטער. איר אָרט אין דער געשיכטע איז בלויז דערפאַר, ווייל זי איז געווען די טאָכטער פון פויפּסט אַלעקסאַנדער דעם זעקסטן און די שוועסטער פון צעזאַר באָרזשיאַ.

איצט קומט דער צווייטער כאַראַקטער פון יענער צייט, אויך ניט קיין העלד אין געוויינלעכן זין פון וואָרט, נאָר אַ מוסטער פון אָפּנהאַר־ציקייט צו פאַרברעכנס און קרימינעלע מעשים; אַ מענטש, וואָס האָט זיך ניט געשעמט צו זאָגן, אַז צו זיין פאַרדאָרבן איז אַ גרויסע מעלה.

## 69. ניקאָלאַ מאַקיאַוועלי, דער לערער פון דיקטאַטאָרן

אַ בוזעם־פריינד פון צעזאַר באָרזשיאַ וואָס האָט אים אויך געהאָלפן טאָן אַלע זיינע געמיינהייטן. — ווי אַזוי מאַקיאַוועלי פאַרגעטערט צעזאַר באָרזשיאַן און האַלט אים פאַר אַ מוסטער־מענטש. — ער לערנט צו פייפן אויף מאָראַל, יושר, גערעכטיקייט און מענטשלעכ־קייט. — זיין בוך איז געוואָרן אַ האַנט־בוך פאַר אַלע דיקטאַטאָרן. — די קאָמוניסטן האָבן נאָך אים פיל איבערגעשטיגן.

ניקאָלאַ מאַקיאַוועלי איז געווען אַ באַקאַנטע פערזענלעכקייט אין איטאַליע און אין גאַנץ אייראָפּע. אין דער צייט פון סוף פון מיטל־אַלטער און אָנהויב פון רענעסאַנס. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1469 און איז געשטאָרבן אין יאָר 1527. ער האָט אַלזאָ געלעבט אין דער צייט פון דעם שפּאַנישן קעניג פערדינאַנד; פון אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאָ; פון פּויפּסט אַלעקסאַנדער דעם זעקסטן (דער ערשטער פון די באָרזשיאַס) און פון זיין זון צעזאַר און זיין טאָכטער לוקרעציאַ.

מאַקיאַוועלי פאַרנעמט עד היום אין דער וועלט־ליטעראַטור אַ באַזונדערן אָרט דערמיט וואָס אין זיין ווערק „דער פּרינץ" פּרובירט ער ניט צו פאַרדעקן די מאָרד־טאַטן, רויבערייען, זנות־אַקטן און אַנדערע געמיינהייטן פון די יעניקע, וועלכע ער האָט באַדינט, נאָר ער לויבט זיי נאָך גאָר דערפאַר. ער איז אַנדערש פון אַלע פאַרדאָרבענע מענטשן פון זיין דור דערמיט וואָס זיי האָבן פּרובירט פאַרדעקן די געמיינהייטן אַז מען זאָל דערפון ניט וויסן. מאַקיאַוועלי טוט דאָס ניט. ער זאָגט, פאַר־קערט, אַז אַלע הערשער דאַרפן טאָן אָט די אַלע געמיינהייטן און אַז דאָס איז גוט אַזוי, ווייל דאָס איז דער איינציקער וועג צו אייגענעם דערפאָלג. אויב איינער וויל פאַרכאַפּן אַ שטאָט, אַ לאַנד, אַ מדינה און ווערן איר הערשער, דאַרף ער טאָן די אַלע געמיינהייטן; אַז ניט, וועט ער קיין דערפאָלג ניט האָבן, און ניט נאָר איינער וואָס וויל ווערן אַ דיקטאַטאָר דאַרף אַזוי טאָן, נאָר יעדער איינער וואָס וויל האָבן דערפאָלג אין לעבן, דאַרף אַזוי טאָן. געוויסן, יושר, גערעכטיקייט — דאָס איז בלאָטע, נאַרישקייטן. דאָס פירט ניט צו דערפאָלג. בייזוויליקייט. האַנד־לען אָן רחמנות, צו טאָן כל דבר אסור, אויב עס איז נאָר גוט פאַר זיך, מעג עס זיין ווי שלעכט פאַר יענעם — אָט דאָס איז דער וועג וואָס פירט צו דערפאָלג.

אַזוי אַרום איז מאַקיאַוועלי געוואָרן אַ לערער פאַר אַלע די, וואָס ווילן זיין דיקטאַטאָרן, סיי פון רעכטס און סיי פון לינקס. דאָס איז אַ האַנט־בוך, וואָס זייט עס איז דערשינען, האָבן עס שטודירט טויזנטער פאַרשוינען, וואָס האָבן געחלומט פון מאַכט; פון אונטערדריקן די מאַסן און הערשן איבער זיי. אָבער ניט בלויז לערנט אין זיין בוך מאַקיאַוועלי, מיט זיי זיין נייע תורה, נאָר ער זאָגט זיי נאָך אָן אַ גרויסן דורכפאַל, אויב זיי וועלן עס ניט טאָן. זיי וועלן באַטראַכט ווערן ווי שלומיאלס, ווי שמענדריקעס און זייער סוף וועט זיין צו פוילן אין געפענגעניש ביז מען וועט זיי אָפּהאַקן די קעפּ. זיין עצה איז דעריבער: בעסער צו האַקן די קעפּ פון אַנדערע און הערשן מיט אַ פעסטער האַנט.

* * *

ווי שוין געזאָגט, איז מאַקיאַוועלי געבוירן געוואָרן אין יאָר 1469. ער איז געבוירן געוואָרן אין פלאָרענץ אין אַן אַריסטאָקראַטיש הויז. ניקאָלאָס פאָטער איז געווען אַן אַדוואָקאַט און האָט געהאַט אַ גוטן איינקונפט. דער יונגער מאַקיאַוועלי האָט דעריבער אויך קיינמאָל ניט געוואוסט פון קיין נויט.

דער יונגער מאַקיאַוועלי האָט אויך געקראָגן אַ גוטע דערציאונג אין לאַטיין און אַנדערע שפּראַכן. ער האָט באַזונדערס זיך אויסגעצייכנט אין שרייבן איטאַליעניש, זיין מוטער־שפּראַך, וואָס האָט אין יענער צייט אָנגעהויבן צו ווערן אַ ליטעראַרישע שפּראַך, אויף וועלכער עס שרייבן ליטעראַטן און וויסנשאַפטס־לייט. ווען ער איז געוואָרן עלטער, האָט ער אָנגעהויבן מיט קליינע אַמטן אויפן געביט פון דיפּלאָמאַטיע. ער איז אָפט געווען אַ דיפּלאָמאַטישער קוריער צווישן איין לאַנד און אַ צווייטן. שפּעטער האָט ער פאַרנומען שוין גרעסערע דיפּלאָמאַטישע שטעלן און ווען פּיעראָ סאָדערינאָ איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון פלאָרענץ, איז ער געוואָרן זיין הויפּט ראַטגעבער און אַרויסהעלפער אין אַלע זיינע פּאָליטישע אַקציעס. אין יענער צייט איז ער געשיקט געוואָרן צו זיין דער אַמבאַסאַדאָר אין הויף פון צעזאַר באָרזשיאַ פון וואַלענטינאָ. דאָרטן האָט ער זיך שטאַרק דערנענטערט צו צעזאַרן און איז ביסלעכווייז געוואָרן זיין בוזעם־פריינד. עס איז געווען ער וואָס האָט אים געהאָלפן אין אַלע זיינע מערדערישע אַקטן, אין אַלע זיינע רויבערייען, שווינדלעריייען און אַנדערע געמיינהייטן און ער האָט ממש פאַרגעטערט צעזאַרן, דער, וועלכער איז געהאַסט געוואָרן אין גאַנץ אייראָפּע. אין פיל פון זיינע שריפטן לויבט מאַקיאַוועלי צעזאַרן אַלס מוסטער־מענטש, צו וועלכן

אַלע דאַרפן אַרויפקוקן. ער איז אַזוי פאַרליבט געווען אין צעזאַר באָרזשיא, אַז ער האָט געהאַלטן, אַז אַלץ וואָס ער האָט געטאָן איז געווען לויטער גוטס. ער האָט פאַרטיידיקט דאָס וואָס צעזאַר האָט געלאָזט אומברענגען זיין אייגענעם ברודער און זיין שוואָגער, לוקרעציאַס מאַן צוליב זיין אייפער־זוכט איבער לוקרעציאַן. ער האָט אין בריוו צו זיינע פריינד געלויבט צעזאַרן אַלס מענטש וואָס טוט דאָס וואָס ער וויל, דערפאַר, וואָס ער האָט מוט און ער זעט אין אים אַ מוסטער פון אַ מענטש וואָס שטעלט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּ. ער איז אַ דיפּלאָמאַט אַ הערשער, אַן אמתער דיקטאַטאָר, ווי אַ דיקטאַטאָר דאַרף זיין. און אים, צעזאַר באָרזשיאַן, האָט ער געהאַט אין זינען, ווען ער האָט געשריבן דאָס בוך „דער פּרינץ״. אים מיינט ער דאָס אַלס דער אידעאַלער, בעסטער און שענסטער הערשער אין דער וועלט.

איצט אַז מיר ווייסן שוין ווער אָט־דער מאַקיאַוועלי איז געווען, קען מען שוין צוטרעטן צו זיין בוך „דער פּרינץ״, וואָס איז, ווי געזאָגט, געוואָרן אַ האַנט־בוך פאַר דיקטאַטאָרן, אַ וועג־ווייזער ווי אַזוי צו פירן זיך כדי צו האָבן דערפאָלג. עס ווייזט דעריבער אויס, אַז די דיקטאַטאָרן, וואָס האָבן לעצטנס ניט געהאַט קיין דערפאָלג און געמוזט פאַרלאָזן זייער „בענקל״, זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן ניט גענוג שטודירט מאַקיאַוועליס עצות אָדער אַזעלכע וואָס האָבן יאָ שטודירט, אָבער ניט אויסגעפאָלגט זיינע עצות.

* * *

אין בוך „דער פּרינץ״ וואָס מאַקיאַוועלי האָט געשריבן אין די פערציקער יאָרן פון זיין לעבן שילדערט ער אַ הערשער, וואָס זוכט מאַכט און קריגט זי אויך אין אַ לאַנד אויף אַן אינדזל וואָס ער באַהערשט, אָבער ניט לויט די געזעצן פון מאָראַל. ער ווייזט אונדז ווי אַזוי ער הערשט און האָט דערפאָלג דערפאַר וואָס ער גייט קעגן די געזעצן פון גלויבן, קעגן רחמנות, קעגן אַלץ דעם, וואָס מיר רופן־אָן מענטשלעכקייט און הומאַניטעט און הויפּטזעכלעך קעגן רעליגיע. ער ווייזט, אַז דערפאָלג מיינט טאָן אַלצדינג וואָס מען וויל אָן שום שטערונג; אַז די אַלטע גוטע זאַכן זיינען נאָר אַ שטיין אין וועג פאַרן מענטש וואָס זוכט דערפאָלג און אַז צום סוף באַרעכטיקט דער דערפאָלג אַלע מיטלען וואָס דער הערשער האָט אָנגענומען, כדי דעם דערפאָלג צו דערגרייכן.

מאַקיאַוועלי רעדט איצט נאַקעט און ברוטאַל. ער זאָגט, אַז דאָס רוב מענטשן טראַכטן אַזוי ווי ער, אָבער זיי האָבן ניט דעם מוט זיך

מודה צו זיין, אַז דאָס איז זייער געדאַנקען־גאַנג. זיי זיינען היפּאָקריטן. ער זאָגט, אַז ער וויל קיין פאַלשער ניט זיין. ער וויל זאָגן דעם אמת און געבן דער וועלט אַ נייע תורה. אָט־די תורה וואָס זיי ווילן, צו וועלכער זיי שטרעבן טיף אין זייערע הערצער. ער רופט אָן אַלע פּאָליטיקער פון זיין צייט פאַלשע מענטשן וואָס זאָגן ניט דאָס וואָס זיי ווילן, ווייל צו זיין אַ שטאָטסמאַן דאַרף מען זיך לערנען. דאָס איז אַ פאַך, דאָס פאַך פון צו זיין אַ שטאָטסמאַן, אָבער מען דאַרף וויסן ווי אַזוי.

מאַקיאַוועלי האָט אָנגעשריבן אַ סך ביכער. אַזוי האָט ער זיבן ביכער וועגן דער קונסט פון פירן אַ מלחמה. ער האָט אויך אָנגעשריבן א סאַטירע וועגן חתונה האָבן און דערצו אויך עטלעכע פּיעסן און ראָמאַנען, אָבער דאָס פּאָפּולערסטע בוך פון זיין פעדער איז „דער פּרינץ״.

לאָמיר דעריבער זען וואָס מאַקיאַוועלי לערנט אַזוינס מיט די יונגע פּאָליטיקער, ווי אַזוי צו ווערן דאָס וואָס זיי ווילן זיין, הערשער און דיקטאַטאָרן. די לערע איז איצט באַקאַנט אונטערן נאָמען „מאַקיאַוועליזם״. אָבער וואָס איז אַזוינס אָט־די לערע?

דאָס ערשטע וואָס מאַקיאַוועלי לערנט באַשטייט פון פאָלגנדער טעזע: אין אַלע זאַכן וואָס דו טוסט, זוך קודם־כל דיין אייגענעם נוצן. אויב ניט, טו עס ניט. צו טאָן גלאַט פאַר דער מענטשלעכקייט — איז נאַריש. די וועלט האָט אַ סך מענטשן וואָס זיינען אידיאָטן, האַלבע אידיאָטן און סתם שוטים. עס איז דעריבער נאַריש צו האָבן רחמנות אויף זיי. דער ברוטאַלער הערשער טוט דעריבער גוט אויב ער שלאָגט זיינע אונטערטאַנען. אויב ער פּייניקט זיי ביז זיי פאַלגן אים פאַר מורא. מאַקיאַוועלי לערנט, אַז ווען דער הערשער איז נאָר קלוג, מעג ער נוצן די אידיאָטן פאַר זיין טובה וועגן. דער בעסטער אופן צו הערשן איז מיט אַ שטאַרקער פויסט. מאַקיאַוועלי זאָגט אויך, אַז אונדזער געזעלשאַפט איז נאָך אַלץ אַ ווילדעניש, אַ דזשונגל און אַז דאָס געזעץ פון דזשונגל זאָגט: אונטערדריק אַנדערע, אויב ניט, וועלן די אַנדערע דיך אונטערדריקן! די אויפגאַבע פון שטאַרקן איז צו אונטערדריקן די שוואַכע און די אויפגאַבע פון די שוואַכע — איז צו דינען דעם שטאַרקן.

אַ צווייטער פּונקט אין בוך איז: דו זאָלסט ניט טאָן קיין טובות קיינעם! דער וואָס העלפט עמיצן צו זיין גרויס, זאָגט ער, טוט זיך אַליין אַ רעה. טו גוטס צו אַנדערע אויב דאָס וועט מיינען גוטס פאַר דיר, אָבער אויב דאָס מיינט נאָר גוטס פאַר זיי — טו עס ניט. ווען דו טוסט עפּעס פאַר אַנדערע, וואָס איז באמת דיין טובה, אָבער די אַנדערע פאַרדינען דערפון, לאָז עס ניט צו; אויב דו קענסט ניט אָפּשטעלן דאָס וואָס

דו טוסט פאַר זיי — איז שוין בעסער אומצוברענגען זיי. אַ דערפאָלגרייך פאָלק דאַרף האָבן נאָר איין הערשער אַ דיקטאַטאָר. אַלע אַנדערע דאַרפן זיין שקלאַפן. אַ הערשער דאַרף קריגן אַרבעט און מתנות פון אַנדערע. ער דאַרף זיך מיט קיינעם ניט באַראַטן, ער דאַרף קיינעם גאָרניט געבן.

אין נאָך אַ קאַפּיטל פון בוך רעדט ער אַרום דעם ענין פון זיין ערלעך און זאָגט, אַז דאָס לוינט זיך ניט. צו זיין גוט צו מענטשן מיינט צו טאָן שלעכטס זיך אַליין. עס איז שוין בעסער צו זיין ברוטאַל אָפן, אָבער ווען עס לוינט זיך בעסער צו מאַכן אַן אָנשטעל פון אַ גוטן מענטש, כדי אַזוי־אַרום צו באַהערשן די מאַסן, דאַרף מען עס טאָן. דער וואָס נעמט זיך פאָר צו זיין גוט צו אַלע אין אַ וועלט פון לויטער רשעים, שרייבט ער, וועט זיין סוף ניט זיין קיין גוטער. אַ הערשער אויב ער וויל עקזיסטירן דאַרף פייפן אויף אַלע געזעצן פון מענטשלעכקייט, גע־רעכטיקייט, יושר, ערלעכקייט און מאָראַל. אָבער ניט אַלע מאָל דאַרף ער אַרויסווייזן זיין אָפן פנים. אויב עס לוינט זיך אים בעסער אָפּצונאַרן זיי, זאָל ער עס טאָן. אַ דיקטאַטאָר דאַרף קענען זאָגן צו זיינע אונטער־טאַנען, אַז ער מיינט נאָר זייער גוטס, ווען עס הויבט זיך גאָרניט אָן. זאָלן זיי אַזוי מיינען, אָט די נאַראָנים.

אין נאָך אַ קאַפּיטל אין בוך וואָרנט מאַקיאַוועלי אַלע דיקטאַטאָרן ניט אָפּצושטעלן זיך פון אויספירן דאָס וואָס זיי ווילן. דאָס וואָס אַ הער־שער אָדער אַ דיקטאַטאָר האָט פאַרטראַכט פאַר זיין טובה וועגן, אָט דאָס זאָל ער אויספירן אַפילו ווען ער דאַרף דערביי אומברענגען פיל מענטשן וואָס שטייען אים אין וועג. רויב, אויב דו דאַרפסט עס. האַק קעפּ אויב עס איז נויטיק און אויב עס זיינען דאָ אַזעלכע וואָס טרעטן אַרויס קעגן דיר און קעגן דיינע מעשים, מאַך זיי שטום אויף אייביק! אָבער — דאָ דאַרף מען זיין פאָרזיכטיק און ניט גיין צו ווייט. ניט דערפאַר ווייל עס איז אַ רחמנות אויף די אומשולדיקע לעבנס, ניין! נאָר ווייל פיל מאָרדן און רויבערייען מאַכן צופיל שונאים. צו פיל מענטשן וואָס זוכן נקמה.

אין די אַנדערע קאַפּיטלען לערנט מאַקיאַוועלי אַזוי:

זיי ניט פאַרשווענדעריש מיט דיין געלט. אַ דיקטאַטאָר דאַרף קענען שפּאָרן זיין אייגן געלט און טאָן אַלץ וואָס ער וויל טאָן מיטן געלט פון אַנדערע. אַ הערשער דאַרף זיך ניט זוכן צו קויפן פריינד דורך געלט. קודם־כל וועט מען אים האַלטן פאַר אַ נאַר, פאַר איינעם וואָס מען קען ביי אים שלעפּן געלט. דאָס טויג ניט. אויסער דעם וועט ער גאָר אינגיכן פאַרלירן זיין פאַרמעגן. קיינמאָל גיב ניט אַוועק דיין געלט,

לערנט מאַקיאַוועלי. אויב דו דאַרפסט געבן געלט, גיב געלט פון אַנדערע. דער וואָס וועט אַזוי טאָן, וועט מען אים נאָך ליבן דערפאַר און ער וועט ניט זיין קיין שלומיאל.

ווייטער: אַ הערשער דאַרף אונטערדריקן זיינע אונטערטאַנען און דאַרף זיין ברוטאַל, אויב ער קען עס ניט; וועט ער זיך לאַנג ניט האַלטן.

מאַקיאַוועלי ווייזט דערביי אָן, אַז צעזאַר באָרזשיאַ האָט געזיגט איבער אַלע הערשער פון זיין צייט בלויז דערפאַר, ווייל ער איז געווען מער אכזר ווי זיי אַלע. נאָך איינער וואָס איז געווען אַ גרויסער אַכזר, זאָגט ער, איז דער קעניג פערדינאַנד פון שפּאַניע און ער האָט אויך געזיגט ווייל נאָר אַ הערשער וואָס איז אַן אכזר האָט דערפאָלג. די הערשער וואָס האָבן אַ פונק פון רחמנות האָבן אַ שלעכטן סוף. גוטסקייט באַצאָלט זיך ניט. אַ הערשער וואָס וויל האַלטן זיינע שקלאַפן אין מורא מוז אַלע מאָל זיי ווייזן זיין פויסט. אַנדערש טויג עס ניט.

נאָך ווייטער: נאַר־אַפּ, ווען עס לאָזט זיך נאָר! שפּיל די ראָל פון אַ כיטרען פוקס קעגנאיבער דיינע שקלאַפן און קעגנאיבער די הערשער פון דיין צייט. דו דאַרפסט זיי אַלע איבערכיטרעווען, אַזוי לערנט מאַק־יאַוועלי מיט די, וואָס הערשן, אָדער וואָס ווילן הערשן. אינטערעסיר זיך ניט וועגן האַלטן וואָרט, ווייל קיינער טוט עס ניט!

דערנאָך גיט ער אַזאַ דערקלערונג דערצו: אויב אַלע מענטשן וואָלטן געווען ערלעך, וואָלט איך אַזאַ עצה ניט געגעבן, אָבער אַזוי ווי קיינער האַלט ניט קיין וואָרט און קיין צוזאָג, דאַרף מען אַליין אויך ניט האַלטן קיין וואָרט און קיין צוזאָג. עס איז לייכט פאַר אַ הערשער זיך אַרויסצודרייען פון דעם וואָס ער האָט אַמאָל צוגעזאָגט. אַ דיקטאַטאָר קען זיך געבן אַן עצה און געפינען עפּעס אַ תירוץ אָדער אַ געוויסן אויסוועג. איבערהויפּט דאַרף מען אין זינען האָבן, אַז דאָס רוב מענטשן זיינען בהמות. אונדזער וועלט און אונדזערע מענטשן זיינען אַלעמאָל גרייט, אַז מען זאָל זיי באַהערשן און באַראַבעווען.

אַזוי לערנט מאַקיאַוועלי, אָבער מען דאַרף געדענקען אָט־וואָס: די צייט ווען מאַקיאַוועלי האָט געלעבט איז געווען אַ שוידערלעכע. עס איז געווען דער סוף פון מיטלאַלטער, ווען די קירך אין רוים איז געווען קאָרופּטירט און די רעגירונגען האָבן אַרויפגעלייגט אויף די מאַסן שווערע לאַסטן פון שטייערן. עס איז געווען פאַלשקייט און שווינדל וואו נאָר מען האָט זיך אַרומגעקוקט. אָט דערפאַר איז מאַקיאַוועלי געווען אַזוי פּעסימיסטיש אין זיין צוגאַנג צו מענטשן. איבערהויפּט האָט אַ

מענטשלעך לעבן דעמאָלט ניט געשפּילט קיין שום ראָל. אָט אַזוי האָט איינער פון די גרויסע הערשער פון יענער צייט אין אַ דיסקוסיע מיט זיינע פריינד, ווי אַזוי דער מענטש פאַרדייעט דאָס עסן, געהייסן געבן צוויי מענטשן פון הויף צו עסן און דערנאָך פאַר זיינע אויגן אויפגעשניטן זייערע בייכער, כדי צו זען ווי אַזוי דער מאָגן אַרבעט. עס ווערט אויך דערציילט וועגן אַ גרויסן קינסטלער, אַז ער האָט געבעטן דעם קעניג, אַז מען זאָל אים צולאָזן צו זען די מענטשן, וועלכע מען האָט פאַרמשפּט אָפּצוהאַקן זייערע קעפּ אַ פאַר שעה פאַרן אויספירן פון אורטייל און אויך צו זען די קעפּ שפּעטער, כדי צו קענען מאָלן די יסורים וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט און ווי אַזוי עס האָט זיך אויסגעדריקט אויף זייערע געזיכטער. אָט דער קינסטלער פלעגט זיצן שעהן לאַנג און קוקן אויף די קעפּ אָן שום ציטער אָדער געפיל פון איבערלעבונג. אַ מאָרד איז אין יענער צייט ניט געווען קיין צופאַל און אָפּנאַרן אַ פריינד אַ נאַטיר־לעכע זאַך, וועגן וואָס מען האָט זיך אַפילו ניט געוואונדערט. דאָס, קען זיין, האָט געפירט מאַקיאַוועלין צו זיין אַזוי ברוטאַל אין זיין שרייבן, אָבער עס איז דאָך קיין תירוץ ניט.

צום סוף גיט מאַקיאַוועלי אַזאַ עצה צו דיקטאַטאָרן: דענקט וועגן גאָרניט, נאָר וועגן פירן אַ מלחמה! אַ הערשער דאַרף וויסן, אַז ער וועט מוזן פירן אַ קאַמף סיי ביי זיך אין לאַנד און אויך מיט אַנדערע. דעריבער דאַרף ער קענען די תכסיסי מלחמה. אויב איינער קען ניט פירן קיין מלחמה, זאָל ער בעסער אָראָפּגיין פון „בענקל״. אַ הערשער דאַרף אַלעמאָל נאָר טראַכטן און רעדן (און אויך טאָן) וועגן גרייטן זיך צו אַ קאַמף. דאָס דאַרף זיין זיין הויפּט־באַשעפטיקונג.

אָט דאָס איז מאַקיאַוועליס לערע וואָס מען רופט איצט אָן „מאַק־יאַוועליזם״. עס זיינען דאָ אַזעלכע וואָס זאָגן אַז מאַקיאַוועלי האָט נאָר געמיינט אָנצושרייבן אַ סאַטירע אויפן לעבן פון יענער צייט, אָבער פיל דיפּלאָמאַטן, הערשער און דיקטאַטאָרן האָבן עס אַנדערש אויפגענומען. פאַר זיי איז עס געווען אַ לערן־בוך און אַפילו קראָמוועל, דער הערשער פון ענגלאַנד, האָט שוין אין יענער צייט געזאָגט וועגן „פרינץ״, אַז „עס איז דער קווינטעסענץ פון דיפּלאָמאַטיע״.

אַ דאַנק מאַקיאַוועלין האָבן מיר לעצטנס געהאַט אַזוי פיל דיק־טאַטאָרן, סיי פון רעכטס און סיי פון לינקס. איבערהויפּט האָבן זייער גוט איבערגענומען זיין לערע די קאָמוניסטן. נאָך מער: זיי האָבן די מאַקיאַ־וועלישע מעטאָדע נאָך פיל מער אויסגעבעסערט. זיי האָבן אים פיל איבערגעשטיגן...

## 70. לואי דער פערצנטער, דער באַרימטער קעניג פון פראַנקרייך

ער איז געווען דער שטאַרקסטער צווישן דער גאַנצער קייט פון די פראַנצויזישע קעניגן מיטן נאָמען לואי. — זיין לערער, דער קאַרדינאַל מאזארין, אַ היפּאָקריט און אַטעאיסט. — ער לערנט דעם יונגן קעניג אַז ער זאָל זיין אַן אכזר צו זיינע אונטערטאַנען. — דער קעניג רעדט זיך איין אַז ער איז אַ גאָט און פירט זיך אַזוי קעגנאיבער אַלע. — די מאַקיאַוועלי־לערע פון וועלכער מען האָט דעמאָלט שטאַרק געהאַלטן אין אַלע הויפן פון די קעניגן אין אייראָפּע.

מיר האַלטן איצט אין מיטן פון 17־טן יאָרהונדערט, וואָס איז געווען אַ גרויסע צייט אין דער געשיכטע פון דער וועלט. איבערהויפּט האָט זיך יענע תקופה אויסגעצייכנט מיט צוויי שווערד־העלדן: דער דיקטאַטאָר אָליווער קראָמוועל פון ענגלאַנד און דער קעניג פון פראַנקרייך לואי דער פערצנטער, און מיט צוויי העלדן פון בוך. די פילאָזאָפן: רענע דעקאַרט און בענעדיקט שפינאָזאַ, ווי אויך מיט דער שאַפונג פון אַ כמעט נייער רעליגיע, די פון די „קוועיקערס", דורך אַ פּשוטן מענטש פון פאָלק, דזשאָרדזש פאָקס.

אָבער לאָמיר גיין כסדר. לאָמיר פריער רעדן וועגן די שווערד־העלדן. נאָכדעם ווי מיר האָבן שוין פאַר אַ צייט לאַנג גערעדט בלויז וועגן העלדן פון בוך. מיר ווילן דעריבער צום ערשטן זיך אָפּשטעלן אויף דעם פראַנצויזישן קעניג לואי דער פערצנטער, דער באַרימטער פון אַלע קעניגן פון פראַנקרייך.

* * *

עס איז געווען אַ דור נאָך שעקספּירן, אָבער אַ דור, וועלכער האָט מיטגעמאַכט די בלוטיקסטע רעליגיעזע מלחמה אין דער וועלט־געשיכטע. 30 יאָר נאָכאַנאַנד האָבן די קאַטוילישע קעניגן און די פּרינצן פון פּראָטעסטאַנטיזם אויסגעשאָכטן איינעם דעם אַנדערן, די אומשולדיקע איינוואוינער אין נאָמען פון גאָט און קריסטוסן, ביז עס איז דערגאַנגען אַזוי וויט, אַז די לענדער זיינען געוואָרן וויסט און לעער. אַ חורבן האָט געהערשט איבער גאַנץ אייראָפּע. אין יאָר 1648, ווען די בלוטיקע מלחמה איז געווען צו ענדע, איז אין דייטשלאַנד געבליבן פון אַ באַפעלקערונג פון 16

מיליאָן נאָר — 6 מיליאָן. פּאַלאַטינעט (אַזאַ מדינהלע אין מערב־דייטש־לאַנד) איז 28 מאָל אויסגעראַבעוועט געוואָרן פון אַרומוואַנדערנדע רויבער. אין בעמען זיינען 30.000 דערפער פאַרברענט געוואָרן אויף אַש. עס איז געווען יאוש און פאַרצווייפלונג אומעטום און דער שלום פון וועסטפאַליע וואָס האָט געענדיקט די דרייסיק־יעריקע בלוט־באָד, האָט גאָרניט געמיינט פאַר דער באַפעלקערונג. די קאַטאָליקן זיינען געבליבן געטריי צום פּויפּסט און די פּראָטעסטאַנטן — צו לוטערן.

אין מיטן פון דעם אַלעם האָבן די הערשער געזוכט צו ווערן דיקטאַטאָרן און צו הערשן מיט אַן אייזערנער מאַכט. אין ענגלאַנד ווי אין פראַנקרייך זיינען געווען צוויי קעניגן וואָס האָבן פּרובירט צו הערשן מיט אַן אייזערנער פויסט און האָבן אַזוי אויך אויפגעצויגן זייערע נאָכ־פאָלגער. אין ענגלאַנד האָט דזשעימס דער ערשטער אָנגענומען די מאַק־יאוועלי־לערע און דערקלערט אַז „אַזוי ווי עס איז אַ פאַרברעכן צו צווייפלען אין אַלעם וואָס גאָט טוט, אַזוי איז אַ חוצפּה און אַ פאַרברעכן צו צווייפלען אין אַלעם וואָס דער קעניג טוט".

און אָט דאָס האָט דער דאָזיקער קעניג דזשעימס דער ערשטער אויך געלערנט זיין זון, וואָס האָט געקיניגט נאָך אים אַלס טשאַרלס דער ערשטער, ער, טשאַרלס, איז שוין געגאַנגען אַ שריט ווייטער און פונאַנ־דערגעלאָזן דעם פּאַרלאַמענט דערקלערנדיק, אַז ער אַליין וועט פון איצט אָן אָנפירן מיט ענגלאַנד. דאָס איז שוין געווען צו פיל און האָט געפירט צו אַן אויפשטאַנד מצד די פּריצים און די סוחרים, וועלכע האָבן דער־קלערט, אַז זיי ווילן אויך האָבן אַ דעה אין דער פירונג פון לאַנד. אַזוי ווי טשאַרלס דער ערשטער האָט זיי ניט געוואָלט נאָכגעבן, איז אויסגע־בראָכן אַ רעוואָלוציע, און דער סוף איז געווען אַז דאָס האָט געקאָסט טשאַרלסעס קאָפּ.

אין פראַנקרייך, ווידער, האָט דאָס זעלבע געטאָן לואי דער פער־צנטער, ווען עס האָט אויך אַזוי געלערנט זיין פאָטער, לואי דער דרייצנטער, אויך אין פראַנקרייך האָט עס געפירט צו אַ רעוואָלוציע, אָבער ניט באַלד, נאָר ערשט אין דער צייט פון זיין אייניקל לואי דער זעכצנטער.

פון דער ריי פון אַלע פראַנצויזישע קעניגן אונטער דעם נאָמען לואי (פון 6־טן ביזן 16־טן) איז לואי דער פערצנטער געווען די פאַרבנרייכסטע פיגור, אַזוי אַז אַ טייל היסטאָריקער האָבן אים אפילו צוגעטיילט דעם טיטל „דער גרויסער". מיר וועלן זיך דאָ אָפּשטעלן באַזונדערס אויף אים

אַלס דער שטאַרקער מאַנאַרך נאָכן מיטלאַלטער און זען אין וואָס עס איז געווען זיין כוח. מיר וועלן אָנהויבן פון זיין יוגנט און גיין כסדר.

* * *

לואי דער פערצנטער וואָלט אַריין אין דער געשיכטע פון פראַנק־רייך אַלס זייער אַ פעאיקער קעניג און אפשר אויך אַלס איינער וואָס האָט געזוכט גרויס און שטאַרק צו מאַכן זיין לאַנד, ווען ער וואָלט ניט געהאַט די איינרעדעניש, אַז ער האָט די מאַכט פון אַ גאָט, אַ דערשיינונג וואָס מען קען באַמערקן ביי אַלע גרויסע הערשער פון דער וועלט. אָבער לואי האָט גאָר שטאַרק געליטן פון דער דאָזיקער איינרעדעניש און אויפן שטייגער פון די אַלטע קעניגן פון עגיפּטן האָט ער זיך אויך גערופן „דער זון־קעניג״. ער האָט געזאָגט, אַז אַזוי ווי אַפּאָלאָ, דער גאָט פון דער זון האָט געבראַכט גליק, אַזוי האָט ער אויך געבראַכט גליק און צופרידנהייט צו פראַנקרייך און צו דער גאַנצער וועלט. ער האָט זיך איינגערעדט, אַז גאָט האָט אים באַשאַפן מיט אַלע מעלות, כדי צו קענען פאַרטרעטן אים אויף דער ערד.

אָבער געקומען איז די דאָזיקע איינרעדעניש צו אים נאָך פון זיין קינדהייט. מען האָט אים אויפגעצויגן אַזוי. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1638, ווען די רעליגיעזע מלחמה איז שוין אָנגעגאַנגען 20 יאָר. פון אָנהויב אָן האָט מען אים געלערנט צו באַטראַכטן אַ קריגס־העלד פאַר דער העכסטער דערגרייכונג אין לעבן. אין קעניגלעכן הויף האָט ער געזען פון קינדהייט אָן פאַלשקייט און ליגן; געהיימע דיפּלאָמאַטיע; שפּיאָנאַזש און שווינדל. אין יענער אַטמאָספער האָט מען שטאַרק געהאַלטן פון דער מאַקיאַוועלי־מעטאָדע און מען האָט געטאָן אַלץ גאַנץ געניי ווי ער האָט געהייסן. לואיס לערערס האָבן אים געלערנט אַלע שמד־שטיק מיט וועלכע ער דאַרף זיך באַנוצן אַלס קעניג.

דערצו האָט דער קליינער לואי שוין דעמאָלט געהאַט אַ כאַראַק־טער פון אַ טיגער און ווייל איז געווען צו דעם, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט אים. די צרה איז נאָך געווען דאָס, וואָס ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבן, איז ער אַלט געווען ניט מער ווי 5 יאָר און מען האָט אים געקרוינט אַלס קעניג ווען ער איז אַלט געווען 14 יאָר און די גאַנצע צייט פון זיין יוגנט איז ער געווען אונטער דער פירערשאַפט פון רעגענט קאַרדינאַל מאַזאַרין, אַ געליבטער פון זיין מאַמע, די קעניגין, נאָך אין דער צייט פון אַלטן קעניג. אָט־דער קאַרדינאַל איז שוין איינמאָל געווען אַ צאַצקע. דאָס איז געווען אַן אַטעאיסט וואָס האָט געשפּילט די ראָל פון אַ הייליקן, כדי צו

ווערן פּויפּסט אין רוים, און דער גאַנצער היפּאָקריט איז דאָס געווען דער מדריך און וועג־ווייזער פאַרן יונגן קעניג. עס איז געווען ער וואָס האָט אים געלערנט אַז ווען ער וועט ווערן געקרוינט אַלס קעניג, זאָל ער די פּריצים און אַריסטאָקראַטן באַהאַנדלען ווי דעם שטויב אונטער זיינע פיס. ער זאָל זיי קיינמאָל ניט נאָכגעבן אין אַ זאַך וואָס זיי ווילן פון אים. ער זאָל אויך קיינמאָל ניט זיין פריינדלעך צו די פרויען פון הויף, און אַז ער זאָל אָנשטעלן אַ פאַרגליווערט פּנים צו די מענטשן פון פאָלק, וואָס קומען צו אים מיט בקשות. ער זאָל אין דער עפנטלעכקייט יאָ צוזאָגן עפּעס צו טאָן, אָבער טאָן זאָל ער גאָר ניט צו פאַרלייכטערן די לאַסט פון פאָלק.

אָט דער קאַרדינאַל איז, ווי עס זעט אויס, געווען אַ גוטער תלמיד פון מאַקיאַוועלין און אַ שטאַרקער נאָכפאָלגער פון זיין ציניִשער לערע. ער האָט דעם יונגן קעניג געהייסן, למשל, איינשרייבן אין זיין נאָטיץ־ביכל געוויסע זאַצן, וואָס ער דאַרף זיך אויסלערנען פון אויסנווייניק. צווישן די זאַצן זיינען געווען אַזעלכע, ווי למשל, „אַ קעניג דאַרף מען צוטיילן גרויס כבוד און זיין ווילן איז געזעץ". אָט דעם זאַץ האָט ער אים באַזונדערס געהייסן גוט איינחזרן.

אַלס קינד האָט לואי זיך ניט באַזונדערס אויסגעצייכנט, ער איז געווען אַ דורכשניטלעך יינגל מיט מעסיקע פעאיקייטן. מאַזאַרין האָט אָבער ליב געהאַט שיינקייט. מיט אַלע זיינע חסרונות אַלס מענטש, האָט ער געהאַט די מעלה וואָס ער האָט געבענקט נאָך שיינקייט. אָט דאָס האָט ער איבערגעגעבן דעם יונגן מאָנאַרך. ער האָט אים געלערנט ליב צו האָבן מוזיק, גוטע ביכער, זיידנס און שפּיצן, צירונג און מאָלערייען. דאָס לעצטע — מאָלערייען — איז געווען כמעט זיין רעליגיע. ער האָט נאָך זיין טויט איבערגעלאָזט אַ רייכע קאָלעקציע פון קונסט־ווערק.

ווען מאַזאַרין איז געשטאָרבן, איז דער יונגער קעניג אַלט געווען 23 יאָר. אַזוי ווי מאַזאַרין האָט אים געלערנט ליב צו האָבן שיינקייט, האָט ער זיך גענומען צו פּוצן פראַנקרייך מיט שיינע גערטנער, מיט טייערע פּאַלאַצן און מיט פּראַכטפולע פּאַרקן. אָבער מיט דעם אַלעם איז ער דאָך ניט געוואָרן באַליבט. עס איז געווען דערפאַר, וואָס דאָס פאָלק האָט געהונגערט און די מלחמה ווי אַזוי צו דינען קריסטוסן איז אָנגעגאַנגען מיט דער גאַנצער שאַרפקייט. טויטע האָבן זיך געוואַלגערט אין אַלע גאַסן, אָבער דער יונגער קעניג האָט זיך גאָר פאַרנומען מיט איינזאַמלען אין זיינע געמעכטער די שענסטע און טייערסטע קונסט־בילדער פון דער וועלט, וויפל זיי זאָלן ניט קאָסטן. אין פּאַלאַץ פון קעניג האָבן זיך אַרומ־

געדרייט אָנגעצויגענע דאַמען פול מיט פודער און שמינק, וועלכע האָבן גערעדט צירלעך־מאַנירלעך מיט עלעגאַנטע אויסגעפּוצטע מענער איבער נעכטיקע טעג. צווישן אָט־דעם עולם האָבן זיך אויך אַרומגעדרייט עטלעכע פּאָעטן און פילאָזאָפן וואָס מען האָט איינגעלאַדן אין הויף, ווייל עס האָט אַזוי געפּאַסט צום רומל. אָבער דערצו האָט דער יונגער קעניג אַלעמאָל אַרויסגעוויזן זיין דעספּאָטיזם. ער האָט צו אַלע ווייניק גערעדט און אויב מען האָט עפּעס פאַרלאַנגט פון אים, האָט ער גלייך אָפּגעזאָגט, און אַ מאָל צוגעוואָרפן עפּעס ווי מען וואַרפט צו אַ הונט אַ ביין. די געזעלשאַפט פון הויף האָט אים געדאַרפט אַמוזירן, אָבער ווען ער איז מיד געוואָרן, פון זיי, האָט ער זיי געהייסן אַרויסטרייבן פון הויף אָן שום צערעמאָניעס.

ניט בעסער האָט ער באַהאַנדלט די קורטיזאַנקעס אין זיין הויף. ווען ער האָט זיי געוואָלט האָבן, האָט ער זיי געהייסן אַריינרופן אין זיין פּאַלאַץ, אָבער גאָר ניט לאַנג דערנאָך האָט ער זיי פּראָסט־פּשוט געהייסן גיין צום טייוול, און אַליין געעפנט די טיר פאַר זיי, צווישן זיי אַפילו די, וועלכע ער האָט ערשט, מיט אַ פּאָר מינוטן פריער געקושט און געהאַלדזט. לואי האָט אַלעמאָל געהאַט געליבטע אין די טוצן, אָבער ער האָט זיך כסדר אויסגערימט, אַז ער איז געבליבן געטריי זיין ווייב. ווי אַזוי? — אָט דאָס האָט ער ניט געזאָגט. אָבער אַ פאַקט איז, אַז ער האָט אויסגעבויט זיין פּאַלאַץ אין ווערסאַל מיט אַ זאַל פון שפּיגלען, כדי זיינע געליבטע זאָלן זיך דאָרטן קענען זען נאַקעט פון אַלע זייטן. אויך זיינען די באַנ־קעטן און מאַלצייטן וואָס זיינען פאָרגעקומען אין פּאַלאַץ זייער אָפט מיט דער באַטייליקונג פון נאַקעטע טענצערינס און אויסגעלאַסענע פּרויען, געווען פיל גרעסער ווי אַפילו אין די צייטן פון די באַרימטע רוימישע הערשער. עס האָט זיך געגאָסן שאַמפּאַניער ווי וואַסער און צו אַ טייל האָט ער געטיילט מתנות פון גאָלד און בריליאַנטן, נאַטירלעך, פאַרן געלט פון פאָלק, פאַרן גאָלד פון די פויערים וואָס האָבן געהונגערט. כדי צו האָבן אַ באַגריף וועגן דעם ווי אַזוי דאָס פאָלק האָט געפילט וועגן די גרויסע געלט־פאַרשווענדונגען פון לואי דעם פערצנטן, איז גענוג צו קוקן אויף אַ בילד פון דעם מאָלער רידעראָ, פון יענער צייט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ בילד פון פּאַלאַץ פון ווערסאַל און נעבן פּאַלאַץ שטייט דער גייסט פון קעניג לואי דעם פערצנטן, וועלכער רעדט צום גייסט פון זיין עלטער־זיידע הענרי דעם פערטן. לואי ווייזט אָן זיין זיידן אויפן פּאַלאַץ און רימט זיך ווי שיין ער איז. דער עלטער־זיידע קוקט אויך אויפן פּאַלאַץ און זאָגט צו לואין:

„עס איז אַ שיינער פּאַלאַץ, אָבער איך וואָלט געוואָלט וויסן ווי

אַזוי די אַרבעטער וואוינען. עס איז צום באַדויערן, מיין קינד, וואָס אַרום דעם שיינעם פּאַלאַץ שלאָפן די פּויערים אויף הוילער שטרוי און האָבן ניט צו דערוואַרטן קיין ביסן ברויט אין מויל ווען זיי שטייען אויף!...״.

* * *

אָבער פון וואַנען האָט לואי דער פּערצנטער טאַקע גענומען אַזוי פיל געלד, צו קענען זיין אַזוי פאַרשווענדעריש? — ער האָט עס גענומען קודם־כל פון די לאַנד־באַזיצער און די סוחרים, אויף וועלכע ער האָט אַרויפגעלייגט גרויסע שטייערן. ווען דאָס האָט ניט געקלעקט, האָט ער אַרויפגעלייגט גרויסע שטייערן אויך אויף אַרבעטער און פּויערים. די פּריצים האָבן אָבער רעוואָלטירט און אַרויסגעשטעלט אַ ווידערשטאַנד. דעמאָלט האָט דער קעניג, כדי זיי צו פאַרגיטיקן, לייכטער געמאַכט אַ ביסל זייערע שטייערן אָבער פאַרגרעסערט די שטייערן פון די פּראָסטע מאַסן. דערצו האָט ער שוין געקענט דעמאָלט די מאַקיאַוועלי־שטיק צו זאָגן גוטע רייד וואָס מיינען גאָרניט. אַזוי האָט ער זיך געווענדעט צו די אַרבעטער מיט אַ פּראָקלאַמאַציע, וועלכע הויבט זיך אָן מיט די ווערטער: „די אַרבעטער זיינען וויכטיקער פאַר אַ לאַנד ווי די אַרמיי״. אַן אַנדער מאָל האָט ער, איידער ער האָט אַרויפגעלייגט נייע גרויסע שטייערן, זיך געווענדעט מיט אַ פּראָקלאַמאַציע צום פאָלק, וועלכע ער הויבט אָן מיט די ווערטער: „איך האָב אייך אַלע ליב״. אָבער עס איז שוין איינמאָל געווען אַ ליבע: ער האָט אַזוי ליב געהאַט די מאַסן, אַז ער האָט געשינדן פון זיי די הויט לעבעדיקערהייט. ער האָט פּשוט צוגענומען ביי זיי יעדן גראָשן אויף צו קויפן ברויט. ווען מען האָט אים געזאָגט, אַז די פּויערים הונגערן, פלעגט ער ענטפערן, אַז זיי זאָלן עסן גראָז פונקט אַזוי ווי די בהמות.

לואי דער פּערצנטער האָט באמת ניט געהאַט קיין שום געפיל פאַר זיין פאָלק, ניט קיין ליבע און ניט קיין רחמנות, און אַפילו ניט קיין ווילן צו דערהאַלטן די באַפעלקערונג פון פראַנקרייך, כדי עס זאָל זיין אַ פראַנקרייך. ער האָט געהאַט אַ באַציאונג צו אַלע מענטשן פון זיין לאַנד, ווי צו מינדערווערטיקע מענטשן. ער האָט זיך ממש ניט גערעכנט מיט קיינעם, אויף אַזוי וויט אַז ער האָט געקענט טאָן אַלע אינטימע זאכן וואָס אַ מענטש טוט אויף אַ באַשיידענעם אופן, אין דער קעגנוואַרט פון מענטשן. ער האָט געקוקט אויף אַלע ווי אויף ווערעם, און דאָס דערפאַר ווייל ער האָט געטראַכט וועגן זיך אַזוי הויך, אַז קיינער קען גאָרניט גרייכן צו אים, אַז קיינער איז ניט ווערט אַז ער זאָל אים געבן די האַנט.

לואי האָט, ווי געזאָגט, זיך געהאַלטן פאַר אַ גאָט און האָט געטאָן אַלץ אַזוי ווי אַ גאָט דאַרף טאָן. גאָט קוקט אַראָפּ, לויט זיין מיינונג, מיט שפּאָט אויף די קליינע מענטשעלעך און אַזוי האָט ער אויך געטאָן. אין דער הינזיכט האָט ער זיך פאַרקוקט אויף די רוימישע אימפּעראַטאָרן, ווי למשל, יוליוס צעזאַר און אַלע אַנדערע, וועלכע האָבן זיך אויך געהאַלטן יעדער איינער פאַר אַ גאָט. לואי האָט אויך געהאַלטן ווי זיי, אַז אַ קעניג דאַרף כסדר פירן מלחמות כדי איינצונעמען די וועלט און ער האָט אויך געפירט מלחמות מיט שפּאַניע, מיט האָלאַנד און פיל אַנדערע.

אָבער דאָס מערקווירדיקסטע איז דאָס וואָס שוין אין יענער צייט האָט לואי דער פערצנטער געוואוסט פון כוח פון רעקלאַמע און געדונגען שרייבער, וואָס זאָלן דערציילן וועגן זיין גרויסקייט. ער האָט אין אָנהויב צו דעם צוועק אויסגענוצט די גלחים, וועלכע האָבן געשריבן וועגן זיין גרויסקייט און דערקלערט, אַז פראַנקרייך דאַרף אים פאָלגן בלינדער־הייט. באַזונדערס האָבן די גלחים גערופן דעם יונגן דור צו גיין אין מלחמה, ווען דער קעניג פאַרלאַנגט דאָס פון זיי.

אָבער אויסער די גלחים און די היימישע שרייבער, וועלכע האָבן געטאָן (אָדער געמוזט טאָן) אַלץ וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער גע־דונגען שרייבער אין אויסלאַנד וועלכע זאָלן באַזינגען זיין גרויסקייט און האָט זיי געהייסן שרייבן פּראָקלאַמאַציעס וועגן אים און אויך גאַנצע ביכער. נאַטירלעך האָבן זיי געקראָגן גוט באַצאָלט דערפאַר. עס האָט זיך אַפילו אַ מאָל געהערט אַ שטימע קעגן אים און קעגן זיינע מיליטאַ־ריסטישע און פאַרשווענדערישע פירונגען. אַזוי, למשל, איז געווען די מיינונג פון דעם בישאָף מאַסקאַראַן, וועלכער איז אָפן אַרויסגעטראָטן קעגן די פירער פון דער אַרמיי און געזאָגט, אַז זיי זיינען אַ באַנדע גנבים. אָבער דעם בישאָף האָט מען באַלד פאַרמאַכט דאָס מויל, אַז ער זאָל מער ניט רעדן.

לואי דער פערצנטער איז געווען אַ הייסער קאַטאָליק און האָט געפירט ביטערע קאַמפן קעגן די פּראָטעסטאַנטן. ער איז געשטאָרבן דעם ערשטן סעפּטעמבער, 1715, נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט געהערשט 72 יאָר. בעת זיין הערשאַפט זיינען פאַרזייט געוואָרן די קערנער פון דער רעוואָלוציע וואָס איז געקומען 78 יאָר נאָך זיין טויט אין יאָר 1793.

## 71. אָליווער קראָמוועל און די „קוועיקערס"

נאָך דער רעוואָלוציע אין ענגלאַנד, ווען מען האָט אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ פון קעניג טשאַרלס דעם ערשטן. — אָליווער קראָמוועל אַלס „לאָרד פּראָטעקטאָר". — ווער איז געווען דער שוסטער־געזעלן דזשאָרדזש פאַקס. — ער גרינדעט אַ נייע סעקטע די „קוועיקערס". — ווי אַזוי מ'האָט גערודפט די קוועיקערס און פיל פון זיי אומגעבראַכט.

דער 17־טער יאָרהונדערט האָט אויך מיטגעמאַכט אַ מין רעוואָלוציע אין ענגלאַנד, אַ זאַך, וואָס קוקט אויס מאָדנע פאַר די דאָרטיקע רואיקע מענטשן. עס איז געווען די צייט ווען ענגלאַנד איז געבליבן אָן אַ קעניג, צוליב דעם וואָס דער קעניג טשאַרלס דער ערשטער, וועלכער האָט אָפּגע־שאַפט דעם פּאַרלאַמענט און געוואָלט אַליין רעגירן, איז פון פּאַרלאַמענט פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. און דער טויט־אורטייל איז אויסגעפירט גע־וואָרן דעם 30־טן יאַנואַר 1649. די עפּענטלעכע מיינונג אין ענגלאנד איז דעמאָלט געווען צעטיילט. עס זיינען דעמאָלט געווען גרופּן אין ענגלאַנד, וועלכע האָבן געהאַלטן מיטן קעניג טשאַרלס, וואָס איז באַזייטיקט געוואָרן און עס זיינען געווען גרופּן וואָס זיינען געווען קעגן אים און וועלכע האָבן דערפירט צום אויפשטאַנד קעגן אים. אָט־די גרופּע האָט מען גערופן „די רונדע קעפּ", ווייל זיי האָבן זיך אָפּגעשוירן די האָר פון קאָפּ פּאַרונדיקט אַלס פּראָטעסט קעגן די אַנדערע וואָס האָבן געטראָגן לאָקן און וועלכע זיינען געווען פון דער אַריסטאָקראַטיע. די „רונדע קעפּ" האָבן געוואָרפן אַן אויג אויף דעם פירער פון דער אַרמיי, אָליווער קראָמוועל, און געוואָלט אַז ער זאָל איבערנעמען די פירערשאַפט פון לאַנד. אָליווער קראָמוועל איז געווען אַ שטאַרקע פּערזענלעכקייט, אַ מענטש מיט אַ פעסטן כאַראַקטער. ער האָט אין יענער צייט געהאַט אָרגאַניזירט די אַרמיי און זי שטאַרק פאַר־גרעסערט. קראָמוועל האָט באַלד פאַרשטאַנען דעם וואונק פון דער צייט און גענומען זיך רוקן צום פראָנט, אָבער עס איז אים ניט אַזוי לייכט אָנגעקומען, ווייל אין יענער צייט נאָך דעם טויט פון קעניג טשאַרלס דעם ערשטן, האָבן זיך צוויי לענדער אָפּ־געריסן פון ענגלאַנד, אירלאַנד און סקאָטלאַנד. אָבער עס האָט גאָרניט לאַנג געדויערט און קראָמוועל האָט גענומען די מאַכט אין זיינע הענט. ער האָט איינגענומען אירלאַנד און זיך געגרייט באַלד אויך איינצונעמען סקאָטלאַנד און ביידע לענדער צוריק פאַראייניקן מיט

ענגלאַנד. ביי אָט די קאַמפן האָט ער אַרויסגעוויזן זיין דיקטאַטאָרישן כאַ־ראַקטער. עס זיינען דעמאָלט דורך די הענט פון זיינע הענקער אומגעקומען טויזנטער מענטשן, אויף וועלכע מען האָט אָנגעוויזן אָלס זיינע קעגנער. ער האָט זיך אָנגערופן „לאָרד פּראָטעקטאָר״ פון ענגלאַנד וואָס עס האָט געמיינט, איינער וואָס הערשט צייטווייליק ביז עס וועט קומען אַ קעניג, אָבער אין דער אמתן האָט ער געהערשט מיט אַ שטאַרקער האַנט. אין זיין צייט האָט ער געמאַכט אַן אָפּמאַך מיט פראַנקרייך אויף צו פירן מלחמה מיט שפּאַניע. אין אָט דער מלחמה האָט ער געוואונען פאַר ענגלאַנד די שטאָט דאַנקירק און אויך דאָס אינדזל דזשאַמעיקאַ.

אָבער קראָמוועל האָט געוואוסט ווי ווייט ער קען גיין אין זיין מאַכט. געווען אַ צייט ווען דער פּאַרלאַמענט וואָס פלעגט זיך צונויפזאַמלען איין מאָל אין צוויי יאָר (אין די יאָרן 1654, 1656 און 1658) האָט אים פאָר־געלייגט, אַז ער זאָל ווערן קעניג, אָבער קראָמוועל האָט עס ניט געוואָלט, ווייל ער האָט געוואוסט אַז דאָס פאָלק איז קעגן אים.

עס איז קיין ספק ניט, אַז קראָמוועל איז געווען אַ גוטער פעלד־מאַרשאַל און האָט געוואוסט ווי אַזוי אָנצופירן מיט אַן אַרמיי. ער איז אויך געווען אַ גוטער אַדמיניסטראַטאָר און האָט געזאָרגט פאַר זיין לאַנד זייער שטאַרק, אָבער ער האָט געמאַכט אַ טעות דערמיט וואָס ער האָט געוואָלט, אַז אַלע זאָלן ווערן פּראָטעסטאַנטן און האָט שטאַרק גערודפט די קאַטאָליקן און אויך אַ טייל פון די ניי־אויפגעקומענע רעליגיעזע גרופּן, באַזונדערסט די „קוועיקערס״. אין דער הינזיכט איז אינטערעסאַנט ווי אַזוי זיין גרויסע מאַכט האָט אים אָפּט אַראָפּגעפירט פון גלייכן וועג. קראָמ־וועל האָט געקענט שטאַרק ליבן און אויך שטאַרק, זייער שטאַרק האַסן, און ווען ער האָט געהאַסט, האָט עס גאָר ניט געהאַט קיין שיעור און קיין גרענעץ.

די געשיכטע פון דער קוועיקערס־גרופּע, וועלכע איז אנטשטאַנען אין יענע טעג, באַווייזט דאָס אַמבעסטן.

* * *

אין אַ שיינעם פרימאָרגן אין יולי, 1643, האָט אַ שוסטער־געזעלן פאַרלאָזן זיין דאָרף אין לייסעס טערשייער (ענגלאַנד) און איז אַוועק צו זוכן גאָט. דער דאָזיקער שוסטער־געזעלן האָט געהייסן דזשאָרדזש פאָקס. אָבער וואָס האָט געדריקט שטאַרק אויפן האַרץ פון אָט־דעם יונגן געזעלן? איז ער ניט געווען צופרידן פון זיין לעבן? יאָ. ער איז געווען אומצופרידן מיט דער צייט אין וועלכער ער האָט געלעבט. אַ צייט, וואָס מען האָט

ניט געוואוסט פון עפּעס אַנדערש ווי שחיטות און הריגות פון איין גרופּע מענטשן איבער דער אַנדערער, כאָטש ביידע זיינען געווען פון זעלבן לאַגער, דעם לאַגער פון קריסטנטום. די סיבה איז געווען וואָס יעדער גרופּע האָט אויסגעטייטשט קריסטוסעס ווערטער אויף אַן אַנדערן אופן און דערפאַר — די כסדרדיקע בלוט־באָד, וואָס איז שוין אָנגעגאַנגען דרייסיק יאָר און כאָטש מען האָט געשאַפן אַ שלום צווישן ביידע לאַגערן, גייט נאָך אַלץ ניט אַריבער אַ טאָג, ווען אַ פּראָטעסטאַנט זאָל ניט שעכטן אַ קאַטאָליק און אויך פאַרקערט, אַ קאַטאָליק זאָל ניט אַריינשטעקן אַ מעסער אין האַרצן פון אַ פּראָטעסטאַנט. קיין מענטש איז דעמאָלט ניט געווען זיכער מיט זיין לעבן. אַפילו די, וואָס האָבן זיך ניט געמישט אין פּאָליטיק און אין די רעליגיעזע קאַמפן, זיינען מיט געוואַלד אַריינגעצויגן געוואָרן אין די ביטערע מלחמות און האָבן פאַרלוירן זייער פאַרמעגן און אויך זייער לעבן. עס איז געווען אַ צייט, ווען די גלחים האָבן געהאַט דאָס רעכט איינצונעמען שטייערן און אויב מען האָט ניט באַלד באַצאָלט האָבן די דאָזיקע „הייליקע" געקענט אַרעסטירן די אייגנטימער פון די געשעפטן אָדער היימען און צונעמען ביי זיי אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט.

עס איז געווען אָט־די ביטערע צייט וועלכע האָט אַרויסגערופן ביי אָט־דעם שוסטער־געזעלן, וואָס איז אַלט געווען אינגאַנצן 20 יאָר, אַ געפיל אַז עס איז ניט מער צום אויסהאַלטן און ער האָט באַשלאָסן, אַז ער מוז געפינען אַן אַנדערן וועג אין לעבן, וואָס זאָל זיין גוט פאַר אים און פאַר אַלע מענטשן. צום ערשטן איז ער געגאַנגען צו די גלחים און מיט זיי גערעדט וועגן דעם, אַז מען מוז געפינען אַן אנדערן וועג פון לעבן. אָבער זיי, די גלחים, פון די פאַרשידענע רעליגיעזע גרופּן, האָבן אים נאָר אויסגעלאַכט און אים געהייסן צוריקגיין צום שוסטער־בענקל. אַנדערע האָבן אים געראַטן, אַז ער זאָל חתונה האָבן. נאָך אַנדערע האָבן אים געזאָגט, ער זאָל גיין דינען אין דער אַרמיי. ענדלעך האָט דער יונגער געזעלן גענומען פאַרשטיין אַז אַ גלח איז ניט מער ווי איינער וואָס האָט זיך אויסגעלערנט אַ פאַך, פּונקט אַזוי ווי ער איז אַ שוסטער און אַז עס מיינט ניט, אַז אַ גייסטלעכער קען אַלץ וויסן... און אַזוי איז ער נאָך 4 יאָר פון אַרומוואַנדערן און זוכן אַ וועג אין לעבן געקומען צום פאַר־שטאַנד, אַז: 1) די קריסטן ווייסן גאַנץ ווייניק וועגן קריסטנטום; 2) די פירער פון דער מענטשהייט האָבן צופיל איינרעדעניש און די מאַסן זיינען צופיל דערשלאָגן און 3) אַז אַלע קאַמפן און מלחמות זיינען איבעריק. די מלחמות און קאַמפן דאַרפן נאָר די קריגס־פירער כדי אַזוי־אַרום צו הערשן איבער די מענטשן, אָבער דאָס איז ניט גוט פאַר די מאַסן

פון אַלע לענדער. די מענטשהייט דאַרף האָבן שלום, ד. ה. מנוחה און ניט קיין מלחמות.

דזשאָרדזש פאָקס האָט איצט באַשלאָסן אַז אַנשטאָט צו גיין לערנען ביי די פאַלשע פירער, די גייסטלעכע און מיליטער־לייט, וועט ער גאָר אַרויסגיין אין דער וועלט און ער וועט לערנען דער מענטשהייט, ווי אַזוי צו לעבן אויף דער וועלט! ער איז געווען זיכער, אַז די מענטשהייט וועט זיך צו אים צוהערן.

ער האָט זיך דעריבער געמאַכט אַ מלבוש פון לעדער, וואָס זאָל זיין שטאַרק און אויסהאַלטן אַ לאַנגע צייט און דערצו אַ גרויסן הוט מיט אַ ברייטן ראַנד, וואָס עס זאָל זיין פאַר אים אַ שוץ פאַר ווינט און רעגן, און זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ לאַנגן מאַרשרוט, צו לערנען די מענטשן ווי אַזוי צו לעבן אויף גאָטס וועלט, אָן קאַמפן און אָן בלוט־פאַרגיסונגען.

אָט די קליינע געשעעניש וואָס האָט געמיינט גאַנץ ווייניק אין גאַנג פון דער געשיכטע אין יענער צייט, איז געוואָרן גאָר אַ גרויסער פאַקטאָר אין לעבן פון די דורות וואָס זיינען געקומען שפּעטער, ווייל מיט דעם טאָט, איז געבוירן געוואָרן אַ נייער כוח, אָן אָרגאַניזאַציע פאַרן שלום פון דער וועלט, אַ רעליגיע וואָס איז קעגן מלחמות, די „קוועיקערס״.

באַטראַכטנדיק דעם גאַנג פון דער געשיכטע אין יענער צייט, שרייבט דער גרויסער געלערנטער קאַרלאַיל:

„ווער ווייסט? אפשר האָבן די גרויסע מלחמות וואָס זיינען פאַר־געקומען און די שלום־אָפּמאַכן, וואָס זיינען געקומען נאָך זיי, ניט אַזוי פיל באַדייטונג וויפל עס האָט דער לעדערנער מאַנטל וואָס דזשאָרדזש פאָקס האָט זיך געמאַכט, אַ זאַך וואָס קיינער האָט עס ניט גענומען צו ערנסט און אַנדערע האָבן נאָך אפשר דערפון אָפּגעלאַכט? וואָרום, אַז דער מענטש, דער גרינדער פון די „קוועיקערס״, וואָס איז געווען ניט מער ווי אַן אָרעמער שוסטער, איז עס געווען דער, וועמען גאָט האָט אויסגעקליבן אַריינצוגעבן אין אים דאָס הייליקע פייער פון אַ נביא פאַר דער מענטשהייט, אַ נביא וואָס האָט ניט גערוט; וואָס האָט זיך געלאָזט פייניקן; וואָס האָט אַלץ פאַר ליב גענומען, אַבי זיין גרויסע אידעע זאָל זיגן. דאָס שוסטער־בענקל אויף וועלכן דער געזעלן איז געזעסן איז געווען הייליקער ווי דער וואַטיקאַן פון יענער צייט... עס איז געווען אָט־ער, דער אָרעמער אַרבעטער פון לייסעס טערשייער, וועלכער האָט בייגע־שטייערט דאָס גרעסטע צו דער מענטשהייט. דערמיט וואָס ער האָט גע־שאַפן אַ שטענדיקע אַרמיי פאַרן שלום; אַן אַרמיי וואָס האָט געשוואוירן צו קעמפן קעגן קאַמפן; אַן אַרמיי וואָס האָט אויסגערופן: „מענטש, גיי

ניט אין קיין מלחמות; פיר ניט קיין קאַמפּן מיט קיין מיטמענטש, ווער ער זאָל ניט זיין; פאַרגיס ניט קיין בלוט!״...

* * *

איצט לאָמיר זען, וואָס איז געשען צו דעם שוסטער פון יענער קליינער שטאָט אין ענגלאַנד?

מיר טרעפן אים דזשאָרדזש פאָקסן, זעקס יאָר נאָך זיין מאַרש אין דער וועלט צו קעמפן אַפּצושאַפן מלחמות. ער האָט אַרום זיך אַ קליינע אַרמיי פון נאָכפאָלגער, מענער און פרויען. אָט־די גרופּע האָט מען דעמאָלט גערופן „וואַליאַנט סיקסטי״ (די בראַווע זעכציק — דער נאָמען איז געבליבן פון דער צייט ווען די גרופּע איז באַשטאַנען נאָר פון 60 מיטגלידער, אַלע בראַווע און פעסטע אין זייער איבערצייגונג), אָבער עס דויערט גאָר ניט לאַנג, ניט מער ווי 2 יאָר ווען די צאָל פון זיינע אָנהענגער איז שוין — 50,000. זיי רופן זיך איצט שוין „קינדער פון ליכט״ (טשילדרען אָוו לאַיט), אָדער: „דער פאַרבאַנד פון פריינד״, שפּעטער־צו האָבן זיי געקראָגן דעם צונאָמען „קוועיקערס״, ווי איינער פון די קעגנער האָט זיי גערופן, זאָגנדיק אַז פאָקס האָט געמאַכט זיינע שונאים ציטערן (קוועיק). אָט דער נאָמען האָט זיך מער צוגעקלעפּט צו זיי ווי אַלע אַנדערע נעמען, אייגענע און פרעמדע.

די געשיכטע פון די קוועיקערס וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט דזשאָרדזש פאָקס איז איינע פון די סאַמע אינטערעסאַנטסטע אין דער וועלט־געשיכטע. אָבער עס איז אַ טעות צו דענקען, אַז די קוועיקערס האָבן געפּרעדיקט אַ פּאַסיוון ווידערשטאַנד צו זייערע קעגנער, ווי למשל, גאַנדי האָט לעצטנס געטאָן. דאָס איז ניט ריכטיק. די קוועיקערס זיינען געווען פּאָזיטיווע קעמפער פאַר זייערע אידעען. זייער הויפּט־ציל איז געווען אָפּצושאַפן מלחמות און זיי האָבן דאָס געטאָן ניט נאָר דורך זיך אָפּזאָגן פון צו גיין דינען אין דער אַרמיי, נאָר אויך אין פיל אַנדערע פּאָזיטיווע פאָרמען, ווי דורך אַרויסוווייזן פאַראַכטונג צו די מיליטערישע פירונגען ווי אויך צום קעניג, דורך ניט אַראָפּנעמען דעם הוט אין זיין קעגנוואַרט; ניט צו דערלאָזן צו האַלטן מענטשן אין שקלאַפעריי; צו זידלען און באַליידיקן די גלחים, וועלכע פּרעדיקן פאַרן געזונט פון די הערשער און רופן די יוגנט צו גיין אין קריג; צו באַליידיקן די ריכטער וואָס גיבן אַרויס אַן אורטייל איבער אַ מענטש, וואָס וויל ניט דינען אין דער אַרמיי. זיי האָבן אַפילו אין צייט פון מלחמה גערופן די סאָלדאַטן, אַז זיי זאָלן אַוועקוואַרפן זייער געווער און פיל האָבן זיי געפּאָלגט.

איינמאָל, ווען דזשאַרדזש פאָקס האָט גערעדט צו אַ גרויסן עולם וועגן אָפּשאַפן מלחמות, איז צוגעגאַנגען צו אים איינער פון די מיליטער־לייט און אים דערלאַנגט צוויי פייערדיקע פעטש. פאָקס האָט אָפּגעווישט דאָס בלוט פון פנים און האָט ווייטער גערעדט צום עולם, אָבער ווי אַן אמתער קריסט, האָט ער ניט צוריקגעשלאָגן. אַ צווייט מאָל איז אויף אים אָנגעפאַלן איינער פון דער מיליטערישער קאַסטע און אים גע־שלאָגן, געוואָרפן אויף דער ערד און אים געקאָפּעט מיט די פיס. פאָקס האָט געחלשט און מען האָט אים געמוזט אָפּמינטערן. ווען עס איז אים בעסער געוואָרן, האָט ער זיך אומגעקערט צו זיין טריבונע און די ערשטע ווערטער וואָס ער האָט געזאָגט זיינען געווען געווענדעט צו זיינע קעגנער:

— איך שטיי צוריק אויף מיין פלאַץ! קומט אַהער! אויב איר ווילט מיך שלאָגן — שלאָגט! אָט זיינען מיינע הענט, מיין קאָפּ, מיין קערפּער, אָבער איך וועל קיינמאָל ניט אויפהערן צו זאָגן דעם אמת, אַזוי לאַנג ווי איך לעב!

דערויף איז צוגעלאָפן צו אים אַ כוליגאַן און אים ווידער גע־שלאָגן מיט זיין שטעקן. פאָקס האָט אים ניט געענטפערט. ווען אַ פּאָלי־ציאַנט איז צוגעקומען און געוואָלט אַרעסטירן דעם כוליגאַן און גע־הייסן פאָקסן צו פאַרפירן אַ פּראָצעס קעגן אים, האָט ער ניט געוואָלט. ער האָט דערקלערט:

— איך האָב ניט קיין שום טענות צו אים! ער האָט דאָס געטאָן, ווייל ער דענקט, אַז ער איז גערעכט, ווען ער וועט פאַרשטיין אַנדערש, וועט ער אַנדערש טאָן.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט און מען האָט פאָקסן אַרעסטירט און איינגעזעצט אין געפענגעניש. אַ ביסל שפּעטער האָט מען אים אַרויס־געלאָזט, בתנאי ער זאָל ניט האַלטן זיינע רעדעס, אָבער ער האָט דעם תנאי ניט געהאַלטן און ווידער גערעדט צום עולם. זייט דעמאָלט איז זיין לעבן געווען אַ טייל אין געפענגעניש און אַ טייל אויף דער פריי.

פאָקס האָט אָנגעשריבן אַ טאָג־בוך, וואו ער באַשרייבט אַלץ. ער שילדערט זיין קאַמער אין געפענגעניש אין יענער צייט. „עס איז געווען, שרייבט ער, אין יענעם צימער אַזאַ רויך פון די אַרעסטאַנטן וואָס האָבן גערויכערט, אַז מען האָט געקענט דערשטיקט ווערן... אין צימער האָט אַרייַנגערעגנט און גלייך אויפן בעט, און פיל מאָל בין איך געלעגן אין אַ טייך וואַסער... אין די ווינטער־חדשים איז דאָרטן ממש ניט געווען

מעגלעך אויסצוהאַלטן... עס איז געווען אַזוי קאַלט אַז אַ צאָן האָט געקלאַפּט אָן אַ צאָן... מיינע גלידער זיינען געוואָרן געשוואָלן און אַלץ אין מיר האָט ווי געטאָן...".

* * *

אָט דאָס איז פאַרגעקומען אין דער צייט פון אָליווער קראָמוועל. פאָקס האָט געשריבן אַ בריוו צו קראָמוועלן וועגן אַלעם. קראָמוועל איז געוואָרן אינטערעסירט אין דעם שרייבער פון בריוו און געשיקט נאָך אים. פאָקס איז געקומען צו אים באַלד אין דער פרי, ווען קראָמוועל איז נאָך ניט געווען אינגאַנצן אָנגעטאָן. קראָמוועל האָט פאַרפירט אַ שמועס מיט פאָקסן. ער האָט גערעדט מיט אים וועגן רעליגיע, פּאָליטיק און מלחמה. קראָמוועל האָט אים געבעטן צו זיין מיט אים אָפנהאַרציק און ער, פאָקס איז עס טאַקע געווען און גערעדט אָפן וועגן אַלעם. קראָמוועלן איז עס געפעלן און ער האָט צו אים געזאָגט: „איך זע, אַז דו ביסט אַ רעוואָלוציאָנער. מיר געפעלט עס! איך בין אויך אין עצם אַ רעוואָלו־ציאָנער. איך וויל אַז עס זאָל זיין אַנדערש. דו ווילסט אַ בעסערע וועלט און איך וויל אויך דאָס זעלבע!" ווען פאָקס האָט שוין געהאַלטן ביים אַוועקגיין, האָט אים קראָמוועל אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און צו אים געזאָגט, ממש מיט טרערן אין די אויגן:

— קום נאָך אַ מאָל. איך פיל, אַז אויב איך און דו זאָלן זיין איין שעה צוזאַמען, אָפּגעזונדערט פון אַלע, וועלן מיר ווערן נענטער איינער צום אַנדערן. איך וויל ניט, אַז עס זאָל דיר געשען שלעכטס, פונקט אַזוי ווי איך וויל עס ניט פאַר מיר.

אָבער פאָקס האָט קראָמוועלן מער ניט געזען. קראָמוועל האָט באַלד אויך פאַרגעסן דעם „קוועיקער" און איז אָנגעגאַנגען מיט זיין דיקטאָ־טאָרישער מאַכט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז נאָך קראָמוועלס טויט האָט מען אים אַפילו ניט געלאָזט רוען אין זיין קבר. ווען טשאַרלס דער צווייטער האָט איבערגענומען די מלוכה, האָט מען אויסגעגראָבן קראָמ־וועלס קערפּער פון וועסטמינסטער אַבבי, אים אויפגעהאָנגען און דער־נאָך האָט מען צעריסן דעם קערפּער אויף שטיקער און באַגראָבן אויף פּאָטערס פילד.

וואָס שייך די קוועיקערס — האָט מען זיי גערודפט אויך שפּעטער, אין דער צייט פון טשאַרלס דעם צווייטן. געווען אַ צייט ווען 15,000 קוועיקערס זיינען געזעסן אין געפענגעניש און פיל פון זיי זיינען געשטאָרבן.

דזשאָרדזש פאַקס אַליין האָט חתונה געהאַט אין 1669 מיט מאַר־גאַרעט פעל, אַן אַלמנה פון אַ דיכטער. זי איז געווען די גאַנצע צייט אַ גרויסע הילף צו אים. פאַקס איז דעמאָלט אַלט געווען 46 יאָר און זי איז געווען אַלט 53 יאָר. זיי האָבן געלעבט זייער גליקלעך. פאַקס איז געשטאָרבן נאָך דעם ווי ער איז געקומען צוריק פון אַ רייזע אין אַמעריקע אין יאָר 1683.

.X

## אנהויב פון דער רענעסאנס־עפּאכע

72. די צוויי גרויסע גייסטער: רענע דעקאַרט און ברוך (בענעדיקט) שפּינאָזאַ
73. רענעסאַנס אין וויסנשאַפט: קאָפּערניק און גאַלילײ
74. רענעסאַנס אין קונסט: ראַפאַעל, מיקל אַנדזשעלאָ
75. צוויי פרייהייטס־קעמפער: זשאַן זשאַק רוסאָ און וואָלטער
76. פּעטער דער גרויסער, קייזער פון רוסלאַנד

## 72. די צוויי גרויסע גייסטער: רענע דעקאַרט און ברוך (בענעדיקט) שפּינאָזאַ

צוויי פילאָזאָפן אַ קריסט און א ייד וואָס זייער גורל איז געווען אַ גלייכער. — דער קריסט האָט ניט געהאַלטן צו פיל פון קריסטנטום און דער ייד פון יידנטום. — מיט וואָס צייכנט זיך אויס דעקאַרטס פילאָזאָפישע שיטה. — שפּינאָזאַ בויט זיין שיטה אויפן גרונד פון דעקאַרטס הנחות. — זיין שיטה, אַז די וועלט איז גאָט און גאָט איז די וועלט. — ביידע פילאָזאָפן זיינען געשטאָרבן יונג.

צוזאַמען מיט די דיקטאַטאָרן וואָס האָבן געלעבט אין 17־טן יאָר־הונדערט, לואי דער פערצנטער, דער קעניג פון פראַנקרייך און אָליווער קראָמוועל, „לאָרד פּראָטעקטאָר" פון ענגלאַנד, ביידע העלדן פון דער שווערד, האָבן אויך אין יענער צייט געלעבט צוויי גרויסע גייסטער, צוויי וועלט־באַרימטע פילאָזאָפן, רענע דעקאַרט אין פראַנק־רייך און ברוך (בענעדיקט) שפּינאָזאַ אין האָלאַנד.

אָט־די לעצטע צוויי בוך־העלדן האָבן געלייגט זייער שטעמפּל אויף זייער דור און אויך אויף די קומענדיקע דורות, אַזוי אַז ביזן היינטיקן טאָג מוזן אַלע דענקער און שעפער פון גייסטיקע ווערטן קומען צוריק צו די הויכע געדאַנקען וואָס עס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון יענע צוויי גרויסע גייסטער.

לאָמיר דעריבער זען ווער די דאָזיקע דענקער זיינען געווען און מיט וואָס איז זייער איינפלוס אַזוי גרויס.

מיר וועלן רעדן צום ערשטן פון דעם פראַנצויזישן דענקער רענע דעקאַרט, וועלכער האָט געלעבט און איז געשטאָרבן אַ ביסל פריער ווי שפּינאָזאַ (1596—1650).

* * *

רענע דעקאַרט איז געבוירן געוואָרן צום סוף פון 16־טן יאָר־הונדערט (1596), אין פראַנקרייך, ביי פרומע קאַטוילישע עלטערן. אין די יונגע יאָרן האָט ער געלערנט אין אַ יעזואיטישער שול, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף זיין גאַנץ לעבן. דעקאַרט, ווען ער איז אויסגעוואַקסן, האָט געפירט אַן איינזאַם לעבן און האָט ניט געהאַלטן פון פיל דאָגמעס פון דער קירך, כאָטש ער איז געבליבן אַ גוטער קאַ־

טאַליק, אויף אַזוי ווייט, אַז ער פלעגט אָפט, אײדער ער האָט זיך געזעצט שרייבן זיינע פילאָזאָפישע עסייען, בעטן צו דער הייליקער מוטער, אַז זי זאָל אים העלפן פאָרמולירן זיינע געדאַנקען. ער האָט אויך געגלויבט אין חלומות און פלעגט זאָגן, אַז מען האָט אים געזאָגט אין חלום ווי אַזוי צו שרייבן זיינע פילאָזאָפישע געדאַנקען.

עס איז אָנגענומען אין דער פילאָזאָפישער וועלט, אַז דעקאַרט האָט געשאַפן אַ נייעם וועג אין פילאָזאָפישן דענקען פונקט אַזוי ווי בעיקאָן האָט עס געטאָן אין דער פיזישער וויסנשאַפט. ער ווערט דעריבער אָנגערופן „דער פאָטער פון דער מאָדערנער פילאָזאָפיע״. דאָס איז דערפאַר ווייל ער האָט אויסגעבויט אַלע זיינע געדאַנקען אויפן גרונד פון פעסטע הנחות. אַזוי, למשל, הויבט ער אָן זיין ערשטן עסיי מיט דער הנחה, אַז אין אַלעם קען מען צווייפלען צי עס עקזיסטירט אָדער ניט, בלויז אין איין זאַך ניט, און דאָס איז — אין צווייפל גופא, ווייל אויב מען צווייפלט, איז דאָך שוין דאָס אַ סימן, אַז עס איז דאָ עמיצער וואָס טוט עס. דערפון האָט ער געשאַפן דעם סלאָגאַן: „איך דענק, איז דאָס אַ באַווייז, אַז איך בין דאָ״ (דאָס איז זיין באַקאַנטע פאָרמולע: „קאָגיטאָ, ערגאָ סום!״).

אָבער נאָכדעם ווי ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז עס איז דאָ אַ דענקענדיק וועזן, האָט ער גענומען מאַכן אַ צווייטן שריט, נעמלעך, אַז עס איז געווען עמיצער וואָס האָט געשאַפן דאָס דענקענדע וועזן. דאָס דערפירט אונדז צום וויסן, אַז עס איז דאָ אַ גאָט אויף דער וועלט. ער גייט ווייטער און קומט צו דער הנחה אַז אין דער וועלט געפינען זיך צוויי כוחות: שטאָף (מאַטעריע) און שכל (גייסט). נאָך אַ הנחה איז, אַז אַ שטיין קען ניט טראַכטן, אָבער ער מוז האָבן אָרט (וואו צו זיין). דאָס ווייזט אונדז, אַז יעדע מאַטעריע מוז האָבן אַן אָרט. דער גייסט אָבער דאַרף ניט קיין אָרט. אַ מענטש טראַכט מיט זיין שכל, אָבער ער איז ניט צוגעבונדן צו אַן אָרט, אַז נאָר דאָרט קען ער טראַכטן און אַנדערש־וואו ניט. דאָס ווייזט אונדז, אַז דער גייסט איז ניט באַגרענעצט צו אַ שטח און ער איז דערבער אוניווערסאַל. דאָס פירט אונדז ווייטער צו דענקען, אַז דער הויפּט גייסטיקער כוח אין דער וועלט, וואָס אונדזער גייסט איז נאָר אַ קליינער טייל פון אים איז ניט באַגרענעצט, ניט דורך שטח און ניט דורך צייט. דערמיט שטייט דער גייסט אויף אַזוי פיל העכער איבער מאַטעריע. דערפון קענען מיר קומען צום אויספיר, אַז דער גייסטיקער כוח וואָס פירט אָן מיט דער וועלט האָט ניט קיין שום פיזישע פאָרם, אָדער געשטאַלט, וואָס דאָס מיינט, ווידער, אַז מען קען ניט זען אים, אָט־דעם

העכסטן כוח אין געשטאַלט פון אַ מענטש. דאָס מיינט, אַז מען קען ניט געבן קיין שום באַגריף פון אַ מענטשלעכן אויסזען צום אַלעם־העכסטן.

אויף אָט די הנחות בויט ווייטער דעקאַרט אויס אַ גאַנצע פילאָזאָפישע שיטה, וואָס זעט גאָט אַלס העכסטע גייסטיקע קראַפט, פון וועלכער מיר האָבן קיין באַגריף ניט, ווייל מיר, מענטשן, זיינען אַ געמיש פון מאַטעריע און גייסט, בעת די געטלעכקייט איז לויטער גייסט. עס איז נאָר אַ ביסל מאָדנע, וואָס פון די הנחות קומט ער צום קריסטנטום און זעט דורך זיי דעם דערלייזער פון דער וועלט אַלס דער גאָט וואָס איז געקומען צו די מענטשן. ער באַמערקט אָבער אַליין ניט, אַז דאָס איז סותר זיינע אייגענע הנחות, ווייל ווי אַזוי האָט יעזוס, וואָס האָט געלעבט אויף דער ערד און איז געווען אַ געשאַף פון מאַטעריע און גייסט, געקענט זיין דער זון פון גאָט, וואָס איז לויטער גייסט, און ווי אַזוי האָט ער אַליין גאָר געקענט אַפילו משיג זיין אָט־די גאָטהייט?

אָבער מיט זיין גאַנצער קריסטלעכקייט האָט זיין לערע ניט געקענט געפעלן די גלחים. דאָך האָט מען אים געשאַנעוועט און ניט גערודפט (אַ ביסל האָט מען אים יאָ פאַרפאָלגט) צוליב דעם וואָס ער איז כל ימיו געווען אַ קראַנקער מענטש און קוים וואָס ער האָט זיך געהאַלטן. ער האָט געלעבט אין האָלאַנד און ווען ער איז אַלט געוואָרן 54 יאָר, האָט די שוועדישע קעניגין קריסטיאַנאַ אים איינגעלאַדן צו קומען קיין שוועדן. ער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג, אָבער ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן דעם דאָרטיקן קאַלטן קלימאַט און אין אַ פּאָר וואָכן נאָכן קומען צוריק קיין האָלאַנד, האָט ער אָנגעהויבן צו קרענקען און ניט לאַנג נאָכדעם, איינמאָל ביינאַכט צוגעמאַכט זיינע אויגן אויף אייביק.

דעקאַרט האָט באַאיינפלוסט פיל פון די גייסטער פון זיין צייט. באַזונדערס שפינאָזאַן, אָבער אויף וואָס פאַר אַן אופן וועלן מיר באַלד זען. מיר וועלן דעריבער איצט רעדן וועגן דעם צווייטן גרויסן גייסט פון יענער צייט — ברוך שפינאָזאַ.

* * *

עס איז מערקווירדיק ווי ביידע, דער רבי און דער תלמיד, זיינען געווען זייער ענלעך אין פיל זאַכן. אַזוי, למשל, איז דעקאַרט געווען אַ קריסט וואָס האָט ניט פיל געהאַלטן פון דער קריסטלעכער רעליגיע; זיין תלמיד, ברוך שפינאָזאַ, איז געווען ווידער אַ ייד, וואָס האָט אויך ניט פיל געהאַלטן פון דער יידישער רעליגיע; דעקאַרט האָט געפירט אַן איינזאַם לעבן, פונקט אַזוי האָט אויך געטאָן שפינאָזאַ און ביידע האָבן

פֿיל געקרענקט אין זייער לעבן. אָבער דאָך האָט עס ניט געבראַכט דערצו צו דאַרפֿן אָנקומען צו עמיצן.

ווען דער קעניג לואי דער פערצנטער האָט געוואָלט זיך מאַכן אַ גוטן נאָמען און גענומען אונטערקויפֿן שרייבער און דענקער, אַז זיי זאָלן שרייבן גוטס וועגן אים, האָט ער אויך צווישן אַנדערע פּרובירט אונטערקויפֿן שפּינאָזאַן און האָט אים געלאָזט וויסן אַז אויב ער וועט אָנשרייבן וועגן אים אַ גוט בוך, וועט ער באַשטימען פֿאַר אים אַ פּענסיע אויף זיין גאַנץ לעבן. שפּינאָזאַ איז אָבער ניט געווען דער מענטש, וועלכן מען קען אונטערקויפֿן. ער האָט דעריבער געהייסן זאָגן דעם קעניג, אַז ער איז אים מוחל די פּענסיע און אַז ער וועט וועגן אים קיין בוך ניט שרייבן.

אַן אַנדער מאָל, ווען דער נאָמען פֿון שפּינאָזאַן איז שוין געווען זייער פּאָפּולער, האָט ער געקראָגן אַן איינלאַדונג פֿון פּרינץ קאַרל לודוויג פֿון דייטשלאַנד צו ווערן פּראָפֿעסאָר פֿון פֿילאָזאָפֿיע אין היידעלבערגער אוניווערסיטעט. דערביי איז אים געשטעלט געוואָרן נאָר איין באַדינג, נעמלעך, אַז ער זאָל ניט קריטיקירן די רעליגיע פֿון לאַנד. אויך דעם פֿאָרשלאָג האָט שפּינאָזאַ ניט געוואָלט אָננעמען דערקלערנדיק, אַז דאָס וועט נאָר באַגרענעצן זיין דענקען און אַז דאָס וויל ער ניט.

אַזוי האָט שפּינאָזאַ אויך ניט געוואָלט קיין שום גמילת־חסד פֿון זיינע פֿריינד און ער האָט בעסער אונטערגעהונגערט. עס זיינען געווען טעג, ווען ער האָט ניט מער געגעסן ווי אַ טעלער זופּ אָדער אַ גלאָז מילך מיט אַ זעמעלע. קיין וואונדער ניט, אַז ער האָט נאָך גאָר יונג געקראָגן שווינדזוכט, אָבער ער האָט זיין קאָפּ פֿאַר קיינעם ניט געבויגן.

שפּינאָזאַ האָט געהאַט אַ קליינעם איינקונפֿט פֿון אַ שטיקל ירושה וואָס זיין פֿאָטער האָט אים איבערגעלאָזן, דערצו האָט ער זיך אויסגע־לערנט צו שלייפֿן גלעזער און פֿלעגט אַרבעטן דערביי עטלעכע טעג אין וואָך.

* * *

די לעבנס־געשיכטע פֿון שפּינאָזאַן איז ענלעך שטאַרק צו אַלע גרויסע גייסטער פֿון זיין צייט. אויך ער איז אין די יונגע יאָרן געווען אַ רעוואָלוציאָנער קעגן רעליגיע און איז אַרויסגעטראָטן קעגן דער יידישער רעליגיע, פּונקט אַזוי ווי אַלע זיינע גייסטרייכע צייט־קאָלעגן זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דער קריסטלעכער רעליגיע און ער איז אויך אַזוי ווי זיי אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון יידנטום דורך די פֿירער פֿון דער יידישער רעליגיע.

ברוך שפינאָזאָס עלטערן זיינען געקומען קיין אַמסטערדאַם פון שפּאַניע, פון וואַנען זיי זיינען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון אַ שטעטל מיטן נאָמען „שפינאָזאַ" און דאָרטן אָנגענומען אַט־דעם נאָמען. זיין פאָטער האָט געהייסן מיכאל דע שפינאָזאַ. ער איז געווען אַ שטיקל בן־תורה און ניט צו פיל פאַרמעגלעך.

ברוך שפינאָזאַ איז געבוירן געוואָרן דעם 24־טן נאָוועמבער, 1632, אין דער שטאָט אַמסטערדאַם. נאָך אַלס קינד האָט מען געזען, אַז ער וואַקסט אַ גרויסער גייסט. ער איז צו 7 יאָר געוואָרן באַקאַנט אַלס „עילוי" און אַלס איינער פון די בעסטע תלמידים פון דער ישיבה „עץ־חיים". אין יענער צייט איז זיין מוטער געשטאָרבן און זיין פאָטער האָט חתונה געהאַט מיט אַן אַנדערער פרוי פון וואָס ער איז ניט געווען איבעריק צופרידן. ברוך איז געווען אַ שטיל יינגל, אַ שווייגנדיקער, און דאָס וואָס ער האָט איצט געקראָגן אַ שטיף־מוטער האָט נאָך באַזונדערס געווירקט אויף אים, אַז ער זאָל ווערן איינגעשלאָסן אין זיך. ווען ער איז אַלט געווען 23 יאָר, איז זיין פאָטער געשטאָרבן. ער האָט געהאַט אַן עלטערע שוועס־טער, וועלכע האָט נאָכן פאָטערס טויט געוואָלט צונעמען די גאַנצע ירושה. עס איז פאָרגעקומען א שטיקל קאַמף, וואָס איז אַפילו דערפירט געוואָרן ביז צום געריכט. ברוך האָט געוואונען, אָבער ער האָט דאָך באַשלאָסן צו לאָזן פאַר זיך נאָר אַ קליינעם טייל, פיל ווייניקער ווי עס איז אים געקומען, און דאָס איבעריקע געגעבן זיין שוועסטער.

ברוך האָט נאָכן ענדיקן די ישיבה ווייטער געלערנט לאַטיין און גריכיש, האָלענדיש און וויסנשאַפטלעכע לימודים. לאַטיין האָט ער גע־לערנט ביי דעם גרויסן געלערנטן פראַנץ וואַן דען ענדע, וועלכער איז געווען אַ רעוואָלוציאָנערער גייסט און האָט אָפּגעלאַכט פון רעליגיע. דאָס האָט געהאַט אַ ווירקונג אויפן יונגן שפינאָזאַ, אָבער ווי עס זעט אויס, האָט שפינאָזאַ ניט גערעדט וועגן דעם צו קיינעם און איז אויך ניט אַרויסגע־טראָטן עפנטלעך קעגן דער יידישער רעליגיע.

אָבער שוין מיט אַ יאָר שפּעטער האָט די יידישע קהילה אין אַמסטערדאַם אים אויסגעשלאָסן פון אירע רייען, דורך אַ חרם, פונקט אַזוי ווי עס האָט געטאָן אין יענער צייט די היעראַרכיע פון וואַטיקאַן.

* * *

די ערשטע אַרבעט פון שפינאָזאָן איז געווען אַ קליין ווערק וועגן דעקאַרטס שיטה. דאָס איז געווען אַ מין האַנט־בוך פאַר סטודענטן. אין דעם בוך (אָדער ביכל) רעדט ער אַרום דעקאַרטס הנחות און ווייזט אָן ווי

אַזוי ער, דעקאַרט, קומט פון איין הנחה צו דער אַנדערער. עס איז אָבער אין דעם ווערק גאָר ניטאָ וואָס זאָל אַרויסרופן אַ פּאַרדאַכט, אַז ער איז קעגן דער יידישער רעליגיע.

די ערשטע אייגענע אַרבעט וועגן זיין שיטה אין פילאָזאָפיע איז דאָס ווערק „טעאָלאָגיש-פּאָליטישער טראַקטאַט״. דאָס איז שוין אַן אַרבעט וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דער יידישער וועלט און ניט ווייניק אויך אין דער קריסטלעכער, ווייל אין דעם ווערק טרעט שפּינאָזאַ אַרויס שאַרף קעגן רעליגיע בכלל. מיר זעען דעריבער, אַז אויסער דעם יידישן חרם האָט ער באַגעגנט אויך אַ שטורעם מצד די גלחים, וועלכע זיינען אַרויסגעטרעטן אָפן, אַז מען זאָל דאָס בוך ניט פאַרקויפן. צוליב דעם האָט שפּינאָזא באַשלאָסן קיין ביכער מער ניט אַרויסצוגעבן. זיין ווערק „עטיק״ איז דערשינען ערשט נאָך זיין טויט און איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך זיינע פריינד.

אין דעם ווערק „טעאָלאָגיש-פּאָליטישער טראַקטאַט״ (אויף לאַטיין „טראַקטאַטוס טהעאָלאָגיקאַ פּאָליטיקוס״) רעדט שפּינאָזאַ צום ערשטן דערפון, אַז פילאָזאָפיע שאַדט ניט צום גלויבן. אַ מענטש וואָס גלויבט אין גאָט און בכלל אין רעליגיע קען ניט אַראָפּגעפירט ווערן פון וועג דורך פאַרנעמען זיך מיט פילאָזאָפיע. פאַרקערט נאָך, עס איז בעסער. די, וואָס האָבן מורא צו פאַרנעמען זיך מיט פילאָזאָפיע, זעען ניט דעם ריינעם אמת און קענען ניט האָבן די אמתע אויפריכטיקע גאָטס-פאַרכטיקייט. שפּינאָזאַ דערקלערט איצט, אַז נאָר דעמאָלט ווען מען גיט זיך אָפּ מיט אָט די ענינים, דאָס הייסט, מיט פילאָזאָפיע, קען מען אויסגעפינען דעם אמתן וועג צו גאָט און אַז „גאָט לעבט אין אונדז״, דערמיט וואָס מיר זעען, אַז ער האָט פון זיין גייסט אַרויסגעשטראַלט צו אונדז דאָס העכערע דענקען.

איצט פרעגט שפּינאָזאַ, פון וואַנען קומט עס וואָס מענטשן גלויבן אין נאַרישע באַגריפן און האָבן פיל אָבערגלויבנס. פון וואַנען נעמט זיך דאָס? — און ער ענטפערט, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל דער מענטש פילט זיך ניט זיכער אויף דער וועלט. ער ווערט כסדר געוואָרפן פון שרעק צו האָפענונג, פון גלויבן צום ניט-גלויבן, פון רואיקייט צו מלחמות, און דעריבער ווענדעט ער זיך אַ מאָל צו מיסטישע כוחות, ווי צו כישוף און דעסגלייכן, און דערפאַר זעען מיר אַז יעדע רעליגיע האָט צוזאַמען מיט קלוגע רייד אויך אַ געוויסע צאָל פון אָבערגלויבנס.

איצט טרעט שפּינאָזאַ אַרויס קעגן רעליגיע בכלל און ווייזט אויף, אַז די פירער פון יעדער רעליגיע, בלאָנדזשען אַליין אַרום, און אַנשטאָט

אַז זיי זאָלן ווייזן די מאַסן אַ וועג אין לעבן, לערנען זיי מיט זיי גאָר ניט־וויכטיקע זאַכן. „זיי רעדן הויך וועגן דער ביבל, אָבער זיי נעמען זיך ניט די מי צו פאַרשטיין די ביבל און דאָס צו זאָגן צום פאָלק". ווייטער רעדט ער דערפון וואָס די פירער פון די רעליגיעס פירן אַן קאַמפן צווישן זיך און באַשולדיקן איינער דעם אַנדערן, אַז זיי פאַרשטייען ניט די אמתע געדאַנקען פון די גרינדער פון דער רעליגיע און יעדער איינער פון די דאָזיקע פירער זאָגט, אַז נאָר ביי אים איז דער אמת. מיט די ווערטער האָט ער געמיינט די קאַמפן פון די קאַטאָליקן מיט די פראָטעס־טאַנטן און אַזוי אויך די קאַמפן וואָס זיינען שוין דעמאָלט פאָרגעקומען צווישן די פראָטעסטאַנטן גופא, וועגן פאַרשידענע דאָגמעס פון דער קריסטלעכער רעליגיע.

* * *

אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען פון זיין בוך גייט איבער שפּינאָזאַ צו רעדן וועגן גאָט און מענטש בכלל, און אויפן גרונד פון דעקאַרטס הנחות באַהאַנדלט ער די גאַנצע מעשי־בראשית און ווי אַזוי מיר דאַרפן פאַרשטיין דעם באַגריף גאָט. און אָט דאָ קומט ער צו דער קבלהישער אויסטייטשונג פון די ווערטער פון פּסוק „ויקרא לו אל עולם — מפּני שאל הוא עולם ועולם הוא אל" (גאָט איז די וועלט און די וועלט איז גאָט). גאָט, זאָגט שפּינאָזאַ, איז אין אַלעמען און אַלץ איז גאָט. ער איז דער גרויסער, דער אַלמעכטיקער, וואָס האָט געשאַפן די וועלט און די שאַפונג שטעלט מיט זיך פאָר זיין געטלעכקייט. וואו מיר קוקן אין דער וועלט און וואָס מיר זעען אַרום אונדז איז פון גאָט, ווייל אָן אים איז גאָר ניט מעגלעך, אָבער אַזוי ווי אַלץ איז פון גאָט אַזוי איז אויך אַלץ גאָט, סיי דער חומר (שטאָף) און סיי דער שכל (גייסט), ווייל שטאָף און גייסט זיינען פאַר אים איין זאַך. אָבער מיר קענען ניט, מיט אונדזער באַגרע־נעצטן שכל, פאַרשטיין גאָט, ווייל גאָט איז ניט באַגרענעצט.

דעריבער אַזוי ווי אַלץ איז פון גאָט און אַלץ איז גאָט, איז דער־פאַר זיין ווילן דאָ אומעטום, און דער ווילן פון מענטש איז קעגן אים גאָרניט. דער ווילן פון גאָט איז דאָס געזעץ פון דער נאַטור, און דעריבער איז אַלץ וואָס געשעט אויף אונדזער ערד און מיט די מענטשן אויף איר, נאָר אַן אויסדרוק פון זיין ווילן, פון ווילן פון גאָט. דאָס מיינט, אַז דער מענטש האָט ניט קיין פרייען ווילן. עס קען זיך אים נאָר אויסדוכטן אַז ער האָט, אָבער אין דער אמתן איז עס בלויז דער ווילן פון גאָט. מיט אַנדערע ווערטער: אַלץ וואָס דער מענטש טוט איז לויט דעם ווילן

פון דער נאַטור, וואָס איז די גאָטלעכקייט און לויט אירע געזעצן. דעריבער איז ניטאָ פון וואָס צו וויינען און פון וואָס צו לאַכן; אַפּילו מלחמות זיינען ניט דער ווילן פון מענטש. עס איז ניט געווען דער ווילן פון אַלעקסאַנדער מוקדון וואָס האָט געטריבן טויזנטער מענטשן צום שלאַכט־פעלד און צום טויט, נאָר דער העכערער ווילן, דער ווילן פון גאָט.

יאָ, מיר ווייסן וואָס מיר טוען, מיר פּלאַנען אַלצדינג, אָבער מיר ווערן דאָך דערביי געפירט פון אַ ניט־זעבאַרן כוח, וואָס זאָגט אונדז אונטער אַלץ וואָס צו טאָן און וואָס ניט צו טאָן. דעריבער קומט, לויט שפּינאָזאָן אויס, אַז אַ זינדיקער איז ניט שולדיק, אַ מערדער האָט ניט געטאָן וואָס ער האָט געטאָן, לויט זיין אייגענעם ווילן. דעריבער דאַרף מען ניט באַשטראָפן דעם פאַרברעכער, נאָר אים בלויז באַזייטיקן פון דער געזעלשאַפט, ער זאָל ניט קענען טאָן מער קיין שלעכטס (אויב אַזוי, קען מען דאָך פרעגן: ווי איז, אויב עס וועט זיין גאָטס ווילן, אַז אָט דער מערדער זאָל ווייטער מאָרדן אַנדערע מענטשן, וועט דען העלפן זיין באַזייטיקונג? קען מען דען אַנטלויפן פון גאָטס האַנט?).

דאָס איז שפּינאָזאָס פילאָזאָפיע, וואָס ווערט באַצייכנט אַלס „דע־טערמיניזם״, דאָס הייסט, זי זאָגט, אַז אַלץ איז באַשטימט פריער אויס פון הימל. נאַטירלעך איז דאָס קעגן דער יידישער רעליגיע, ווי בכלל קעגן יעדער רעליגיע, וועלכע לערנט, אַז אַ מענטש האָט אַ פרייען ווילן און נאָר אַזוי אַרום קען מען זאָגן, אַז דער, וואָס טוט גוטס, איז אַ צדיק און ווער עס טוט ניט קיין גוטס, איז אַ רשע. וואָרום ווען אַלץ איז באַשטימט פון פריער אויס, איז דאָך ניטאָ מער קיין צדיק און קיין רשע.

ברוך שפּינאָזא איז געשטאָרבן דעם 22־טן פעברואַר, 1677, אין אַ זונטאָג, ווען די מענטשן ביי וועלכע ער האָט געוואוינט, זיינען געגאַנגען אין קירך. ער איז באַגראָבן געוואָרן אויף אַ קריסטלעכן בית־עולם אין האַאַג. ער איז אינגאַנצן דעמאָלט אַלט געווען 44 יאָר.

## 73. רענעסאַנס אין וויסנשאַפט: קאָפּערניק און גאַלילײ

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע עפּאָכע אויף פיל געביטן. — גרויסע גייסטער באַווייזן זיך אין פיל לענדער, וועלכע מאַכן גרויסע אַנטדעקונגען. — די קירך אין רוים שטייט אָבער אויף דער וואַך און וויל ניט דערלאָזן צו קיין פּראָגרעס פון מענטשלעכן געדאַנק. — דער טויט וואָס האָט אויסגעלייזט קאָפּערניקן פון פיל צרות. — די ליידן פון גאַלילײ. — ווער איז געווען דער גרויסער דאָקטאָר וועסאַליוס?

אין דער עפּאָכע פון רענעסאַנס איז אויך פאָרגעקומען אַן אויפלעבונג אויפן געביט פון וויסנשאַפט אויף אַן אופן, וואָס די וועלט האָט ניט געזען זייט דער צייט פון די גריכישע פילאָזאָפן און דענקער. איינער נאָכן אַנדערן זיינען אויפגעשטאַנען גרויסע גייסטער, וועלכע האָבן געמאַכט וויכטיקע ביישטייערונגען צום קולטור־אוצר פון דער מענטשהייט, און דאָס ניט דורך סכאָלאַסטישן דענקען; ניט אויפן געביט פון פילאָזאָפיע און גאָט־זוכעניש, וואו אַלץ איז נאָר ספּעקולאַטיוו און באַשטייט אַממערסטנס פון היפּאָטעזן און בויך־סברות, נאָר טאַקע אויפן געביט פון ריינער וויסנשאַפט, וואו אַלץ מוז גענוי באַוויזן ווערן. עס זיינען אויפגעשטאַנען גרויסע געלערנטע אויפן געביט פון אַסטראָנאָמיע, ווי למשל, קאָפּערניק, גאַלילײ און קעפּלער; אויפן געביט פון מעדיצין און אַנאַטאָמיע, ווי וועסאַליוס (אַ פלעמישער בירגער וואָס האָט שטודירט אין איטאַליע) און דער ענגלישער בירגער האַרוועי.

* * *

ניקאָלאַי קאָפּערניק איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1473 אַלס אַ זון פון רייכע פּוילישע עלטערן, אין טאָרן, וואָס איז געוואָרן שפּעטער אַ טייל פון פּוילן וואָס פּרייסן האָט געהאַט צוגענומען (אָבער זייט 1920 איז עס צוריק געוואָרן פּוילן). קאָפּערניקס פאָטער האָט געשטאַמט פון קראָקע. ער איז אָבער געשטאָרבן יונג און ניקאָלאַי איז דעמאָלט אַלט געווען ניט מער ווי צען יאָר. נאָכן פאָטערס טויט קומט ער אַריין אין הויז פון זיין פעטער לוקאַס וואַצעלראָד, וועלכער ווערט זיין אַפּיעקון. דער פעטער האָט אים געשיקט שטודירן קיין איטאַליע, כדי צו ווערן אַ גייסטלעכער, אָבער קאָפּערניק האָט עס ניט געוואָלט. אים האָט געצויגן בעסער צו

ריינער וויסנשאַפט, הויפטזעכלעך צו אַסטראָנאָמיע. ער האָט דעריבער ניט געקענט אָפּגעבן זיך אינגאַנצן דעם געביט פון וויסנשאַפט, צוליב דעם וואָס זיין פעטער איז געווען קעגן דעם און ער האָט שטודירט מעדיצין אין דעם אוניווערסיטעט פון פּאַדוא. ער האָט זיך איצט אָפּגעזאָגט פון צו ווערן אַ גלח און ער האָט געענדיקט אַלס דאָקטאָר פון מעדיצין. שפּעטער איז ער געוואָרן דער דאָקטאָר פון זיין רייכן פעטער און זיך אויך אָפּ־געגעבן מיט העלפן די אָרעמע, וואָס קענען ניט באַצאָלן. נאָך זיין פעטערס טויט אין יאָר 1512 איז ער געוואָרן זיין יורש און האָט אַריינ־געקראָגן אַ דיזיקע סומע געלט וואָס עס האָט אים געמאַכט מעגלעך צו שטודירן אַסטראָנאָמיע און צו מאַכן זיינע באָאָבאַכטונגען. ערשט איצט האָט ער זיך גענומען צו שרייבן זיין בוך (אויף לאַטיין) וועגן גאַנג פון דער זון, אונטערן נאָמען „דע רעוואָלוציאָניבוס״. אין דעם בוך האָט ער צום ערשטן מאָל אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז עס איז ניט אמת דאָס, וואָס מיר דענקען, אַז די זון גייט אויף אין מזרח און גייט אונטער אין מערב, נאָר פּונקט פאַרקערט; די ערד דרייט זיך אַרום דער זון צוזאַמען מיט פיל אַנדערע פּלאַנעטן. ווען דאָס בוך איז שוין געווען פאַרטיק, האָט ער עס מורא געהאַט צו דרוקן צוליב דעם וואָס די קירך וועט אים באַטראַכטן פאַר אַן אַפּיקורס. דאָך האָט אַ גרופּע פריינד באַשלאָסן צו דרוקן דאָס בוך, ווען ער איז שוין געווען נאָענט צו 70 יאָר, און אַזוי איז געשען, אַז די ערשטע קאָפּיע פון בוך איז אים דערלאַנגט געוואָרן ווען ער איז שוין געלעגן אויפן טויטן־בעט (אין עלטער פון 70 יאָר) אין יאָר 1543. עס קען גאַנץ מעגלעך זיין, אַז דער טויט האָט אים דאָס מאָל אויסגעלייזט פון פיל צרות וואָס האָבן אים געקענט דערוואַרטן פון דער קירך, ווייל ווי נאָר ער איז געשטאָרבן, איז געוואָרן אַ שרעקלעכער שטורעם וועגן דעם בוך אין כמעט אַלע קרייזן פון דער געזעלשאַפט אין אייראָפּע. עס האָבן געשטורעמט די אוניווערסיטעטן מיט זייערע געלערנטע און באַשולדיקט קאָפּערניקן, אַז ער האָט געוואָגט אונטער־צוגראָבן דעם גאַנצן בנין פון דער וויסנשאַפט אין יענער צייט, וועלכער איז געווען געבויט אויף דער הנחה, אַז די ערד שטייט און די זון דרייט זיך אַרום איר. עס האָבן באַזונדערס פּראָטעסטירט די גלחים און אַלע וואָס האָבן צו טאָן מיט טעאָלאָגיע. זיי האָבן געטענהט, אַז די נייע שיטה איז קעגן דעם וואָס עס שטייט געשריבן אין דער ביבל. אָבער אַפילו דער מענטש פון דער גאַס איז דעמאָלט אויך געווען קעגן דעם, ווייל ער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז די ערד באַוועגט זיך מיט אַלעם וואָס עס איז דאָ אויף איר; אז אין אַ געוויסער צייט זיינען מיר אויבן און אין אַן

אַנדערער צייט — אונטן. עס האָבן זיך גלייך דעמאָלט געפונען אַזעלכע וואָס האָבן אָנגעשריבן גאַנצע ביכער קעגן קאָפּערניקס שיטה. אָבער דאָך ביסלעכווייז און איינציקווייז איז די וויסנשאַפטלעכע וועלט געקומען צו דער דערקענטעניש, אַז קאָפּערניק איז גערעכט, און איינער נאָכן אַנדערן האָבן אין דער וועלט פון וויסנשאַפט אָנגעהויבן צו האַלטן שטאַרק פון דער שיטה.

איינער פון די דאָזיקע געלערנטע איז געווען אַן איטאַליענישער וויסנשאַפטס־מאַן מיטן נאָמען גאַלילעאָ גאַליליי. אָבער אים איז דאָס גלויבן אין דער ריכטיקייט פון קאָפּערניקס אידעע שוין ניט אַריבער אַזוי פּשוט.

* * *

גאַלילעאָ גאַליליי איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1546. ער ווערט פאַררעכנט פאַר איינעם פון די הויפּט־גרינדער פון דער נייער אַסטראָנאָמישער וויסנשאַפט און אויך אַלס איינער פון די גרויסע פיזיקער. ער שטאַמט פון דער שטאָט פּיזאַ (איטאַליע). וואו ער האָט אויך שטודירט אין דעם דאָרטיקן אוניווערסיטעט. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און ער האָט געקראָגן אַ נאָמען אַלס אַ גרויסער געלערנטער אין פיל געביטן, איבערהויפּט אין אַסטראָנאָמיע און פיזיק. ער ווערט פּראָפעסאָר פון דעם אוניווערסיטעט פון פּיזאַ. נאָך אַלס יונגער מענטש קומט ער אַרויס מיט אַ נייער טעאָריע, אַז אַ זאַך וואָס פאַלט אַראָפּ, ווי גרויס אָדער ווי קליין עס זאָל ניט זיין, פאַלט עס אַלעמאָל אויף אַ גלייכן אופן. דאָס הייסט, מיט דער זעלבער מאָס פון קראַפט. ווען זיינע קאָלעגן אין אוניווערסיטעט זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן דעם, האָט ער זיי באַוויזן די ריכטיקייט פון זיין טעאָריע, דורך אַראָפּוואַרפן געוויסע זאַכן פון דעם קרומען טורעם פון פּיזאַ (אַזאַ טורעם, וואָס שטייט קרומלעך, אָבער דאָך פעסט). כאָטש ער האָט באַוויזן, אַז ער איז גערעכט, האָבן זיינע שונאים ניט גערוט, ביז זיי האָבן אויסגעפירט, אַז מען זאָל אים אָפּזאָגן אַלס פּראָפעסאָר פון דעם אוניווערסיטעט פון פּיזאַ.

עס געדויערט ניט לאַנג און ער ווערט פּראָפעסאָר אין דעם אוניווערסיטעט פון פּאַדואַ, און זיינע לעקציעס ציען צו אַ גרויסן עולם פון סטודענטן. גאַלילעאָ האָט איצט געמאַכט אַ גאַנצע ריי פון עקספּעריִמענטן, וועלכע האָבן אים באַוויזן, אַז קאָפּערניקס שיטה וועגן דער זון איז ריכטיק. ער געפינט אויך אויס, אַז די לבנה האָט ניט קיין אייגן ליכט, נאָר קריגט איר ליכט פון די רעפלעקסיעס פון דער זון אויף דער ערד און אַז אויף איר געפינען זיך בערג און טאָלן. אַ ווייטערדיקע אַנט־

דעקונג איז געווען אַז דער מילך־וועג אין הימל איז אָנגעפילט מיט מיליאָנען
מיליאַסן שטערן און אַז דער שטערן יופיטער האָט פיר לבנות וואָס
באַגלייטן אים. גאַלילעאָ איז אויך געווען דער ערשטער וואָס האָט אַנט־
דעקט פלעקן אויף דער זון, און דערקלערט, אַז דאָס קומט פון די
אויפרייסן פון גאַזן וואָס עס קומען דאָרטן פאָר. אַזוי האָט ער אויך
געמאַכט נאָך פיל אַנדערע אַנטדעקונגען.

אין יאָר 1611 האָט גאַלילײ באַזוכט רוים און איז דאָרטן גוט
אויפגענומען געוואָרן, אָבער די קירך, האָט פון אים פאַרלאַנגט, אַז ער
זאָל מער ניט פּרעדיקן, אַז די ערד דרייט זיך אַרום דער זון, די אידעע
וואָס ער האָט אויספירלעך פאַרטיידיקט אין זיינעם אַ בוך. ער האָט אָבער
ניט געוואָלט דאָס נאָכגעבן. מען האָט דעריבער געגעבן דאָס בוך צו
אַ קאָמיטעט פון גלחים וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט צענזורירן ביכער.
דעם קאָמיטעט איז דאָס בוך ניט געפעלן און זיי האָבן דאָס איבער־
געגעבן צום פּויפּסט לעאָ דעם פינפטן. דער פּויפּסט האָט גערופן צו זיך
גאַליליייען און פון אים פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל אים צוזאָגן, אַז ער וועט
מער וועגן דער אידעע ניט רעדן. אָבער מיט אַ צייט שפּעטער האָט
גאַלילײ ווידער פאַרעפנטלעכט אַ בוך, וואו ער האָט פאַרטיידיקט די
אידעע. דעמאָלט איז שוין געזעסן אויף דעם הייליקן פּעטערס שטול אין
וואַטיקאַן דער פּויפּסט אורבאַן דער אַכטער. איינער פון פּויפּסטס פריינד
האָט אים איינגערעדט, אַז גאַלילײ לאַכט־אָפּ פון אים אין זיין נייעם
בוך. גאַלילײ איז שוין דעמאָלט געווען אַן אַלטער מאַן פון 78 יאָר מיט
אַ גרויסן נאָמען אין דער וויסנשאַפטלעכער וועלט. אָבער דאָס האָט ניט
אָפּגעשטעלט דעם פּויפּסט צו הייסן דער אינקוויזיציע רופן אים צו
אַ משפּט. ער איז באַלד געוואָרן אַרעסטירט און מען האָט אים געהאַלטן
אין געפענגעניש ביז צום פּראָצעס. ביים משפט האָט מען פון אים פאַר־
לאַנגט, אַז ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון געדאַנק, אַז די ערד דרייט זיך אַרום
דער זון. דערויף האָט גאַלילײ געענטפערט: „אָט אין דער מינוט האָט
זיך די ערד געדרייט אַרום דער זון״.

גאַלילײ איז דאַן געבליבן אונטער דער אויפזיכט פון דער אינקווי־
זיציע אַ שטיקל צייט. שפּעטער האָט מען אים געשטעלט אונטער דער
השגחה פון אַרציבישאָף פּיאָקלאָמיני, וועלכער איז געווען זיינער אַ
פריינד. דאָרטן האָט ער פאַרבראַכט עטלעכע מאָנאַטן אונטער דעם גייסט־
לעכנס אויפזיכט, אָבער שפּעטער איז ער געפאָרן קיין פלאָרענץ, וואו ער
האָט פאַרבראַכט זיינע לעצטע טעג. ער איז אין טיפן עלטער בלינד
געוואָרן און האָט מער ניט געקענט זען גאָטס וועלט. גאַלילײ האָט קיינמאָל

ניט חתונה געהאַט, אָבער מיט אַ געליבטער האָט ער געהאַט דריי קינדער: אַ זון און צוויי טעכטער. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1642. אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן האָט ער געשאַפן דעם טעלעסקאָפּ, מיט וועלכן עס באַנוצן זיך עד היום אַלע אַסטראָנאָמען אין דער גאַנצער וועלט.

און אַזוי זעען מיר אויך ווייטער אין יענער תקופה, ווי עס קומט נאָך אַ זשעני וואָס האָט אויפגעטאָן פיל פאַר דער וויסנשאַפט. דאָס איז געווען דער דייטשער געלערנטער יאָהאַן קעפּלער, וועלכער איז נאָך אין זיינע סטודענטישע יאָרן געווען אַ שטאַרקער אָנהענגער פון קאָפּערניקס טעאָריע. צו 23 יאָר איז שוין קעפּלער געווען אַ באַרימטער אַסטראָנאָם און האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם אָרט אַלס פּראָפעסאָר אין גראַצער אוניווערסיטעט. אין יענער צייט, נאָך איידער ער איז אַלט געוואָרן 25 יאָר, האָט ער שוין געהאַט אָנגעשריבן זיין באַרימט ווערק (אויף לאַטיין) „מיסטעריום קאָסמאָגראַפיקום", וואָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטע־רעס אין דער געלערנטער וועלט. ער איז געקומען אין פאַרבינדונג מיט גאַליליייען און מיט נאָך אַ גרויסן אַסטראָנאָם פון יענער צייט טיכאָ בראַהע, פּראָפעסאָר אין פּראַגער אוניווערסיטעט. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז ער געוואָרן בראַהעס אַסיסטענט. נאָך בראַהעס טויט האָט קעפּלער פאַרנומען זיין אָרט אַלס קעניגלעכער מאַטעמאַטיקער אין הויף פון רודאָלף דעם צווייטן. דאָרט האָט ער פאַרעפנטלעכט טיכאָ בראַהעס ווערק און זיינע אויסרעכענונגען וועגן דעם גאַנג פון מאַרס. אין יענעם בוך האָט ער אויך פאַרעפנטלעכט עטלעכע פון זיינע אייגענע מעסטונגען און אויך אייניקע פעסטשטעלונגען, וועלכע זיינען באַלד אָנגענומען געוואָרן און ווערן אָנגערופן עד היום „קעפּלערס געזעצן". זיי האָבן אַ שייכות צו דער באַ־וועגונג פון די פּלאַנעטן. די דאָזיקע מעסטונגען האָבן שפּעטער געפירט צו דער אַנטדעקונג פון געזעץ וועגן גראַוויטאַציע פון דער ערד.

און אויך אויפן געביט פון מעדיצין האָט זיך דעמאָלט עפּעס אַ ריר געטאָן, נאָכדעם ווי עס זיינען אַריבער הונדערטער יאָרן אָן שום ענדע־רונג אויפן געביט פון היילונג. ביז יענער צייט האָבן די דאָקטוירים ממש געבלאָנדזשעט, ווען עס איז געקומען צו אַ באַטראַכטונג פון די אברים פון מענטש, איבערהויפּט פון די אינערלעכע טיילן. עס איז מערקווירדיק, אָבער דאָך אַ פאַקט, אַז ביז יענער צייט האָבן די דאָקטוירים געוואוסט זייער ווייניק וועגן אַנאַטאָמיע. דאָס הייסט וועגן געבוי פון מענטש, ווי וועגן זיין אָדערן און נערוון־סיסטעם. עס איז דעריבער אויסגעקומען, אַז די גאַנצע היילונג איז באַשטאַנען פון אַ מין טרעפן, ווייל געניי ווי אַזוי אַ מענטש איז געבויט האָט מען ניט געוואוסט.

עס איז דעריבער געווען אַ גרויסע דערגרייכונג ווען עס איז געקומען דער פלעמישער דאָקטאָר וועסאַליוס, וועלכער האָט שטודירט אין איטאַליענישע אוניווערסיטעטן און האָט נאָך יאָרן לאַנג פון זוכן און פאָרשן, פון פאַלמעסן און שניידן טויטע קערפּערס, פעסטגעשטעלט אַ גאַנץ גענויע שילדערונג פון מענטשלעכן קערפּער, פון אַלע אָדערן און נערוון, ווי אויך פון גאַנצן געבוי.

אַנדרעאַס וועסאַליוס איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1514 אין בריסל, אָבער ווען ער איז עלטער געוואָרן, האָט ער שטודירט אין די איטאַליענישע אוניווערסיטעטן מעדיצין, ווייל זיי זיינען געווען באַרימט אויף דעם געביט אין יענער צייט. שפּעטער איז ער באַשטימט געוואָרן צו זיין דער דאָקטאָר אין הויף פון טשאַרלס דעם פינפטן אין מאַדריד. אַלס דאָקטאָר פון קעניג, האָט ער זיך געוואונדערט וואָס מען האָט אים אין קיין שום פון די אוניווערסיטעטן ניט געלערנט אַנאַטאָמיע, צו וויסן ווי אַזוי דער מענטש איז געבויט. ער האָט דעריבער מורא געהאַט אַז ער זאָל מיט זיין אומוויסן פאַרשאַפן אומזיסטע ליידן צום קעניג און האָט זיך גענומען צו שאַפן אַ סיסטעם פון אַנאַטאָמיע, וואָס זאָל פעסטשטעלן גאַנץ גענוי וואָס אַזוינס דער מענטש שטעלט מיט זיך פאָר.

זייענדיק אינטערעסירט אויסצוגעפינען אַלץ וועגן מענטשלעכן קערפּער, האָט ער אַפילו געפאַלמעסט עטלעכע מענטשן, וועלכע זיינען געווען אויפן טויטן־בעט נאָך איידער זיי האָבן אויסגעהויכט זייער נשמה. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם קעגן אים מצד דער קירך, וועלכע האָט אים געוואָלט משפטן אַלס מערדער און אַלס אַכזר, וואָס האָט ניט קיין רחמנות אויף מענטשן. עס האָט אויך געהאַלטן דערביי, אַז מען זאָל אים איבערגעבן אין די הענט פון דער אינקוויזיציע, וועלכע וואָלט אים זיכער פאַרמשפּט צום טויט אויפן אוטאָ־דאַ־פע, אָבער דער קעניג האָט זיך אַריינגעמישט און אים אָפּגעראַטעוועט. ווי וועסאַליוס האָט דערקלערט, האָט דער באַרימטער דאָקטאָר גאַלען וועלכער האָט באַשריבן די אַנאַטאָמיע פון מענטש, ניט דורך פאַלמעסן מענטשן, נאָר בלויז חיות און עופות, געמאַכט פיל טעותן, ווייל מען קען ניט פאַרגלייכן דעם געבוי פון חיות צו מענטשן. יעדנפאַלס איז וועסאַליוס געווען דער ערשטער צו שאַפן אַן אמת־גרינטלעכע אַנאַטאָמיע פון מענטשלעכן קערפּער און זיינע אויס־מעסטונגען און פעסטשטעלונגען זיינען אָנגענומען ביז איצט. וועסאַליוס איז געשטאָרבן זייער יונג, אינגאַנצן אין עלטער פון 50 יאָר (אין יאָר 1564).

## 74. רענעסאַנס אין קונסט: ראַפאַעל, מיקעל אַנדזשעלאָ

פיר פון די גרעסטע גייסטער פון יענער צייט אויפן געביט פון מאַלעריי און סקולפּטור. — זיי זיינען באַרימט געוואָרן דורך זייער אַרבעט פאַרן וואַטיקאַן. — מיט זייער קונסט־אַרבעט האָט אָנגעפירט דער פּויפּסט יוליוס דער צווייטער, וועלכער איז געווען אַ גרויסער קונסט־ליבהאָבער.

אין דער גרויסער אויפלעבונגס־עפּאָכע, וועלכע ווערט אָנגערופן „רענעסאַנס" איז אויך פאָרגעקומען אַן אויפלעבונג אין דער קונסט. עס זיינען אויפגעקומען פיל גרויסע מאָלער און סקולפּטאָרן וואָס די וועלט האָט אַזעלכע ניט געזען זינט די צייטן פון דער גרויסער שאַפונגס־עפּאָכע אין גריכנלאַנד. עס זיינען מיטאַמאָל אַנטשטאַנען פיל קונסט־שולן אין איטאַליע, ווי די פלאָרענטינער שול; די קונסט־שול פון פּאַדואַ, די קונסט־שול פון ווענעס, און אַזוי אויך אין אַנדערע לענדער, ווי די האָלענדישע שול מיט רעמבראַנדטן בראש; די שפּאַנישע שול; די פלע־מישע און פיל אַנדערע. די גרעסטע קונסט־ווערק אָבער שטאַמען פון איטאַליע. די קונסט־שאַפונגען זיינען געווען אויף צוויי געביטן: מאָלעריי און סקולפּטור. געווען אַזעלכע וואָס זיינען געווען גרויס אין ביידע גע־ביטן. אַנדערע ווידער האָבן זיך אויסגעצייכנט בלויז אויף איין געביט, מאָלעריי אָדער סקולפּטור, ווי מיר וועלן עס שפּעטער זען.

עס שטעלט זיך די פראַגע: וואָס איז געשען אין יענער צייט אַזוינס וואָס עס האָט געבראַכט דערצו, אַז עס זאָלן זיך באַווייזן אַזוי פיל שטערן אויפן הימל פון קונסט? אָבער דאָס איז אַ פראַגע אויף וועלכער עס קען קיין שום מענטש ניט ענטפערן. מיר ווייסן ניט דעם גאַנג פון מענטש צו קענען זאָגן, ווען עס וועט קומען אַ זשעני און וואו. מיר ווייסן ערשט וועגן די גרויסע גייסטער וואָס עס זיינען געווען אין אַ געוויסער צייט. אַמאָל ווייסט מען נאָך ביי זייער לעבן ווער זיי זיינען, און אַמאָל כאַפּט מען זיך ערשט דערויף נאָך זייער טויט. עס טרעפט אַפילו אויך אַז עס געדויערט לאַנג, אַמאָל גאַנץ לאַנג ביז עס קומט עמיצער, וואָס מאַכט קלאָר פאַר אונדז, אַז עס האָט געלעבט אַ זשעני אין אַ געוויסער צייט און מיר האָבן ניט געוואוסט דערפון. עס טרעפט, אַז עס האָבן דאָס ניט געוואוסט, ניט די מענטשן פון זיין צייט און אויך ניט

דורות נאָך אים, ביז עס איז געקומען דער עמיצער, וואָס האָט דאָס אַנטדעקט.

אָט דאָס איז דער גרויסער צער פון דער וועלט. זי באַצאָלט זייער שלעכט צו אירע אויסגעוויילטע קינדער, זיי קומען אָפט אין געהיים און אַזוי אויך פאַרשוואונדן זיי, אָן צו געניסן פון אונדזער וועלט און אָן אפילו אַז מען זאָל וויסן, אַז זיי זיינען געוועזן, און ווער זיי זיינען געוועזן.

* * *

ראַפאַעל, דער גרעסטער קונסט־מאלער וואָס די וועלט האָט גע־האַט, האָט געלעבט אין יענער צייט. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1483 און איז געשטאָרבן אין יאָר 1520. דאָס מיינט, אַז ער האָט געלעבט אינ־גאַנצן 37 יאָר, אָבער אין דער קורצער צייט פון זיין לעבן אויף דער וועלט האָט ער געשאַפן איבער אַ הונדערט גרויסע ווערק אין בילדער, מיורעלס און פרעסקן (וואַסער־קאָלירן). ער האָט אין זיין קורצן לעבן געשאַפן אַ נייע וועלט פון קונסט. ער האָט אויך גרויס געמאַכט דעם וואַטיקאַן מיט זיינע בילדער, מיורעלס און פרעסקן. ער האָט אים געמאַכט פאַר אַ טעמפּל פון קונסט, וואוהין מען קומט פון דער גאַנצער וועלט צו זען די גרויסע שאַפונגען.

כאָטש ראַפאַעל האָט געלעבט זייער אַ קורצע צייט אויף אונדזער ערד, באַצייכנט מען דאָך זיינע שאַפונגען אַלס אַ פּראָדוקט פון דריי באַ־זונדערע צייטן. ראַפאַעל (אָדער ווי זיין פולער נאָמען איז געוועזן ראַפאַעל סאַנזיאָ), איז געוועזן אַ קינד פון דזשיאָוואַני סאַנטי, אַ פּאָעט און אַ מאָלער אין אורביינא (איטאַליע) און דערצו אַ קינד פון אַ לינקער ליבע. צו 16 יאָר, אין יאָר 1499, איז ער אָנגעקומען צו לערנען זיך מאָלעריי ביים גרויסן מאָלער פון יענער צייט, פּערוגיאָ. עס איז געווען ער, וועלכער האָט שוין דעמאָלט געהאָלפן פּערוגיאָן צו שאַפן זיין מייסטער־ווערק „תחית המתים״ (רעזורעקשאָן), וואָס הענגט עד היום אין וואַטיקאַן און אויך אַנדערע בילדער, דערונטער אַ בילד פון דער „מאַדאָנאַ״ וואָס איז שפּעטער פאַרקויפט געוואָרן צו אַ רוסישן קייזער פאַר 45.000 דאָלאַר.

אָבער באַלד נעמט זיך ראַפאַעל צו מאָלן אַליין. ער איז ניט מער אונטערן איינפלוס פון זיין לערער. ער וואוינט איצט אין פלאָרענץ און שאַפט אַ גאַנצע ריי פון מאַדאָנאַס (מען זאָגט, אַז אַרום צען), וואָס יעדע איינע פון זיי איז אַנדערש פון דער אַנדערער. אָט־דער פּעריאָד האָט געדויערט ביזן יאָר 1508, ווען דער פּויפּסט יוליוס דער צווייטער, וועלכער האָט געוואָלט אויספּוצן דעם וואַטיקאַן מיט קונסט־ווערק האָט גערופן

ראַפאַעלן צו מאַכן מאָלערייען אויף די ווענט (מיורעלס) און אויך אויס־מאָלן היסטאָרישע בילדער אין די וויכטיקערע צימערן פון וואַטיקאַן.

ראַפאַעל האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט און פון יענער צייט איז אונדז געבליבן אַן אוצר פון אַרבעטן וואָס ער האָט געמאַכט פאַר דער קירך. עס וואָלט גענומען פיל פּלאַץ צו שילדערן אָט־די דאָזיקע גרויסע אַרבעטן און וואָס זיי שטעלן מיט זיך פאָר. אָבער אַ חוץ די בילדער פון וואַטיקאַן זיינען דאָ נאָך ראַפאַעל־בילדער אין פיל מוזעאומס איבער דער וועלט (אויך אין מוזעאום אין ניו־יאָרק). ער האָט געשאַפן אויף פאַרשידענע טעמעס, וועלטלעכע און הייליקע, און אַלע זיינען אַרויסגע־קומען אַזוי עכט, אַזוי שיין, אַזוי לעבעדיק. דערצו האָט ער זיי אַלע געשאַפן אין פאַרהעלטניסמעסיק זייער אַ קורצער צייט. ראַפאַעל האָט געהאַט זייער ווייניק ליבעס אין זיין לעבן און עס קען זיין, אַז דערפאַר איז ער געווען אַזוי שעפעריש.

ראַפאַעל איז געוואָרן באַרימט נאָך ביים לעבן. ער האָט אויך גע־קראָגן גוט באַצאָלט פאַר זיינע אַרבעטן. ער האָט געלעבט אין אַ רייכן פּאַלאַץ אין רוים און קעניגן האָבן געשיקט צו אים שליחים בעטן ביי אים, אַז ער זאָל זיי פאַרקויפן איינע פון זיינע מאָלערייען. ראַפאַעל האָט אָבער ניט געלעבט בלויז פאַר זיך אַליין. אין זיין פּאַלאַץ האָט ער אויס־געהאַלטן פופציק אויסגעקליבענע תלמידים. זיי האָבן געוואוינט מיט אים צוזאַמען, געגעסן ביי זיין טיש, געקליידעט זיך אויף זיין חשבון און ער האָט זיי דערצויגן צו זיין גרויסע קינסטלער.

ער איז געשטאָרבן פון אַ פאַרקילונג וואָס ער האָט געקראָגן ווען ער האָט געמאָלן די ווענט אין די קאַלטע צימערן פון וואַטיקאַן. ער איז געשטאָרבן דעם 6־טן אַפּריל, 1520, פּונקט אין טאָג ווען ער איז געקומען אויף דער וועלט. ער האָט זיך געטרייסט דערמיט וואָס ער לאָזט איבער צום ווייניקסטן איין תלמיד דזשאָליאָ ראָמאַנאָ, וואָס וועט גיין אין זיין וועג. דער תלמיד האָט טיילוויז דערפילט דעם גרויסן מייסטערס ווילן.

* * *

מיקעל אַנדזשעלאָ, וועלכער איז געווען אַ וועלט־באַרימטער סקולפּ־טאָר, איז אויך געווען ניט ווייניקער אַ גרויסער מאָלער. ער איז גע־בוירן געוואָרן אין יאָר 1475 אין פלאָרענץ. אין די יונגע יאָרן איז ער געוואָרן שטאַרק אָנגעשטעקט מיט די געדאַנקען פון סאַוואָנאַראָלאַ, דעם גרויסן דענקער, וועלכער איז אַרויסגעטראָטן קעגן דער קירך און איז פון איר שטאַרק פאַרפאָלגט געוואָרן. מיקעל אַנדזשעלאָ איז צוליב דעם

געבליבן אַן אַפּיקורס זיין גאַנץ לעבן, אָבער ער האָט זיינע געדאַנקען צו קיינעם ניט געזאָגט. עס האָט ניט געדויערט לאַנג און ער האָט זיך געמאַכט אַ גרויסן נאָמען מיט עטלעכע פון זיינע מאָלערייען, באַזונדערס מיט אַ מאַדאָנאַ, וואָס האָט אויף אַלעמען געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ער איז דעמאָלט גערופן געוואָרן אין וואַטיקאַן צו אַרבעטן דאָרטן. אָבער וועגן דעם איז דאָ אַזאַ לעגענדע. עס הייסט, אַז מיקעל אַנדזשעלאָ וועלכער איז געווען אי אַ מאָלער, אי אַ סקולפּטאָר, האָט געשאַפן אַ סטאַטוע פון „קיופּיד״ (דער מלאך וואָס פאַרפירט ליבעס צווישן מענטשן, לויט דער גריכישער מיטאָלאָגיע). מיקעל אַנדזשעלאָ איז די אַרבעט אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז ער האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט ניט אויסזאָגן, אַז ער איז דאָס דער מייסטער פון דער סטאַטוע, נאָר ער וועט זאָגן, אַז עס איז אַן אַלט־גריכיש קונסט־ווערק. זיינער אַ תּלמיד, וואָס איז געווען קעגן דעם, אַז ער זאָל דאָס טאָן, האָט מיט אים שטאַרק דיסקוטירט וועגן דעם ביז ער האָט אים אין היץ פון דער דיסקוסיע דערלאַנגט מיט אַ שטיק האָלץ איבער דער נאָז און צעבראָכן דעם ביין אויף אַזוי ווייט, אַז מען האָט עס שפּעטער ניט געקענט מער אויסהיילן. ענדלעך האָט מיקעל אַנדזשעלאָ פאַרקויפט זיין „קיופּיד״ צו אַ קאַרדינאַל פאַר אַ גרויסער סומע געלט. דער תּלמיד איז אַוועק צום קאַרדינאַל און אים אויסגעזאָגט, אַז דאָס ווערק איז ניט קיין גריכיש קונסט־ווערק, נאָר די אַרבעט פון מיקעל אַנדזשעלאָן. דער קאַרדינאַל איז געוואָרן בייז און געשיקט נאָך מיקעל אַנדזשעלאָן, אַז ער זאָל אים געבן אַ דערקלערונג פאַרוואָס ער האָט דאָס געטאָן, אָבער ווען מיקעל אַנדזשעלאָ איז געקומען צום קאַרדי־נאַל, האָט ער ביי אים אַזוי נושא־חן געווען, אַז ער האָט אים איינגעלאַדן צו קומען אין וואַטיקאַן, וואו דער פּויפּסט וועט אים געבן אַרבעט, און אַזוי איז טאַקע געווען.

אין וואַטיקאַן האָט מיקעל אַנדזשעלאָ געטאָן ביידע אַרבעטן, אי מאָלערייען און אי סקולפּטור. ער האָט געשאַפן גרויסע געוועלבונגען אויף די ווענט און אויפן סופיט מיט טייערע בילדער און אויך סקולפּטאָ־רישע אַרבעטן, ווי די סטאַטוע „משה״ וואָס איז אַ ריזיק גרויס ווערק (די סטאַטוע פון קעניג דוד האָט ער שוין געהאַט געשאַפן פריער). אין דער סטאַטוע „משה״ האָט ער לויטן פאַרלאַנג פון פּויפּסט געזען משהן מיט הערנער אויפן קאָפּ. דאָס איז געווען דערפאַר ווייל די לאַטייניש איבער־זעצונג פון דער ביבל האָט פאַרטייטשט די צוויי ווערטער „קרני אור״, וואָס ווערן געזאָגט וועגן משהן אַז דאָס מיינט „הערנער״. דאָס איז אָבער פאַלש. דער אמתער טייטש פון די ווערטער איז גאָר: שטראַלן פון

ליכט. א חוץ די צוויי גרויסע סקולפּטאָרישע אַרבעטן האָט מיקעל אַנ־דזשעלאָ געשאַפן נאָך פיל אַנדערע קלענערע אַרבעטן.

אַלס קונסט־מאָלער האָט מיקעל אַנדזשעלאָ זיך אויסגעצייכנט באַ־זונדערס מיט זיינע מאָלערייען אויף דעם סופיט פון דער „סיסטין קאַ־פּעל" אין וואַטיקאַן. דאָרטן האָט ער אויסגעמאָלן די געשיכטעס פון דער ביבל, אין ספר בראשית, אין ליכטיקע, וואונדערבאַרע בילדער. מען זעט דאָרטן די שאַפונג פון דער וועלט; דעם מבול און די אבות — אברהם, יצחק און יעקב. א גאַנצע ריי פון בילדער וואָס פאַרכאַפּן דאָס אויג. די אַרבעט האָט געדויערט 20 חדשים. ער האָט דערנאָך געמאָלן נאָך אַ בילד וואָס הייסט „דער לעצטער משפּט" (געפינט זיך אויך אין וואַטיקאַן). דאָס איז אַ שרעקלעך בילד וואָס שילדערט ווי די טויטע וועלן אויפשטיין תחית המתים און משפּטן די לעבעדיקע: מאַרטירערס וואָס זיינען אומגעקומען פאַר זייערע אידעען וועלן מאָנען אַ רעכענונג פון זייערע פּייניקער. דאָס איז געווען דאָס לעצטע בילד פון מיקעל אַנדזשעלאָ.

ווי קונסט־קריטיקער דערקלערן, האָט מיקעל אַנדזשעלאָ מיט דעם בילד געוואָלט שטראָפן די קלעריקאַלן פון וואַטיקאַן, וועלכע האָבן שוין דעמאָלט אָנגעפירט מיט דער אינקוויזיציע און געמאַכט אַ געיעג אויף יעדן איינעם, וואָס האָט געהאַט אַן אַנדערע מיינונג ווי זייערע. עס איז אויך געווען דעמאָלט דער אָנהויב פון דעם אויפשטאַנד, וואָס לוטער האָט געפירט קעגן דעם וואַטיקאַן און דער פּויפּסט האָט דערויף אָפּגעענט־פערט מיט קללות און חרמות אויף לוטערן. מיקעל אַנדזשעלאָ אַלס פרייער גייסט האָט דערפון פיל געליטן.

* * *

לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי איז געווען נאָך אַ זשעני פון יענער גרויסער צייט, וועלכע האָט געהאַט מער גרויסע גייסטער ווי אין די טויזנט יאָר פריער. לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1452 אין שטעטל ווינטשי ביי פלאָרענץ (איטאַליע).

לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי איז ווירקלעך געווען אַ גאַנץ וואונדער, ווייל מען האָט ניט געקענט זאָגן אויף אים, וואָס ער איז מער: מאָלער צי סקולפּטאָר, ווייל ער איז געווען גרויס אויףביידע געביטן. ער איז אויך געווען אַן אַרכיטעקט, אַ מוזיקער און אַ וויסנשאַפטס־מאַן. ער איז געווען אַ קינד פון אַ לינקער ליבע, אָבער דאָס איז אין יענער צייט געווען שטאַרק אין דער מאָדע. זיין פאָטער איז געווען אַן אַדוואָקאַט וואָס

האָט געפירט אַ לינקע ליבע מיט אַ דאָרפיש מיידל, וועלכע האָט אים געבוירן לעאָנאַרדאָן. דער פאָטער האָט לעאָנאַרדאָן אויפגעצויגן אין זיין הויז, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע קינדער, ווען ער איז אויסגעוואַקסן איז ער, ווי געזאָגט, געווען אַ מייסטער פון פיל זאַכן. ער האָט געקענט זיין אַ גוטער גאָלדשמיד; אַ בוי־מייסטער פון הייזער; אַ געניטער אַרבעטער אויפן געביט פון סוער־סיסטעם; געשריבן איינאַקטערס מיט אַ הומאָריס־טישן אינהאַלט; געקענט שפּילן אויף אַ פליט און אַפילו שאַפן געווער פאַר דער אַרמיי. אַלס מאָלער האָט לעאָנאַרדאָ איבערגעלאָזט צוויי גרויסע אַרבעטן און איין אַרבעט וואָס ער האָט ניט געענדיקט.

אָבער כאָטש ער איז געווען אַ מענטש מיט אַזוי פיל מעלות, האָט אים דאָך געפעלט איין זאַך, אַ געפיל פון ליבע צו אַ פרוי. ער האָט קיין ליבעס ניט געפירט ביז ער האָט באַגעגנט די פאַרהייראַטע פרוי, פון וועלכער ער האָט געמאָלן זיין בילד „מאָנאַ ליזאַ״. ער איז געווען שטאַרק פאַרליבט אין איר, אָבער נאָר פון דער וויטנס.

אַ צווייטע גרויסע אַרבעט פון אים איז זיין בילד „דער לעצטער מאָלצייט״, וואָס שילדערט די לעצטע סעודה וואָס יעזוס האָט געהאַט מיט זיינע תלמידים איידער מען האָט אויסגעפירט איבער אים דעם טויט־אורטייל. עס איז אויך געבליבן פון אים אַ ניט־געענדיקט בילד מיטן נאָמען „דער קאַמף פאַר דער פאָן״. ער האָט דאָס בילד ניט גע־ענדיקט, ווייל ער איז דעמאָלט גערופן געוואָרן פון דעם פויפּסט יוליוס דעם צווייטן, צו קומען אַרבעטן אין וואַטיקאַן.

ווי לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי האָט איבערגעגעבן האָט אים גענומען ביז זעקס יאָר צו קענען מאָלן דעם איידעלן שמייכל פון „מאָנאַ ליזאַ״, די פרוי פון געשעפטס־מאַן פראַנצישקאָ דעל דזשיאָקאָנדאַ (דאָס בילד רופט מען טאַקע דערפאַר אָן „דזשיאָקאָנדאַ״). עס איז אַ בילד וואָס מאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. עס ווערט וועגן דעם בילד איבערגעגעבן אָט וואָס: ווען דער פראַנצויזישער קעניג פראַנציס דער ערשטער (אין יאָר 1515) איז געקומען קיין פלאָרענץ, האָט ער באַזוכט דעם אַלטן מייסטער לעאָ־נאַרדאָ דאַ ווינטשין, וואָס האָט שוין געשמט אין דער וועלט און ווען ער האָט געזען ביי אים דאָס בילד „מאָנאַ ליזאַ״, איז דער קעניג אַזוי פאַר־כאַפּט געוואָרן, אַז ער האָט צו אים געזאָגט: „איך גיב דיר 4,000 גאָלד־שטיקלעך און גיב מיר דאָס בילד; ברענג עס מיר היינט אָוונט אין מיין פּאַלאַץ!״. לעאָנאַרדאָ האָט גאָרניט געזאָגט. ער איז געבליבן זיצן פאַר־שטומט, ווייל ער האָט זיך ניט געקענט שיידן מיטן בילד פון דער פרוי וואָס ער האָט אַזוי שטאַרק געליבט. ער איז שפּעטער געקומען צום קעניג,

אָבער אָן דעם בילד, און אים געבעטן, אַז ער זאָל אים לאָזן האָבן דאָס בילד ביז ער, לעאָנאַרדאָ, וועט שטאַרבן. דער קעניג האָט ניט געוואָלט, אָבער דעם קעניגס שוועסטער און ברודער האָבן זיך אַריינגעמישט און דער קעניג האָט אים דאָס באַוויליקט. מען דאַרף אויך וויסן, אַז די פרוי פון וועלכער לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי האָט געמאָלן זיין בילד, איז שוין דעמאָלט געווען טויט, אָבער דאָך האָט איר לעאָנאַרדאָ אַזוי געליבט.

לעאָנאַרדאָ דאַ ווינטשי איז געשטאָרבן אין יאָר 1519, אין עלטער פון 67 יאָר און איז באַגראָבן געוואָרן אין פלאָרענץ.

* * *

טיציאַן איז נאָך אַ גרויסער מייסטער פון יענער צייט. זיין פולער נאָמען איז געווען אין איטאַליעניש — טיזיאַנאָ וועסעליאָ. ער איז געבוירן געוואָרן אין ווענעס אין יאָר 1477 און איז געווען אַ תלמיד פון גרויסן קינסטלער בעליני. זיין ערשטע אַרבעט, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס, איז געווען אַ בילד פון דער מאַדאָנאַ, געמאָלן ערשט אין יאָר 1518. דאָס בילד האָט דעמאָלט געמאַכט אַ סענסאַציע אין איטאַליע, ווייל עס איז געווען דאָס גרעסטע בילד וואָס איז ביז יענער צייט געמאָלן געוואָרן. דערצו זיינען די פאַרבן געווען אַזוי לעבעדיק, אַזוי פּרעכטיק, אַז מען האָט ממש געזען די גאָט־מוטער לעבעדיק. טיציאַן איז מיט דעם בילד געוואָרן באַרימט און זיינע בילדער זיינען צעכאַפּט געוואָרן פון די רייכע וועלכע האָבן אים פאַר זיי גוט באַצאָלט.

נאָך זיין פרויס טויט אין יאָר 1530 האָט זיין שוועסטער זיך אַריינגעצויגן אין זיין פּאַלאַץ, כדי אַכטונג צו געבן אויף זיינע קינדער.

טיציאַן האָט געלעבט זייער לאַנג, 99 יאָר און איז די גאַנצע צייט געווען טעטיק. ער האָט געמאָלן זייער פיל בילדער. אַזוי האָט ער געשאַפן אַ בילד וואָס הייסט „הייליקע און פאַלשע ליבע״, וואָס איז באַקאַנט איצט אין דער וועלט אַלס איינס פון זיינע בעסטע שאַפונגען. עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר טיציאַנען, אַז אַזוי ווי זיין צייט־קאָלעגע ראַפאַעל האָט זיך אָפּגעגעבן מער מיט רעליגיעזע בילדער און מאַדאָנעס, אַזוי האָט ער פונקט פאַרקערט זיך אָפּגעגעבן מער מיט וועלטלעכע טעמעס, פון וועלכע ליבע איז ביי אים די הויפּט־טעמע. ער האָט דעריבער געמאָלן עטלעכע בילדער פון ווענוסן און זי געשילדערט אין פאַרשידענע פּאָזעס, אָבער אומעטום אויסדריקנדיק דעם געדאַנק אַז ערדישע ליבע איז וויכטיקער ווי גייסטיקע ליבע.

אין זיינע שפּעטערדיקע יאָרן האָט ער אויך געמאָלן דעם קעניג

טשאַרלס דעם פינפטן, וועלכער האָט אים געמאַכט פאַר אַ ריטער און אַ גראַף, ניט בלויז אים אַליין, נאָר אויך זיינע קינדער.

טיציאַן האָט געהאַט זייער פיל געליבטע, אָבער ער איז דאָך געווען געטריי צו זיין פרוי און האָט ניט געלאָזט זאָגן וועגן איר אַ שלעכט וואָרט.

דאָס זיינען נאָר פיר פון אַ גאַנץ גרויסער פּלעיאַדע פון קינסטלער, וואָס זיינען דעמאָלט אויפגעקומען אין גאַנץ אייראָפּע.

## 75. צוויי פרייהייטס־קעמפער: זשאַן זשאַק רוסאָ און וואָלטער

רוסאָס רוף: „צוריק צו דער נאַטור!" — ער האָט חתונה מיט אַ פּראָסט דינסט־מיידל וואָס קען ניט לייענען און שרייבן. — זיינע ווערק אין וועלכע ער רופט צו גערעכטיקייט און גלייכהייט. — פראַנסואַ וואָלטער וואָס איז געקומען נאָך אים און איז געווען פונקט דער היפּוך פון רוסאָן. — אַ צווייזייטיקער מענטש, וועלכער האָט דאָך געהאַט אַ גרויסן איינפלוס. — וואָלטער לאַכט אָפּ פון דער וועלט און פון די מענטשן דורך בייסנדע סאַטירעס. — זיין האַס צו יידן און ווי ער האָט זיך שפּעטער פאַרענטפערט.

ביים סוף פון 17־טן און אָנהויב פון 18־טן יאָרהונדערט האָט פראַנקרייך אַרויסגעגעבן צוויי באַרימטע שרייבער, וועלכע האָבן אויס־געדריקט אין זייערע ווערק דעם געדאַנקען־גאַנג פון דעם בעסערן טייל פון יענער צייט און וועלכע זיינען אויך, לויט אַ טייל היסטאָריקער, געווען די פאָרגייער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. דאָס זיינען געווען: זשאַן זשאַק רוסאָ און וואָלטער.

זשאַן זשאַק רוסאָ איז געווען אַ נאַטוראַליסט וואָס האָט געזוכט צו שאַפן אַ נייע אָרדענונג אין דער געזעלשאַפט, אויפן גרונד פון גלייכ־הייט און גערעכטיקייט און אַזוי־אַרום באַפרייען די מענטשהייט פון אַלע זייערע סאָציאַלע צרות. עס איז געווען אַ סך נאַאיוויטעט און אומרייפ־קייט אין זיינע געדאַנקען, אָבער עס איז דאָך געווען ער, וועלכער האָט גערופן צו סאָציאַלער גערעכטיקייט און צו גלייכע רעכט פאַר אַלע מענטשן. ער האָט דאָס געטאָן דורך אַ גאַנצער ריי פון זיינע ווערק.

וואָלטער האָט אויך געפּרעדיקט דאָס זעלבע, אָבער אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן — דורך סאַטירע. ער האָט אויסגעלאַכט די מענטשן און אַלץ וואָס זיי האָבן געטאָן און אַזוי־אַרום געבראַכט דערצו אַז מען זאָל זיך פאַרטראַכטן, אַז דאָס לעבן, ווי עס איז אָנגעגאַנגען אין יענער צייט, טויג ניט. אַז עס דאַרף זיין אַנדערש.

אויך אין די ווערק פון וואָלטער איז דאָ פיל נאַאיוויטעט און ניט־אויסגעהאַלטנקייט. ער איז געווען אַן אומרואיקער גייסט וואָס האָט אָט־די אומרואיקייט אַריינגעטראָגן אין דער צייט אין וועלכער ער האָט געלעבט. ער איז געווען ווי אַ שטורעם־ווינט וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין שטילן,

רואיקן בירגערלעכן לעבן און וואָלטערס ווערטער האָבן געטראָפן מער ווי רוסאָס, ווייל זיין סאַטירע איז געווען אַ בייסנדע,* אַ שטורמישע, אַ אויפרייסנדע.

* * *

זשאַן זשאַק רוסאָ איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1712 אין אַ הויז פון הוגענאָטן, וועלכע מען האָט דעמאָלט שטאַרק גערודפט. נאָך אַלס יינגל פון 16 יאָר, טרעפן מיר אים וואַנדערן פון אָרט צו אָרט. ער האָט אויך געטאָן דערביי כלערליי אַרבעטן כדי צו פאַרדינען אויף צו לעבן. שפעטער פאַרליבט ער זיך אין איינער פון די פאַריזער רייכע דאַמען, וועלכע שטיצט אים, אָבער ער איז נאָך אַלץ אַזוי אָרעם, אַז ער מוז וואוינען אין אַ בוידעם־שטיבל און לעבט דערפון וואָס ער שרייבט איבער מוזיק־בויגנס פאַר מוזיקער. עס געדויערט ניט לאַנג און ער באַקענט זיך מיט אַ דינסט־מיידל, אַ פויערטע, וועלכע איז געווען זייער אומוויסנד און האָט ניט געקענט ניט שרייבן און ניט לייענען. ער פאַרליבט זיך אין איר איבער די אויערן און האָט מיט איר חתונה, אָבער זי איז אַזוי פּראָסט, אַז זי קען ניט פאַרשטיין וואָס ער רעדט צו איר, אָבער דאָך האָט ער מיט איר געוואוינט כמעט זיין גאַנץ לעבן. די פרוי האָט געהייסן טערעזע לע וואַסעיר. רוסאָ האָט מיט איר געהאַט פינף קינדער. אָבער קיין איינס ניט אויפגעצויגן. יעדעס מאָל ווען אַ קינד איז געבוירן געוואָרן, האָט ער עס אונטערגעוואָרפן פאַר אַ קלויסטער, וואו מען ציט אויף געפונענע קינדער, און מער דערפון ניט געוואוסט. ער האָט ניט געלאָזן קיין איין יורש.

רוסאָ האָט שפעט אין יאָרן גענומען זיך צום שרייבן. ער באַקענט זיך מיט אַ ליטעראַרישער דאַמע, מאַדאַם עפינאַמי, וועלכע גיט אים אַוועק אירן אַ קאַטעדזש, אַז ער זאָל דאָרטן זיצן און אַרבעטן. דאָס איז געווען אַ פּרעכטיקער פלאַץ נעבן דער שטאָט מאָנטמאָרענסי, דאָרטן זייענדיק אומגעשטערט פון קיינעם האָט רוסאָ אָנגעשריבן אַ טייל פון זיינע באַרימטע ווערק. אָבער ער האָט זיך מיט איר שפעטער צעקריגט, און איז פון דאָרטן אַוועק. ער האָט זיך באַזעצט אין דער שטאָט מאָנטמאַרענסי, וואו ער האָט אָנגעשריבן די ווערק „קאָנטראַקט סאָציאַל״ און „עמיל״.

רוסאָס ווערק זיינען געשריבן געוואָרן אין אַ קלאָרער שפּראַך, אין קורצע עפּיגראַמאַטישע זאַצן און אויך אין אייגנאַרטיקן סטיל. אין אַט־די ווערק דריקט רוסאָ אויס זיין גלויבן אין דער מענטשהייט. ער האַלט, אַז דער מענטש וויל טאָן גוטס זיין מיט־מענטש. ער ווייזט אויך אין

די ווערק די נויטווענדיקייט וואָס עס איז דאָ אויף צו געבן אַן אויסדרוק פאַר אונדזערע געפילן. ער שטרייכט באַזונדערס אונטער דאָס פאַרגעניגן פונעם פאַמיליען־לעבן און דעם סענטימענט וואָס מען האָט, ווען מען קומט צו נענטער צו דער נאַטור. ער באַזינגט דאָס לעבן פון דאָרף און וואַלד, און בכלל די שטילקייט און זיסקייט פון דער פרישער לופט אומעטום, ביי די טייכן, און אויף בערגלעך. ער רעדט אין זיינע ווערק אויך וועגן דערציאונג, און ברענגט אַרויס דעם געדאַנק, אַז עס איז וויכטיק צו לערנען די קענדער צו זיין נאַטירלעך. „קינדער מוזן אַ סך זאַכן אַליין לערנען פון דער נאַטור גופא״.

רוסאָ האָט אויך אַרויסגעזאָגט זיינע מיינונגען וועגן פּאָליטישע פראַגן און דאָ איז ער געקומען צו אַ שיטה וועגן דער פולשטענדיקער גלייכהייט פון אַלע מענטשן. ער לייגט פאָר, אַז אין יעדער געזעלשאַפט זאָלן די איינצלנע מענטשן אַליין איבערגעבן זייערע רעכט צו דער געזעלשאַפט אַלס אַזעלכע, כדי אַזוי־אַרום צו שאַפן אַן אומזעבאַרן כוח פון דעם אַלגעמיינעם ווילן פון דער געזעלשאַפט. אָבער דער דאָזיקער פּלאַן, זאָגט ער אַליין, איז נאָר פאַר אַ קליינער געזעלשאַפט און קען ניט אָנגעווענדעט ווערן אין אַ לאַנד. אָבער רוסאָ אַנערקענט די רעכט פון דער מערהייט ביי אַלע פראַגן אויף אַזוי וויט, אַז ער האַלט אַז די מינדערהייט דאַרף זיך אינגאַנצן אונטערוואַרפן דער מערהייט און אויפלייזן זיך דאָרטן וואו די מערהייט דענקט אַנדערש.

רוסאָ איז געווען פילזייטיק און צווישן אַנדערעס אויך טעטיק אין פעלד פון מוזיק. ער האָט געשאַפן אַ ווערטער־בוך פון די מוזיקאַלישע טערמינען. ער האָט אויך געשאַפן אַן אָפּערע פון איין אַקט „לע דעווין דע ווילאַזש״, וואָס מען האָט יאָרן־לאַנג געשפּילט אין פּאַריז און אין אַנדערע גרויסע שטעט. ער האָט אויך געשריבן פיל עסייען וועגן מוזיק.

רוסאָ איז געווען אַ גאַנצער מענטש אין אַלע הינזיכטן. אין זיין פאַמיליען־לעבן האָט ער זיך באַמיט צו זיין דאָס וואָס ער האָט פאַרלאַנגט פון אַנדערע, נעמלעך: צו זיין נאַטירלעך. ער האָט געפּרעדיקט און גערופן: צוריק צו דער נאַטור! און דאָס האָט ער אויך געטאָן. ער פלעגט פאַרלייענען פאַר זיין אומוויסנדער פרוי טערעזע, זיינע ביכער, און כאָטש זי האָט ניט פאַרשטאַנען זיינע טיפע געדאַנקען, האָט זי דאָך עפּעס געפילט אין דעם, וואָס ער האָט פאַר איר געלייענט און פיל מאָל אים געמאַכט אַ באַמערקונג, וואָס ער האָט אויפגענומען מיט פרייד, ווייל ער האָט זי באַטראַכט אַלס די נאַטור אַליין.

„מיר געבילדעטע מענטשן, מיר ציוויליזירטע בירגער פון יעדן

לאַנד — שרײַבט רוסאָ אין אײנער פון זײַנע עסײען, זײַנען שוין װײט פון דער נאַטור. מיר זײַנען שוין קאַליע געװאָרן. צו אונדז רעדט די נאַטור װי צו אַלע אַנדערע מענטשן, אָבער מיר הערן זי ניט, װײַל אונדזערע אויערן זײַנען שוין טויב געװאָרן צו הערן איר רוף צו אונדז. עס איז דעריבער גוט פאַר אונדז צוצוהערן זיך אָפּט צו דעם װאָס אַ פּראָסטער פּויער זאָגט, אָדער װאָס עס זאָגט אונדז אַ פּראָסטע פּויערטע אויפן דאָרף זי איז אפשר ניט אַזוי רײַך אין װערטער אַזוי װי מיר, אָבער דערפאַר איז זי רײַך מיט די געפילן פון דער נאַטור, װײַל זי איז די נאַטור גופא״.

אָט דאָס האָט רוסאָ געדענקט װעגן זײַן טערעזען און דערפאַר האָט ער געפילט אַזאַ גרויסע ליבע צו איר זײַן גאַנץ לעבן.

* * *

אַ גאַנץ אַנדערער מענטש אָבער איז געװען װאָלטער, װעלכער האָט אָפּגעלאַכט פון אַלעם, אָדער װי אײנער פון זײַנע מיטצײַטלער האָט װעגן אים געזאָגט, אַז „ער האָט געלאַכט, כדי זיך צוריקהאַלטן פון אויפ־הענגען זיך״. װאָלטער איז געװען אַ געמיש פון אַ צדיק מיט אַ רשע, פון אַ מלאך מיט אַ טייוול. מען האָט קײנמאָל ניט געקענט טרעפן, בײַ אַ געװיסער סיטואַציע, װאָס ער װעט טאָן: װעט דער מענטש אין אים גובר זײַן אָדער די בעסטיע. ער האָט אַזוי זיך געפירט אַ גאַנץ לעבן לאַנג. אָט האָט ער אָפּגעלאַכט פון די גלחים און אָט האָט ער געװידמעט אײנס פון זײַנע ביכער צום פּויפּסט. ער האָט אָפּגעלאַכט פון קעניגן און אָט האָט ער שפּעטער גענומען אַ פּענסיע פון קעניג פרידריך דעם גרויסן. ער איז שטאַרק אַרויסגעטראָטן קעגן האַס צו אַנדערע רעליגיעס און אָט האָט ער אַלײן אָנגעשריבן אַן אַרטיקל, װאו ער טרעט אַרויס מיט אָפענער שנאה צו יידן. ער האָט אָפּגעלאַכט פון די רײַכע און ער אַלײן האָט געמאַכט כלערליי טריפהנע געשעפטן כדי צו װערן רײַך.

אָבער איבער אַלעם איז ער געװען אַ גרויסער סאַטיריקער און אויך אַ גרויסער ציניקער. ער האָט געלאַכט פון דער װעלט און פון די מענטשן, אָבער אַלע האָבן מיט אים מיטגעלאַכט, װען אַפילו זײַנע סאַטירישע פײַלן האָבן זיי אַלײן געטראָפן טיף אין לײַב. ער איז ניט געװען קײן פילאָזאָף, אָבער ער האָט געהאַט אויף דעם רוב מענטשן אַ גרעסערן אײַנפלוס װי שפּינאָזאַ, און אין אַ געװיסן זין איז ער געװען דער, װאָס האָט צוגעגרײט די מאַסן צו פירן דעם לעצטן קעניג פון פראַנקרײַך צו דער גילאָטינע.

ער איז געװען אַ גרויסער לערער און האָט אײַנגעפלאַנצט אין די מאַסן דעם געדאַנק אָפּצושאַפן אומװיסנהײט און אומגערעכטיקײט, באַ־

זונדערס די רעכט פון איין מענטש, דעם קעניג, צו הערשן איבער די מאַסן און צו טאָן וואָס ער וויל. דאָס פאָלק האָט אים דערפאַר ליב געהאַט, כאָטש ער האָט געהאַט פיל חסרונות...

* * *

פראַנסואַ וואָלטער איז געבוירן געוואָרן דעם 21־טן נאָוועמבער פון יאָר 1694. זיין מוטער איז געשטאָרבן אין דער קימפּעט און אים אַליין האָט מען געגעבן ניט מער ווי אַ טאָג צום לעבן. אָבער ער האָט געלעבט מער ווי דעם טאָג וואָס די דאָקטוירים האָבן פאַר אים באַשטימט. ער איז געווען ניט קיין געזונט קינד, דאָך האָט ער אַריינגעלעבט ביז... 84 יאָר.

וואָלטער איז אויפגעצויגן געוואָרן אין אַ יעזואיטישער שול, אָבער באַלד נאָך דעם ווי ער האָט געענדיקט די שול, האָט ער דערקלערט, אַז ער רייסט איבער מיט די יעזואיטן. ער איז געווען דאַר ווי אַ סקעלעט, מיט אַ גרויסער נאָז, קליינע אויגן, אָבער מיט אַ זייער שאַרפן בליק. ווי עס איז צו זען, איז ער געווען גאָר ניט קיין שיינער פאַרשוין (ווי אַנדערע האָבן זיך זאָגאַר אויסגעדריקט: „דער מיאוסטער מאַנספּערשוין אין פּאַ־ריז"). אָבער דאָך זיינען די פרויען געפאַלן פאַר אים. זיי האָבן אים פאַרגעטערט.

דער גלח וואָס האָט אים געבראַכט אין קריסטלעכן גלויבן אַלס קינד, איז געבליבן אים געטריי. עס איז געווען ער, וועלכער האָט אים פאַרגעשטעלט צו דער באַרימטער אַקטריסע ניגאָן דע לענקלאָס, וועלכע האָט זיך פאַרליבט אין אים. זי איז מיט אַ קורצער צייט שפּעטער געש־שטאָרבן און האָט אים געלאָזן אַ ירושה פון 2,000 פראַנק צו קויפן זיך ביכער. נאָך איר טויט האָט זיך וואָלטער געטראָפן מיט אַנדערע אַק־טריסער. זיין פאָטער איז דאָס ניט געפעלן און ער האָט אים געשיקט קיין האַאג וואו ער זאָל זיין אונטער דער אויפזיכט פון אַ ברודער פון דעם גלח, זיין פריינד, אָבער באַלד ווי ער איז געקומען אַהין האָט ער זיך פאַר־ליבט אין אַ פרוי, אַן אלמנה מיט קליינע קינדער. דער פאָטער האָט אים באַלד געשריבן, אַז ער זאָל קומען אַהיים.

קומענדיק קיין פּאַריז, האָט מען אים באַשולדיקט, אַז ער האָט געזאָגט שלעכטע ווערטער קעגן רעגענט פון לואי דעם פופצנטן פון פראַנקרייך. די באַשולדיקונג איז געווען פאַלש, אָבער דאָך איז ער צוליב דעם אָפּגעזעסן אין דער באַסטיל עלף חדשים. ער האָט דאָרטן געשריבן אַ פּאָעמע וועגן קעניג הענרי דעם פערטן פון נאַוואר און זיך אונטער־

געשריבן צום ערשטן מאָל וואָלטער (זיין אמתער נאָמען איז געווען ארוּע). ווען ער איז אַרויס פון געפענגעניש, איז ער אַלט געווען 23 יאָר. זיין פּראַקטישער פאָטער האָט אים דעמאָלט באַפוילן דריי זאַכן: ניט צו פאַרנעמען זיך מיט ליטעראַטור, מיט פרויען און ניט אַרומשלעפּן זיך, אָבער ער האָט ניט געפאָלגט זיין פאָטער אין קיין איינער פון די דריי זאַכן.

ער האָט אָנגעשריבן אין יענער צייט פיל זאַכן, דערונטער עטלעכע דראַמען, וועלכע מען האָט געשפּילט און זיי האָבן אים אַריינגעטראָגן אַ שיינעם פּראָפיט. ער האָט דאָס געלט אינוועסטירט אין פאַרשידענע געשעפטן און ווען די רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן אַ לאָטעריע, האָט ער אָפּגעקויפט אַלע בילעטן און געהאַט אַלע געווינסן. דאָס האָט אים געמאַכט צו זיין זייער רייך.

וואָס שייך פרויען, האָט וואָלטער געהאַט אַ גרויסן האַרעם, אָבער דאָס מיינט ניט אויף איין פּלאַץ, ווי אַ סולטאַן, נאָר בלויז, אַז פרויען פלעגן קומען צו אים ווי צו אַ גלח זיך מתוודה־זיין. איינע איז אַרויס און אַן אַנדערע איז אַריין, און אַלע האָט ער געשוואוירן ליבע... וואָלטער האָט קיין זאַך און קיין מענטש ניט גענומען צו ערנסט, דאָך האָט ער געוואָלט, אַז עס זאָל זיין אַ בעסערע מענטשהייט.

אָבער זיין שוואַכער אָרגאַניזם האָט ניט געקענט אַזויפיל אַריבער־טראָגן און ער איז אָפט קראַנק געוואָרן. איינמאָל איז ער קראַנק געוואָרן אויף פּאָקן, און די דאָקטוירים האָבן אים אויפגעגעבן. ער האָט זיך אָבער פון זיי אויסגעלאַכט און צו זיי געזאָגט, אַז ער וועט זיי אַלע איבערלעבן און אַזוי איז טאַקע געווען.

וואָלטער האָט אַ חוץ אַ שאַרפע פעדער אויך געהאַט אַ שאַרפע צונג וואָס האָט אים פאַרשאַפט ניט ווייניק צרות. אַזוי האָט ער זיך אויסגעדריקט שאַרף קעגן אַ געוויסן אַריסטאָקראַט פון פּאַריז. יענער האָט אים ניט געוואָלט רופן אויף אַ דועל, נאָר האָט געדונגען אַ באַנדע שלעגער, וועלכע זאָלן אים ברעכן די ביינער. וואָלטער האָט דערנאָך געוואָלט אַז דער אַריסטאָקראַט זאָל מיט אים האָבן אַ דועל, אָבער יענער האָט געהאַט די פּראָטעקציע פון דער פּאָליציי, וואו דער הויפּט איז געווען זיינער אַ קוזין און מען האָט אים ווידער אַרעסטירט און אַריינגעזעצט אין דער באַסטיל. מיט אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָט מען אים אַרויסגעשיקט קיין ענגלאַנד.

אין ענגלאַנד איז וואָלטער געווען דריי יאָר. ער האָט זיך אויס־געלערנט גוט ענגליש און גענומען שרייבן אַ טייל פון זיינע ווערק אויף

אָט־דער שפּראַך. ער האָט זיך דאָרטן באַקענט מיט די קוועיקערס און איז געוואָרן זייערער אַ מענטש. דאָרטן האָט ער זיך אויך באַקענט מיטן באַקאַנטן ענגלישן הומאָריסט יאָהאַן סוויפט, און ביידע אָפּלאַכער האָבן גוט פאַרבראַכט ווען זיי האָבן זיך געטראָפן און צוזאַמען אָפּגעלאַכט פון דער וועלט און פון די מענטשן. אין ענגלאַנד האָט וואָלטער אָנגעשריבן זיין באַרימט ווערק „מיקראָמעגאָס" (אויף יידיש: קליין־גרויס), וואָס עס איז אַ פאַנטאַזיע ווי אַזוי צוויי מענטשן־ריזן פון די אַנדערע ספערן, איינער פון דעם גרויסן שטערן „סיריוס" (גערופן אויך דער הונט־שטערן) טרעפט זיך מיט איינעם פון דעם שטערן סאַטורן אויף אונדזער ערד און זיי לאַכן־אָפּ פון די מענטשן, וואָס זעען אויס אין זייערע אויגן ווי מילבן. ווען זיי ווערן געוואויר ווי אַזוי די מענטשן לעבן, ווי זיי קריגן זיך, האָבן קעניגן און פירן מלחמות, צעלאַכן זיי זיך הויך אויפן קול און באַשליסן בעסער צוריקגיין צו זייערע וועלטן, וועלכע זיינען אָן אַ שיעור שענער און בעסער.

וואָלטער האָט אויך דאָרטן אָנגעשריבן אַ בוך וואָס הייסט „בריוו וועגן ענגלישן פאָלק", וואו ער רעדט אין אַן ערנסטן טאָן וועגן ענגלאַנד, איר פרייהייט און איר גרויסן גייסט, וואָס ער שטעלט פיל העכער פון דעם פון פראַנקרייך. ער האָט דאָס בוך ניט געוואָלט פאַרעפנטלעכן, אָבער עס איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַן אַרויסגעבער, וועלכער האָט עס אַרויסגעגעבן אָן זיין וויסן. אַ קאָפּיע פון בוך איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פראַנצויזישער רעגירונג, און ווען ער איז געקומען צוריק קיין פראַנקרייך, האָט מען אים געוואָלט אַרעסטירן. ער האָט זיך באַצייטנס דערוואוסט דערפון און איז אַנטלאָפן צו אַן אַריסטאָקראַטישער דאַמע, וועלכע איז געווען איינע פון זיינע געליבטע, מאַרקיזין דע שאטעל. זי האָט שוין דעמאָלט געהאַט חתונה געהאַט מיטן מאַרקיז שאטעל, אָבער איר מאַן איז געווען אַוועק אין אַ קאַמף אַלס אָנפירער פון אַ פאָלק. וואָלטער האָט זיך אַריינגעצויגן צו איר אין פאַלאַץ און איז געוואָרן דאָרטן דער גאַנצער באַלעבאָס. ער האָט דאָרטן איינגעפירט אַ גאַנצן סאַלאָן און אויפגענומען די אָנגעזעענסטע מענטשן. אין יענער צייט האָט וואָלטער אָנגעשריבן פיל פון זיינע גרויסע ווערק, דערונטער „קאַנדיד", „די וועלט אַזוי ווי זי איז", „דער שילער פון דער נאַטור", „די פרינצעסין פון בבל" און פיל אַנדערע. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און דער מאַרקיז איז געפאַלן אין שלאַכט. דעמאָלט האָט וואָלטער געהאַט שוין פולע פרייהייט אין הויז, אָבער ער האָט מיט דער מאַרקיזין ניט חתונה געהאַט. אין יאָר 1749 איז די מאַרקיזין געשטאָרבן. ער איז אַוועק פון פאַלאַץ

אַן געלט. זיין געזונט איז געוואָרן שוואַכער און צו דעם אַלעם — האָט מען אים ווידער אַמאָל אַרויסגעשיקט פון פראַנקרייך.

באַלד האָט זיך געמאַכט אַז אין יאָר 1755 איז געשען די גרויסע קאַטאַסטראָפע, אַן ערד־ציטערניש אין ליסאַבאָן פונקט אין אַ קריסטלעכן יום־טוב טאָג. אַ קירך פול מיט מענטשן איז איינגעפאַלן און עס זיינען אומגעקומען אַן ערך 30,000 מענטשן. וואָלטער האָט איצט געזען גאָטס האַנט אין דעם אומגליק און אויפגעהערט צו לאַכן.

מיר האָבן פריער געזאָגט, אַז וואָלטער איז געווען אַ יידן־פּיינד. דאָס האָט ער אַליין דערקלערט אין אַן אַרטיקל אין דעם זשורנאַל „דיקשאָנעיר פילאָזאָפיק״, וואָס עס איז דערשינען אין פראַנקרייך אין זיין צייט. ער לאַכט דאָרטן אָפּ פון די יידן און פון דער ביבל. לויט ווי געאָרג בראַנדעס דערקלערט עס (אין צוויי בענדער וועגן וואָלטערן), האָט ער דאָס געטאָן צוליב צוויי זאַכן: ראשית, ווייל אין זיינע געשעפטן האָט ער זיך געטראָפן מיט יידן, וועלכע האָבן אים איבערגעקליגט אין געשעפטס־זאַכן. דערפאַר האָט ער אויסגעלאָזן זיין כעס צו אַלע יידן; צווייטנס האָט וואָלטער געוואָלט אַטאַקירן די קירך און דעם נייעם טעסטאַמענט, אָבער ער האָט מורא געהאַט פאַר די קלעריקאַלן. דעריבער האָט ער אַטאַקירט דעם אַלטן טעסטאַמענט, וואָס איז דער מקור פון נייעם. אָבער אויף זיין אַטאַקע אויף יידן, האָט אים אַ ייד אַ מאַראַן, ר׳ יצחק דע פינטאָ געענטפערט אויף זייער אַ שאַרפן אופן. שפּעטער האָט אַ קריסטלעכער גייסטלעכער, אַנטאָן גועני, פאַרעפנטלעכט אַ בוך, וואָס האָט אַנטהאַלטן 6 בריוו פון פאָרטוגעזישע, פּוילישע, דייטשע און האָלענדישע יידן, וואָס האָבן אים שטאַרק קריטיקירט. דאָס בוך איז געווען אַזאַ דערפאָלג, אַז מען האָט עס געהאַט איבערגעדרוקט אין פיר אויפלאַגן. וואָלטער האָט זיך געפילט שולדיק און איז אַרויסגעקומען מיט אַ דערקלערונג, אַז ער האָט ניט געמיינט ווי צו טאָן די יידן. ער האָט גאָר געמיינט — די פראַנצויזן.

וואָלטער איז געשטאָרבן אין פּאַריז אין יאָר 1778, אָבער ווען אַ גלח איז געקומען צו אים, האָט ער ניט געוואָלט זאָגן מיט אים זיינע תפילות און אָנשטאָט דעם געזאָגט די ווערטער: „איך שטאַרב מיט רעספּעקט צו גאָט, מיט ליבע צו מענטשן און אָן האָס צו מיינע שונאים״. צוליב דעם האָט מען אים, לויט דעם באַפעל פון דער קירך, ניט געמאַכט קיין קריסטלעכע לוויה.

## 76. פּעטער דער גרויסער, קייזער פון רוסלאַנד

די לאַגע פון רוסלאַנד אין יענער צייט. — אַ לאַנד פון באַרבאַרן איבער וועלכע עס האָט געהערשט אַ טיראַן. — ווי אַזוי עס האָט געהערשט „איוואַן דער שרעקלעכער“. — פּעטער אַן אומוויסנד ייִנגל וואָס האָט ניט געקענט שרייבן און לייענען. — זיין שטרעבונג צו אייראָפּעאיזירן רוסלאַנד. — מיט וואָס איז פּעטער געווען גרויס.

לאָמיר איצט אַוועקגיין פאַר אַ ווײַלע פון צענטראַל־אייראָפּע און כאַפּן אַ בליק אויף אַ גרויס לאַנד וואָס הויבט זיך אָן אין אייראָפּע און ציט זיך אַריין ביז אין טיף־אַזיע, דאָס איז דאָס צאַרישע רוסלאַנד פון יענע צייטן, אונטער דער הערשאַפט פון פּעטער דעם ערשטן, אָדער פּעטער דעם גרויסן.

עס איז גאָר אַן אַנדערער ווינקל אין אייראָפּע. אין יענער צייט, ווען באַרבאַריזם האָט געהערשט זייער שטאַרק, ווען אויפן טראָן פון יעדן לאַנד איז געזעסן אַ טיראַן, וואָס האָט געטאָן מיט דער באַפעלקערונג וואָס ער האָט געוואָלט, איז עס אין רוסלאַנד געווען נאָך ערגער. די געשיכטע פון רוסלאַנד הויבט זיך אָן מיט דער פאַרשקלאַפונג אונטער די טאַטאַרן אין דער צייט פון דזשינגיס כאַן, וואָס עס האָט זיך געצויגן ביז דער טיף פון 17־טן יאָרהונדערט.

אין יענער צייט איז אין אייראָפּע ניט געווען צו ליכטיק. ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד און די סקאַנדינאַווישע לענדער זיינען ניט געווען פריי פון באַרבאַריזם. אָבער דאָרטן האָט כאָטש געהערשט אַ מין ווילד־קייט וואָס האָט פון אויבן אויף אויסגעקוקט ניט אַזוי שלעכט. אין רוסלאַנד אָבער איז די גראָבקייט געווען צו זען אויף שריט און טריט. פאַקטיש זיינען די סלאַוון געקומען קיין אייראָפּע פון צענטראַל־אַזיע נאָך דעם מאַרש פון דזשינגיס כאַן אויף אייראָפּע. די גריכישע מיסיאָנערן וואָס זיינען דעמאָלט געקומען קיין רוסלאַנד פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָבן גע־אַרבעט מעשים איינצופלאַנצן ביי זיי דאָס קריסטנטום לויט דער אויפ־פאַסונג פון דער גריכישער קירך.

אין יאָר 1463 האָבן די רוסן פאַרפירט אַ קריג קעגן די טאַטאַרן און זיי אַרויסגעטריבן פון לאַנד, אָבער די רוסן אַליין זיינען ניט געווען פיל בעסער ווי די טאַטאַרן און די באַפעלקערונג האָט בלויז אויסגעביטן אַ טאַטאַרישן דעספּאָט אויף אַ רוסישן טיראַן. איוואַן דער דריטער,

דער גרויס־פירשט פון מאָסקווע, האָט זיך גערופן „דער באַפרייער פון רוסלאַנד״, אָבער וואָס פאַר אַ באַפרייער איז ער געווען? איז דען די באַפעלקערונג בעסער געווען אונטער זיין הערשאַפט? — ניין און ניין! עס איז געווען די זעלבע פאַרשקלאַפונג, די זעלבע צרות. נאָך ערגער אָבער איז געווען, וואָס דאָס איניקל פון אָט דעם הערשער איז געוואָרן דער קייזער פון לאַנד. דאָס איז געווען דער באַוואוסטער אַכזר, וואָס האָט זיך גערופן „איוואַן דער שרעקלעכער״. עס איז געווען ער, וועלכער האָט זיך גענומען רופן צום ערשטן מאָל אין דער רוסישער געשיכטע „צאַר״ (פון וואָרט „צעזאַר״).

עס איז געווען אָט־דער איוואַן, וועלכער האָט נאָך מער פאַר־שקלאַפט די אונטערטאַנען אונטער זיך. די פויערים, וועלכע האָבן נאָך געהאַט אַ ביסעלע פרייהייט, זיינען איצט באַטראַכט געוואָרן ווי פּראָסטע בהמות מיט וועלכע מען קען טאָן וואָס מען וויל. זיי האָבן זיך ניט געטאָרט באַוועגן אויסער זייערע דערפער און זיינען באַטראַכט געוואָרן אַלס נידעריקע באַשעפענישן. רוסלאַנד איז אין יענער צייט געווען איין גרויסע ווירטשאַפט פון וועלכער עס שטייט אין דער שפּיץ איין באַלעבאָס, וועלכער טוט וואָס ער וויל מיט זיינע מיליאָנען שקלאַפן. און שקלאַפן זיינען געווען אין איוואַנס אויגן אַלע, אָנהויבנדיק פון דער אַריסטאָקראַטיע ביז צו די לעצטע בירגער. איוואַן האָט עפנטלעך גע־שמיסן די פּריצים, אָבער זיי האָבן אויך געהאַט דאָס רעכט צו שמייסן די פויערים. עס האָבן דעמאָלט אויך געקראָגן געשמיסן די גלחים, אָבער זיי האָבן אויך געקענט שמייסן די זינדיקע קעגן דער קירך. אַזוי־אַרום האָט איינער געשמיסן דעם אַנדערן.

אָנהויבנדיק פון איוואַן דעם שרעקלעכן, האָט זיך געצויגן אַ קייט פון צאַרן, וואָס זיינען געווען האַלב־ווילדע און אומוויסנדע ברואים. דאָס רוב פון זיי האָט ניט געקענט שרייבן און ניט לייענען. דאָס זיינען געווען הערשער שיכורים, וואָס האָבן געהוליעט גאַנצע טעג מיט פרויען און אָפּגעטאָן אַלדאָס בייז, אָבער ביי געוויסע געלעגנהייטן האָבן זיי זיך אָנגעטאָן אין זייערע גאָלדענע מונדירן און פאַראַדירט מיט זייערע מעדאַלן, וואָס זיי האָבן זיך אַליין צוגעטיילט. אָט־די קעניגלעכע הערשער האָבן געקענט ביי אַ באַנקעט זיך אויסשנייצן און אָפּווישן די נאָז מיטן טישטוך וואָס איז געווען אויפן טיש, אָדער אָפּווישן זייערע שמוציקע הענט אָן זייערע הויזן. פיל פון די דאָזיקע גרויסע הערשער האָבן זעלטן גענומען אַ באָד און עס האָט זיך געטראָגן פון זיי אַ שווערער ריח... ווען זיי האָבן געבייזט איבערן לאַנד איז עס געווען פאַר זיי אַ נאַטירלעכע

זאַך, אַרייַנצוגיין אין אַ קרעטשמע און זיך דאָרטן אָנשיכורן און דערנאָך צו לייגן זיך שלאָפן מיט דער באַדינערין פון דער שענק, אָפן פאַר אַלע... אָבער אין געוויינלעכן לעבן האָבן זיי געבלאָזן פון זיך און געהייסן אַז מען זאָל קוקן אויף זיי ווי אויף אַ גאָט און דערביי האָבן זיי גערעדט אַזעלכע רייד וואָס אפילו אַ קאָזאַק האָט פון זיי געקענט רויט ווערן...

מאָסקווע, די הויפּט־שטאָט פון רוסלאַנד, איז געווען אַ געמיש פון אַ גרויסער שטאָט און אַ דאָרף. גרויסע בערג פון שמוץ זיינען געלעגן אויף די הויפּט־גאַסן. די גאַסן זיינען ניט געווען ברוקירט און עס זיינען דעריבער דאָרטן געווען גרויסע בלאָטעס. עס איז בלויז גוט געווען אַרייַנצופאָרן אַהין ווינטער־צייט ווען די וועגן זיינען געווען פאַרפרוירן. די שטאָט איז אויך געווען פול מיט צענדליקער קירכן מיט הויכע שפּיצן, וועלכע זיינען אָפט געשטאַנען ליידיק. עס זיינען געווען עטלעכע באָד־הייזער וואו עס האָבן זיך געבאָדן מענער און פרויען אָן שום בושה און אַפילו עפנטלעך געטאָן געוויסע שענדלעכע זאַכן... אין די גאַסן זיינען אַרומגעלאָפן חזירים און אין די גאַסן זיינען געלעגן פאַר וואָכן־לאַנג געפּגרטע קעץ, הינט און שטשורעס. אין אָוונט זיינען די גאַסן געווען פול מיט שיכורע סאָלדאַטן און אַ טייל פון זיי האָבן באַראַבעוועט יעדן איינעם וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען, אָפט אויסטועדיק זיי נאַקעט און צוגערויבט אַלץ וואָס זיי האָבן געהאַט.

אַזוי איז געווען דאָס בילד פון מאָסקווע אין 17־טן יאָרהונדערט אונטער די צאָרן ביז עס איז געקומען דער צאַר פּעטער דער ערשטער.

פּעטער איז געווען דער זון פון צאַר אַלעקסיי. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1672 און איז געווען אַ זון פון צאַר אַלעקסייס צווייט ווייב. ווען אַלעקסיי איז געשטאָרבן אין יאָר 1676, האָט באַשטיגן דעם טראָן זיין זון פון דעם ערשטן ווייב, פיאָדאָר דער דריטער. ער האָט געקיניגט ביז יאָר 1682. פאַרן טויט האָט ער באַשטימט אַלס זיין נאָכ־פאָלגער זיין האַלבן ברודער פּעטער, ווייל ער האָט ניט געוואָלט, אַז זיין אמתער ברודער איוואַן, וועלכער איז געווען אַן אידיאָט, זאָל באַ־שטייגן דעם טראָן. אָבער נאָך פיאָדאָרס טויט זיינען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געוואָלט אַז איוואַן זאָל זיין דער צאַר. עס האָט שוין געהאַלטן ביי אַ בירגער־קריג. ענדלעך איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז עס זאָלן הערשן אַלע דריי קינדער פון אַלעקסיי: איוואַן, פּעטער און זייער שוועסטער סאָפיאַ, וועלכע איז געווען אַ קינד פון אַלעקסייס ערשט ווייב, אָבער אין יאָר 1689 איז סאָפיא אַוועקגעשיקט געוואָרן אין אַ מאָנאַסטיר, וואו זי איז געבליבן ביזן טאָג פון איר טויט. עס זיינען געבליבן איצטביידע,

איוואַן און פעטער, אָבער איוואַן האָט זיך ווייניק געמישט אין דער פירונג פון לאַנד און פעטער האָט איבערגענומען די הערשאַפט. שפּעטער, ווען איוואַן איז געשטאָרבן אין יאָר 1696, איז פעטער געבליבן דער איינציקער הערשער.

* * *

אָבער ווער איז געווען פעטער? וואָס פאַר אַ סאָרט מענטש איז ער געווען?

פון די כראָניקעס פון רוסלאַנד ווייסן מיר, אַז ביזן 15־טן יאָר פון זיין לעבן האָט ער ניט געקענט שרייבן און ניט לייענען. ער האָט אַפילו ניט געקענט אָפּציילן ביז צען אויף זיינע פינגער. ער האָט אָבער געהאַט אַ נייגונג צו מעכאַנישער אַרבעט. צו צענעמען זאַכן און זיי צוריק צו־זאַמענשטעלן. ער האָט אַלע מאָל ליב געהאַט צו אַרבעטן מיט זיינע הענט. ער איז באַזונדערס געווען אינטערעסירט צו בויען קינדערשע שיפלעך און אויך צו האָבן מיט זיך אַ גרופּע פון יינגלעך, מיט וועלכע ער האָט געשפּילט זיך אין מיליטער.

אין יענע צייטן איז געווען איינגעפירט אין מאָסקווע, אַז קיין אויסלענדער האָבן אַהין ניט געקענט אַריינקומען. אויב עס איז געקומען עמיצער פון אויסלאַנד, האָט ער ניט געקענט נעכטיקן אין דער שטאָט, נאָר האָט געמוזט אַרויספאָרן נעכטיקן אין אַן אָרט אין אומגעגנט פון דער שטאָט. פעטער האָט גראָד ליב געהאַט צו טרעפן זיך מיט אויס־לענדער און אויסצופרעגן זיי וועגן דעם לעבן אין זייערע לענדער. באַ־זונדערס האָט אים אינטערעסירט ווי אַזוי מען בויט שיפן. אָבער ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט אַנדערע באַשעפטיקונגען. פאַר דעם צוועק האָט ער זיך באַקענט מיט האָלענדישע שיפן־בויער; מיט איטאַליענישע פריזירער, מיט ביזנעס־לייט פון סקאָטלאַנד און מיט... פּראָסטיטוטקעס פון פאַרשידענע לענדער. פעטער, כאָטש ער איז ניט געווען געבילדעט, האָט אָבער געהאַט אַ שטרעבונג צו וויסן. ער איז געווען נייגיריק צו הערן וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט. ער האָט די אויסלענדער אויסגעפרעגט ווי אַזוי די מענטשן לעבן אין זייערע לענדער, וואָס עס טוען דאָרטן די קעניגן און צי די באַפעלקערונג איז אומעטום צופרידן מיט זייערע הערשער.

ווען ער איז אַלט געוואָרן 17 יאָר, האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ פּראָסטער פרוי, אָבער ער איז ניט געווען מיט איר איבעריק גליקלעך. ער האָט איצט געוואָלט עפּעס אויפטאָן פאַר זיין לאַנד, רוסלאַנד, אָבער

אַזוי ווי עס האָבן נאָך דעמאָלט אים אַ דעה געזאָגט אין דער הערשאַפט די עלטערע האַלבע שוועסטער סאָפיאַ און דער אידיאָטישער ברודער איוואַן, האָט ער גאָר ניט געטאָן און בלויז געטראַכט דערפון צו באַפרייען זיך פוןביידע וואָס ער האָט ענדלעך אויסגעפירט.

* * *

פעטער האָט געהאַט אַ שטאַרקן כאַראַקטער. אויב ער האָט עפּעס געוואָלט, האָט ער ניט גערוט ביז ער האָט עס דערגרייכט. באַלד נאָכן באַשטייגן דעם טראָן, האָט פעטער גלייך געוואָלט ענדערן דאָס פּנים פון רוסלאַנד, אָבער ער האָט גאָר ניט געקענט טאָן פריער ביז ער האָט די שוועסטער באַזייטיקט אין אַ מאָנאַסטיר. ער איז איצט געוואָרן אַ פרייער מענטש. דעם אידיאָטישן ברודער, איוואַן, האָט פעטער ניט געטשעפּעט, ווייל יענער האָט זיך ניט געמישט אין קיין שום זאַך און איז געווען צופרידן ווען מען האָט אים געלאָזט צורו.

אַזוי ווי פעטער האָט ליב געהאַט אויסלענדער און האָט געזוכט זייער געזעלשאַפט, פלעגט ער זיך אָנטאָן ווי אַ פּראָסטער מאַטראָז און זיך אַרומשלעפּן אין די שענקן מיט די מאַטראָזן פון אַנדערע לענדער. דאָס האָט די אַריסטאָקראַטן פון רוסלאַנד ניט געשמעקט. אָבער ער האָט זיך ניט גערעכנט מיט זייער מיינונג. פעטער איז געווען אַ הויך־געוויקסיקער (זעקס פוס מיט 8 און אַ האַלב אינטשעס), טונקל, פעסט־געבויט, מיט גראָבע ליפּן און מיט אַן איבערגעטריבענער מיינונג וועגן זיך. אים האָט אינטערעסירט נאָר צו שפּילן זיך און צו פאַרברענגען די צייט אין געזעלשאַפט פון פריילעכע חברהלייט. ער האָט אויך ליב געהאַט צו אַרבעטן אַלס אַ סטאָליער און האָט געהאַט אַ באַזונדערע שוואַכקייט צו בויען שיפן ווי אויך צו האָבן אַ גרויסע אַרמיי. באַלד האָט ער גענומען שאַפן אַזאַ גרויסע אַרמיי און תיכף דערויף געגעבן אַ באַפעל אַז מען זאָל אויספּרובירן די אַרמיי דורך אַ מאַרש אויף טערקיי, אָבער עס האָט ניט לאַנג געדויערט און ער האָט געהאַט אַ מפּלה נעבן אַזאָוו. פעטער האָט שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען צו זאָגן פּונקט פאַרקערט ווי דאָס וואָס איז געשען און צו דערציילן די מענטשן פון רוסלאַנד, אַז ער האָט געהאַט גאָר אַ גרויסן נצחון. ער האָט אָפּגעוואַרט אַ געוויסע צייט און ווידער געוואָלט אויספּרובירן דעם כוח פון זיין אַרמיי און — דערקלערט קריג צו שוועדן. אין אָט דער מלחמה איז ער אַריינגעפאַלן אַזוי אַז ער האָט זיך ניט געקענט אַרויסדרייען, אָבער אין אָט דער מלחמה האָט ער זיך באַקענט נענטער מיט די אייראָפּעער און געזען פאַרוואָס זיי זיגן אין אַלע

שלאַכטן. ער האָט דעריבער באַשלאָסן נאָכצוטאָן די אייראָפּעער און אָפּצולערנען פון זיי פיל זאַכן, סיי פאַרן ציווילן לעבן און סיי אין פאַל פון אַ מלחמה. ער האָט דעריבער באַשלאָסן צו אייראָפּעאיזירן רוסלאַנד.

כדי דאָס אויסצופירן האָט ער באַשלאָסן צו מאַכן אַ רייזע איבער אייראָפּע און זען מיט די אייגענע אויגן ווי אַזוי עס פירט זיך ביי אַנדערע פעלקער. די ערשטע זאַך וואָס ער האָט געזען איז געווען אַז די אייראָפּע־אישע סאָלדאַטן האָבן ניט קיין בערד, ווי עס איז געווען דעמאָלט אין רוסלאַנד, האָט ער גלייך זיך איינגעשאָפּט פיל טויזנטער שערן און גע־געבן אַ שער יעדן רוסישן סאָלדאַט אַז ער זאָל אָפּשערן די באָרד. ער האָט אויך געהייסן, אַז מען זאָל די וואָס ווילן ניט אָפּשערן זייערע בערד, צווינגען דערצו. אויך די פויערים האָט ער געהייסן, אַז זיי זאָלן זיך אָפּשערן זייערע לאַנגע בערד און אויב איינער וועט ניט וועלן, זאָל מען אים אויסרייסן די האָר פון דער באָרד מיט געוואַלד.

באַלד דערנאָך האָט ער זיך גענומען צו דער קליידונג. די רוסן האָבן אַ חוץ לאַנגע בערד, אויך געטראָגן לאַנגע קאַפּטאַנעס וואָס האָבן דערגרייכט ביז צו דער ערד, האָט פעטער באַפוילן, אַז זיי זאָלן אַרומשניידן די קאַפּטאַנעס און טראָגן מאָדערנע קליידער. ער אַליין האָט אָפּט געכאַפּט אַ שער און האָט אָפּגעשוירן אַ שטיק פון דעם קאַפּטאַן פון די נאָבל־לייט. ער האָט זיי אויך אָנגעזאָגט, אַז זיי מוזן זיך אָנטאָן מאָדערנע אייראָ־פעאישע מלבושים, אַז ניט, וועט ער זיי דערפאַר באַשטראָפן.

באַלד האָט פעטער זיך אָנגעשטויסן אויף אַ ווידערשטאַנד פון רוסישן פאַטריאַרך (וואָס הערשט איבער די רוסן אַזוי ווי דער קאַטוילי־שער פויפּסט איבער די קאַטויליקן). דער פאַטריאַרך האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף ניט אָפּשאַפן די קליידער פון די רוסישע בירגער. ער איז אויך געווען קעגן דעם, אַז די רוסישע בירגער זאָלן אָפּשערן זייערע בערד. ווי עס ווערט איבערגעגעבן, האָט דער פאַטריאַרך זיך פאַרגעשטעלט גאָט מיט אַ גרויסער באָרד און אַ לאַנגן קאַפּטאַן, און אַזוי ווי מיר מענטשן זיינען געשאַפן געוואָרן אין געשטאַלט פון גאָט, מוזן מיר אויך טראָגן לאַנגע בערד און גיין אָנגעטאָן אין לאַנגע מלבושים.

אָט־דער קאַמף האָט געדויערט יאָרן־לאַנג. ענדלעך זיינען פעטערן מיאוס געוואָרן די אַרגומענטן מצד דעם פאַטריאַרך קעגן אים און ער האָט אים אַראָפּגעזעצט פון אַמט און זיך אַליין דערקלערט פאַרן הויפּט פון דער קירך אין רוסלאַנד.

פעטער האָט זיך איצט גענומען מאַכן נאָך רעפאָרמען און פיל פון

זיי זייער וויכטיקע, אַזוי האָט ער באַשטימט אַ סענאַט, וואָס זאָל אַנט־שיידן וועגן אַלע וויכטיקע פראַגן פון לאַנד. ער האָט אויך איינגעטיילט דאָס לאַנד אין גובערניעס און באַשטימט אַ גובערנאַטאָר פאַר יעדער גובערניע. ער האָט געשאַפן פיל שאָסייען און אויך איינגעפירט נייע אינדוסטריעס אין לאַנד, פון וועלכע מען האָט פריער אין רוסלאַנד ניט געוואוסט; ער האָט אויך געהייסן גראָבן נייע קאַנאַלן און דאָס וויכטיקסטע איז געווען דאָס, וואָס כאָטש ער אַליין האָט ניט גענאָסן פון קיין בילדונג אין זיין יוגנט, האָט ער דאָך פאַרשטאַנען די הויכע באַדייטונג פון ביל־דונג פאַרן לאַנד און געשאַפן פיל שולן און אוניווערסיטעטן. ער האָט אויך געשאַפן פיל שפּיטאָלן און האָט אויך געגרינדעט טעאַטער־טרופּן און געבויט פאַר זיי טעאַטערס.

אָבער אַט דאָס אַלץ האָט ער ניט געטאָן מיט קיין פּלאַן, מיט קיין סיסטעם, אָדער דורך אַ באַראַטונג פריער מיט וויכטיקע מענטשן פון לאַנד. ער האָט געזען אַט־די אַלע זאַכן אין אייראָפּע און האָט עס איינגעפירט אויך ביי זיך אין רוסלאַנד. ער האָט אַזוי־אַרום ביסלעכווייז געמאַכט פון רוסלאַנד אַן אייראָפּעאישע מדינה. ער האָט בכלל ליב געהאַט נאָכצוטאָן דאָס וואָס אַנדערע טוען. ווען ער איז געווען אין האָלאַנד, האָט ער געזען ווי אַ דענטיסט רייסט אַרויס אַ צאָן ביי עמיצן. האָט ער געזאָגט, אַז ער קען עס אויך און האָט גענומען רייסן ציין ביי די הויף־לייט. אַ צווייט מאָל האָט ער געזען ווי אַ דאָקטאָר מאַכט אַן אָפּעראַציע, האָט ער געזאָגט, אַז ער קען עס אויך און טאַקע געמאַכט אַזאַ אָפּעראַציע אויף אַ קראַנקן, פון וואָס דער פּאַציענט איז געשטאָרבן.

שפּעטער איז אים איינגעפאַלן צו בויען אַ נייע שטאָט אין די בלאָטעס פון דעם באַלטיק און אויסגעבויט די שטאָט וואָס ער האָט אָנגע־רופן מיט אַ דייטשן נאָמען פּעטערסבורג. אָבער דאָס אויסבויען די שטאָט האָט אָפּגעקאָסט די לעבנס פון 130,000 מענטשן.

אָבער ער איז דאָך געבליבן ביי דעם אַלעם אַ שטיק באַרבאַר. אַזוי האָט ער אין די שפּעטערע יאָרן איינגעלאַדן אין הויף אַ פראַנצויזישן לערער צו לערנען מיט אים פראַנצויזיש. ווען ער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס דער לערער האָט צו אים געזאָגט, האָט ער אים דערלאַנגט מיט אַ דובינע איבערן קאָפּ. ער האָט אויך פאַרמשפּט אַ גרופּע מוזשיקעס צוליב אַ קליינעם פאַרברעכן און האָט אַליין געגאָסן נאַפט אויף זייערע קליידער און זיי אונטערגעצונדן. איינמאָל איז ער געוואויר געוואָרן, אַז אַ גרופּע סאָלדאַטן האָט זיך צעבונטעוועט, האָט ער געהייסן אָפּהאַקן זייערע קעפּ. באַלד האָבן די תלינים גענומען האַקן קעפּ גלאַט אַזוי אין

דער וועלט אַריין און אַזוי־אַרום אומגעבראַכט ביז 12,000 סאָלדאַטן...
איינמאָל, ווען ער איז געוואויר געוואָרן, אַז די קייזערין האָט אַ געליבטן
האָט ער אַליין אָפּגעהאַקט דעם געליבטנס קאָפּ און אים געהאַלטן אין עסיק
אין אַזאַ גלעזערנעם כלי אין איר שלאָף־צימער.

ער איז געשטאָרבן פון אַ ווענערישער קראַנקייט אין יאָר 1725.

* * *

די רוסישע היסטאָריקער רופן אים אָן „פּעטער דער גרויסער״,
אָבער מיט וואָס איז ער דאָס געווען גרויס ? זיכער ניט צוליב די עטלעכע
רעפאָרמען וואָס ער האָט איינגעפירט אין רוסלאַנד, רעפאָרמען, ניט ווייל
ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי זיינען נויטיק, נאָר ווייל ער האָט געזען
אַזעלכע אינסטיטוציעס אין מערב־איראָפּע און עס נאָכגעטאָן כמעט
בלינדערהייט, אָן שום פּלאַן. פּעטער איז געווען אַן אַכזר, אַ מענטש וואָס
האָט ניט געטראַכט פון קיינעם אויסער פון זיך ; איינער, וועלכער האָט
צוליב זיינס אַ קאַפּריז געקענט אומברענגען טויזנטער מענטשן. מיט
איין וואָרט, ער איז געווען אַ טיראַן, אַ דעספּאָט פּונקט אַזוי ווי אַלע
צאַרן פאַר אים.

.XI

# די רעוואלוציעס אין אייראפע

## 77. די פראַנצויזישע רעוואָלוציע

די סיבות פון דער רעוואָלוציע. — די שטורעם און דראַנג עפּאָכע פון גאַנצן 18־טן יאָרהונדערט אין גאַנץ אייראָפּע. — פאַרוואָס לואי דער 16־טער האָט געהאָלפן דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע. — דער קאַמף פון פראַנצויזישן קעניג קעגן דער בורזשואַזיע. — די דריי עפּאָכן פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. — די ראָלע פון טעראָר אין אַ רעוואָלוציע.

די פראַנצויזישע רעוואָלוציע, וועלכע איז אויסגעבראָכן אין יאָר 1789, איז ניט געווען קיין פלוצלינגדיקע דערשיינונג. עס האָט געקאָכט און געזאָטן ווי אין אַ קעסל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין גאַנץ אייראָפּע שוין אין דעם גאַנצן יאָרהונדערט. דער גאַנצער אַכצנטער יאָרהונדערט איז געווען אַ צייט פון רעוואָלוציע, ניט נאָר בלויז אין פראַנקרייך, נאָר אין גאַנץ אייראָפּע און אויב איר ווילט, אין דער גאַנצער וועלט. אומעטום, אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער, האָט מען שוין געמאַכט פּראָבעס צו באַפרייען זיך פון די דאָגמעס פון די קלעריקאַלן און פון דער זעלבסטהערשאַפט פון די קעניגן. ווען וואָלטער איז אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט געקומען קיין פּאַריז כדי זיך דאָרטן צו באַגעגענען, אין דער אַקאַדעמיע פון וויסנשאַפטן מיטן גרויסן אַמעריקאַנער קעמפער פאַר פרייהייט, בנימין פרענקלין, האָבן ביידע רעוואָלוציאָנערן זיך אַרומגעכאַפּט און געקושט און די צוזעער האָבן דערביי אויסגעשריען: „די אַמעריקאַנער רעוואָלוציע וועט העלפן אונדזער רעוואָלוציע!״.

געקומען איז אייגנטלעך בנימין פרענקלין דעמאָלט קיין פּאַריז מיט גאָר אַן אַנדערן צוועק. דער געדאַנק איז געווען, אַז אַזוי ווי ענגלאַנד איז פאַרהאַסט אין פראַנקרייך, וועט זי, פראַנקרייך, אפשר העלפן דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע דורך אַרויסטרעטן קעגן ענגלאַנד. בנימין פרענקלין האָט אין דער הינזיכט טאַקע דערגרייכט זיין ציל. לואי דער 16־טער, דער לעצטער קעניג פון פראַנקרייך, וועלכער האָט אַלעמאָל נאָר אַרויסגעקוקט דערויף אַז ענגלאַנד זאָל האָבן אַ מפּלה, האָט צוגעזאָגט צו העלפן די פאַראייניקטע שטאַטן. דער קעניג האָט אָבער דאָס געטאָן ניט ווילנדיק. פון איין זייט האָט ער טאַקע געוואָלט דערלאַנגען אַ קלאַפּ ענגלאַנד, אָבער פון דער אַנדערער זייט, האָט ער זיך געטראַכט, אַז דאָס מיינט צו העלפן אַ רעוואָלוציע. עס מיינט צו העלפן רעוואָלוציאָנערן און

דאָס קען ווערן געפּערלעך פאַר אים אַליין. דער קעניג האָט געהאַט אַ נעגאַטיוון צוגאַנג צו דער אַמעריקאַנער קאָמאָנוועלט, וואַשינגטאָן, דזשעפּערסאָן, פרענקלין און פּעין זיינען געווען ניט קיין פיינע מענטשן. זיי זיינען אַלע געווען אין זיינע אויגן ניט בלויז קעמפער קעגן אַ זעלבסט-הערשאַפט, נאָר אויך קעמפער קעגן גאָט. ער האָט זיי באַטראַכט פאַר גאָטלאָזע. צוליב דעם האָט דער קעניג אייגנטלעך ניט געהאַט קיין חשק צו העלפן זיי אין זייער אַרבעט, אָבער דער געדאַנק, אַז דורך דער הילף, וואָס ער וועט זיי געבן, וועט ער דערלאַנגען אַ קלאַפּ ענגלאַנד האָט אַריבערגעוואויגן און ער האָט די רעוואָלוציאָנערן געגעבן געלט, סאָל-דאַטן און שיפן, אָבער — ער האָט געהיט אַז זיי זאָלן ניט פאַרפלאַנצן די אידעע פון רעוואָלוציע אויך אין זיין לאַנד, אָבער דאָס האָט ער ניט געקענט פאַרמיידן. און אַזוי איז געשען אַז אין פרילינג פון יאָר 1789, אַ פּאָר טעג נאָך דער אינאַגוראַציע פון וואַשינגטאָן אַלס פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע אין פראַנקרייך.

* * *

די סיבות פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע זיינען געווען פיל, אָבער אין תוך גענומען, האָט די רעוואָלוציע געמוזט קומען, ווייל די אַלטע לעבנס-פאָרמען פון די פריערדיקע יאָרהונדערטער האָבן מער ניט געטויגט פאַר דעם נייעם שטראָם פון לעבן אין דעם נייעם סאָציאַלן און עקאָנאָמישן געבוי פון דער געזעלשאַפט. די פאַרשקלאַפטע נידעריקע קלאַסן זיינען געוואָרן וואָס אַמאָל אַלץ מער אומרואיק. מען איז ניט געווען צופרידן סיי מיט דער קירך און סיי מיט דער רעגירונג. די זאָמען פון פרייען געדאַנק וואָס פיל גרויסע אינטעלעקטואַלן האָבן פאַרזייעט פון אָנהויב פון 18-טן יאָרהונדערט זיינען איצט געוואָרן צייטיק. די גאַנצע סטרוקטור פון דער געזעלשאַפט איז דעמאָלט געווען אַן איבער-בלייבונג פון די אַלטע פעאָדאַלע צייטן וואָס האָט מער ניט געטויגט פאַר דער נייער צייט. אין לאַנד האָבן געהערשט די אַריסטאָקראַטן און לאַנד-באַזיצער און נאָך זיי די קלעריקאַלן. דאַקעגן האָבן די פּויערים און דער נייער כוח — די בורזשואַזיע — קיין שום דעה ניט געהאַט.

עס איז געווען אַזוי: צוליב דעם וואָס די בורזשואַזיע איז געווען אַ נייער כוח, האָט מען זי, ווען עס איז געקומען צו זאָגן עפּעס, ניט צוגעלאָזט צום פּסוק, אָבער דערפאַר, ווען מען האָט געדאַרפט אַרויפלייגן שטייערן, איז זי געווען די ערשטע אויף וועלכער מען האָט אַרויפגע-

וואָרפן דעם הויפּט־יאָך. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געשטאַמט פון סאַמע שפּיץ, פון קעניג לואי דעם 16־טן, און דעריבער איז דער צאָרן קעגן אים וואָס אַמאָל געוואַקסן. דערצו דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז דער הויף פון לואי דעם 16־טן און פון מאַריאַ אַנטואַנעט איז געווען זייער עקס־טראַוואַגאַנט, האָט ווייט איבערגעשטיגן דעם גרויסן לוקסוס פון די פריערדיקע קעניגן, און מיט די גרויסע געלטער וואָס מען האָט גע־שטיצט די אַמעריקאַנער רעוואָלוציע, איז ממש די קאַסע פון דער רעגירונג געוואָרן ליידיקלעך. מען האָט גערופן אַ פאַרזאַמלונג פון די אַריסטאָקראַטן וועגן נייע הויכע שטייערן, אָבער זיי האָבן דאָס אָפּגעוואָרפן.

קעניג לואי דער 16־טער האָט דעריבער געמוזט פונאַנדערלאָזן דעם פאַרלאַמענט, וואָס האָט אים ניט געוואָלט העלפן און אַליין זוכן וועגן און מיטלען, אַז עס זאָל אַריינקומען געלט אין דער רעגירונגס־קאַסע. ער האָט זיך דעמאָלט געווענדעט צו דער בורזשואַזיע, אָבער זי האָט זיך אָפּגעזאָגט צו געבן געלט אָן צו קריגן מער אָנערקענונג. ווען דער קעניג האָט געוואָלט אָננעמען שטרענגע מיטלען קעגן דער בורזשואַזיע, איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע. אין איר ערשטער פאָרם איז עס געווען בלויז דורך רופן אַ פאַרזאַמלונג פון דעם בורזשואַזן קלאַס, צו וועלכן די אַנדערע קלאַסן זיינען אויך איינגעלאַדן געוואָרן. דער קעניג האָט געהייסן פאַרשליסן דעם זאַל און ניט אַריינלאָזן די פאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע. די דעלעגאַטן זיינען אַוועק אין אַן אַנדער הויז און דאָרטן געעפנט זייער פאַרזאַמלונג. און באַלד אין אָנהויב האָבן זיי זיך אָפּגע־געבן אַ שבועה ניט צו רוען ביז עס וועט אָנגענומען ווערן אַ קאָנסטיט־טוציע. דער קעניג האָט אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן די דעלעגאַטן, אָבער די דעלעגאַטן מיט מיראַבאָ אין דער שפּיץ זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן אים. ענדלעך האָט דער קעניג שפּעטער נאָכגעגעבן און דערלויבט די פאַרזאַמלונג, אָבער מען האָט די דעלעגאַטן געסטראַשעט, מיט אַן אַרמיי, וואָס וועט אַרויסגעשיקט ווערן קעגן זיי. דאָס האָט שוין אַרויסגערופן דעם צאָרן פון אַלע און דעם 14־טן יולי איז אויסגעבראָכן די אמתע רעוואָלוציע. דער המון האָט געעפנט די געפענגעניש־הייזער, אַרויסגע־לאָזט די אַרעסטירטע און צעשטערט די באַסטיליע.

אין דעם צווייטן אַקט זעט מען שוין אַ נייע רעגירונג, די קאָמונע אין פּאַריז, און אַ נייעם מיליטערישן כוח, די נאַציאָנאַלע גוואַרדיע, וואָס דער קעניג איז געצוואונגען געוואָרן צו אַנערקענען. איבער גאַנץ פראַנק־רייך זיינען פאָרגעקומען אומרוען. פּאַלאַצן האָבן געקראַכט און די שטייערן־איינמאָנער האָט מען געשלאָגן און באַליידיקט. דאָס האָט גע־

בראַכט דערצו אַז די קלעריקאַלן און די אַריסטאָקראַטיע, מורא האָבנדיק פאַר זייער לעבן, האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע פריווילעגיעס.

דער דריטער אַקט הויבט זיך אָן, ווען מען האָט זיך דערוואוסט אין פּאַריז, אַז דער הויף אין ווערסאַל טוט אַלץ וואָס ער קען נאָר, כדי צו צעשטערן די רעוואָלוציע און אַז מען האַנדלט אַפילו אין דער שטיל אונטער מיט פרעמדע מלוכות צו שיקן זייערע אַרמייען קעגן די רעוואָלוציאָנערן. דער צאָרן פון פאָלק איז איצט אויסגעבראָכן און די פרויען פון פּאַריז האָבן מאַרשירט קיין ווערסאַל צו שטורעמען דעם פּאַלאַץ פון קעניג. די פירער פון דער רעוואָלוציע האָבן אויף קיין פאַל ניט געקענט מער קאָנטראָלירן די מאַסן. די קעניגלעכע פאַמיליע איז אָפּגעפירט געוואָרן אין אַרעסט קיין פּאַריז.

די קאָנסטיטואירנדע פאַרזאַמלונג האָט איצט פאַרגעזעצט די רעוואָלוציאָנערע אַרבעט און אָנגענומען דאָס געזעץ וואָס הייסט „די רעכט פון יעדן מענטש״ און אויך געשאַפן אַ נייע קאָנסטיטוציע פאַר פראַנקרייך. זי האָט אויך קאָנפיסקירט דאָס פאַרמעגן פון די קירכעס און פונאַנדערגעלאָזט אַלע רעליגיעזע אָרדנס. פרייהייט איז איצט געוואָרן דער סלאָגאַן פון אַלע. דאָס פייער פון דער רעוואָלוציע האָט זיך אַלץ מער פאַרשטאַרקט. מען האָט אָפּגעשאַפט די מאָנאַרכיע און אויסגערופן אַ רעפּובליק (אין סעפּט. 1792). דער קעניג לואי דער 16־טער איז פאַרמשפּט געוואָרן אַלס פאַררעטער און מען האָט אים אָפּגעהאַקט דעם קאָפּ (יאַנואַר, 1793).

* * *

קוקן מיר זיך גוט צו צו די געשעענישן זעט מען, אַז אין אירע ערשטע צוויי טיילן איז די פראַנצויזישע רעוואָלוציע געווען ריין פון בלוט־פאַרגיסונג. אַפילו ווען עס זיינען אָנגענומען געוואָרן אַזעלכע דראַסטישע געזעצן ווי צו קאָנפיסקירן דאָס פאַרמעגן פון דער קירך און עס איבערצוגעבן צו דער מלוכה, זיינען דערביי קיין מאָרדן ניט פאָרגעקומען. דאָס זעלבע איז געווען אויך ווען מען האָט פאַרבאָטן די טעטיקייט פון די געבעט־הייזער און די אָפיציעלע קריסטלעכע רעליגיע. מיט אַנדערע ווערטער מיינט עס, אַז אַזוי לאַנג ווי די רעוואָלוציע איז געגאַנגען מיט איר נאַטירלעכן גאַנג (אַ רעוואָלוציע קען האָבן אַ נאַטירלעכן גאַנג און אויך אַ ניט־נאַטירלעכן) איז אַלץ געווען אָן מלחמות און אָן באַזונדערע קאַמפן.

די אמתע צרות האָבן זיך אָנגעהויבן, ווען אַנדערע מלוכות האָבן

געוואָלט אויסנוצן די רעוואָלוציע אַלס אַ צייט, ווען פראַנקרייך איז שוואַך און זיך אָפּצורעכענען מיט איר זייערע אַלטע חשבונות. דאָס האָבן געטאָן דער קעניג פון פּרייסן און דער קעניג פון עסטרייך. זיי האָבן זיך געטראָפן אין פּילניטץ אין יאָר 1791, כדי איבערצורעדן וועגן אויסנוצן די רעוואָלוציע אין פראַנקרייך, אַריינצושיקן אַהין אַן אַרמיי וואָס זאָל אָנפירן אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן קאַמף קעגן דער פראַנצויזישער „קאָמונע" (די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי) און זיי האָבן טאַקע צוזאַמענגעשטעלט אַן אַרמיי פון אַרויסגעטריבענע פראַנצויזישע אַריסטאָקראַטן און סתם מאָנאַרכיסטן, מיט דער דערקלערונג, אַז דאָס צוריק אויפשטעלן די מאָנאַרכיע סיסטעם אין פראַנקרייך איז אַ זאַך וואָס איז וויכטיק פאַר דער גאַנצער וועלט.

די דאָזיקע דערקלערונג פון די צוויי לענדער האָט אַרויסגערופן די גרעסטע פּאַניק אין פּאַריז. דער געדאַנק, אַז דאָס איז געווען די אַרבעט פון קעניג לואי דעם 16־טן, וועלכער איז געווען גרייט צו ראַטעווען זיין לעבן און זיין אַבסאָלוטע הערשאַפט, אַפילו אויף די קאָסטן פון דער באַפעלקערונג פון לאַנד, האָט נאָך מער אויפגערעגט יעדן פראַנצויז. עס איז איצט געוואָרן אין פראַנקרייך אַ מין היסטעריע צו קעמפן קעגן דער מאָנאַרכיע און קעגן אַלע וואָס העלפן איר. דאָס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן מיט שחיטות אויף די אַדל־לייט, מיט אָנפאַלן אויף די גלחים און מיט שטורעמען די געפענגעניש־הייזער. דער ציל פון די רעוואָלוציאָנערן איז איצט געוואָרן ניט נאָר צו קעמפן דערפאַר, אַז פראַנקרייך זאָל זיין אַ רעפּובליק, נאָר צו מאַכן אַזוי, אַז גאַנץ אייראָפּע זאָל זיין אַ קייט פון רעפּובליקאַנישע מלוכות. אָבער דערמיט האָט זיך איצט אָנגעהויבן אַ הערשאַפט פון טעראָר, פון איינער קעגן אַנדערן, פון וואַרפן חשדים און באַשולדיקונגען רעכטס און לינקס, און קעפּ זיינען געפאַלן, אַפילו פון די בעסטע רעוואָלוציאָנערן. ראָבעספּיער האָט איצט געהערשט מיט אַ ברייטער מאַכט און געשיקט צו דער גילאָטינע די בעסטע זין פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. דאָס האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע מיטן טויט פון דעם גרעסטן קעמפער פאַר פרייהייט — דאַנטאָן. נאָך זיין טויט איז שוין די שווערד געפאַלן אויך אויף ראָבעספּיערן און דער טעראָר האָט אויפגעהערט.

* * *

עס איז קיין ספק ניט, אַז ווען טעראָר באַגלייט אַ רעוואָלוציע, ווערט זי דער סם־המות פון דער רעוואָלוציע גופא. דורך האַקן קעפּ האָט נאָך קיינער ניט עפּעס געשאַפן. דערמיט האָט מען נאָך זייט די

וועלט שטייט גאָרניט געבויט. טעראָר איז אָפט אַ צושטאַנד פון פּאַניק וואָס כאַפּט ארום רעוואָלוציאָנערן מורא האָבנדיק, אַז זיי וועלן פאַרלירן די רעוואָלוציע. דאָס האָט מען אויך געקענט זען אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע, וואו דער טעראָר האָט געהערשט זייער שטאַרק. ווען עס קומט טעראָר, איז עס אַ באַגלייט־דערשיינונג פון אַ שרעקלעכער מורא וואָס עס באַפאַלט די פירער פון דער רעוואָלוציע און זיי כאַפּן זיך צו דער שווערד...

אָבער מען דאַרף אויך ניט צופיל איבערטרייבן דעם צושטאַנד פון טעראָר, וואָס עס האָט געהערשט אין פראַנקרייך אין יענע טעג. אין דער הינזיכט איז גערעכט ה. דזשי. וועלס, ווען ער זאָגט אין זיין „אוטלאַין אָוו היסטאָרי״, אַז די ציפערן וועגן דעם טעראָר פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע זיינען שטאַרק איבערגעטריבן און אויך ניט ריכטיק אָנגעגעבן. ער ווייזט אויף, אַז דאָס איז געשען ווען די רעוואָלוציע איז אַריבער פון אַ פרידלעכער לאַגע אין לאַנד גופא צו אַ צושטאַנד פון מלחמה מיט אַן אויסערלעכן שונא, וואָס האָט דערקלערט קריג פראַנקרייך און אַז דאָס זיינען געווען קרבנות פון מלחמה־צושטאַנד און זיינען דעריבער ניט גרויס.

ווען מען קוקט זיך גוט צו — שרייבט וועלס — זעט מען, אַז בכלל זיינען אומגעקומען אין יענער צייט אַן ערך פון 4,000 אַריסטאָקראַטן. אַ גענויע אויספאָרשונג ווייזט, אַז פון דער צאָל איז דאָס רוב געווען אַזעלכע, וועלכע זיינען צוגעשטאַנען צום שונא פון דרויסן. דאָס מיינט, אַז זיי זיינען געווען פשוטע פאַררעטער פון לאַנד אין אַ צייט פון קריג. דאָס רוב פון די אַריסטאָקראַטן זיינען צוגעשטאַנען אויף איין אופן אָדער אויף אַן אַנדערן צו די פיינדלעכע לענדער, וואָס זיינען אָנגעפאַלן אויף פראַנקרייך. פאַר זיי איז געווען קלאָר, אַז אויב זיי וועלן געכאַפּט ווערן וועלן זיי געמשפּט ווערן, ווי פאַרברעכער, דעזערטירער און שפּיאָנען. אין דעם זין קען מען זאָגן, אַז למשל אין דער ערשטער וועלט־מלחמה זיינען געפאַלן אין פראַנקרייך מער מענטשן אין איין חודש ווי אין דער גאַנצער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. דאָס וואָס מען האָט אַזוי שטאַרק געשריבן וועגן טעראָר פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע נעמט זיך דערפון וואָס די אומגעקומענע זיינען געווען אַריסטאָקראַטן. ווען עס וואָלטן געפאַלן אָרעמע מענטשן, וואָלט מען אפשר ניט געמאַכט אַזאַ גערוואַלד.

אָבער צי אַריסטאָקראַטן, צי אָרעמע מענטשן — טעראָר איז טע־

ראָר. די הערשאַפט פון טעראָר אין אַ צייט פון רעוואָלוציע, ווען מען וויל שאַפן עפּעס נייעס, עפּעס גוטעס פאַר דער מענטשהייט, איז אַ גרויסער טעות. עס איז דעריבער געווען אָט־דער טעות וואָס האָט געפירט דערצו, אַז די רעוואָלוציע איז אויך דערמיט אומגעקומען, און אָנשטאָט אַ רעפּוב־ליק, איז צוריקגעקומען אַ מאָנאַרכיע, אָט־די פון נאַפּאָלעאָנען.

## 78. ווען נאַפּאָלעאָן האָט געהערשט איבער אייראָפּע

ווער איז געווען נאַפּאָלעאָן? — ער איז געקומען אין אַ מאָמענט ווען פראַנקרייך האָט זיך געניטיקט אין אַ מיליטערישן העלד צוליב אירע שונאים פון דרויסן. — ווי ער האָט זיך געמאַכט א נאָמען אַלס גרויסער גענעראַל. — זיין מפּלה אין עגיפּטן. — ער קומט צוריק און שטייגט דאַך, ביז ער ווערט קייזער פון פראַנקרייך. — זיין מאַרש אויף רוסלאַנד און זיין גרויסע מפּלה.

ווען די פראַנצויזישע רעוואָלוציע האָט געהאַלטן ביים פאַרלירן אַלץ וואָס זי האָט געהאַט דערגרייכט, האָט זיך באַוויזן אויף דער אַרענע נאַפּאָלעאָן.

נאַפּאָלעאָן האָט אָפּגעראַטעוועט די רעוואָלוציע אויף אַזוי ווייט, אַז זי זאָל ניט אַלץ פאַרלירן און אַז עס זאָל ניט זיין צוריק אין פראַנקרייך ווי עס איז געווען פריער, אונטער דער הערשאַפט פון די לואיס, די קעניגן פון פראַנקרייך; נאַפּאָלעאָן האָט אויך אָפּגעראַטעוועט פראַנקרייך פון די נעגל פון פּרייסן און עסטרייך, וואָס האָבן געלויערט אויף איר. אַזוי הייסט עס אין די היסטאָריע־ביכער.

אָבער די ביכער פאַרגעסן דערביי, אַז נאַפּאָלעאָן האָט צוריקגעבראַכט די מאָנאַרכיע און אַלע איבלען וואָס עס זיינען פאַרבונדן מיט איר. נאַפּאָלעאָן האָט געפירט גרויסע מלחמות און האָט פאַרגאָסן אַ סך בלוט פון פראַנצויזישע און אַנדערע בירגער. נאַפּאָלעאָן האָט זיך געטראָגן איבער אייראָפּע אין דעם ערשטן צענדליק פון 19־טן יאָרהונדערט, ווי אַ שטורעם־ווינט וואָס רייסט אויס אַלט־פאַרוואָרצלטעביימער צוזאַמען מיט זייער שטאַם; ווי אַ בייזער כוח וואָס ענדערט איבער לעבנס־פאָרמען, אינסטיטוציעס און אַלטע איינגעבירגערטע מנהגים, אָבער — איז דאָס אַלץ געווען צום גוטן? איז נאַפּאָלעאָן טאַקע געווען אַ פּאָזיטיווער כוח? האָט ער מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ ליבעראַלע קראַפט און אַלץ וואָס ער האָט געטאָן איז געווען צו באַפרייען די בירגער פון אייראָפּע? אָדער, אפשר גאָר איז ער געווען באַהערשט פון דעם מיטלאַלטלעכן גייסט פון די אייראָפּעאישע מלוכות?

* * *

נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1769, אויפן אינדזל קאָרסיקאָ, אַלס זון פון קאַרלאָ און לעטיציא באָנאַפּאַרטע. דער

יונגער נאַפּאָלעאָן האָט געקראָגן זיין דערציאונג אין פּאַריז אין די דאָר־טיקע מיליטערישע שולן און האָט פון זיין פריער יוגנט אָן געשטרעבט צו זיין אַ קריגס־העלד. ער האָט דאָס אויך דערגרייכט.

ווען עס איז געוואָרן אין פּאַריז שלעכט, און די פירער פון דער רעוואָלוציע האָבן מורא געקראָגן פאַר דער אַריינמישונג פון פרעמדע מלוכות, האָבן זיי, דעריבער, גערופן אָט דעם יונגן באָנאַפּאַרט און אים געגעבן אַן אַרמיי, מיט וועלכער ער זאָל אַרויסטרעטן קעגן די אויסערלעכע שונאים און ראַטעווען די רעוואָלוציע.

פאַרוואָס, אָבער, האָבן זיי גערופן פונקט אים? דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס ער האָט שוין געהאַט אָפּגעהאַלטן אַ נצחון איבער די מאָנאַרכיסטן, וועלכע האָבן געמאַכט אַן אויפשטאַנד אין 1795, און דער־מיט האָט ער געוויזן צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז ער איז געטריי די אידעאַלן פון דער רעוואָלוציע, און, צווייטנס, אַז ער איז אַ גוטער סטראַטעג און קען אָפּהאַלטן אַ זיג אַפילו איבער אַ שונא וואָס איז זייער שטאַרק.

די פירער פון דער רעוואָלוציע האָבן אים, דעריבער, געהייסן ער זאָל פאַרטרייבן די אויסלענדישע כוחות פון פראַנקרייך און — נאָך עפּעס: ער זאָל אַריינפירן די רעוואָלוציע אין אַלע לענדער פון אייראָפּע.

נאַפּאָלעאָן איז דעמאָלט אינגאַנצן אַלט געווען 27 יאָר. ער איז נאָך געווען אַ ראַדיקאַל. ער האָט זיך ניט באַזונדערס געפּוצט. אָבער ער האָט שוין געהאַט אָנטיילגענומען אין פאַרשידענע קאַמפן און אַלעמאָל געהאַט דערפאָלג און זיך דערוואָרבן דעם טיטל „גענעראַל פון אַרטילעריע". יאָ, עס איז געווען אין די אַרטילעריע־קאַמפן, וואו ער האָט זיך באַ־זונדערס אויסגעצייכנט — באַזונדערס אַן אויפשטאַנד וואָס איז אים איבערגעגעבן געוואָרן צו אונטערדריקן אין זיין געבורטס־אָרט, קאָרסיקאַ. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז אין יענע קאַמפן האָט ער דערקלערט צו די רעוואָלוציאָנערן, אַז ער איז געקומען „צו ברעכן די קייטן פון שקלאַפעריי"...

אָבער צו זיין אַרמיי האָט ער געזאָגט: „פאַרט קיין קאָרסיקע און האָט דערפאָלג ביים אונטערדריקן די רעוואָלוציע... פאַרגעסט אויך ניט, אַז איר קענט פון דאָרטן אַרויספירן 20 מיליאָן פראַנק... איר קענט קומען צוריק מיט כבוד, גליק און רייכקייט...".

יאָ, אָט די קונסט אָפּצונאַרן ביידע צדדים האָט שוין נאַפּאָלעאָן געקענט נאָך דעמאָלט, ווען ער איז ערשט נאָר וואָס אַרויס אויף דער לעבנס־אַרענע...

עס איז אמת, נאַפּאָלעאָן אַליין האָט זיך אומגעקערט פון יענעם

קאַמף מיט כבוד, גליק און רייכקייט, אָבער צי זיין אַרמיי האָט דאָס געהאַט, איז אַ גרויסער ספק. זיכער ניט יענע טויזנטער, וועלכע האָבן אין די קאַמפן פאַרלוירן זייערע לעבנס.

נאַפּאָלעאָן האָט איצט געחלומט אַז ער וועט ווערן אַ — יוליוס צעזאַר! ער האָט ניט געטראַכט מער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און אויך ניט וועגן די בירגער פון פראַנקרייך, וואָס האָבן געהאָפט אויף אַ בעסערן מאָרגן. ער האָט געטראַכט נאָר פון איינעם, נעמלעך — פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט — און ווי אַזוי ער זאָל שטייגן וואָס אַמאָל אַלץ העכער, ביז ער וועט איינעמען גאַנץ אייראָפּע. ער האָט טאַקע געפירט קאַמפן קעגן עסטרייך און פרייסן און האָט אָפּגעהאַלטן איבער זיי נצחונות וואָס האָבן געמאַכט זיין נאָמען נאָך מער פּאָפּולער.

די פירער פון דער רעוואָלוציע האָבן די גאַנצע צייט מורא געהאַט פאַר ענגלאַנד, אַז זי זאָל ניט קעמפן קעגן דער רעוואָלוציע. דעריבער האָבן זיי געוואָלט, אַז נאַפּאָלעאָן זאָל אַרויס אין קאַמף קעגן ענגלאַנד. אָבער נאַפּאָלעאָן האָט זיך געהיט מיט זיינע שריט. ער האָט געקעמפט אַלעמאָל קעגן אַ שוואַכערן פון זיך. מיט ענגלאַנד האָט ער זיך ניט געוואָלט אָנהויבן, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז זי איז פיל שטאַרקער פון אים.

נאַפּאָלעאָן האָט אָבער ניט געקענט רוען. ער האָט כסדר געמוזט ווייזן דער וועלט, אַז ער איז אַ זיגער און ער האָט, דעריבער, פאַרטראַכט אַ פּלאַן צו קעמפן ניט קעגן ענגלאַנד, נאָר קעגן עגיפּטן. פאַרוואָס עפּעס קעגן עגיפּטן? ווי קומט זי פּלוצים דאָ אַריין אין חשבון? — דער ענטפער דערויף איז, אַז נאַפּאָלעאָן האָט געוואוסט, אַז רוים איז חרוב געוואָרן ניט דורך די קאַמפן, וואָס מען האָט געפירט דירעקט קעגן איר, נאָר פון די קאַמפן וואָס מען האָט געפירט אַרום איר, און ער האָט זיך געטראַכט, אַז אַזוי וועט ער אויך טאָן. ער וועט פירן אַ קאַמף ניט קעגן ענגלאַנד גופא, נאָר קעגן עגיפּטן און באַפרייען אָט דאָס לאַנד פון ענגלישן יאָך. דערמיט וועט ער דערגרייכן צוויי זאַכן: ער וועט געבן אַ קלאַפּ ענגלאַנד און וועט אויך באַפרייען נאָך אַ לאַנד, וואָס איז פאַרשקלאַפט. ערשט שפּעטער וועט ער גיין אויף אַנדערע לענדער, וואָס געפינען זיך אונטער ענגלאַנדס יאָך.

עס איז אויך באַקאַנט נאַפּאָלעאָנס רעדע צו זיין אַרמיי, וואָס ער האָט געהאַלטן ווען ער איז געשטאַנען ביי די פּיראַמידן. ער האָט יענע רעדע געענדיקט מיט די ווערטער: „איר זאָלט וויסן, אַז פערציק יאָר־הונדערטער קוקן אויף אייך און ווילן אַז איר זאָלט זיגן!״, אָבער דאָס

האָט אים וויניק געהאָלפן. ער האָט געהאַט דאָרטן אַ גרויסן דורכפאַל און פאַרלוירן אַ גרויסן טייל פון זיין אַרמיי. עס איז דאָ אַפילו אַ מיינונג, אַז ער האָט געהייסן כלאָראָפאָרמירן אַ גרויסן טייל פון זיין אַרמיי, ווייל ער האָט ניט געוואָלט קומען צוריק מיט אַן אַרמיי וואָס איז געווען אויס־געהונגערט און אָנגעטאָן אין צעריסענע קליידער.

די מפלה אין עגיפּטן האָט איצט געקענט מיינען אַ סוף צו זיינע אילוזיעס. אָבער דאָ איז אונטערגעקומען דער פאַקט, וואָס די פירער פון דער רעוואָלוציע האָבן זיך געפונען דעמאָלט אין אַ צושטאַנד פון באַנקראָט און אין מיטן פון אַ גרויסן כאַאָס. נאַפּאָלעאָן האָט באַלד איינגערעדט אַלעמען, אַז ער האָט אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג אין עגיפּטן און אַז עס האַלט שוין דאָרטן דערביי, אַז דאָס לאַנד זאָל ווערן באַפרייט פון ענגלאַנדס יאָך. צו דעם איז צוגעקומען אָט־וואָס: איינער פון דעם דירעקטאָראַט פון דער רעוואָלוציע, וועלכער האָט געזוכט מאַכט פאַר זיך, ניט וויניקער ווי נאַפּאָלעאָן, האָט געמאַכט אַ פאַרשווערונג און מיט דער הילף פון נאַפּאָ־לעאָנען האָט ער אַראָפּגעזעצט דעם דירעקטאָראַט און געשאַפן אַ נייע רעגירונג — „דעם קאָנסולאַט" (1799) — וואו נאַפּאָלעאָן איז געווען דער גאַנצער אָנפירער.

נאַפּאָלעאָן האָט איצט פאַרשטאַנען, אַז ער מוז ווייטער פירן מל־חמות, כדי מען זאָל אַרויפקוקן צו אים אַלס דער פעלד־מאַרשאַל, וואָס פירט אָן מיט דער אַרמיי פון פראַנקרייך און אויך מיט דער רעוואָלוציע. ער האָט דעריבער געפירט ווייטער קאַמפן מיט פיל אייראָפּעאישע לענדער. דערביי האָט ער אָבער קאָנצענטרירט אַלע פעדעם פון דער מלוכה פון פראַנקרייך אין זיינע הענט. ער האָט איצט געשאַפן די „באַנק דע פראַנס" און איינגעפירט פינאַנסיעלע רעפאָרמען. כדי צו קענען זיין רואיק און ניט מורא האָבן פאַר א שטערונג מצד דער קירך, האָט ער געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט רוים (אין יאָר 1801).

נאַפּאָלעאָנס אַמביציע האָט אים איצט געטריבן צו פאַרנעמען איין פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער. ער מאַכט אַ פּלעביסציט און ווערט אויסגעוויילט אַלס קאָנסול פאַרן גאַנצן לעבן (1802). פון דעם איז שוין געווען ניט מער ווי איין שריט צו באַשטייגן דעם טראָן און — דאָס איז טאַקע באַלד געשען. אַזוי ווי ער איז געווען אין גוטע באַציאונגען מיט רוים, האָט דער פּויפּסט פיוס דער זיבעטער ניט נאָר אים געגעבן זיין ברכה, נאָר אַפילו אַליין אים געקרוינט אַלס „נאַפּאָלעאָן דער ערשטער", דער קייזער פון פראַנקרייך.

קאַרלייל, רעדנדיק וועגן דער קאָראָנאַציע פון נאַפּאָלעאָנען, זאָגט אַרויס דעם געדאַנק, אַז דאָס איז געווען דער אָנהויב פון צווייטן נאַפּאָ־לעאָן, וואָס עס איז געווען דער אמתער נאַפּאָלעאָן. נאַפּאָלעאָן האָט כלומרשט געהאַלטן מיט די פרייהייטס־קעמפּער, אין אָנהויב, ווען ס׳האָט זיך אים געלוינט, אָבער שפּעטער האָט ער זיך אויסגעלאַכט פון זיי און גע־וויזן דער וועלט זיינע אמתע קאָלירן. „די קאָראָנאַציע, זאָגט קאַרלייל, האָט געהאַט די גאַנצע פּאָמפּע פון אַלע פריערדיקע קאָראָנאַציעס פון קעניגן אין פראַנקרייך״; אַלע אידעאַלן פון דער רעוואָלוציע זיינען געווען איצט צעטראָטן, אָבער דאָס האָט אָפּגעקאָסט פראַנקרייך אַ האַלבן מיליאָן פון אירע בירגער.

נאַפּאָלעאָן האָט איצט גענומען אַ נייעם קורס, אַלס מאָנאַרך, אין אַלע ענינים פון אייראָפּע. אויב ער האָט זיך געטראָגן פריער ווי אַ וויכער איבער אַלע אייראָפּעאישע לענדער און געשאַפן רעפּובליקן, כדי צופרידנ־צושטעלן די פירער פון דער רעוואָלוציע, האָט ער איצט געמאַכט פון די רעפּובליקן — מאָנאַרכיעס. ער האָט אָנגעהויבן אַלס פריינד פון די אונטערדריקטע און אָרעמע, אָבער איצט האָט ער עס מער ניט געדאַרפט. איצט איז ער צוגעשטאַנען צו די אונטערדריקער.

נאַפּאָלעאָן האָט אויך אומעטום אַריינגעזעצט עמיצן פון זיין משפחה אַלס הערשער. ער האָט עס געטאָן ניט אויס ליבע צו זיינע אייגענע. ניין, ער אַליין האָט געזאָגט, אַז ער איז ניט לאָיאַל צו זיין משפחה, און אַז עס אינטערעסירט אים ווייניק וואָס עס פּאַסירט מיט זיי. ער האָט, אָבער, דאָס געטאָן, כדי צו ווייזן זיי — און דערמיט אויך דער וועלט — ווי מעכטיק ער איז, אַז ער איז דער הויפּט־הערשער פון אייראָפּע און ער קען טאָן מיט אַלע מלוכות, און אַלע לענדער, וואָס נאָר עס פּאַלט אים איין.

פריער איז אויך נאַפּאָלעאָן, כלומרשט געווען אַן אַטעאיסט, אַזוי האָט ער געזאָגט צו די פירער פון דער רעוואָלוציע, וועלכע זיינען געווען קעגן רעליגיע. איצט, אָבער, ווען ער איז געוואָרן, מיט דער הילף פון פּויפּסט דער קייזער פון פראַנקרייך, איז ער שוין געוואָרן רעליגיעז און שוין געזאָגט, אַז „אָן רעליגיע וועט דער אָרעמאַן קיינמאָל ניט זיין צופרידן אין זיין אָרעמקייט. אויב איינער איז אָרעם און אַ צווייטער רייך, קען דער אָרעמער ניט זיין רואיק ביז איינער וואָס האָט די מאַכט זאָגט אים, אַז אַזוי איז גאָטס ווילן, אָבער דאָס קען נאָר זאָגן אַ הויפּט פון אַ רעליגיע״. נאַפּאָלעאָן האָט איצט שוין געגלויבט, אַז עס מוזן זיין אָרעמע לייט אויף דער וועלט און אַז אין דער הינזיכט וועט זיך גאָר נישט ענדערן, ווייל אַזוי איז דער ווילן פון גאָט.

נאָך מער: ער האָט אַפילו געשטיצט די מיסיאָנערן, וואָס פאָרן אַרום אין דער וועלט און פלעגט זאָגן, אַז זיי, די מיסיאָנערן קענען זיין גוטע שפּיאָנען, ווייל, די, וואָס טראָגן רעליגיעזע קליידער, וועט מען דאָך ניט חושד זיין.

און וואָס ווייטער האָט ער אַפילו שוין געקראָגן דעם מוט צו לאַכן פון די פירער פון דער רעוואָלוציע, וועלכע האָבן נאָך געגלויבט אין פרייהייט און גלייכהייט. ווען ער האָט זיי געהערט רעדן די דאָזיקע רייד, האָט ער פון זיי געלאַכט און זיי אָנגערופן „אידעאָלאָגן"; וואָס עס איז ביי אים געווען אַ שאַנד־וואָרט. אָבער ער האָט בלויז געלאַכט פון זיי ווען זיי האָבן זיך נאָר באַגנוגנט מיט רעדן אַליין, טאָמער אָבער האָבן זיי גענומען מאָנען ביי אים, אַז ער זאָל איינפירן פרייהייט, האָט ער זיי באַלד דערפאַר געהייסן אַרעסטירן.

עס איז געווען קלאָר פאַר אַלע, אַז נאַפּאָלעאָן איז איצט געוואָרן אַן אַנדערער. אָבער גלייכצייטיק אויך מער שרעקעוודיק פאַר אָנפאַלן אויף אים. ער האָט ניט געקענט פאַרטראָגן קיין שום קריטיק און האָט שטיל געמאַכט יעדן איינעם וואָס האָט פּרובירט רעדן אין גייסט פון דער רע־וואָלוציע. ער האָט אויך אונטערדריקט די פּרעסע און ניט געלאָזט אַרויס־זאָגן קיין שום פרייען געדאַנק. ווען מען האָט אים אַמאָל געפרעגט צי ער וועט געבן צוריק די פרייהייט צו דער פּרעסע, האָט ער געענטפערט: „אויב איך זאָל געבן דער פּרעסע פרייהייט, וועט מיין מאַכט ניט אָנהאַלטן קיין דריי טעג".

נאַפּאָלעאָן איז געווען אַ חוץ אַ פאַלשער מענטש און אַ חוץ אַ מענטש אָן אַ הארץ און אָן רחמנות, אויך אַ שטיק קאָמעדיאַנט. ער האָט ליב געהאַט רעקלאַמע און האָט נאָר געוואָלט, אַז מען זאָל רעדן וועגן אים און נאַטירלעך גוטע רייד. ער האָט דעריבער אַלע מאָל געמאַכט עפּעס אַ נייע זאַך, און דערמיט געגעבן אַ נייע פאָרשטעלונג. דערביי האָט ער געקענט מאַכן שטאַרק רעקלאַמע פאַר זיך. אָ, ווי ער האָט געוואוסט דעם גרויסן ווערט פון רעקלאַמע! דאָס קען מען זען פון זיינס אַ ווערטל וואָס ער האָט געזאָגט וועגן דעם: „די גאַנצע קונסט פון אַ פיינער רעפּוטאַציע באַשטייט אין דעם גרויסן טומל וואָס מען מאַכט וועגן דעם. וואָס מער טומל, אַלץ בעסער. וואָס שטאַרקער מען שרייט, אַלץ ווייטער הערט מען עס. געזעצן, מאָנומענטן, אינסטיטוציעס אַפילו פעל־קער — אַלץ פאַרשווינדט אָבער דער טומל וואָס מ'האָט געמאַכט אַרום זיי — דאָס בלייבט, און דער אָפּקלאַנג הערט זיך אַפילו אין די שפּעטערע דורות".

און ער האָט זיך שטאַרק באַנוצט מיט טומל. ער האָט געהייסן געוויסע מענטשן טומלען וועגן אים און שילדערן אים אַלס קעמפער פאַר פרייהייט... כאָטש דאָס איז געווען דורכאויס פאַלש...

נאַפּאָלעאָן האָט זיך אויך געשפּילט מיט די פעלקער פון אייראָפּע און מיט זייערע לעבנס און פאַרמעגנס. ער האָט גערויבט אויף רעכטס און לינקס. ער האָט אָפּגענאַרט אַלעמען, אָבער דערביי האָט ער געשפּילט אַ ראָל פון אַן אומשולדיקן. ער האָט געמיינט, אַז אין אַזאַ דאָפּלטער ראָל וועט ער לאַנג אָנגיין, אָבער זיין פאַלשקייט צו אַלעמען איז געוואָרן אַזוי בולט, אַז אַלע האָבן שוין געזאָגט: גענוג מיט באַנאַפּאַרטען! ווי זאָגט וויקטאָר הוגאָ: „ער האָט זיך אַפילו ביי גאָט אַליין אויף פאַרמיאוסט און ער האָט געזאָגט צו זיך: „גענוג שוין מיט נאַפּאָלעאָנען!” פון דעמאָלט אָן האָט זיך אָנגעהויבן זיין סוף.

אַ יידיש ווערטל זאָגט: ווען גאָט האָט עמיצן פיינט, נעמט ער ביי אים צו דעם שכל. נאַפּאָלעאָנס אַמביציע צו הערשן איבער דער וועלט איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז ער האָט באַשלאָסן איינצושלינגען אויך דעם רוסישן בער און זיך אַריינגעלאָזט אין אַ מלחמה מיט רוסלאַנד (אין יאָר 1812) מיט אַן אַרמיי פון 600,000 מאַן. ער האָט מאַרשירט אויף מאָסקווע. אָבער ער האָט ניט געקענט דאָס לאַנד און ניט די קעלטן וואָס הערשן דאָרט און אַזוי איז געשען, אַז מיט עטלעכע מאָנאַטן שפּעטער האָט ער געמוזט זיך אומקערן מיט אַ קליין הייפל פון דער גאַנצער גרויסער אַרמיי. דאָס איז געווען זיין גרעסטע מפּלה.

אָט־די מפּלה האָט געבראַכט אים אַ נייע מפּלה אין זיין אייגן לאַנד. אַזוי לאַנג ווי ער איז געווען דער זיגער, האָט מען נאָך אין פראַנקרייך געהאַלטן פון אים, אָבער ווען ער איז געפאַלן, האָט מען זיך אַרומגעזען אַז ער איז ניט מער ווי אַ משוגענער מיט אַ שווערד אין דער האַנט און אַלע האָבן זיך פון אים אָפּגעקערט. דער סוף איז געווען, אַז מען האָט אים געכאַפּט און פאַרמשפּט פאַרשיקט צו ווערן אויפן אינדזל עלבאַ, אָבער נאָך עלף חדשים איז ער אַנטלאָפן און צוריק צוזאַמענגעשטעלט אַן אַרמיי און ווידער גענומען קעמפן. אָבער דאָס מאָל האָט ער שוין געכאַפּט די לעצטע מפּלה ביי וואַטערלאָ. ער האָט דעמאָלט געוואָלט אַנטלויפן קיין אַמעריקע, אָבער ער איז געכאַפּט געוואָרן פון די ענגלענדער און פאַרשיקט געוואָרן אויפן אינדזל סט. העלענאַ. דאָרטן האָט ער פאַר־בראַכט זיבן יאָר און אָנגעשריבן זיינע מעמואַרן, אין וועלכע ער רעדט פון זיך ווי וועגן אַ גאָט. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1821.

## 79. צוויי גרויסע דייטשע גייסטער:
## געטע און שילער

די יונגע יאָרן פון געטע. — זיין פאָטער וויל מאַכן פון אים אַן אַד־וואָקאַט אָבער אים ציט צו ליטעראַטור. — ער שרייבט לידער און פירט ליבעס. — ענדלעך פאַרט ער שטודירן פאַרליבט זיך אָבער ווידער אין אַ מיידל און וויל באַגיין זעלבסטמאָרד. — ער באַשליסט אָנצושרייבן פריער אַ בוך וועגן זיינעליידן און פאַרפאַסט „ווער־טערס ליידען". — עס ווערט אַ „בעסט סעלער". — געטע אַלס גרויסער געלערנטער און אַלס געהאָרכזאַמער דייטש. — זיין פריינד־שאַפט מיט פרידריך שילער ביז יענער איז געשטאָרבן. — וואָס איז אַזוינס זיין ווערק „פאוסט"?

אין פאַרלויף פון גאַנצן אכצנטן יאָרהונדערט זיינען אַרויסגע־קומען אויף דער לעבנס־אַרענע גרויסע גייסטער אין אַלע לענדער פון אייראָפּע. די צייט איז געווען אַ שטורמישע, אַן איבערגאַנגס־עפּאָכע פון די אַלטע צייטן צו דער נייער און עס זיינען, דעריבער, דאָס רוב פון די גרויסע גייסטער געווען אויסגעשפּראָכענע רעוואָלוציאָנערן. אַזוי איז עס געווען אין פראַנקרייך, וואו עס איז פאָרגעקומען די גרויסע רעוואָלוציע אויף אַלע געביטן. אַזוי איז עס אויך געווען אין ענגלאַנד און אין איטאַליע, וואו עס זיינען פאָרגעקומען גייסטיקע רעוואָלוציעס. יאָ, אומעטום, נאָר ניט אין דייטשלאַנד. דאָרטן איז געווען בלויז אַ רעוואָלוציע קעגן דער קירך פון רוים, נאָך אין די צייטן פון לוטערן, ווען עס זיינען אַנטשטאַנען די פּראָטעסטאַנטישע גרופּן. אָבער דאָס איז אַלץ נאָר געווען קעגן גאָט, אָבער ניט קעגן קעניג, ניט קעגן דעם הערשער פון לאַנד. אין דער באַ־ציאונג צו דער מאָנאַרכיע האָט אַלע מאָל געהערשט אין דייטשלאַנד אַ מערקווירדיקע געהאָרכזאַמקייט. דאָס קען מען זען באַזונדערס, נאָך דעם ווי עס האָבן זיך באַוויזן אויף דער לעבנס־אַרענע פון דייטשלאַנד אַזעלכע גרויסע גייסטער, ווי געטע און שילער — צוויי ריזן, וועלכע זיינען ניט נאָר געווען גרויס בלויז אין פּאָעזיע, נאָר אויך אויף אַנדערע געביטן, און דאָך — דאָך האָבן זיי זיך ביידע באַצויגן מיט דער גרעסטער אונטער־טעניקייט צו די הערשער פון לאַנד, וועלכע זיינען געווען טיראַנען, קאָרומפּירט און פאַרדאָרבן. דייטשלאַנד פאַרנעמט, דעריבער, אַ באַזונדערן אָרט אין דער וועלט־געשיכטע. עס ווייזט אונדז, אַז אירע גרויסע גייסטער זיינען, אין תוך גענומען, ניט געווען קיין פרייע מענטשן און אָט דער־

פאַר איז אין דייטשלאַנד ניט פאָרגעקומען קיין רעוואָלוציע, ווי אין אַנדערע לענדער.

מיר ווען, דעריבער, באַטראַכטן די דערשיינונג פון די צוויי גרויסע גייסטיקע העלדן פון דייטשלאַנד גאַנץ גענוי, און זען ווי אַזוי יעדער איינער פון זיי האָט זיך באַצויגן צו די וועלט־פּראָבלעמען אין זיין צייט און באַזונדערס זיין באַציאונג צו דער פּאָליטישער לאַגע פון לאַנד, כאָטש דאָס אָרעמע פאָלק האָט פיל געליטן פון די דעספּאָטישע הערשער.

* * *

יאָהאַן וואָלפגאַנג געטע איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1749 אין פראַנקפורט־אַם־מאַין (דייטשלאַנד). געטעס עלטער־זיידע איז געווען אַ קאָוואַל. זיין זיידע איז געווען אַ שניידער. אָבער זיין פאָטער איז שוין געווען אַן אַדוואָקאַט און אַ ראַטגעבער אין הויף. אָט דער זון (געטעס פאָטער) האָט דעריבער געוואָלט פאַרגעסן זיינע ניט צו־פיל־יחוסדיקע עלטער־עלטערן און עלטערן, און אַזוי האָט עס אויך געוואָלט געטע.

געטע איז געבוירן געוואָרן אַ שוואַך קינד, אָבער זיין געזונט־צושטאַנד האָט זיך באַלד גענומען בעסערן אונטער דער אויפזיכט פון זיין מוטער, וועלכע איז געווען זייער אַ צאַרטע פרוי און האָט געהאַט אויף אים אַ גרויסן איינפלוס.

געטע האָט געקראָגן אַ גוטע דערציאונג אין דער היים. זיין פאָטער, וועלכער איז שוין געווען געבילדעט, האָט מיט אים פיל געלערנט און האָט פּרובירט כסדר צו אַנטוויקלען זיין שכל. דאַקעגן האָט די מוטער אים אַלע מאָל דערציילט מעשהלעך און דערמיט געשפּייזט זיין פאַנ־טאַזיע. געטע האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן געשריבן וועגן זיין יוגנט פאָלגנדע ווערטער: „מיין פאָטער בין איך שולדיק דערפאַר וואָס ער האָט אַלץ געטאָן פאַר מיר כדי צו אַנטוויקלען מיין שכל, און מיין מוטער בין איך שולדיק פאַר אַלעם וואָס זי האָט געטאָן פאַר מיר צו אַנטוויקלען מיין געפיל״.

געטע איז געווען אַ וואונדער־קינד. ווען ער איז אַלט געווען זעקס יאָר, האָט ער שוין אָפּגעלאַכט פון זיין לערער, וועלכער האָט צו אים גערעדט וועגן גאָט. ווען ער איז אַלט געווען זיבן יאָר האָט ער געזאָגט צו זיין פאָטער, אַז ער גלויבט ניט, אַז עס איז דאָ אַ גערעכטיקייט אויף דער וועלט. צו אַכט יאָר האָט ער אָנגעשריבן אַ פּאָעמע אויף לאַטיין, אין וועלכער ער האָט אָנגעוויזן, אַז די לערע פון קריסטנטום שטייט ניט העכער ווי די לערע פון די געצן־דינער, און דעריבער איז עס איינס און

דאָס זעלבע. ווען ער איז אַלט געוואָרן עלף יאָר, האָט ער אָנגעשריבן אַ מעשהלע אויף זיבן שפּראַכן. צו צוועלף יאָר האָט ער שוין אַרויסגערופן אַ פריינד אויף אַ דועל, און צו 14 יאָר האָט ער זיך פאַרליבט שטערבלעך אין אַ מיידל און דערקלערט זיינע עלטערן, אַז ער קען ניט לעבן אָן איר. דאָס איז געווען זיין ערשטע ליבע. אָבער אָט דאָס, צו פאַרליבן זיך שטערבלעך, האָט זיך ביי אים איבערגעחזרט פיל מאָל אין זיין לעבן, אַזוי, אַז אַפילו ווען ער איז שוין אַלט געווען 74 יאָר האָט ער זיך ערשט פאַר־ליבט שטערבלעך אויפסניי. צו 82 האָט ער פאַרענדיקט זיין ווערק „פאַוסט", אויף וועלכן ער האָט געאַרבעט כמעט זיין גאַנץ לעבן.

געטעס פאָטער האָט ניט אַנדערש געוואָלט, ווי זיין זון זאָל זיין אַן אַדוואָקאַט, אָדער אַ פּראָפעסאָר פון געזעץ אין אַן אוניווערסיטעט. געטע, אָבער, איז ניט געווען אינטערעסירט ניט אין געזעץ און ניט צו ווערן אַ פּראָפעסאָר. אָבער כדי צופרידן צו שטעלן זיין פאָטער, איז ער אַריינגעטראָטן אין דעם אוניווערסיטעט פון לייפּציג (1765), אָבער ער האָט זיך אינטערעסירט דאָרטן מער מיטן לעבן, מיט דער נאַטור, מיט פּאָעזיע און — מיט ליבע...

דער פאָטער האָט אים געשיקט פיל געלט, אָבער געטע האָט אָפּ־געלאַכט פון די פּראָפעסאָרן מיט זייער גאַנצן וויסן.

„וואָס האָב איך ביי זיי צו לערנען?" — פרעגט ער זיך, אין אַ שטעלע אין זיינס אַ בוך. „איך ווייס פּונקט אַזו פיל ווי זיי וועגן גאָט און די מענטשן, און אפשר אַ ביסל מער"...

געטע האָט אין יענער צייט אָנגעהויבן צו שרייבן זיינע באַרימטע לידער. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ דראַמע, „די מיטשולדיקע", וועלכע איז געשריבן געוואָרן אין אַ סאַפּיסטישן טאָן. ער איז אין יענער צייט געווען אַ גרויסער לעב־יונג און האָט אָפּגעגעבן זיין צייט פאַר „געזאַנג, וויין און ווייב", ביז ער איז אין יאָר 1768 קראַנק געוואָרן אויף אַ בלוט־שטורץ. די דאָקטוירים האָבן געצווייפלט, צי ער וועט עס דורכמאַכן. אָבער ענדלעך איז אים בעסער געוואָרן און ער איז געפאָרן אַהיים.

דער פאָטער איז געווען אַנטוישט וואָס אָנשטאָט אַ גרויסער אַדוואָקאַט איז ער גאָר געוואָרן אַ פּאָעט. אָבער די מוטער האָט אים אויפ־גענומען מיט אָפענע אָרעמס.

נאָך דעם ווי ער איז געווען אַ קורצע צייט אין דער היים, האָט זיין פאָטער, וועלכער האָט זיך איינגעשפּאַרט אַז ניט אַנדערש ווי זיין זון מוז זיין אַן אַדוואָקאַט, אים געשיקט קיין שטראַסבורג צו ענדיקן זיין שטודיום און קריגן אַ דאָקטאָר־טיטל פון יוריספּרודענץ.

אָבער, ווידעראַמאָל האָט געטע פאַרנאַכלעסיקט דאָס לערנען די געזעץ־ביכער און זיך אָפּגעגעבן מיטן לעבן, אַרומגערינגלט פון שיינע פרויען, וועלכע האָבן אים פאַרגעטערט. ער האָט זיי געהאַט אין די הונדערטער, פון אַלע שיכטן. עס איז גענוג געווען, אַז איינע פון די „פריילינס" זאָל זיך באַקענען מיט אים און שוין ווערן באַגייסטערט פאַר אים און לויפן צו אים... אָבער אויך ער, דער יונגער געטע איז געווען זייער דעמאָקראַטיש אין זיינע באַציאונגען מיט מענטשן און איבערהויפּט מיטן שיינעם געשלעכט. אַזוי־אַרום זעען מיר, אַז ער האָט געפירט באַקאַנטשאַפטן מיט רייכע טעכטער ווי מיט אָרעמע מיידלעך. מיט מיידלעך פון די אייגנטימער פון די שענקן, וואָס ער האָט באַזוכט און אויך מיט אַקטריסעס און טענצערינס פון פאַרשידענעם גלויבן, דערונטער אויך מיט יידישע מיידלעך. אַלע זיינען געווען גוט...

געטע האָט זיך אויך אין יענער צייט אינטערעסירט מיט טעאַטער און געשאַפן אַ פּיעסע „געטץ פון בערליכינגען", וואָס שטעלט פאַר אַ מין דייטשן טיפּ פון „ראָבין־הוד", אַ רויבער וואָס ראַבעוועט נאָר ביי רייכע און גיט עס אַוועק צו די אָרעמע. אין אָט דער פּיעסע שטראָפט ער די גייסטלעכע פאַרוואָס זיי העלפן די רייכע צו באַרויבן די אָרעמע, באַזונדערס די פּויערים.

אָבער זיין פאָטער האָט אַלץ ניט אָפּגעלאָזט און געוואָלט, אַז דער זון זאָל קומען אַהיים מיט אַ טיטל דאָקטאָר פון יוריספּרודענץ. דער יונגער געטע טוט אים צוליב, זעצט זיך אַוועק לערנען די טרוקענע געזעצן, וואָס קריכן אים ניט אין קאָפּ אַריין און ער קריגט ענדלעך אַזאַ טיטל. דער פאָטער איז גליקלעך און ער האָט שוין פאַר אים נאָך אַ פּלאַן, נעמלעך: ער זאָל שטודירן ווייטער צו קענען זיין אַן אַדוואָקאַט אין וועטצלאַר. געטע איז געפאָרן אַהין, אָבער דאָרטן האָט ער זיך דערוואוסט, אַז אויב ער וויל זיך אינטערעסירן מיט די אַלע פּראָצעסן וואָס ליגן דאָרטן, וועט עס אים נעמען אַ צייט פון 333 יאָר ביז ער וועט אַלע דורכגיין. האָט ער דעריבער באַשלאָסן אויפצוגעבן געזעץ און צו נעמען זיך צו ליטעראַטור.

אָבער, אין פאַרלויף פון דער קורצער צייט וואָס ער איז געווען אין וועטצלאַר האָט ער זיך דערווייל ווידער שטערבלעך פאַרליבט אין אַ מיידל פון אַ רייכן מאַן מיטן נאָמען לאָטכען, וועלכע איז שוין געווען אַ כלה און שוין געטראָגן אויף איינעם פון אירע פינגער אַ פאַרלאָבונגס־רינג. געטע איז געוואָרן אַזוי פאַרליבט אין דעם מיידל, אַז ווען זי האָט אים אָפּגעזאָגט צו ווערן אַ כלה, איז ער געווען אַזוי פאַרצווייפלט, אַז ער

האָט ערנסט געטראַכט פון באַגיין זעלבסטמאָרד. ער האָט אַפילו געהאַלטן אַ קינדזשאַל אונטערן קישן און עטלעכע נעכט פּרובירט אים אַריינ־שטעקן זיך אין בויך, אָבער ער האָט ניט געהאַט קיין מוט דערצו... ענדלעך האָט ער באַשלאָסן אָפּצולייגן די אויספירונג פון זעלבסטמאָרד ביז ער וועט האָבן אָנגעשריבן אַ בוך וועגן אָט־די ליידן. ער האָט דעמאָלט זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן זיין בוך „ווערטערס ליידן", אַ ווערק מיט ראָמאַנטישע פּראָזע, וואו ער דערציילט וועגן די ליידן פון אַ סענטי־מענטאַלן יונגן מאַן, וואָס זיין ליבע ווערט צוריקגעוויזן פון דער, אין וועלכער ער איז פאַרליבט. דאָס ווערק איז שפּעטער אַרויס אין דרוק און האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף דער דייטשער יוגנט. אַלע האָבן גענומען נאָכטאָן ווערטערן און געטראָגן, אַזוי ווי ער, אַ בלויען ראָק מיט אַ ראָזעווען קראַוואַט. דאָס בוך איז באַלד געוואָרן אַ „בעסט סעלער" ניט נאָר אין דייטשלאַנד אַליין, נאָר אַפילו אַזוי ווייט ווי אין כינע, וואו מען האָט געמאַכט פּאָרצעלאַן־געפעס מיט די בילדער פון „ווערטער" און „לאָטכען". עס האָבן זיך אַפילו געגרינדעט געזעלשאַפטלעכע קלובן, וועלכע האָבן געהייסן „ווערטער קלובן", און עס זיינען אויך געווען פאַלן פון פיל זעלבסטמאָרדן פון יונגעלייט, וועלכע מען האָט זיי אָפּגעזאָגט אין זייער ליבע, אַזוי ווייט, אַז אין אייניקע ערטער האָבן די זעלבסט־מאָרדן אַפילו שוין געטראָגן אַן עפּידעמישן כאַראַקטער.

אָבער געטע אַליין האָט איצט ניט געהאַט מער קיין חשק צו ענדיקן זיין לעבן און אַנשטאָט דעם געוואָרן פאַרוויקלט אין אַ נייעם ראָמאַן מיט אַן אַנדערע „פריילין"...

* * *

געטע איז, אַ חוץ אַ גרויסער פּאָעט און אַ גרויסער דראַמאַטורג, אויך געווען איינער פון די העכסט־אינטערעסאַנטע מענטשן פון דעם 18־טן יאָרהונדערט. ער איז קודם־כל געווען אַ גרויסער מאָלער און אַ גרויסער מוזיקער. אויסער דעם איז ער אויך געווען איינער פון די גרעסטע געלערנטע פון זיין צייט. ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אין באָטאַניק. ער האָט אויך געקענט אויסגעצייכנט אַנאַטאָמיע און איז געווען באַזונדערס באַרימט פאַר זיין טעאָריע וועגן דער האַרמאָניע פון קאָלירן. ער האָט אָנגעשריבן אַ בוך וועגן דער מעטאַמאָרפאָזע (ענדערונג) פון פלאַנצונגען, אין וועלכן ער האָט באַוויזן אַז בלומען גייען אָפּט דורך אַ פּראָצעס פון גרויסע ענדערונגען, ער האָט אויך שטודירט מעדיצין און האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט דער אַנטדעקונג, אַז אין מענטשלעכן מוח איז

דאָ אַ ביין, וואָס ער רופט אָן „אינטערמאַקסילאַר" און לויט וועלכן ער האָט פעסטגעשטעלט די באַציאונג און אַנטוויקלונגס־פּראָצעס צווישן די נידעריקע באַשעפענישן און דעם מענטש.

און דאָך, מיט זיין גאַנצער גרויסקייט, איז געטע געווען אַ געהאָרכ־זאַמער דינער פון זיין מאַיעסטעט און ניט געלאָזט רעדן אַ וואָרט קעגן זיין גרויס־פירשט, וועלכן ער האָט געטריי געדינט. אָט אין דעם ליגט די גאַנצע כאַראַקטעריסטיק פון אַ דייטשן בירגער.

און געטע איז געווען אַ דייטש דורך און דורך. ער איז געקומען קיין וויימאַר, ד׳עמאָלט די הויפּט־שטאָט פון טורינגען, און איז אָנגעקומען אַלס ראַט־געבער פון גרויס־פירשט טשאַרלס אויגוסטוס — ווען ער איז אַלט געווען 27 יאָר, און האָט אים געדינט געטריי גאַנצע פופציק יאָר ביז דער ענדע פון זיינע טעג.

עס איז אמת, אַז וויימאַר איז צוליב געטען געוואָרן דעמאָלט אַ ליטעראַרישער צענטער, געטע האָט זיך אַרומגערינגלט מיט די בעסטע מוחות פון יענער צייט, מענער און פרויען. מען האָט דאָרטן גערעדט וועגן פילאָזאָפיע, ליטעראַטור, פּאָעזיע און — געשפּילט ליבעס... ער האָט אויך אָרגאַניזירט און געוואָרן דער דירעקטאָר פון אַ קליין טעאַטערל און געשריבן פאַר דער טרופּע עטלעכע פון זיינע פּיעסן, ווי למשל, „סטעלאַ", וואו עס איז דאָ אַ סצענע אַז דער מאַן אָרדנט איין זיין הויז אַזוי אַז אין איין טייל וואוינט זיין ווייב און אין אַנדערן טייל — זיין געליבטע און אַלע זיינען צופרידן. דאָס האָט אָבער ביים פּובליקום ניט אויסגענומען, באַזונדערס ביי דער „הויז־פרוי" און געטע איז געווען געצוואונגען צו ענדערן די סצענע אַזוי אַז דער מאַן וואָס קען ניט אַוועקגיין פון זיין ווייב און אויך ניט פון זיין געליבטער זאָל באַגיין זעלבסטמאָרד.

אַלס ראַט־געבער פון גרויס־פירשט האָט געטע געוואוינט אין אַ פליגל פון פּאַלאַץ, אָבער זיין געהאַלט איז דאָך געווען זייער קליין, אַזוי אַז אויף אונדזער געלט איצט אין אַמעריקע איז עס אַן ערך פון 1000 דאָלאַר אַ יאָר. דערצו איז געטע געווען זייער גוטהאַרציק און געטיילט געלט צו אַלע נויטבאַדערפטיקע.

געטע איז געווען אין אַ לאַגע ווען אַלס ראַט־געבער האָט ער אָפט געדאַרפט זאָגן זיין מייסטער צי ער זאָל פאַרפירן אַ מלחמה מיט אַן אַנדער לאַנד, אָדער ניט. טשאַרלס אויגוסטוס האָט אָפט געפירט קריג מיט אַנדערע לענדער, דאָס מיינט, אַז געטע האָט אים אַוודאי געראָטן דאָס צו טאָן. אָבער געטע האָט דאָך פיינט געהאַט קריג. ער האָט קיינמאָל ניט געוואָלט קומען אויף אַ שלאַכט־פעלד אַפילו ווען זיין האַר האָט אים גערופן. איינ־

מאָל, אָבער, ווען טשאַרלס אויגוסטוס האָט געפירט אַ ביטערן קאַמף קעגן די פראַנצויזן, האָט ער געשיקט נאָך אים. דאָס מאָל איז ער געקומען צו אים. דער גרויס־פירשט האָט אים געבעטן אַז ער זאָל צוזאַמען מיט אים זיין ביי די מאַנעווערס. געטע האָט עס ניט געוואָלט, דאָך האָט ער, קעגן זיין ווילן, עס געמוזט טאָן. דער גרויס־פירשט האָט אים דעמאָלט געפרעגט פאַרוואָס ער האָט ניט געשריבן ביז איצט קיין מלחמה־לידער, וואו ער זאָל באַזינגען די מלחמה־העלדן.

געטע האָט אים דערויף געענטפערט:

— איך האָב קיינמאָל ניט געשריבן וועגן עפּעס וואָס איך האָב עס אַליין ניט מיטגעמאַכט. איך האָב געשריבן ליבע־לידער נאָכדעם ווי איך האָב געליבט. ווי אַזוי, אַלזאָ, קען איך שרייבן קריגס־לידער, ווען איך וויים ניט וואָס דאָס איז אַזוינס?

* * *

אין מיטן פון זיין לעבן איז געטע געבענטשט געוואָרן פון גאָט מיט דריי גרויסע ברכות: מיט אַ ליב ווייב; מיט אַ געראָטענעם זון און מיט אַן איבערגעגעבענעם פריינד. אין יאָר 1788, אין עלטער פון 39 יאָר, האָט ער געטראָפן די פרוי קריסטיאַנאַ וואַלפיוס און האָט זיך פאַר־ליבט אין איר. אין אָנהויב איז זי געווען זיין מעטרעסע, אָבער שפּעטער האָט ער מיט איר חתונה געהאַט אויף אַ לעגאַלן אופן. אין יאָר 1789 האָט ער מיט איר געהאַט אַ זון. אין יאָר 1794 האָט ער זיך באַפריינדעט מיטן פּאָעט פרידריך שילער. געטע איז דעמאָלט געווען עלטער פון שילערן מיט צען יאָר. געטע איז אַלט געווען 45 און שילער נאָר 35. פון יענעם מאָמענט אָן זיינען שוין ביידע נשמות צוגעקלעפּט געוואָרן איינער צום אַנדערן. עס איז געוואָרן אַזאַ פריינדשאַפט, אַז איינער האָט זיך ניט געריירט אָן אַנדערן. ווי האָט געזאָגט אַ פּאָעט וואָס האָט געלעבט אין יענער צייט: „די פריינדשאַפט פון געטען צו שילערן און פון שילערן צו געטען איז געווען דאָס שענסטע ליד וואָס סיי געטע און סיי שילער האָבן ווען געשאַפן". דער פאַקט איז, אַז עס איז געווען אַ פריינד־שאַפט צווישן אַ מענטש וואָס מען האָט פאַרגעטערט און אַ מענטש, וואָס איז געווען האַלב־טויט (ווייל שילער איז שוין געווען קראַנק דעמאָלט אויף די לונגען און איין לונג האָט מען אים שוין געהאַט אַרויסגענומען). געטע איז אויך געווען פאַרמעגלעך און שילער איז געווען אָרעם, אָבער דאָך האָבן ביידע געקלעפּט איינער צום אַנדערן. עלף יאָר האָט אָנגעהאַלטן אָט־די פריינדשאַפט און ווען שילער איז געשטאָרבן, האָט געטע זיך

פאַרשלאָסן אין אַ צימער און געוויינט ווי אַ קליין קינד. ער האָט שפּעטער געשריבן אין אַ בריוו צו אַ פריינדין: „אַ העלפט פון מיין לעבן איז פון מיר אַוועק״...

געטע האָט געלעבט זייער לאַנג. ער האָט אָבער אין קורס פון זיין לעבן פאַרלוירן אַלץ וואָס ער האָט געהאַט. ביסלעכווייז און איינציקווייז האָט ער פאַרלוירן זיין ווייב, זיין זון און זיין פריינד. אָבער ער האָט ניט אויפגעהערט צו זינגען און צו שאַפן ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. און אין די סאַמע לעצטע טעג האָט ער פאַרענדיקט זיין לעבנס־ווערק „פאוסט״, וואָס ער האָט געשריבן זיין גאַנץ לעבן. געטע האָט אָנגעשריבן 60 ווערק, אָבער „פאוסט״ (ביידע טיילן) איז ביי אים געווען דאָס הויפּט־ווערק. עס האָט אים גענומען דרייסיק יאָר אָנצושרייבן דעם ערשטן טייל און נאָך 25 יאָר אָנצושרייבן דעם צווייטן טייל. ער האָט אָבער ענדלעך דערלעבט צו זען זיין גרויס ווערק פאַרענדיקט.

## ווער איז געווען גרעסער — געטע אָדער שילער?

געטע און שילער, שילער און געטע. ווער פון זיי איז געווען גרעסער? ווער איז געווען אַ גרעסערער דיכטער און ווער אַ מער קרעפּטיקערער דראַמאַטורג? — אָט־די פראַגע האָט באַשעפטיקט די מוחות פון די בעסערע מענטשן אין דייטשלאַנד און אויך אין דער גאַנצער וועלט אין פאַרלויף פון גאַנצן 19־טן יאָרהונדערט. זייער אָפט האָט מען געקענט לייענען וועגן דעם לאַנגע אַרטיקלען אין די טעגלעכע צייטונגען, אין די וואָכן־בלעטער און זשורנאַלן. די מיינונגען זיינען געווען צעטיילט. אַ טייל האָבן געזאָגט, אַז עס איז געטע און ערשט דערנאָך שילער; אַנדערע, ווידער, האָבן עס געלייקנט: שילער און דערנאָך געטע. געוויס, האָבן דאָ אַריינגעשפּילט סוביעקטיווע שטימונגען און נייגונגען. עס איז אָבער אָן שום ספק, אַז געטעס ביייטראַג צו דער וועלט־ליטעראַטור איז געווען אַ פיל גרעסערער. באַזונדערס זיין וועלט־דראַמע „פאוסט״, וואָס איז געווען זיין לעבנס־ווערק און וואָס איז געוואָרן אַ זייל פון דער וועלט־ליטעראַטור. מיר וועלן דעריבער דאָ באַטראַכטן וואָס פאַר אַ ווערק עס איז. אָבער איידער מיר גייען רעדן וועגן „פאוסט״ און דער גרויסער באַדייטונג פון דעם ווערק, ווילן מיר פריער זיך באַקענען מיט דער לעבנס־געשיכטע פון פרידריך שילער און מיט זיינע ווערק און זייער באַדייטונג אין דעם אוצר פון דער וועלט־ליטעראַטור:

פרידריך שילער (ער האָט אויך געהאַט דעם טיטל „פאָן״ אָבער דאָס איז פון ווייניק באַדייטונג סיי אין זיין לעבנס־געשיכטע און סיי

בנוגע זיינע ווערק) איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1759 אין מאַרבאַך, ווירטעמבערג, דייטשלאַנד. ער ווערט באַצייכנט אין די ביאָגראַפיע־ביכער אַלס פּאָעט, דראַמאַטורג, היסטאָריקער און פילאָזאָף. צום ערשטן האָבן זיינע עלטערן אים דערצויגן צו זיין אַ גייסטלעכער, אָבער ווען ער איז אויסגעוואַקסן, האָט דער גרויס־פירשט פון ווירטעמבערג געעצהט זיינע עלטערן אַז זיי זאָלן אים שיקן אין דער מיליטערישער אַקאַדעמיע. דער יונגער צאַרטער שילער האָט אָבער ניט געקענט אַריבערטראָגן די דאָרטיקע דיסציפּלין און איז אַוועק אין אַן אוניווערסיטעט, צו לערנען יוריספּרודענץ. אָבער דאָס איז אים אויך ניט געווען צום האַרצן און ער איז אַריבער אין דעם פאַקולטעט פון מעדיצין, וואָס ער האָט אויך געענדיקט. ער האָט באַלד געקראָגן אַ שטעלע אַלס אַ דאָקטאָר פון אַ פּאָלק, אָבער צום בעסטן האָט ער ליב געהאַט צו שרייבן. זיין ערשט ווערק איז געווען די דראַמע „די רויבער". ער האָט עס געוויזן אייניקע דירעקטאָרן פון טעאַטערס און עס איז אָנגענומען געוואָרן אויף צו שפּילן אין מאַנהיים. דאָס איז געווען אין יאָר 1782. פאַר דער פאָרשטעלונג האָט ער אין פּאָלק וואו ער האָט געדינט אַלס דאָקטאָר געבעטן דעם פּאָל־קאָווניק אַז ער זאָל אים דערלויבן צו פאָרן זען די ערשטע אויפפירונג פון זיין פּיעסע. דער פּאָלקאָווניק האָט אים דאָס אָפּגעזאָגט. שילער איז געפאָרן אָן אַ דערלויבעניש. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט מען אים אַרעסטירט און איינגעזעצט אין געפענגעניש. ענדלעך נאָך פיל מי, האָט דער גרויס־פירשט אים באַפרייט, אָבער מיט אַ באַדינג, אַז ער וועט מער ניט שרייבן קיין שום ליטעראַטור, נאָר בלויז וועגן מעדיצין. צוליב דעם האָט שילער אַ לאַנגע צייט געמוזט שרייבן און דרוקן זאַכן אונטער צוגעטראַכטע נעמען. ער האָט איצט אָנגעשריבן צוויי נייע פּיעסן, איינע מיטן נאָמען „פיאַסקאָ" און די צווייטע, „אינטריגע און ליבע". ער איז איצט באַשטימט געוואָרן אַלס דער דראַמאַטורג פון מאַנהיימער טעאַטער און האָט אויפגעגעבן זיין שטעלע אַלס דאָקטאָר און געפאָרן קיין מאַנהיים. שפּעטער פאָרט ער קיין לייפּציג און דערנאָך קיין דרעזדען. ענדלעך קומט ער קיין ווייםאַר, וואו ער באַקענט זיך מיט געטען. דאָרטן האָט ער אָנגע־שריבן זיין פּיעסע „הימן צו פרייד", צו וועלכער בעטהאָווען האָט שפּע־טער געשריבן מוזיק. באַלד דערנאָך האָט ער אָנגעשריבן די פּיעסע „דאָן קאַרלאָס", וואָס איז אין זעלבן יאָר אַרויס פון דרוק (1787). ער האָט איצט צוליב זיין שטאַרקער פריינדשאַפט צו געטען באַשלאָסן צו בלייבן אין ווייםאַר זיין גאַנץ לעבן. שילער האָט זיך דאָ מער אָפּגעגעבן מיט וויסנ־שאַפט און אָנגעשריבן זיין בוך „די געשיכטע פון דער רעוואָלוציע פון

האַלאַנד״, וואָס איז באַלד אַרויס אין דרוק (1788). אויפן פאַרלאַנג פון געטען איז שילער באַשטימט געוואָרן אַלס פּראָפעסאָר פון געשיכטע אין דעם אוניווערסיטעט פון יענאַ. מיט אַ יאָר שפּעטער, אין 1790, האָט ער חתונה געהאַט מיט שאַרלאָט פאָן לענגפעלד, אַ טאָכטער פון אַן אַלטן אַריסטאָקראַט.

אָבער ניט לאַנג נאָכדעם איז שילער קראַנק געוואָרן אויף די לונגען. ער האָט זיך אומגעקערט קיין ווייִמאַר, וואו ער איז געבליבן וואוינען מיט זיין פרוי ביז דער ענדע פון זיינע טעג. ער האָט אין ווייִמאַר אָנגעשריבן נאָך אַ היסטאָריש בוך „די געשיכטע פון דער דרייסיק יעריקער מלחמה״ און זיין דראַמען־טריאָלאָגיע וועגן דער געשיכטע פון וואַלענשטיין (וואַלענשטיינס לאַגער; פּיקאָלימיני און וואַלענשטיינס טויט). נאָכדעם האָט ער געשריבן די דראַמען: „די יונגפרוי פון אָרלעאַנס״; „די כלה פון מעסינאַ״ און „ווילהעלם טעל״, אַ חוץ לידער. שילער האָט אויך געשריבן פיל פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונגען. שילער איז געשטאָרבן יונג, אינגאַנצן אין עלטער פון 44 יאָר. געטע, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין 1749 און איז געשטאָרבן אין יאָר 1832, האָט געלעבט 83 יאָר, מיט 39 יאָר מער ווי שילער.

* * *

איצט, אַז מיר האָבן זיך שוין באַקענט מיט שילערס ביאָגראַפיע און זיין שאַפן, קען מען זיך אומקערן צו געטעס שאַפן און באַזונדערס צו זיין מייסטער־ווערק, „פאוסט״.

די הויפּט־פראַגע, וואָס עס איז געפרעגט געוואָרן פון פיל ליטע־ראַטור־קריטיקער וועגן „פאוסט״ איז: וואָס איז געווען געטעס ציל, ווען ער האָט געשאַפן דאָס ווערק? וואָס האָט ער דערמיט געוואָלט באַצוועקן? וואָס איז געווען דער הויפּט־געדאַנק וואָס ער האָט געוואָלט איבערגעבן דער מענטשהייט?

דער ענטפער דערויף איז, אַז געטע האָט געוואָלט שילדערן אין דעם ווערק די טראַגעדיע פון דער מענטשהייט. ער האָט אָנגעוויזן אויף די געפאַרן וואָס דער מענטש גייט דורך אין זיין קורצן לעבנס־וועג; אויף די נעצן, וואָס ווערן פאַרשפּרייט כסדר פאַר זיינע פיס און ווי אַלע, אַלע, אָן אויסנאַם, סיי גאָט, סיי דער טייוול און סיי די מענטשן, קוקן, צי ער וועט שטרויכלען, צי ניט.

באַלד אין אָנהויב פון דער דראַמע זעט מען ווי גאָט און דער טייוול מאַכן אַ וועט וועגן דער נשמה פון דר. פאוסטן עס איז אַזוי: דער טייוול

קימערט זיך ווייניק וועגן די מענטשן; ער איז אויך דער שטענדיקער סקעפּטיקער; דער אייביקער „ניין־זאָגער". דער טייוול האַלט, אַז „ניט צו זיין" וואָלט פאַרן מענטש געווען בעסער ווי „יאָ צו זיין". דער טייוול האַלט דעריבער ניט פון דעם וואָס גאָט האָט געשאַפן דעם מענטש כדי אים שפּעטער אומצוברענגען. לויטן טייוול וואָלט בעסער געווען ווען די וועלט זאָל זיין ליידיק, תהו ובוהודיק ווי זי איז געווען פאַר מעשי־בראשית. ער האַלט ניט צו פיל פון דער גאַנצער באַשאַפונג. ער זאָגט אויך ניט, אַז גאָט איז גערעכט און אַז די מענטשן זיינען געשאַפן געוואָרן בצלם אלקים. לויטן טייוול זיינען מענטשן געבוירן געוואָרן צו זינדיקן און אַפילו אַזאַ זשעני ווי דאָקטאָר פאַוסט, מיט זיין גאַנצן וויסן און מיט זיין גאַנצן זין פאַר גערעכטיקייט, קען אַריינפאַלן אין דער נעץ פון טאָן שלעכטס, אויב ער דער טייוול, זאָל נאָר אַ ביסל זיך אַ נעם טאָן צו אים.

גאָט ווייסט אָבער בעסער און גאָט זאָגט צום טייוול, אַז עס איז טאַקע אמת, אַז „יצר לב האדם רע מנעוריו". דעם מענטש ציט צו טאָן שלעכטס פון זיין יוגנט אָן. דאָך גייט ער צו פּראָגרעס, צו דערהויבונג... מיט אַלע זיינע פעלערן, מיט אַלע זיינע זינד, גייט דער מענטש דאָך — צו דעם ליכט...

דעריבער גיט גאָט נאָך דעם טייוולס פאַרלאַנג און זאָגט אים, אַז ער מעג אויספּרובירן פאַוסטן און זאָל ער אַליין זען צי ער קען פאַר־ניכטן די אומשטערבלעכקייט פון זיין נשמה. דער טייוול וועט דעמאָלט זיין דער זיגער, ווען פאַוסט וועט אויסגעפונען אַזאַ גוטע זאַך וואָס וועט אים פאַרשאַפן פאַרגעניגן און ער וועט עס אַ צווייט מאָל וועלן איבערלעבן.

געטע שילדערט איצט ווי אַזוי דער טייוול מאַכט פאַוסטן צוריק יונג און ער רייצט אים מיט די אַלע עגאָאיסטישע פאַרגעניגנס פון לעבן, ווי שיינהייט; פאַרמעגן; זיין פאַרליבט אין זיך און איבערגעטריבענער געשלעכטס־לעבן. דאָקטאָר פאַוסט, געפירט פון טייוול, פאַרגוואַלדיקט זיין מאַרגאַרעט און דערנאָך פאַרטרייבט ער זי פון זיך און אַזוי טוט ער אָפּ נאָך פיל אַנדערע זינד. אָבער דער טייוול האָט אים נאָך אַלץ ניט, ווייל — מיט דעם אַלעם אָדער אין דעם אַלעם געפינט דאָקטאָר פאַוסט ניט איין מאָמענט פון גליק, אַז ער זאָל קענען זאָגן: „איך וויל נאָך דערפון".

נאָכן טויט פון מאַרגאַרעט, נעמט זיך דער טייוול צו אים אויף אַן אַנדערן אופן. אַזוי ווי ער איז אַ גרויסער געלערנטער וואָס וויל כסדר פאָרשן די וועגן פון גאָט און מענטש, מאַכט ער אים פאַר אַ ראַט־געבער אין אַ קעניגלעכן פּאַלאַץ (אַזוי ווי געטע איז געווען). ער אַרבעט

זיך ביסלעכווייז אַרויף און דערגרייכט צו דעם העכסטן אָמט אין הויף. אַלע קוקן אים אין מויל אַריין, אָבער — ער געפינט דאָך אין דעם אַלעמען ניט קיין גליק...

זייענדיק אומצופרידן מיטן היינטיקן לעבן, טראַכט זיך פאַוסט שפּעטער אַריין אין דער פאַרגאַנגענהייט. ער טראַכט פון אַלטן אַמאָל, פון העלען פון גריכנלאַנד, וועלכע איז געווען, לויט די ביכער, אַ זעלטענע שיינהייט, און ער, פאַוסט, וויל זי מאַכן לעבעדיק (סימבאָליש), אָבער ווען ער קומט צו נענטער צו איר, פאַרשווינדט זי, איבערלאָזנדיק בלויז איר מאַנטל (אַ צווייטער סימבאָל). דאָס מיינט אַז מען קען ניט לעבן מיט דער שיינהייט פון דער פאַרגאַנגענהייט. אַלץ וואָס עס איז געווען איז געוועזן און איז מער ניטאָ. עס איז נאָר געבליבן אַ שאָטן פון אַלעם, אַ מאַנטל...

דער טייוול פירט אַלץ ווייטער פאַוסטן צו נייע דערפאַרונגען, אָבער פאַוסט געפינט אַלץ ניט קיין גליק אין קיינע פון זיי. אויב ער געפינט שוין עפּעס און מיינט, אַז דאָס וועט אים געבן גליק, לאָזט זיך עס אויס מיט גאָרניט... און אַפילו ווען עס איז אַ זיג און כבוד, איז עס סוף־כל־סוף, אַ פּוסטער נצחון... פאַוסט געווינט שלאַכטן פאַר זיין קעניג, אָבער ער זעט זיך אַרום, אַז נצחון איז ניט בעסער, אויך ניט גרעסער אויב ניט ערגער, ווי דורכפאַל, וואָרום נצחון מיינט — טויט און פאַרניכטונג אין לאַגער פוןביידע צדדים...

און אַזוי אַרבעט דער טייוול מעשים צו געפינען פאַוסטן גליקלעך כאָטש איין מינוט, אַז ער זאָל אויסשרייען: „כ׳וויל נאָך דערפון!” אָבער דאָס געשעט ניט. דער טייוול גיט אים דעם טיטל פון אַ הערשער; ער ברענגט צו אים שיינע פרויען; ער גיט אים גרויסאַרטיקע אויפנאַמען, רום, געזאַנג, פאַרגעטערונג, אָבער דאָך דער קלוגער דאָקטאָר פאַוסט לאַכט זיך אויס פון דעם אַלעמען: עס איז גאָרניט!...

און אַזוי ווערט דאָקטאָר פאַוסט אַלט און קראַנק. ער ווערט בלינד און האָט שוין ניט קיין אינטערעס אין דער וועלט, אָבער איידער ער גייט אַוועק אויף דעם אייביקן וועג, וויל ער דאָך האָבן אַ מינוט פון גליק...

און ווען ער איז זיך מייאש אינגאַנצן צו געפינען גליק אויף דער וועלט, געפינט ער עס אָבער אויף אַן אַנדער וועג. ער פאַלט אויפן געדאַנק, אַז ער זאָל אויסטריקענען די בלאָטעס ביים טייך און בויען דאָרטן הייזער פאַר מענטשן צו וואוינען. יאָ, ער וועט בויען היימען פאַר טויזנטער אָרעמע מענטשן... דער געדאַנק פילט אים אָן מיט פרייד, ווייל אין דעם זעט ער גליק. ער, וועלכער האָט ניט געפונען קיין גליק אין אַלע פאַרגע־

ניגנס פון דער וועלט, פאַר זיך, געפינט עס איצט אין דעם וואָס ער וועט העלפן אַנדערע. איצט זאָגט ער ערשט די ווערטער: דאָס געפעלט מיר; אָט דער מאָמענט, וויל איך, זאָל זיך ציען נאָך און נאָך...

און נאָכדעם ווי ער האָט געפונען דאָס גליק, ענדיקט זיך זיין לעבן.

דער טייוול דענקט איצט, אַז ער האָט געוואונען, ווייל לויטן אָפּמאַך מיט גאָט, וועט ער זיין דער זיגער, אויב פאָוסט וועט זאָגן, אַז ער וויל, אַז דער מאָמענט זאָל זיך ציען נאָך און נאָך... אָבער גאָט און די מלאכים דענקען אַנדערש. זיי זאָגן צום טייוול, אַז נאָר ווען ער וואָלט געזאָגט אַזוי ביי מענטשלעכע פאַרגעניגנס, ביי פּערזענלעכע עגאָאיסטישע פרייד, וואָלט ער באַלאַנגט צום טייוול, אָבער ניט ווען ער האָט דאָס גליק געפונען דורך העלפן אַנדערע.

און אַזוי געשעט, אַז די מלאכים טראָגן אַוועק פאָוסטן אין הימל אַריין איינגעהילט אין רויזן... אין הימל באַגעגנט אים צום ערשטן, מאַר־גאַרעט. זי האָט געזינדיקט פונקט אַזוי ווי פאָוסט אַלס מענטשן־קינד, אָבער ביידע האָבן געשטרעבט צו עפּעס בעסערס... צום פּראָגרעס... צו דעם ליכט...

* * *

געטע האָט זיין גאַנץ לעבן געשטרעבט צו ענדיקן אָט דאָס מייסטער־ווערק און ער האָט עס געענדיקט אין 82־טן יאָר פון זיין לעבן. דעמאָלט האָבן אַלע זיינע פריינד און אָנהענגער זיך גענומען גרייטן צו פייערן די געשעעניש ביי דער געלעגנהייט פון זיין 82־טן געבורטס־טאָג. געטע האָט אָבער דאָס ניט געוואָלט. ער איז שוין געווען גענוג אַלט און גענוג קלוג צו פאַרשטיין, אַז די דאָזיקע אַלע כיבודים מיינען גאָרניט און ער איז דעריבער אַנטלאָפן אין די בערג פון לימענאַו. דאָרטן אין אַ זומער־הויז, וואו ער איז אַמאָל איינגעשטאַנען צוזאַמען מיטן גרויס־פירשט טשאַרלס אויגוסטוס, האָט ער דערקענט אויף די ווענט די שורות, וואָס ער האָט אַמאָל געהאַט אויפגעשריבן און וועלכע לייענען זיך אַזוי:

„אין דער הויך אויף אַלע בערג־שפּיצן הערשט רו און שטילקייט. אין דער נידער פון די ביימער הערט מען מער ניט דעם קלענסטן רויש: די קליינע פייגעלעך האָבן אויפגעהערט זייער געזאַנג — זיי רואיק מענטש, אינגיכן וועסטו אויך זיין אין שויס פון דער אייביקער רו“...

טרערן האָבן זיך געשטעלט ביים אַלטן געטען אין די אויגן און זיינע ליפּן האָבן נאָכגעזאָגט אין דער שטיל די ווערטער, וואָס ער אַליין האָט מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק פאַרצייכנט:

— איינגיכן וועסטו אויך זיין אין שויס פון דער אייביקער רו...

ער איז איצט געפאָרן אַהיים און האָט געשריבן נאָך אַ גאַנצע ריי פון לידער, וועגן וועלכע היינע האָט זיך אויסגעדריקט אַזוי: „יעדעס וואָרט נעמט דיך אַרום און די פילסט ווי דער טיפער געדאַנק פון זיי גיט דיר אַ קוש אויפן שטערן". ער האָט אַזוי געשריבן ביזן 16־טן מערץ, 1832, ווען אין פרימאָרגן האָט ער געפילט אַז ער קען מער ניט אויפשטיין פון בעט. זעקס טעג שפּעטער האָט ער, געטע, צוגעמאַכט זיינע אויגן אויף אייביק...

זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען:

— מער ליכט! מער ליכט!

* * *

געטע און שילער, שילער און געטע — עס איז אַן אַלטע פראַגע: „מי גדול ממי?" ווער איז גרעסער? ווער האָט מער בייגעשטייערט צום אוצר פון דער וועלט־ליטעראַטור?

עס איז זיכער קיין פראַגע ניט, אַז אין פּאָעזיע האָט שילער געהאַט מער ליריק, ווען געטע האָט געהאַט מער חכמה. שילער זינגט און געטע דענקט. עס זיינען טיפע געדאַנקען אַנגעקליידעט אין אַ פּאָעטישער פאָרם. זיי גייען ווייט, זיי זאָגן מער ווי ווען די געדאַנקען וואָלטן אַרויסגע־זאָגט געוואָרן אין טרוקענער פּראָזע, אָבער עס זיינען דאָך געדאַנקען. געטע זינגט, מיט קורצע און שאַרפע זאַצן, מיט קלוגע אַפאָריזמען. אויב דאָס איז שיין און שטאַרק, רעדט עס דאָך נאָר צום קאָפּ, וואָס טראַכט. אַ ליד דאַרף אָבער רעדן צום געפיל, צום האַרץ, צו די עמאָציעס, און דערפאַר געפינט מען דאָס מער ביי שילערן ווי ביי געטען. שילער איז געווען מער דיכטער אין דער צייט ווען געטע איז געווען מער דענקער...

דערפאַר אָבער איז געטע, אָן שום ספק, מער דראַמאַטורג ווי שילער. געטע איז געווען עלטער פון שילערן. ער איז שוין געקומען אין די יאָרן, ווען אַ שעפער דערוויסט זיך דעם סוד פון שלייפן זיינע ווערטער; פוצן זיי און ברענגען זיי צו שלימות...

שילער האָט אָנגעשריבן פיל דראַמעס, בלויז עטלעכע פון זיי האָט מען געשפּילט און הויפּטזעכלעך זיינען זיי ניט געשליפן געוואָרן. דאָס וואָס געטע האָט געטאָן מיט זיין „פאַוסט" האָט שילער ניט געטאָן צו זיינע „רויבער", „דאָן קאַרלאָס" און אַנדערע דראַמען. געטע האָט יאָרן־לאַנג געשליפן די דיאַלאָגן פון זיינע העלדן, ביז עס זיינען אַרויסגעקומען — בריליאַנטן. יעדעס וואָרט — אַ זאָג; יעדער געדאַנק — וואָגיק, אַזוי לאַנג

ביז פאוסט איז געוואָרן אַ זייל פון דער וועלט־ליטעראַטור און איינע פון די ערשטע אין דער אָפּערע. שילער האָט נאָך אין יענע יונגע יאָרן פון זיין לעבן ניט געוואוסט פון אָט־דעם סוד. ער האָט געפילט דעם דראַנג אַרויסצוגעבן פון זיך וואָס מער ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אַרויסצוזאָגן אַלץ וואָס ער האָט צו זאָגן, איידער ער וועט אַזוי פרי אַוועקגיין פון דער וועלט. דערפאַר האָט ער ניט געקענט אַוועקזעצן זיך און שלייפן. אַנשטאָט צו פוצן די אַלטע ווערטער, האָט ער געשריבן נייע. אַנשטאָט צו שלייפן האָט ער געשאַפן. ער האָט געוואוסט, אַז מיט איין לונג וועט ער לאַנג ניט קענען אָטעמען און דערפאַר האָט ער זיך געיאָגט אַרויסצוגעבן אַלץ וואָס ער האָט געהאַט אין אוצר פון זיין מוח. ער האָט זיך געאיילט אַרויס־צוגיסן עס אויף פאַפּיר, איידער עס קומט אָן דער מלאך פון טויט. געטע האָט דערפאַר געהאַט לאַנגע, רואיקע יאָרן, און ווען אַפילו זיין עלטער איז ניט געווען אַזאַ גליקלעכע; ווען אַפילו ער האָט שוין געהאַט פאַרלוירן ווייב, קינד און פריינד, האָט ער נאָך אַלץ געזונגען ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן...

* * *

געטע און שילער, שילער און געטע, יעדער איז געווען גרויס אויף זיין געביט. יעדער פון זיי האָט רייכער געמאַכט דעם אוצר פון ליטע־ראַטור פון דער מענטשהייט. דערפאַר זיינען זיי קלאַסיקער. אָבער דאָך זיינען זיי ביידע ניט געגאַנגען פאָראויס פאַר זייער צייט, ווייל זיי זיינען ניט געווען קיין רעוואָלוציאָנערע גייסטער. זיי האָבן שיין געזונגען, אָבער זייער געזאַנג האָט ניט אויפגעקאָכט די בלוטן ווי אַנדערע אין אַנדערע לענדער. דערפאַר איז יענער טייל פון אייראָפּע, דייטשלאַנד און עסטרייך־אונגאַרן, געבליבן הינטערשטעליק אויף גאַנצע הונדערט יאָר און די רעוואָלוציע איז דאָרטן געקומען ערשט אַזוי שפּעט ווי אין אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט.

## 80. משה העס און קאַרל מאַרקס

די טאַטעס פון סאָציאַליזם. — העס געדאַנקען וועגן אַרבעטער־קלאַס. — קאַרל מאַרקס לאַזונג קעגן רעליגיע. — דער רוף: אַר־בעטער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך. — מאַרקס קריטיקער. — וואָס עס איז געוואָרן ווען זיין ווערק איז אָנגעקומען צו די אַרבע־טער־מאַסן.

דאָס נייצנטע יאָרהונדערט ווערט אָנגערופן: דאָס יאָרהונדערט וואָס האָט געבוירן זייער פיל געניאַלע מענטשן. פיל מער ווי אין די פרי־ערדיקע יאָרהונדערטער און אויך פיל מער ווי מיר האָבן עס ביז איצט אין היינטיקן יאָרהונדערט. שוין גלייך אין אָנהויב פון פריערדיקן יאָרהונדערט, אין יאָר 1809, זיינען געבוירן געוואָרן אין איין יאָר אַ גאַנצע ריי פון געניאַלע מענטשן, ווי: דאַרווין, לינקאָלן, גלעדסטאָון, מענדעלסאָן, שאָפּען, פּאָו, טעניסאָן, אָליווער, ווענדעל, האָלמס און עליזאַבעט באַרעט בראַונינג. זיי אַלע אין איין יאָר אַ חוץ פיל וואָס עס זיינען געקומען אין די שפּע־טערדיקע יאָרן. עס איז געווען א געבענטשטער יאָרהונדערט, ווען דער הימל האָט באַשאָנקען אונדזער ערד מיט פיל גרויסע מענטשן.

אָבער נימ לאַנג נאָך אָט־דעם געבענטשטן יאָר, 1809, איז געקומען דאָס יאָר 1812 מיט אַן אַנדערן גרויסן גייסט וועגן וועלכן מיר ווילן זיך דאָ אָפּשטעלן. דאָס איז געווען מאָזעס העס. ער איז געבוירן געוואָרן אין באָן, דייטשלאַנד, ביי אַ פאָטער, אַ רייכן אינדוסטריאַליסט. העסעס נאָמען איז פריער געווען מאָריץ, אָבער ער האָט געביטן זיין נאָמען אויף מאָזעס, כדי דערמיט אַרויסצווייזן זיין באַגענטקייט צו יידן. ווען ער איז אַלט געווען 9 יאָר איז ער געפאָרן זיך לערנען ביי זיין זיידן, אַ גרויסער תלמוד־דיסט, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף זיין אייניקל. צו 18 יאָר איז ער אָנגעקומען צו לערנען אין באָנער אוניווערסיטעט, אָבער ער האָט דעם קורס ניט געענדיקט, ווייל עס האָט אים געצויגן צו העלפן די אונטערדריקטע. ער איז דעמאָלט געקומען צו אַ נייעם געדאַנק, וועגן שאַפן אַ נייע אָרדענונג, אין וועלכער דער אַרבעטער, דער מאַן וואָס שאַפט אַלע פּראָדוקטן, זאָל האָבן אַ גרעסערן טייל אין אַלעם דעם וואָס ער פּראָדוצירט. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט גענומען רעדן דערפון, אַז עס איז ניט ריכטיק דאָס, וואָס די אַרבעטס־געבער ווערן רייך פון אַרבעטערס פּראַצע אין דער צייט ווען דער אַרבעטער האָט קוים אויף

ברויט. דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל ווען אַ מאָדערנער דענקער האָט זיך אַרויסגעזאָגט מיט שאַרפע ווערטער קעגן דער עקזיסטירנדער קאַ־פּיטאַליסטישער אָרדענונג.

העס פאָרט צוליב דעם קיין ענגלאַנד צו שטודירן דאָרטן דאָס אַרבעטער־לעבן און פון דאָרטן פאָרט ער קיין פּאַריז, וואו ער טוט אויך דאָס זעלבע. זיין רייכער פאָטער שיקט אים כסדר בריוו, אַז ער זאָל קומען אַהיים און זאָל אים העלפן פירן זיינע פאַבריקן, אָבער העס וויל דערפון ניט הערן, ער שרייבט זיין פאָטער, אַז ער וויל ניט עקספּלואַטירן די אַרבעטער, אַזוי ווי ער טוט. העס פאַרנעמט זיך איצט מיט ליטעראַרישע אַרבעטן, אָבער ער האָט דערפון ניט גענוג אויף צו לעבן. זיין רייכער פאָטער וויל אים אָבער ניט שטיצן, בלויז זיין מוטער שיקט אים צו פון צייט צו צייט אַ ביסל געלט.

העס ווערט באַלד אַריינגעצויגן אין שרייבן אַ בוך וואָס ער רופט אָן „די הייליקע געשיכטע דער מענטשהייט", פון „איין יונגן שפּינאָ־זיסט". דער נאָמען „יונגער שפּינאָזיסט" איז געווען זיין פּסעוודאָנים. ער איז געוואָרן אַקטיוו אין די סאָציאַליסטישע גרופּן וואָס האָבן זיך דע־מאָלט פאָרמירט אין פּאַריז און ער ווערט באַלד זייער פירער. עס גע־דויערט ניט לאַנג און ער טרעפט זיך מיט קאַרל מאַרקס, וועלכער איז געווען מיט זעקס יאָר יינגער פון אים און העס ווערט קאַרל מאַרקסעס רבי אין סאָציאַליזם. שפּעטער האָט ער זיך אויך געטראָפן מיט פרידריך ענגעלס און געהאַט אויף אים אַ גרויסן איינפלוס. ער אַרבעט איצט (אין יאָר 1845) צוזאַמען מיט קאַרל מאַרקס איבער אַ ניי בוך „די דייטשע אידעאָלאָגיע". העס איז אויך געווען דעמאָלט דער קאָרעספּאָנדענט פאַר דער „ריינישער צייטונג" פון וואָס ער האָט געמאַכט אַ לעבן, אָבער הויפּט־זעכלעך באַמיט ער זיך צו פאַרשפּרייטן אומעטום דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק. ער קומט שפּעטער קיין דייטשלאַנד און באַטייליקט זיך אין דער רעוואָלוציע פון יאָר 1848, אָבער שפּעטער, ווען עס איז געקומען אין דייטשלאַנד אַ גרויסע רעאַקציע, ווערט ער פאַרמשפּט, אין אָפּוועזנהייט, צום טויט. ער אַנטלויפט איצט פון דייטשלאַנד און וואַנדערט איבער איירָאָפּע. שפּעטער קומט ער צוריק קיין פּאַריז, וואו ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ פרוי סיביל, אַ גאַסן־מיידל, וועלכע ער האָט שטאַרק ליב באַקומען און אַזוי אויך זי אים.

העס טרעט איצט שאַרף אַרויס זייער אָפט אויף מיטינגען פון אַרבעטער און אינטעליגענץ. איינמאָל ביי אַזאַ מיטינג האָט אים אַ צוהע־

רער געפרעגט וואָס עס איז זיין מיינונג וועגן דער לערע פון פילאָזאָפיע. העס האָט אים דערויף אַזוי געענטפערט:

— אַלע פילאָזאָפיעס זיינען גוט אויף אַזוי פיל, אויב זיי ברענגען גליק צו דער מענטשהייט. אויף דער וועלט דאַרף הערשן גליק פאַר יעדן איינעם. די מיטלען דערצו זיינען: ליבע, פרייהייט און גלייכהייט. דאָס רייכטום פון שטאָט דאַרף געהערן צו אַלע מענטשן, דאָס מיינט, צו אַלע גלייך און דאַרף אויך קאָנטראָלירט ווערן פון אַלע גלייך.

העס האָט דער ערשטער אַזוי־אַרום געלערנט סאָציאַליזם מיט די פאָלקס־מענטשן.

* * *

איצט וועגן קאַרל מאַרקס, דעם טעאָרעטיקער פון סאָציאַליזם.

קאַרל מאַרקס איז געבוירן געוואָרן דעם פינפטן מאַי, 1818, אין טריער, דייטשלאַנד. מאַרקס האָט געשטאַמט פון גרויסן יידישן יחוס, סיי פון פאָטערס זייט און סיי פון דער מוטערס זייט. דאָס זיינען געווען דורות פון רבנים און גאונים אַזוי, אַז זיין יחוס ציט זיך ביז רש״י.

מאַרקס פאָטער, הײנריך, איז געווען אַן אַדוואָקאַט און אַסימילאַ־טאָריש געשטימט און אַזוי איז געשען, אַז ווען קאַרל איז אַלט געווען 6 יאָר, האָט זיין פאָטער זיך געשמדט און געוואָרן אַ פּראָטעסטאַנט, און אויך אָפּגעשמדט די גאַנצע פאַמיליע. פאַרוואָס ער האָט דאָס געטאָן זיינען דאָ פאַרשידענע מיינונגען.

קאַרל מאַרקס איז אויפגעוואַקסן מיט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן און צו 17 יאָר איז ער שוין אַריינגעטראָטן אין אוניווערסיטעט וואו ער האָט שטודירט פילאָזאָפיע, ליטעראַטור און יוריספּרודענץ. עס האָט זיך אין יענער צייט אויף פאַרליבט אין אים אַ מיידל פון אַריסטאָקראַטישע עלטערן, זשעני, און ער איז מיט איר אַרומגעגאַנגען זיבן יאָר. ענדלעך האָט ער מיט איר חתונה געהאַט.

אין יאָר 1841 האָט מאַרקס (וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען 23 יאָר) אָנגעשריבן זיין ערשטע אַרבעט וועגן מאַטעריאַליזם אין גאַנג פון דער געשיכטע. ער איז דעמאָלט געווען זייער אַריינגעטאָן אין די פילאָזאָ־פישע שיטות פון דעמאָקריטוס און עפּיקורוס. פאַר אָט דער אַרבעט האָט ער געקראָגן זיין טיטל דאָקטאָר פון פילאָזאָפיע. אָבער מיט דעם אַלעם האָט ער דאָך ניט געקענט קריגן אַ שטעלע אַפילו אַלס לערער אין גימ־נאַזיום. דאָס איז געווען דערפאַר וואָס מען האָט אים באַטראַכט פאַר אַ ראַ־דיקאַל און רעוואָלוציאָנער און דאָס איז געווען אמת. מאַרקס איז דעמאָלט גע־

ווארן וואס אמאל אלץ מער רעוואלוציאנעריש געשטימט. ס׳האט ניט לאנג גע־דויערט און ער האט צוזאמען מיט אנדערע רעוואלוציאנערע גייסטער אנגעהויבן צו שרייבן א גאנצע סעריע פון רעוואלוציאנערע ארטיקלען אין א קליינער צייטונג, וואס זיי האבן געגרינדעט. די מאכט האט זיך אבער באלד דערוואוסט דערפון און די צייטונג אונטערדריקט. קארל מארקסן האט איצט געדראט די געפאר צו ווערן ארעסטירט און ער אנטלויפט איצט קיין פאריז און שרייבט דארטן ווייטער זיינע רעוואלוציא־נערע ארבעטן, און טרעט ארויס מיט ארטיקלען קעגן רעליגיע. ער איז געווען דער, וואס האט דערקלערט, אז „רעליגיע איז אפיום פאר די פאלקס־מאסן". ער שרייבט אויך קעגן דעם סיסטעם פון מאנארכיע און זאגט: „דארטן וואו עס הערשט א מאנארכיע ווערט דאס פאלק פארגעסן"; „דאס פאלק קען אויך ניט זיין גליקלעך מיט פילאזאפיע. די פילאזאפן האבן גאר ניט געטאן פאר דער מענטשהייט. זיי האבן נאר אויפגעקלערט געוויסע זאכן. וואס מיר ווילן טאן איז צו בייטן די גאנצע וועלט־ארדענונג, מיר רופן צו א רעוואלוציע".

אט־די ווערטער האבן אנגעווארפן אן אימה אויף די רייכע קלאסן. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, אז אין דייטשלאנד האט מען אים אפגעשטעמפלט אלס א פאררעטער און ער האט מער ניט געטארט קומען צוריק אין זיין געבורט־לאנד. אבער אויך פון פאריז האט מען אים ארויס־געטריבן. ער פארט דעמאלט קיין בריסל, וואו ער שטעלט זיך בראש פון די ארבעטער־מאסן, וועלכע הארכן זיך צו צו אים. אבער דארטן איז אויך זיין לאגע ניט צו זיכער און ער פארט אוועק קיין לאנדאן, ענגלאנד.

אין יענער עפאכע איז קארל מארקס געווען מער רעוואלוציאנער ווי וויסנשאפטס־מאן. ער איז דער שעפער פון לאזונגען פון רעוואלוציע פאר די פאלקסמאסן און די מאסן זיינען פארכאפט געווארן פון זיינע רייד. אין יענער צייט האט אויך ער, קארל מארקס צוזאמען מיט פריד־ריך ענגעלס געשאפן דעם „קאמוניסטישן מאניפעסט" (ארויס אין יאר 1848). עס איז געווען די צייט ווען גאנץ אייראפע איז געווען רעוואלו־ציאנעריש געשטימט. קארל מארקס, ווי פרידריך ענגעלס און נאך אנדערע האבן דעמאלט געזען זייער ציל נאר אין אויפרייצן די מאסן, אין העצן זיי צו רעוואלוציע, אין רופן צום קאמף. עס איז געווען די עפאכע, ווען די פירער פון די ארבעטער־מאסן זיינען געווען אגיטאטארן; ווען דאס הויפט שלאג־ווארט איז געווען: „קאמף מיט דער בורזשואזיע!" קארל מארקס האט זיך אין די קאמפס־לאזונגען און רעוואלוציאנערישע רופן

שטאַרק אויסגעצייכנט. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז אים, פּונקט אַזוי ווי מאַזיניִן, האָט מען אין קיין אָרט אין אייראָפּע ניט געלאָזט זיין. דער איינציקער פּלאַץ איז איצט געווען — עס איז כמעט איראָניש — דאָס מאָנאַרכיסטישע ענגלאַנד. ענגלאַנד האָט אַפילו געקראָגן אַ ספּעציעלן נאָמען אין יענער צייט. מען האָט זי גערופן „די מוטער פון אַלע אַרויס־געטריבענע״.

מערקווירדיק איז דאָס וואָס אין ענגלאַנד האָט מען זיך ניט גע־שראָקן פאַר די דאָזיקע רעוואָלוציאָנערן. מען האָט ניט מורא געהאַט פאַר זיי, אַז זיי וועלן אַרויסרופן אַ רעוואָלוציע אין לאַנד. דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס אין ענגלאַנד האָט זיך די מאָנאַרכיע קיינמאָל ניט באַנוצט מיט דעספּאָטישע מיטלען. דערפאַר האָט ענגלאַנד געקענט אַריינלאָזן צו זיך אין לאַנד אַלע יעניקע וואָס מען האָט אַרויסגעטריבן פון אַלע לענדער אין אייראָפּע, אַפילו פון פראַנקרייך, וואו עס איז שוין געווען אַ רעוואָלוציע, אָבער וואָס האָט געלאָזט נאָך זיך זייער ווייניק פרייהייט.

* * *

ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן ווערט קאַרל מאַרקס דער רעוואָלוציאָנער — אַ וויסנשאַפטס־מאַן. ער פאַרוואַרפט די פראַזן וועגן רעוואָלוציע און נעמט זיך צו אַ הויפּט־אַרבעט, צו זיין „קאַפּיטאַל״, וואו ער זוכט צו באַגרינדן וויסנשאַפטלעך זיין נייעם צוגאַנג צו די עקאָנאָ־מישע פּראָבלעמען פון זיין צייט.

מאַרקס פאַרטיפט זיך איצט אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט און ער זעט, אַז פון אַלע צייטן אָן, איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן צוויי קלאַסן פון בירגער, צווישן די, וואָס האָבן, און די וואָס האָבן ניט. דאָס הייסט צווישן אַזעלכע וואָס האָבן זיך דערוואָרבן אייגנטום און אַזעלכע וואָס האָבן ניט; צווישן די, וואָס עקספּלואַטירן און די, וואָס ווערן עקס־פּלואַטירט; צווישן הערן און שקלאַפן. אָט דאָס, זאָגט מאַרקס, אין זיינע ערשטע אונטערזוכונגען וועגן דעם עקאָנאָמישן בוי פון דער געזעלשאַפט, איז דער הויפּט־קאַמף וואָס ציט זיך פון גאָר אַלטע צייטן אָן.

עס טרעפט אַמאָל, זאָגט ער ווייטער, אַז די אַרבעטער האַלטן אָפּ אַ נצחון, אָבער עס געדויערט ניט לאַנג. דאָך די צאָל פון די אַרבעטער וואַקסט אַלעמאָל מער און מער, און עס וואַקסט אַ גרויסער כוח. די עקס־פּלואַטירטע זיינען אין אַ פיל גרעסערער צאָל, ווי די עקספּלואַטירער.

אויך דינט פאַר די אַרבעטער דאָס וואָס זיי האָבן דעם זעלבן גורל אין אַלע לענדער. אומעטום ווערן זיי באַרויבט פון דעם וואָס זיי שאַפן.

די מייסטערס נעמען צו דעם אויבן־אָן, דעם פעטן חלק און פאַר די אַרבע־טער בלייבן נאָר די שיריים. אַזוי ווי דאָס קומט פאָר אין יעדן לאַנד, דורך די אַרבעטס־געבער, מיינט דאָס אַז די צרה פון די אַרבעטער, זייערע ליידן זיינען ניט קיין נאַציאָנאַלע, נאָר אינטערנאַציאָנאַלע. דעריבער אויב מען רופט די אַרבעטער אַז זיי זאָלן זיך פאַראייניקן, כדי צו קעמפן קעגנ־איבער זייערע באַדריקער, מיינט עס צו זאָגן, אַז מען רופט אַלע אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט. דאָס מיינט, אַז די אַרבעטער וועלן דערגרייכן זייער ציל נאָר דעמאָלט ווען מען וועט אָפּשאַפן דעם גאַנצן איצטיקן סאָציאַלן סדר. דעריבער דאַרף דער פּראָלעטאַריאַט (אַ נייַ וואָרט געשאַפן פון מאַרקסן מיט וועלכן ער באַצייכנט דעם אַרבעטער) אַרויסגיין אין קאַמף פאַראייניקט קעגן די קאַפּיטאַליסטן און דעריבער —

אַרבעטער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט אייך!

אָבער אויך דאָס איז נאָר געווען אַ לאָזונג און פּראָפּאַגאַנדע, אַ געדאַנק וואָס איז שוין אַרויסגעזאָגט געוואָרן, אָבער ער איז נאָך ניט וויסנשאַפטלעך באַגרינדעט. דאָס האָט מאַרקס ערשט געטאָן שפּעטער אין זיין „קאַפּיטאַל״.

אָבער דער הויפּט־געדאַנק אין דעם ווערק, איבער וועלכן מאַרקס האָט געאַרבעט יאָרן לאַנג, איז געווען די נייע צייט. די דערפינדונג פון מאַשינען האָט געשאַפן אַ נייע עפּאָכע. עס איז געקומען די אינדוסטריעלע תקופה. מאַשינען אַרבעטן אויס פאַרשידענע אַרטיקלען פיל גיכער ווי מענטשן. אָבער צו די מאַשינען גופא דאַרף מען מענטשן. די אייגנטימער פון די מאַשינען האָבן געשאַפן אַ נייע אַריסטאָקראַטיע. עס איז ניט מער די לאַנד־באַראָנען, נאָר די קעניגן פון די מאַשינען. די הערשער פון דער אינדוסטריעלער צייט. אָט די נייע הערשער זיינען די פאַבריקאַנטן, די באַנקירן און די, וואָס האָבן די גרויסע געשעפטן. די בורזשואַזיע, דער קאַפּיטאַליזם.

אמת, שוין פריער פון מאַרקסן האָט דער געלערנטער ריקאַרדאָ באַוויזן אַז קאַפּיטאַליזם איז באַגרינדעט אויף דער עקספּלואַטאַציע פון די אַרבעטער. אָבער ער איז צו ווייט אין דער פאָרשונג ניט געגאַנגען. קאַרל מאַרקס, דער וויסנשאַפטס־מאַן האָט איבערגענומען פון אים צו פאָרשן ווייטער. ער זאָגט אַזוי:

אַרבעט איז אויפן מאַרק אַ קעגנשטאַנד וואָס מען קויפט און פאַר־קויפט. דער קויפער פון אַרבעטערס קראַפט (דער אַרבעטס־געבער) איז פונקט אַזוי ווי דער קויפער פון אַן אַנדער אַרטיקל, אינטערעסירט צו

קויפן וואָס ביליקער. דער פּרייז פון אַ קעגנשטאַנד ווערט אָפּגעשאַצט לויט דעם קאָסט פון דער פּראָדוקציע. דער פּרייז פון אַרבעטס־קראַפט ווערט געמאָסטן לויט דעם וויפל מען קען געבן דעם אַרבעטער, צום וויניקסטנס, כדי ער זאָל קענען עקזיסטירן און אַרבעטן.

דער קאַפּיטאַליזם איז דעריבער אינטערעסירט צו קויפן די אַר־בעטס־קראַפט וואָס ביליקער און צו פאַרקויפן די אויסגעאַרבעטע זאַכן, וואָס טייערער. אָט דאָס איז דער פּראָפיט פון קאַפּיטאַליזם.

אַרבעט פאַרן קאַפּיטאַליסט איז אַ זאַך וואָס ער דאַרף קויפן, פּונקט אַזוי ווי ער קויפט מאַטעריאַל כדי די מאַשין זאָל עפּעס שאַפן דערפון. דער ארבעטער איז פאַרן קאַפּיטאַליסט ניט אַ לעבעדיקער מענטש. ער איז נאָר אַ „האַנט״. אָבער דו קענסט ניט האָבן פּראָאיבל אויפן קאַפּי־טאַליסט דערפאַר. ער דאַרף קריגן סיי דעם מאַטעריאַל און סיי די אַרבעט אַזוי ביליק ווי נאָר מעגלעך.

אָבער דער אַרבעטער גיט מער דעם קאַפּיטאַליסט וויפל ער דאַרף געבן. ער פּראָדוצירט מער. דאָס פירט דערצו אַז עס איז דאָ אויף דער וועלט מער אויסגעאַרבעטע זאַכן ווי מען דאַרף האָבן. דאָס ברענגט צו קאָנקורענץ, אָבער דער אַרבעטער האָט דערפון גאָרניט און ווען עס גייט אַוועק אַ ריי פון יאָרן, זאָגן מיר צען יאָר, ווערט אָנגעזאַמלט אַזוי פיל אויסגעאַרבעטע זאַכן, אַז עס העלפט שוין אַפילו ניט קיין קאָנקורענץ. עס ווערט אַן אינפלאַציע און דער אַרבעטער פאַרלירט זיין פּאָסטן. ער ווערט אַרבעטסלאָז. דאָס הייסט, דער אַרבעטער ליידט, ווייל מען האָט אים צופיל אויסגענוצט. ווייל ער האָט געשאַפן צופיל אַרטיקלען.

אָט דאָס איז, לויט מאַרקסן, די טראַגישע לאַגע פון דער קאַפּיטאַ־ליסטישער וועלט און דערפאַר זאָגט ער, מוז קומען אַ קריזיס זייער אָפט. צום וויניקסטנס איין מאָל אין צען יאָר.

אָבער וואָס איז די רפואה צו דער מכה? ווי אַזוי קען מען דאָס אויסהיילן? — לויט מאַרקסן האָט גאָט געשיקט די רפואה פאַר דער מכה, אָדער אין דער מכה אַליין ליגט די רפואה. אַזוי ווי דער שטייגער פון קאַפּיטאַל איז צו וועלן ווערן וואָס אַמאָל גרעסער און שטאַרקער, וועט ממילא אויסקומען אַז עס וועט זיין אַ קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל אין עטלעכע הענט. דעמאָלט וועט פאַר דעם אַרבעטער זיין לייכט אַז ער זאָל אַליין איבערנעמען די מאַשינען און זאָל מיט זיי אַליין אָנפירן. אין דעם פאַל וועט מער ניט זיין קיין עקספּלואַטאַציע. צי מיר ווילן צי מיר ווילן עס ניט, פירט אויס מאַרקס, איז עס אַ פאַקט, אַז דער קאַפּיטאַל קאָנ־צענטרירט זיך וואָס אַמאָל אַלץ מער אין געציילטע הענט און אויפן וועג

צו דעם פּראָצעס וועט געשעען דאָס, וואָס דער מיטל־מאַן, דער פּאַרמיטלער, וועט פאַרשווינדן און דערמיט אויך אַלע קליינע הענדלער, די קליינע בור־זשואַזיע. אָט־דאָס, די פאַרשווינדונג פון מיטל־מאַן איבערלאָזנדיק אויף דער לעבנס־סצענע נאָר דעם גרויסן קאַפּיטאַליסט און די ריזיקע מאַסן פון אַרבעטער, פירט צום סאָציאַליזם, צו דעם פאַרשווינדן פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג און צו דער אַנטשטייאונג פון אַ נייער אָרדע־נונג, ווען דער ארבעטער וועט זיין זיין אייגענער באַלעבאָס.

אָט־די טעאָריע, לויט ווי קאַרל מאַרקס האָט זי אויסגעבויט, האָט אַרויסגערופן פיל קעגנערשאַפט נאָך ווען ער האָט געלעבט. עס זיינען אַרויסגעטראָטן קעגן איר אַ גאַנצע ריי פון גרויסע געלערנטע און דווקא פון די סאָציאַליסטישע רייען, ווי בערנשטיין און אַנדערע, וועלכע האָבן רעווידירט מאַרקס וועג צום סאָציאַליזם און ווי איינער פון זיי האָט זיך אויסגעדריקט, איז מאַרקסן געלונגען צו געבן אַ גוטע דיאַגנאָזע פון דער סאָציאַלער קראַנקייט, אָבער ער האָט ניט געטראָפן מיט דער מעדיצין וואָס ער האָט פאַרשריבן. אַזוי ווייט די קריטיק, אָבער וואָס עס איז געשען נאָך דעם ווי מאַרקס האָט פאַרעפנטלעכט זיין גרויס ווערק, דעם „קאַפּיטאַל״ — וועלן מיר באַלד זען.

## וואָס פרידריך ענגעלס האָט געטאָן פאַר מאַרקסן

עס איז שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס קאַרל מאַרקס האָט אַזוי שרעקלעך געהונגערט אין זיין לעבן, פאַרוואָס ער און זיין פאַמיליע האָבן געליטן נויט אין אזא שרעקלעכער מאָס. נאָך אַלעמען, איז קאַרל מאַרקס דאָך געווען אַ גרויסער געלערנטער, אַ דאָקטאָר פילאָזאָף, וואָס איז געווען אָנגעזען פאַר זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן. פאַרוואָס האָט אַזאַ געלערנ־טער ווי ער ניט געקענט קריגן אַ שטעלע אַלס פּראָפעסאָר אין אַן אוני־ווערסיטעט? עס וואָלט אפשר מעגלעך געווען צו זאָגן, אַז זיין יידישקייט איז אים געשטאַנען אין וועג. אָבער קאַרל מאַרקס איז דאָך געווען אַ קריסט, אַ פּראָטעסטאַנט נאָך פון זיין קינדהייט אָן. דעריבער, וואו זיינען געווען זיינע פריינד און אָנהענגער? פאַרוואָס האָבן זיי עס דערלאָזט? אָבער וועגן זיי וועלן מיר רעדן שפּעטער. מיר וועלן דאָ אָבער איבערגעבן עטלעכע מאָמענטן פון זיינע הונגער־יאָרן, לויט ווי עס שילדערט זיי זיין ביאָגראַף אָטאָ רולע אין זיין בוך „קאַרל מאַרקס״. ער הויבט אָן מיט דער צייט ווען קאַרל מאַרקס איז געקומען קיין לאָנדאָן כדי דאָרטן צו וואוינען, נאָכדעם ווי קיין לאַנד אין אייראָפּע האָט אים ניט געוואָלט האָבן ביי זיך.

קאַרל מאַרקס איז דעמאָלט אַלט געווען 31 יאָר. ער האָט געהאַט, שרייבט רולע, אַ געדיכטן קאָפּ האָר, פּעך־שוואַרץ און אַ גאַנץ נישקשהדיקע שוואַרצע באָרד אַרום זיין יונגן פּנים. מאַרקס האָט בכלל געהאַט אַ סך האָר אויף זיין קערפּער. זיינע הענט זיינען געווען באַדעקט מיט האָר און אַזוי אויך די פיס און דער ברוסט־קאַסטן. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַן אַלטן מאַנטל, פאַרקנעפּלט מיטן אונטערשטן לעכל צו אַ העכערן קנאָפּ. אָבער דאָך האָט ער געהאַט אין זיין אויסזען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט געפאָדערט רעספּעקט צו אים, כאָטש ער איז ניט געווען אַזוי עלעגאַנט געקליידט. ער איז בכלל געווען אַ ביסל מאָדנע, אָבער דאָך האָט מען געזען, אַז ער האָט אַ פעסטן ווילן. יאָ, ער איז געווען אַ טשור־דאַק, אָבער פאַר וועלכן מען מוז האָבן דרך־ארץ און אַפילו אים ליב האָבן. מען האָט באַלד אויפן ערשטן בליק געזען, אַז ער איז ניט איינער פון אַלע, און ווען ער האָט געעפנט זיין מויל, איז זיין האַרטע שטימע, וועלכע האָט געהאַט אַ מעטאַלענעם קלאַנג, געווען זייער אָנגענעם צו הערן.

מאַרקס איז געווען אָפט אַגרעסיוו. ער איז געווען איינגעגלויבט אין זיך און האָט טיילמאָל מיט זיינע רייד אויפגערעגט זיין צוהערער. די וואָס האָבן ניט מסכים געווען מיט אים, האָט ער אויסגעלאַכט סאַרקאַסטיש. ער איז אויך אַלעמאָל געווען אָנגעצויגן און נערוועז. אָבער עס האָט אויך געטראָפן, אַז אַמאָל איז ער געווען גאָר, גאָר מילד, דעמאָלט איז ער געווען גאָר אַן אַנדערער, אַ שטילער, אַ רואיקער, אַן איידעלער און זייער קאָרעקט אין זיינע באַנעמונגען מיט אַנדערע.

די שלעכטע שטימונגען זיינען געווען אָפט, ווען ער האָט ניט געקענט העלפן זיין פאַמיליע, וועלכע האָט געליטן נויט. די פאַמיליע מאַרקס האָט געוואוינט אין צוויי קליינע צימערן מיט גאַנץ ווייניק מעבל. ער האָט קיינמאָל ניט געוואוסט וואָס מאָרגן וועט זיין און צי ער וועט האָבן געלט אויף צו קויפן ברויט. אַלע קליידער, סיי זיינע און סיי זיין פרויס, און אַפילו די שיך, זיינען געווען פאַרזעצט אין לאָמבאַרד, וואו ער האָט זיך אויף זיי געבאָרגט געלט אויף צו לעבן. געווען טעג, ווען קאַרל מאַרקס האָט ניט געקענט אַרויסגיין פון הויז, ווייל ער האָט ניט געהאַט קיין מאַנטל (ער איז געווען פאַרזעצט). זייער אָפט האָט זיין פרוי ניט געקענט צוגרייטן פאַר אים מיטאָג, ווייל דער קצב האָט איר שוין מער ניט געוואָלט באָרגן.

און אין די טעג פון שרעקלעכער אָרעמקייט, פונקט אין דעם טאָג פון פּאַסכאַ, אין יאָר 1852, איז זיינס אַ קינד, אַ מיידעלע מיטן נאָמען פראַנצישקאַ, געשטאָרבן ממש פון הונגער. וועגן דעם זיינען דאָ אַ פּאָר

ווערטער אין דעם טאָג־בוך וואָס די פרוי פון קאַרל מאַרקס, די מאַמע פון דעם קינד, האָט פאַרצייכנט. זי שרייבט אַזוי:

„אונדזער אָרעמע קליינע פראַנצישקאַ איז קראַנק געוואָרן מיט אַ שטאַרקן בראָנכיט. דריי טעג האָט אונדזער קינד געקעמפט מיטן טויט. זי האָט אַזוי שרעקלעך געליטן. ווען זי איז געשטאָרבן האָבן מיר אַוועק־געלייגט איר טויט קערפּערל אין קליינעם צימערל און מיר זיינען אַלע געווען אין דעם פראָנט־צימער. ביינאַכט האָבן מיר ניט געהאַט וואו צו שלאָפן און מיר זיינען געשלאָפן אויף דער פּאָדלאָגע... מיר זיינען פּונקט דעמאָלט געווען אַזוי געבראָכן, אַז מיר האָבן ניט געהאַט קיין געלט צו קויפן אַ טרומנע... אַן אָרעמע פרוי, אַן אַנטלאָפענע פון פראַנקרייך, האָט רחמנות געהאַט אויף אונדז און אונדז געגעבן צוויי פונט. מיט אָט דעם געלט האָב איך געקענט קויפן אַ טרומנע און אונדזער קינד איז געבראַכט געוואָרן צו קבורה. מיין אָרעמע פראַנצישקאַ, ווען זי איז געבוירן גע־וואָרן האָבן מיר ניט געהאַט קיין געלט צו קויפן פאַר איר אַ וויגעלע, און ווען זי איז געשטאָרבן האָבן מיר ניט געהאַט קיין געלט צו קויפן פאַר איר אַ טרומנע... אין דער צייט וואָס זי האָט פאַרבראַכט אויף אונדזער ערד, האָט זי גענוג געהונגערט...“.

אַזוי ווייט פון אָטאָ רולעס בוך. הונגער, אָרעמקייט, קראַנקייטן און טויט זיינען געווען אָפטע געסט פון דעם גרויסן קאַרל מאַרקס. כאָטש ער איז געווען אַנערקענט אַלס איינער פון די גרעסטע שרייבער אין ענגלאַנד, האָט ער דאָך ניט געקענט לעבן פון זיין שרייבן, דערפאַר וואָס ער איז געווען געשטעמפּלט אַלס אַ ראַדיקאַל, אַלס רעוואָלוציאָנער...

פרעגט זיך: און וואו זיינען געווען זיינע פריינד? וואו זיינען געווען אַלע פאַרשידענע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטן, וואָס האָבן שוין דעמאָלט עקזיסטירט? האָט קיינער פון זיי אַלע ניט געפונען פאַר נויטיק צו אַרויס־העלפן זייער פירער, זייער לערער, זייער רבי? דער ענטפער דערויף איז: עס איז געווען בלויז איינער, זיין נאָענטסטער פריינד און מיטאַרבעטער, וואָס האָט אים געהאָלפן. דאָס איז געווען — פרידריך ענגעלס.

* * *

קאַרל מאַרקס האָט זיך באַקענט מיט פרידריך ענגעלס אין יאָר 1820. זייט דעמאָלט זיינען זיי בײדע געווען צוגעבונדן איינער צום אַנדערן, ביז מאַרקס טויט. אָבער אַפילו נאָך מאַרקס טויט האָט ענגעלס אַרויס־געגעבן מאַרקסעס ווערק, איבערהויפּט דעם צווייטן און דריטן טייל פון „קאַפּיטאַל“, וואָס איז נאָך געווען אין מאַנוסקריפּט.

ענגעלס איז געווען אַ זון פון אַ רייכן פאַבריקאַנט אין אַ קליינעם פלאַץ נעבן מאַנטשעסטער, ענגלאַנד. אין די יונגע יאָרן איז ער געווען אין דייטשלאַנד, וואו ער האָט זיך באַקענט מיט מאַרקסן. שפּעטער האָבן זיי צוזאַמען געאַרבעט אויף אַ יאָר־בוך אין פּאַריז. אין יאָר 1847 האָט דער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס איבערגעגעבן צו קאַרל מאַרקס און צו פרידריך ענגעלס, אַז זיי זאָלן אָנשרייבן דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט״, וואָס זיי האָבן אויך געטאָן. דאָס ווערק איז געוואָרן דאָס הויפּט־בוך פון קאָמוניסטישן געדאַנק.

ענגעלס האָט זיך באַטייליקט אין דייטשלאַנד אין דער רעוואָלוציע פון 1848. שפּעטער האָט ער געמוזט אַנטלויפן קיין ענגלאַנד און איז אָנגעקומען צו אַרבעטן אין דער פאַבריק פון זיין פאָטער, אַלס בוכאַלטער פאַר אַ קליינעם געהאַלט.

און עס איז געווען אָט דער אָרעמער ענגעלס, וואָס האָט כסדר אויסגעהאַלטן קאַרל מאַרקסן. ווען ניט ער, ווער ווייסט וואָס עס וואָלט פּאַסירט מיט דעם גרינדער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ענגעלס האָט כסדר געשטיצט מאַרקסן מיט וויפל נאָר ער האָט געקענט. ער האָט אים כסדר צוגעשיקט געלט. אַמאָל איז עס געווען צען פונט, אַמאָל 15 פונט, צי 20 פונט, אָדער גאָר 25 פונט. מאַרקס האָט קעגן זיין ווילן געדאַרפט כסדר אָנקומען צו ענגעלסן און ענגעלס האָט קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט.

אין דעם בריוו־וועקסל, וואָס עס איז געבליבן צווישן מאַרקס און ענגעלס, געפינען זיך צוויי בריוולעך, וואָס זיינען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גרויסער פריינדשאַפט, וואָס עס איז געווען צווישן די צוויי מענטשן. מאַרקס שרייבט אין איינעם פון זיינע בריוו צו ענגעלסן: „איך וועל זיך בעסער אָפּהאַקן מיינע פינגער, איידער צו שרייבן צו דיר נאָך אַמאָל וועגן הילף״. ענגעלס ענטפערט אים דערויף, אַז ער וועט קיינמאָל ניט מיד ווערן אים צו העלפן מיט וויפל נאָר ער וועט קענען. ענגעלס האָט באַטראַכט דאָס העלפן מאַרקסן פאַר אַ גרויסן אידעאַל, ווייל אַזוי אַרום וועט ער, מאַרקס, קענען אָנשרייבן די „ביבל״ פאַר די אַרבעטער, דעם „קאַפּיטאַל״, אַ ווערק וואָס וועט באַפרייען דעם פּראָלעטאַריאַט און וועט אים אויסלייזן פון אַלע זיינע צרות.

ס׳זיינען געווען אַפילו פאַלן, ווען ענגעלס האָט ניט געהאַט קיין געלט צו שיקן מאַרקסן. דעמאָלט האָט ער ניט גערוט, ביז ער האָט זיך ערגעץ־וואו געבאָרגט די נויטיקע סומע און עס אים צוגעשיקט. פיל מאָל האָט ער געבאָרגט געלט ביי זיין פאָטער און, מערקווירדיק, דער

פאַטער האָט געוואוסט, אַז זיין זון שיקט די געלטער צום „גרויסן רע־וואָלוציאָנער, קאַרל מאַרקס" — אָבער ער האָט געשוויגן.

* * *

מיר קערן זיך צוריק צו דער ערשטער פראַגע: פאַרוואָס האָבן די אַלע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפטן, וואָס האָבן שוין דעמאָלט עקזיס־טירט, ניט געהאָלפן זייער רבי און פירער קאַרל מאַרקס?

אין יענער צייט, ווען קאַרל מאַרקס האָט געליטן נויט אין לאָנ־דאָן, זיינען שוין געווען פיל סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס אין דער גאַנצער וועלט. עס איז שוין געווען נאָכן קומען אויף דער לעבנס־אַרענע פון פיל סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער, ווי אוען, פרודאָן און אַנדערע. עס האָט זיך שוין געטומלט מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און מיט די סאָציאַליסטישע אידעען אין דייטשלאַנד, ענגלאַנד און פראַנק־רייך. די צאָל פון די סאָציאַליסטישע גרופּן און געזעלשאַפטן איז שוין געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט געקענט גערופן ווערן אַ קאָנגרעס פון אַלע סאָציאַליסטן אין יאָר 1847, און שפּעטער מיט אַ יאָר נאָך אַ סאָציאַליס־טישן קאָנגרעס, כדי אָנצונעמען דעם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט", וואָס מאַרקס און ענגעלס האָבן פאַרטיק געמאַכט. עס איז אויך שוין געווען אין אַלע לענדער די גרויסע באַוועגונג פון אַרבעטער, אַזוי, אַז אין יאָר 1864 האָט מען שוין געקענט רופן דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל מיט דעלעגאַטן פון פיל לענדער.

און אָט דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען קאַרל מאַרקס האָט געליטן נויט אין לאָנדאָן און זיין איינציקער שטיצער איז געווען זיין פריינד פרידריך ענגעלס — אַליין אַן אַרבעטער אין זיין פאָטערס געשעפט מיט אַ קליינעם געהאַלט.

פרעגט זיך: וואו איז געווען דער קאָנגרעס פון די סאָציאַליסטן? פאַרוואָס האָט ער געשוויגן? וואו איז געווען דער אינטערנאַציאָנאַל? און אויב זיי האָבן ניט געוואוסט, פאַרוואָס האָבן זיי ניט געוואוסט?

און די אַרבעטער אין די פאַראיינען, פאַרוואָס האָבן זיי געשוויגן? פאַרוואָס האָבן זיי געלאָזט מאַרקסן און זיין פרוי און זיינע קינדער ליידן נויט (אפשר וועט זיין ריכטיקער צו זאָגן דעם ריינעם אמת: אויסגיין פון נויט!)?

וועגן מאַרקסעס לעצטע יאָרן שרייבט זיין ביאָגראַף, אָטאָ רולע, פאָלגענדעס:

קאַרל מאַרקס האָט דערלעבט צו זען דעם ערשטן טייל פון זיין

בוך „קאַפּיטאַל״ אַרויס פון דרוק, אָבער מער ניט. ער האָט אין די לעצטע יאָרן שטאַרק געליטן. צוליב דער שלעכטער דערנערונג און אָפט הונגערן האָט ער געקראָגן אויפן לייב פיל וואונדן אין דער פאָרם פון געשווירן. צוליב וואָס די בלוט־צירקולאַציע איז געוואָרן אַ שלעכטע. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר פאַר זיין טויט האָט ער געליטן פון שרעקלעכע קאָפּ־ווייטאָגן. די יסורים זיינען געווען ניט צום אויסהאַלטן.

אין האַרבסט פון יאָר 1881 האָט מאַרקס געקראָגן אַן אַטאַק פון פּלורעסי. פונקט דעמאָלט איז זיין פרוי, וועמען ער האָט געליבט ביז צו זיין טויט מיט דער גרעסטער ליבע, געלעגן קראַנק אין אַנדערן צימער, אויף איר קראַנקן בעט, שטאַרבנדיק פון אַ ראַק. מאַרקס האָט זיך קוים געקענט אויפהייבן פון בעט און איז מיט די לעצטע כוחות אַריין אין איר צימער צו זען איר צום לעצטן מאָל. עס זיינען געווען אירע לעצטע מינוטן, און קאַרל מאַרקס האָט זיך שטאַרק צעוויינט. די טאָכטער איז געווען דעמאָלט אין צימער און האָט צוגעזען די סצענע, וואָס זי האָט שפּעטער געזאָגט, אַז זי וועט זי קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

אָט די טאָכטער האָט וועגן דעם געשריבן שפּעטער אין אַ בריוו צו אַ פריינד, וואו זי שילדערט יענע סצענע אַזוי: „די מאַמע איז געלעגן אין בעט אין פראָנט־צימער און דער טאַטע אין לעצטן צימער. דער טאַטע איז אַריינגעקומען צו זען וואָס די מאַמע מאַכט. מען דאַרף וויסן, אַז טאַטע און מאַמע האָבן זיך אַזוי ליב געהאַט דאָס גאַנצע לעבן, פונקט אַזוי ווי אין דער יוגנט. ווען די מאַמע איז געשטאָרבן, האָט דער טאַטע זייער געוויינט. מיין טאַטע האָט מער ניט געקענט זיין אָן דער מאַמע און ער איז געשטאָרבן פּופּצן מאָנאַטן שפּעטער, דעם 2־טן דעצעמבער 1883, אין עלטער פון 63 יאָר״. יאָ, די גאַנצע פאַמיליע איז אויסגעגאַנגען פון נויט. אָבער פאַרוואָס? — פאַרוואָס האָט די גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליס־טישע באַוועגונג ניט געקענט אויסהאַלטן איין ליבע פאַמיליע? האָט דאָס טאַקע אַלץ געמוזט טראָגן אויף זיינע פּלייצעס דער איינציקער אמתער פריינד, פרידריך ענגעלס? — פאַרוואָס?

* * *

ווי מיר האָבן געזען, איז קאַרל מאַרקס ניט געווען איינער און דער זעלבער דאָס גאַנצע לעבן. ער איז אין די ערשטע דרייסיק יאָר פון זיין לעבן (ביזן יאָר 1848) געווען אַ רעוואָלוציאָנער, אַן אַגיטאַטאָר, און גערופן צום קאַמף. ער איז דעמאָלט גאָר ניט געווען אַ וויסנשאַפטס־מאַן.

ער האָט דעמאָלט געזוכט בלויז די פּלאַמיקע פּראָזע, דעם שטורמישן סלאָגאַן, ווערטער וואָס זאָלן רייצן און העצן דעם אַרבעטער אַרויסצוגייין אין קאַמף.

ערשט נאָכן דורכפאַל פון דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, ווען מאַרקס קומט קיין ענגלאַנד, ווערט ער אַנדערש. ער הערט אויף צו זיין אַן אַגיטאַטאָר און אַ העצער און ווערט אַ וויסנשאַפטס־מאַן. ער פאַרנעמט זיך איצט צו באַווייזן די באַדייטונג פון אַרבעטערס קראַפט אויפן מאַרק פון אינדוסטריע. ער באַגרינדעט איצט די הויפט־פאָדערונגען פון די אַרבעטער און שאַפט פאַר זיי אַ וויסנשאַפטלעכע באַזע, ער שאַפט אַן עקאָנאָמישע וויסנשאַפט.

אָבער די אַגיטאַציע וואָס מאַרקס האָט געפירט די ערשטע דרייסיק יאָר פון זיין לעבן, האָבן אים געשאַט אין די שפּעטערדיקע דרייסיק יאָר פון וויסנשאַפטלעכער אַרבעט. ער האָט קודם כל געליטן פערזענלעך דערפון, וואָס מען האָט אים אָפּגעשטעמפּלט אַלס רעוואָלוציאָנער און אים ניט געוואָלט געבן קיין שום באַשעפטיקונג אין קיין שום אינסטיטוט פון לערנען, און אויך ניט אויף קיין שום אַנדערן געביט. און עס איז אים אויסגעקומען לעבן פון קצבה (אַ חוץ פון קליינע געלטער, וואָס זיינען אים אָנגעקומען אַלס קאָרעספּאָנדענט פון דער „טריביון" אין ניו יאָרק).

עס איז אָבער געווען נאָך אַ שאָדן, אַ פיל ערגערער. נעמלעך, דאָס וואָס דער רעוואָלוציאָנערער טאָן באַגלייט מאַרקסן אומעטום, אַפילו אין זיינע וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן. ער רעדט טאַקע מיט וויסנשאַפטלעכע טערמינען. זיין דיאַלעקטיק איז דורכאויס מעטאָדיש אָבער ער פאַלט פון צייט צו צייט אַרייך אין אַן אַגיטאַטאָרישן טאָן, דאָס איז למשל דער פאַל, ווען ער רעדט וועגן דעם „מיטל־מענטש", דעם פאַרמיטלער צווישן גרויס־קאַפּיטאַל און אַרבעטער און זיין גיכן אונטערגאַנג. דאָס זעלבע איז אויך מיט זיין זאָגן נביאות וועגן דער צוקונפט. ער איז דערביי געווען געטריבן פון אַ רעוואָלוציאָנערן גייסט, האָבנדיק דעם באַגער, אַז דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעם, זאָל וואָס גיכער פאַרשווינדן, אָט דעריבער זיינען געווען אַזוי פיל קעגנער קעגן זיינע טעאָריעס אין די אייגענע רייען פון סאָציאַליזם. אָבער מיט דעם אַלעם איז קאַרל מאַרקס געווען דער שעפער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין דער גאַנצער וועלט און אויך דער גרינדער פון אַן עקאָנאָמישער וויסנשאַפט.

## 81. דזשוזעפּע מאַזיני וואָס האָט געחלומט פון אַ פאַראייניקטער אייראָפּע

ער האָט געחלומט דריי גרויסע חלומות: צו פאַראייניקן גאַנץ איטאַליע אין איין מלוכה; צו פאַראייניקן גאַנץ אייראָפּע, און, צום לעצט די גאַנצע מענטשהייט. — ער וויל ניט פאַרגיסן קיין בלוט און רופט דעריבער צו זיינע אָנהענגער ניט צו קעמפן אויף די באַריקאַדן. — ווערט אַרויסגעשיקט פון יעדן לאַנד און אין פיל לענדער ווערט ער אַרעסטירט און געוואָרפן אין געפענגעניש. — ער דערגרייכט זיין ציל פון אַ פאַראייניקטער איטאַליע, אָבער אַלס מאָנאַרכיע.

מיר זיינען איצט אין 19־טן יאָרהונדערט. עס איז נאָך די בלוטיקע מלחמות פון נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרטע, און ס'איז דאָס יאָר 1815, ווען נאָך נאַפּאָלעאָנס מפלה איז פאָרגעקומען אַ שלום־קאָנפערענץ אין ווין, וואוהין עס זיינען געקומען דעלעגאַטן פון כמעט אַלע לענדער פון אייראָפּע. די דעלעגאַטן האָבן גערעדט דערפון, אַז מען דאַרף צוריקשטעלן אייראָפּע אויף אירע פיס און איינפירן אָרדענונג אין אַלע לענדער. די מעשה איז אָבער געווען, וואָס דער קאָנגרעס אין ווין איז אָנגעפירט געוואָרן פון דריי פינצטערע כוחות, וואָס האָבן טיף אין האַרצן קיין שלום ניט געוואָלט. די דריי זיינען געווען: מעטערניך פון עסטרייך־אונגאַרן; טאַלעיראַן פון פראַנקרייך, און צאַר אַלעקסאַנדער דער ערשטער, פון רוסלאַנד. קוקט מען זיך גוט צו צו די דאָזיקע דריי פירער, זעט מען גלייך וואָס זיי האָבן געקענט אויפטאָן. מעטערניך, וועלכער האָט אויך געהאַט דעם טיטל „פרינץ", איז געווען אַ פינצטערער רעאַקציאָנער. זיין גאַנצע טעטיקייט אַלס אויסערן־מיניסטער פון עסטרייך אין באַשטאַנען פון איינפירן אַ שטרענגע צענזור, שפּיאָנאַזש, און פון אונטערדריקן יעדן פרייען געדאַנק; דער צווייטער, טאַלעיראַן, פון פראַנקרייך, וואָס האָט אויך געהאַט דעם טיטל „פרינץ", איז אויפגעצויגן געוואָרן צו זיין אַ גייסטלעכער, אָבער אין דער צייט פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע האָט ער זיך גענומען חברן מיט די רעוואָלוציאָנערן און האָט אָנגעהויבן אַ דיפּלאָמאַטישע קאַריערע, צום ערשטן אין ענגלאַנד, דערנאָך אין אַנדערע לענדער, אָבער די רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך באַלד אָפּגעקערט פון אים און ער איז אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. נאָכן פאַלן פון ראָבעספּיער איז ער געקומען צוריק קיין פראַנקרייך און איז געוואָרן אויסערן־מיניס־

טער. שפּעטער איז ער באַקאַנט געוואָרן אַלס אַ ביטערער רעאַקציאָנערער דיפּלאָמאַט. באַזונדערס האָט ער זיך אַזוי אַרויסגעוויזן טאַקע אויף אָט־דעם ווינער קאָנגרעס, וואו ער האָט גערופן צו שאַפן אַ „הייליקע אַליאַנס"; דער דריטער, צאַר אַלעקסאַנדער, איז געווען אַ שטיקל צעדרייטער, אַ גרויסער אַכזר און אַ שטיק מיסטיקער, אַזוי, אַז מען האָט קיינמאָל ניט געוואוסט וואָס ער וויל. אָבער די צרה איז געווען וואָס די דריי זיינען דעמאָלט געווען די שטאַרקסטע פיגורן אין אייראָפּע. דעם בונד וואָס זיי האָבן געשלאָסן האָבן זיי טאַקע אָנגערופן די „הייליקע אַליאַנס". דעם נאָמען האָבן זיי אויסגעקליבן דערפאַר, וואָס אָט־די דריי אָנפירער פון דער פּאָליטיק אין אייראָפּע האָבן געהאַט רעליגיעזע נייגונגען און האָבן געזען זייער מיסיע דערין, צו העלפן כלומרשט די אָרעמע און שוואַכע פעלקער אין אייראָפּע. עס האָט געהייסן, אַז עס איז אַ בונד אין גייסט פון קריסטנטום.

אָבער דאָס איז געווען נאָר אויפן פּאַפּיר. אין דער אמתן האָט יעדער איינער פון די דריי געוואָלט אַריינכאַפּן כאָטש אַ העלפט פון אייראָפּע אונטער זיין ממשלה. מעטערניך האָט געהאַט זיינע פּלענער. טאַלעיראַן זיינע פּלענער וואָס זיינען געווען גוט פאַר אים און אַלעקסאַנדער דער ערשטער האָט געוואָלט באַגראָבן זיי ביידע און אַליין ווערן דער הערשער פון גאַנץ אייראָפּע. עס איז געווען דעמאָלט אַ צייט, ווען נאָך נאַפּאָלעאָנען, זיינען איבערגעבליבן חורבות אין אייראָפּע, און עס האָט אויך געהערשט אומעטום אַ רעאַקציאָנערער גייסט. אַזוי איז דעמאָלט פּוילן געווען צע־ריסן און צעטיילט צווישן דריי לענדער: דייטשלאַנד, עסטרייך און רוס־לאַנד (די לעצטע האָט געקראָגן דעם גרעסטן חלק). עס איז אויך געווען אַ צייט, ווען רעפּובליקן זיינען געוואָרן מאָנאַרכיעס, ווי למשל, אין פראַנקרייך און אין האָלאַנד, וואו ביידע לענדער זיינען פון רעפּובליקן געוואָרן צוריק פעסטונגען פון קעניגן און פּרינצן. עס איז אויך געווען אַ צייט ווען שפּיאָנאַזש איז געשטאַנען אויף דער העכסטער מדרגה און אַגענטן האָבן שפּיאָנירט יעדן בירגער; אַ צייט ווען מען האָט זיך כסדר אונטערגעהערט צו דעם וואָס מענטשן רעדן. די מלחמה האָט געהאַט אויפגעהערט, אָבער קיין שלום איז אויך ניט געווען.

אָבער אין יענער צייט האָט די „הייליקע אַליאַנס" געוואָלט איבער־טראָגן איר רויבערישע טעטיקייט אויך אין די אַמעריקעס און פירן דאָרטן אַן אַגיטאַציע סיי יעדערער פאַר זיך און סיי פאַר אַלע צוזאַמען, אויב עס וועט זיך זיי אַזוי בעסער לוינען. ווען סימאָן באָליוואַר האָט דער־קלערט די זעלבסטשטענדיקייט פון ווענעזועלאַ, האָט די „הייליקע אַליאַנס"

געזאָגט, אַז זי וויל דאָס ניט און איז געווען גרייט צו שיקן אַן אַרמיי צו פֿאַרניכטן די נייע רעפּובליק. דעמאָלט האָט דער פּרעזידענט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, דזשעימס מאָנראָו, דערקלערט צו די דאָזיקע טיראַנען, אַז אויב איינער פֿון זיי, אָדער אַלע צוזאַמען וועלן וואַגן אָנצופֿאַלן אויף איינער פֿון די לענדער פֿון אַמעריקע, וועלן די פֿאַראייניקטע שטאַטן אַרויסטרעטן אין אַ מלחמה קעגן אַלע. דאָס איז געווען די „מאָנראָו דאָקטרין״, וואָס האָט געמאַכט אַן ענדע צו די אַפּעטיטן פֿון דער „הייליקער אַליאַנס״ צו קריכן אין די אַמעריקעס. ערשט דעמאָלט האָבן אָט־די טיראַנען גענומען ווייטער זוכן זייער רויב אין אייראָפּע אָדער אין די קאָלאָניעס אין אַפֿריקע און אין אַזיע, און האָבן אָפּגעלאָזט דעם געדאַנק צו גיין אין די אַמעריקעס.

* * *

איינע פֿון די לענדער אין אייראָפּע וואָס האָט פֿיל געליטן פֿון דער „הייליקער (לייען: ניט־הייליקער) אַליאַנס״ איז געווען איטאַליע. אָט דאָס לאַנד איז געווען צעטיילט אויף אַ גאַנצער ריי פֿון קליינע לענדערלעך, איבער וועלכע עס האָבן געהערשט די אייראָפּעאישע קעניגן הויפּטזעכלעך עסטרייך (אָדער די האַבסבורג־פֿאַמיליע). די פֿאַרשידענע שטעט און מוניציפּאַליטעטן האָבן געשטרעבט צו פֿאַראייניקן זיך אין איין גרויס לאַנד, אָבער אַלעמאָל האָט איינער פֿון די הערשער פֿון אייראָפּע אָדער עטלעכע פֿון זיי צוזאַמען דאָס געשטערט, ווייל עס האָט ניט געלוינט פֿאַר זייערע אינטערעסן. זייער אַלטער כּלל איז געווען: „צעטייל און הערש!״.

אָבער אין יענער צייט איז אויפֿגעשטאַנען אין איטאַליע אַ גואל פֿאַר דעם צעריסענעם איטאַליענישן פֿאָלק, וואָס האָט אָפֿן דערקלערט, אַז איטאַליע דאַרף באַלאַנגען נאָר צו איטאַליענער און ניט צו אַנדערע. דער דאָזיקער גואל פֿון איטאַליע איז: דזשוזעפּע מאַזיני.

ער איז געבוירן געוואָרן אין גענואַ אין יאָר 1805 און שוין אַלס יונגער בחור, אין די שול־יאָרן, איז ער געוואָרן אינטערעסירט אין דעם געדאַנק צו פֿאַראייניקן אַלע שטעט און פּראָווינצן פֿון איטאַליע אונטער איין פֿאָן. ווען ער איז אַלט געווען צוועלף יאָר, האָט ער געזען ווי אַ גרופּע פּליטים לויפֿט צו דער שפּאַנישער גרענעץ. ער האָט דעמאָלט געפֿרעגט זיין מוטער: „ווער זיינען די מענטשן?״ און זי האָט אים דערקלערט, אַז זיי האָבן געמאַכט אַן אויפֿשטאַנד קעגן אַ באַדריקער פֿון אַן אַנדער לאַנד, און זיי האָבן מורא פֿאַר זייער לעבן און ווילן אַנטלויפֿן. דעמאָלט האָט

דער קליינער מאַזיני אויסגעשריען: „פאַרוואָס זאָל אַ פרעמד לאַנד אונדז באַדריקן? פאַרוואָס זאָלן אַלע איטאַליענער ניט זיין פאַראייניקט אונטער איין פאָן? אונטער איין רעגירונג?" — אָט דאָס איז געווען דער ערשטער געדאַנק, וואָס איז פון מאַזיני אַרויסגעזאָגט געוואָרן נאָך אַלס קינד און פון דעמאָלט אָן האָט אָט־דער געדאַנק אים ניט אָפּגעלאָזן.

ער טרעט אַריין אין דעם אוניווערסיטעט, אָבער ער באַטייליקט זיך ניט אין ספּאָרט, ווי אַלע אַנדערע סטודענטן. ער איז פאַרנומען מיט אַ גרעסערן געדאַנק: צו פאַראייניקן אַלע פּראָווינצן פון איטאַליע אין איין גרויסער מלוכה, אָבער נאָר אַ פרייע מלוכה, אַ רעפּובליק, ניט קיין מאָנאַרכיע. פון דעם געדאַנק גייט ער איבער צו אַ צווייטן געדאַנק, פון אַ פאַראייניקטער אייראָפּע, אַז אַלע לענדער פון אייראָפּע זאָלן זיין פאַראייניקט אַלס איין גרויסע רעפּובליק פון פעלקער און פון דאָרטן צום געדאַנק פון אַ פאַראייניקטער וועלט.

ער זאָגט אַרויס זיינע ראַדיקאַלע געדאַנקען צו אַ צאָל חברים און ער זאַמלט אַרום זיך אַ קליינע גרופּע. מען לייענט געוויסע ביכער וואָס זיינען פאַרבאָטן פון דער מאַכט און מען קומט זיך אויך צוזאַמען אין געהיים צו דיסקוטירן רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען. די גרופּע גיט אויך אַרויס א ראַדיקאַלן ביולעטין, וואו עס ווערט גערעדט וועגן אַ רעוואָלוציע אין איטאַליע.

עס געדויערט ניט לאַנג און מאַזיני פילט, אַז רייד אַליין איז ניט גענוג און אַז מען דאַרף עפּעס טאָן, כדי צו ברענגען צו אַ רעוואָלוציע אין איטאַליע. ער ענדיקט דעמאָלט זיין שטודיום אין אוניווערסיטעט און שטייט צו צו דער גרופּע וואָס האָט זיך גערופן „קאַרבאָנאַרי" (אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט אויך גערופן צו אַ רעוואָלוציע אין איטאַליע קעגן דער העגעמאָניע פון די עסטרייכער). די אָרגאַניזאַציע האָט זיך געהאַט אַנטוויקלט ווי אַן אָרדן מיט געהיימע צערעמאָניעס ביים אַריינגע־מען אַ נייעם מיטגליד. מאַזיני קוקט זיך אַרום און זעט, אַז די דאָזיקע מענטשן, כאָטש זיי רעדן פון רעוואָלוציע, זיינען ווייט ניט קיין רעוואָ־לוציאָנערן אין אמתן זין פון וואָרט. זיי גיבן זיך צופיל אָפּ מיט די נאַרישע אָרדן־צערעמאָניעס און פאַרגעסן גאָר דעם עיקר — אַז מען דאַרף רופן די מאַסן צום קאַמף קעגן די פרעמדע אַריינדרינגער. ער טרעט דעריבער אַרויס פון דער אָרגאַניזאַציע און גרינדעט אַן אייגענע, וועלכע ער רופט אָן „יונג איטאַליע".

אָבער דער גובערנאַטאָר פון גענואַ האָט שוין געהערט, אַז דער

יונגער מאַזיני איז אַ רעוואָלוציאָנער און אַז ער רופט די יוגנט צו רעוואָ־לוציע און ער ווערט אַרעסטירט און אַריינגעוואָרפן אין געפענגעניש.

דאָס איז געווען דער ערשטער אַרעסט פון מאַזינין, וועלכער איז פון איצט אָן כסדר און אָפט געזעסן אין געפענגעניש, ניט נאָר אין זיין לאַנד, נאָר אויך אין אַנדערע לענדער.

אָבער דער ערשטער אַרעסט, ווי די איבעריקע אַרעסטן, האָבן מאַזינין ניט אָפּגעשראָקן. פאַרקערט, ער האָט נאָך פאַרשטאַרקט זיין געדאַנק און זיין ווילן צו שאַפן אַ פאַראייניקטע איטאַליע וואָס זאָל זיין אַ רעפּובליק און אַז אָט די איטאַליע זאָל אָנפירן אַ קאַמף צו גרינדן אַ פאַראייניקטע אייראָפּע, אַ פעדעראַציע פון אַלע רעפּובליקן פון אייראָפּע.

אין פעברואַר 1831, האָט מען מאַזינין באַפרייט פון געפענגעניש, אָבער מען האָט אים געזאָגט, אַז ער מוז פאַרלאָזן דאָס לאַנד. ער איז געפאָרן קיין פראַנקרייך, אָבער אויך דאָרטן האָט ער אויסגעפונען אַז די מענטשן וואָס רופן צו פרייהייט, זיינען דאָרטן ניט געוואונטשן און עס האָט ניט לאַנג געדויערט און ער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון פראַנקרייך. ער פאָרט דעמאָלט אין דער שווייץ. אָבער אויך דאָ בלייבט ער ניט לאַנג. ער פאָרט קיין קאָרסיקאָ און אָרגאַניזירט דאָרטן אַ רעוואָלוציע קעגן דער „הייליקער אַליאַנס", אָבער ער וויל אויסמיידן בלוט־פאַרגיסונגען. ער האָפט נאָך אַלץ טיף אין האַרצן, אַז די מענטשן וועלן אַליין פאַר־שטיין וואָס פרייהייט מיינט פאַר זיי. אין יענער צייט האָט ער פאַרפאַסט אַן אויפרוף, אַ מין מאַניפעסט פון זיין נייער פאַרטיי „יונג איטאַליע", אין וועלכן ער שרייבט: „גרויסע רעוואָלוציעס זיינען דער רעזולטאַט פון אויפקלערן זאכן און ניט דער סך הכל פון באַיאָנעטן... מען קען טאַקע אַמאָל דורך ברוטאַלער מאַכט קומען צו אַ נצחון; עס קענען זיין זיגער און באַזיגטע, און אויך מאַרטירער, אָבער — דער סוף איז, אַז די רעוואָ־לוציע ווערט פאַרוואַנדלט אין טיראַניע". מאַזיני האָט ניט געוואָלט דערי־בער פירן קיין קאַמפן אויף באַריקאַדן קעגן די טיראַנען. ער האָט דעריבער זיך אָפּגעזאָגט פון באַנוצן פיזישן כוח. ער האָט ווייטער געקעמפט מיט וואָרט און שריפט ביז עס איז אים ענדלעך געלונגען צו שאַפן אַ פאַראיי־ניקטע איטאַליע, אָבער ניט קיין רעפּובליק, נאָר אַ מאָנאַרכיע...

* * *

מאַזיני איז געווען איצט צופרידן און ניט צופרידן. ער איז געווען צופרידן וואָס אַלע פּראָווינצן פון איטאַליע האָבן זיך פאַראייניקט אין איין לאַנד, אָבער עס איז ניט געווען דאָס וואָס ער האָט געוואָלט. עס איז ניט

געווען איין גרויסע רעפובליק, נאָר איין גרויסע מאָנאַרכיע מיט אַ קעניג בראש. מאַזיני האָט געזען, אַז אַ העלפט פון זיינע רייד זיינען אָנגענומען געוואָרן פון פאָלק און אַ העלפט ניט. דאָס וואָס ער האָט געפּרעדיקט פאַר אַ פאַראייניקטער איטאַליע, איז געוואָרן אַ פאַקט, אָבער דאָס וואָס ער האָט געוואָלט אַז איטאַליע זאָל זיין איין גרויסע רעפּובליק, איז ניט מקוים געוואָרן, ווייל דאָס פאָלק האָט געוואָלט זיין פאַראייניקט אונטער אַ סצעפּ־טער. דאָס פאָלק האָט געוואָלט אַ קעניג.

מאַזיני איז געווען אַזוי ניט צופרידן פון אויסגאַנג פון דעם קאַמף, אַז ער האָט געזאָגט צו זיינע אָנהענגער: „די צוקונפט וועט ווייזן, אַז די פאַראייניקונג פון איטאַליע אונטער אַ מאָנאַרך איז געווען אַ פעלער. איך האָב געשטרעבט צו אַ פאַראייניקטער איטאַליע, אָבער צו אַ פרייער איטאַליע. איצט איז טאַקע דאָ אַ פאַראייניקטע איטאַליע, אָן איטאַליע אין קייטן"

מאַזיני האָט ליב געהאַט זיין פאָלק און דערפאַר האָט ער אַזוי שווער געקעמפט פאַר דער פאַראייניקונג פון אַלע טיילן פון לאַנד אין איין גרויסער מלוכה. אָבער ער האָט די פרייהייט ליב געהאַט נאָך פיל מער. ער האָט איצט רעוואָלטירט קעגן דעם געדאַנק פון אַ מאָנאַרכיע פאַר איטאַליע און דער סוף איז געווען, אַז ער איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון לאַנד. ווען דער פילאָזאָף קאַרלייל האָט זיך אין יענער צייט אויס־געדריקט מיט באַגייסטערונג פאַר דעם געדאַנק פון אַ פאַראייניקטער איטאַליע אפילו אונטער אַ קעניג, האָט אים מאַזיני דערויף געענטפערט: „דער געדאַנק פון מאָנאַרכיע איז קעגן פרייהייט. אויסער דעם, איז דער, וואָס לעבט נאָר פאַר זיין אייגן לאַנד, אַ פאַררעטער פאַר דער גאַנצער מענטשהייט; ער פאַרשטייט ניט, וואָס עס מיינט די פאַראייניקונג פון אַלע פעלקער פון דער וועלט. דער ציל דאַרף זיין צו מאַכן פון דער מענטשהייט איין גרויסע משפחה... אָבער דאָס איז ניט מעגלעך אונטער מאָנאַרכיעס".

מאַזיני האָט איצט געטראַכט פון שאַפן אַ נייע אָרגאַניזאַציע אויפן שטייגער פון „יונג איטאַליע". די נייע אָרגאַניזאַציע האָט געדאַרפט הייסן „יונג איידאָפּע", וואָס זאָל האָבן דעם ציל צו פאַראייניקן אַלע לענדער אין איין גאַנצעס און שאַפן פון גאַנץ אייראָפּע איין רעפּובליק פון פעל־קער. אין זיין מאַניפעסט פאַר אַ „יונג אייראָפּע" האָט מאַזיני געשריבן: „מיר מוזן קעמפן פאַר פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט צווישן די פעלקער פון אייראָפּע, ווייל אמתע פריינדשאַפט קען זיין נאָר צווישן פרייע מענטשן. מען דאַרף אָפּשאַפן די ספּעציעלע פּריווילעגיעס פאַר געוויסע קלאַסן; מ'דאַרף אָפּשאַפן טיראַניע; מען דאַרף באַזייטיקן

יעדן געדאַנק פון עגאָאיסטישע מאָטיוון ביי די פעלקער. יעדע פּריווי־לעגיע איז אַ פאַרברעכן קעגן גלייכהייט; יעדע טיראַניע איז אַ פאַר־ברעכן קעגן פרייהייט און יעדער אַקט פון עגאָאיזם איז אַ פאַרברעכן קעגן ברידערלעכקייט. יעדע נאַציע דאַרף ביישטייערן די שאַפונגען פון איר אייגענעם זשעני צום אוצר פון דער מענטשהייט. יעדעס פאָלק האָט זיין ספּעציעלע מיסיע וואָס דאַרף און קען האַרמאָנירן מיט דער אַלגעמיינער מיסיע פון דער מענטשהייט. יעדעס פאָלק קען און דאַרף אָפּהיטן זיין נאַציאָנאַליזם, ווייל דאָס איז זיין הייליקייט, אָבער דער נאַציאָנאַליזם דאַרף זיין אונטערגעוואָרפן אונטער דער גרעסערער אידעע פון אַ פאַר־אייניקטער מענטשהייט. יעדעס פאָלק קען און דאַרף זיין אַ האַרמאָנישע נאָטע אין דער וואונדערבאַרער סימפאָניע פון אַן אַלוועלטלעכן שלום. נאָר דעמאָלט וועט די מענטשהייט זיין אַ דערפאָלג, ווען אַלע מענטשן פון וועלכע זי באַשטייט וועט זיך קענען אויסדריקן פריי און וועלן דאָך זיין פאַראייניקט אין איין גרויסער פאַראייניקונג, וואָס וועט געפירט ווערן פון אַ געזונטער דעקלאַראַציע פון פרינציפּן און פון אַן אַלגעמיינעם אָפּמאַך וואָס זאָל האָבן דעם צוועק צו גיין צום אַלגעמיינעם ציל און דאָס איז די אָפּהיטונג פון אוניווערסאַלן געזעץ פאַר דער טובה פון דער גאַנצער מענטשהייט".

וואָס מאַציני האָט געמיינט מיט די ווערטער איז געווען צו שאַפן אַ פאַראייניקטע אייראָפּע אויפן באַזיס פון רעפּובליקן און נאָך דעם צו שאַפן אַ פאַראייניקטע מענטשהייט, אויך אויף דעם זעלבן באַזיס.

* * *

כדי אויסצופירן אָט־דעם חלום איז מאַציני געפאָרן נאָך אַמאָל קיין פראַנקרייך, ווייל ער האָט גערעכנט, אַז פראַנקרייך וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ רעוואָלוציע, וועט אים אַמבעסטן פאַרשטיין, אָבער אויס־געלאָזט האָט זיך פונקט פאַרקערט. גראָד דאָרטן האָט מען אים אַמווייניקסטן פאַרשטאַנען און באַלד נאָכדעם ווי ער איז געקומען קיין פּאַריז, האָט ער געקראָגן אַ באַפעל צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, אָבער ער האָט ניט אויסגעפאָלגט דעם באַפעל און זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל פון מאַרסעי וואו ער האָט צוואַנציק יאָר געפירט אַ לעבן פון אַ פרייוויליקן אַרעס־טאַנט צווישן די פיר ווענט פון זיין קליינעם צימער. ער האָט זיך אויס־באַהאַלטן פון די שפּיאָנען פון דער „הייליקער אַליאַנס", וועלכע האָבן אים געזוכט איבער גאַנץ אייראָפּע, אָבער דאָרט האָט ער געשאַפן און אויס־געבויט זיין אָרגאַניזאַציע, מיט דער הילף פון פריינד, און פון דאָרטן

האָט ער אַרויסגעשיקט זיינע אינסטרוקציעס צו אַלע מיטגלידער פון „יונג אייראָפּע".

בלויז אין יאָר 1849, נאָך דער רעוואָלוציע אין אייראָפּע האָט ער געמיינט, אַז עס איז שוין געוואָרן אַנדערש און איז אַרויס פון זיין באַהעלטעניש. דעמאָלט האָט זיך געשאַפן אַ רעפּובליק אין איטאַליע און ער איז געוואָרן איינער פון די דריי, וואָס האָבן געדאַרפט שטיין אין דער שפּיץ פון דער רעפּובליק. ער האָט איצט געהאָפט, אַז אויך זיין חלום וועגן אַ פרייער אייראָפּע וועט אינגיכן פאַרווירקלעכט ווערן.

אָבער דער חלום האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן, איטאַליע איז באַלד געוואָרן אויס רעפּובליק, ווייל די „הייליקע אַליאַנס" האָט דאָס ניט געוואָלט און מען האָט צוריק איינגעפירט דאָרטן אַ מאָנאַרכיע.

מאַזיני האָט איצט פיל יאָר פאַרבראַכט אין גלות אין ענגלאַנד. ער פלעגט אָפט פאָרן איבער אייראָפּע, אָבער אַלע הערשער האָבן פאַר אים מורא געהאַט. ער איז געווען זייער פּאָפּולער, אָבער ער איז אויך געווען דער מענטש פאַר וועלכן די קעניגן האָבן זיך דערשראָקן און אַלע האָבן געזוכט צו פאַרשפאַרן אים צוריק אין געפענגעניש. דעריבער איז זיין וואוינונג אין לאָנדאָן געווען אַ געהיימע קוואַרטיר, פון וועלכער עס האָבן נאָר געוואוסט יחידי־סגולה.

מאַזיני איז אויך געווען דער ערשטער צו רופן אויף אָפּצושאַפן שקלאַפעריי, ווייסע שקלאַפעריי אין אייראָפּע און פון די שוואַרצע אין אַמעריקע. ער האָט דער ערשטער גערופן צו געבן פרויען גלייכע רעכט און אזוי איז ער אויך געווען דער ערשטער פון פיל אַנדערע ראַדיקאַלע געדאַנקען אין זיין צייט. אָבער גלייכצייטיק האָט יעדער פּאָליציאַנט אין אייראָפּע געהאַט ביי זיך זיין בילד, כדי אים צו דערקענען און אַרעסטירן.

ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1872 און געהאַט אַ גרויסע לוויה. ניט ווייניקער ווי 80,000 מענטשן האָבן אים באַגלייט צום בית־עולם.

## 82. דזשוזעפע גאַריבאַלדי, דער וועלטס פרייהייט־קעמפער

ווען איטאַליע ווערט פאַראייניקט אַלס מאָנאַרכיע איז גאַריבאַלדי דער־פאַר. — גאַריבאַלדי שטעלט די פאַראייניקונג פון איטאַליע העכער ווי דעם געדאַנק פון אַ רעפּובליק. — ער זאָגט, מען קען ניט געווינען קיין פרייהייט אָן צו פאַרגיסן בלוט. — גאַריבאַלדי איז געשטאָרבן אין עלטער פון 75 יאָר.

אין גאַנג פון דער וועלט־געשיכטע זעט מען אָפט די דערשיינונג ווי איינער טרוימט וועגן אַן אידעע, וואָס איז ניי פאַר דער מענטשהייט, אָבער דער בעל החלומות פירט דאָס ניט אויס אין לעבן. דאַקעגן קומט גאָר אַן אַנדערער, וועלכער האָט ניט געחלומט וועגן דעם, און ער פאַרווירקלעכט די אידעע פון יענעם טרוימער. אַט דאָס איז אויך געווען דער פאַל מיט מאַזינין און גאַריבאַלדין, די צוויי גרויסע איטאַליענישע פרייהייטס־קעמפער, וועלכע האָבן געהאָפט צו זען אַ פאַראייניקטע איטאַליע. מאַזיני איז געווען דער, וואָס האָט געחלומט אָט־דעם גרויסן חלום, אָבער געזען אים פאַרווירקלעכט און אויך אַנטיילגענומען אין זיין פאַרווירק־לעכונג, האָט גאַריבאַלדי.

גאַריבאַלדי איז בכלל געווען אַ וועלט־פרייהייטס־קעמפער. ער האָט ניט באַגרענעצט זיין טעטיקייט בלויז צו איין לאַנד, ניט צו איטאַליע אַליין. ניין. ער האָט געקעמפט אומעטום פאַר דעם צוועק פון פרייהייט, ברידערלעכקייט און גלייכהייט. ער האָט זיך געשלאָגן ניט אויף איין שלאַכט־פעלד פאַר אָט־די גרויסע אידעען. אומעטום ווי אַ קאַמף פאַר פרייהייט האָט געפלאַמט, דאָרטן איז ער געווען. ער איז געווען אַ גרויסער איטאַליענישער פּאַטריאָט, אָבער ניט וויניקער — אַ גרויסער פרייהייטס־קעמפער. דערפאַר זעט מען זיין סטאַטוע אין פיל לענדער, ווייל ער האָט זיך באַטייליקט אין קאַמף פון פיל לענדער פאַרן גרויסן אידעאַל פון פרייהייט פאַר דער מענטשהייט.

* * *

דזשוזעפּע גאַריבאַלדי איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1807 אין ניצע. שוין אין די יונגע יאָרן האָט ער זיך באַטייליקט אין דער רעוואָ־לוציע וואָס מאַזיני האָט צוגעגרייט אויף צו שאַפן אַ פאַראייניקטע איטאַליע פון לויטער רעפּובליקן. ווען מאַזיניס פלאַן וועגן אַ רעפּובליק אין רוים איז דורכגעפאַלן, האָבן ביידע, מאַזיני און גאַריבאַלדי, געמוזט אַנטלויפן,

ווייל זיי זיינען ניט געווען זיכער מיט זייער לעבן. מאַזיני איז אַנטלאָפן קיין פראַנקרייך און ענגלאַנד. גאַריבאַלדי אָבער האָט ניט געוואָלט גלאַט זיך אויסהיטן פון זיינע שונאים. ער האָט כסדר געזוכט אַ פּלאַץ, וואו ער זאָל קעמפן פאַר פרייהייט. ער האָט דאָס באַלד געפונען אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, וואו ער האָט געקעמפט אין פאַרשידענע לענדער קעגן די באַדריקער. אַזוי האָט ער זיך באַטייליקט אין דער רעוואָלט פון בראַזיל און אין אורוגוויי. שפּעטער קומט ער צוריק קיין איטאַליע און באַטייליקט זיך ווידער אין עטלעכע רעוואָלוציאָנערע אויסברוכן. זיין הויפּט־ציל איז אָבער געווען אַז אַלע איטאַליענישע פּראָווינצן זאָלן זיך פאַראייניקן אונטער איין פאָן. ער האָט געוואָלט אַזוי ווי מאַזיני אַז איטאַליע זאָל זיין אַ פאַראייניקונג פון רעפּובליקן אָדער גאָר איין גרויסע רעפּובליק. די איטאַליענישע פאָלקס־מאַסן זיינען אָבער ניט געווען גרייט פאַר דער אידעע פון אַ פרייער רעפּובליק. דאָס פאָלק האָט געוואָלט אַ קעניג. מאַזיני איז געווען קעגן דעם און ער האָט איצט פאַרוואָרפן די גאַנצע אידעע פון אַ פאַראייניקטער איטאַליע. פאַר אים איז דער געדאַנק פון אַ פרייער רעפּובליק געשטאַנען פיל העכער ווי די פאַראייניקונג פון אַלע טיילן פון לאַנד אין איין מלוכה. גאַריבאַלדי, אָבער, האָט געזאָגט פאַרקערט, די אידעע פון אַ פאַראייניקטער איטאַליע איז העכער פון אַלעם, און אויב דאָס פאָלק וויל אַ קעניג, זאָל זיין אַ קעניג, אבי ס׳זאָל זיין איין פאַראייניקט לאַנד. דערפאַר האָט גאַריבאַלדי זיך אָפּגעטיילט פון זיין פריינד מאַזיני און האָט געהאָלפן אַז וויקטאָר עמאַנועל דער צווייטער, פון סאַרדיניען, זאָל ווערן דער קעניג פון איטאַליע.

ווען גאַריבאַלדי איז צוגעשטאַנען צו דער מאָנאַרכיע־באַוועגונג און האָט דאָס אָפן דערקלערט, איז דאָס געווען אַ צייכן פאַר אַלע בירגער פון איטאַליע, איבערהויפּט דעם מיטל־קלאַס און אַרבעטער, צוצושטיין צו אים און צו אַנערקענען דעם נייעם מאָנאַרכיסטישן סיסטעם פאַר איטאַליע. גאַריבאַלדי האָט איצט אָנגעפירט מיט די קאַמפן אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד קעגן די, וואָס האָבן ניט געוואָלט אַנערקענען די מאָ־נאַרכיע. גאַריבאַלדי איז געווען אַזוי באַליבט, אַז נאָך דעם ווי ער האָט איינגענומען סיציליע, פּאַלערמאָ און אַנדערע ערטער פאַר דער מאָנאַרכיע, האָבן אים פיל פון זיינע אָנהענגער געוואָלט אויסרופן אַלס קעגיג, אָבער ער איז געבליבן לאָיאַל צום קעניג וויקטאָר עמאַנועל דעם צווייטן און האָט גערופן אַלעמען צו אַנערקענען אים אַלס קעניג פון איטאַליע. דאָס האָט געהאָלפן. ער האָט אַזוי אַרום געשאַפן אַ גאַנצע איטאַליע, אַ פול־שטענדיק־פאַראייניקטע איטאַליע.

ווי איר זעט, איז גאַריבאַלדי געווען אַ מער פּראַקטישער דענקער ווי מאַזיני. מאַזיני איז געווען אַ טרוימער, אַן אידעאַליסט וואָס וויל זען אין דער וועלט די דורכפירונג פון זיין אידעאַל אינגאַנצן אַזוי ווי ער האָט עס פאַרטראַכט, קיין האָר ניט ווייניקער. ער איז געווען וואָס מען רופט אָן אַן עקסטרעמיסט. ער האָט געוואָלט אין אַלעם שלימות. אַלץ זאָל זיין אַזוי ווי עס דאַרף צו זיין. ער האָט געוואָלט אַ גאַנצע איטאַליע, אָבער אַ פרייע איטאַליע, אַן איטאַליע וואָס איז פאַראייניקט, אָבער וועלכע איז פריי, און פריי האָט געמיינט פאַר אים, אָן אַ הערשער, אָן אַ קעניג, אַ פאָלק איז פריי, דערקלערט מאַזיני, ווען דאָס פאָלק הערשט. דאָרטן, וואו די באַפעלקערונג קען אַליין אויסקלייבן פאַר זיך אַ הערשער און וועמען עס וויל. אָבער דאָס איז נאָר מעגלעך אין אַ פרייער רעפּובליק, ניט אין אַ מאָנאַרכיע, אַפילו אין דער בעסטער. אין אַ מאָנאַרכיע קען ניט קומען צום אויסדרוק דער פאָלקס־ווילן; אין אַ מאָנאַרכיע איז דאָ אַ הערשער, וואָס הערשט צי ער איז גוט צי ער איז שלעכט; צי דאָס פאָלק וויל אים און צי דאָס פאָלק וויל אים ניט. אין אַ מאָנאַרכיע איז איינגעפירט דער סיסטעם פון אַ דינאַסטיע, וואָס מיינט, אַז די הערשאַפט גייט אַריבער בירושה פון פאָטער צו זון, אָדער צו אַן אַנדערן, וואָס איז אַ נאָענטער בלוט־פאַרוואַנדטער פונעם הערשער וואָס זיצט אויפן טראָן. דער יורש פון טראָן קען זיין אַ גערעכטער אָדער אַ ניט־גערעכטער; ער מעג זיין אַ נאָרמאַלער מענטש אָדער אַן אידיאָט. דער יורש קריגט די רעכט אויפן טראָן און ער ווערט דער הערשער איבער דעם לעבן און פאַרמעגן פון דער באַפעלקערונג. דאָס איז ריכטיק אויך ווען אַ לאַנד איז אַ קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע און אַפילו ווען די מאַכט פון דעם הערשער, פון קעניג אָדער דער קעניגין איז באַגרענעצט. דער פאַקט בלייבט, אַז עס קען טרעפן, ווי עס האָט שוין ניט איין מאָל געטראָפן אין מאָנאַרכיעס, אַז איינער, וואָס האָט געדאַרפט זיין, אייגנטלעך, אין אַן אַנשטאַלט פון משוגעים, זיצט גאָר אויפן טראָן.

מאַזיני האָט דעריבער פאַרוואָרפן די גאַנצע אידעע פון אַ פאַראייניקטער איטאַליע, צוליב דעם וואָס קעניג וויקטאָר עמאַנועל דער צווייטער איז געוואָרן דער קעניג פון גאַנץ איטאַליע. מאַזיני האָט דערקלערט, אַז דאָס איז ניט צו וואָס ער האָט געשטרעבט. „דאָס איז ניט דער חלום וועגן אַ פרייער פאַראייניקטער איטאַליע״ האָט ער געזאָגט.

גאַריבאַלדי אָבער האָט אים דערויף געענטפערט, אַז ער איז ניט גערעכט. מען דאַרף זיין פּראַקטיש — האָט גאַריבאַלדי צו אים געזאָגט — אַ פאַראייניקטע איטאַליע איז אַ שטאַרקע איטאַליע, אַפילו ווען עס איז

אונטער אַ קעניג. איטאַליע איז געווען צעריסן. עס זיינען געווען פּראָווינצן, אָבער ניט איין גאַנץ לאַנד און צוליב דעם וואָס די פּראָווינצן זיינען ניט געווען פאַראייניקט, האָבן אַנדערע מלוכות געקענט באַהערשן זיי און זיי איינגעמען פאַר זיך. גאַנץ אַנדערש אָבער איז עס איצט. איצט איז דאָ איין גרויס לאַנד וואָס הייסט איטאַליע. איצט וועלן עסטרייך און אַלע אַנדערע לענדער ניט וואַגן צו פאַרכאַפּן איינע פון די פּראָווינצן, ווייל זי וועט וויסן, אַז דאָס מיינט קעמפן קעגן גאַנץ איטאַליע. אַיי, דאָס וואָס איטאַליע איז אַ מאָנאַר־כיע, דאָס איז אַ קליינע צרה. מיט דער צייט וועט איטאַליע אָראָפּוואַרפן פון זיך דעם עול פון דער מאָנאַרכיע און איינפירן אין לאַנד פרייע וואַלן פון אַ פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. דאָס וועט זיכער קומען שפּעטער. דער עיקר איז, אַז איטאַליע זאָל זיין פאַראייניקט אין איין גרויס לאַנד. דעמאָלט וועט שוין מער קיינער ניט אָנפאַלן אויף די פּראָווינצן פון איטאַליע.

מאַזיני האָט דאָס אויסגעהערט. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און דערנאָך געזאָגט:

— איך האַס יעדע מאָנאַרכיע. איך קען ניט לעבן אין אַזאַ סיסטעם. איך האַלט, אַז יעדע מאָנאַרכיע איז אַן אומגליק פאַרן לאַנד. יעדנפאַלס ווייל איך מיט קיין שום מאָנאַרכיע ניט קומען אין באַרירונג, און דאָס מיינט פאַר מיר אויך איטאַליע, וואָס ווערט איצט רעגירט פון אַ קעניג.

נאָך די ווערטער האָט מאַזיני זיך גענומען גרייטן צו פאַרלאָזן איטאַליע, אָבער נאָך איידער ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט די פאַרבע־רייטונגען צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, איז אָנגעקומען דער באַפעל פון הערשער פון גענואַ, אַז ער ווערט אַרויסגעשיקט. מאַזיני האָט איצט געשמייכלט און געזאָגט צו זיינע פריינד:

— אַפילו דאָס שטיקל פאַרגעניגן, אַז איך פאַרלאָז אַליין דאָס לאַנד אייגנוויליק, פאַרגינט מען מיר אויך ניט. דער הערשער ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך גרייט זיך צו פאַרלאָזן איטאַליע. איך האָב עס עפנטלעך געזאָגט אין מיינער אַ רעדע. טאָ צו וואָס דער באַפעל, אַז איך זאָל פאַר־לאָזן דאָס לאַנד? דאָס איז נאָר כדי מיר ווי צו טאָן, אָבער איך בין ניט באַזאָרגט. איך וועל קומען צוריק אינגיכן, ווען איטאַליע וועט זיין איין גרויסע רעפּובליק!

* * *

מיר זעען, אַז אין דער צייט ווען מאַזיני האָט בלויז גערופן צום קאַמף, האָט גאַריבאַלדי פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט גענוג און האָט זיך

גענומען צו דער שווערד. ער האָט געקעמפט אין איטאַליע פאַר אַ פאַר־אייניקטע מלוכה און אין די קאַמפן האָט ער זיך זייער באַליבט געמאַכט ביי די פאָלקס־מאַסן. ער האָט געזען, אַז די מאַסן ווילן אַ קעניג האָט ער זיי דאָס נאָכגעגעבן און געשטיצט די פּאָזיציע פון קעניג וויקטאָר עמאַנועל דעם 2־טן און ווען דער קעניג פון סיציליע האָט קאַפּיטולירט אין 1814, האָט גאַריבאַלדי פּראָקלאַמירט וויקטאָר עמאַנועלן אַלס דעם קעניג פון גאַנץ איטאַליע. אָבער באַלד איז געשען אַ מאָדנע זאַך, נעמלעך, דער קעניג וויקטאָר עמאַנועל דער צווייטער, ווען גאַריבאַלדי האָט אַזוי שטאַרק געשטיצט, האָט גאָר געשיקט אַן אַרמיי קעגן אים מיט אַ באַפעל אים צו אַרעסטירן. די מאָדנע האַנדלונג פון גאַריבאַלדיס פריינד, דעם קעניג פון איטאַליע, איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן: גאַריבאַלדי האָט געוואָלט פאַרענדיקן זיין אַרבעט פון אַ פאַראייניקטער איטאַליע מיט איינגעמען רוים, אָבער אין רוים האָט דער וואַטיקאַן ניט דערלאָזט, אַז די שטאָט זאָל צושטיין צו דער פאַראייניקונג פון איטאַליע, ווייל לויט אַן אַלט געזעץ געהערט רוים גאָר צום וואַטיקאַן, צום פּויפּסט. גאַרי־באַלדי האָט זיך אָבער ניט געוואָלט רעכענען דערמיט און געשיקט אַן אַרמיי איינצונעמען ד׳י שטאָט. דער קעניג האָט אָבער מורא געהאַט, אַז דער פּויפּסט וועט אַרויסטרעטן קעגן גאַריבאַלדין און די זאַך וועט ווערן אַן אינטערנאַציאָנאַלער סכסוך און וועט פירן צו אַ קאַמף קעגן גאַריבאַלדין. ער האָט דעריבער געבעטן גאַריבאַלדין, אַז ער זאָל ניט אַרויסטרעטן קעגן פּויפּסט. גאַריבאַלדי האָט ניט געוואָלט זיך צוהערן צום קעניגס רייד. דעמאָלט האָט דער קעניג קיין אַנדערע ברירה ניט געהאַט ווי נאָר צו שיקן אַן אַרמיי קעגן גאַריבאַלדין און אים צו אַרעסטירן כדי אַזוי־אַרום אים צו באַשיצן פון די פאַנאַטיקער פון די אַנדערע לענדער.

* * *

און אַזוי זעען מיר ווי גאַריבאַלדי רוט ניט. ער איז אומעטום וואו די פאָלקס־מאַסן קעמפן פאַר פרייהייט און גערעכטיקייט. ער קומט קיין פראַנקרייך און ווערט דער קאָמאַנדיר פון די פראַנצויזיש־איטאַל־יענישע כוחות. שפּעטער זעט מען אים ווידער אין איטאַליע און אין אַנדערע לענדער. אין יאָר 1874 ווערט ער אויסגעוויילט אַלס מיטגליד פון איטאַליענישן פּאַרלאַמענט, אָבער ער איז זייער ניט צופרידן מיט דער רואיקער אַרבעט פון אַ געזעץ־געבער. אים ציט צו עפּעס אַנדערש, צום קאַמף פאַר פרייהייט אומעטום וואו די מענטשהייט שלאָגט זיך וועגן דעם מיט רעאַקציאָנערע כוחות.

גאַריבאַלדי איז אויך געווען אַ שרייבער פון בעלעטריסטישע

ווערק. ער האָט אָנגעשריבן צוויי ראָמאַנען, אָבער מיט זיי האָט ער זיך ניט אַזוי שטאַרק אויסגעצייכנט. שוין פיל בעסער זיינען זיינע מעמואַרן, וועלכע זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין פיל שפּראַכן און וועגן וועלכע פיל גרויסע שריפטשטעלער און דענקער האָבן זיך אויסגעדרוקט, אַז זיי זיינען אַ גרויסער ביישטייער צו דער וועלט־ליטעראַטור. גאַריבאַלדי האָט געהאַט אַ זון ריקאָטי גאַריבאַלדי, וואָס האָט געירשנט זיין פאָטערס טעמ־פּעראַמענט, אָבער ער האָט זיך ניט באַזונדערס אויסגעצייכנט. דזשוזעפּע גאַריבאַלדי איז געשטאָרבן אין יאָר 1882 אין עלטער פון 75 יאָר.

* * *

מיר האָבן פריער אַרויסגעבראַכט דעם הויפּט־אונטערשיד צווישן מאַזיניך און גאַריבאַלדין דערמיט, וואָס דער ערשטער, מאַזיני, האָט גע־שטעלט העכער דעם פּרינציפּ פון פרייהייט פון פאָלק ווי דעם ציל, צו פאַראייניקן עס אין איין גאַנצער מלוכה, ווען פאַר גאַריבאַלדין איז די פאַראייניקונג פון אַלע פּראָווינצן פון איטאַליע אין איין מלוכה געווען גענוג, אַפילו ווען עס איז געווען אונטער אַ מאָנאַרך. אָבער דאָס איז ניט געווען דער איינציקער אונטערשיד צווישן די צוויי פרייהייטס־קעמפער. עס איז געווען נאָך עפּעס וואָס איז געווען פיל מער וויכטיקער פאַר מאַזיניך און ניט אַזוי וויכטיק פאַר גאַריבאַלדין, נעמלעך: צי מען מעג פאַרגיסן מענטשלעך בלוט, כדי אויסצוקעמפן פרייהייט פאַר די פאָלקס־מאַסן? לויט גאַריבאַלדין, קען מען קיינמאָל ניט געווינען קיין קאַמף פאַר פרייהייט בלויז מיט ווערטער אַליין. פאַר פרייהייט דאַרף מען זיך שלאָגן. בלוט מוז פאַרגאָסן ווערן. די הערשער, די באַדריקער, די טיראַנען וועלן קיינמאָל ניט געבן קיין פרייהייט צו די מאַסן, אויב זיי וועלן זיך ניט שלאָגן דערפאַר אויף די באַריקאַדן. עס איז דעריבער, לויט אים, ניטאָ קיין אַנדערע עצה, ווי צו טאָן דאָס וואָס מען מוז טאָן: צו קעמפן מיט געווער אין די הענט. עס וועלן פאַלן קרבנות — געוויס. עס וועט זיך גיסן בלוט פון ביידע זייטן. אומשולדיק בלוט וועט פאַרגאָסן ווערן, אָבער דאָס איז דער איינציקער וועג צו געווינען די פרייהייט און צו פאַרטרייבן די דעספּאָטן. אַליין וועלן זיי פון גוטן ווילן קיין פרייהייט די מאַסן ניט געבן.

מאַזיני האָט אָבער דאָס ניט געוואָלט. מאַזיני איז קעגן יעדן קאַמף ביי וועלכן עס קומען אום מענטשלעכע לעבנס, אַפילו ווען דער קאַמף איז פאַר פרייהייט. מאַזיני האַלט, אַז עס טאָר ניט, אין קיין פאַל פאַרגאָסן ווערן קיין מענטשלעך בלוט, זאָל עס זיין פאַר וועלכן צוועק ניט איז, ווייל אויב מיר פאַרגיסן בלוט, זיינען מיר די „קינס" וואָס

הרגענען די „הבלס״, דער ערשטער ברודער־מאָרד אין דער געשיכטע וואָס ווערט כסדר פאָרגעזעצט.

לויט מאַזיניך, טאָר מען ניט זאָגן, אַז אין קאַמף פאַר פרייהייט מעג פאַרגאָסן ווערן בלוט אַפילו ווען מען פאַרגיסט דאָס בלוט פון אַ שונא, פון אַ טיראַן. ניין, זאָגט מאַזיני, דער פרינציפּ פון ניט־פאַרגיסן מענטשלעך בלוט, דער פרינציפּ ניט צו מאָרדן, מיינט אַפילו אַ שונא און אַפילו אַ טיראַן, ווייל ער איז אויך אַ מענטש פון בלוט און פלייש, ווי מיר, ווייל זיין קערפּער איז גאַנץ גענוי אַזוי ווי אונדזערע קערפּערס. מאַזיני זאָגט אויך, מען טאָר ניט זאָגן, אַז דער ציל הייליקט די מיטלען, דאָס איז אַ פאַלשער צוגאַנג. קיין שום ציל ווי גרויס און דערהויבן ער זאָל ניט זיין, הייליקט ניט די מיטלען. אויב מען טאָר ניט מאָרדן, אויב מען טאָר ניט פאַרגיסן קיין מענטשלעך בלוט, מיינט עס, אָן אויסנאַמען. ניט וויכטיק, וואָס דער מאָטיוו פון מאָרד איז. דער פאַקט איז, אַז אַ מענטש ליגט טויט פאַר אונדזערע אויגן, אַ מענטש וואָס האָט ערשט געלעבט, געאָטעמט, געמאַכט פּלענער פאַר זיין ווייטערדיקער עקזיסטענץ, איז פאַרשניטן געוואָרן. דער מענטש, ווער ער זאָל ניט זיין, איז געווען אַ קינד פון אַ טאַטן און אַ מאַמען; אפשר אַ פאָטער פון קינדער; אפשר אַ געליבטער פון אַ געליבטע; אַ מאַן פון אַ ווייב; ער איז איצט טויט. ווער האָט צוגענומען ביי אים זיין לעבן? — מיר מענטשן. מיר, וואָס זיינען פּונקט אַזעלכע מענטשן ווי ער איז געווען. מיר האָבן צוגענומען זיין לעבן און אים געמאַכט טויט, אָבער מיר לעבן און מיר ווילן אָנגיין מיטן לעבן. נאָך מער — מיר האָבן צוגענומען זיין לעבן, כדי מיר זאָלן קענען האָבן אַ בעסער לעבן. איז דאָס ריכטיק? מעג מען דאָס טאָן?

אָט אַזוי פילאָזאָפירט מאַזיני אין איינער פון זיינע שריפטן, וואו ער וויל באַווייזן, אַז דער גאַנצער ענין פון פרייהייטס־קאַמפּן איז פאַלש. מען דאַרף ניט אומברענגען מענטשן צוליב דעם אידעאַל פון פרייהייט, ווייל — עס וועט סיי־ווי קומען דערצו. עס איז פּונקט אַזוי ווי אַן עפּל אויפן בוים, וואָס ווען ער ווערט צייטיק, פאַלט ער אַראָפּ. עס איז אויך אַזוי ווי דאָס קומען פון אַ קינד אויף דער וועלט, ווען עס ווערט ניין חדשים. מיט אַנדערע ווערטער, עס איז אַן עוואָלוציע און ניט רעוואָלוציע. מען דאַרף וואַרטן ביז די צייט וועט קומען און דעמאָלט וועט עס אַליין געשען, ווען מען טוט אָבער זאַכן איידער די צייט קומט, העלפט עס סיי־ווי ניט. עס איז פריצייטיק. אַזוי האָט געפּרעדיקט מאַזיני, און עס איז אָן ספק, אַז ער איז געווען אַ פיל מער עטישער מענטש ווי גאַריבאַלדי. ער איז געווען אַ נביא פון 19־טן יאָרהונדערט.

## 83. ווער איז געווען טשאַרלס דאַרווין?

זיין טעאָריע וועגן עוואָלוציע און ווי אַזוי זי איז אַנטשטאַנען. — ער ווערט איינגעלאַדן אויף אַ וועלט־רייזע פון וויסנשאַפטס־לייט, אָבער דער קאַפּיטאַן לאָזט אים ניט אַרויף אויף דער שיף. — ווי אַזוי ער האָט געשאַפן זיין טעאָריע וועגן „עוואָלוציע". — דאַרווין איז געווען אַ האַלבער אינוואַליד.

אין האַרבסט פון יאָר 1831 האָט אַ סטודענט פון אַ סעמינאַר פאַר פּראָטעסטאַנטישע גייסטלעכע, טשאַרלס דאַרווין, וועלכער איז דעמאָלט אַלט געווען ניט מער ווי 22 יאָר, געזאָלט זיין איינער פון די, וואָס וועלן פאָרן אויף דער קעניגלעכער שיף „ביעגל" וואָס איז אָפּגעפאָרן פון ענג־לאַנד אויף אַ רייזע אַרום דער וועלט פאַר וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען.

ווען דאַרווין איז געקומען צו דער שיף, האָט דער קאָמאַנדיר פון דער שיף אים גוט באַטראַכט און אים ניט געוואָלט אַרויפלאָזן אויף דער שיף. דער קאַפּיטאַן האָט דערקלערט פאַר דער קאָמיסיע, וואָס האָט צוזאַמענגעשטעלט די ליסטע פון די וויסנשאַפטס־לייט, וואָס זאָלן פאָרן אויף דער שיף, אַז דער יונגער סטודענט דאַרווין זעט אויס ביי אים גייס־טיק צו שוואַך פאַר וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען און אַז ער איז אויך פיזיש ניט פעאיק פאַר אַזעלכע אויפגאַבן.

אין יענער צייט איז אין ענגלאַנד געווען זייער פּאָפּולער פרענאָ־לאָגיע (די וויסנשאַפט וואָס זאָגט אַז מען קען וויסן דעם כאַראַקטער פון אַ מענטש דורך די שטריכן פון זיין פּנים, פון דער פאָרמירונג פון זיינע אויגן, פון דער נאָז, מויל א. ד. גל.). דאַרווין, וועלכער האָט שטאַרק געוואָלט פאָרן אויף דער וויסנשאַפטלעכער רייזע, איז אַוועק צו אַזאַ פרענאָלאָגיסט, כדי ער זאָל לייענען דעם כאַראַקטער פון די ליניעס פון זיין פּנים. דער פרענאָלאָגיסט האָט עס געטאָן און דערקלערט, אַז דאַרווין וועט ווערן מיט דער צייט אַ גרויסער גייסטלעכער און אַ זייל פון דער קירך. ווען דאַרווין איז צוריקגעקומען צום קאַפּיטאַן פון דער שיף מיטן פּאַפּיר פון דעם פרענאָלאָגיסט, האָט דער קאַפּיטאַן געביטן זיין מיינונג און האָט אים געלאָזט פאָרן צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע וויסנשאַפטלער. דאַרווין האָט איצט אַוועקגעלייגט אין אַ זייט דעם אַלטן און נייעם טעסטאַ־מענט און זיך גענומען פאָרשן דאָס לעבן אַליין. אַזוי איז ער אַרומגעפאָרן אויף דער שיף גאַנצע פינף יאָר, עטלעכע מאָל אַרום דער ערד און האָט

געהאַט אַ געלעגנהייט צוצוקוקן זיך צו דער נאַטור, אַזוי ווי זי איז. ער האָט געזאַמלט פאַרשידענע בלומען און בלעטער; כלערליי סאָרטן פון טויטע פייגל און געפּגרטע חיות; גאַנצע פּעק פון שטיינער און זאַמדן צונויפ־געקליבן פון אַלע שבעה ימים און אַלץ מיט איין צוועק, צוליב דעם געדאַנק וואָס עס איז אים אַריין אין קאָפּ נאָך לאַנג איידער ער איז געפאָרן מיט דער שיף, אַז אַלע זאַכן וואָס זיינען דאָ אויף אונדזער ערד, שטאַמען איינס פון אַנדערן, מיט אַנדערע ווערטער: עס איז געווען אַן עוואָלוציע־פּראָצעס אין אַלעם דעם וואָס מיר זעען און וואָס רינגלט אונדז אַרום. דאָך האָט דאַרווין ביים אַרויפגיין אויף דער שיף נאָך אַלץ געטראַכט, אַז דער ציל פון זיין לעבן איז צו זיין אַ גייסטלעכער. אָבער ווען ער איז אַראָפּ פון דער שיף, האָט ער שוין ניט געטראַכט מער פון צו ווערן אַ גייסטלעכער אין אַ קירך און אַפילו ניט וועגן זיין „אַ זייל פון קריס־טנטום״. ער האָט איצט געזען די וועלט און אַלץ וואָס עס איז דאָ אויף איר אין אַן אַנדער ליכט און ער האָט געוואָלט דינען אין טעמפּל פון וויסנשאַפט און אַפילו דער קאַפּיטאַן וואָס האָט אים ניט געוואָלט פריער אַרויפלאָזן אויף דער שיף צווייפלענדיק צי אָט דער סטודענט איז פּאַסיק פאַר וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען, האָט איצט, ביי דאַרווינס פאַרלאָזן די שיף, צו אים געזאָגט, אַז ער איז גליקלעך וואָס ער האָט אים געהאַט אויף זיין שיף אין פאַרלויף פון די גאַנצע פינף יאָר.

* * *

דאַרווין איז געבוירן געוואָרן דעם 12־טן פעברואַר, 1809 (אין זעלבן טאָג ווען לינקאָלן איז געבוירן געוואָרן), אין שרוסבאַרי (ענגלאַנד) אין הויז פון אַ באַרימטן דאָקטאָר פון מעדיצין. דאַרווין האָט געשטאַמט פון אַ יחוסדיקער פאַמיליע. זיין זיידע עראַזמוס דאַרווין איז געווען אַ באַרימטער וויסנשאַפטס־מאַן, אַ פאָרשער פון דער נאַטור, וועלכער האָט אויך גע־שריבן לידער. איינס פון זיינע לידער איז אַ פּאָעמע וועגן ליבעס פון די פלאַנצן. ער האָט אויך געשריבן אַ בוך, „די געזעצן פון אָרגאַניש לעבן״. זיין עלטער־זיידע, פון דער מוטערס זייט איז געווען דזשאָשוא וועדזשוואוד, דער שאַפער פון אַ באַרימטן סאָרט פון געפעס מיט מאַלערייען, וואָס עס טראָגט זיין נאָמען. עס איז דעריבער געווען פון ביידע זייטן אַ שטרעבונג אין דער פאַמיליע צו קונסט און וויסנשאַפט.

אַלס קינד איז דאַרווין געווען זייער צאַרט און אַלעמאָל פאַר־טראַכט. ער האָט זיך אָפּגעגעבן אָפט מיט זאַמלען שטיינדלעך, מטבעות, פייגל־אייער, בלומען און ווערעמלעך. ער האָט אָבער קיינמאָל ניט געכאַפּט

קיין אינזעקטן לעבעדיקערהייט, ווייל ער האָט שוין דעמאָלט געטראַכט דערפון, אַז אַ מענטש האָט ניט דאָס רעכט צו טויטן קיין שום באַשעפעניש אויף גאָטס וועלט. ער האָט זיי נאָר געזאַמלט ווען ער האָט זיי געפונען טויטערהייט.

אין די גאָר יונגע יאָרן פלעגט ער גיין מיט זיין פאָטער אויף געיעג, אָבער איינמאָל האָט ער צוגעזען די יסורים וואָס עס האָט דורכגעמאַכט אַ פויגל וואָס דער פאָטער האָט געשאָסן און וועלכן דער יאַגד־הונט האָט געבראַכט צום פאָטער. ער האָט דעמאָלט אויפן אָרט באַשלאָסן ניט צו גיין מער מיטן פאָטער אויף יאַגד.

ווען דאַרווין איז אַלט געווען 8 יאָר, איז זיין מוטער געשטאָרבן. זיין פאָטער, דאָקטאָר ראָבערט דאַרווין, וועלכער איז געווען הויך און זייער דיק (ער האָט געוואויגן 350 פונט), איז געבליבן אַליין און עלנד, און זיך איצט אָפּגעגעבן מער מיט זיין זון טשאַרלס. ער איז זיך מיט אים באַגאַנגען זייער איידל, אָבער דער פאָטער האָט אים דאָך ניט פאַרשטאַנען. טשאַרלס האָט אַהיים געבראַכט שטיינדלעך און ערד, און האָט אָנגעמאַכט אַ חורבן אין הויז. דער פאָטער האָט אים דעריבער באַטראַכט פאַר אַ מאָדנע קינד און אים כסדר געשטראָפט פאַר אַזעלכע זאַכן. שפּעטער האָט ער אים געשיקט אין אַ שול וואו מען האָט מיט אים געלערנט לאַטיין און אַלט־גריכיש. דעם יונגן טשאַרלס האָט אָבער דאָס ניט אינטערעסירט. דערפאַר האָט ער אין פאָטערס גאָרטן געמומען אַרבעטן מיט פאַרשידענע זאַכן צו דערקענען דעם וועג פון דער נאַטור. דאָס האָט נאָך מער דערצאָרנט זיין פאָטער. אַפילו זיינע חברים האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ מאָדנע קינד און אים אָנגערופן מיט פאַרשידענע צונעמען. ענדלעך ווען ער האָט געענדיקט די גימנאַזיע האָט דער פאָטער אים אַוועקגעשיקט קיין עדינבורג צו לערנען מעדיצין, אין דעם עדינבורגער אוניווערסיטעט.

אין אָנהויב האָט טשאַרלס דאַרווין עס באַטראַכט פאַר אַ גוטן ציל אין לעבן, אָבער ווען מען האָט מיט אים גענומען לערנען אַנאַטאָמיע און דערצו נאָך גענומען פּאַלמעסן טויטע, האָט ער עס מער ניט געקענט פאַרטראָגן. באַזונדערס שפּעטער, ווען מען האָט געמאַכט כירורגישע אָפּעראַציעס איבער לעבעדיקע מענטשן. איינמאָל, ווען מען האָט געמאַכט אַזאַ כירורגישע אָפּעראַציע איבער אַ קינד, איז דאַרווין אַרויסגעלאָפן פון קלאַס. דעמאָלט האָט מען נאָך געמאַכט אָפּעראַציעס אָן אַנעסטעזיע (עס זיינען נאָך דעמאָלט ניט געווען דערפונדן קיינע פון די פאַרטויבונגס־מיטלען וואָס מיר האָבן היינט־צו־טאָג). די יסורים זיינען דעריבער געווען זייער גרויס און די געוואַלדן פון קינד האָבן זיך געטראָגן איבערן

גאַנצן שפּיטאָל. דאַרווין האָט דעמאָלט באַשלאָסן, אַז דאָס איז ניט קיין ציל פאַר אים.

אָבער ווען ער האָט דאָס געזאָגט צו זיין פאָטער, האָט ער עס זייער באַדויערט און האָט באַשלאָסן צו מאַכן אים פאַר אַ גייסטלעכן. אַזוי איז געשען, אַז דאַרווין איז צו 18 יאָר אַריינגעטראָטן אין „קריסט־קאָלעדזש״ אין קעמברידזש צו לערנען כדי צו זיין אַ גלח. דאָרטן האָט ער פאַרבראַכט דריי יאָר, וועגן וועלכע דאַרווין אַליין האָט שפּעטער גע־שריבן, אַז דאָס זיינען געווען „אומזיסט פאַרלוירענע יאָרן, און אפשר נאָך מער ווי סתם אומזיסט פאַרלוירענע״. אָבער דאָ איז געקומען זיין רייזע אויף דער שיף „ביעגל״, וואָס איז געוואָרן מעגלעך נאָר אַדאַנק די נבואות פון דעם פּרענאָלאָגיסט. אָבער פון די נבואותן איז מקוים געוואָרן בלויז אַ העלפט פון דעם וואָס יענער האָט געזאָגט, נעמלעך, אַז דאַרווין וועט זיין אַ „זייל״ אין דער קירך. דאַרווין איז טאַקע געוואָרן אַ זייל, אָבער ניט אין דער קירך, נאָר אין דער וויסנשאַפט...

* * *

די רייזע פון טשאַרלס דאַרווין אויף דער שיף „ביעגל״ האָט גע־בראַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש אין זיין לעבן און אויך ניט ווייניק אין דער וויסנשאַפט. די פינף יאָר אויף דער שיף און די רייזעס אַרום דער וועלט האָבן אים געגעבן אַזוי פיל מאַטעריאַל, אַז ער האָט דערנאָך זיך אָפּגעשלאָסן פון דער וועלט און האָט צוואַנציק יאָר געאַרבעט איבער זיין טעאָריע פון עוואָלוציע.

דאַרווין איז געקומען אַהיים מיט גאַנצע אוצרות פון פאַרשידענע מוסטערן פון בלעטער, בלומען און גראָזן: מיט טויטע פייגל, בהמות און חיות און מיט אַ קאָלעקציע פון כלערליי שטיינער, ערד־פאַרמירונגען און פאַרשידענע מינעראַלן וואָס ער האָט אַוועקגעלייגט אין שפּייכלערס צו אַרבעטן איבער זיי און אויסצוגעפינען זייער שייכות איינער צום אַנדערן.

צום גליק האָט טשאַרלס דאַרווין ניט געדאַרפט אָנקומען צו זוכן פּרנסה. זיין פאָטער, דער אַלטער דאָקטאָר ראָבערט דאַרווין, האָט אָנגע־זאַמלט פון זיין פּראַקטיק אַזוי פיל געלט, אַז עס איז געווען גענוג פאַר אַלע זיינע קינדער צו לעבן אין רחבות און אַז זיי זאָלן ניט דאַרפן אַרבעטן. טשאַרלס דאַרווין האָט נאָכדעם ווי ער איז אַראָפּ פון דער שיף „ביעגל״ אויפגעזוכט זיין קוזינע עמאַ וועדזשוואוד, אין וועלכער ער איז געווען אינטערעסירט נאָך איידער ער איז אַוועק אויף דער רייזע און

איר פאַרגעלייגט, אַז זי זאָל מיט אים חתונה האָבן. זי האָט צוגעשטימט און אַזוי איז געשען, אַז זיי האָבן חתונה געהאַט און געהאַט צען קינדער.

אָבער קיין גליקלעך פּאָרפאָלק זיינען זיי דאָך ניט געווען, ווייל נאָך פאַר דער חתונה איז טשאַרלס דאַרווין קראַנק געוואָרן, עס איז אים נאָך דער חתונה געוואָרן בעסער, אָבער ער איז צוריק קראַנק געוואָרן און איז אַ גאַנץ לעבן, אין פאַרלויף פון 40 יאָר, געווען אַ האַלבער אינ־וואַליד. דאָך, כאָטש ער האָט פיל געליטן, האָט ער געאַרבעט אַזוי פיל, אַז עס וואָלט גענוג געווען פאַר צען מענטשן.

די ערשטע אַרבעט וואָס ער האָט געטאָן איז געווען אַרויסצו־געבן אַ בוך וועגן זיין רייזע אויף דער שיף „ביעגל". דאָס איז געווען אַ וויסנשאַפטלעכע אַרבעט, וואָס לייענט זיך ווי אַ ראָמאַן. ער דערציילט דאָרטן פון זיין רייזע, אָבער ער דערציילט עס מיט אַזאַ פשוטער שפּראַך, אַז יעדער איינער קען פאַרשטיין, וואָס ער מיינט, כאָטש ער רעדט וויסנשאַפטלעך וועגן די פאַרשידענע מינים פון פלאַנצונגען און פון חיות.

דאַרווין שרייבט, אַז אין די צוואַנציק יאָר וואָס ער האָט געאַרבעט כסדר טאָג און נאַכט איבער זיין טעאָריע פון עוואָלוציע, האָט ער ניט געהאַט קיין שום אינטערעס פאַר ליטעראַטור און פּאָעזיע, ווייל די וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן האָבן ביי אים פאַרנומען דעם אויבן־אָן, אָבער אַ פאַקט איז דאָך, אַז זיינע ווערק זיינען געשריבן כמעט מיט אַ פּאָעטישן סטיל און לייענען זיך מיט גרויס שפּאַנונג. ער באַשרייבט, למשל, בראַ־זיליע מיט איר רייכער נאַטור אין אַזעלכע שיינע פאַרבן, אַז עס איז ממש פאַרכאַפּנד. צווישן אַנדערס זאָגט ער וועגן יענעם לאַנד: „בראַזיליע איז אַ גרויס, ווילד שטיק לאַנד, אַ פּלאַץ וואו עס איז ניטאָ קיין שום אָרדענונג, אָבער דאָך אַ זעלטענע מדינה וואָס איז מיט איר הויכער טעמפּעראַטור געשאַפן געוואָרן פון גאָט, כמעט ווי פאַר אים אַליין, אָבער מענטשן האָבן עס פאַרכאַפּט און עס אָנגעפילט מיט קליינע הייזער און גערטנער". ער שילדערט אויך זיין רייזע איבער אַמעריקע און ער ווערט באַגייסטערט פון דער רייכקייט פון דער נאַטור: „די קאָקאָ־ניס־ביימער; די פּאַלמען־ביימער; די מאַנגאָ־ביימער; די באַנאַנע־ביימער און נאָך פיל אַנדערע זיינען עפּעס ווי אַ טויזנט שיינהייטן וואָלטן זיך פאַראייניקט אין איין וואונדערבאַרער סצענע". עס איז אַ בוך וואָס האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. אַפילו איצט, אַ הונדערט יאָר נאָכדעם ווי דאָס בוך איז דערשינען, קען מען לייענען „די רייזע אויף דער ביעגל", ווי אַ מעשהלע פון „טויזנט און איין נאַכט".

באַלד דערנאָך האָט דאַרווין זיך גענומען אַרבעטן איבער זיין

צוויט בוך און צוגלייך אויך איבער דעם דריטן בוך. דאָס צווייטע בוך איז געווען וועגן דעם „אָנהויב פון אַלע באַשעפענישן״ („אָרידזשין אָוו ספּישיס״) און דערנאָך וועגן „אָפּשטאַם פון מענטש״ („דעסענט אָוו מען״). אין דעם בוך „דער אָנהויב פון אַלע באַשעפענישן״ רעדט ער זייער פיל וועגן אַ ים־חיהלע וואָס ווערט אָנגערופן „באַרנאַקל״, וואָס האָט אַ שטאַרקע שאָל אַרום איר קאָפּ, אַזוי ווי אַ קופּקע און דאָס חיהלע האָט אַ טבע „צו שטעלן זיך אויפן קאָפּ און אַריינצוואַרפן שפּייז אין איר מויל מיט אירע פיס״. דאַרווין שילדערט דאָרטן פאַרוואָס זי טוט אָט דאָס און ווי אַזוי עס איז געקומען דערצו, אַז דאָס חיהלע זאָל אַזוי טאָן. אַזוי האָט דאַרווין יאָרן לאַנג נאָכגעפאָלגט די סודות פון דער נאַטור און ער באַשרייבט, ווי אַזוי עס זיינען אַנטשטאַנען אין ים פאַרשידענע פיש און פאַרוואָס יעדע איינע פון זיי האָט אירע באַזונדערע אייגנשאַפטן.

דאָס בוך „דער אָנהויב פון אַלע באַשעפענישן״ האָט דאַרווין געשריבן אין פאַרלויף פון אַכט יאָר. פיל פון זיינע פריינד האָבן אַפּעלירט צו אים אַז ער זאָל ניט אַזוי שווער אַרבעטן. אָבער ער האָט זיי ניט געפאָלגט. אין פאַרלויף פון יאָרן איז זיין שיטה געוואָרן באַקאַנט אין דער וועלט און האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס. עס זיינען געווען פיל אָנהענגער און פיל קעגנער, און עס איז געקומען צו פיל גרויסע דיסקוסיעס.

איין זאַך איז זיכער, דאַרווין אַליין איז געווען אַן אָביעקטיווער גרויסער וויסנשאַפטס־מאַן און ווייט פון זוכן כבוד. ער האָט אויך געהאַט אַ שטאַרקן זין פאַר גערעכטיקייט. ווען ער איז געווען אין בראַזיליע, האָט ער געזען ווי מען פאַרפאָלגט דאָרטן אַ שוואַרצע פרוי, אַ שקלאַפין, וואָס האָט געוואָלט אַנטלויפן, האָט ער זיך אָנגענומען פאַר דער פרוי. ער איז אויך געווען דער ערשטער וואָס האָט גערופן אָפּצושאַפן שקלאַפעריי.

* * *

די טעאָריע פון עוואָלוציע איז ניט געווען קיין אַנטדעקונג פון דאַרווינען. ווי מיר האָבן שוין אַרומגערעדט דעם ענין, ווען מיר האָבן געשריבן וועגן די גריכישע דענקער און פילאָזאָפן איז עס פאַר אַלעמען קלאָר, אַז דער דאָזיקער געדאַנק איז ניט געווען פרעמד צו פיל פון די פילאָזאָפן אין אַטען און גאָר באַזונדערס צו עפּיקורוסן. אָבער מיטן אונ־טערגאַנג פון גריכנלאַנד און אויפשטייג פון רוים, און הויפּטזעכלעך מיט דער פאַרשפּרייטונג און פאַרשטאַרקונג פון קריסטנטום, איז די עוואָלוציע־טעאָריע אינגאַנצן פאַרגעסן געוואָרן. די יידיש־קריסטלעכע

וועלט האָט אָנגענומען די קאָסמאָגראַפּיע, וואָס ווערט געשילדערט אין אָנהויב פון חומש, אין בראשית — אַלס ענטפער אויף אַלע פראַגן וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער וועלט, ווי אויך וועגן דער באַשאַפונג פון מענטש, חיות און עופות, פלאַנצונגען און געוויקסן און בכלל אַלע לעבנס, וואָס זיינען דאָ אויף דער ערד. עס האָט דעריבער גענומען גאַנצע 18 הונדערט יאָר ביז די וועלט האָט זיך אויפסניי פאַרטראַכט וועגן אָנהויב פון אַלעם, האָט אַוועקגעלייגט די ביבלישע לעגענדעס אין אַ זייט און גענומען טראַכטן אַנדערש.

וואָרום די טעאָריע פון עוואָלוציע איז קעגן דער קאָסמאָגראַפּיע פון מעשה בראשית. דאַרווין אַליין האָט, נאָכדעם ווי ער איז געקומען צום סוד פון דעם וועלט־באַשאַף און צו די גרונד־מאָטיוון פון עוואָלוציע, געפילט, אַז ער צעשטערט עפּעס הייליקעס, אַז ער צעברעכט דעם גאַנצן גלויבן אין גאָט און זיין שאַפן די וועלט. ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט אין אַ בריוו, וואָס ער האָט געשריבן צו זיינעם אַ פריינד דר. אַסאַ גרעי, פּראָפעסאָר פון באָטאַניק אין האַרוואַרד. דאַרווין שרייבט צו אים: „אַלס ערלעכער מענטש, מוז איך אייך זאָגן, אַז איך בין געקומען צו דער אַפּיקורסישער אידעע, אַז עס איז ניטאָ אַזאַ זאַך אין דער וועלט ווי פאַרטיק געשאַפענע באַשעפענישן אָדער געוויקסן; ניטאָ קיין שום וועזן וואָס עס איז געבליבן דאָס זעלבע פון אָנהויב־אָן פון דער וועלט... איך ווייס, אַז צוליב דער דערקלערונג, וועט איר וואַרפן אַן אומחן אויף מיר“...

דאַרווין איז נאָך פיל יאָרן פון פאָרשן געקומען צו אַ גרויסער אַנטדעקונג און אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן זין פאַר גערעכ־טיקייט, האָט עס אים ניט געלאָזט רוען, ביז ער האָט דאָס פאַרעפנטלעכט פאַר דער גאַנצער וועלט.

צום ערשטן האָט דאַרווין אָנגעשריבן זיין טעאָריע פון עוואָלוציע אין אַ קליינער אָפּהאַנדלונג. דאָס איז געווען אין יאָר 1833, צוואַנציק יאָר פאַר דער פאַרעפנטלעכונג פון זיין בוך „אָרידזשין אָוו דהי ספּישיס“. אָבער אין יאָר 1842 האָט ער די דאָזיקע קליינע אָפּהאַנדלונג פאַרגרע־סערט אויף אַ בראָשור פון 35 זייטן. און אין יאָר 1844 האָט ער שוין דערפון געמאַכט אַן אָפּהאַנדלונג אויף 230 זייטן. דורך דער גאַנצער צייט, פון 16 יאָר ביז צו דער פאַרעפנטלעכונג פון זיין בוך, האָט דאַרווין אַלץ כסדר ווייטער געפאָרשט. ער האָט איבערגעקוקט דאָס וואָס ער האָט גע־שריבן און צוגעשריבן און געמעקט דאָ און דאָרטן. ער האָט געהאַלטן אין איין רעדאַגירן און אויסבעסערן די באַהויפּטונגען פון זיין נייער אידעע.

אין פרילינג פון יאָר 1858 איז טשאַרלס דאַרווין שוין געווען גרייט

צו פאַרעפנטלעכן זיין גרויסן מאַנוסקריפּט, אָבער פּלוצלינג איז ער געוואויר געוואָרן, אַז זיין גאַנצע טעאָריע איז שוין אָנגעשריבן געוואָרן פון אַן אַנדערן וויסנשאַפטס־מאַן. עס איז געווען אַזוי: פונקט דעמאָלט ווען דאַרווין האָט שוין צום לעצטן מאָל רעווידירט זיין מאַנוסקריפּט כדי צו געבן אים צום דרוק, האָט ער (אין טאָג פון 18־טן יוני) דערהאַלטן אַ מאַנוסקריפּט פון זיין פריינד אַלפרעד ראַסעל וואַלאַס, וואו ער אַנטוויקלט די טעאָריע פון עוואָלוציע אויפן זעלבן אופן ווי ער, דאַרווין, האָט עס געטאָן. זיין פריינד וואַלאַס, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין אָנונג אַז דאַרווין אַרבעט איבער אַזאַ טעאָריע שוין יאָרן לאַנג, בעט דאַרווינען, אַז ער זאָל דעם מאַנוסקריפּט איבערקוקן און אַז ער זאָל אים זאָגן זיין מיינונג וועגן דעם. וואַלאַס האָט דעמאָלט געוואוינט זייער ווייט פון דאַרווינען און האָט באמת ניט געהאַט קיין שום ידיעה וועגן דאַרווינס אַרבעטן אויף דעם געביט שוין פאַר אַ צייט פון 20 יאָר. דאַרווין איז געווען אויסער זיך ווען ער האָט געלייענט וואַלאַסעס מאַנוסקריפּט און געזען, אַז עס איז כמעט אַ קאָפּיע פון זיין ווערק. „איך האָב נאָך אין מיין לעבן ניט געזען אַזאַ ענלעכע זאַך״ — האָט דאַרווין אויסגעשריען צו זיין פריינד ד״ר. לייעל — איך פאַרשטיי ניט וואָס דאָ קומט פאָר!״.

דער ערשטער געדאַנק ביי דאַרווינען איז איצט געווען צו צערייסן זיין אַרבעט וועגן דעם און געבן וואַלאַסן דעם קרעדיט פאַרן גאַנצן געדאַנק פון עוואָלוציע. „איך וויל בעסער פאַרניכטן מיין ווערק איידער עמעצער זאָל זאָגן, אַז איך האָב עס געגנבעט פון אים!״ — האָט ער דערקלערט. דר. לייעל האָט אָבער דערקלערט דאַרווינען, אַז אויב ער וויל זיין אויפריכטיק צו זיך אַליין, דאַרף ער פאַרעפנטלעכן זיין ווערק און דאָס טאָן באַלד אָן עס אָפּצולייגן. וואַלאַס וועט ניט זאָגן קיין וואָרט קעגן דעם, אויב ער וועט אויסגעפינען דעם אמת וועגן דעם ענין און וויסן, אַז ער, דאַרווין, איז געווען טעטיק גאַנצע צוואַנציק יאָר פאַר אים ביים מאַכן די אַנטדעקונגען.

אָבער דאַרווין האָט נאָך אַלץ געצווייפלט. ענדלעך האָט ער מסכים געווען, אַז מען זאָל דאָס ווערק איבערגעבן צו אַ וויסנשאַפטלעכן קאָמיטעט וואָס זאָל עס אַרויסגעבן אַלס אַ שותפותדיקע אַרבעט פון וואַלאַס און דאַרווין. ווען מען האָט געשריבן וועגן דעם צו וואַלאַסן האָט ער געענטפערט, אַז דאָס האָט דער מזל אים צוגעשפּילט, אַז ער זאָל האָבן אַ חלק אין דער אַנטדעקונג וואָס דאַרף טראָגן בלויז דאַרווינס נאָמען.

אין דעם וויטערדיקן בריוו־וועקסל צווישן די צוויי גרויסע געלערנטע האָט יעדער איינער פון זיי געזוכט צו געבן כבוד דעם אַנדערן און

צוצושרייבן די אַנטדעקונג צו אים אַנשטאָט צו זיך. ענדלעך איז דאַרווינס בוך אַרויס דעם 24־טן נאָוועמבער פון יאָר 1859 אונטער אַ לאַנגן נאָמען, וואָס עס איז אין יידיש: „דער שורש פון אַלע מינים וואָס זיינען אַנט־שטאַנען דורך אַ נאַטירלעכן אָפּקלייב, אָדער די דערהאַלטונג פון די בעסטע שאַפונגען אין דעם קאַמף פאַר לעבן".

דאָס בוך איז געווען דער אָנהויב פון דער לערע וואָס מיר רופן־אָן „דאַרוויניזם". די לערע באַשטייט אין קורצן אין פאָלגענדן: אין אונדזער וועלט קומט פאָר כסדר אַ פּראָצעס פון שאַפן. עס ווערן געשאַפן כסדר פאַרשידענע מינים פון יעדן לעבן און אויך אין אַ גרויסער מאָס. אָבער אין קעגנזאַץ דערצו זיינען די נויטיקע לעבנס־מיטלען וואָס יעדע איינע פון די געשאַפענע לעבנס דאַרפן האָבן, באַגרענעצט. צו גלייכער צייט איז אויך דער פּלאַץ אויף אונדזער ערד אַ באַגרענעצטער. דאָס פירט צו אַ קאַמף פאַר לעבן ביי אַלעם וואָס עס עקזיסטירט אויף אונדזער ערד. דאָס איז דער אייביקער קאַמף פאַר עקזיסטענץ. ווער זיגט אין אָט־דעם קאַמף? — די שטאַרקערע זיגן. דאָס מיינט, די, וועלכע פּאַסן זיך בעסער צו צו די באַדינגונגען פון אונדזער וועלט; די, וואָס וועבן זיך גוט אַריין אין דער סביבה. אַלע אַנדערע פאַרלירן און גייען אונטער. אין לשון פון דער עוואָלוציע־טעאָריע ווערט אָט־דער רעזולטאַט באַצייכנט מיט די ווערטער: „דאָס פאַרבלייבן פון די מער צוגעפּאַסטע".

אָבער אין פאַרלויף פון יאָרן און פון דורות האָט זיך די סביבה געביטן פאַרשידנאַרטיק. פון ים צו יבשה, פון בערג צו טאָלן, פון אייז־פּעריאָדן צו צייטן פון אַ הייסן קלימאַט, און אַזוי ווייטער. אין פאַרלויף פון אָט־די ענדערונגען האָבן זיך אַלע לעבנס אויך געדאַרפט ענדערן, אָדער אַנטוויקלען זיך פון איין פאָרם פון לעבן צו אַן אַנדערער, כדי צו קענען עקזיסטירן. דער אופן ווי אַזוי די דאָזיקע ענדערונג קומט פאָר ווערט באַצייכנט אין דער עוואָלוציע־טעאָריע אַלס „דער נאַטירלעכער אָפּקלייב", דאָס מיינט דער אָפּקלייב פון דער נאַטור, ווער עס זאָל בלייבן לעבן און ווער ניט, אין דער נייער געענדערטער פאָרם. דערצו פאַרשווינדן אויך געוויסן אייגנשאַפטן און אַפילו קערפּער־טיילן, וואָס זיינען געווען גוט פריער און וועלכע זיינען נוצלאָז איצט, און עס קומען אויך צו נייע פאָרמען פון לעבן, פון וואָס די פאַרשידענע וועזנס אויף אונדזער ערד פריער האָבן ניט געוואוסט.

דאָס איז אין קורצן די טעאָריע וואָס ווערט באַצייכנט אַלס „דאַר־וויניזם", אָדער די טעאָריע פון עוואָלוציע. לויט דער טעאָריע איז דער

מענטש אַ געענדערטע פאָרם פון אַ פריערדיקן נידעריקערן באַשאַף וואָס מיינט — אַ חיה, אַ מאַלפּע.

ריכטיק איז אָבער, אַז דאַרווין האָט ניט אין זיינע ווערק דעם געדאַנק פון עוואָלוציע אין אַזאַ ריכטונג. וואָס ער זאָגט איז, אַז ער דענקט, אַז סיי די מאַלפּע און סיי דער מענטש שטאַמען ביידע אָפּ פון אַ שותפותדיקן פרע־היסטאָרישן עלטער־זיידע וואָס איז שוין לאַנג ניטאָ אויף דער וועלט. אַזוי־אַרום הייסט עס, אַז די מאַלפּע איז ניט געווען אונדזער זיידע, נאָר זי איז אונדזערס אַ קוזינע.

דער מענטש איז, לויט דאַרווינען, די העכסטע פאָרם פון לעבן אויף דער ערד. ער, דער מענטש איז געוואָרן דער הערשער איבער אַלע ברואים טאַקע אויך לויטן געזעץ פון „פאַרבלייבן פון די מער צוגע־פּאַסטע״. מען דאַרף אָבער דערקלערן, וואָס דאָס וואָרט „צוגעפּאַסטע״ מיינט דאָ. עס מיינט ניט אַלע מאָל די שטאַרקסטע אין כוח, אָדער די מער באַוועגלעכע, ניין. עס האָט צווייערליי טייטשן, איינעם פאַר חיות און דעם צווייטן פאַר מענטשן. ביי חיות איז דער נאַטירלעכער אָפּקלייב, אָן שום ספק, אַזעלכער וואָס נאָר די וואָס זיינען שטאַרקער, געזונטער און מער צוגעפּאַסט צו דער סביבה, בלייבן, און די, וואָס זיינען ווייניקער צוגעפּאַסט, גייען אונטער. ביי מענטשן אָבער האָט עס אַן אַנדערן זין. דאָ שפּילט שוין אַ ראָל די גרופּע קעגן דעם אינדיווידועלן. דאָרטן וואו די גרופּע שטעלט זיך אַנטקעגן אַ יחיד, פאַרלירט דער יחיד. וואו עס איז דאָ עגאָאיזם, וואו עס איז דאָ אַ ווילן צו הערשן, וואָס ווערט באַגעגנט פון אַ שטאַרקערן ווילן פון קעגנזייטיקער הילף, פאַרלירט דער יחיד. עס זיינען, אַלזאָ, דאָ צוויי מאָסן אין קאַמף פאַר עקזיסטענץ. דאָס געזעץ פון דזשונגל און דאָס געזעץ פון דער געזעלשאַפט. אין דזשונגל זיגט דער ברוטאַלער כוח. דאָס געזעץ פון דער געזעלשאַפט איז אַנדערש. עס איז פּונקט פאַרקערט. לויט דעם געזעץ איז די געזעלשאַפט דער עיקר און אויב די געזעלשאַפט זיגט, איז עס בעסער אויך פאַרן אינדיווידועלן, פאַרן יחיד.

דער מענטש איז דעריבער ניט קיין חיה פון וואַלד, נאָר אַ סאָציאַלע חיה. עס איז אמת, דאַרווין האַלט, אַז דער מענטש איז ניט געשאַפן געוואָרן בצלם אלקים, אין געשטאַלט פון גאָט, ער איז אויך ניט, ווי מען האָט אַמאָל געגלויבט, אַ מלאך וואָס מען האָט פאַרטריבן פון די הימלען. ער איז נאָר אַ הויך־אַנטוויקלטע חיה. ער האָט זיך אויפ־געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס און די פאָדערשטע צוויי לאַפּעס געמאַכט פאַר זיינע הענט. ער איז מער ווי אַ חיה. דאָך קען ער ניט אַנט־

לויפן פון דער נאַטור און פון אירע געזעצן. דאָס מיינט פון אַטעמען און פון קאַמף פאַר לעבן. דעריבער ווען מען רעכנט אויס די פאַרשידענע חיות, איז דער מענטש נאָר די העכסטע פון זיי אַלע. ער איז אַ באַזונדער באַשעפעניש, נאָר דעמאָלט, ווען ער הויבט זיך אויף אין זיינע געדאַנקען און טראַכט פון העכערע אידעען לטובת דער מענטשהייט, אַ זאַך וואָס די חיה קען ניט.

* * *

טשאַרלס דאַרווין האָט איצט געהאַט אויסצושטיין אַ גרויסע מלחמה קעגן זיך מצד די פרומע קריסטן און אויך ניט ווייניק פון די פרומע יידן. זיין אַפּיקורסישע טעאָריע, אַז גאָט האָט ניט געשאַפן אַלע מינים פון דער וועלט אין זעקס טעג, ווי עס שטייט אין אָנהויב פון ספר בראשית, האָט דערצאָרנט זייער פיל פון די אַלט־גלויביקע איןביידע רעליגיעס. אָבער דאַרווין האָט געלעבט אין אַן אַנדערער וועלט, אַ פיל העכערע פון די וואָס האָבן אים גערודפט און ער האָט זיך ניט גענומען צום האַרצן, וואָס יענע האָבן געזאָגט וועגן אים. ער האָט קיינמאָל ניט געזאָגט קיין שלעכט וואָרט צו קיינעם אויף קיינעם. צווישן זיינע קאָלעגן האָט ער אַלע מאָל זיך געהאַלטן זייער באַשיידן. ווי איינער צווישן אַלע און ניט ווי אַ רבי און אַ לערער וואָס ער איז באמת געווען. דאַרווין האָט געהאַט אַ לאַבאָראַטאָריע וואו ער האָט כסדר געאַרבעט צו אַנטוויקלען זיין טעאָריע און ער איז געווען זייער פריינדלעך און גוט־ברודעריש מיט אַלע, כאָטש זיי זיינען ניט געקומען אַפילו צו זיינע קנעכל. ער איז געווען אַ מין בודאַ, מיט פיל ליבע צו באַשעפענישן און צו פלאַנצונגען.

ער האָט אָבער ניט געגלויבט אין קריסטנטום. זיין טענה איז געווען אַז ער קען ניט גלויבן, אַז גאָט האָט אַראָפּגעשיקט זיין זון אויף דער ערד צו העלפן מענטשן, וואָרום ווען גאָטס זון וואָלט טאַקע געקומען אויף דער ערד און צוגעזען, וואָס פאַר אַ יאָמער־טאָל עס איז פאַר די מענטשן; ווען ער וואָלט זיך איבערצייגט וויפל לײדן און יסורים מענטשן מאַכן דורך, וואָלט ער עפּעס געטאָן קעגן דעם. בכלל לייגט זיך אים ניט אויפן שכל, אַז אַזאַ הויך־אינטעליגענטער באַשאַפער זאָל שאַפן אַזאַ טרויעריקן גיהנום פאַר אָרעמע, אומשולדיקע מענטשן. ער איז געווען אַן אַגנאָסטיקער, איינער וואָס זאָגט אַז מיר ווייסן גאָר ניט וועגן גאָט און וועגן זיין שאַפן. ער איז ניט געווען קיין כופר בעיקר. ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט זאָגן אַז ער איז אַן אַטעאיסט, דאָס הייסט איינער, וואָס לייקנט, אַז עס איז דאָ אַ גאָט, אָבער ער איז געווען זייער נאָענט דערצו. ווען מען האָט אים איבערגעפרעגט צי ער גלויבט אין גאָט, האָט ער

געענטפערט: די גאַנצע זאַך איז ניט פאַר דעם מענטשלעכן שכל, טאָ לאָמיר בעסער ניט רעדן דערפון. יעדנפאַלס, דער מענטש דאַרף טאָן זיין פליכט אַזוי לאַנג ווי ער איז אויף דער ערד.

ווי מיר האָבן שוין געזאָגט פריער, איז דאַרווין געווען ביז צו דער ענדע פון זיין לעבן, זייט ער איז אַריבער דאָס יאָר דרייסיק — אַ האַלבער אינוואַליד. ער האָט געליטן שרעקלעכע יסורים, אָבער געשוויגן און געטאָן פיל אַרבעט, פיל מער וויפל אַ געזונטער מענטש קען טאָן. אַ סך געהאָלפן האָט אים זיין ווייב, עמאַ, וועלכע איז געווען אַן אויסגעצייכנטער מענטש. אָט־די אָרעמע פרוי האָט געהאַט פון אים פיל אויסצושטיין צוליב זיין קראַנקייט און זי האָט אַלץ פאַר ליב גענומען.

יאָ, דאָס לעבן פון עמאַ דאַרווין איז אַ באַזונדער קאַפּיטל געשיכטע. ניט אומזיסט האָט דאַרווין געווידמעט זיין בוך צו איר מיט אַזאַ אויפשריפט: „די בעסטע און די איידלסטע צווישן פרויען". ווי ער זאָגט אויף אַן אַנדער אָרט, איז זי עס געווען וואָס האָט פאַר אים געמאַכט מעגלעך צו ארבעטן אַזוי שווער און צו קענען אַריבערטראָגן אַזוי פיל. עמאַ האָט אים ניט נאָר דערמוטיקט מיט שטילע און איידעלע ווערטער אָנצוגיין מיט זיין אַרבעט, נאָר אים אויך פאַרגעבן ווען ער איז אַמאָל געווען נערוועז און האָט צו איר ניט גערעדט אַזוי ווי אַלע מאָל. זי האָט געוואוסט, אַז זי האָט פאַר זיך אַ זשעני, און אויב אַ פרוי וויל האָבן די זכיה צו לעבן מיט אַ זשעני, און צו ווערן גערופן זיין פרוי, מוז זי דערפאַר באַצאָלן אַ טייערן פרייז, פון אונטערוואַרפן זיך אין גאַנצן צו אים. אויב ניט, דאַרף זי מיט אים ניט לעבן צוזאַמען, ווייל זי וועט אים נאָר דערמיט שטערן, און פאַרקלענערן און פאַרמינערן זיינע שאַפונגס־מעגלעכקייטן. אַזוי האָט זי געשריבן אין אַ בריוו צו דאַרווינען. דאַרווין האָט געוואוסט דאָס אָפּצושאַצן און צו איר געזאָגט: „עס איז ווערט צו זיין קראַנק, אַז מען זאָל דיך האָבן פאַר אַ קראַנקן־שוועסטער".

די דאַרווינס האָבן געהאַט גערעטענע קינדער, וואָס זיינען געווען אַזוי איידל ווי זייערע עלטערן. ווען דאַרווין איז געקומען קיין לאָנדאָן אין יאַנואַר 1882, אין עלטער פון 73 יאָר (דאָס איז געווען זיין לעצטע רייזע קיין לאָנדאָן), כדי צו זען זיך מיט פריינד, איז אים ביים אַריינגיין אין הויז ניט גוט געוואָרן. ווען דער באַדינער האָט עס באַמערקט, האָט ער אים געבעטן אַז ער זאָל אַריינקומען און ער וועט עפּעס טאָן פאַר אים. דאַרווין האָט אָבער געזאָגט, אַז עס וועט זיין צופיל אַרבעט פאַרן באַדינער און איז אַוועק צו נעמען אַ דראָזשקע אַהיים. ער איז געשטאָרבן מיט דריי חדשים שפּעטער, דעם 7־טן מערץ, 1882.

## 84. די פילאָזאָפן הערבערט ספּענסער און פרידריך ניטשע

הערבערט ספּענסער אַרבעט יאָרן לאַנג אַלס אינזשיניער איידער ער ווערט אַנטדעקט אַלס פילאָזאָף. — זיינע פינף גרויסע בענדער וועגן עוואָלוציע. — ער איז געווען קראַנק אַ גאַנץ לעבן דאָך האָט ער דערלעבט אַן עלטער פון 82 יאָר. — פאַרוואָס ניטשע האָט זיך אַנטוישט אין זיינע פריינד שאָפּענהאַוער און וואַגנער. — זיין פילאָזאָפיע אין זיין בוך „אַלזאָ שפּראַך זאַראַטוסטראַ". — איז ניטשע געווען דער טאַטע פון נאַציזם? — זיין טראַגישער טויט אין אַ משוגעים־הויז.

טשאַרלס דאַרווין איז געווען דער טאַטע פון דער טעאָריע פון עוואָלוציע און ער האָט געאַרבעט אַ גאַנץ לעבן לאַנג אויפצובויען דעם בנין. ער האָט געזאַמלט די מאַטעריאַלן און האָט פעסטגעשטעלט געוויסע אמתן וועגן גאַנג פון דער נאַטור. ער האָט אויך אָנגעוויזן דעם וועג אויף וועלכן די נייע פאָרשער דאַרפן גיין. ער האָט אַלץ צוגעפירט צו אַ פּונקט וואו עס דאַרפן פאָרזעצן די נייע דענקער, וועלכע דאַרפן שאַפן פעסטע הנחות וועגן דער עוואָלוציע פון אונדזער וועלט. ער האָט צוגעגרייט דעם מאַטעריאַל פאַר אַ פילאָזאָפיע פון עוואָלוציע, וואָס עס דאַרף ערשט געשאַפן ווערן אויפן גרונד פון זיינע פאָרשונגען.

און דאָס איז אויך באַלד געשען. עס זיינען טאַקע געקומען אַ גאַנצע ריי פון דענקער און פילאָזאָפן, כדי צו טאָן די אַרבעט, אָבער דער ערשטער און וויכטיקסטער באַלד נאָך דאַרווינען איז געווען דער ענגלישער פילאָזאָף הערבערט ספּענסער.

הערבערט ספּענסער האָט זיך פאַרטיפט אין דאַרווינס טעאָריע און זי דערפירט ביזן סוף. ער האָט דאָס רעזומירט אַלץ וואָס דאַרווין האָט געזאָגט אין פעסטגעשטעלטע כללים. ספּענסער האָט אָנגעהויבן דאָרטן וואו דאַרווין האָט געענדיקט. ער האָט געשאַפן — די פילאָזאָפיע פון עוואָלוציע.

* * *

הערבערט ספּענסער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1820. ער האָט אין עלטער פון 17 יאָר (אין יאָר 1837) זיך פאַרבונדן מיט דער לאָנדאָנער און בירמינגהעמער באַן־ליניע און איז צען יאָר צייט געווען פאַרנומען מיט אינזשינעריע. שפּעטער איז ער אין לאָנדאָן געוואָרן דער אַסיסטענט־

רעדאַקטאָר פון דעם זשורנאַל „עקאָנאָמיסט״. ער האָט זיך דעמאָלט גע־האַלטן נאָענט מיט די גרעסטע שרייבער פון זיין צייט. זיינע אַרטיקלען אין דעם זשורנאַל און אין אַנדערע צייטונגען האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס. אויפן ראַט פון עטלעכע אָנגעזעענע שרייבער האָט ער זיך שפּעטער גענומען צו גרעסערע אַרבעטן און אָנגעשריבן צוויי ווערק „סאָשעל סטאַטיקס״ (פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין יאָר 1851) און דאָס ווערק „פּרינסיפּעלס אָוו פּסאַיקאָלאָדזשי״ — פּרינציפּן פון פּסיכאָלאָגיע (דערשינען אין יאָר 1855). ער איז איצט געוואָרן זייער באַרימט. אָבער זיין געזונט־צושטאַנד איז פון דער גרויסער אָנשטרענגונג רואינירט געוואָרן און ער האָט געליטן פון אַ נערוון־צוזאַמענברוך. ער האָט דעריבער געמוזט פאַר אַ צייט אָפּשטעלן זיין גייסטיקע אַרבעט. ער ווערט אָבער שפּעטער צוריק געזונט און נעמט זיך צו אַ גרויסער אַרבעט וואָס ער האָט פאַרטראַכט און וואָס עס איז געווען דער תוך פון זיין פילאָזאָפישער שיטה וואָס ער רופט אָן דער „סיסטעם פון סינטעטישער פילאָזאָפיע״. די שיטה האָט ער אַנטוויקלט אין פינף גרויסע בענדער אין פאַרלויף פון צען יאָר (דערשינען פון 1862 ביז 1872). זיי הייסן „ערשטע פּרינציפּן״ (פוירסט פּרינסיפּעלס); „פּרינציפּן פון ביאָלאָגיע״; „פּרינציפּן פון סאָ־ציאָלאָגיע״; און „פּרינציפּן פון לאָגיק״. וועגן אָט־דער שיטה לויט ווי ספּענסער האָט זי אַנטוויקלט אין זיינע פינף ווערק, וועלן מיר רעדן שפּעטער.

ספּענסער האָט געשאַפן נאָך פיל אַנדערע ווערק ווי עסייען וועגן דערציאונג און נאָך אַנדערע.

הערבערט ספּענסער האָט טראָץ זיין שוואַכן געזונט דערלעבט אַ טיפע זקנה. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 82 יאָר (אין יאָר 1903 און איז אָנערקענט געוואָרן אַלס איינער פון די גרעסטע פילאָזאָפן פון 19־טן יאָרהונדערט.

* * *

לאָמיר איצט זיך אומקערן צו ספּענסערס פילאָזאָפישער שיטה און זען וואָס ער וויל אונדז אַזוינס זאָגן.

מיר האָבן געזאָגט פריער, אַז ספּענסער איז געווען דער וואָס האָט געשאַפן „די פילאָזאָפיע פון עוואָלוציע״. וואָס מיינט דאָס? — דאָס מיינט צו זאָגן אָט וואָס. דאַרווין האָט אונטערזוכט די אָרגאַנישע נאַטור אויפן גרונד פון דער לערע פון עוואָלוציע. ספּענסער האָט געמאַכט אַ שריט ווייטער. ער האָט גענומען דעם פּרינציפּ פון עוואָלוציע און אים

אַריבערגעטראָגן אין פיל אַנדערע געביטן, צו פּסיכאָלאָגיע, סאָציאָלאָגיע, עטיק און אַנדערע וויסנשאַפטן, צו ווייזן אַז אומעטום איז געווען אַן עוואָלוציע.

הערבערט ספּענסער גייט אַרויס פון דער הנחה, אַז דער אָנהויב פון אַלע אָנהויבן איז פאַר אונדז אומבאַוואוסט און וועט בלייבן אומבאַוואוסט; דאָס מענטשלעכע וויסן, זאָגט ספּענסער ווייטער, איז באַגרענעצט, נאָר די דערשיינונגען פון לעבן, זיינען די מאַניפעסטאַציעס פון דעם אומבאַוואוסטן; אָבער די דערשיינונגען קען דער מענטשלעכער מוח אויפקלערן. די פילאָזאָפיע עקזאַמינירט די רעזולטאַטן צו וואָס דער מענטש דער־גרייכט דורך די וויסנשאַפטן און זיי ווייזן, אַז עס איז דאָ אַן אומבאַוואוסטקייט, וואָס באַווייזט זיך צו אונדז דורך דעם פּראָצעס פון עוואָלוציע.

אָבער לאָמיר זען, וואָס עוואָלוציע מיינט אַזוינס. מיר זעען אין לעבן און אין דער נאַטור צוויי פּראָצעסן, דעם פּראָצעס פון פונאַנדערטיילונג און דעם פּראָצעס פון צונויפקומען. יעדע זאַך אין דער נאַטור טיילט זיך אין פאַרשידענע טיילן און שאַפט זיך אייגענע פאָרמען און קומט אין באַזונדערע באַציאונגען מיט אַנדערע. אָבער דער גאַנצער סיסטעם פון די פאַרשידנאַרטיקייטן קומט צוריק צוזאַמען, כדי צו שאַפן איין איינהייט. אָט־די איינהייט איז העכער פון די באַזונדערע טיילן.

און הערבערט ספּענסער מאַכט פון דאַנען אַ שריט ווייטער. ער שטעלט זיך אָפּ אויף אַלע וויסנשאַפטן און ווייזט אונדז ווי אַזוי זיי האָבן פּראָגרעסירט און קומט צום באַשלוס אַז עס איז דורך דעם, וואָס זיי האָבן זיך צוגעפּאַסט צו אַנדערע. מיר זעען אויך, אַז דער מענטש האָט אין דער גאַנצער געשיכטע פון זיין סאָציאַלן לעבן, כסדר פּראָגרעסירט דורך דעם וואָס ער האָט זיך צוגעפּאַסט צו אַלעם אַרום. מיר זעען אויך, אַז אין יעדער ראַסע איז פאָרגעקומען אַ פּראָצעס פון עוואָלוציע, ווען די, וואָס האָבן ניט געטויגט, זיינען אומגעקומען און עס זיינען גע־בליבן נאָר די, וואָס האָבן געפּאַסט אַמבעסטן. ווען מיר גייען אַריבער צו מאָראַל און עטיק, זעען מיר אויך דאָס זעלבע. אויך דאָרטן זיינען נאָר אַזעלכע געוואוינהייטן און געדאַנקען, געפילן און ווילן געבליבן, וועלכע זיינען געווען גוט פאַר דער ראַסע און אויך פאַרן יחיד, און וועלכע האָבן געהאָלפן צו אַנטוויקלען און פּראָגרעסירן, סיי די ראַסע און סיי דעם יחיד.

מיר זעען, אַלזאָ, אַז דער פּראָצעס פון עוואָלוציע גייט אָן ניט נאָר אין דער נאַטור, נאָר אויך אין לעבן, אין אַלע אירע פאָרמען. אָט דער

פראָצעס פון אַנטוויקלונג פון אַלעם זיינען די מאַניפעסטאַציעס פון דעם אומבאַוואוסטן.

הערבערט ספּענסער קומט דעריבער צו געוויסע הנחות אויפן גרונד פון זיין פילאָזאָפישער שיטה. די ערשטע הנחה איז, אַז אויב עס זאָל געשען אַז עס זאָל אויפהערן דער פּראָצעס פון עוואָלוציע און פון פאַרשידנאַרטיקייט אין דער וועלט, וועט דער אוניווערז ניט קענען מער עקזיסטירן, ווייל דאָס, די אַנטוויקלונג, איז די נשמה פון גאַנצן אוניווערז. די צווייטע הנחה איז, אַז די פראַגע פון אַ גוט איינגעאָרדנטער געזעלשאַפט איז דאָס וואָס עס הערשט דאָרטן אַן איינשטימיקייט ביי אירע מיטגלידער און אַ צופרידנקייט מיט אַלעם וואָס עס געשעט אין דער געזעלשאַפט. דאָס מיינט ווידער, אַז ניט נאָר דער יחיד דאַרף זיין צופרידן, נאָר די גאַנצע געזעלשאַפט. דער שטאַט האָט די אויפגאַבע אויפצוהאַלטן גערעכ־טיקייט צווישן די בירגער סיידן דאָס קען געטאָן ווערן דורך דער גוטוויליקער אונטערנעמונג פון יחידים. דאָרטן וואו עס איז דאָ אַ גוטע סאָציאַלע אָרדענונג וועט זיך יעדער איינער באַמיען צו געפינען די אייגענע צופרידנקייט דורך העלפן שאַפן צופרידנקייט פאַר אַלע.

הערבערט ספּענסער האַלט ניט פון דער רעליגיע, וועלכע זוכט צו־צושרייבן זאַכן צו גאָט, וועלכן מיר וויסן ניט וואָס ער איז, וואָס עס זיינען זיינע געזעצן און וואָס ער וויל פון אונדז. רעליגיע האָט אַ ווערט אין לעבן, אָבער נאָר ווען זי וועט אין דער צוקונפט זיך פאַראייניקן מיט דער וויסנשאַפט כדי צו זעען די מאַניפעסטאַציעס פון אומבאַוואוסטן (גאָט), אָבער צו דעם צוועק מוז די רעליגיע אויפגעבן אירע גלויבנס און דאָג־מעס און זוכן גאָט אויף אַ נייעם, וויסנשאַפטלעכן וועג און ספּענסער דענקט, אַז מיר זעען אויך אין רעליגיע אַן אַנטוויקלונג אָנהויבנדיק פון געצן־דינסט צו פיל געטער, צו מאָנאָטעאיזם און צו נאָך אַנדערע הע־כערע פאָרמען. עס וועט דעריבער נאָך קומען אַ טאָג, ווען די רעליגיע וועט אַוועקוואַרפן, דורך דעם פּראָצעס פון עוואָלוציע, פיל פון אירע אַלטע פאָרמען און אָננעמען נייע, מער לאָגישע און וויסנשאַפטלעכע.

רעדנדיק וועגן רעליגיע קומט ספּענסער אויך צום באַשלוס, אַז רעליגיע איז ניט געקומען פון זוכן גאָט און מען דאַרף אייגנטלעך ניט פאַרבינדן זי מיט דער גאָט־אידעע. רעליגיע איז אַ פאָרם פון מאָראַל און עטיק, וואָס האָט אייגנטלעך מיט גאָט גאָר ניט צו טאָן, ווייל אַלץ איז נוגע נאָר דעם מענטש, זיין לעבנס־שטייגער, זיינע האָפנונגען און זיינע ליידן.

ווי מיר זעען, האָט ספּענסער גענומען דאַרווינס פּרינציפּ פון עוואָ־

לוציע און האָט אים איבערגעטראָגן אין דער וויסנשאַפט און האָט די עוואָלוציע אַוועקגעשטעלט אין צענטער פון אַלעם וואָס לעבט אויף דער וועלט.

אַ צווייטער פילאָזאָף פון 19־טן יאָרהונדערט איז געווען פרידריך ניטשע, וועלכער האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער וועלט אין פאַרלויף פון זיין לעבן.

* * *

דער צווייטער גרויסער גייסט אין 19־טן יאָרהונדערט פון גאָר אַן אַנדערן קאַליבער איז געווען דער דייטשער פילאָזאָף פרידריך ניטשע, אַ פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אין דעם באַזעלער אוניווערסיטעט. ער האָט געהאַט אַ נאָמען אויך אַלס קאָמפּאָזיטאָר פון מוזיקאַלישע שאַפונגען. ער האָט געהאַט צוויי גרויסע לערער: שאָפּענהאַוער און ריכאַרד וואַגנער. שאָפּענהאַוערן אין פילאָזאָפיע און וואַגנערן אין מוזיק. ניטשע האָט, לויט זיין נאַטור, שטענדיק געדאַרפט האָבן עמיצן וועמען ער זאָל קענען שענקען פיל אויפמערקזאַמקייט. ער האָט אָבער זיך אָפט אָפּגענאַרט אין זיינע פריינד און האָט דערפון שטאַרק געליטן. אַזוי, למשל, איז געווען אַ צייט ווען ער איז געווען ממש „פאַרליבט" אין וואַגנערן, שפּעטער האָט ער אָבער איינגעזען, אַז ער מאַכט אַ טעות, אַז וואַגנער איז ניט קיין אידעאַליסט און ער האָט איבערגעריסן מיט אים, און אַזוי איז געווען אויך מיט אַנדערע.

אין יאָר 1867 און דערנאָך אויך אין יאָר 1870 איז ניטשע גערופן געוואָרן צו דינען אין דער דייטשער אַרמיי. דאָס האָט אים געמאַכט אַזוי פאַרהאַרטעוועט, אַז ער האָט שפּעטער ניט געקענט דולדן קיין שום זאַך, וואָס איז איידל און עס באַטראַכט פאַר פעמיניסטיש (וואָס איז שייך צו פרויען). ער האָט דעריבער פאַרוואָרפן שאָפּענהאַוערס לערע וועגן דער מאָראַל פון רחמנות און אויך יענע שטעלן אין וואַגנערס אָפּערעס וואו עס ווערט אַרויסגעוויזן רחמנות צו מענטשן. ער האָט איצט געליטן פון אָפּגעשוואַכטקייט, וואָס עס איז געווען אַ רעזולטאַט פון דער צייט פון דינסט אין דער אַרמיי. באַזונדערס האָט ער געליטן אויף די אויגן. אין יענער צייט האָט ער זיך דערווייטערט פון פריינד און געלעבט אָפּגעזונדערט. אין יאָר 1879 האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון זיין פּראָפעסאָר־שטעלע און אַרומגעפאָרן אין פאַרשידענע שטעט. ער האָט געהאָפט, אַז דאָס וועט פאַרבעסערן זיין געזונט־צושטאַנד, אָבער עס איז נאָך ערגער געוואָרן. זייענדיק אַליין, האָט ער אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן זיך אַלס לערער פון דער מענטשהייט. ער האָט גענומען אַנטוויקלען אַ נייע שיטה, אַ לערע פון

שטאַרקייט, פון אַראָפּקוקן אויף די שוואַכע און לויבן די קרעפטיקע. אין יענער צייט האָט ניטשע געשריבן זיין באַרימט בוך „אַלזאָ שפּראַך זאַראַטוסטרא״, וואָס איז אַ טיף־פּאָעטיש־פילאָזאָפיש ווערק.

ניטשע האָט געשאַפן נאָך אַנדערע ווערק, ווי „די געבורט פון אַ טראַגעדיע״ (1872), „דער ווילן צו מאַכט״ (1888) און נאָך אַנדערע ביזן יאָר 1889, ווען ער איז אַראָפּ פון זינען און אָפּגעפירט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל פאַר גייסטיק־קראַנקע. ניטשע איז געשטאָרבן אין יאָר 1900.

* * *

מיר האָבן אָנגערופן ניטשען איינעם פון די פילאָזאָפן פון 19־טן יאָרהונדערט. דאָס איז ער געווען, אָן אַ ספק, אָבער ער האָט קיינמאָל ניט אָנגעשריבן קיין גענויע אָפּהאַנדלונג וועגן זיין פילאָזאָפישער שיטה. ער האָט זי אויך ניט אַנטוויקלט לויט אַ סיסטעם אַזוי, אַז מען זאָל קענען גלייך האָבן אַ באַגריף פון דעם וואָס ער לערנט אונדז. ניין, דאָס איז ביי ניטשען ניטאָ. עס זיינען גיכער דאָ אַ גאַנצע ריי פון פילאָזאָפישע געדאַנקען פון וועלכע מען קען צוזאַמענשטעלן זיין פילאָזאָפישע שיטה. ער האָט אָבער די געדאַנקען אָנגעוואָרפן דאָ און דאָרטן אין אַ פּאָעטיש־פילאָזאָפישער פאָרם. עס זיינען פּערל פאַרשפּרייט איבער אַלע זיינע ווערק.

ניטשע איז קודם־כל געווען, אַ גרויסער קינסטלער, אַ שרייבער וואָס באַהערשט זיין פּען און וועלכער קען אַרויסברענגען די טיפסטע געדאַנקען אין אַ ברילִיאַנטענער ווערטער־באַקליידונג. איבערהויפּט האָט ער דאָס געטאָן אין זיין „אַלזאָ שפּראַך זאַראַטוסטרא״. דאָס ווערק איז מער פּאָעמע ווי אַ פילאָזאָפישע אַרבעט, אָדער עס איז אַ פילאָזאָפיע אָנגעקליידעט אין פּאָעזיע.

ניטשע האָט פאַר דעם צוועק כדי צו שרייבן אָט דאָס ווערק, זיך באַנוצט מיט דער דערשיינונג פון דעם פּערסישן נביא זאַראָאַסטער אין יאָר 660 פאַר דער קריסטלעכער צייט־רעכענונג. ער שילדערט אין דעם בוך ווי אַזוי דער פּראָפעט זאַראָאַסטער רעדט צו זיינע תלמידים. עס איז אַ פאַנטאַזיע געשאַפן פון מחבר און עס שטימט ניט מיט דער לערע פון זאַראָאַסטער, אָבער ניטשע האָט אויסגעקליבן אָט־די פאָרעם, כדי צו קענען איבערגעבן זיינע פילאָזאָפישע געדאַנקען אין אַפאָריזמען. צום ערשטן טרעט ער דאָרטן אַרויס קעגן דער אָנגענומענער מאָראַל (באַזונדערס די פון קריסטנטום) און רופט זי אָן „אַ מאָראַל פון שקלאַפן״, וואו שוואַכקייט ווערט אידעאַליזירט. ער גלויבט, אַז דער מענטש דאַרף שטייגן גייסטיק וואָס אַמאָל העכער ביז ער וועט ווערן דער איבער־מענטש.

אויפן וועג צו דעם פּראָגרעס פון מענטש, דאַרף אים גאָר ניט שטיין אין וועג. דער איבער־מענטש איז דער ציל פון דער וועלט און דעריבער דאַרף מען באַזייטיקן פון וועג פאַרן צוועק פון זיין שטייגן, אַזעלכע זאַכן ווי רחמנות, די מאַסן א. ד. גל. דער איבער־מענטש איז דאָס העכסטע פון דער וועלט־שאַפונג; דער אַריסטאָקראַט איבער אַלע אַריסטאָקראַטן; דאָס איבעריקע איז אַ גרויסע גרויע מאַסע, אַ מענטשן־סטאַדע, וואָס האָט קיין באַדייטונג ניט.

ניטשעס געדאַנקען זיינען לעצטנס באַטראַכט געוואָרן אַלס אַזעלכע וואָס האָבן געגעבן מוט צו די אָנפירער פון די צוויי באַרבאַרישע באַוועגונגען, פאַשיזם און נאַציזם, וועלכע האָבן געבראַכט צו דער צווייטער וועלט־מלחמה. מוסאָליני האָט אָפן דערקלערט, אַז ניטשע איז געווען זיין רבי און אַז ער באַטראַכט ניטשעס ווערק אַלס אַ וועג־ווייזער אין זיין לעבן. וואָס שייך היטלערן, האָט ער כסדר נאָכגעזאָגט ניטשעס ווערטער וועגן אַן „איבער־מענטש" און האָט זיך אַליין באַטראַכט פאַר אַזעלכן. ער האָט אויך כסדר אונטערגעשטראָכן ניטשעס רייד קעגן רחמנות און אַז דאָס לעבן פאָדערט נאָר שטאַרקייט און הערשאַפט מיט אַ פעסטער האַנט. דער אמת איז, אַז אין ניטשעס „זאַראַטוסטראַ" איז דאָ פיל האַס צו די פאָלקס־מאַסן, וועלכע ער רופט אָן ניט אַנדערש ווי „סטאַדע".

אָבער פון דער אַנדערער זייט זיינען דאָ געלערנטע, וואָס זאָגן, אַז ניטשע האָט קיינמאָל ניט פאָרמולירט קיין פילאָזאָפישע שיטה אַז אַלץ וואָס מיר געפינען ביי אים זיינען נאָר אָנגעוואָרפענע געדאַנקען, אָבער ניט קיין פעסטע מיינונג. די פאַרטיידיקער פון ניטשען טענהן אויך, אַז ניטשע האָט אייגנטלעך ניט געשריבן קיין פילאָזאָפיש ווערק. ער האָט געשריבן אַ פּאָעמע, און אַלס אַ פּאָעמע האָט ער דאַרטן געקענט אַריינגעבן פאַרשידענע געדאַנקען, אַפילו אַזעלכע וואָס זעען אויס מאָדנע; אָבער ער האָט עס ניט גענומען ערנסט. עס זיינען נאָר אָנגעוואָרפענע געדאַנקען.

נאָך אַנדערע ווילן באַטראַכטן ניטשען אַלס אַ תּלמיד פון דאַרווינען און זאָגן, אַז פונקט אַזוי ווי הערבערט ספּענסער האָט אַנטוויקלט זיין „פילאָזאָפיע פון עוואָלוציע" האָט אויך ניטשע געשאַפן אַן אייגנאַרטיקע פילאָזאָפיע פון עוואָלוציע דערמיט, וואָס ער האָט געוואָלט ווייזן, אַז דער מענטש דאַרף שטייגן און זיך אַנטוויקלען צו אַן איבער־מענטש. דערביי האָט ער געדענקט, אַז מען דאַרף ניט שטערן די דאַזיקע אַנטוויקלונג און ער זאָגט, אַז רחמנות און די מאַסן זיינען נאָר אַ שטערונג צו דער דערגרייכונג פון איבער־מענטש.

## 85. אייבערהעם לינקאָלן און דער בירגער־קריג

דאָס קאַפּיטל לינקאָלן, איז דאָס טראַגישסטע אין דער געשיכטע פון די אַמעריקאַנער פּרעזידענטן. — אַ מענטש, וואָס איז עטלעכע מאָל דורכגעפאַלן אין לעבן האָט געהאַט די אַמביציע צו ווערן פּרעזידענט, און איז עס געוואָרן. — ווען לינקאָלן שאַפט ניט אָפּ שקלאַפערײַ וואָלט עס אַליין אונטערגעגאַנגען? — די טרויעריקע רעזולטאַטן פון יענער מלחמה.

אייבערהעם לינקאָלן ווערט פאַררעכנט ביי אונדז אַלס איינער פון די גרעסטע פּרעזידענטן פון אַמעריקע. אַ גאַנצע ביבליאָטעק פון ביכער איז אָנגעשריבן געוואָרן וועגן אים. דער גרעסטער אויפטו פון זיין לעבן איז געווען דאָס וואָס ער האָט באַפרייט די נעגערס. אָבער ער איז געווען פאַרמישט צוליב דעם אין אַ בירגער־קריג. די פראַגע איז צי האָט ער פאַרפירט דעם בירגער־קריג אָדער אַנדערע האָבן עס געטאָן, און האָט דער בירגער־קריג טאַקע געהאָלפן די שוואַרצע?

כדי צו ענטפערן אויף די צוויי פראַגן, לאָמיר זיי אָפּטיילן איינע פון דער אַנדערער. לאָמיר צום ערשטן באַטראַכטן די ערשטע פראַגע, נעמלעך, צי האָט לינקאָלן פאַרפירט דעם בירגער־קריג, כדי צו באַפרייען די שוואַרצע, און וואָס איז וועגן דער מיינונג, אַז די באַפרייאונג פון די שוואַרצע וואָלט געשען אָן דעם.

* * *

אייבערהעם לינקאָלן איז געבוירן געוואָרן דעם 12־טן פעברואַר פון יאָר 1908 צו זיינע אָרעמע עלטערן טאָמאַס און הענסי לינקאָלן, אין אַ פאַרלאָזענער געגנט אין קענטאַקי. דער פאָטער איז געווען אַ פאַרמער און אַ סטאָליער. זיין מוטער איז געשטאָרבן אין יאָר 1818, ווען ער איז קוים אַלט געווען 9 יאָר, באַלד נאָכדעם ווי זיינע עלטערן האָבן זיך איבערגעצויגן קיין אינדיאַנאַ. זיין פאָטער טאָמאַס האָט נאָך אַמאָל חתונה געהאַט מיט איינע סערע בוש דזשאָנסאָן, אַן אלמנה. זי איז געווען אַ גוטע שטיף־מאַמע צו אייבערהעמען, וועלכער האָט זיך אויפגעצויגן אין גרויס אָרעמקייט און האָט פיל מיטגעמאַכט. ער האָט ניט געקענט באַזוכן רעגלמעסיק אַ שולע און איז אַזוי אַרום געגאַנגען בכלל אין אַ שול אין קענטאַקי און אין אינדיאַנאַ נאָר געציילטע טעג, ניט מער ווי א יאָר.

אָבער ער האָט שטאַרק געוואָלט לערנען און האָט זיך אַליין געלערנט לייענען און שרייבן, און ווי נאָר ער האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט, האָט ער זיך איינגעשאַפט ביכער.

אין יאָר 1830 האָבן די לינקאָלנס זיך איבערגעצויגן אין אילינאָי סטייט און זיך באַזעצט אין מאַקאָן קאָונט. אייבערהעם איז איצט אויסגעוואַקסן אַלס אַ הויכער בחור פון 6 פוט און 4 אינטשעס, פיזיש שטאַרק אָבער ניט באַזונדערס שיין. ער האָט געאַרבעט אַלס פאַרקויפער אין אַ געשעפט. שפּעטער האָט ער אָנגעפירט מיט אַ מיל און דערנאָך געוואָרן אַ שותף אין אַ בשמים־געשעפט, וואָס איז געגאַנגען שלעכט. אין יענער צייט האָט ער געטאָן נאָך אַנדערע פאַרשידענע אַרבעטן, כדי צו מאַכן אַ לעבן, אָבער ער האָט געהאַט אַ באַזונדערן אינטערעס צו שטודירן געזעץ.

אין יאָר 1834 איז לינקאָלן אויסגעקליבן געוואָרן אַלס רעפּרעזענטאַטיוו פון דער סטייט־לעגיסלאַטור. ער איז דאָס געווען במשך פון פיר טערמינען פון 1834 ביז 1841. אין יענער צייט האָט ער געהאַט אַ קורצע ליבע מיט אַ מיידל ען רוטלעדזש, וועלכע איז יונג געשטאָרבן. אין יאָר 1836 האָט ער געקראָגן די רעכט צו פּראַקטיצירן אַדוואָקאַטור. ער האָט דעמאָלט זיך באַזעצט אין ספּרינגפילד, איל., און געעפנט אַ ביוראָ מיט אַ שותף. אין יאָר 1842 האָט ער חתונה געהאַט מיט מערי טאָד.

אין גאַנג פון דער צייט ווערט לינקאָלן אויסגעקליבן אַלס קאָנגרעסמאַן (אין יאָר 1847). ער הויבט אָן שוין אין יענע צייטן צו קעמפן דערפאַר, אַז מען זאָל אָפּשאַפן שקלאַפעריי אין אַמעריקע. ער „לויפט" איצט אַלס סענאַטאָר און פאַלט דורך. ער טרעט אַריין אין דער רעפּובליקאַנער־פאַרטיי און ווערט ביי זיי אַ פירער. ער פירט אָן שפּעטער אַ גאַנצע ריי פון דעבאַטן מיט סטעפען א. דאוגלאַס וועגן דער פראַגע פון אָפּשאַפן שקלאַפעריי, און נעמט שטאַרק אויס. ער טרעט אויף אין אַ קאַמפּיין פאַרן אַמט פון פּרעזידענט מיט אַ שטורמישע רעדע אין קופּער־יוניאָן ניו־יאָרק (1860) און ווערט נאָמינירט אַלס פּרעזידענט אויף אַ דריטער קאַדענץ. עס זיינען דעמאָלט „געלאָפן" פיר קאַנדידאַטן פאַר פּרעזידענט אָבער לינקאָלן האָט געוואונען, און אין 6־טן נאָוו. 1860 אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּרעזידענט. דער דרום איז געווען פאַרביטערט צוליב לינקאָלנס זיג און האָט געטראַכט פון אָפּרייסן זיך פון דעם צפון. אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן דאָרטן אַ שטימונג פון אַ צוגרייטונג צו אַ בירגער־קריג. לינקאָלן האָט אָבער באַשלאָסן אַז דער דרום טאָר זיך ניט אָפּרייסן פון דעם צפון. אין אַפּריל 1860 האָט אָבער דער דרום אָנגעהויבן אַ קאַמף קעגן לינקאָלן

און קעגן צפון. און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער בירגער־קריג. די מלחמה איז אין אָנהויב געגאַנגען שלעכט פאַר דעם צפון. לינקאָלן האָט כסדר געהאַט צרות פון די גענעראַלן און אַלע מאָל באַשטימט אַן אַנדערן. דאָס איז אפשר געווען דערפאַר, וואָס ער אַליין האָט ווייניק געוואוסט אין מיליטערישע ענינים.

אין יאָר 1862 האָט ער אַרויסגעגעבן זיין פּראָקלאַמאַציע אויף אָפּ־צושאַפן שקלאַפעריי אין אַמעריקע. דאָס רעדל האָט זיך איבערגעדרייט און דער צפון האָט גענומען זיגן. פון יענער עפּאָכע איז געבליבן די באַ־וואוסטע רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין געטיסבורג (אין יאָר 1863). לינקאָלן האָט געהאַט זייער פיל אויסצושטיין אין יענע צייטן פון אַלע זייטן פון די שונאים און אַפילו פון די אייגענע. אָבער נאָכדעם ווי גרענט איז געוואָרן דער קאָמאַנדיר פון דער אַרמיי פון דעם צפון, האָט ער כסדר געהאַלטן אין איין זיגן ביז עס איז געשען אַז דער גענעראַל לי פון דעם דרום האָט זיך אונטערגעגעבן. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז לינקאָלן דערשאָסן געוואָרן פון אַ האַלב־משוגענעם אַקטיאָר דזשאָן בוט, אויף אַ פאָרשטעלונג אין טעאַטער. דאָס איז געווען דעם 14־טן אַפּריל 1865.

* * *

לאָמיר זיך איצט צוריקקערן צו דער פראַגע צי לינקאָלן האָט פאַרפירט דעם בירגער־קריג צו באַפרייען די שוואַרצע. ווען דעם זיינען דאָ צוויי באַזונדערע שטאַנדפּונקטן. עס איז דאָ אַ מיינונג פון געלערנטע און פּאָליטישע טוער וואָס זאָגן אַז אַפילו ווען דער דרום האָט אָנגעהויבן האָט ער ניט געדאַרפט צולאָזן צו אַ בירגער־קריג. זייערע אַרגומענטן זיינען פאָלגענדע:

אין מיטן פון פאָריקן יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן אין דער וועלט אַ באַוועגונג קעגן שקלאַפעריי. דאָס איז געווען ניט צוליב אידע־אַליזם, נאָר צוליב פּראַקטישע צוועקן, ווייל שקלאַפעריי האָט זיך ניט געלוינט. דאָס זעלבע איז אויך געווען ביי אונדז אין אַמעריקע. פיל קאָלאָניסטן, אין די צפונדיקע שטאַטן, האָבן זיך איבערצייגט אַז שקלאַ־פעריי איז צו טייער, דאָס מיינט צו זאָגן, אַז די אַרבעט פון שקלאַפן איז פיל טייערער ווי די אַרבעט פון פרייע מענטשן. דער ערשטער וואָס האָט אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי בענדזשאַמין פראַנקלין. ער האָט דעמאָלט געשריבן: „די אַרבעט פון די שקלאַפן קען קיינמאָל ניט זיין אַזוי ביליק, ווי די אַרבעט פון אַ פרייען אַרבעטער אין

ענגלאַנד" און ער דערקלערט פּאַרוואָס עס איז אַזוי: ראשית כל, קומט דער פּרייז פאַרן שקלאַף, וואָס מען דאַרף באַצאָלן זיין מייסטער; דאַן דאַרף מען צאָלן פאַרזיכערונג פאַר זיין לעבן; איצט ערשט דאַרף מען אים געבן עסן, קליידער און היילן אים, ווען ער ווערט קראַנק; היינט די פאַרלוסט פון צייט אַפילו ווען ער איז געזונט, ווייל אַ שקלאַף פוילט זיך אונטער צו אַרבעטן (דאָס איז נאַטירלעך ביי שקלאַפן). על פּי רוב דאַרף מען אויך האַלטן אַ פאַרוואַלטער, וואָס זאָל טרייבן די שקלאַפן צו אַרבעטן. מען דאַרף באַטראַכטן אויך דאָס, וואָס יעדער שקלאַף, לויט זיין נאַטור, איז בטבע אַ גנב און אָפט פעלן זאַכן ביי זיין מייסטער. איצט, פירט אויס פראַנקלין, רעכנט צוזאַמען דאָס אַלץ אין דאָלארס און אין סענטס און פאַרגלייכט עס מיט דעם לוין, וואָס מען צאָלט אַ פרייען אַרבעטער אין ענגלאַנד און איר וועט זען, אַז צו צאָלן אַ געהאַלט אַ פרייען אַרבעטער איז ביליקער, ווי צו האַלטן אַ שקלאַף אין די פּאַראייניקטע שטאַטן".

אָט דער געדאַנק, אַז שקלאַפעריי באַצאָלט זיך ניט, איז ביס־לעכווייז געוואָרן פאַרשפּרייט אין גאַנץ אייראָפּע. מען האָט אויסגערעכנט, אַז שקלאַפעריי פאַראָרעמט גאָר די אייגנטימער. דעריבער זעען מיר אַ טענדענץ אין אייראָפּע אין יענע יאָרן פּטור צו ווערן פון שקלאַפעריי און ביזן יאָר 1860 איז שקלאַפעריי געווען כמעט אין גאַנצן ליקווידירט אין אייראָפּע. צום ערשטן האָט מעקסיקע באַפרייט די שקלאַפן אין יאָר 1827; אין יאָר 1833 האָט ענגלאַנד באַפרייט די שקלאַפן אין אַלע אירע קאָלאָ־ניעס; פראַנקרייך האָט אָפּגעשאַפן שקלאַפעריי אין יאָר 1848; פּאָרטו־גאַל אין יאָר 1858 און מיט פינף יאָר שפּעטער האָט דער רוסישער צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער אָפּגעשאַפט „פּאַנשטשיזנע" אין גאַנץ רוסלאַנד (אין יאָר 1863).

די אָנהענגער פון דער מיינונג זאָגן אַז מען האָט ניט געדאַרפט פירן קיין בירגער־קריג אַז אויך אין צפונדיקן אַמעריקע האָט עס געהאַלטן דערביי און אַפילו אין דעם דרום האָט מען אויך שוין געוואוסט, אַז שקלאַפעריי באַצאָלט זיך ניט. דעריבער, זאָגן זיי, אַז שקלאַפעריי וואָלט פאַרשוואונדן אויך אין אַמעריקע אויף אַ נאַטירלעכן אופן, פּונקט אַזוי ווי אין אייראָפּע, ניט צוליב אידעאַליזם, נאָר צוליב עקאָנאָמישע מאָטיוון. די אָנהענגער פון דער מיינונג קומען דעריבער צום באַשלוס, אַז עס איז ניט נויטיק געווען צו פירן אַ בירגער־קריג, וואָס האָט אָפּגעקאָסט אַ מיליאָן לעבנס, כדי צו באַפרייען די שקלאַפן. עס וואָלט געקומען פון זיך אַליין.

עס איז אָבער דאָ אַן אַנדערע מיינונג, וואָס זאָגט, אַז צי שקלאַפעריי וואָלט אונטערגעגאַנגען אַליין פון זיך צי ניט, איז נאָך אַ גרויסע פראַגע. פון דער אַנדערער זייט האָט לינקאָלן מער ווי אַנדערע אין זיין צייט פאַרשטאַנען, אַז אַ גרויס פאָלק קען ניט האָבן קיין שקלאַפעריי; אַז עס פאַסט ניט פאַר אַמעריקע צו קויפן און פאַרקויפן מענטשלעכע לעבנס אויפן מאַרק, פונקט אַזוי ווי מען קויפט פערד. אַ פאַקט איז, אַז פון די פיר קאַנדידאַטן פאַר פרעזידענט, וואָס עס זיינען „געלאָפן״ אין יאָר 1860, איז לינקאָלן געווען דער, וואָס האָט זיך אַמשטאַרקסטן אויסגעדריקט קעגן שקלאַפעריי. דאַגלאַס, זיין הויפּט־קעגנער, האָט געהאַלטן אַז שקלאַ־פעריי וועט אונטערגייען פון זיך אַליין אין דעם דרום, אָן דער אַריינמישונג פון דעם צפון. לינקאָלן האָט אָבער מורא געהאַט עס צו לאָזן צו דער צייט. לינקאָלן איז געווען אַ גרויסער הומאַניסט.

ווען לינקאָלן איז „געלאָפן״ אַלס פרעזידענט, האָט דער דרום געסטראַשעט, אַז ער וועט זיך אָפּרייסן פון אַמעריקע אויב לינקאָלן וועט זיגן און ווען ער האָט געזיגט, האָט ער דאָס טאַקע געטאָן און עס איז אויס־געבראָכן דער בירגער־קריג. זאָגן אָבער די ערשטע, אַז באַלד אין אָנהויב האָט מען דאָס געקענט לייכט אויסמיידן, ווייל די בירגער גופא האָבן ניט געוואָלט דעם בירגער־קריג, ניט אין דעם דרום און ניט אין דעם צפון איז דער קריג געווען פּאָפּולער.

ווייטער איז די מיינונג פון דער צווייטער גרופּע, אַז דער בירגער־קריג איז ניט געווען כדי אָפּצושאַפן די באַגרענעצונגען קעגן די שוואַרצע, ניט כדי צו באַפרייען די נעגערס, נאָר כדי צוריק צו ברענגען אין די פאַראייניקטע שטאַטן די יעניקע שטאַטן, וואָס האָבן זיך געוואָלט אָפּרייסן, וואָרום דער פאַקט איז, אַז אין אָנהויב האָט זיך גאָרניט געהאַנדלט וועגן שקלאַפעריי. עס זיינען דעמאָלט געווען פיל מאָטיוון, וואָס האָבן געטריבן די דרום־שטאַטן זיך אָפּצורייסן פון די צפון־שטאַטן און אין אייראָפּע האָט מען דעמאָלט געזאָגט, אַז די דרום־שטאַטן האָבן דאָס רעכט דאָס צו טאָן ווייל, האָט דען ניט אַמעריקע זיך אָפּגעריסן פון ענגלאַנד? זיינען דען די שטאַטן ניט פריי, אַז יעדער איינער קען טאָן וואָס ער וויל? קען מען דען צווינגען אַ גאַנצע ריי פון שטאַטן, וואָס ווילן מאַכן שבת פאַר זיך, אַז זיי זאָלן דאָס ניט טאָן? מיר זעען אויך, אַז פרעזידענט לינקאָלן האָט ערשט דעם 1־טן יאַנואַר 1863 פּראָקלאַמירט, אַז ער קעמפט כדי צו באַפרייען די נעגערס פון אַמעריקע און האָט דערמיט געוואונען אין די אויגן פון אייראָפּע און פון דער גאַנצער וועלט. (פונקט אַזוי ווי ווילסאָן האָט שפּעטער געוואונען אין די אויגן פון דער וועלט דערמיט, וואָס

ער איז אַרויס מיט זיין סלאָגאַן, אַז ער גייט אין קריג, כדי צו מאַכן די וועלט זיכער פאַר דעמאָקראַטיע). פון לינקאָלנס זייט איז עס דעריבער געווען אַ גוטער שריט, וואָס האָט געפירט דערצו, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן זאָלן בלייבן איין גאַנצעס און ניט צעטיילט. מיט דעם שריט איז לינקאָלן געוואָרן פון אַ פּאָליטיקער — אַ שטאַטס־מאַן, אַ קעמפער פאַר אַ גרויס פאַראייניקט פאָלק.

ווען מען קוקט זיך גוט צו צו אַלעם, זעט מען, אַז לינקאָלן האָט פיל געליטן פון בירגער־קריג, ווייל דער קריג איז ניט געווען פּאָפּולער. קיינער האָט אים ניט געוואָלט; מען קען זאָגן פּראָסט פשוט: קיינער האָט ניט געוואָלט גיין אין קריג. מען האָט די מענטשן געמוזט צווינגען. דערצו איז געווען נאָך אַ צרה: די רייכע האָבן זיך געקענט אויסקויפן פון צו גיין אין דער מלחמה; עס האָט בלויז געקאָסט עטלעכע הונדערט דאָלאַר, לויט דער געלט־השגה פון יענער צייט, צו שיקן אַן אַנדערן אַנשטאָט זיך. אָט אַזוי אַרום איז אויסגעקומען, אַז גיין אין דער מלחמה האָבן געמוזט נאָר די אָרעמע, די וואָס האָבן ניט געהאַט די עטלעכע הונדערט דאָלאַר צו שיקן אַן אַנדערן. אָט דאָס איז געווען זייער ניט ריכטיק און האָט דעריבער אַרויסגערופן אַ גרויסע אומצופרידנהייט ביים פאָלק. דאָס באַשטעטיקן אויך די פאַקטן, וואָס איבערן גאַנצן לאַנד זיינען פאָרגעקומען אומרוען קעגן די מאָביליזיר־ביוראָס. אין ניו־יאָרק האָבן די אומרוען אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג און פיל מענטשן זיינען אין זיי אומגעקומען.

* * *

צו סומירן דאָס אַלץ איז אַזוי: די ערשטע מיינונג, זאָגט אַז קיין בירגער־קריג האָט מען ניט געדאַרפט אין דער נייער מדינה, וואָס אַלע האָבן צוגלייך געשאַפן. זיי גלויבן, אַז מען וואָלט דערגרייכט אַלצדינג אָן אַ מלחמה. לויט דער מיינונג וואָלט געווען אָט אַזוי:

1. ווען לינקאָלן דערלאָזט ניט קיין בירגער־קריג, וואָלט שקלאַ־פעריי געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט, עס וואָלט אַליין פון לעבן אָפּגעשאַפט געוואָרן. אַזוי ווי עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן אין איירּאָפּע.

2. ווען עס וואָלט ניט געווען קיין מלחמה פון בירגער קעגן בירגער וואָלטן ניט אומגעקומען קיין מיליאָן לעבנס פון ביידע זייטן.

3. ווען עס וואָלט ניט געווען קיין בירגער־קריג און שקלאַפעריי וואָלט פאַרשוואונדן פון זיך אַליין, וואָלט דערמיט אויך פאַרשוואונדן דאָס באַטראַכטן דעם שוואַרצן פאַר אַ נידעריקערן מין מענטש, און עס

וואָלט ניט געבליבן אין די הערצער פון די מענטשן, אַפילו אין דעם דרום, קיין שום ביטער געפיל קעגן די נעגערס.

די אַנדערע מיינונג זאָגט: די מלחמה האָט אַרויסגערופן בייז בלוט אויף ביידע זייטן און נאָך דער מפּלה האָט דער דרום גענומען פירן אַן אַנדער סאָרט קריג. אַ סאָציאַלן קאַמף קעגן שוואַרצע און געשאַפן די סעגרעגאַציע־געזעצן.

אַ פאַקט איז, אַז איצט, הונדערט יאָר נאָך דעם בירגער־קריג, האַלט נאָך אַלץ די סאָציאַלע מלחמה כסדר אָן, זי איז אין פאַרלויף פון די יאָרן געוואָרן די נשמה פון דעם דרום. איר טראַדיציע און לעבנס־שטייגער, וואָס אַפילו דאָס העכסטע גריכט פון אַמעריקע קען ניט אָפּשאַפן.

דער בירגער־קריג האָט געבראַכט אָרעמקייט אין דעם דרום און דערצו אויך צוריקגעשטאַנענקייט און קאָרופּציע. אָט דאָס זיינען אַלע מאָל די רעזולטאַטן פון אַ מלחמה און באַזונדערס נאָך אין אַ לאַנד, וואו די בירגער האָבן די מלחמה פאַרשפּילט. די אַנדערע מיינונג זעט דעריבער אין לינקאָלן אַן אויסלייזער, אַ גרויס־גייסט וואָס האָט באַפרייט די שוואַרצע.

ווי מיר זעען, זיינען דאָ צוויי מיינונגען, צוויי לאַגערן. יעדע איינע האָט אירע אַרגומענטן וועגן דער פראַגע צי לינקאָלן האָט געדאַרפט פאַרפירן אַ בירגער־קריג צי ניט. דאָס וועט אָבער קיינמאָל ניט געלעזט ווערן, ווייל עס זיינען דאָ שטאַרקע טענות סיי פאַר, און סיי קעגן.

יעדנפאַלס דאָס פאָלק האָט אָנערקענט לינקאָלן פאַר אַ גרויסן פּרעזידענט און אין פיל שטאַטן פייערט מען זיין געבורטס־טאָג מיט גרויס רעספּעקט. די געשיכטע האָט אים פאַרהערלעכט און אַריינגעשטעלט אין דער ריי פון די גרויסע מענטשן וואָס האָבן געליטן לטובת דער מענטשהייט.

## 86. לעוו טאָלסטאָי, דאָס געוויסן פון דער וועלט

וי אַזוי טאָלסטאָי האָט זיך אָפּט געביטן. — טאָלסטאָי אין עלטער פון 19 יאָר וויל באַגיין זעלבסטמאָרד און ווערט גערעטעוועט פון רוסאָס ווערק. — זיין צווייטע טראַנספּאָרמאַציע אַלס אָפיציר אין דער רוסישער אַרמיי און זיין נייער מאָטאָ: "ווייַן, ווייב און געזאַנג". — ער טרוימט שפעטער פון שאַפן אַ נייע רעליגיע און טרעט אַרויס קעגן מלחמה. — ער דערגרייכט אַמאָל די הויכע מדרגה פון אַ נביא צו דער מענטשהייט. — אויף די עלטערע יאָרן ווען ער פאַלט אַריין אין מיסטיק.

ווען מען רעדט וועגן לעוו טאָלסטאָי, דאַרף מען האָבן אין זינען, אַז אין לעבן איז טאַקע געוועזן נאָר איין מענטש מיטן נאָמען לעוו טאָלסטאָי. אָבער לויט זיין גייסטיקן מהות, איז עס ניט געוועזן איינער, נאָר עטלעכע.

וואָרום לעוו טאָלסטאָי האָט מיטגעמאַכט אַ גאַנצע ריי פון ענדערונגען אין זיך; זייט ער איז אויסגעוואַקסן אַלס מאַן און איז אַריין אין לעבן ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן, האָט ער מיטגעמאַכט פיר אָדער פינף טראַנספאָרמירונגען, וואָס יעדע פון זיי האָט אָנגעהאַלטן אַן ערך פון צען ביז פופצן יאָר. דאָך איז געווען איין גרונד־שטריך אין די פאַרשידענע גייסטיקע אויפפאַסונגען פון לעוו טאָלסטאָי, און דאָס איז: זיין זוכן דעם אמת, הויפּטזעכלעך, דעם אמת צו זיך אַליין. ער האָט שטענדיק געשטרעבט צו גיין אויפן וועג פון אמת, ווי ער האָט אים יעדעס מאָל אַנדערש פאַרשטאַנען.

אָט דאָס איז דער שליסל צו דער גרויסער פערזענלעכקייט, וואָס האָט געלעבט אין רוסלאַנד אין 19־טן יאָרהונדערט, וועלכער האָט גערעדט צו דער וועלט ווי אַ נביא, ווי אַ שטראָפער און טרייסטער, אָבער איבערהויפּט גערופן צו דער מענטשהייט צו זיין אויפריכטיק, צו טאָן גערעכטיקייט, צו האָבן פאַרשטענדעניש פאַרן צווייטן, ניט צו זיין פאַלש און ניט צו באַגיין קיין פאַלשקייטן.

אין דער הינזיכט איז טאָלסטאָי געווען איינער אין זיין גאַנצן דור. עס זיינען געווען נאָך אַנדערע גרויסע שרייבער, אָבער זיי זיינען ניט געווען לערער און פירער פון אַ גרויסן פאָרנעם. צווישן די עטלעכע

גייסטער, וואָס לייכטן צו אונדז אַרויס פון יענעם יאָרהונדערט איז לעוו טאָלסטאָי געווען דער, וואָס זיצט אויבן־אָן.

ער איז געווען דאָס געוויסן פון 19־טן יאָרהונדערט.

* * *

טאָלסטאָי קען פאַרגליכן ווערן אין אַ געוויסן זין צו אַ בודאַ אין אונדזער היינטיקער צייט. אַזוי ווי בודאַ האָט געשטאַמט פון דער העכ־סטער אַריסטאָקראַטיע, אַזוי איז אויך טאָלסטאָי געקומען פון אַ פאַמיליע פון פרינצן און פרינצעסינס, וואָס האָט זיך געצויגן נאָך פון פעטער דעם גרויסנס צייטן. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ אין יאָר 1828. אָבער ער איז גאָר יונג געבליבן אַ קיילעכדיקער יתום. ווען ער איז אַלט געווען 2 יאָר האָט ער אָנגעוואוירן זיין מוטער און צו ניין יאָר האָט ער פאַרלוירן זיין פאָטער. עס זיינען דעמאָלט געבליבן פינף יתו־מים, דריי יינגלעך, פון וועלכע לעוו איז געווען איינער פון זיי, און צוויי מיידלעך. אַלע קינדער האָט מען איבערגעגעבן צו דערציען צו אַ ווייטע קרובה, אַ מומע, מיטן נאָמען טאַטיאַנאַ. אָט די מומע האָט געהאַט צוויי מעלות: זי איז געווען אַן ערנסטע פרוי און האָט אויך געהאַט פיל ליבע צו די קינדער. אָבער זי האָט געהאַט איין חסרון, נעמלעך, זי פלעגט אַריינלאָזן צו זיך אין הויז כל־ערליי בעטלערס, וואָס האָבן זיך געשלעפּט איבער דער מדינה און האָט זיי אויפגענומען מיט גרויס כבוד. זי האָט געקוקט אויף זיי ווי אויף מיסטיקער און הייליקע.

די דאָזיקע בעטלערס פלעגן דערציילן פאַרשידענע מעשיות און לעגענדעס מיט אַ מיסטישן אינהאַלט. די מעשיות האָבן אויפן יונגן קינד, לעוו, געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק און געהאַט אויף אים אַ השפּעה צו טראַכטן אין מעטאַפיזישע טערמינען. טאָלסטאָי איז בעצם געווען נוטה צום מיסטישן דענקען און אָפט, ווען ער גייט אַראָפּ פון זיין ראַ־ציאָנאַלן וועג און לאָזט זיך אַוועק אין מעטאַפיזיק, קען מען זען, אַז ער איז אונטער אַ געוויסער השפּעה און זיין קלאָרער שכל איז איצט ווי פאַרוואָלקנט.

לעוו טאָלסטאָי, אָט דער גרויסער זשעני איז געווען זייער אַ שלעכ־טער תלמיד אין דער עלעמענטאַרער שול. ער האָט זיך, פשוט גערעדט, ניט גוט געלערנט. דאָס דערציילט טאָלסטאָי אַליין. ווי ער גיט איבער, פלעגן די לערער זאָגן וועגן די דריי ברידער טאָלסטאָי אַזוי: סערגיי וויל לערנען און קען וואָס ער לערנט; דימיטרי וויל לערנען אָבער דער קאָפּ אַרבעט ניט ביי אים. דער לעצטער, לעוו, וויל ניט און קען ניט.

אָבער ווען אַ קינד לערנט זיך שלעכט אין שול, מיינט עס נאָך ניט, אַז ער וועט אויסוואַקסן אומוויסנד. לעוו טאָלסטאָי, כאָטש ער איז געווען אַ שלעכטער תלמיד, איז ער דאָך געווען זייער ערנסט אין אַלעם וואָס ער האָט געטאָן. מערקווירדיק איז דאָס, וואָס שוין אַלס קינד האָט לעוו טאָלסטאָי געטראַכט, אַז „דאָס לעבן איז ניט קיין פּלאַץ פאַר שפּילערייען, נאָר פאַר ערנסטע זאַכן". צו 16 יאָר האָט ער אויפגעהערט צו גלויבן אין דער צערקווע (די רוסישע קירך). דערנאָך האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן, ווי ער באַשרייבט עס אַליין, אַ „צייט פון פילאָזאָפישע וואַנדערונגען אין דער מדבר פון יוגנט". ער גייט דעמאָלט אַריבער צו אַגנאָסטיציזם (די מיינונג, אַז מיר קענען גאָר ניט וויסן וועגן דער גאָטהייט) און פון דעם צו אינטעלעקטועלן ניהיליזם (גלויבן אין גאָרניט). קומענדיק צו דעם צושטאַנד פאַלט ער אַריין אין אַ מצב פון יאוש און פאַרצווייפלונג. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 19 יאָר.

צו דעם איז צוגעקומען דאָס, וואָס טאָלסטאָי האָט אין יענעם פּעריאָד פון זיין לעבן זיך געהאַסט אַליין, ווייל ער איז געווען ניט איבעריק שיין. ער האָט געהאַט קליינע אויגן, אַ נידעריקן שטערן, גראָבע ליפּן, אַ גרויסע נאָז און זייער גרויסע אויערן. ער האָט אָבער דאָך געהאַט „אַ שטאַרקן ווילן צו זיין באַוואוסט אין דער גרויסער וועלט און באַליבט ביי אַלע" (אַזוי שרייבט ער אין זיין טאָג־בוך). ער פלעגט זיך אָפט פרעגן ווי אַזוי קען איינער מיט אַזאַ גאָרילע־אויסזען דאָס דערגרייכן, און ער איז דעריבער אָפט אַרומגעגאַנגען מיט זעלבסטמאָרד געדאַנקען. דאָ ענדיקט זיך איין טאָלסטאָי, דער סאַמע ערשטער און מיר קומען צום צווייטן.

* * *

ווען ער איז אַלט געוואָרן צוואַנציק יאָר, האָט ער פּלוצלינג אַנטדעקט די ווערק פון זשאַק רוסאָ, און זיי האָבן אים געעפנט די אויגן. ער האָט איצט גענומען טראַכטן אין רוסאָס טערמינען וועגן דער שיינקייט פון דער נאַטור און האָט פאַרגעסן אינגאַנצן אָן זיך און אין זיין ניט שיינעם אויסזען. ער טראַכט נאָר וועגן דער שיינקייט פון דער וועלט און פון אַלעם וואָס עס לעבט אויף איר און ער ווערט איצט אַן אַנדערער. ער נעמט אָן די רעליגיע פון רוסאָ און ער באַטראַכט אים ווי אַ גאָט. ער האָט אַפילו זיך געלאָזט מאַכן אַ מעדאַליאָן מיט רוסאָס געזיכט און עס געטראָגן אויפן האַלדז ווי אַ קמיע.

אונטערן איינפלוס פון רוסאָ נעמט זיך טאָלסטאָי צו שרייבן און

ער שרייבט אָן זיין ערשטן ראָמאַן „אַ רוסישער ווירט״ (אַרויסגעגעבן אין יאָר 1852). ער באַהאַנדלט דאָרט אַ פּראַגע, וואָס האָט פאַרנומען זיין גאַנץ לעבן, דאָס איז דער אייביקער קאַמף, וואָס עס גייט אָן צווישן דעם אידעאַליזם פון אַ גרויסן מענטש און די שטומפּיקייט פון די מאַסן. דער העלד פון דעם ראָמאַן איז פּרינץ נעקליודאָוו. ער איז אַן אידעאַליסטישער מענטש און ער וויל באמת העלפן די פאָלקס־מאַסן. צוליב דעם גיט ער אויף זיין שטודיום אין דעם אוניווערסיטעט. ער באַשליסט צו העלפן די פּויערים. אָבער עס געדויערט ניט לאַנג און נעקליודאָוו זעט אַז די פּויערים ווילן גאָרניט, אַז מען זאָל זיי העלפן. זיי ווילן בעסער בלייבן אין זייער טרויעריקער לאַגע, איידער פון אים געהאָלפן צו ווערן, נאָך מער, זיי באַגרייפן אים ניט; זיי קענען נאָר פאַרשטיין אַ טיראַן, וואָס שלאָגט זיי; זיי ווייסן אַז אַ פּרינץ דאַרף הערשן איבער זיי מיט אַ שטאַרקער האַנט, אָבער זיי קענען ניט פאַרשטיין אַ פּרינץ וואָס וויל גאָר זיין גוט צו זיי און זיי אַנטלויפן פון אים. זיי לאַכן אים אויס און וואָס עס איז שייך דער הילף וואָס ער וויל זיי געבן, קוקן זיי דערויף מיט חשד. ווער ווייס, זאָגן זיי, אפשר איז ער אַ שפּיאָן, צי גלאָט אַ שאַרלאַטאַן אָדער גאָר אַ משוגענער. קיין מיושבדיקער מענטש איז ער זיכער ניט, אָט דער פּרינץ וואָס רעדט אַזוי שיין צו זיי.

נעקליודאָוו איז פאַרצווייפלט און ווייס ניט וואָס צו טאָן. זיצנדיק אַזוי און טראַכטנדיק וועגן די פּויערים גייט ער אַריבער צו דער פּיאַנאָ און נעמט שפּילן. נעקליודאָוו קען אַ ביסל קלאַפּן אויף די קלאַווישן פון דער פּיאַנאָ, אָבער ער האָט ניט קיין באַזונדערן טאַלאַנט פאַר מוזיק. אָבער עפּעס אַ געדאַנק וועבט זיך ביי אים און ער באַמיט זיך עס אויס־צושפּילן און אַזוי הערט ער אַ כאָר וואָס זינגט, אַן אָרקעסטער וואָס שפּילט... עס איז וועגן דער פאַרגאַנגענהייט און וועגן דער צוקונפט. עפּעס איז אַלץ אין איינעם... איין גרויסע סימפאָניע...

און אָט נעמט אים קלאָר ווערן: די פּויערים, די מוזשיקעס זיינען ניט אַזוי שטומפּיק ווי ער האָט געמיינט. ער זעט זיי ווי זיי זיינען, אומ־וויסנד, ניט־דאַנקבאַר און אָן צוטרוי, אָבער זיי ווילן דאָך עפּעס און זיי זיינען גרייט אַוועקצוגעבן זיך אינגאַנצן פאַר אָט דעם עפּעס! זיי האָבן געליטן דורות לאַנג פון טיראַנען מיט אַ בייטש אין דער האַנט; פון די פּרינצן וואָס האָבן ניט געהאַט קיין שום געפילן פאַר זיי. ווי אַזוי, טראַכטן זיי, קען גאָר אַ פּרינץ, איינער פון אַלע, זיין אַנדערש? איז ער דען ניט אַן אָפּשטאַמונג פון יענע דעספּאָטן, פון יענע טיראַנען? און נעקליודאָוו זעט איצט ווי זיי הונגערן, ווי זיי קרענקען, ווי זיי ליידן און ווי זיי ווילן

דאָך זיך ניט אונטערגעבן צו פאַלשקייט, צו דעם וואָס עס איז ביי זיי אין די אויגן ניט אמת. און ער זעט זיי פיל העכער ווי זיי זיינען און ער קריגט זיי ליב...

עס איז געבוירן געוואָרן דער צווייטער טאָלסטאָי, אַ טאָלסטאָי, מיט ליבע צו דער וועלט און באַזונדערס צו אירע אָרעמע מענטשן, וואָס ליידן אַזוי פיל פאַרן אמת.

טאָלסטאָי איז איצט אַלט 29 יאָר און עס איז דאָס יאָר 1852. טאָלסטאָי האָט איצט פאַרלוירן זיין גאַנץ פאַרמעגן און איז נאָך דערצו געבליבן אַ בעל־חוב. ער אַנטלויפט קיין קאַווקאַז, טרעט אַריין אין דער אַרמיי, וואו זיין ברודער איז אַן אָפיציר. טאָלסטאָי האָט איצט אַ נייע פילאָזאָפיע. מען דאַרף טאַקע העלפן אַנדערע, אָבער אַליין לעבן אויך און טאַקע הנאה האָבן פון לעבן.

און ער ווערט איצט אינטערעסירט אין שיינע פרויען. ער האַלט איצט בכלל פון „ווייַן, ווייב און געזאַנג". ער דענקט, אַז דאָס בעסטע איז אָפּצושפּילן זיך אַ גאַנץ לעבן. און וואָס מער שפּיל איז אַלץ בעסער. עס איז ניט קיין זינד צו פאַרקערן מיט פרויען. ד"י, וואָס האָבן געזאָגט אַז צו פאַרברענגען מיט פרויען איז אַן עבירה, האָבן ניט געוואוסט וואָס דער אמתער זין פון לעבן איז. עס איז אַ שפּיל צו פאַרברענגען מיט אַ שיין מיידל און ניט קיין זינד !...

און ער לאָזט זיך אַריין אין לעבן מיט דער פולער מאָס. ער קריכט אויף בערג, טרינקט אין געזעלשאַפט פון אָפיצירן, דער עיקר — פרויען און פרויען. יונגע, שיינע, צאַרטע און אַמאָל אויך מיטליעריקע און פעטע.

אָבער ער שרייבט אויך. ער שרייבט דערציילונגען פון זיין קינד־הייט, געשיכטעס פון מלחמה, שילדערונגען וועגן לעבן פון די קאָזאַקן, עסייען און לאַנגע בריוו צו פריינד. ער שרייבט אַ סך.

ער אינטערעסירט זיך ווייניק מיט זיינע מיליטערישע פליכטן. ער וויל אָבער ניט אויפגעבן דעם אוניפאָרם אַלס אָפיציר אין דער רוסישער אַרמיי. ער האָט אפילו ליב די עפּאָלעטן, די שפּאָרן, די גוטע קנעפּ און די מעדאַלן, אָבער ער הויבט שוין אָן צו זען די גרוילקייטן פון אַ מלחמה. ער זעט עס אין די מאַנעוורעס, וואָס עס קומען פאָר. אָבער עס געדויערט ניט לאַנג, בלויז נאָך איין יאָר, און אין יאָר 1853, ברעכט אויס אַ מלחמה.

דאָס מאָל איז עס געווען צווישן רוסלאַנד און טערקיי. און טאָלסטאָי מוז טאָן זיינע פליכטן פאַרן פאָטערלאַנד און פאַרן צאַר.

אין אָנהויב ווערט טאָלסטאָי פאַרכאַפּט פון דעם אויפגעבלאָזענעם פּאַטריאָטיזם, ווי פון די סלאָגאַנס, אַז „דאָס פּאַטערלאַנד איז אין געפאַר״ און אַז אַלע בירגער פון לאַנד מוזן איצט גיין אין קאַמף צו ראַטעווען רוסלאַנד. דערצו שילדערט די נייע קריגס־פּראָפּאַגאַנדע די טערקן ווי אמתע באַרבאַרן, וואָס ווילן איינשלינגען די גאַנצע וועלט, און קעגן וועלכע עס איז אַ מצווה צו קעמפן. די פּראָפּאַגאַנדע האָט דערביי אַרויס־געררוקט אַ רעליגיעזן מאָטיוו, אַז דאָס איז אַ קאַמף צווישן דער האַלבער לבנה (מאַכמעדאַנער) און דעם צלם (קריסטן) און אַז עס איז אַ באַנייאונג פון די שלאַכטן וואָס די מאַכמעדאַנער זיינען באַגאַנגען איבער די קריסטן אין דער צייט פון די קרייץ־צוגן, איבערהויפּט אין די סאַמע לעצטע קאַמפן, ווען טויזנטער קריסטן זיינען אומגעקומען פון דער שווערד פון קריסטנטומס שונא. טאָלסטאָי ווערט מיטגעשלעפּט פון דער דאָזיקער פּאַטריאָטישער שטימונג און גייט אַוועק מיט אַ פּאָלק אין קריג קעגן די טערקן און ער הייסט זיינע זעלנער פאַרניכטן וואָס מער טערקן. אָבער אין דער זעלבער צייט איז ער אויך געוואָרן מיסטיש (צו וואָס ער האָט געהאַט אַ נייגונג פון זיין קינדהייט אָן) און יעדעס מאָל, ווען די רוסן האָבן געזיגט, דאַנקט ער גאָט דערפאַר, וואָס ער העלפט די רוסן צו זיגן און דערויף וואָס ער גיסט אויס זיין צאָרן אויף די טערקן.

אַ מאָדנע זאַך איז אויך דאָס, וואָס טאָלסטאָי אַליין דערציילט וועגן זיינעם אַ מיסטישן געפיל, וואָס עס האָט אים באַהערשט די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געווען אויפן שלאַכט־פעלד. ער האָט געהאַט דאָס געפיל, שרייבט ער, אַז ער וועט בלייבן לעבן, ווייל גאָט וויל אים ראַטעווען פאַר אַ געוויסן צוועק. אָט וואָס ער שרייבט וועגן זיך אין זיין טאָג־בוך דעם 5־טן מערץ 1855 :

„איך בין גענויגט צו גלויבן, אַז עס וועט זיין אַ גרויסע אידעע, צו וועלכער איך וועל ווידמען מיין גאַנץ לעבן. די אידעע איז — די גרינדונג פון אַ נייער רעליגיע״.

ווי עס איז צו זען, האָט טאָלסטאָי איצט געטראַכט פון שאַפן אַ נייע רעליגיע. עס האָט געזאָלט זיין אַ רעליגיע פון ניט אַנטקעגנ־שטעלן זיך, פון אינטערנאַציאָנאַלער ברידערשאַפט און פון אייביקן שלום.

אָט די אידעע איז געקומען צו אים אויפן שלאַכט־פעלד, ווען ער האָט אָנגעפירט מיט אַ פּאָלק, וואָס האָט געשאָסן אויף די טערקן און זיך באַמיט זיי צו פאַרניכטן.

אָבער עס האָט ניט לאַנג געדויערט און ער האָט מער ניט געוואָלט הערן און זען וועגן מלחמה. ער שרייבט איצט אַ ווערק וואו ער פאַר־

דאַמט אַלע די וואָס הופן צו אַ מלחמה און וואָס פירן אָן מיט די שלאַכטן; ער פאַרדאַמט די הערשער וואָס נוצן אויס זייערע בירגער אַלס פלייש פאַר קאַנאָנען און ער פירט אויס: „עס איז אוממעגלעך צו לעבן אין שלום אין אונדזער וועלט, וואָס האָט אַזוי פיל שיינקייט. ווי אַזוי קען מען, בעת די זון שיינט אַזוי שיין און די הימלען זיינען אַזוי בלוי, אומ־ברענגען אומשולדיקע מענטשן?״.

דאָס איז געווען אַ דריטע טראַנספאָרמאַציע פון לעוו טאָלסטאָי.

* * *

טאָלסטאָי איז געווען אַ גרויסער קינסטלער, אָבער ער האָט גע־וואָלט זיין מער ווי דאָס; ער האָט געוואָלט זיין אַ פּראָפעט פון דער מענטשהייט און אַ גרינדער פון אַ נייער רעליגיע. ער וואָלט דאָס געוואָרן אויך, ווען ער זאָל ניט בייטן אַזוי אָפט זיינע מיינונגען, ווען ער זאָל ניט ווערן אַלע צען יאָר אַן אַנדערער.

מיר האָבן שוין געזען ווי אַזוי טאָלסטאָי האָט זיך צוויי מאָל געביטן איידער ער איז אַלט געוואָרן 28 יאָר. איצט וועלן מיר זען די נייע טראַנס־פאָרמירונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין אים נאָך אָט דער צייט.

אין יאָר 1856 האָט טאָלסטאָי רעזיגנירט פון דער אַרמיי און זיך אומגעקערט קיין פּעטערבורג (לענינגראַד). ער איז שוין געווען באַוואוסט אַלס אַ גרויסער שרייבער. די שרייבער און דענקער פון דער הויפּט־שטאָט האָבן אים גוט אויפגענומען און ער איז געוואָרן אַן אייגענער מענטש צווישן זיי, אָבער דאָך האָט ער געפילט ווי עפּעס אַ קאַלטער ווינט בלאָזט פון זיי; ווי אַ טייל פון זיי זיינען ניט איבעריק פריינדלעך צו אים, און אַנדערע פירן זיך אויף גאָר גאַווהדיק אַנטקעגן אים. די צרה איז געווען דאָס, וואָס די שרייבער אין פּעטערבורג אין יענער צייט האָבן זיך געהאַלטן פאַר דאָס אויבערשטע פון שטייסל, פאַר די גרעסטע פון זייער צייט און פון זייער לאַנד. זיי האָבן געשריבן פאַר דער אינטעליגענץ אין דער צייט, ווען די שרייבער וואָס זיינען געווען פאַרשפּרייט איבערן לאַנד, האָבן געשריבן (אַזוי האָבן די פון פּעטערבורג געדענקט) פאַר די פאָלקס־מאַסן און די פון פּעטערבורג האָבן אַראָפּגעקוקט אויף יענע. טאָלסטאָי איז געווען אַ קינד פון פּעטערבורג און ער האָט אויך געשטאַמט פון די הויכע ספערן, אָבער דאָך האָט ער געדענקט, אַז אַ שרייבער דאַרף שרייבן פאַרן פאָלק, כדי דאָס גאַנצע פאָלק זאָל אים לייענען און פאַר־שטיין, און ניט בלויז יחידי סגולה. ליטעראַטור, האָט טאָלסטאָי געזאָגט, איז אַ נייע רעליגיע וואָס דאַרף פּרעדיקן אמת, גערעכטיקייט און ליבע

צו אַלעמען. אַלע שאַפונגען פון שרייבער געהערן צו אַלע מענטשן. אַ שרייבער דאַרף ניט שרייבן נאָר פאַר געציילטע, ניט בלויז פאַר דער אינטעליגענץ, פאַר די אויסגעוויילטע, נאָר פאַר יעדן איינעם.

טאָלסטאָי האָט געוואוסט ניט ווייניקער ווי די שרייבער פון פעטערבורג, אַז די מאַסן זיינען ניט געבילדעט. ער האָט געוואוסט אַז זיי וועלן ניט פאַרשטיין, וואָס ער וועט אויפשרייבן, אַפילו ווען עס זאָל ניט באַשטיין פון טיפע געדאַנקען. ער האָט אויך געוואוסט, אַז די מאַסן קענען אַמאָל זיין ווילד און באַליידיקנדיק דאָך האָט ער געטראַכט אַזוי ווי נעקלידאָוו (אין זיין ראָמאַן „אַ רוסישער ווירט״), אַז די מאַסן וואַרטן נאָר אויף אַ פירער, אַ לערער, אויף איינעם וואָס זאָל זיי ווייזן דעם וועג... און אַ שטימע האָט גערופן אין טאָלסטאָיען און צו אים געזאָגט: „גיי צום פאָלק, כדי צו הערן פון זיי וואָס זיי ווילן... באַמי דיך צו פאַרשטיין זייערע געברויכן און העלף זיי צו קריגן דאָס וואָס עס פעלט זיי...״.

און טאָלסטאָי באַשליסט צו עפענען אַ שול אין יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ אויף צו בילדן די פּויערים.

אין דער שולע האָט טאָלסטאָי זיך באַמיט צו זיין ניט נאָר אַ לערער, נאָר אויך אַ שילער, דאָס מיינט, צו לערנען פון די פּויערים וואָס עס פעלט זיי. טאָלסטאָי איז דעמאָלט געקומען צו אַ נייער אָנערקענונג, אַז מיר אַלע מענטשן זיינען ניט מער ווי אָרעמע באַשעפענישן, וועלכע מען האָט אַראָפּגעלאָזט אויף אַן אינדזל און מיר ווייסן ניט פון וואַנען מיר זיינען געקומען און וואוהין מיר וועלן גיין. מיר אַלע טאַפּן אין דער פינצטערניש און זוכן אַן אויסגאַנג...

און טאָלסטאָי האָט געלערנט די פּויערים און זיך מער געלערנט פון די פּויערים. אָבער אַן אויג האָט געוואַכט איבער אים, אַן אויג פון דער געהיימער רוסישער פּאָליציי, פון צאַרס דעטעקטיווס און עס איז זיי ניט געפעלן דאָס וואָס טאָלסטאָי רעדט צו די פּויערים, און ניט דאָס וואָס די פּויערים רעדן צו טאָלסטאָי, און אין איין שיינעם טאָג איז געקומען אַ באַפעל, אַזש פון פעטערבורג — פאַרמאַכן די שול. דערצו האָבן די הויכע פענצטער צוזאַמען מיט די גלחים געראַטן טאָלסטאָיען צו לאָזן די פּויערים צורו און ניט געבן זיי קיין שום בילדונג. טאָלסטאָי האָט דאָס גענומען זייער ערנסט און איז אַזש קראַנק געוואָרן פון יסורים און באַליידיקונג.

אין יענער צייט איז דער טויט געווען אַן אָפטע דערשיינונג און טאָלסטאָיס פאַמיליע — צוויי ברידער זיינען געשטאָרבן פון טובערקולאָז, און טאָלסטאָי אַליין האָט אויך געמיינט, אַז ער ליידט אויף

דער דאָזיקער קראַנקייט. עס זיינען דעמאָלט ווידער געווען פאַר אים טעג אָן שום אינטערעס. ער האָט בכלל איצט פאַרלוירן זיין באַציאונג צו אַלעם אין לעבן און — ווידער אַמאָל געטראַכט פון זעלבסטמאָרד...

אָבער דאָס מאָל איז ער געראַטעוועט געוואָרן פון אַ 17־יעריק מיידל.

* * *

טאָלסטאָי איז שוין דעמאָלט געווען אַ יונגערמאַן פון 34 יאָר, ווען ער האָט געטראָפן א יונג קינד סאָפיאַ אַנדרעיעווגאַ בערס, און ער האָט זיך פאַרליבט אין איר איבער די אויערן.

די יונגע סאָפיאַ איז נאָך געווען כמעט אַ שול־קינד. אָבער זי האָט זיך ניט ווייניקער פאַרליבט אין אים און אַזוי איז געשען, אַז ער האָט מיט איר חתונה געהאַט. די דאָזיקע געשעעניש האָט געבראַכט פיל פרייד אין לעבן פון טאָלסטאָי און דאָס האָט אים געמאַכט פאַר אַן אַנדערן מענטש, ווייניקסטנס אויף 15 יאָר. סאָפיאַ איז געווען אַ זייער טאַלאַנטירט מיידל, אָבער זי האָט אויפגעגעבן דעם געדאַנק צו טאָן עפּעס פאַר זיך, און זיך איינגאַנצן געווידמעט צו טאָן עפּעס פאַר אים, פאַר איר גרויסן מאַן. ווי טאָלסטאָי שילדערט איר, איז זי געווען „אַן אמתע פרוי פאַר אַ שרייבער". זי האָט זיך אינטערעסירט מיט אַלעם וואָס עס איז געווען נוגע זיין שאַפן. ער האָט איר דיקטירט זיינע אַרבעטן, און זי האָט עס איבערגעשריבן, אַפילו עטלעכע מאָל, ביז עס איז אַרויסגעקומען גוט. זי האָט אים געגעבן מוט צו שרייבן, זי האָט אים באַדינט מיט עסן און טרינקען און אַלץ וואָס ער האָט געדאַרפט. זי האָט בכלל געזאָרגט וועגן יעדער זאַך וואָס איז אים נוגע געווען און שפּעטער האָט טאָלסטאָי איר אויך געניצט אַלס מאָדעל פאַר אַ פיינעם כאַראַקטער אין איינעם פון זיינע ראָמאַנען.

און עס איז געווען אונטער דער גליקזעליקייט וואָס ער האָט געהאַט פון זיין פרוי, וואָס ער האָט אָנגעשריבן זיינע גרויסע ווערק „קריג און פרידן" און „אַננאַ קאַרעני‌נאַ".

אָבער נאָך די גליקלעכע טעג איז ווידער געקומען אַ צייט פון אומצופרידנהייט אין טאָלסטאָיס לעבן. ער האָט טאַקע געשאַפן גרויסע ראָ־מאַנען, אָבער ער האָט געוואָלט אויפטאָן אויף דער ערד עפּעס מער ווי דאָס.

טאָלסטאָי האָט איצט געפילט, אַז ער טראָגט אין זיך אַ „וואָרט" צום פאָלק, צו די מענטשן, וואָס ער קען עס ניט געבן דורך ראָמאַנען

און נִיט דורך דער קונסט בכלל. ער האָט געוואָלט ברענגען צו די מענטשן דאָס ליכט פון אַ נייער רעליגיע, אויפן אָרט פון דער רעליגיע פון דער צערקווע, וואו מען אונטערדריקט דעם אמת.

אָבער, האָט טאָלסטאָי גערעדט צו זיך אַליין, אפשר קען מען דאָך דורך דער צערקווע געבן דאָס נייע ליכט צום פאָלק? דאָס פאָלק גייט דאָך אין דער צערקווע צו דינען גאָט. אפשר קען מען אַריינברענגען אַ נייע ליכט דאָרטן אַהין און פון דאָרטן צו די פאָלקס־מאַסן? אפשר?

און טאָלסטאָי גייט צוריק אין דער צערקווע צו זוכן דאָרטן דעם אמת. ער האָט נאָך אַמאָל באַטראַכט די אַלע לאָזונגען פון דער רעליגיע, אַלע אירע דאָגמעס און אירע מנהגים. דאָס האָט ער אַזוי געטאָן דריי יאָר נאָכאַנאַנד, ביז ער איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די אַרבעט איז אומזיסט. „איך בין איבערצייגט, שרייבט ער שפּעטער, אַז די לערע פון דער קירך איז אין טעאָריע אַ גוט־צוגעטראַכטער און בייזוויליקער ליגן און אין דער פּראַקטיק — אַ מישמאַש פון ווילדע אָבערגלויבנס און פאַרבלענדענישן, אונטער וועלכע דאָס וואָס קריסטוס האָט געפּרעדיקט איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן".

דאָס איז געווען גענוג אַז די פירער פון דער קירך זאָלן אַרויס־טרעטן קעגן אים. און אַזוי האָבן זיי געטאָן. זיי האָבן אים אויסגעשלאָסן פון זייערע רייען און אַרויפגעלייגט אויף אים זייער אַלטע שטראָף: דעם חרם, אָבער טאָלסטאָי האָט זיך נאָר אויסגעלאַכט דערפון. ער האָט איצט גענומען פּרעדיקן אַ נייע רעליגיע, אַ רעליגיע פון די גרויסע גייסטער פון דער וועלט, פון בודאַ, פון ישעיה הנביא, פון קאָנפוציוס און פון אַלע אַנדערע גרויסע גייסטער, אַ רעליגיע פון אמתער ליבע צו אַלע מענטשן און פון דער אויפריכטיקער פאַרברידערונג פון דער מענטשהייט.

און טאָלסטאָי רופט איצט אָפּצושאַפן אַלע נאַרישע מנהגים, אַלע ריטואַלן, אַלץ פון דער אָרגאַניזירטער קירך מיט אירע גייסטלעכע און אירע אונטערשטופער. ער האָט פאָרמולירט צוויי קורצע פאָרמען: איינע אַ פּאָזיטיווע און די צווייטע אַ נעגאַטיווע. די פּאָזיטיווע איז באַשטאַנען פון דריי כללים: צו זיין קעגן טיראַניע פון שטאַט; צו זיין קעגן דעם לוקסוס פון די רייכע און צו זיין קעגן די גרויל־טאַטן פון דער קירך. די נעגאַטיווע כללים זיינען געווען: זיי ניט קיין שונא צו קיינעם; לאָז דיך ניט באַהערשן פון כעס און זוך ניט נקמה אין קיינעם.

טאָלסטאָי איז איצט געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער קעגן אַלע איינגע־פונדעווטע פאָרמען פון לעבן. ער האָט דעריבער געטראַכט וועגן אָוועק־געבן אַלץ, זיין גאַנץ פאַרמעגן, אַלע זיינע שאַפונגען, מיט איין וואָרט אַלץ

וואָס ער פאַרמאָגט פאַר דער מענטשהייט. ער האָט דאָס גלייך אָנגעהויבן אויסצופירן, דורך קליידן זיך ווי אַ פּויער און דורך אַרבעטן אין פעלד אַזוי ווי אַלע.

באַלד איז דאָס באַוואוסט געוואָרן אין דער וועלט און מען האָט גענומען רעדן וועגן אים ווי וועגן אַ גרויסן נביא. אָבער דאָ האָט זיך געשטעלט קעגן אים זיין פאַמיליע.

אין דער צייט ווען אַלע האָבן געשריען, אַז אַ נייער פּראָפעט איז געבוירן געוואָרן האָט די פאַמיליע געטענהט, אַז טאָלסטאָי איז געוואָרן חסר דעה. און דאָס איז ניט געווען גלאַט אַזוי, נאָר מיט אַ טיפע שרעק אין האַרצן. זיין אייגענע טייערע, געטרייע פרוי, וועלכע האָט אים אַזוי שטאַרק אָפּגעהיטן ביז איצט, האָט אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז עס איז ניט אַנדערש, ווי אַז איר גרויסער מאַן איז משוגע געוואָרן. ווארום וואָס הייסט עס, ער גייט אַוועקגעבן זיין גאַנצן מאַיאָנטעק צו די פּויערים. און וואָס וועט ער טאָן? פון וואַנען וועט ער לעבן? און וואָס וועט זי טאָן, זיין פרוי? פאַרוואָס טראַכט ער ניט וועגן איר? און וואָס וועט זיין מיט די קינדער? וואָס וועלן זיי טאָן?

און עס איז געשען דאָס, וואָס יעדעס מאָל ווען טאָלסטאָי האָט זיך אַוועקגעשטעלט און גערעדט וועגן דער פאַרברידערונג פון די מענטשן און ווי אַזוי מען דאַרף עס טאָן, האָבן די קינדער געציטערט אין האַרצן פון זיינע רייד. זיי האָבן זיך געשראָקן, אַז ער זאָל ניט עפּעס אָפּטאָן אַזוינס וואָס זאָל זיי אַלע לאָזן ווי אויפן וואַסער. זיי האָבן בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין דאָס וואָס ער האָט גערעדט צו זיי, אַז אַ מענטש דאַרף גאָר ניט האָבן; אַז מען קען זיך באַגיין אָן אַלעם און אַז אַלע זאַכן וואָס מענטשן באַזיצן זיינען גאָר איבעריק און שטערן די אמתע פאַרברידערונג פון די מענטשן. די קינדער האָבן אים געפרעגט: „גוט, טאַטע, דו ווילסט זיך מקריב זיין צוליב די פּויערים, אָבער פאַרוואָס טראַכסטו ניט וועגן דיין פאַמיליע? וועגן דיין פרוי און וועגן דיינע קינדער?" אָבער דאָס וואָס טאָלסטאָי האָט זיי דערויף געענטפערט, האָבן זיי ניט פאַרשטאַנען. טאָלס־טאָי איז געווען פול מיט אידעאַלן, אָבער זיי זיינען דאָס ניט געווען. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז טאָלסטאָי האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן פרעמד ביי זיך אין הויז. ער האָט דעמאָלט געשריבן צו זיינעם אַ פריינד: „וועסט מיר אַוודאי ניט גלויבן ווען כ'וועל דיר זאָגן, דאָס וואָס דו קענסט דיר גאָר ניט פאָרשטעלן ווי עלנד איך בין און ווי אַזוי איך ווער געהאַסט און באַליידיקט ביי אַלע די, וואָס רינגלען מיך אַרום".

אָבער אין קעגנזאַץ צו דער גאַנצער קעגנערשאַפט און אַפילו האַס,

וואָס מען האָט אים אַרויסגעוויזן ביי זיך אין הויז, גייט טאָלסטאָי אָן ווייטער מיט זיין לערע פון אַ נייער רעליגיע צו דער מענטשהייט. טאָלס־טאָי וויל שאַפן די גרויסע פאַרברידערונג פון וועלכער די נביאים האָבן גערעדט מיט אַזוי פיל הונדערטער יאָרן צוריק. ער שרייבט פיל אַרטיקלען אין דעם גייסט און רופט צו אַ נייעם וועג אין לעבן.

עס איז איצט געבוירן געוואָרן אַ גאַר נייער טאָלסטאָי, אַ טאָלס־טאָי וואָס שאַפט אַ נייע רעליגיע. ער איז געוואָרן דאָס וואָס ער האָט זיין גאַנץ לעבן געשטרעבט צו זיין. אָבער אין וואָס איז באַשטאַנען טאָלסטאָיס נייע רעליגיע?

טאָלסטאָי האָט דאָס ניט קלאָר פאָרמולירט. אָבער ער האָט געוואָלט אַ ניי קריסטנטום, וואָס זאָל זיין דאָס אמתע אַלטע קריסטנטום, דאָס קריסטנטום פון יעזוסן, ווי ער האָט זיך עס פאָרגעשטעלט אין קעגנזאַץ צום קריסטנטום פון איצט, וואָס ער האָט באַטראַכט פאַר אַ פאַלשע קאָפּיע פון דעם אָמאָליקן. ער האָט געוואָלט, אַז די הייליקע פון דער קירך זאָלן דינען באמת דער מענטשהייט; אַז זיי זאָלן העלפן די אָרעמע; אַז די, וואָס ליידן אומזיסט פון דער באַדריקונג פון אַנדערע, זאָלן געהאָלפן ווערן; זיי זאָלן קענען קומען זיך באַקלאָגן אויף זייער ביטערער מערכה און דאָרטן אויך קריגן הילף; ער האָט געוואָלט אַז אַלע עוולות קעגן די מאַסן זאָלן אָפּגעשאַפט ווערן.

אָבער ער, טאָלסטאָי, איז דערביי ניט געבליבן. די צרה איז געווען, וואָס די לערע איז ניט געווען די לעצטע. ער, טאָלסטאָי, איז ווידער אַמאָל געוואָרן אַן אַנדערער.

* * *

טאָלסטאָי, וואָס איז געווען פון קינדהייט אָן גענייגט צו מיסטיק, ווערט איצט אויף די עלטערע יאָרן אינגאַנצן אַריינגעצויגן אין מעטאַ־פיזיק. ער האָט זיך פאַרטיפט אין די רייד פון די קריסטלעכע אַסקעטן און ער ווערט ווידער אַן אַנדערער.

צו 70 יאָר קומט אַרויס טאָלסטאָי מיט אַ נייער לערע. ער לערנט אָפּצוזאָגן זיך אין גאַנצן פון סעקסועלן לעבן. ער זאָגט איצט אַז עס איז מיאוס און ניט־מאָראַליש. ער, דער לעבּ־יונג אין די דרייסיקער, וואָס האָט געפּרעדיקט אַז עס איז ניט קיין זינד צו פאַרקערן מיט אַ שיין מיידל, ווערט איצט אַ צדיק וואָס זאָגט: „דער וואָס פאַרקערט מיט אַ פרוי, אַפילו מיט דער אייגענער פרוי, מיט תאווה אין האַרצן, באַגייט אַ מעשה זנות״. ער רעדט אויך אין אַזאַ טאָן וועגן אַנדערע טעטיקייטן

פון מענטש. מען זעט איצט בולט, אַז דאָס ליכט וואָס האָט געברענט אין אים, צאַנקט און האַלט ביים אויסגיין. טאָלסטאָי גייט איצט אַזוי ווייט ווי צו פרעדיקן דעם אונטערגאַנג פון דער מענטשהייט דורך דעם, וואָס די מענטשן, מענער און פרויען, זאָלן ניט קומען אין באַרירונג איינער מיטן אַנדערן... ער פאַלט איצט אָפט אַריין אין מיסטישע שטימונגען און רעדט ווי ניט ביים זינען...

טאָלסטאָי האָט זיך איצט איבערגעלעבט. נאָכדעם ווי ער האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע אַלס נייער לערער פון דער מענטשהייט, איז ער צוריקגעפאַלן ביסלעכווייז און אַזוי איז געשען, אַז דעם 28־טן אָקטאָבער 1910, 5 אַזייגער פאַרטאָג אַנטלויפט ער פון דער היים, וואַנדערט פון דאָרף צו דאָרף ביז ער פאַלט קראַנק. ער איז דעמאָלט אַלט געווען 82 יאָר. טאָלסטאָי האָט געוואָלט אַנטלויפן פון זיך, אָבער דער טויט האָט שוין אויף אים געוואַרט. ער איז געשטאָרבן דעם 20־טן נאָוועמבער 1910. זיינע לעצטע ווערטער זיינען געווען: „טויט, געבענטשטער טויט!“.

.XII

# די נייע צייט

## 87. ווער איז געווען לענין?

די הערן פון דער פּאָליטיק אין 19־טן יאָרהונדערט אין אייראָפּע האָבן ניט געזען דאָס אָנקומען פון אַ נייעם קלאַס, די אַרבעטער. — ווען אין לאַגער פון די אַרבעטער איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אויף צוויי גרופּן די „מענשעוויקעס" און „באָלשעוויקעס". — לענינס לעבן פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע פון 1917. — ווי אַזוי ער קומט, דורך די דייטשן, קיין פּעטערבורג. — די צייט ווען קערענסקי האָט געפּעלט און לענין האָט פאַרכאַפּט די מאַכט. — איז לענין געווען אַ זשעני?

די שטאַטס־לייט פון די אייראָפּעאישע לענדער אין 19־טן יאָר־הונדערט האָבן זיך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין באַזונדערער וויזיע. עס איז טאַקע געווען אַ שטילער יאָרהונדערט, אָבער עס איז געווען אַ שטיל־קייט פאַר אַ שטורעם. די שטאַטס־לייט האָבן ניט געזען די צוקונפט און טיילמאָל איז אַפילו די קעגנוואַרט געווען פאַר זיי פרעמד. עס איז געווען אַ גאַנצע ריי פון ערנסטע סכסוכים און קאָנפליקטן צווישן לענדער אין יענער צייט; עס זיינען געווען פיל שווערע פּראָבלעמען, וועלכע האָבן געפאָדערט אַ באַלדיקע, דווערנדיקע — אַמאָל אַ ראַדיקאַלע — לייזונג, אָבער די אויסערן־מיניסטאָרן פון יענער צייט און אויך זייערע מייסטערס, די פּרעמיערן, האָבן גאָרניט געזען. עס זיינען פאָרגעקומען פיל פּאָליטישע קאָנפערענצן און צוזאַמענקונפטן, אָבער אויף די אַלע זיצונגען האָט מען זיך געהאַלטן נאָר ביי איין כלל: „סטאַטוס קוואָ אַנטע". אַלץ בלייבט ביים אַלטן. אויב מען האָט שוין עפּעס געטאָן, איז דאָס געווען צו לייגן אַ לאַטע און אַמאָל אַ לאַטע אויף אַ לאַטע. צו פאַר־טראַכטן זיך, אַז אפשר דאַרף מען גאָר האָבן אַ נייעם בגד — וועגן דעם האָט מען אַפילו ניט געטראַכט.

און דערווייל זיינען די פּראָבלעמען געוואָרן וואָס אַמאָל אַלץ שאַרפער, אַלץ בולטער און אַלץ שטורמישער. אָבער די הערן וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער פּאָליטיק פון דער וועלט, האָבן דעם שטורעם ניט געזען, זיי האָבן ניט געוואָלט זען.

און עס איז ניט געווען נאָר איין שטורעם, עטלעכע שטורעמס, עטלעכע מיט אַמאָל, וואָס זיינען געוואַקסן אין קראַפט.

די ערשטע זאַך וואָס די פירער פון דער רעגירונג האָבן פאַרפעלט צו זען איז געווען דאָס, אַז עס קומט אַ נייער קלאַס אין דער געזעלשאַפט,

די אַרבעטער. פּונקט אַזוי ווי די פירער פון דער פּאָליטיק אין 18־טן יאָרהונדערט אין פראַנקרייך האָבן ניט געזען דאָס אָנקומען פון דעם האַנדלס־קלאַס, דעם מיטל־מאַן, די בורזשואזיע, וואָס דאָס האָט געפירט צו דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, אַזוי האָבן אויך די הערן פון דער פּאָליטיק אין 19־טן יאָרהונדערט אין אַלע לענדער ניט געזען דאָס אָנקומען פון דעם נייעם קלאַס, פון דעם האַרעפּאַשניק, דעם אַרבעטער, וואָס שאַפט אַלע פּראָדוקטן.

און דאָס איז דאָך אייגענטלעך געווען אַזוי בולט, אַזוי קלאָר פאַר די אויגן. עס זיינען אויפגעקומען די מאַשינען. אָט די מאַשינען האָבן פאַרגרעסערט די פּראָדוקציע. די פּראָדוקציע האָט געפאָדערט מענטשן, דער אַרבעטס־כוח איז אַלע מאָל געוואָרן גרעסער און גרעסער. די הערן פון דער פּאָליטיק האָבן געפּרואווט צו קעמפן קעגן דער נייער דערשיינונג; זיי האָבן געקעמפט קעגן דעם אַרבעטס־קלאַס, וואָס האָט זיך כסדר פאַרמערט און ניט געלאָזט זיך מער אונטערדריקן. עס זיינען פאָרגעקומען קאַמפן, שטרייקן, אויפשטאַנדן. מיט יעדן טאָג האָבן זיך די כוחות פון דער אַרבעטער־מאַסע פאַרשטאַרקט. נייע אַרבעטער־רייען זיינען אויסגעוואַקסן, אָבער די הערן פון דער פּאָליטיק אין אייראָפּע האָבן גאָר ניט געזען. זיי האָבן זיך ניט געוואָלט מאַכן וויסן. זיי האָבן געמיינט, אַז עס וועט זיי געלינגען צו איגנאָרירן דעם נייעם כוח, און אַז דאָס וועט זיין גענוג, ער וועט אונטערגיין.

אָבער דאָס איז ניט געשען. דער נייער אַרבעטס־כוח, פּונקט ווי פריער דער נייער כוח פון דער בורזשואזיע, איז געשטיגן וואָס אַמאָל מער און אין דער לויפט פון האָבן זיך געהערט טענער פון אַ רוף פאַר אַ נייער רעוואָלוציע, די רעוואָלוציע פון די אַרבעטס־כוחות, וואָס זוכן אָנערקענונג און אַ פּלאַץ אין דער געזעלשאַפט.

* * *

דערווייל האָבן זיך אין די רייען פון די אַרבעטס־כוחות גופא פאַרמולירט צוויי לאַגערן: אַ ליבעראַלער און אַ קאָנסערוואַטיווער, און ביידע כוחות האָבן געקעמפט צווישן זיך, איינער מיטן אַנדערן.

דאָס איז געווען אין סוף פון 19־טן יאָרהונדערט, ווען די אַרבעטס־כוחות האָבן שוין געהאַט געפונען זייער פירער, זייער נביא, זייער לערער און וועג־ווייזער, קאַרל מאַרקס, דער, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט טעאָריע און פּראַקטיק אין די רייען פון צוואַקסענעם פּראָלעטאַריאַט. קאַרל מאַרקס (און מיט אים זיינע געהילפן) איז ניט געווען פאַר די מאַסן בלויז

אַן עקאָנאָמישער טעאָרעטיקער, נאָר אויך אַ רופער צום קאַמף, אַ שטורמישער רעוואָלוציאָנער און איינער, וואָס האָט געהויבן דעם מוט פון דעם אַרבעטער־קלאַס. זיין „קאָמוניסטישער מאַניפעסט" איז געוואָרן „די נייע צען געבאָט" פון די אַרבעטער־מאַסן. אין יענעם ווערק האָט מאַרקס אָנגעוואָרפן אַ ריי פון נייע באַגריפן, וועלכע האָבן אַרויסגערופן פאַרביטערטע קאַמפן אין די אַרבעטער־רייען און געשאַפן פיל בייז בלוט. איינער פון די סלאָגאַנס איז געווען דער אויסדרוק „דיקטאַטור פון פראָלעטאַריאַט". אַרום דעם אויסדרוק זיינען אויסגעוואַקסן צוויי מיינונגען, איינע פון די ליבעראַלע אויסטייטשער און אַ צווייטע פון די קאָנסער־וואַטיווע, פון די רעכטע און פון די לינקע; פון די מילדע און פון די פאַרביטערטע. די ליבעראַלע זיינען געווען די, וואָס האָבן פאַרשטאַנען די פראַזן אין זין פון געזעצלעכקייט און אָרדענונג, פון קאַמף פון אַרבעטער פאַר זיין רעכט, אָבער נאָר מיטן נאַטירלעכן גאַנג פון לעבן, אָן געוואַלד־טאַטן; אַ קאַמף דורך אויפקלערונג און יושר; אַ קאַמף פאַר דער הער־שאַפט פון אַרבעטער־מאַן, אָבער מיט גערעכטיקייט. דער צווייטער צד האָט אָבער גענומען די ווערטער פראָסט פשוט; דיקטאַטור דורך געוואַלד, דורך צוואַנג; דורך פאַרכאַפן די מאַכט, אַפילו פון אַ מינדערהייט קעגן אַ מערהייט; אַפילו ווען עס דאַרף זיך גיסן בלוט; אַפילו ווען דאָס רוב פון די אַרבעטער ווילן דאָס ניט. זיי האָבן געזאָגט, אַז מען פרעגט ביי קיינעם קיין דעות ניט. באַלד דערנאָך ווען די עליטע פון דעם פראָלע־טאַריאַט וועט באַשליסן, אַז די מאַכט געהערט צו איר, דאַרף דאָס גלייך געשען, אונטער אַלע אומשטענדן. עס איז די רעכט פון אַרבעטער צו גענוסן פון די שאַפונגען פון זיינע הענט און, לויט זיי, מעג דער אַרבעטער דאָס טאָן אַפילו מיט אַ שווערד אין דער האַנט; אַפילו דורך אונטער־דריקונג פון אַנדערע, וואָס זיינען מער פון אים אין צאָל. אָט דאָס זיינען געווען די צוויי טעאָריעס פון די „מענשעוויקעס" און די „באָלשעוויקעס" אין אָנהויב פון איצטיקן יאָרהונדערט, דאָרטן אין דער שווייץ. די ערשטע זיינען די ליבעראַלע, די געזעצלעכע, די מילדע; די צווייטע זיינען די רעוואָלוציאָנערן וואָס האָבן געטייטשט יעדן פסוק פון „קאָמוניסטישן מאַניפעסט" אַזוי ווי עס שטייט דאָרטן, אָן אָפּצוקערן זיך דערפון אויף איין האָר.

וולאַדימיר לעניך, אָדער ווי ער האָט נאָך געהייסן דעמאָלט וולאַדימיר איליטש אוליאַנאָוו, איז געווען דער פירער פון דער לינקער גרופּע, פון די שטורמער, פון די שטרענגע רעוואָלוציאָנערן.

וולאַדימיר לענין (ווי זיין רעוואָלוציאָנערער נאָמען איז געווען) איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1870 אין סימבירסק (איצט הייסט דאָס אָרט אוליאַנאָווסק נאָך זיין נאָמען) אַלס אַ זון פון אַ שול־באַאַמטן. ער איז אין די גאָר יונגע יאָרן אַריינגעצויגן געוואָרן אין די רעוואָלוציאָנערע רייען צוליב דעם, וואָס זיין ברודער איז פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט פון הויפּט־געריכט פאַר אָנטיילנעמען אין אַן אויפשטאַנד קעגן צאַר, אַלעקסאַנדער דעם דריטן. לענין האָט דאָס קיינמאָל ניט געקענט פאַר־געסן, און דאָס איז געוואָרן דער טרייב־מאָטיוו, וואָס האָט אים יונגערהייט געבראַכט אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן. ווען ער האָט געלערנט אין דעם אוניווערסיטעט פון קאַזאַן, איז ער דאָרטן געוואָרן אַן איבערצייגטער מאַרקסיסט און באַלד גענומען לערנען מאַרקסיזם מיט די אַרבעטער־מאַסן. די צאַרישע רעגירונג האָט זיך דערוואוסט דערפון און ער ווערט פאַרשיקט אין יאָר 1897 קיין סיביר, פאַר דריי יאָר. אָבער אין יאָר 1900, האָט ער באַלד נאָך דער באַפרייאונג פאַרלאָזט רוסלאַנד, כדי צו קענען אָנפירן אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע־טעטיקייט קעגן דעם רוסישן רע־זשים, אין אויסלאַנד. ער קומט אין דער שווייץ, וואו ער טרעפט זיך מיט טראָצקין און באַלד אַרבעטן זיי צוזאַמען און שאַפן דעם רעוואָלוציאָנערן זשורנאַל „איסקראַ״, (אַ פונק) און ווערן די פירער פון אַ גרויסן טייל פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער גרופּע, וועלכע האָט זיך שפּעטער גענומען רופן „באָלשעוויקעס״. (דאָס איז פאָרגעקומען ביים פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר אין יאָר 1903). די „באָלשעוויקעס״ זיינען געווען מער ראַ־דיקאַל און עקסטרעם. שפּעטער קומט לענין צוריק קיין רוסלאַנד אין יאָר 1905, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע. אָבער אַזוי ווי זי איז באַלד דערשטיקט געוואָרן איז לענין אין יאָר 1907 געפאָרן צוריק קיין אויסלאַנד און איז דאָרטן געבליבן ביז 1917, ווען עס האָט אויסגעבראָכן, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, די נייע רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. האָבן די דייטשן, וועלכע האָבן געהאָפט, אַז לענין מיט זיין גרופּע וועלן אַרויסרופן גרויסע אומרוען אין רוסלאַנד, אים געבראַכט צוריק צוזאַמען מיט זינאָוויעווען און נאָך אַנדערע. לענין איז באַלד גע־וואָרן דער פירער פון דער עקסטרעם־לינקער גרופּע פון די סאָציאַליסטן, וועלכע האָט זיך שוין גערופן „קאָמוניסטן״. ער פירט אָן אַ שטילן קאַמף און אין אָקטאָבער 1917 האָט ער אַראָפּגעוואָרפן די קערענסקי־רעגירונג און פאַרכאַפּט די מאַכט.

* * *

קערענסקי, וועלכער איז געווען אין אָנהויב באַליבט ביי די

מאַסן, האָט פאַרלוירן דעם חן, ווען ער האָט זיך פאַרגענומען צו פירן ווייטער די מלחמה. עס איז שוין געווען דריי יאָר פון אַ מלחמה, וואָס איז ניט געווען פאָפולער ביים פאָלק. דער צאַר האָט אַרויפגעצוואונגען די מלחמה אויפן פאָלק צוליב זיינע חשבונות מיט דייטשלאַנד, אָבער דאָס פאָלק האָט די מלחמה ניט געוואָלט. די לאַגע איז דעמאָלט געווען אַזוי שלעכט, אַז דאָס פאָלק האָט ממש געהונגערט. מען האָט איינגעפירט אַ ראַציע אויף ברויט, צום ערשטן, אַ פונט אַ טאָג, דערנאָך דריי פערטל פונט; באַלד איז געוואָרן אַ האַלבער פונט, אַ פערטל פונט, ביז עס איז געקומען אַ וואָך וואָס עס איז קיין ברויט ניט געווען. עס איז ניט געווען קיין ביסל מילך פאַר די קינדער, קיין שטיקל צוקער און אויפן שלאַכט־פעלד זיינען די סאָלדאַטן געלעגן אין די גרובן הונגעריקע און פאַרחלשטע, און דערצו נאָך כמעט האַלב־נאַקעט און מיט צעריסענע שטיוול. די סאָלדאַטן האָבן געשיקט דעלעגאַציעס קיין פעטראָגראַד, אַז מען זאָל זיי ראַטעווען פון אַ זיכערן טויט אויף די שלאַכט־פעלדער, אָבער קערענסקי און זיינע מענטשן האָבן עס ניט געוואָלט הערן. אמת, די אָפיצירן פון דער אַרמיי האָבן געהאַלטן מיט קערענסקין, ווייל פאַר זיי איז נאָך געווען שפּייז גענוג, אָבער די סאָלדאַטן האָבן געהונגערט און זיך גע־בונטעוועט. אָט דאָס האָט אויסגענוצט לענין, וועלכער איז אַרויסגעקומען מיטן רוף אָפּצושטעלן די מלחמה און פאַר שלום. און געשען איז אָט וואָס: כאָטש לענין און זיין גרופּע זיינען געווען נאָר אַ מינדערהייט, איז דאָס פאָלק צוגעשטאַנען צו זיי.

דעמאָלט איז געקומען דער טאָג (7, נאָוועמבער 1917), ווען לענין איז געקומען צום צוזאַמענפאָר פון די סאָלדאַטן, אַרבעטער און פּויערים און האָט דערקלערט, אַז ער איז גרייט אָפּצושטעלן די מלחמה און ברענגען רוסלאַנד אַ שלום, וואָס וועט ניט זיין קיין שאַנדע פאַר איר. ער האָט פאָרגעלייגט אַ שלום אָן זיגער און אָן באַזיגטע, אָן זאַק־רויב און אָן פאַרלירער. דאָס איז געווען אַ נייעס, אַ נייער אויסגאַנג פון אַ שווערער לאַגע און דאָס האָט אויסגענומען. דאָס פאָלק האָט אים אַפּלאָדירט.

מיט אַזאַ פולמאַכט איז טראָצקי אַוועק צו דער שלום־קאָנפערענץ. נאָך טעג פון פאַרהאַנדלונגען האָט ער אויסגערופן זיין באַרימטן סלאָגאַן: „ניט קיין מלחמה און ניט קיין שלום!" ערשט איצט האָט לענין געקענט אַריינגעמען די מאַכט אין זיינע הענט און האָט איינגעפירט די ראַדיקאַלע פאָרם פון סאָציאַליזם — דעם קאָמוניזם, וואָס האָט געהאַט דעם ציל אונטערצוגראָבן און צו פאַרניכטן די בורזשואַזיע און צו שאַפן אין רוסלאַנד אַ נייע אָרדענונג פון אַרבעטער, אַ מדינה, וואָס פירט איין

צום ערשטן מאָל אין דער וועלט־געשיכטע, אין אַ גרויסער מאָס, דעם קאָמוניסטישן פּרינציפּ, און אויך צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע מאַרקס סלאָגאַן „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט" מיט דער גאַנצער האַרב־קייט פון דעם וואָרט דיקטאַטור, וואָס מיינט אָן רחמנות; דיקטאַטור, וואָס מיינט טויט און פאַרניכטונג פאַר יעדן איינעם, וואָס דענקט אַנדערש; דיקטאַטור, וואָס שאַפט אָפּ אַלע פרייהייטן און מאַכט פון מענטש, אַ בלינדע זאַך. מען מוז אויספאָלגן נאָר דאָס וואָס עס זאָגט איין מענטש — דער דיקטאַטאָר. לענין איז געוואָרן דער ערשטער דיקטאַטאָר זייט די צייטן פון רוים, דער ערשטער וואָס האָט אָנגעהויבן דעם 20־טן יאָר־הונדערט מיט דיקטאַטור און דערמיט געוויזן אַ וועג פאַר אַנדערע.

עס גייט אָן אַ גרויסע דיסקוסיע אין דער וועלט־ליטעראַטור וועגן לענינס פערזענלעכקייט. אַפּגעזען פון די קאָמוניסטן וואָס פאַרגעטערן אים און באַטראַכטן אים פאַר אַ האַלבן גאָט, זיינען דאָ וועלט־געלערנטע וואָס זיינען ווייט פון דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע, וואָס זאָגן, אַז לענין איז געווען אַ זשעני, איינער וואָס האָט איבערגעבויט דאָס אַלטע, פאַר־שימלטע רוסלאַנד אין אַ ניי לאַנד. אַנדערע, ווידער, לייקענען זיין גרויס־קייט אינגאַנצן, זיי זאָגן, אַז אים האָט צוגעשפּילט בלויז דאָס גליק צו קענען הערשן איבער רוסלאַנד, צוליב דעם וואָס קערענסקי איז באַגאַנגען אַ גרויסן טעות פון וועלן פאַרזעצן די מלחמה, וועלכע איז ניט געווען פּאָפּולער. קערענסקי האָט אויך געמאַכט אַנדערע טעותים און האָט צוליב דעם פאַרלוירן זיין חן ביים פאָלק. ווען ניט דאָס, זאָגן זיי, וואָלט לענין ניט געזיגט און וואָלט ניט געקומען צו דער מאַכט. זיי ווייזן אויך אָן אויף דעם, וואָס לענין האָט אומגעבראַכט מיליאָנען לעבנס ביים איינפירן זיין נייעם רעזשים אין שטאָט און אין דאָרף און די לעבנס וואָס ער האָט געראַטעוועט מיטן אָפּשטעלן די מלחמה האָט ער אומגעבראַכט מיט זיין אכזרישער דעמאַגאָגישער פּאָליטיק. צום סוף ווייזן אָן די קעגנער דערויף, וואָס אַפילו איצט, 42 יאָר נאָך יענער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, איז אַלץ דאָס נייע רוסלאַנד, אַ לאַנד אָן פרייהייט, אַ לאַנד וואו דער בירגער קען ניט אַרויסזאָגן עפנטלעך זיין אייגענע מיינונג און אַ לאַנד וואו דער אַרבעטער האָט ניט אַפילו אַזעלכע גוטע מאַטעריעלע באַדינגונגען ווי אין אַנדערע לענדער אין אייראָפּע. דער רוסישער אַרבעטער און דער רוסישער פּויער, לעבן איצט ניט פיל בעסער ווי אַמאָל אונטערן צאַר און אין אַ טייל ערטער נאָך אין פיל ערגערע באַדינגונגען. וואָס האָט אַלזאָ דער זשעני פון לענין, פרעגן זיי, אַזוינס אויפגעטאָן?

ווען לענין איז געשטאָרבן, דעם 21־טן יאַנואַר 1924 אין עלטער פון 53 יאָר, האָט דער סאָוויעטישער קאָנגרעס אַרויסגעגעבן אַ פּראָקלאַ־מאַציע אין וועלכע ער האָט געשילדערט לענין ווי אַ מלאך פון הימל, וואָס איז געשיקט געוואָרן צו די רוסישע בירגער. אָבער וואָס איז דער אמת? — דער אמת איז, אַז לענין האָט אָפּגעשאַפט דעם דעספּאָטיזם פון צאַר און אָנשטאָט דעם אַוועקגעשטעלט אַ נייעם דעספּאָטיזם, דעם פון פּראָלעטאַריאַט. לענין איז געווען קעגן מלחמות, אָבער ער האָט געשאַפן אַ גרויסע מיליטערישע מאַשין. ער האָט געקעמפט פאַר פרייהייט, אָבער ווי נאָר ער האָט געקראָגן די מאַכט אין זיינע הענט, האָט ער אונטער־דריקט יעדע באַוועגונג פון פרייהייט פיל ערגער ווי דער גרעסטער טיראַן. ער האָט פאַרגאָסן בלוט ווי וואַסער.

עס איז דעריבער קלאָר פאַר יעדן איינעם, אַז לענין איז קיין גרויסער מענטש ניט געווען. די, וואָס פאַרגיסן מענטשלעך בלוט, זיינען מערדער און די, וואָס טוען דאָס אין אַ גרויסער מאָס, זיינען מאַסן־מערדער. צו פאַרגיסן בלוט דאַרף מען ניט זיין אַ זשעני. עס איז עס נאָר דער, וועלכער האָט געהאָלפן דער מענטשהייט. אָבער דער וואָס האָט געפירט צום טויט מיליאָנען מענטשן איז אפשר אַ גרויסער מערדער אָבער זיכער ניט קיין גרויסער מענטש.

## 88. גאַנדי — אַ קעמפער פאַר פרייהייט, וואָס האָט ניט געוואָלט פאַרגיסן בלוט

די קאָלאָניאַל־פּאָליטיק פון זיבן לענדער אין אייראָפּע. — דער נייער וועג צו ראַבעווען ניט ביי די שכנים, נאָר אין די אומאַנטוויקלטע לענדער. — ווי אַזוי גאַנדי האָט אויפגעוועקט גאַנץ אַזיע און גאַנץ אַפריקע. — זיין דערפאָלג ווען איבער 20 פאָרשטייער פון נייע אַפּ־ריקאַנישע פעלקער האָבן אַריינמאַרשירט אין זאַל פון די „פאַר־אייניקטע פעלקער". — די גרויסקייט פון גאַנדין, אַלס נביא פאַר דער אונטערדריקטער מענטשהייט.

גאַנדי האָט געוויזן אַ נייע ווענדונג אין דער וועלט פון פּאָליטיק, ער האָט געשאַפן אַ ניי געווער אין קאַמף מיט טיראַנען.

עס איז געווען ער, וועלכער האָט געוויזן, אַז מען קען געווינען פרייהייט און באַזיגן שטאַרקערע בלויז מיטן כוח פון וואָרט אָדער נאָך בעסער — מיטן כח פון שווייגן.

די לאַגע פון דער וועלט איז געווען ביז זיין קומען, פונקט אַזוי ווי מיר האָבן געזאָגט פריער, ווען מיר האָבן גערעדט וועגן דעם קומען פון וולאַדימיר לענין. אַזוי ווי ביז לענינען האָבן די הערן פון דער וועלט־פּאָליטיק ניט געזען דאָס אָנקומען פון פּראָלעטאַריאַט, אַזוי האָבן זיי אויך ביזן אָנקומען פון גאַנדין ניט געזען עפּעס אַנדערש: דאָס אויפוואַכן פון די פּרימיטיווע פעלקער.

עס איז אַ געשיכטע, וואָס הויבט זיך אָן נאָך ביים סוף פון 15־טן יאָרהונדערט, נאָכדעם ווי קאָלאָמבוס האָט אַנטדעקט אַמעריקע און האָט געדאַרפט ברענגען זיינע שיקער, די מאַיעסטעטן פון שפּאַניע גאָלד און נשמות. עס איז נאָך זיין רייזע געוואָרן אַ נייע ווענדונג אין דער פּאָליטיק פון אייראָפּע. ביז צו יענער צייט האָבן די מאַכט־האָבער, וועלכע האָבן געזוכט מער מאַכט, דאָס געטאָן נאָר דורך אָנפאַלן אויף די נאָענטע, שכנותדיקע לענדער און גערויבט ביי זיי און פאַרשקלאַפט זיי אונטער זיך. אָט דאָס איז געווען דער תמצית פון אַלע מלחמות וואָס עס זיינען אָנגעגאַנגען אין אייראָפּע אין די טויזנט יאָר פון אונטערגאַנג פון רוים ביז צו דער ענדע פון מיטלאַלטער. די אָנפאַלן זיינען געווען אָדער פון ענגלאַנד אויף דעם נאָענטן פראַנקרייך; אָדער פון דייטשלאַנד אויף די נאָענטע אַרומיקע לענדער; אָדער פון אַלע לענדער אויף די פּראָווינצן

פון איטאַליע און אַזוי אויך די אָנפאַלן פון רוסלאַנד אויף שוועדן און טערקיי. עס זיינען געווען בלוטיקע מלחמות, כלומרשט צוליב הייליקע מאָטיוון, אָבער מיטן געהיימען געדאַנק פון רויב און פאַרשקלאַפונג.

מיט דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע אויף יענער זייט פון אַטלאַנטיק איז געבוירן געוואָרן ביי די הערשער פון אייראָפּע אַ נייער געדאַנק: צו זוכן רויב ביי די ניי אַנטדעקטע אומאַנטוויקלטע פעלקער. דער ערשטער געדאַנק איז געווען נאַטירלעך, וועגן די אַמעריקאַנער אינדיאַנער, אָבער באַלד האָט מען דעם געדאַנק אויסגעברייטערט אויך אויף אַנדערע וועלט־טיילן, אויף אַזיע און אַפריקע.

אַז דער ציל איז געווען רויב, דאָס האָט קאָלאָמבוס אַליין צוגעגעבן, ווען ער האָט גערעדט צו זייערע מאַיעסטעטן פון שפּאַניע פערדינאַנד און איזאַבעל פאַר זיין באַרימטער רייזע. ער האָט דאָך אינגאַנצן ביי זיי אויסגענומען נאָר דערמיט, וואָס ער האָט זיי געזאָגט אַז זיין נייער וועג קיין אינדיע (ווי ער האָט דעמאָלט בטעות געמיינט) וועט האָבן דעם ציל צו ברענגען פון דאָרטן גאָלד (דאָס איז געווען דער עיקר) און נשמות (פאַרן קריסטנטום — אויפן צווייטן פּלאַץ). אין דער שטיל איז געווען נאָך אַ ציל: צו פאַרשקלאַפן יענע מענטשן אַז זיי זאָלן אַרבעטן כמעט אומזיסט פאַר די שפּאַניער.

דעם דאָזיקן ציל אָדער די דאָזיקע צילן האָט מען שפּעטער אַריבערגעטראָגן אויך אויף אַזיע און אַפריקע. דאָס איז געווען דער ציל פון ענגלאַנד און איר קאָלאָניאַל־פּאָליטיק. דאָס איז אויך געווען דער ציל פון פראַנקרייך און דאָס זיינען אויך געווען די צילן פון אַנדערע לענדער ווי האָלאַנד, בעלגיע, פּאָרטוגאַל און דייטשלאַנד, וואָס האָבן פאַרכאַפּט שטיקער לאַנד אין אַפריקע, אַזיע, אויסטראַליע און אויך אין אַמעריקע. אָט דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק.

אָבער די הערן פון דער פּאָליטיק אין אייראָפּע האָבן ניט געטראַכט דערפון, אַז די באַרויבטע פעלקער וועלן זיך אַמאָל אויפכאַפּן און זען, אַז מען באַרויבט זיי און וועלן עס מער ניט דולדן. זיי האָבן ווירקלעך בתמימות געגלויבט, אַז דאָס קען אַזוי לאַנג אָנגיין. יעדנפאַלס האָבן זיי זיך באַמיט אַז די האַלב־ווילדע און פרימיטיווע שטאַמען זאָלן שלאָפן וואָס לענגער זייער חוני המעגל שלאָף... יאָ, עס איז ניט געווען קיינער צווישן די דאָזיקע שטאַטס־לייט, וואָס זאָלן קומען און זאָגן צו זיינע מיט־מענטשן אָדער צו די קאָלעגן פון אַנדערע לענדער: רבותי, וואָס וועט זיין ווען אַפריקע וועט זיך אויפכאַפּן פון שלאָף? און וואָס וועט מען טאָן ווען די פרימיטיווע פון טיפן אַזיע וועלן ווערן וואַך? האָבן מיר עפּעס

אַ פּלאַן? דאַרפן מיר ניט אויף אַזאַ פאַל זיין צוגעגרייט?׳ יאָ, אַזוי איז עס אָנגעגאַנגען כסדר ווייטער, ביז עס איז געקומען דער ערשטער, וואָס האָט גענומען וועקן אָט די האַלב ווילדע און פּרימיטיווע שבטים.

דאָס איז געווען מאַהאַטמאַ גאַנדי.

גאַנדי איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1869, אין אינדיע. ער האָט שטודירט געזעץ אין די אוניווערסיטעטן פון באָמביי און לאָנדאָן און האָט שפּעטער פּראַקטיצירט אַלס אַדוואָקאַט אין באָמביי. נאָך שפּעטער פאָרט ער קיין דרום־אַפריקע, כדי צו העלפן דאָרטן זיינע ברידער, די אינדיער, וואָס וואוינען דאָרטן און האָבן פיל געליטן פון די ווייסע. ער האָט דאָרטן אָפּגעלעבט 21 יאָר און האָט זיך באַקענט ניט נאָר מיט די אינדיער, וואָס לעבן דאָרטן, נאָר אויך מיט די אַפריקאַנער, מיט די „בייטיווס״, וואָס זיינען זייט דורות עקספּלואַטירט געוואָרן פון די ווייסע און דערצו נאָך פון זיי פאַרפאַלגט געוואָרן. ער זעט איצט פאַר זיך אַ גרויסע מיסיע אויפצוּוועקן די אַפריקאַנער, אַז זיי זאָלן זיך ניט לאָזן באַראַבעווען פון די ווייסע. קומענדיק צו דעם געדאַנק, טראַכט ער, אַז צום ערשטן דאַרף ער דאָס טאָן צו זיינע ברידער אין אינדיע, וועלכע ווערן אונטערדריקט פון ענגלאַנד. און ער פאָרט צוריק אַהיים קיין אינדיע מיט אַ ניי פאַרטראַכט מיטל אין דעם קאַמף מיט אַזאַ גרויס־מאַכט ווי בריטאַניע: פּאַסיווער ווידערשטאַנד! ניט קיין אַקטיווער קאַמף, דערויף איז אינדיע צו שוואַך און דאָס מיינט אויך פירן קריג און פאַרגיסן בלוט. פּאַסיווער ווידערשטאַנד מיינט נאָר ניט פאָלגן דאָס וואָס די הערן פון ענגלאַנד ווילן, אַז מען זאָל טאָן. פּאַסיווער ווידערשטאַנד מיינט אויך — קיין שום בלוט פאַרגיסן.

און עס געדויערט ניט לאַנג און ער געווינט די ערשטע שלאַכט. עס שטייט צו צו אים די יוגנט און אַלע ווערן זיינע תלמידים, גרייט צו גיין מיט אים, וואו נאָר ער וועט הייסן. ער הויבט אָן אויסצופירן אין לעבן זיין קאַמפּס־מיטל וואָס ער האָט נאָך געהאַט, אויספּרובירט שוין אין אַפריקע, און עס האָט געהאָלפן. דאָרט האָט ער געהאַט מיט זיך די גאַנצע אינדישע באַפעלקערונג פון 150.000 נפשות, אונטער־דריקטע און באַרויבטע. ער האָט פון זיי געשאַפן אַן אויפגעקלערטע מאַסע, אַ מאַכט אין קאַמף מיט דער רעגירונג פון לאַנד. און ער האָט אויך דאָרטן געוואונען עטלעכע פּונקטן אין אַ בלוטלאָזער רעוואָלוציע, די ערשטע פון דעם סאָרט אין דער וועלט. איצט הויבט ער דאָס צו טאָן אין אינדיע און דער דערפאָלג איז גרויס.

ער גייט איצט אַרום צווישן די מאַסן אין אינדיע און רופט צו

זיי: „ניט קאָאָפּעראַציע! די ענגלישע מאַכט קען אויספירן אַלצדינג, ווייל איר קאָאָפּערירט מיט איר. פּרובירט ניט צו קאָאָפּערירן און זי וועט גאָרניט קענען טאָן. דעריבער קאָאָפּערירט ניט! פאָלגט ניט! טוט ניט וואָס מען הייסט אייך! מעג זיין וואָס עס וויל! אויב מען וועט אייך אַרעסטירן, שטעלט ניט קיין ווידערשטאַנד! וועט עס אַזוי לאַנג דויערן ביז זיי וועלן מיד ווערן".

דאָס יאָר איז 1919. גאַנדי האָט איצט אָרגאַניזירט דאָס גאַנצע אינדישע פאָלק פון דריי הונדערט מיליאָן מענטשן, מענער, פרויען און קינדער, אָנצופירן אַ רעוואָלוציע קעגן ענגלאַנד, אָבער אָן געוואַלד־מיטלען. די לאַגע איז געווען דעמאָלט אַזעלכע, וואָס אינדיע, אַלס אַ טייל פון דער דער בריטישער מלוכה, האָט בייגעשטייערט 985,000 מענער צו דער בריטישער אַרמיי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און די בריטישע רע־גירונג האָט איר צוגעזאָגט דערפאַר „האום רול", דאָס הייסט, אויטאָ־נאָמיע. אָבער אַזוי גיך ווי די מלחמה איז געווען אַריבער, האָט ענגלאנד דעם צוזאָג פאַרגעסן. פאַרקערט נאָך, אַנשטאָט צו געבן אינדיע מער פריי־הייט, האָט זי נאָך צוגענומען פון איר וויפל פרייהייט עס האָט זיך נאָר געלאָזט. עס איז אויסגעבראָכן אַ רעוואָלוציע אין אינדיען (28 פעברואַר, 1919). די רעוואָלוציע האָט געזאָלט זיין אַ קאַמף אויף באַריקאַדן, אָבער גאַנדי האָט זיך באַלד אַריינגעמישט און געזאָגט: „ניין, קיין באַריקאַדן!" ער האָט ניט געוואָלט קיין בלוט־פאַרגיסן און דערמיט געראַטעוועט טויזנטער לעבנס סיי פון די בריטישע און סיי פון אינדיע. אַנשטאָט דעם האָט ער געזאָגט צו זיי, אַז ער רופט זיי צו אַ „האַרטאַל", וואָס עס מיינט אין אינדיש אַן אָפּשטעלונג פון אַלע טעטיקייטן פון אַרבעט און האַנדל אין גאַנץ אינדיע — און די מאַסן האָבן אים געפאָלגט.

עס האָט זיך פונקט געמאַכט אַזוי, אַז דער פּרינץ פון וועלס, דער קרוין־פּרינץ איז דעמאָלט געקומען קיין אינדיע. ווען ער איז געקומען קיין קאַלקוטאַ איז ער דורכגעגאַנגען דורך אַ שטילע און ליידיקע שטאָט. קיין איין הינדוס איז ניט אַרויסגעקומען אים צו באַגריסן.

די ענגלישע רעגירונג האָט געמאַכט מאַסן־אַרעסטן. 25,000 מענער און פרויען האָט מען אָפּגעפירט אין די געפענגעניש־הייזער. זיי זיינען געגאַנגען אַהין מיט געזאַנג אויף די ליפּן, ביז מען האָט פאַרמאַכט די טירן הינטער זיי.

ענדלעך האָט די רעגירונג אַרעסטירט אים אַליין, גאַנדין. ער האָט זיך מודה געווען פאַר די ריכטער, אַז ער האָט אָנגעפירט דעם רעוואָלט קעגן ענגלאַנד. ער האָט זיך אַפילו געריימט מיט זיי:

— איך בעט ניט ביי אייך קיין רחמנות — האָט ער געזאָגט צום ריכטער בלומפילד, וואָס איז געווען פּאַרזיצער ביים פּראָצעס — איך בעט ביי אייך, אַז איר זאָלט אַריינגיין אין מיין לאַגע. פאַרקערט, עס איז אייער פליכט אויסצופירן איבער מיר די שווערסטע שטראָף פאַר ברעכן דאָס געזעץ, ווייל דאָס אָפּהיטן דאָס געזעץ דאַרף זיין די העכסטע פליכט פון אַ בירגער. איר קענט מיך באַשטראָפן לויט דעם ווי איר וועט איינזען.

דער ריכטער האָט אים דערויף געענטפערט: — עס איז אוממעגלעך צו איגנאָרירן דעם פאַקט, וואָס אין די אויגן פון מיליאָנען מענטשן פון אייער לאַנד זייט איר אַ פּאַטריאָט און אַ גרויסער פירער. אַפילו די, וואָס זיינען ניט איינשטימיק מיט אייך אין דער פּאָליטיק, באַטראַכטן אייך פאַר אַ מענטש מיט גרויסע אידעאַלן, וואָס פירט אַן אידל און אַפילו אַ הייליק לעבן!

און דער ריכטער האָט אים דאָך באַשטראָפט מיט 5 יאָר אין געפענגעניש.

גאַנדי איז ניט לאַנג נאָכדעם אַרויסגעלאָזן געוואָרן אויף דער פריי. ער איז געווען קראַנק און זיך ניט געקענט מישן אין פּאָליטיק, און די ענגלישע רעגירונג האָט געמיינט, אַז זי איז שוין פּטור געוואָרן פון אַ צרה, אויס גאַנדי, אויס רעוואָלוציע!

אָבער זי האָט געמאַכט אַ טעות, ווי עס האָבן בכלל געמאַכט גרויסע טעותים די דאָזיקע הערן פון דער פּאָליטיק.

און געווען איז דאָס אין יאַנואַר 1922. גאַנדי איז ניט לאַנג געזעסן ליידיק. ער האָט גלייך גענומען צוגרייטן די גרויסע פאָלקס־מאַסן פאַר אַ גרויסן קאַמף, וואָס זאָל ארומנעמען דאָס גאַנצע לאַנד און וואָס זאָל געדויערן חדשים לאַנג, אויב ניט יאָרן. און ענדלעך, אין יאָר 1929, האָט ער אָנגעהויבן זיין גרויסן פּאַסיוון ווידערשטאַנד. די ענג־לישע רעגירונג האָט איצט אים גלייך אין אָנהויב אַריינגעוואָרפן אין גע־פענגעניש און צוזאַמען מיט אים 60,000 מענער און פרויען. אָבער די צאָל איז איצט שוין געווען ניט מער ווי אַ גאָר קליינער טייל פון די רעוואָלוציאָנערן, ווייל זייער צאָל איז איצט געווען די גאַנצע אינדישע באַפעלקערונג — 300 מיליאָן. דאָס גאַנצע אינדישע פאָלק איז איצט שוין געווען גוט אָרגאַניזירט ווי אַזוי צו פירן דעם פּאַסיוון קאַמף און אַפילו צו ליידן יסורים, אָבער ניט צו געבן קיין ענטפער, ניט אויפצוהויבן די האַנט קעגן קיינעם, בלויז ניט צו פאָלגן די געזעצן פון דער ענג־לישער רעגירונג — דאָס איז געווען זייער גאַנץ געווער און אַפילו אויך

גיט צו האָסן די ענגלענדער. נאָך מער, צוריק צו ענטפערן זיי מיט העפלעכקייט און פריינדשאַפט. די ענגלישע רעגירונג האָט זיך דאָס מאָל ניט געקענט מער קיין עצה געבן און זי האָט באַפרייט גאַנדין (דעם 13־טן יאַנואַר 1931) און אים פאַרגעלייגט „האוס רול״. אָבער גאַנדי וויל שוין דאָס ניט מער, ער וויל אומאָפּהענגיקייט. די ענגלישע רעגירונג דינגט זיך, אָבער גאַנדי גיט ניט נאָך. ער וויל נאָר אַ פריי לאַנד, אינדיע אַלס פרייע רעפּובליק. צי אינדיע וועט זיין פאַרבונדן ווייטער מיט דער ענגלישער קרוין — בלייבט צו זען. דערווייל מוז אינדיע ווערן פריי, אַ פרייע מדינה.

ענגלאַנד האָט קיין ברירה ניט און גיט נאָך. אינדיע ווערט פריי און זי באַשליסט אַליין צו זיין אַ רעפּובליק און דאָך ווייטער אין דער ענגלישער קאָמאָנוועלט.

* * *

דאָס האָט אויסגעפירט אַ שוואַך, דאַר מענטשעלע, וואָס האָט געוואויגן אינגאַנצן 90 פונט; אַ מענטשעלע וואָס איז געווען הויט און ביינער און וואָס די נשמה האָט זיך קוים אין אים געהאַלטן. אָבער ער איז געווען לויטער גייסט. ער איז געווען איינער פון יענע נביאים, וואָס האָבן גערופן צו פרייהייט אָן צו פאַרגיסן בלוט. ער האָט געלערנט זיינע נאָכפאָלגער, אַז מענטשלעך בלוט איז הייליק, אַז ווי טייער פרייהייט זאָל ניט זיין, טאָר מען דערפאַר מיט מענטשלעך בלוט ניט באַצאָלן. אין גאַנצן גאַנג פון דער געשיכטע פון די לעצטע וועלט־נביאים זיינען געווען בלויז צוויי, וואָס האָבן אַזוי געפּרעדיקט: מאַזיני און גאַנדי. אָט די צוויי זיינען אַ מוסטער פאַר דער וועלט, אַז מען קען זיין אַ גרויסער קעמפער פאַר פרייהייט און דאָך ניט פאַרגיסן בלוט.

* * *

גאַנדי איז ניט געווען קיין גרויסער דענקער און דאָס האָט אים געפעלט. ער האָט געזיגט אין אינדיע, אָבער ער האָט ניט געשאַפן קיין סיסטעם פון אַ פילאָזאָפיע פאַר אַ לאַנד. ער איז געווען אַפילו אין געוויסע זאַכן צוריקגעשטאַנען. אַזוי האָט ער געפּרעדיקט, אַז עס איז גוט, אַז מענטשן זאָלן ניט חתונה האָבן, און אַז אויב אַ פּאָרפאָלק האָט זיך ניט ליב, זאָלן זיי לעבן יעדער באַזונדער. ער האָט אויך געפּרעדיקט, אַז מען זאָל צעברעכן די מאַשינען און זיך אומקערן צום פּרימיטיוון שפּינדל פון אַמאָל. ער איז אויך געווען אַן אַסקעט און געלעבט נאָר מיט אַ

ביסל גרויפּן, ראַזשינקעס און ציגן מילך. ער האָט ניט געוואָלט טרינקען די מילך פון אַ קו, ווייל די קו איז הייליק אין אינדיע. ער האָט געהאַלטן פון פיל פון די איבערגלויבנס פון דער אינדישער רעליגיע. אָט דערפאַר האָט ער ניט געקענט זיין אַ פירער פון אַ לאַנד אין דער צייט פון אַ שלום. ער איז געקומען אויף דער וועלט מיט בלויז איין שליחות: אויסצולייזן דאָס אינדישע פאָלק פון דער שקלאַפעריי פון בריטאַניע, און דאָס האָט ער אויסגעפירט אָן צו פאַרגיסן אַ טראָפּן בלוט. ער איז געווען אַ הייליקער!

אָבער גאַנדי האָט מיט זיין „ניט בלוט־פאַרגיסן״־טאַקטיק אויפגעוועקט ניט נאָר אינדיע און ניט נאָר גאַנץ אַזיע, נאָר אויך גאַנץ אַפריקע, וואו ער האָט אָנגעהויבן די דאָזיקע שיטה גאַנצע 21 יאָר פריער. ער האָט עס אָנגעהויבן אין דער צייט, ווען ער איז געווען אין אַפריקע. שפּעטער האָט זיין קאַמף מיט ענגלאַנד, וואָס איז געוואָרן געקרוינט מיט אַ נצחון, אָפּגעקלונגען אין דער גאַנצער אַזיע־אַפריקע־וועלט און עס האָט גענומען ניט לאַנג, (גאָר ניט לאַנג אין די טערמינען פון היסטאָריע) אינגאַנצן בלויז דריי־פיר צענדליק יאָרן, און מיר האָבן עס געזען פאַר אונדזערע אויגן, לעצטנס האָבן די פאָרשטייער פון איבער צוואַנציק באַפרייטע פעלקער פון אַפריקע אַריינמאַרשירט אין דעם זאַל פון די „פאַראייניקטע פעלקער״ צו זיצן דאָרטן נעבן ענגלאַנד, פראַנקרייך און אַנדערע, אַלס גלייכע מיט די, וואָס זיינען געווען פריער זייערע מייסטערס.

אָט דאָס האָבן די הערן פון דער פּאָליטיק אין דער וועלט אין גאַנצן 19־טן יאָרהונדערט ניט געזען. און אַזוי איז געשען, אַז איין קליין, שוואַך מענטשעלע — דער אויסגעדאַרטער גאַנדי — האָט אויפגעוועקט גאַנץ אַזיע און גאַנץ אַפריקע צו אַ ניי לעבן.

## 89. אַלבערט איינשטיין — אַ נביא אין 20־טן יאָרהונדערט

איינשטיינס יוגנט אין דער שווייץ, וואו ער אַרבעט אין דער שטיל אויף זיין רעלאַטיוויטעט־טעאָריע. — דער דערפאָלג פון זיין ערשט ביכל וועגן זיין נייער אידעע. — ער ווערט פּראָפעסאָר אין דעם אוניווערסיטעט פון ציריך. — היטלער טרייבט אים אַרויס פון דייטשלאַנד און קאָנפיסקירט זיין פאַרמעגן. — ער קריגט איינלאַדונגען פון פיל אוניווערסיטעטן, אָבער ער קלייבט אויס צו קומען קיין פּרינסטאָן. — וואָס ער שרייבט וועגן זיך. — זיינע ווערטער צו דער מענטשהייט.

אַלבערט איינשטיין איז דורכגעלאָפן דורך אונדזער וועלט כמעט ווי אַ מעטעאָר, אָדער אפשר ריכטיקער ווי אַ מלאך פון הימל, וואָס איז געקומען אין שווערע צייטן פאַר דער מענטשהייט, צו זאָגן זיי זיין וואָרט, און איז באַלד דערנאָך פאַרשוואונדן. עס האָט אייגנטלעך גאָר אַנדערש ניט געקענט זיין. איינשטיין אין אַ דור פון רשעים! אַזאַ גרויסער גייסט אין אַ צייט פון לויטער דיקטאַטאָרן, און דערצו נאָך געבוירן אין אַ לאַנד, וואו עס האָט צוועלף יאָר געהערשט די ווילדסטע חיה אין אַ מענטשלעכער געשטאַלט, וואָס עס איז נאָר אַמאָל געווען, היטלער ימח שמו און זיין פינצטערע באַנדע, די נאַציס! יאָ, ער איז געקומען און גלייך דערנאָך פאַרשוואונדן אַזוי, אַז אַפילו אויף דער פאַרשאָלטענער ערד איז זיין געביין ניט געבליבן, זיין אַש האָט מען פאַרשפּרייט איבערן ים. יוליוס צעזאַרס קורץ געפאַסטער זאָג: „ווידי, ויני, וויצי" (געקומען, געזען און געזיגט), פּאַסט זיך דאָ איין אין אַן אַנדערן זין זייער גוט. יאָ, ער איז געקומען, איינשטיין, צו אונדז ווי אַ גאַסט אויף אַ ווייל געזאָגט זיין וואָרט און איז גלייך אַוועק פון אונדז אויף אייביק.

וואָרום איינשטיין איז ניט געווען נאָר אַ שאַפער פון דער רעלאַטיוויטעט־טעאָריע, איינשטיין האָט געזאָגט זיין וואָרט וועגן פיל, פיל זאַכן, וואָס רירן אָן אונדזער לעבן. ער איז געווען דער גרויסער הומאַניסט, וואָס האָט גערופן צו מענטשלעכקייט אין מיטן פון די פייערן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה; ער איז געקומען ווי אַ נביא, צום ערשטן אין זיין לאַנד, און ווען היטלער האָט אים געהייסן גיין, איז ער אַוועק צו דער וועלט, וואו מען האָט אים מיט גרויס כבוד אויפגענומען, און ער האָט געזאָגט זיין וואָרט צו דער גאַנצער וועלט, צו די דעמאָקראַטישע

לענדער ווי צו דיקטאַטאָרן, פון לינקס און פון רעכטס. ער האָט אויך, ווי די נביאים אַמאָל, גערעדט וועגן ישראל און וועגן די אומות; נאַציאָנאַליזם און אוניווערסאַליזם איז געגאַנגען ביי אים צוזאַמען; ער האָט גערופן אָפּצושטעלן מלחמות, און די וועלט וועט אים געדענקען נאָך אין פיל הונדערטער יאָרן שפּעטער. דערין איז קיין ספק ניט, די וועלט וועט אים געדענקען שוין דערפאַר, וואָס ער האָט געהאַט אַ גרויסן טייל אין דעם, אַז מלחמות זאָלן אין דער צוקונפט זיין אוממעגלעך, צוליב דער אַנטדעקטער אַטאָמישער קראַפט, וואָס דאַרף שפּילן אין איר די הויפּט־ראָל, אַ זאַך, וואָס עס מיינט, פאַרניכטונג פון דער מענטשהייט. יאָ, ער האָט דערפירט די וועלט צו אַ געצוואונגענעם שלום, ווייל אויב ניט — מיינט עס טויט פאַר אַלע. די דיקטאַטאָרן וואָלטן נאָך געשיקט זייערע אונטערטאַנען ווער ווייס ווי לאַנג אויף די שלאַכט־פעלדער צו אַ זיכערן טויט, כלומרשט פאַר דער גלאָריע פון פאַטערלאַנד, און אַליין וואָלטן זיי געבליבן זיצן ווייטער אין זייערע פּאַלאַצן און געגעסן פון גרויס וואוילטאָג. איז געקומען איינשטיין און האָט דאָס געמאַכט פאַר אוממעגלעך, ווייל — עס זיינען ניטאָ מער קיין שלאַכט־פעלדער; עס זיינען ניטאָ מער קיין סאָלדאַטן; ניטאָ מער די אַמאָליקע תכסיסי־מלחמה; עס זיינען דאָ בלויז עטלעכע מינוטן פון אַן אָנלויף פון אַן אַטאָמישע אָדער וואַסער־באָמבע גאָר אָן אַ פירער. אַ מלחמה וואָס דויערט בלויז פינף מינוט און דערנאָך ליגן גאַנצע מעטראָפּאָליעס אין חורבות; גאַנצע שטעט ברענען און עס ליגן אין די גאַסן מיליאָנען טויטע, אָבער די אָנפירער אויך, און אָט דאָס ווילן די דיקטאַטאָרן ניט. ווי לאַנג עס האָט זיך גערעדט פון שיקן אַנדערע אין פייער — מהיכא תיתי, אָבער ווען די סכנה קומט אַריין אין די אייגענע פּאַלאַצן — דאָס שוין ניט. איצט מוז שוין זיין שלום אויף דער וועלט. עס איז אַן אויפגעצוואונגענער פרידן, אָבער דאָך אַ פרידן.

און די וועלט וועט וויסן, אַז עס איז געווען אַלבערט איינשטיין צווישן די, וואָס האָבן פאַרטראַכט אָט דעם צוואַנג פון שלום, אָט דעם שלום ניט פון גוטן ווילן, נאָר — ווייל עס איז קיין ברירה ניטאָ, אָבער אין אַ וועלט פון לויטער דיקטאַטאָרן איז אויך קיין ברירה ניט געווען, ווי נאָר צו צווינגען זיי צו אַ שלום, צו שטעלן זיי פאַר אַ לאַגע וואו זיי האָבן נאָר איין אויסוועג: פרידן אָדער טויט.

* * *

אַלבערט איינשטיין איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1879, אין מינכען. שפּעטער האָט ער שטודירט אין מילאַן (איטאַליע) און פון דאָרטן

געפאָרן שטודירן אין ציריך (שווייץ). ער איז דערנאָך געוואָרן אַ שווייצאַרישער בירגער און געקראָגן אַ פּאָסטן אין אַ פּאַטענט־ביוראָ. זייענדיק אַ סטודענט פון פיזיק, האָט איינשטיין געאַרבעט אין דער שטיל וועגן זיין רעלאַטיוויטעט־טעאָריע. ער האָט צום ערשטן מאָל פאַרעפנטלעכט אַ קורצע אַרבעט וועגן דעם אין יאָר 1905. אָבער דאָס קליינע ביכעלע האָט גלייך אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס ביי אַלע געלערנטע פון פיזיק. ער ווערט איינגעלאַדן צו זיין פּראָפעסאָר אין דעם אוניווערסיטעט פון ציריך. שפּעטער ווערט ער גערופן צו זיין פּראָפעסאָר אין דעם אוניווערסיטעט פון פּראַג, און אין יאָר 1914 איז ער געוואָרן דער דירעקטאָר פון קייזער ווילהעלם אינסטיטוט אין דייטשלאַנד. אין יאָר 1921 האָט ער געוואונען דעם נאָבעל־פּרייז פאַר פיזיק און אין יאָר 1929 האָט ער פאַרעפנטלעכט אין דייטשלאַנד זיין גרויסע אַרבעט וועגן פאַראייניקונגס־טעאָריע, וואו ער זוכט צו באַווייזן, אַז אַלע כוחות פון עלעקטראָמאַגנעטיק, גראַוויטאַציע און אַנדערע שטאַמען פון איין מקור.

ווען היטלער ימח שמו איז געקומען צו דער מאַכט אין יאָר 1933, האָט ער ניט לאַנג געטראַכט און אין יאָר 1933 אַרויסגעטריבן איינשטיינען צוזאַמען מיט פיל אַנדערע יידישע געלערנטע. איינשטיין איז דעמאָלט געפאָרן קיין ענגלאַנד. די נאַציס האָבן קאָנפיסקירט זיין פאַרמעגן און צוגענומען ביי אים זיין דייטשע בירגערשאַפט. אָבער באַלד האָבן פיל לענדער גענומען בעטן זיך ביי אים, אַז ער זאָל קומען צו זיי. ער האָט געקראָגן איינלאַדונגען צו זיין פּראָפעסאָר פון פיזיק אין די גרעסטע אוניווערסיטעטן פון דער וועלט. ענדלעך האָט ער אָנגענומען די איינלאַדונג פון דעם פּרינסטאָן־אוניווערסיטעט און איז געקומען קיין אַמעריקע. וואו ער איז געוואָרן דער אָנפירער פון דער העכערער שול פאַר מאַטעמאַטיק. איינשטיין האָט אויך ליב געהאַט פון צייט צו צייט, אין אַ מאָמענט פון רו, צו שפּילן אויף פידל געוויסע מוזיקאַלישע נומערן. ער איז אויך געווען אַן איבערצייגטער ציוניסט און האָט אָפּגעגעבן פיל פון זיין צייט אויף צו העלפן אויפבויען די יידישע מדינה.

אָט וואָס איינשטיין אַליין זאָגט וועגן זיך:

„דאָס, וואָס עס איז באַזונדערס וויכטיק אין איינעמס לעבן, ווייס קיינער ניט און עס דאַרף אויך ניט אינטערעסירן דעם אַנדערן. וואָס ווייס אַ פיש וועגן ים, אין וועלכן ער שווימט זיין גאַנץ לעבן?

„דאָס ביטערע און דאָס זיסע קומט פון דרויסן, דאָס האַרטע פון אינעווייניק פון איינעמס אייגענע באַמיאונגען. על פּי רוב טו איך דאָס, וואָס מיין ווילן הייסט מיך טאָן. עס איז נאָר אַ שאָד פאַרוואָס איך קריג

אַזוי פיל כבוד און ליבע דערפאַר. פיילן פון האַס זיינען אויך געשאָסן געוואָרן אויף מיר, אָבער זיי האָבן מיך ניט געטראָפן, ווייל זיי געהערן צו אַן אַנדערער וועלט, מיט וועלכער איך האָב קיין שום פאַרבינדונג ניט.

איך לעב אין דער איינזאַמקייט, וועלכע איז פיינלעך אין דער יוגנט, אָבער וועלכע איז אַ פאַרגעניגן אין די יאָרן פון רייפקייט״.

* * *

אַלבערט איינשטיין האָט איבערגעלעבט די גרעסטע טראַגעדיע פון דער מענטשהייט, די צייט, ווען אַ גייסטיק־קראַנקער, אַ פּאַראַנאָאיק, האָט פאַרכאַפּט די מאַכט אין דייטשלאַנד און פון דאָרטן געשראָקן די גאַנצע וועלט מיט אונטערגאַנג; אַ צייט ווען עס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן אַ נייער מין פון גאַז־אויוונס, אַזעלכע עקסטרע־דערפונדענע מאַשינען, אַ גאַנצע אינדוסטריע, צו פאַרברענען אומשולדיקע מענטשן, מענער, פרויען און קינדער אין די מיליאָנען; אין אַ צייט, ווען דער רויך פון די פאַרברענטע לייבער האָט זיך געטראָגן איבער דער גאַנצער וועלט און אַלע האָבן געשוויגן. יאָ, ווען שפּאַניע האָט אויפגעשטעלט די אויטאָ־דאַ־פע־אינסטיטוציע מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט איר הויפּט־אינקוויזיטאָר טאָרקוועמאַדאַ, איז דאָס געווען אַ שאַנד פאַר אָט דעם לאַנד, פון וועלכער זי האָט זיך ביז איצט ניט געקענט ריינוואַשן. אָבער נאָך איר איז געקומען דייטשלאַנד מיט איר היטלער־בעסטיע, וואָס האָט פאַרברענט זעקס מיליאָן יידן און פיל מיליאָנען ניט־יידן, אָבער ער האָט אויך אין די זעלבע גאַז־אויוונס פאַרברענט דעם גוטן נאָמען פון דער דייטשער קולטור און ניט ווייניקער די מאָראַל פון דער מענטשהייט. דער ניוואָ פון מענטש און מענטש־באַציאונג איז אין יענע טעג געפאַלן אַזוי נידעריק, אַז אַפילו אין די פרע־היסטאָרישע צייטן, ווען דער מענטש איז נאָך געווען מער חיה ווי אַ „געשאַף אין מענטשלעכן געשטאַלט״, האָט אַזעלכעס ניט געקענט פּאַסירן, פּשוט דערפאַר, ווייל יענער אור־מענטש איז נאָך ניט געווען אַזוי ציוויליזירט צו קענען טאָן אַזעלכע געמיינהייטן. און איינשטיין, אָט דער גרויסער גייסט, וואָס איז געשטאַנען מיט פיל קעפּ העכער ווי אַלע פון זיין צייט האָט דעמאָלט גערופן ווי ירמיהו צו דער מענטשהייט אין אַן אַרטיקל (אין יאָר 1937) „מאָראַלישער צוריקגאַנג״, וואָס קלינגט ווי נביאות:

„די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע קאָנפליקטן און סכסוכים פון די לעצטע עטלעכע צענדליקער יאָרן האָבן אַרויסגעבראַכט פאַר אונדזערע אויגן געפאַרן, פון וועלכע אַפילו דער גרעסטער פּעסימיסט פון לעצטן

יאָרהונדערט האָט וועגן זיי ניט געחלומט. די געבאָטן פון דער ביבל וועגן מענטשלעכער אויפפירונג זיינען געווען אָנגענומען סיי ביי גלויביקע און סיי ביי ניט־גלויביקע אַלס זעלבסטפאַרשטענדלעכע גרונד־געזעצן פאַרן יחיד ווי פאַרן כלל. מען וואָלט ניט גענומען ערנסט עמיצן, וואָס וואָלט ניט געוואָלט אָנערקענען אַט די געבאָטן פאַר אַן אָביעקטיוון אמת פאַר אַלע מענטשן און זיי ניט באַטראַכטן אַלס די געבאָטן וואָס זיינען דער העכסטער און אייביקער ציל.

„דאָך איצט מוזן מיר צוזען מיט שרעק, אַז די זיילן פון דער ציווי־ליזירטער מענטשהייט האָבן פאַרלוירן זייער ווערט. פעלקער וועלכע האָבן געשמט הויך אין מאָראַל און עטיק, בויגן זיך פאַר טיראַנען וואָס וואַגן צו זאָגן עפנטלעך: „רעכט איז דאָס, וואָס עס געפעלט אונדז צו טאָן!״ דאָס זוכן פון אמתן צוליב דעם אמת אַליין, האָט מער קיין ווערט ניט און ווערט ניט מער טאָלערירט. דאָס אויפצווינגען דעם אייגענעם ווילן אויף אַנדערע; אונטערדריקונג פון מענטשלעכע מיינונגען; פאַר־פאָלגונגען פון די וואָס דענקען אַנדערש און פון די וואָס האָבן אַן אַנדערן גלויבן — ווערט פראַקטיצירט עפנטלעך אין די דאָזיקע לענדער און עס ווערט אָנגענומען פאַר ריכטיק.

„און די רעשט פון דער וועלט איז געוואָרן גלייכגילטיק צו די סימפּטאָמען פון מאָראַלישן צוריקגאַנג. אַ טייל האָבן אַפילו פאַרלוירן דעם עלעמענטאַרן געפיל וואָס עס איז דאָ אין מענטש — די גערעכטיקייט אַנטקעגן אומגערעכטיקייט, אַ געפיל, וואָס איז געווען דעם מענטשס איינ־ציקע גאַראַנטיע, אַז ער זאָל זיך ניט אומקערן צו די צייטן פון באַר־באַריזם. איך בין פולשטענדיק זיכער, אַז דער ליידנשאַפטלעכער ווילן פאַר גערעכטיקייט און אמת האָט געטאָן מער אויסצובעסערן דעם מענטשס לאַגע ווי די אויסגערעכנטע פּאָליטישע כיטרעקייט, וואָס ברענגט סוף כל סוף נאָר צום אַלגעמיינעם אומצוטרוי. ווער קען גאָר צווייפלען דעריך, אַז משה איז געווען אַ בעסערער פירער פון דער מענטשהייט ווי מאַקיאַוועלי?

„אין דער צייט פון דער לעצטער מלחמה האָט עמיצער זיך באַמיט איבערצוצייגן אַ גרויסן האָלענדישן געלערנטן, אַז איצט איז געקומען אַ צייט, ווען מאַכט וועט הערשן איבער רעכט, אין דער וועלט. דער געלערנ־טער האָט דערויף געענטפערט: „איך קען ניט אָפּשפּאַרן די ריכטיקייט פון אייער דערקלערונג, אָבער איך ווייס נאָר איין זאַך, אַז אויב עס איז טאַקע אַזוי, וויל איך אין אַזאַ וועלט ניט לעבן״.

אין אַ צווייטן אַרטיקל רעדט ווידער איינשטיין אַרום די לאַגע פון

דער וועלט, ווי אַזוי אַלץ האָט זיך געביטן אין די לעצטע צען יאָרן (דאָס אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן אין יאָר 1939). ער שרייבט מיט שרעק וועגן דעם וואָס ער זעט איצט פאַר זיינע אויגן:

„די פאַרמירונג פון פאַשיסטישע מלוכות איז געשען דורך אַ גאַנצע ריי פון געבראָכענע אָפּמאַכן און ניט געהאַלטענע טאַטן; פון געוואַלד קעגן דער מענטשהייט און שוואַכע פעלקער. דער סיסטעם פון קאָלעק־טיווער זיכערקייט האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן ווי אַ קאָרטן־שטיבל. דעם רע־זולטאַט דערפון קען מען איצט גאָר ניט באַטראַכטן. עס איז נאָר אַ באַוויז פון אַ שוואַכן כאַראַקטער און פון אַ פעלן פון אַ פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט ביי די פירער פון די געליטענע לענדער און אַן עגאָאיסטישע קורצ־זיכטיקייט אין די דעמאָקראַטיעס וואָס האָט געשטערט צו אַ שטאַרקן קעגן־קאַמף באַצייטנס.

„די לאַגע איז געוואָרן אַפילו ערגער ווי דער גרעסטער פּעסי־מיסט וואָלט געוואָגט פאָראויסצוזאָגן. אין אייראָפּע אויף מזרח פון ריין איז ניטאָ מער אַזאַ זאַך ווי פריי דענקען. די באַפעלקערונג איז טעראָריזירט דורך גענגסטער, וואָס האָבן פאַרכאַפּט די מאַכט, און די יוגנט ווערט פאַרסמט דורך סיסטעמאַטישע ליגנס. דער פאַלשער דערפאָלג פון די פּאָליטישע אַוואַנטוריסטן האָט פאַרבלענדעט די אויגן פון דער רעשט פון דער וועלט. עס ווערט איצט קלאָר פאַר אַלע, אַז אונדזער דור פעלט דער כוח און שטאַרקייט, וואָס האָט געמאַכט מעגלעך פאַר פריערדיקע דורות צו געווינען דורך געפערלעכסטע קאַמפן און מיט גרויסע קרבנות, די פּאָליטישע און אינדיווידועלע פרייהייט פון מענטש״.

איינשטיין ענדיקט דעם אַרטיקל, ווי די אַמאָליקע נביאים, מיט „דברי נחמה״, מיט ווערטער פון טרייסט. ער שרייבט:

„און דאָך ווייס איך, אַז בדרך כלל בייט זיך דער מענטש ווייניק. כאָטש אַפילו געוויסע אומשטענדן מאַכן אים צו זיין אַנדערש אין געוויסע צייטן און אפילו ווען די איצטיקע שטרעמונגען פירן אים אַראָפּ פון וועג. עס וועט גאָרניט פון דעם אַלעם שלעכטן בלייבן; ניט מער ווי עטלעכע טרויעריקע בלעטלעך אין די געשיכטע־ביכער, וואָס וועלן אין קורצן שילדערן פאַר דער יוגנט פון דער צוקונפט די נאַרישקייטן פון זייערע זיידעס״.

אין דעם זין האָט אויך איינשטיין פאַרעפנטלעכט שפּעטער אַ „וואָרט״ פאַר די קומענדיקע דורות. ער זאָגט צו זיי אַזוי:

„אונדזער צייט איז רייך מיט דערפינדערישע מוחות, דערפינ־דונגען, וועלכע וועלן מאַכן מעגלעך צו לעבן שענער און בעסער. מיר

פאָרן אַריבער דעם ים מיט מאַשינען און מיר נוצן אויך מאַשינען, כדי אויסצולייזן די מענטשהייט פון דער גאַנצער שווערער און מיד־מאַכנדער פיזישער אַרבעט. מיר האָבן זיך אויסגעלערנט צו פליען און מיר קענען איבערשיקן מיטטיילונגען איבער דער גאַנצער וועלט אָן שום שוועריקייטן דורך עלעקטרישע כוואַליעס.

„דאָך איז די פּראָדוקציע און די צעטיילונג פון זאַכן אין גאַנצן ניט אָרגאַניזירט, אַזוי, אַז יעדער מוז לעבן אין שרעק, אַז ער קען באַזייטיקט ווערן פון עקאָנאָמישן ציקל און ליידן פון מאַנגל און נויט. אויסער דעם פירן די מענטשן אין פאַרשידענע לענדער מלחמות מיט אַנרעדע און טויטן איינער דעם אַנדערן אין פאַרשידענע צייטן, אַזוי, אַז דאָס מאַכט אויך די וואָס טראַכטן וועגן דער צוקונפט, צו לעבן אין שרעק. דאָס איז דערפאַר, וואָס די אינטעליגענץ און דער כאַראַקטער פון די מאַסן, איז פיל נידעריקער ווי די אינטעליגענץ און כאַראַקטער פון די עטלעכע וואָס פּראָדוצירן עפּעס ווערטפולעס פאַר דער מענטשהייט.

איך האָף, אַז די קומענדיקע דורות וועלן לייענען די ווערטער מיט אַ געפיל פון שטאָלץ און מיט אַ באַרעכטיקטן געפיל, אַז זיי שטייען העכער פאַר אונדז".

אַזוי האָט געזאָגט אַלבערט איינשטיין.

## 90. די צוקונפט פון דער וועלט

(עפּילאָג און פּראָגנאָז)

מיר זיינען געקומען צום סוף פון אונדזער אַרבעט. אין דעם בוך האָבן מיר דורכגעפירט פאַר די אויגן פון אונדזער לייענער די „העלדן אין דער וועלט־געשיכטע". פאַרשידענע העלדן, די פון דער שווערד און די פון בוך, אַזעלכע וואָס האָבן גענומען פאַר זיך פון דער מענטשהייט און אַזעלכע וואָס האָבן זיך געגעבן צו דער מענטשהייט; די, וואָס האָבן געזיגט דורך פאַרגיסן בלוט און די, וועלכע האָבן זיך אַליין מקריב געווען, כדי קיין בלוט זאָל ניט פאַרגאָסן ווערן.

אָט דאָס איז די געשיכטע פון דער וועלט און פון דער מענטשהייט. דאָס איז אַ סאָציאַל־פילאָזאָפישע שטודיע. מיר האָבן געבראַכט אַלע די, וואָס האָבן מיט זייערע פילאָזאָפישע שיטות געהאַט אַ ווירקונג אויף דער וועלט און אויפן לעבן אין זייער צייט. וואָס איז דער פועל יוצא פון דעם אַלעם? וואָס לערנען מיר דערפון?

יאָ, מיר לערנען אַ סך. קודם כל, אַז די וועלט פּראָגרעסירט ניט אין אַ גלייכער ליניע, בהדרגהדיק, ווי פון איינס צו צוויי, צו דריי, צו פיר, נאָר אין איבערהיפּונגען, אין זיגזאַגן, אַרויף און אַראָפּ, און ווידער אַמאָל אַרויף, וואָס עס קען פירן צו אַ ווידער אַמאָל אַראָפּ. אָט דאָס איז דער וועג. עס גייט ניט כסדר. נעמען מיר, למשל, אונדזער צייט. ווער וואָלט דאָס געקענט פאָראויסזאָגן, אַז אין 20־טן יאָרהונדערט וועט אויפשטיין אַזאַ בעסטיע אין מענטשן־געשטאַלט ווי היטלער, ימח שמו, און וועט חרוב מאַכן אַ וועלט? און ווער קען זאָגן וואָס וועט עס זיין די צייט נאָך אונדז? דער 21־טער יאָרהונדערט? אָבער איינס ווייסן מיר און דאָס איז, אַז סוף כל סוף וועט די וועלט גיין פאָראויס ווי זי איז געגאַנגען ביז איצט, הין און צוריק, אין משך פון דורות ביז צו אונדזער טרויעריקן יאָרהונדערט.

אָט דאָס איז איינס, און עס איז דאָ אויך אַ נומער צוויי. מיר לערנען נאָך עפּעס, געמלעך: אידעען און אידעאַלן האָבן זייער לעבנס־שפּאַן, פּונקט אַזוי ווי דער מענטש און ווי אַלץ וואָס עס לעבט אויף גאָטס וועלט.

אידעאַלן און אידעען ווערן געבוירן אַמאָל שטאַרק געגוג פאַר אַ לעבן און אַמאָל צו שוואַך. נאָך אַנדערע ווערן געבוירן גאָר מפילס און פאַרשווינדן.

די וואָס וואַקסן אויס (אַ דאַנק אַ גוטער סביבה, שטאַרקייט פון דער פערזענלעכקייט פונעם פאָטער, פון די אידעען און די אידעאַלן און ענערגישער טעטיקייט ביי זייער פאַרווירקלעכונג), האָבן זייער יוגנט, זייער מיטל־צייט און אויך זייער עלטער־עפּאָכע. אין דער יוגנט האָט געוויינלעך אַן אידעאַל ראַדיקאַלע און עקסטרעמע פאָרמען און ער רעכנט זיך ניט מיט דעם אַרומיקן לעבן; אין די מיטעלע יאָרן ווערן זיי מילדער און מער צוגעפּאַסט צום לעבן; אויף די עלטערע יאָרן זיינען זיי שוין אָפּגעלעבטע און האַלטן ביים אונטערגיין. אַמאָל מאַכט אַזאַ אידעאַל פּלאַץ פאַר אַ נייעם, און אַמאָל ניט. עס ווענדעט זיך אָן די אומשטענדן.

אָנגעגורט מיט אָט די צוויי הנחות וועלן מיר כאַפּן אַ קורצן בליק אין דער צוקונפט.

* * *

אויך אין דער צוקונפט וועט עס זיין אַזוי מיט אידעען און אידעאַלן, מיט די אַלטע פון פריער און מיט די נייע, וואָס וועלן ערשט קומען. אַזוי אַרום קען מען דערוואַרטן אַז מיט דער צייט, וועט דער קאָמוניזם אין סאָוויעט רוסלאַנד אויך ווערן מילדער אויף אַזאַ אופן ווי עס איז איצט דער סאָציאַליזם אין אייראָפּע. די ערשטע עפּאָכע, די לענין־סטאַלין־צייט, האָט געמוזט זיין אַ ראַדיקאַלע, ווי עס איז די יוגנט פון יעדן אידעאַל. ביי כרושטשאָוון איצט, איז שוין מיטל־צייט און ער באַמיט זיך דעריבער ניט צו זיין אַזוי ראַדיקאַל, נאָר שפּעטער וועט זיך אפילו דאָרטן שאַפן אַ מין סאָציאַליזם אַזוי ווי אין די סקאַנדינאַווישע לענדער. און אין עטלעכע צענדליק יאָרן שפּעטער וועט קומען די עלטער ווען פון סאָציאַליזם וועט ווערן בלויז אַ ליבעראַלע באַוועגונג. דערפאַר איז אין כינע איצט די יוגנט־עפּאָכע פון קאָמוניסטישן אידעאַל און דעריבער רעדן זיי דאָרטן איצט מיטן לשון פון לענין־סטאַלין.

עס איז אַ גלגל החוזר בעולם פון אידעען. עס קען זיין אַז עס זאָל קומען דאָרטן איינער (נאָכדעם ווי כינע וועט קריגן דעם סוד פון דער אַטאָמישער באָמבע, וואָס וועט זיכער געשען אין גיכן) און זיך וועלן אַ שפּיל טאָן דערמיט מיטן געדאַנק, אַז עס לוינט זיך פאַר כינע אַ הונדערט מיליאָן פרעסער וויניקער. אָבער בדרך כלל וועט אויך כינע גיין אויפן וועג פון אַלע אידעען און אידעאַלן מיט אַ יוגנט, מיטל־צייט און עלטער...

ווייטער איז צו האָפן, אַז איצט, נאָכדעם ווי מען האָט שוין באַלד אָפּגעשאַפט דעם קאָלאָניאַלן סיסטעם (אויב עס איז נאָך דאָ עטלעכע, וועלן זיי מיט דער צייט אויך פאַרשווינדן), וועט די וועלט זיך מוזן נעמען צו זאָרגן דערפאַר, אַז גאַנצע קאָנטינענטן זאָלן ניט שטאַרבן פון הונגער.

ווי די לאַגע איז איצט, גיבן די גרויס־מאַכטן טאַקע פרייהייט די קאָלאָניעס, אָבער זיי לאָזן זיי איבער אויף הפקר. פריער, ווען די דאָזיקע אייראָפּעאישע לענדער האָבן געהערשט איבער יענע אַפריקאַנישע און אַזיאַטישע לענדער, האָבן זיי נאָך צוגעוואָרפן אַ ביין צו די „נייטיווס״ איינע מער און איינע ווייניקער. איצט, אַז מען האָט זיי, די „נייטיווס״, גע־געבן אַלץ וואָס זיי האָבן געוואָלט (אַנדערע האָבן עס אַפילו ניט געוואָלט) ווען זיי האָבן שוין פולשטענדיקע פרייהייט, אייגענע מלוכות, און אַפילו אַ גלייכהייט אין הויז פון די „פאַראייניקטע פעלקער״, איצט האָבן יענע שוין מער קיין שייכות ניט מיט זיי, איצט קענען זיי שטאַרבן פון הונגער.

די געוועזענע מייסטערס פון די פאַרשקלאַפטע פעלקער מוזן איצט אָפּשאַפן הונגער אומעטום. עס איז אוממעגלעך, אַז גאַנצע קאָנטינענטן זאָלן לעבן אין נויט און די אַנדערע זאָלן זיין צופרידן.

די „פאַראייניקטע פעלקער״ וועלן דעריבער דאָס ערשטע מוזן שטילן דעם גרויסן הונגער אין דער וועלט. דאָס מוז געטאָן ווערן יאָרן לאַנג דורך אינדוסטריע, דאָס קען פירן צו אַ נייעם געיעג פאַר ביליקער אַרבעט. אויף דער וואַך וועלן דעריבער דאַרפן שטיין די אַרבעטער פון דער וועלט.

* * *

דער ווייסער מענטש האָט געבראַכט זיינע קראַנקייטן אין אַזיע־אַפריקע, קראַנקייטן פון וואָס דער פּרימיטיווער מענטש האָט ניט געוואוסט, און ער, דער ווייסער, וועט זיי מוזן היילן, אַז ניט, וועט אויף אים אַליין לויערן אַ געפאַר.

דאָס דאַרף אויך זיין די אויפגאַבע פון די „פאַראייניקטע פעלקער״.

„די פאַראייניקטע פעלקער״ וועלן מוזן שטיין אויף דער וואַך, אַז די קראַנקייטן זאָלן געהיילט ווערן. דאָס וועט פאָדערן אַן אַרמיי פון דאָקטוי־רים, שוועסטערס און אַנדערע וואָס וועלן העלפן אין קאַמף קעגן די קראַנקייטן.

* * *

ועל כולם — די „פאַראייניקטע פעלקער״ מוזן איצט אָנהויבן

אין אַ גרויסער מאָס אַ ריזיקע אַרבעט פון בילדונג, דערציאונג און אויפקלערונג אין יענע נייע מדינות.

עס איז ווייניק דאָס, וואָס זייערע מייסטערס האָבן זיי באַפרייט. עס איז אויך ווייניק דאָס וואָס די „פאַראייניקטע פעלקער" האָבן זיי געגעבן אַ פּלאַץ ארום דעם רונדן טיש, גלייך מיט אַנדערע. די דאָזיקע לענדער דאַרפן פירער. און נאָך עפּעס מער ווי דאָס: לערער, אויף אַלע געביטן, מען דאַרף אָנהויבן מיט זיי פון אָנהויב אָן. מען דאַרף מיט זיי קנעלן.

אָן דעם וועט זיין שלעכט. פרייהייט אין די הענט פון אַן אומוויסנדן איז אַ שאַרף מעסער אין די הענט פון אַ קינד.

עס איז באמת געווען אַ טעות, אַ גרויסער טעות פון די „פאַר־אייניקטע פעלקער". מען האָט זיך אַ ביסל צו פיל צוגעאײלט מיט זייער אָנערקענונג און מיט דעמאָקראַטיע; מען האָט פריער געדאַרפט זיי געבן בילדונג און דערנאָך ערשט אַ פּלאַץ אין די „פאַראייניקטע פעלקער". ווייניקסטנס דערווייל אָן שטים־רעכט, פולע רעכט האָט געקענט וואַרטן נאָך צען יאָר.

מען דאַרף דעריבער איצט זיך נעמען צו אַ פּראָגראַם פון בילדונג און אויפקלערונג. מען האָט איצט אַ גרויסן עול אויף די פּלייצעס, אָבער עס איז פאַרפאַלן.

* * *

ווי עס איז צו זען וועלן די „פאַראייניקטע פעלקער" מוזן איצט נעמען זיך צו אַ נייעם פּראָגראַם, אַ פּראָגראַם פון טעטיקייט אויף פאַר־שידענע געביטן. די „פאַראייניקטע פעלקער" קענען מער ניט זיין בלויז אַ פּייער־בריגאַדע, וואָס לויפט אומעטום וואו מען שיסט זיך דורך אַ ביסל און רופן: „סטאָפּ! שיסט ניט! מיר דערלויבן עס ניט!". די „פאַראייניקטע פעלקער" דאַרפן נעמען זיך צו העלפן די נייע אַזיאַטישע און אַפריקאַנישע פעלקער מיט פיל זאַכן. צום ערשטן — ברויט; דערנאָך געזונט און איבער אַלץ — בילדונג.

„די „פאַראייניקטע פעלקער" קענען זיך ניט פאַרלאָזן אויף נדבות. אויב אַ לאַנד וויל העלפן — מהיכי תיתא, אָבער דאָס קען ניט זיין קיין יסוד. די גרונד־אַרבעט דאַרף קומען פון איר, פון די „פאַראייניקטע פעלקער".

דאָס איז אַן אַרבעט, וואָס מיר מוזן טאָן, אויב ניט, וועט קומען אַ נייער מיטלאַלטער. מיר זיינען אַלע שולדיק אַט די פעלקער אַ גרויסן

חוב. מיר אַלע האָבן געװאָסן פון דער קאָלאָניאַל־פּאָליטיק יאָרן־לאַנג, אַפילו אַמעריקע, און אפשר האָבן מיר אויך געהאַט אַ האַנט דעריך...

* * *

דאָ פּאַסט זיך צו זאָגן משה רבינוס װערטער צו די יידן אין דער מדבר, איידער זיי זיינען געגאַנגען איינעמען דאָס לאַנד כנען: „אם בחקותי תלכו״. משה האָט געװאָרנט די יידן און זיי געזאָגט, אַז אויב זיי װעלן גיין אין גאָטס װעג, װעט די ערד געבן זיי פּרוכט; די הימלען — רעגנס, און אַ שפע װעט זיין אין אַלעם. אָבער אויב ניט, װעט זיין די תוכחה.

דאָס זעלבע זאָגט אונדז איצט די צייט. מיר מוזן איצט זיין גוט און פרום פאַר אונדזער אייגענער טובה װעגן און דאָס איז די אַרבעט פון די „פּאַראייניקטע פעלקער״. אָט די אינסטיטוציע דאַרף גיין איצט אויף אַ נייעם װעג, זי מוז איצט האָבן אַ נייעם סלאָגאַן: אויס מיט הונגער! קראַנקייטן און אומוויסנהייט!

דאָס איז איצט איר מיסיע!

װאָרום, גרויסע פייערן זיינען שוין איצט אוממעגלעך און לאָקאַלע פייערן — איז ניט אַזאַ גרויסע אַרבעט. די „פּאַראייניקטע פעלקער״ דאַרף דערויף ניט אַװעקגעבן איר גאַנצע ענערגיע.

עס זיינען דעריבער די ערשטע אויפגאַבן פון דער דאָזיקער אינסטיטוציע צו העלפן די נייע פעלקער, װעלכע מען האָט אַריינגענומען אַלס מיטגליד און אויך די, װאָס מען װעט ערשט אַריינעמען.

אין דעם ליכט געזען, קען מען האָפן אויף אַ בעסערער, שענערער, ליכטיקערער צוקונפט פון דער װעלט...

## אין פאַרלאַג י. ל. פּרץ זענען ביז איצט דערשינען:

### אין יידיש:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 1) — אויספאַרקויפט |
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 2) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאַ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קיבוץ־לעבן) |
| מלך נוי (ניישטאַט) | דאָס ערשטע און צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש (לידער) |
| יצחק לעוו | אין געראַנגל (געקליבענע שריפטן) |
| מרדכי יפה | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פּאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פּרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 1) |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 2) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דרוזדוב | אחד־העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| רבקה באַסמאַן | טויבן ביים ברונעם (לידער) |
| י. צ. שאַרגעל | פון זויי און גלויבן (לידער) |
| דוד זאַקאַליק | געראַנגל |
| א. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין“ |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מרדכי אורן | דער פּראַגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 1) |
| מרדכי אורן | דער פּראַגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 2) |
| יחיאל האָפּער | ר׳ זלמן |
| א. שטיינבאַרג | משלים |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |
| נ. ניר־ראַפּאַלקעס | ערשטע יאָרן |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| דוד פלאַקסער | אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן |
| ש. וואָרזאָגער | ברויט (ראָמאַן) |
| בעריש וויינשטיין | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| לוי פּאַפּיערניקאָוו | אין דער נייער היים |
| אברהם ליס | היים און דויער (עסייען) |
| ד״ר ח. שאָשקעס | מיט יידן צווישן אינדיאַנער, נעגער און אַראַבער |

| | |
|---|---|
| משה ווייסמאַן | אַ האַלבער יאָרהונדערט אין אַמעריקע |
| פּ. גאַרעליק | פון די מלינער וועלטן |
| י. בראַנשטיין | אינאַיינעם און באַזונדער |
| פּ. בערמאַן | אָפענע פענצטער (לידער) |
| א. וואָלף יאַסני | די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג |
| אריה שמרי | די פונקען פון תיקון (פּאָעמע) |
| א. סוצקעווער | אָאַזיס (לידער) |
| א. מנור | 40 יאָר הסתדרות |
| א. לעוו | ביימער אין ווינט (לידער) |
| ל. אליצקי | מיין האַרץ־רייזע (לידער) |
| יעקב כהן | דער גורל פונעם ייד |
| נ. דרוזדוב | יידן אין מיטלאַלטערלעכן איטאַליע |
| ספר זרבבל | צו זיין 75טן געבוירנטאָג |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | די זון הינטער מיר (לידער) |
| ד״ר צבי כהן | די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע |
| מ. יפה | ארץ־ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור |
| ד״ר מ. דוואָרזשעצקי | אייראָפּע אָן קינדער |
| ק. צעטניק | דער זייגער וואָס איבערן קאָפּ |
| מלכה לי | אין ליכט פון דורות (לידער) |
| דבורה דיין | אין גליק און אין טרויער |
| יוסף ראַטנבערג | (צו זיין ערשטער יאָרצייט) |
| ש. פּאָליאַקעוויטש | אין אַ פרעמדער הויט |
| ב. עפּשטיין | זאַנגען אויפן ווינט |
| יוסף גאַר | ווידערקלאַנגען |

### אין עברית:

| | |
|---|---|
| יוסף רוזן | כתבים נבחרים |
| אפרים שרייער | אמנות ותיאטרון |
| . לשצינסקי | הדמות הלאומית של יהדות הגולה |
| יעקב פּאַט | שיחות עם סופרים יהודיים |
| מ. ברלנד | 300 שעות בגיטו הדועך |
| יהושע גלבוע | על חרבות התרבות היהודית בברית־המועצות |
| נ. חנין | ברלה |
| י. זרבבל | עלי חיים |
| אפרים אויערבאַך | קריה לבנה — ווייסע שטאָט (עברית־יידיש) |
| א. אלמי | בין סיני לאולימפוס |
| מ. בורשטין | פת ומלח |
| ר. קביאטקובסקי־פנחסיק | נשים מאחורי הגדר |
| נחמיה לוינסקי | בצל הגזעים |